אברהם מאָרעווסקי

# אהין און צוריק

## (זכרונות און רעיונות פון אַ ייִדן אַן אַקטיאָר)

דריטער באַנד

דאָס לעבן אָן לעבנס-רעכט

(1910—1919)

פאַרלאַג


וואַרשע

1960

AWROM MOREWSKI
(Wspomnienia i myśli Żyda-aktora)

Tom III

Red. D. SFARD

רעדאַקטאָר: ד. ספֿאַרד

Okładkę projektował R. CHWOLES

הילע געצייכנט: ר. כוואָלעס

Prident in Poland

Wydawnictwo „Idisz Buch“ Warszawa, Nowogrodzka 5

Nakład 3000 egz. Druk ukończono w grudniu 1960 r. Ark. druk. 33,25. Ark. wyd. 27. Papier druk. sat. kl. III 61 x 86, 80 g.

Druk. RSW „Prasa”, Warszawa, Tarczyńska 8. Zam. 138 — C-73

די דרייען,
וואָס תמיד
פֿאַר די אויגן שטייען —
ווייטערן, אַלתרן, אַנ־סקין
איז געווידמעט דער באַנד

# I. האָלדער באָלדער

פון די לעצטע בלעטער אין פריערדיקן טייל און פון דאָלמאַטאָווס לעצטן בריוו דאַרף שוין זיין קלאָר, אַז ער וועט זיך נישט צופרידן שטעלן מיט בלויזער סצענישער פעדאַגאָגיק און וועט זיך נישט צעשיידן מיט זיינע „אַדעפּטן און קאָלעגן“, ווי ער פלעגט אָפט רופן די יונגע שוישפּילער אין לעצטן יאָרגאַנג פון דער שול. עס האָט זיך דערנענטערט דער טאָג, ווען זיין לאַנגיעריקער חלום וועגן אַ פאָלקס־טעאַטער אין פעטערבורג האָט געזאָלט אָנהויבן פאַרווירקלעכט צו ווערן. איך באַזיץ נישט אין מיין רשות קיין דאָקומענטאַלע באַווייזן, אַז דאָלמאַטאָוו איז צו יענער צייט, 1910—11 שוין געשטאַנען כמעט ביי דער שוועל פון דעם אויפטו, מיט וועלכן ער האָט געהאַט בדעה צו קרוינען זיין פאַרצווייגטע טעטיקייט אויפן קינסטלערישן, געזעלשאַפטלעכן און דערציערישן געביט. אָבער ביי דער גאַנצער קמצנות, מיט וועלכער זיין געשטאַלט איז באַהאַנדלט געוואָרן אין דער געשיכטע פון טעאַטער פאַר די לעצטע יאָרצענדליקער (און וועלכע — זאָל דערלויבט זיין צו באַטאָנען — האָט נישט קיין שום דערקלערונג און באַרעכטיקונג), געפינען מיר וועגן דעם מאָמענט פון דאָלמאַטאָווס שטרעבונגען און דערגרייכונגען אויפן געביט פון רעאַליזירן אָט דעם גרויסן אויפטו פילזאָגנדיקע פרטים אין די פּרעכטיק אָנגעשריבענע זכרונות פון יורי מיכאַילאָוויטש יוריעוו — איינעם פון די גדולים פון „אַלעקסאַנדרינסקי“ טעאַטער, וועלכער איז אין די יאָרן, וואָס מיר באַשרייבן שוין געווען אין דער ערשטער ריי פון זיינע יחסנים און האָט שפּעטער דערלעבט צו ווערן אַ ליבלינג אויף דער בינע פון „אַקאַדעמישן טעאַטער אויפן נאָמען פון א. ס. פּושקין“ — ווי „אַלעקסאַנדרינסקי“ טעאַטער האָט זיך אָנגעהויבן רופן נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

מיר האָבן אַלזאָ גענוג גרונטן צו האַלטן און צו זאָגן, אַז איך האָב געטאָן אַ נאַרישקייט, ווען איך האָב, באַקומענדיק דעם אַטעסטאַט, פאַרלאָזן די שול און פעטערבורג... מיר איז געמאַכט געוואָרן אַ פאָרשלאַג

צו בלייבן אין שול נאָך אַ יאָר צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע שילער, אָבער איך בין דערויף נישט מסכים געווען.

דאָ איז שוין אפשר צייט אַריינצופירן אין אונדזערע שילדערונגען, דערינערונגען און באַטראַכטונגען אַ מאָטיוו, וועלכן מיר האָבן ביז איצט אַזוי גוט ווי נישט געלאָזט הערן —

זעלבסטאַנאַליז! אַריינקוקן טיפער אין זיך...

ביז היינט האָבן מיר פאַר די אויגן עפּעס אַ מין באַשעפעניש, וואָס באַשטייט בלויז פון ה ע ל ע  פ ע ד י ם... אַזוי בלוי־אומשולדיק זעען אויס זיינע טעג, זיינע נעכט און אַלע זיינע יאָרן. האָבן אים אויף דער וועלט געבראַכט „מלאָכים“? „הייליקע גייסטער“? זענען אין בלוט ביי אים נישט געווען די אַלע באַקטעריעס פון עגאָצענטרישע נטיות, וועלכע לעבן און ווירקן אין אַלע לעבעדיקע מענטשן?

אונדזער בן יחיד האָט פון זיינע אבות געירשנט אַ סך גוטע מידות; ס'איז געווען באַשאָנקען מיט פעיקייטן איבערן דורכשניט — „אַ באַגאַבט קינד“... אָבער קיין בלויבלוטיקער צדיק איז ער נישט געווען פון דער מאַמעס בויך אַרויס. לאָמיר דאָ דערמאָנען ווי ער האָט אויף דער מאַמען אַ בענקל אויפגעהויבן און אַ שליידער געטאָן (וואָס אמת איז, — א ו י פ ן  ט י ש, נישט, חלילה, אין דער מאַמען) אין עלטער פון 10 יאָר. דאָס הייסט: אַ  כ ע ס ן!

די קליינע יתומה, ווי ווייט מיר געדענקען, האָט ער געכאַפּט פאַר די צעפּ. זי האָט אים, וואָס אמת איז, צעדראַפּעט דעם פּנים, אָבער קיין „שעפעלע“ האָבן מיר פאַר זיך אויך אין דעם פאַל נישט...

אַז דער לערער זאַלקינד האָט בעת דער לעקציע פון צייכענען אַרויסגעזאָגט אַ מיינונג, אַז דער אַרטיסט דאָבראָוואָלסקי, שפּילנדיק אין טשעכאָווס „דריי שוועסטער“, פאַרשטייט נישט וואָס ער רעדט, האָט אונדזער העלד צעריסן אַ פאַרטיקע צייכענונג און אויסגעגאָסן אַ פלעשל טוש. דאָס אַלץ איז אין פאַרלויף פון אונדזער דערציילונג אָפן און ערלעך דערציילט געוואָרן און קיין טענדענץ אונדזער בעל דבר צו  א י ד ע אַ ל י ז י ר ן האָבן מיר, חס וחלילה, נישט געהאַט און וועלן להבא אויך נישט האָבן.

אָבער עס איז צייט צוזאַמען מיטן לייענער אַריינצודרינגען  ט י פ ע ר  אין האַרץ און געוויסן פון 24־יעריקן „יידן“ און „אַקטיאָר“; אָנהייבן צו נאָטירן די נאָטן פון חשבון הנפש.

דער שמות פון פאַרלאָזן פּעמערבורג איז געווען פאַרוואָרצלט אין דער קליינלעכער אויסרעכענונג, אַז נאָך 3 יאָר זיצן אין דער שול איז צייט אָנצוהייבן עפּעס צו פאַרדינען און אויפהערן צו נעמען ביי די עלטערן אויף „ברויט"... איך דאַרף דאָ צוגעבן, אַז פון די מענער אין שול זענען כמעט אַלע אָן אויסנאַם געווען באַפרייט פון שכר לימוד. דאָס האָט מיך געעקבערט שוין פון צווייטן לערניאָר: וואָס גייט וועמען אָן, אַז איך האָב רייכע עלטערן? וויבאַלד איך בין אָנערקענט פאַר אַ פעיקן סטו־דענט, דאַרף מען מיך באַפרייען פון אָפּצאָל פונקט אַזוי גוט, ווי אַנדערע באַגאַבטע סטודענטן.

איך בין אַבסאָלוט נישט געווען געערכט, פאַרשטייט זיך, אָבער אַ ווע־רימל פון פאַרדרוס האָט מיך געטאָטשעט, און מיטן אַטעסטאַט אין דער האַנט האָב איך אוודאי שוין נישט געקאָנט איינגיין אויף פאַרצוזעצן דעם קיום אין דער שול, פאָדערנדיק אויף דעם מזומנים ביי טאַטע־מאַמען.

דאַלמאַטאָוו דאַקעגן איז אפילו נישט איינגעפאַלן, אַז דאָ שטעקט די סיבה פון מיין אָפּזאָג צו פאַרבלייבן מיט אים. און ער האָט אפשר אָנגענומען, אַז עפּעס האָב איך אַ פאַרדרוס קעגן אים.

מיר האָבן זיך צעשיידט!

בין איך געווען — געלטגיריק? אַן „אוהב בצע"? לגמרי־נישט.

אין עלטער פון אַ יאָר 12 פלעג איך ביי דער מומער אַרויסשלעפּן פון איר טייסטער קליינגעלט... מיך האָט באַהערשט אַ לייזנשאַפט צי־באָרן „מיט דער קאָנקע" (אַזוי האָבן ייִדן גערופן די וואַגאָנען פון דער פערד־באַן אויף שינעס), איך פלעג דורכמאַכן עטלעכע רייסן, און דער גרעסטער תענוג איז געווען אַרויפצושטייגן און אַראָפּצושטייגן פונקט אַזוי ווי דער קאָנטראָלער, וועלכער האָט מיך באַמערקט און באַפוילן, אַז דער קאָנדוקטאָר זאָל מיר אין דעם נישט שטערן, הגם דאָס איז געווען קעגן די כללים, וועלכע האָבן מחייב געווען איינ־ און אויס־צושטייגן נאָר אויף די ראָגן פון די גאַסן, ווו די „קאָנקע" פלעגט זיך אָפּשטעלן.

אָט די „תאווה" האָט מיך געמאַכט פאַר אַ גנב. דאָס האָט געדויערט מן הסתם אַ פּאָר חדשים. דאַרף איך זיך זאָגן, אַז איך האָב געהאַט אַ נטיה צו גנבה? איך מיין, אַז אַזאַ באַשולדיקונג קעגן זיך בין איך נישט מחויב אַרויסצושטעלן.

מיין באַציונג צו געלט, צו „אייגנטום" בכלל, וועלן מיר נאָך האָבן נישט איין צופאַל צו באַטראַכטן.

אויפן שוועל פון מיין זעלבשטענדיקער עקזיסטענץ האָט מיך אָבער פאַרפירט גראָד אָט די קליינבירגערלעכע „אויסגערעכנטקייט“, און, ווי מיר וועלן גאָר אינגיכן דערזען, האָט זי מיר (ווי אַלע מאָל און אומעטום איז דער פאַל מיט קליינלעכע חשבונות ביי גרויסע אויסזיכטן) — זייער ט יי ע ר אָפּגעקאָסט, הגם איך בין געוואָרן אַ „פאַרדינער“ און אָנגעהויבן קריגן 40 רובליאַקעס אַ חודש „גאַזשע“ — אין גראָדנער „שטאָט־טעאַטער“, פון וועלכן דער דירעקטאָר איז געווען — יעווגעני אַבראַמאָוויטש ביעליאַיעוו, וואָס האָט ביז גראָדנע „געהאַלטן“ ווילנע און מינסק און וועלכן מען האָט גערופן „הויפּטקאָמאַנדיר פון טעאַטער־פראָנט אין צפון־מערבדיקן קאַנט“ (צום „צפון־מערבדיקן קאַנט“ האָבן לויט דער אַדמיניסטראַטיווער איינטיילונג געהערט די גובערניעס: ווילנער, גראָדנער און קאָוונער, בראש פון וועלכע ס'איז געשטאַנען איין גענעראַל־גובערנאַטאָר און איין מיליטערישער הויפּטקאָמאַנדיר. ביעליאַיעוו איז, הייסט עס, געווען — דער „דריטער“ נעבן יענע צוויי....)

ווי אַזוי איך בין געפאַלן אויפן פלאַן צו ווערן ביעליאַיעווס אַן אַקטיאָר — דאָס געדענק איך אַבסאָלוט נישט. איך ווייס, אַז אין ווילנער שטאָט־טעאַטער איז דער צוטריט פאַר יידן געווען פאַרצוימט (ביי ניעזלאָבינען האָט געשפּילט מאַסין — אַ ייד, אָבער נאָך די קאָנפליקטן מיט ניקולינען אין „נייעם געטאָ“ בלי ספק, — איז, ווי ווייט איך געדענק, מער קיין „יודעער“ נישט געווען. יענעם ווינטער האָט זיך געשמדט מישא סמאָלענסקי, כדי אָנצוקומען אין ביעליאַיעווס טרופּע אין ווילנער שטאָט־טעאַטער. אַ יאָר שפּעטער איז סמאָלענסקי געוואָרן אַ מיטגליד פון ביעליאַיעווס טרופּע אין גראָדנע.

מיטן צוועק צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיט ביעליאַיעוון, בין איך צו אים אַרויסגעפאָרן אויפן ריגער „שטראַנד“, ווו ער האָט פאַרבראַכט די זומער־חדשים אין מאַיאָרנהאָף צוזאַמען מיט זיין פרוי — יעקאַטערינאַ סיערגעיעווגאַ סאַראַנטשאָוואַ. דער הויפּטאַקטריסע פון יענע סעזאָנען אין ווילנער טעאַטער.

דאַרף מען דען לאַנג שילדערן מיין צושטאַנד, ווען איך בין געקומען קיין מאַיאָרנהאָף און זיך באַקענט מיט דער „העראָאיניע“ פון ווילנער שטאָט־טעאַטער? אויב דער לייענער וועט זיך מטריח זיין אַ בלעטער טאָן אונדזער ערשטן טייל, וועט אים קלאָר ווערן, אַז דער יונגערמאַן, וואָס איז געקומען קיין מאַיאָרנהאָף, האָט זיך דערפילט אַזוי, ווי ער וואָלט

געדריקט די האַנט נישט נאָר פון דער היכּוווקסיקער מאַדאַם, וועלכע איז געשטאַנען פאַר זיינע אַנטציקטע אויגן, נייערט אויך פון יענע „געטינס", וועלכע האָבן געלעבט אין זיין זכרון, געהערשט אין זיין צעפלאַמטער און קיינמאָל נישט אָפּגעקילטער פאַנטאַזיע, ווי טיראַספּאָלסקאַיאַ, לערמינאַ, פּשעסעצקאַיאַ — „ראַאוטענדעליין", און איבער אַלעמען — די אומפאַר־געסלעכע וויערא פּיאָדאָראָוונאַ קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ. אַלע האָבן זיי ווי אין אַ פאַנטאַסטישן רייטואַן, געשוועבט פאַר זיינע צעפלאַמטע בליקן, בעת ער איז מיט ביעליאַיעוון און סאַראַנטשאָווא אַרומגעגאַנגען פאַרביי די כּוואַליעס פון ריגער אויסגוס און געשמועסט און „אונטערהאַנדלט".

אַן איינדרוק האָב איך געמאַכט אָן ספק פון אַ שוטה, אויב נישט פון אַ האַלבן אידיאָט... דער פאָרשלאַג, וואָס איך האָב פון דירעקטאָר באַקומען, האָט געמוזט זיין אַ דערשלאָגנדיקער. מיר האָט דאַלמאַטאָוו שוין לאַנג געוואָרנט, אַז אַנטרעפּרעניאָרן וועלן מיך דריקן, ווייסנדיק, אַז איך האָב נישט קיין ברירה.

איצט ווייס איך, אַז ביעליאַיעוו האָט מיך באַהאַנדלט זייער מעשה „דזשענטעלמען": די לעצטע מדרגה איז ביי אים אין גראָדנע געווען — 30 רובל, מיר האָט ער פאָרגעלייגט 40.

איך בין, משמעות, געווען פאַרצווייפלט, נישט געוואָלט אָננעמען דעם פאָרשלאַג.

איך געדענק בולט אַ דעפּעשע פון גלאָוואַצקין: „שטימט איין, שפּילט אַלץ, איך קוש אייך. גלאָוואַצקי".

דאָס איז אָן ספק געווען אַן אָפּקלאַנג פון מיין ווענדונג צו דאַלמאַ־טאָוון מיט אַן אָנפרעג: „וואָס זאָל איך טאָן?"

איך געדענק ווי היינט, אַז, לייענענדיק גלאָוואַצקיס טעלעגראַמע, בין איך מער פון אַלץ געווען גערירט פון דער צושריפט: „איך קוש אייך". אויסגעבן מזומנים, כּדי צו „שיקן אַ קוש"!

איך האָב „געחתמעט מיין ערשטן קאָנטראַקט" (איך געדענק נישט גענוי, צי האָבן מיר דעמאָלט געהאַט אַ קאָנטראַקט) — געשען.

אויפן ברעג ים האָב איך פאַרבראַכט עטלעכע טעג (אפשר אַ פּאָר וואָכן?), פון וועלכע איז זכרון איז מיר פאַרבליבן: דער סימפאָנישער אָרקעסטער און דער דיריגענט שנייפאַכט.

אַז אונדזער בעל־הבר איז אַן אומהיילבאַרער פאַנטאַזיאָר און שוועבט אַרום אין וועלטן און ספערן, וואָס זענען אַזוי ווייט פון דער אַרומיקער ווירקלעכקייט, ווי די וואָלקנס פון דעם זאַמד אויפן ברעג — דאָס איז דעם לייענער שוין קלאָר. אָבער איך זע מיך געצוווּנגען אויפצוקלערן, אַז אין די צעשפּילטע פאַנטאַזיעס זענען געווען ביי אונדזער העלד פאַרפלאָכטן זיינע עניני דיומא, וועלכע פלעגן זיך אָנגיסן מיט לעבנס־זאַפטן, ווערן פאַקטן פון אַלטעגלעכן קיום אויסשליסלעך אין ברעג און אין ליכט פון צעשפּילטער פאַנטאַזיע. אין „רואיקן" צושטאַנד האָבן מענטשן ניכטערע, פּראַקטישע, לעבנסקלוגע אָנגעטראָפן אין אים יענעם „שוטה", „האַלבן אידיאָט", גולם, וועלכן ביעליאַיעוו האָט שוין געהאַט אַנגאַזשירט אין זיין פּערסאָנאַל און נאָכדעם, האָבנדיק געטראָפן צעלעכע מאָל אויפן ברעג, קוקן אויף אים מיט עפּעס כמו „דערשראָקענע" בליקן... אַזאַ געניטער אונטערנעמער זאָל ביים ערשטן שריט, צוזאַמענשטעלנדיק דעם פּערסאָנאַל פון גראָדנער טעאַטער־סעזאָן, אַרויסוואַרפן 40 רובל פון זיין חודש־ביודזשעט? — דאָס האָט געמוזט פאַרסמען ביים דירעקטאָר זיין געמיט. און וואָס, צום טייוול, האָט אים פאַרפירט? פאַרבלענדט? ער האָט דאָך אָן ספק זיך געהאַט נאָכגעפרעגט אויף אים אין די שול־ספערן, אפשר אין מאָסקווער טעאַטער־געזעלשאַפט? אָן ספק האָט ער געהאַט אַ יסוד צו אַנגאַזשירן דעם יונגן אַקטיאָר... אָבער וואָס מער ער האָט זיך געהאַט צוגעקוקט צום דאָזיקן „אַרטיסט", וועלכער האָט געקאָנט אין משך פון 2 שעה, שפּאַצירנדיק מיט סאַראַנטשאָווא, נישט אַרויסרעדן קיין וואָרט, אַלץ מער איז אים געוואָרן קאַלעמוטנער אויף זיין אַנטרעפּרעניארישן געמיט.

און מיטאַמאָל —

דער סימפאָנישער אָרקעסטער האָט געשפּילט יענעם אָוונט טשייקאָווסקיס 6־טע סימפאָניע, „די פּאַטעטישע סימפאָניע"!

וואָס מיט אונדזער בחור האָט זיך אָפּגעטאָן אין פּאַריז אין „שאַטלע" (chatelet) אויף די קאָנצערטן פון עדמונד קאָלאָנס אָרקעסטער — דאָס ווייס דער, וואָס האָט געלייענט דעם צווייטן טייל. אין 5־טן טייל, אַז מירן דערלעבן, וועלן מיר זיך דערוויסן וואָס אין לעבן פון אונדזער בן־יחיד האָט אַריינגעטראָגן — בעטהאָווענס צעמאָל־קאָנצערט. דאָ האַלטן מיר ביים 4־טן טייל. דיריגירט האָט — שנייפּאָכט.

פון מיין ווייטער קינדהייט ביז היינטיקן טאָג ברענגט מוזיק מיר אַריין אין אַ צושטאַנד פון באַוווסטזיניקן ווילנאַויסדרוק, כ'וואָלט געזאָגט: פון לעבנס־לוסטיקן „אָנגריף“ — אויף מיין אַרום. ווען איך ווער דורכגעזאַפּט, אָנגעפילט מיטן אינהאַלט פון אַ גרויסן מוזיקאַלישן ווערק, הילט פאַרשווינדט פון מיין געמיט אָן אַ שפור די פאַרקריפּלטקייט פון מיין צעקאַליעטשעטן ווילן, וועלכן איך האָב גענוי באַשריבן אין די קאַפּיטלען וועגן מיינע קינדער־יאָרן, און וועלכער האָט מיך נישט אַרויסגעלאָזט פון קלעם אין פּעטערבורגער פּעריאָד און וועט מיך נישט אויפהערן צו פאַרפאָלגן און פאַרביטערן אומעטום און צו יעדער צייט.

דעם איינדרוק פון דער פּאַטעטישער סימפאָניע אונטער שניפּאַכטס דיריזשירונג אין מאַיאָרנהאָף זומער 1910, קאָן איך פאַרגלייכן מיט די איינדרוקן פון די קאָנצערטן אין פּאַריזער „שאַטלע“, וועלכע זענען פריער שוין גענוי באַשריבן...

נישט די וווּנדערבאַרע קאָנצערטן אין בערלינער „ליוטצאָו־זאַל“; נישט דער אומפאַרגעסלעכער ציקל אין ווין, ווען דיריגירט האָט נישט קיין אַנדערער ווי דער „אָפּגאָט“ פון די ווינער מעלאָמאַנען — ווייַנגאַרטנער (דאָרטן האָב איך אויך געהערט טשייקאָווסקיס „פּאַטעטישע“); נישט אַרטור ניקיש — אין פּעטערסבורג און אפילו נישט מיט 18 יאָר שפּעטער ט אָ ס ק אַ נ י נ י — האָבן נישט געקאָנט אָפּווישן דעם איינדרוק פון שניפּאַכטס קאָנצערט יענעם אָוונט.

ער איז געווען פאַר מיר נ י ש ט בלויז „מוזיק“ אַזוי ווי פאַר 99 פון די אַנדערע 100 צוהערער, וואָס האָבן, זיכער, ב ע ס ע ר ווי איך געקאָנט אָפּשאַצן אַלע פּרטים און איינצלהייטן פון ווערק און פון דער אויספירונג; פאַר יענע אַלע איז דער קאָנצערט געווען אַ י ו ם־ט ו ב, אַ פ יי ע ר ל ע כ ק יי ט, וואָס האָט זיי דאָס לעבן באַלויכטן, באַשיינט, פאַרהערלעכט... פאַר מיר איז עס געווען נישט קיין „יום־טוב“, נייערט — אַ טאָג פון דערוואַכטער עקזיסטענץ, אַ טראַמפּלין צו גיין ווייטער איבער מיין לעבנס־שטעג, אויף וועלכן איך פלעג, נישט האָבנדיק קיין דערוועקערישן פאַקטאָר, בלייבן אין משך פון וואָכן, און אָפט — חדשים, אומבאַוועגלעך, אַזוי ווי אַן אייז־קאָלומנע אין פראָסט. איך בין געווען אַ צעבאַלעוועטער, צעפּיעשטשעטער בן־יחיד, וואָס האָט מיט קיין איינעם פון די אַרומיקע מענטשן נישט פאַרשטאַנען צו געפינען קיין געמיינזאַמען לשון; וואָס פלעגט ביי יעדן נייעם באַקאַנטן אַרויסרופן רוגזה, און אַרויסגיין פון אַזעלכע סיטואַציעס אַ גאַנצער פלעג איך בלויז — ווייל איך האָב קיי־

נעם נישט באַדאַרפֿט האָבן, זייענדיק זאַט, פֿאַרזאָרגט און אויסגעפּוצט... שווער און ביטער וואָלט מיר געווען, ווען איך וואָלט זיך גענייטיקט צו געפֿינען אַ שטעל, אַ לעקציע אָדער אַ וועלכעס עס איז אַנדער מיטל זיך צו דערנערן, אָנטאָן אַ בגד, דינגען אַ דאַך איבערן קאָפּ.

נאָכן קאָנצערט אין מאַיאָרנהאָף האָב איך אין גאָרטן געטראָפֿן — ביעליאַיעוון. ער האָט נישט באַוויזן אויסצוהערן פֿון מיר אַ צען ווערטער, ווי זיין פּנים האָט זיך צעשטראַלט.

— עפּעס זייט איר מיר היינט אַן אַנדער מענטש! — האָט ער געזאָגט — כ'האָב אייך אַזעלכן נאָך נישט געזען... קומט צו יעקאַטערינאַ סערגעיעוונאַ!

האַלטנדיק מיך אונטערן אָרעם, האָט ער מיך געפֿירט צו איר און, מאַכנדיק אַ פּאָר שריט פֿאָרויס, עפּעס איר שטיל אַ זאָג געטאָן. זי האָט זיך האַסטיק אויסגעדרייט צו מיר, געלאָזט שטיין אַ קליינע געזעלשאַפֿט און צוגעגאַנגען מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט.

— איר לעבט נאָך אויף דער וועלט און אויפֿן ברעג פֿון באַלטישן ים? מיר האָבן געמיינט, אַז איר זענט שוין לאַנג אין ווילנע און נישט געקאָנט באַגרייפֿן וואָס איר האָט נישט געהאַלטן פֿאַר נייטיק זיך מיט אונדז צו געזעגענען... ווו זשע ווערט איר פֿאַרפֿאַלן וואָכנלאַנג?

— איך וווין אין דובעלן, יעקאַטערינאַ סערגעיעוונאַ, נישט אין מאַיאָרנהאָף!

— זדראַווסטוויטיע! און פֿון מאַיאָרנהאָף קיין דובעלן און פֿון דובעלן קיין מאַיאָרנהאָף איז 2 הדשים רייזע? האָט איר זיך נישט געקאָנט אויסקלייבן צו קומען צו אונדז אויף אַ גלאָז טיי...

— פֿון דובעלן קיין מאַיאָרנהאָף איז אַ סך נענטער ווי פֿון ווילנע קיין גראָדנע, יעקאַטערינאַ סערגעיעוונאַ, אָבער יעווגעני אַבראַמאָוויטש האָט דאָך מיך נישט אַריבערטראַנספּאָרטירט פֿון שאָפּען־גאַס אין ווילנע ביזן שטאָט־טעאַטער אין ווילנע.

— וואָס האָט עס פֿאַר אַ שייכות מיטן קומען פֿון דובעלן קיין מאַיאָרנהאָף טרינקען טיי?

— זייער אַ גרויסע שייכות! איך האָב קנאַפּ לוסט אַרומצוגיין איבער מאַיאָרנהאָף צוליב די זעלביקע סיבות, וואָס לאָזן מיך נישט שפּילן אין ווילנע...

זי האָט עס אויפֿגענומען ווי אַ „שטאָך“ און מיט אַ פֿאַרלאָשענעם בליק זיך אָפּגעקערט און אַוועק צו דער געזעלשאַפֿט, וואָס זי האָט גע=

האָט פאַרלאָזן. ביעליאַיעוו האָט אָבער גוט פאַרשטאַנען, אַז איך רעד וועגן דעם, וואָס אין מאַיאָרנהאָף ווערט ייִדן נישט דערלויבט צו וווינען, פּונקט אַזוי ווי אין ווילנער טעאַטער צו שפּילן. אַז דער האָזיקער „פּונקט“ איז ביי מיר א „שוואַכער פּונקט“ האָט ביעליאַיעוו אָן שום ספק שוין געוווּסט, און תיות אַליין איז ער געווען אַ ייִד פון פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן (מיר וועלן זיך דערצו נאָך אומקערן), האָט ער מיט אַן אויסגעקרימטן שמייכל אויסגעשפּרעקט זיין האַנט און שטיל אַרויסגערעדט:

— „דער חלום איז מוראדיק, אָבער גאָט איז גנעדיק“. איך בין זיכער, אַז איר וועט אין ווילנע שפּילן גיכער ווי איר מיינט אַליין, אָבער איידער וואָס־ווען לאָזט זיך נישט לאַנג בעטן און מאָרגן קומט פאַר 5 צו טיי... עס פרייט מיך אייך צו זען אין אַ גוטער שטימונג. אַלדאָס גוטס אייך!

איך האָב יענעם אָוונט אין גאָרטן (די קאָנצערט־עספּראַדע איז געשטאַנען אויפן סאַמע ברעג, אויפן פרייען אומבאַדעקטן גאָרטן צווישן פּרעכטיקע קלומבן און קווייטן) דערזען דעם שפּעטער באַרימטן דיריגענט גזשעגאָזש פיטעלבערג: דעמאָלט איז ער געווען אַ שיינער ברונעט פון אַ יאָר 30 מיט אַ קאָפּ געדיכטע שוואַרצע האָר אַרום הויכן שטערן.

אין פּאַנסיאָן, ווו איך האָב אין דובעלן געוווינט, האָט געוווינט אַן עלטערער שוישפּילער, מיט וועלכן איך פלעג אָפּזיצן גאַנצע טעג און זיך „קאָכן“ און „פּרעגלען“ איבער פראַגן פון קונסט: אַקטיאָר, רעזשיסער, ראָלע, מאָנאָלאָג, דיאַלאָג, מיזאַנסצען...

מערקווירדיק איז דאָס, וואָס איך האָב דעמאָלט נישט געוווּסט — ווי מען רופט אים... ערשט קורץ נאָך דעם, ווי מיר האָבן זיך געשיידט, איז צו מיר דערגאַנגען, אַז דער באַקאַנטער אַקטיאָר אין יענעם פּאַנסיאָן איז געווען נישט קיין אַנדערער ווי... ראָבערט אַדעלהיים!

אַז דעם באַרימטן טראַגיקער האָט געקאָנט זיך פאַרגלוסטן צו באַזעצן אינקאָגניטאָ אין אַ באַשיידענעם פּאַנסיאָן — דאָס לייגט זיך אויפן שכל... אומפאַרשטענדליך איז — פאַרוואָס האָט ער ביי די האַרציקע באַציאונגען, וואָס צווישן אונדז האָבן זיך איינגעשטעלט פון די ערשטע טעג, נישט געפונען פאַר נייטיק אַראָפּצונעמען פון פּנים די „מאַסקע“, אָבער דאָ קאָן זיין האָט געווירקט אַן אַנדער מאָטיוו. איך האָב פון ראָבערטן נישט אַזוי „גרויס“ געהאַלטן ווי גרויס זיין נאָמען — די „פירמע“: „ב ר י ד ע ר אַ ד ע ל ה י י ם“ — האָט געצוווּנגען צו האַלטן. זייער גוטע 2 שוי=

שפּילער, אָבער נישט קיין „גדולים" — דאָס האָב איך אין פאַרלויף פון אונדזערע שמועסן אָן ספק געלאָזט הערן מיין פאַרמגער און דערמיט געקאָנט פאַרמאַכן דעם וועג צו אַנטדעקן פאַר מיר דעם סוד.

מיר וועלן מאַכן די „אונטערשטע שורה" פון מיין נסיעה קיין מאָ־יאָרנהאָף: איך בין געקומען קריגן מיין ערשטן אַנגאַזשמענט, איך האָב אים געקראָגן; איך בין געפאָרן צוריק, האָבנדיק דערגרייכט דעם אָנגע־מערקטן ציל... אָבער דער תוכן פון מיין נסיעה, איר טיפע ווירקונג, אויף מיין וועג פון געשטאַלט און אינערלעכער עוואָלוציע איז געווען — נישט דער טרוקענער רעאַלער פאַקט פון דערגרייכן דעם ציל. — נײן!

טשייקאָווסקיס זעקסטע סימפאָניע אין באַגלייט פון די רוישנדיקע כוואַליעס פון באַלטיק אונטער אַ לייכט רעגנדל, וואָס האָט בעת דער סימ־פאָניע אָנגעהויבן פאַלן — אָט דאָס האָט מיך אריינגענומען אין די אָרעמס פון אויסערגעוויינלעכקייט, האָט מיך באַהערשט, באַצויבערט, באַאיינ־פלוסט און — אָ נ ג ע צ ו נ ד ן מיין פאַנטאַזיע.

יענעם אָוונט האָט זיך אָנגעהויבן מיין סעזאָן אין גראָדנע, וועלכער האָט צו פאַרצייכענען מאָמענטן פון ק ו ל מ י נ א צ י ע אין די פּיל־צאָליקע און פילפאַרביקע געשעענישן פון מיין האַלביאָרהונדערטיקן טעאַ־טער־וועג.

גראָדנע איז דאָס וויגאָרט פון עליזא אָזשעשקאָ, דער באַרימטער און פאָפּולערער פּוילישער דיכטערין. פון מיינע קינדער־בלעטער ווייס שוין מיין לייענער ווי טיף איז אין מיר געווען פאַרפלאַנצט דער סענטימענט פאַר פוילנס נסיונות און לייטונגען. אין מיין פאַנטאַזיע, וואָס האָט זיך נאָכן באַשריבענעם אָוונט אונטער די אַקאָרדן פון דער סימפאָניע און אונטער די טראָפּנס פון רעגנדל, וואָס האָבן מיר אויסגעזען, ווי שפּריצן פון דער נאָענטער כוואַליע — צעזונגען און צעפלאַמט, האָט מיר שוין גראָדנע זיך באַוויזן ווי אַ מין סימבאָל פון דערהויבונג אויף מיין אויס־דערוויילטן וועג; ווי אַ „באַרג" איבערן אַרומיקן „טאָל".

מיט אָט דעם ליכט אין האַרצן בין איך געקומען קיין ווילנע, מיט דער זעלביקער באַשטראַלונג בין איך אין אַ פּאָר וואָכן נאָך דעם אָנגע־קומען קיין גראָדנע.

אַרויסגעגאַנגען פון וואַגאָן בסך הכל נאָך אַ 2 שעהדיקער נסיעה פון ווילנע, בין איך דורכגעגאַנגען דעם וואָגזאַל, אַרויס אויפן פּלעצל און גע־בליבן ווי געפּלעפט...

אָי, איך בין שוין דאָ געווען!

מיט אַ יאָר צען צוריק בין איך געפאָרן פון ווילנע קיין ביאַליסטאָק צו גאַסט: דאָרטן האָט געוווינט מיין מוטערס יינגערער ברודער — „דער אָנקל הירשע", מיט וועלכן מיין לייענער איז שוין באַקאַנט. בעתן פאָטערס באַנקראָט האָט דער „אָנקל" געשטעמפּלט, באַגיסנדיק מיט טריפּוואַקס, אַלע שרענק און טישן ביי אונדז, און איך האָב מיט גרויס נחת־רוח פון אַזאַ טשעקאַווער אונטערנעמונג אים מיטגעהאָלפן.

געפאָרן בין איך צו גאַסט אויף די אַנדערע טעג סוכות. ס'איז געשטאַנען אַ וועטער פון פוילן, פייכטן, אומהיימלעכן האַרבסט. אין צוג איז אויך געווען האַרבסטיק און אומהיימליך. די פּאָר שעה פון ווילנע ביז גראָדנע האָבן זיך געצויגן אין אַ דריקנדיקער לאַנגווייליקייט. אויף יעדער סטאַציע פלעגט זיך דער צוג אָפּשטעלן אויף אַ 10 — 15 מינוט און אין מוח איז געבליבן ווי אויף אייביק איינגעשניטן דער אומעטיקער קלאַנג פון דריי גלאָקן פאַרן קאָנדוקטאָרס לאַנגן פייף, וואָס האָט געבראַכט די בשורה, אַז מיר פאָרן ווייטער...

אַז איך האָב דערזען דורכן פענצטער אַן אויפשריפט: „גראָדנאָ", האָב איך באַשלאָסן אַרויסגיין פון וואַגאָן, זיך דורכגיין איבערן פּעראָן, אויסגלייכן די פיס, אַריינשלינגען פרישע לופט... דער רעגן האָט אויפגעהערט... אויפן הימל האָבן דורך די געדיכטע וואָלקנס זיך אָנגעהויבן דורכשטופּן עפּעס סימנים פון טאָגשיין... דערוויסנדיק זיך, אַז איך האָב צייט שיעור נישט אַ האַלבע שעה... בין איך אַרויס דורכן וואָקזאַל אויפן גאַס.

איך האָב דערזען אַ גרויסן פּלאַץ, אַרומגערינגלט מיט צוויי און דריי־שטאָקיקע הייזער. אויפן פּלאַץ האָט געהערשט די שטילקייט פון אַ פאַרלאָזענעם בית־הקברות... די איינציקע זאַך, וואָס האָט זיך באַוועגט, זענען געווען די שווערע וואָלקנס איבערן דאַך פון 3־שטאָקיקן בנין אַנטקעגן וואָקזאַל. קיין לעבעדיק באַשעפעניש איז נישט געווען און נישט אָנגעקומען אין משך פון די צען, פופצן מינוט, וואָס איך בין געשטאַנען און געקוקט אויף דער דאָזיקער מלוכה פון אַבסאָלוטער פאַרגליווערטקייט. אויפן פּלאַץ האַרט פאַר דער באַן־געביידע איז געשטאַנען אויפן שטח פון אַ 50 מעטער אַרום — אַ בלאָטע... אַזאַ האָב איך ביז יענעם פאַל און אויך שפּעטער נישט געזען! טונקל־גרוי, מייז־קאָליר און איבער דער גאַנצער ברייט און לענג אַזוי ווי באַדעקט מיט אַ שיכט פון בלישטשענדיקן לאַקיר...

אין רעכטן מיטלפּונקט האָב איך דערזען די ערשטע און איינציקע לעבעדיקע בריאה — אַ א י נ ד י ק!

ער איז געזעסן אין דער פּאָזע פון אַ מזרח־הערשער, די פיס אונטער זיך, און געדרימלט אין פולן בטחון, אַז נאָך לאַנגע שעהן ווייטער, פּונקט ווי לאַנגע שעהן פריער — וועט זיין זיסע מנוחה נישט געשטערט ווערן....

און — פּלוצלונג... אפשר, האָבנדיק דערפילט, אַז אויף אים קוקן אויגן פון אַ צווייטער לעבעדיקער בריאה — האָט זיך מיין אינדיק דערפילט באַהראָט און צערודערט, און דער גאַנצער פוסטער פּלאַץ איז געוואָרן אָנגעפילט מיט ווילדן „גוואַלד־געשריי“:

„ה אָ ל ד ע ר — ה אָ ל ד ע ר ! ב אָ ל ד ע ר — ב אָ ל ד ע ר!!“

און ווידעראַמאָל האָלדער! און ווידעראַמאָל באָלדער! האָלדער באַלדער!

און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז די וואָלקנס אויפן האַרבסטיקן הימל צעלויפן זיך פאַרן אומגעריכטן טומל און רעש אויף דער אין געדיכטער בלאָטע איינגעהילטער ערד.

איך בין אויך אַנטלאָפן אין דער באַן־געביידע, אויפן פּעראָן, אין זאַלגאָן, וועלכער האָט זיך מיר איצט אויסגעוויזן ווי אַ געמיטלעכע היים.

אין ביאַליסטאָק, זיצנדיק צו גאַסט ביים פעטער הירש, האָב איך און אינדיק מיטן טומלדיק־וויסטן „האָלדער־באַלדער“ פאַרגעסן. כ׳האָב יענעם חול־המועד אויסשטודירט 2 סצענעס פון „אוריאל אַקאָסטאַ“, וועלכע איך פלעג פון דעמלט אָן ביי יעדער געלעגנהייט פאָרטראָגן.

און 10 יאָר שפּעטער, אַרויסגייענדיק מיט מיין באַגאַזש פון דער באַן־געביידע, האָב איך זיך דערמאָנט דעם אינדיק, דעם „האָלדער־באַלדער“, און כ׳בין געבליבן שטיין פאַרגליווערט צווישן מיינע טרוימען וועגן דעם, וואָס שטייט מיר פאָר אין דער שטאָט, וווּ עס זינגען די סטרונעס פון עליזאַ אָזשעשקאָס האַרפע און ווו איך האָב דערהערט דעם „האָלדער־באַלדער“ פון צערודערטן אינדיק...

## II. שווערע נסיונות

דער גאַנצער ווינטער=סעזאָן האָט געדויערט סך הכל נישט לענגער ווי 4 חדשים מיט 5 טעג: ער האָט זיך אָנגעהויבן דעם 1=טן אָקטאָבער 1910 און האָט זיך פאַרענדיקט דעם 5=טן פעברואַר 1911. שפּילן טעאַטער האָט מען פאַר די 7 וואָכן פון וויעליקי=פּאָסט געמעגט בלויז — 4 וואָכן: די 2=טע, די 3=טע, די 4=טע און די 6=טע — אַזוי אַז די אַנטרעפּריזעס (אונטערנעמונגען) פלעגן דעם ס ע ז אָ ן פאַרענדיקן מיטן לעצטן זונטיק פון דער „מאַסלעניצע“. און די מאַסלעניצע=וואָך איז געווען די אַממײַנסטן גוטבאַזוכטע טעאַטער=וואָך: דער עולם פלעגט די וואָך הוליען, פאַרברענגען, זיך ווײַלן און באַמיען אָנשטאָפּן די מאָגנס, וואָס וועלן דערנאָך זײַן אויסגעשטעלט אויף דחקות און מאָגערניש. דאָס ווערט דאָ אַלץ דערציילט, כדי די שילדערונג פון די ווײַטערדיקע געשעענישן און באַציונגען צווישן מענטשן זאָלן נישט הענגען ערגעץ אין דער לופטן; כדי דעם לייענער זאָל מעגלעך זײַן צו באַנעמען די פאַרשיידנקייט פון די וועלטן, אין וועלכע מיר רופן אים זיך אַרײַנפילן, אַרײַנלעבן און קאָנען צוזאַמען מיט אונדזער „העלד“ אי ליבן אין דער פרעמד דאָס גוטע, אי האַסן בײַ זיך דאָס נישט=גוטע און דערקענען אומעטום די געשטאַלט פון — פ ר ײַ=
ע ן מ ע נ ט ש...

האַלטן מיר, הייסט עס, בײַם אָנהויב ווינטערסעזאָן אין גראָדנע.

מען איז צוגעטראָטן צו פּראָבן פון צוויי פּיעסן: טשעכאָווס „קאַרשנגאָרטן“ און נעמיראָוויטש=דאַנטשענקאָס: „דער לעצטער ווילן“.

מיר מוזן בעטן דעם לייענער דערמאָנען אונדזער אָפּשילדערונג פון דאַלמאַטאָווס „גאַיעוו“... איך האָב געוואַרט, אַז מען וועט מיך פרעגן אויף וועלכע ראָלע איך האָב חשק, נטיה... און דאָס איז פון מיר געווען אי טפּשות, אי חוצפּה. ווײַל די מאָטיוון, מיט וועלכע עם האָט געצאָקנט (און

געדאַרפֿט און געמוזט) זיך רעכענען די אָנפֿירונג פֿון טעאַטער, האָבן, פֿאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט האָבן קיין איין געמיינזאַמען פּונקט מיט די פֿאַנטאַזיעס און אַספּיראַציעס פֿון יונגנמאַן, וואָס שוועבט אַרום אין „וואָלקנס“: אין דער טרופּע זענען געווען אַ 20 אַקטיאָרן, פֿון דעם אַ 10 „פּירנדיקע“, וועלכע זענען געקומען מיט פֿעסט באַשטימטע פּאָזיציעס און פֿון דעם — אַרויספֿליסנדיקע רעכט. אַן אָנפֿאַנגער, וואָס פֿעלט ביי זיך צו פּרעטענדירן אויף אַ וועלכער עס איז פֿון זייערע פּאָזיציעס, איז קודם — אַ חוצפּהניק און גלייכצייטיק — אַ שוטה. מען שאַרט אים אַראָפּ מיט איין האַנטבאַוועגונג ווי אַן איבעריקער פּאַפּיראָס...

די מענטשן, וואָס האָבן מיך אַרומגערינגלט: די קאָמישע, דראַמאַטישע און טראַגיקאָמישע פֿאַלן פֿון די צוזאַמענשטויסן אין משך פֿון די 4 חדשים — וועלן מיר נאָך באַהאַנדלען און האָבן צייט צו לאַכן און צו זיפֿצן. דאָ לאָמיר זיך אָפּשטעלן אויף דער „קאָמפּאָזיציע“ פֿון די ערשטע 2 פֿאָרשטעלונגען.

אין „קאַרשנגאָרטן“ האָב איך באַקומען אַ ראָלע, וואָס איז באַשטאַנען פֿון איינאיינציקער פֿראַזע: „דערלאַנגט דעם הונגערנדיקן היטלענדער 20 קאָפּיקעס אויף בראָנפֿן!“ אַז אַן אַקטיאָר קאָן מיט איין פֿראַזע צווינגען דעם עולם פֿרעגן: „ווער איז ער?“ — האָב איך דערציילט, באַשרייבנדיק ווי אַזוינס איז געשען מיט לעאָנידאָוו אין בערלין אויף דער ערשטער פֿאָרשטעלונג פֿון „צאַר פֿיאָדאָר יאָהאַנאָוויטש“.

ס'איז קיין ספֿק נישט, אַז מיטן „היטלענדער“ (אַזוי איז די געשטאַלט באַצייכנט אין דער רשימה פֿון „ווירקנדיקע פּערזאָנען“ אין „קאַרשנגאָרטן“) — קאָן אַן אַקטיאָר באַווייזן, אַז ער איז נישט קיין „סטאַטיסט“.

ס'איז זייער אינטערעסאַנט צו רעדן וועגן די באַשטאַנדטיילן פֿון אַזאַ מין אויפֿבליץ: פֿון וואָס דער איינדרוק קאָן אין דעם פֿאַל ווערן באַשאַפֿן? אָבער מיר וועלן זיך דאָ אויף דעם נישט אָפּשטעלן און זאָגן קורץ און בינדיק, אַז אונדזער דעבויטאַנט האָט לחלוטין גאָרנישט באַוויזן. — צו דער אַנטוישונג פֿון אַ טייל בייוווינענדיקע און צום נחת־רוח — פֿון אַ צווייטען — גרעסטן — טייל. אַ שטיקל „רעפּוטאַציע“ האָט דער „בחור“ געהאַט: וועגן יעדערן ווערן תיכף אָנגעזאַמלט פּרטים — „ווער“?, „פֿונוואַנען“? דאָ האָט מען פֿאַר זיך געהאַט דאָלמאַטאָוס אַ שילער — דאָס אַליין האָט געקלעקט צו דערוואַרטן, אַז דער דורכשניט מוז ווערן אַריבערגעטראָגן און אַז מען האָט פֿאַר זיך אַ „קאָנקורענט“, וואָס וועט פֿריער־שפּעטער זיך פֿאַרמעסטן מיט עמיצן פֿון די

„קאַרפּנקעפּ“. און מיין גיריקע נטיה צו שפּילן „גאַיעוון“ איז אויך בלי ספק ארויס איבער די גרענעצן פון מיין דערשלאָגענעם געמיט: מיין עצם דער־שלאָגנקייט איז שוין געווען אַ באַווייז פון אומגעוויינשענער פּרעטענציעז־קייט — אַ קיצור אויפן דעבויוט האָט מען געוואָרט מיט מ ע ר אויפ־מערק און געשפּאַנטקייט ווי די געשטאַלט פון „דורכגייער“ און זיין 6־ווער־טערדיקער זאַץ פאַרדינט. און — ס'איז גאָרנישט געשען! ביעליאַיעוו האָט אויף אַ פּראָבע אָנגעוויזן, אַז „איך האָב מורא פאַר אַ פּאַוזע“: איך איל זיך אָפּצורעדן מיין פראַזע און אַנטלויפן... ער האָט געשטויגט, דער דירעק־טאָר, וואָס נאָך 3 יאָר שפּילן אויף די שולברעטער ווייז איך זיך ארויס פאַר אַזאַ נישט־געניטן מענטשן און אַנטלויף פון צושויערס אויפמערקזאַמקייט אין 2 מינוטן, בעת איך קאָן די בינע פאַרנעמען — 5!

איך מוז מודה זיין, אַז א י צ ט, באַטראַכטנדיק יענע פּאָר טעג מיט אַן אויג, וואָס האָב פאַר די שפּעטערדיקע כמעט 50 יאָר עפּעס געזען, — ערשט איצט באַגרייף איך פ אַ ר ו וּאָ ס איך האָב נישט געקאָנט „האַלטן“ יענעם אָוונט דעם עולם מער ווי 2 מינוט.

אָבער לאָמיר גיין ווייטער.

הײַנט אָוונט בין איך דורך ווי אַן „איננו נראה“, ווי אַ שאָטן, אַזוי... ווי עס דאַרף „דורכגיין“ אַ נפש, וואָס איז געקומען פון דער שולבאַנק און האָט אָנגעהויבן זיין „קינסטלער־קאַריערע“ פון 40 קאַרבאָוואַנצעס אַ חודש.

ווי לאַנג וועט זיך איצט ציען די קייט פון מיטלמעסיקייט? פון הורב־שניטלעכקייט? פון „עולם כמנהגו נוהג“, און אַן אַקטיאָר, וואָס קריגט 40 רובל, דאַרף נישט ווערט זיין מער און דאַרף נישט שטערן די קראַפּנקעפּ פון גראָדנער טעאַטער רואיק שלאָפן ביינאַכט און אָטעמען — בייטאָג.

די סיטואַציע, לייענער, האָט געדויערט א י ז מעת־לעת!

אין גיעמיראָוויטש־דאַנטשענקאָס „לעצטן ווילן“ האָב איך געשפּילט אַ געשטאַלט פון אַן אַלטן אַרעליקן, וואָס פילט זיך געטראָפן ווען ער דער־הערט, זיצנדיק צווישן אַ צענדליק אַנדערע, וואָס זענען גערופן געוואָרן אויסצוהערן די צוואה פון זיין פאַרשטאָרבענעם ייִנגערן ברודער, אַז לויטן ברודערס „לעצטן ווילן“ האָט ער צו באַקומען אַ ה ע ל פ ט פון דער ירושה און די אַנדערע העלפט זאָל געהערן דער פרוי, מיט וועלכער דער פאַרשטאָרבענער האָט אַ זון... אין דער גאַנצער האַנדלונג איז די געשטאַלט פון אָט דער „אומגעזעצלעכער“ פרוי אַנטקעגנגעשטעלט דער „געזעצלע־כער“, וואָס איז געקומען ברעכן דעם „לעצטן ווילן“. זי אינטריגירט, וויל

נישט וויסן פון קיין „זון“, פון קיין „מוטער“, פון קיינע שום „פּויערישע פעלשונגען“...

דער אַלטער זאָגט דער „געזעצלעבער“ אָפּ און זיין מיגדעסמער מיט־הילף. ער איז איינגאַנצן מיט אַלע זיינע סימפּאַטיעס אויף דער זייט פון ברודערס יושרדיקער צוואה און בלויז, ווען ער דערהערט, אַז ער איז אַ האַלבער שותף צום באַוועגלעכן האָב און גוטס, רייסט ער איבער די לייענונג מיט אַ פראַגע: „ווער מען, קומט אויס, מוזן דעם בראָנזענעם זייגער צעברעכן אויף העלפט?“ און, זיך ווענדנדיק צו דער דערשלאָגענער מוטער פון זיין „אומגעזעצלעכן“ פּלימעניק, זאָגט ער איר, אַז ער איז מוחל דעם האַלבן זייגער, דעם האַלבן שראַנק און די גאַנצע העלפט... זאָל זי עס נוצן געזונטערהייט!... און נאָך אַ לערד פינפמינוטיקן מאָנאָלאָג, פאַרלאָזט ער די פאַרזאַמלונג, די זיצונג, די בינע. און מער קומט ער נישט.

איך מוז ערלעך זאָגן, אַז ג ע נ ו י דעם מאָנאָלאָג — געדענק איך נישט. פאַר דער פּינקטלעכקייט פון די אויבן־געבראַכטע רייד, גאַראַנטיר איך אויך נישט. איך געדענק ג אַ נ ץ ג ע נ ו י ווי אַזוי איך האָב אָנגעקוקט דעם זייגער פון בראָנז אויפן שפּיגל; ווי אַזוי די שוישפּילערין מאַריאַ פּיעטראָוונאַ קירסאַנאָוואַ, וועלכע האָט געשפּילט די יונגע מוטער, האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, דערזעענדיק מיין פאַרטערטן בליק צו איר, און איך געדענק, ווי איך בין געוואָרן אויפגעשיטערט, גייענדיק צו דער טיר אינטער אַ דונער פון אַפּלאָדיסמענטן.

ווי ווייט מיר פאַרפירט נישט מיין זכרון (די פּיעסע האָב איך אין שפּעטערדיקע סעזאָנען אויך געשפּילט, אָבער נישט דעם „אַלטן“, אַן אַנדער ראָל: „טאַראָפּיעץ“, אַ „זיעמסקער רופא“, אַ ראַדיקאַל, דער צוואה־פאַרוואַלטער, וועמען די פּעטערבורגער „לייביכע“ באַמיט זיך צו פאַר־דרייען דעם קאָפּ, אָבער ער בלייבט טריי זיין פליכט: דאָס איז געווען איינע פון די קרוינראָלן ביי אַ סך „כאַראַקטער־שפּילער“ יענע יאָרן.) — איז דער אַקט נאָכן „אַלטנס“ אַוועקגיין נאָך געגאַנגען אַ היפּשע צייט, אָבער בעתן גאָנטסטן אַנטראַקט איז ביעלאַיעוו אַריינגעלאָפן אַן אויפ־געטרעגטער און אויסגערופן מיט פאַרדרוס, בייסנדיק (לויט זיין שטענדיקער געוווינהייט) די נעגל אויף די פינגער:

— דער רוח האָט מיך געשטויסן צו עפענען דעם סעזאָן מיטן „קאַרשנגאָרטן!“

און מיט אַ באַזונדערן שמייכל האָט ער זיך געזעגנט צו מיר און

אויסגעדריקט זיין צופרידנקייט: עפּעס אין דעם זין, אַז ער הייבט אָן צו דערוואַרטן פון מיר ווייטערדיקע אָנגענעמע סיורפּריזן.

— אַז איר זענט דורכגעגאַנגען אַ סאָלידע צוגרייטונג, האָבן מיר געוווּסט. אָבער איר האָט אַן אמתן טעמפּעראַמענט און פאַרשטייט וואָס איך מיין. דאָס איז גאָר אַ לויבווערטיגע מעלה.

איך האָב אין משך פון די נאָענטסטע וואָכן באַקומען עטלעכע פאַראַנטוואָרטלעכע ראָלן. אָבער דער דערפאָלג האָט נישט געקאָנט באַזירן אויף די דערגרייכונגען פון שוישפּילערישער באַגאַבטקייט. אַ סך וויכטיקער איז געווען — געפינען אַ געמיינזאַמען לשון מיט די הערן און דער עיקר מיט די דאַמען אין דער טרופּע. און דעם דאָזיקן לשון האָב איך נישט געפונען, נישט געזוכט און נישט געוווּסט, אַז איך דאַרף אים האָבן.

איך בין געווען אין גראָדנער טעאַטער פּונקט אַזוי איינזאַם, אָפּגעזונדערט און איזאָלירט ווי אַמאָל — אין חדר; ווי שפּעטער צווישן אַלעמען, וואָס האָבן געלעבט, געפילט, געהאַנדלט, זייענדיק אָנגעפירט פון קאָנקרעטע אַספּיראַציעס, פון אַלטעגלעכע כוונות, פּלענער, אויסזיכטן, פאַרלאַנגען, צילן... איך האָב געלעבט אַזוי, ווי ערגעץ אין די ווייטע ספערן, איבער די וואָלקנס.

די עלטערע אַקטיאָרן האָבן זיך אָנגעהויבן צו מיר באַציען מיט אַ געוויסער סימפּאַטיע. מען פלעגט מיך באַגריסן מיט אויסדרוקן פון פאַרסירטער „הויכאַכטונג", מיט פּאַטעטישע פראַזן, ווי למשל: „הערט מעצענאַט און באַשיצער פון הויכע קונסטווערטן — אַכטונג און כבוד!"

איך האָב נישט פאַרשטאַנען פון וואַנען עס נעמט זיך און וווּהין עס צילט די „אָנגעבלאָזענע" איבערטריבענע צערעמאָניאַלע האַלטונג לגבי מיר, אָבער קיין ביזוויליקייט האָב איך נישט איינגעפונען און רעאיק רעאַגירט אויף דעם, האַלטנדיק, אַז, אויב דאָ שטעקט אַפילו אַ געוויסע ראָזע איראָניע, דאַרף איך עס פון אַלטע פאַכלייט אָננעמען אָן רוגזה.

אָבער די י ו נ ג ע חברים האָבן אין דעם געוואָלט זען חוזק פון די סעניאָרן לגבי מיר און געוואַרט, אַז איך זאָל רעאַגירן ווי עס איז מיט כעס, מיט פּראָטעסט און אַזוי אַרום — זיך צעקריגן מיט די עלטערע.

לאַנגע יאָרן — דערמאָנענדיק יענע חדשים — פלעג איך מיינען, אַז די סיבה פון מיין איינזאַמקייט איז געלעגן אין די כ אַ ר אַ ק ט ע ר צ ו ג ן פון מיינע קאָלעגן. איך האָב געהאַלטן דעם רוב פון זיי פאַר

מי יודע וואָס פאַראַ „בעלי עולות“, רשעים, שיעור נישט — „פאַרברעכער“... הײַנט — האָבנדיק באַנומען דאָס לעבן בכלל, דאָס לעבן אין טעאַטער — בפרט, און, באַטראַכטנדיק מײַנע גראַדנער פאַרהעלטענישן אין ליכט פון מײַן לעבנס־דערפאַרונג, ווײס איך, אַז...

אַז איך בין געווען אַ „פאַנטאַזיאָר“ און אַרום מיך זענען געווען — פשוטע מענטשן. איך האָב דעמאָלט געמיינט, אַז אין דער אַלטעגלעכער פּראַקטיק פון מענטשן, וועלכע אַרבעטן אין טעאַטער, וועמענס *לעבן* באַשטייט אין שאַפן ווערטן פון קונסט — אַז אָט די מענטשן *מוזן* זײַן דער קונסט איבערגעגעבן מיט אַלע פיבערן פון זייערע לײַבער און נשמות.

אָבער אַזעלכעס פון יענע 25 פאַרשוין צו דערוואַרטן און קוקן אויף זיי קרום דערפאַר, וואָס זיי האָבן *אַנדערע* נטיות און פאַרלאַנגען — דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, *געמוזט* ברענגען צו דעם, וואָס איז געשען: מען פלעגט פון מיר אויף יעדן טריט און שריט אָפּלאַכן, דאָס רוב מיט פאַרביסנקייט און רשעות, ווײַל געפילט האָבן זיי, אַז גערעכט בין *איך*; אַז גוט אָדער שלעכט, אָבער לכל הדעות — *ערנסט* און *ערלעך* היצר זאַך, וואָס האָט אַלעמען אַהער געבראַכט, דין *איך*, און אַרום — שמוגלט מען דורך טעג, נעכט, וואָכן, אויסגעפילטע מיט קאָרטנשפּיל, מיט אויסגעלאַסנקייט, מיט שכרות... אויף די פּראָבן בעת דער „אַרבעט“ פלעגן זיך טאָג איין טאָג אויס אָפּשפּילן אַרום מיר סצענעס, וואָס הײַנטיקע ווירקלעכקייט האָט נישט פון דעם קיין שפּור, קיין סימן.

אויף איינער פון די ערשטע פּראָבן האָב איך געזאָגט דעם רעזשיסער, אַז דער איבערגאַנג, וועלכן ער לייגט מיר פאָר, איז אַבסאָלוט נישט מאָטיווירט...

איז אויסגעבראָכן אַרום אַ געלעכטער אויף 5 מינוט.

— וואָס? וואָס האָט ער געזאָגט? „*מאָטיווירט*?“

פון יענעם טאָג האָט מען ביי יעדן פאַל פון אָפּרופן עמיצנס אַ מעלדונג, מיט וועלכער דער צווייטער איז נישט מסכים געווען, זיך באַנוצט מיטן אויסגעשריי: „פאַרדריי מיר נישט דעם מוח און *מאָטיווירט* נישט!“

רעזשיסערן זענען געווען צוויי. און איינער דעם צווייטן האָט נישט געקאָנט אָנקוקן. דער ערשטער מיטן טיטל: „הויפּטרעזשיסער“ — ני־

קאָלאַי וואַסיליעוויטש איזוואָלסקי (איך האָב שפּעטער געהערט, אַז ער איז דער פֿאָטער פֿון פּרעכטיקן שווישפּילער ליוואַנאָוו, איינעם פֿון די „זיילן“ אין איצטיקן „מאָסקווער אַקאַדעמישן קונסט טעאַטער“).

איזוואָלסקי איז געווען אַ מענטש פֿון אַ יאָר 55, און מיר האָט זיך תמיד געדוכט, אַז זיין אמתער אָרט וואָלט געווען צו זיין אַן אויפֿזעער אין די מיטעלע קלאַסן גימנאַזיע... קאַלט ווי אַ הינטישע נאָז, גלייכגילטיק צו אַלע דערשיינונגען פֿון טאָג און פֿון נאַכט — פֿלעגט ער נישט אַרויסלאָזן פֿון האַנט דעם ברעלאָק אויפֿן קייטל פֿון זיין טאַשנזייגער.

וועגן פֿראַגן פֿון „קונסט“, וועגן „פּראָבלעמען“ אָדער גאָר „קאָנפֿליקטן“ צוליב אַזעלכע פֿראַגן — וואָלט געווען צוועקלאָז און נאַריש מיט אים צו פֿאַרפֿירן אַ געשפּרעך. ניקאָלאַי וואַסיליעוויטש פֿלעגט אויסשטעלן אַ פּאָר אויגן מיט אַן אויסדרוק פֿון דערשטוינונג, הערנדיק, אַז עמיצער (דאָס רוב פֿאַלן בין איך עס געווען) פֿאַרפֿירט וועגן אַזעלכע טעמעס אַ שמועס מיט אַ טאָן אַ העכערן ווי די געשפּרעכן וועגן פּרייז פֿון טרוקענער וורשט, אָדער אייער אויפֿן מאַרק. צו וואָס עמעצער „קאָכט זיך“ האָט ער נישט געקאָנט באַגרייפֿן אויך דאַן, ווען יענער האָט גערעדט אַ מאָנאָלאָג, וואָס האָט געפֿאָדערט אַ געוויסע מאָס „נערוון“... אויב שוין יאָ אַפֿילו, וועט דאָך זיין צייט דערויף אין אָוונט, בעת אין זאַל וועט זיצן דער עולם... צו וואָס פֿאַרלירן נערוון אויף פּראָבע? אָפֿט פֿלעגט ביי אים אין די פֿאַלן שפּילן אַ באַהאַלטענער שמייכל אויף די ליפּן...

דער צווייטער רעזשיסער האָט געהייסן: „סויפֿער“ — אַ גאַנץ אַנדערע געשטאַלט! אַ מענטש צו יענער צייט — פֿון קוים אַ יאָר 30, איז ער געווען דורכגעדרונגען מיט טעאַטער־אידעען פֿון דער נייסטער מאָדע; געטראָגן רוגזה און פֿראַטעסט צו די אָפּגעשטאַנענע מענטשן און מעשים פֿון לויפֿנדיקער טאָג־פּראַקטיק, און שוין דאָס האָט אים געשטייסן צו דעקלאַרירן זיין סימפּאַטיע צו מיר. הגם ער האָט פֿון די ערשטע ישעהן און שריט געמאָלדן, אַז קיין מענדעלצן „אומצושטערן אַלטע מזבחות“ זעט ער ביי מיר נישט, אָבער פֿאַר „קונסטלער־נאַטור“ אָנערקענט ער מיך אָן וואַקלענישן און מיט מיר אַרבעטן וועט ער מיט פֿאַרגעניגן. וואָלט איך אויף דעם אופֿן שוין געקאָנט האָבן אַ פּונקט פֿון בעסטן אָנשטיץ. האָט אָבער אין האָזיקן „באַסטיאָן“ געמאַכט די ערשטע און טיפֿע „לאָך“ ביעליאַיעווס באַדויערונג, וואָס „דער רוח האָט אים געשטויסן אָנצוהויבן דעם סעזאָן מיטן „קאַרשנגאָרטן“... דאָס שטיק האָט רעזשי=

סירט געמלעך סויפער, און דער פאַקט, וואָס אים איז נישט דעם הויפּטרעזשיסער אינזפּאַרטרוויס געוואָרן דער ספּעקטאַקל פון „פתיחה“ — האָט זיך אים אויסגעוויזן פאַר אַ פעסטע פּאָזיציע ארויסצושטויסן איזוואָלסקין פון „הויפּטרעזשיסערײַ“ און שפּילן אין סעזאָן די „ערשטע פידל“. אָבער דער הייסער אָטעם פון צושוייערזאַל האָט אַרויסגעהויכט אין מעאַטער ערשט אין דער סצענע פון לייענען דעם „לעצטן ווילן“: דער „קאַרשנגאָרטן“ איז אויפגענומען געוואָרן מיט אַ האַלבחלשותדיקער באַציונג פון העפלעכער נייטראַליטעט לגמרי; צום סוף פון דעם עולם, וואָס האָט אויפן ערשטן ספּעקטאַקל אָנגעפילט דעם זאַל ביזן לעצטן בענקל און אויף מאָרגן איז דאָס טעאַטער געווען האַלב ליידיק. אָבער רעדן וועגן אונדז האָט מען אָנגעהויבן נישט פון „קאַרשנגאָרטן“, נייערט פון „לעצטן ווילן“...

סויפער איז פשוט „אַרויס פון די כלים“, ווי מען רופט עס. אים איז קלאָר געוואָרן, אַז די „אַלטע אויסגעדראָשענע וועגן“ וועלן נישט דערלאָזן געהעריק זיך צעבליען די קנאָספּן און קווייטן פון זיינע אויפטועןן... ער האָט געבעך נישט געקאָנט אָביעקטיוו באַנעמען, אַז ער איז צו טשעכאָוון דערוואַקסן — אַז אין זיין אויפפירונג דערקראָכן — אפשר אין אַ 20 פּראָצענט פון רייכן און זייער קאָמפּליצירטן אינהאַלט, בעת מיר האָבן פון גיעמיראָווויטשעס סיוזשעט צוגעטראָגן דעם צושויער — אויב נישט די גאַנצע 100, איז לכל הפחות 90 פּראָצענט.

האָט אונדזער „רעפּאָרטאַטאָר“ געביסן די ליפּן, אַרומגעלאָפן גרין און געל פון פאַרדרוס און זיך דורכגעדרונגען מיט נאָך מער שנאה און גרימצאָרן צו די „אָפּגעלעבטע“ אָנשיקענישן אין דער קונסט.

דער לייבן חלק פון דערפאָלג אין צווייטן ספּעקטאַקל איז אויסגעפאַלן מיר, און דאָס האָט תיכף געלייגט אַ קענטיקן חותם אויף די באַציונגען אַרום — סיי צו מיר, סיי — צווישן אַנדערע מיטגלידער פון קאָלעקטיוו: ס'איז פאָרגעקומען אַ מין „איבערשאַצונג פון ווערטן“. דער אַלטער, געניטער אַקטיאָר, וואָס האָט געשפּילט די ראָלע פון „טאַראַפּיען“, האָט בלית ברירה געמאַכט אַ „גוטע מינע צו דער שלעכטער שפּיל“ און כמו נישט באַמערקט, אַז די געשטאַלט איז אין דער פאָרשטעלונג נישט אַרויס אויפן ערשטן פּלאַץ. קיין נחת האָט עס אים נישט פאַרשאַפט. אָבער, אַ מענטש מיט טאַקט, אַן איידעלער, פּראָגרעסיווער געזעלשאַפטלעכער טוער — האָט ער צו מיר זיך באַצויגן אַזוי, ווי עס

דאַרף זיך באַציען אַן אַלטער פּראָפעסיאָנאַל צו אַ יונגן חבר, וואָס טוט מיט פלייס און קלאָרן באַוווּסטזיין זיין אַרבעט. „וולאַדימיר ניקאָלאַיעוויטש וולאַדימיראָוו“ האָט זיך גערופן אָט דער אַלטער אַקטיאָר. אַ טיפּ פון אַ רוטינירטן בעל־מלאכה, וואָס האָט אין דער עצם קונסט זיך געמוזט אַנטוישן אויף די ערשטע עטאַפּן פון זיין פּראַקטישער אַרבעט און זיך פאַרנומען מיט אַלץ אַ ר ו ם דער קונסט, זוכנדיק און געפינענדיק אין די אַרומיקע פאַקטאָרן אַ באַפרידיקונג פאַר זיין אומרואיקן, זוכנדיקן גייסט. דאָס איז די טראַגעדיע פון 8 צווישן 10, וואָס האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין שייטערהויפן פון טעאַטער און דערנאָך דערפילט, אַז די קונסט קאָן אויסקומען אָן זיי... מען קאָן אָנרופן נישט איינעם פון די גדולי־הדור, וועמענס געמיטער זענען פאַרסמט געווען מיט אָט דעם גיפט פון ביטערער אַנטוישונג אין זייער עצם ב אַ ר ו ף. אָבער דאָס רוב פון זיי, זייענדיק געשיקטע לעבנסלייט (נישט קיין ק י נ ס ט ל ע ר־נאַטורן פאַר עקסעלאַנס!), האָבן פאַרשטאַנען ווי אַזוי אויסצונוצן די קייטן — אָפט פון וועלט באַרימטקייט, פון „געשיכטעמאַכערס“, פון אומפאַרגלייכלעכע שעקספּיר־שפּילער. דאָס זענען אַלץ זייער געשיקטע, פלינקע גענג פון דעם, וואָס פראַנצויזן רופן: „Savoir Vivre“

אָבער פון אמתער קינסטלער־גלות — דער היפּוך...

מיין גראָדנער חבר וולאַדימיראָוו האָט זיך דערמלט שוין אַרומגעטראָגן מיט אַן אידעע צו שאַפן אַ „פּראָפעסיאָנעלן פאַרבאַנד פון בינע־אַרבעטער“, אין וועלכן אַרבעטסגעבער זאָלן נישט האָבן קיין צוטריט און וועלכער זאָל שטיין אויפן פעסטן באָדן פון קאָנסעקווענטן קלאַסן־קאַמף. ווען די עניינים פלעגט וולאַדימיראָוו רעדן מיט היץ, מיט ברען פון אויפגעברויזטן האַרץ און, קוקנדיק ווי ער שפּילט אַ דראַמאַטישע סצענע, פלעג איך אָפטמאָל טראַכטן: „ווו איז זיין פלאַמענדיקער געשפּענסט?“ אָבער די יינגערע קאָלעגן האָבן זיך באַצויגן צו מיר אַ סך ערגער ווי וולאַדימיראָוו און אַנדערע פון זיין דור. אויב נישט אָפענע אויסדרוקן פון אַגרעסיווער שנאה, פלעג איך כסדר זיך אָנשטויסן אויף כלערליי שיקאַנעס, פון וועלכע אָפטער ווי אַנדערע מיטלען איז געווען — חוזק! מען פלעגט מיך אויסלאַכן ביי יעדער געלעגנהייט, נישט טראַכטנדיק צי איז דאָ צי איז נישטאָ אַ גרונט צו שפּאָט. מיין לעבן איז געווען אין אַ היפּשער מאָס פאַרסמט און פאַרביטערט.

האָבנדיק אין משך פון די ערשטע עטלעכע וואָכן אָפּגעשפּילט אַ ריי פאַראַנטוואָרטלעכע ראָלן, ווי „וואַסילקאָוו“ אין אָסטראָווסקים „ווילדע

געלטער", ווי „פּאַסטאָר געפּמערדינג" אין הערמאַן זודערמאַנס „הײמאַט" און נאָך אַנדערע, בין איך צו דיער אָפּיציעלער פּאָזיציע פֿון אַן „ערשטער פֿיגור" נישט זוכה געווען צו דערגרייכן. און איצט — שפּײַנדיק בײַ די שוועלן פֿון מײַן אַרויסגאַנגס־טיר און באַטראַכטנדיק דאָס לעבן אין זײַן גאַנצער גרייס און באַדײַטונג — איצט ווייס איך צו זאָגן, אַז אין מײַנע גראָדנער פּאַרדרוסן האָבן געווירקט און זיך אָפּגעשפּיגלט די „האָלדער־באָלדער" — טענער נישט נאָר פֿון אונדזער גוטן באַקאַנטן אינדיק אויפֿן גראָדנער באַנפּלאַץ אין דער גראָדנער פּאַרגליווערטער לאַקירטער בלאָטע... אויך אויפֿן פּיפּציקיעריקן מהלך פֿון גאַנצן ווײַטערדיקן לעבן האָבן אין ערגעץ און קיינמאָל נישט זוכה געווען צו טראָגן די קרוינען יענע מידות, יענע זינגער און יענע מעלאָדיעס, וועלכע שטעלן פֿאַר מיט זיך דעם אמתן תמצית פֿון קונסט: עס ווערט געפּייערט און געקרוינט דער, וואָס פֿאַרשטייט, ו י א ז ו י די „קרוין" צו דעראָבערן.

„קרוין" איז דאָ, פֿאַרשטייט זיך, נישט מער ווי אַ מעטאַפֿאָר: עס גייט אין אַלע מינים, וואַריאַנטן, פֿאָרמען, אויסדרוקן פֿון ווילטיק. אין אונדזער קאָנקרעטן פֿאַל — הוספה, דערפֿאָלג, גליק אין לייכטע פֿירמען, ערשטער וואַלס מיט דער שענסטער דאַמע אויפֿן סילוועסטער־באַל און נאָך אַזעלכע קליינע, אָבער אין אומגאַנג פֿילזאָגנדיקע מאָמענטן.

אַז דער עולם אין גראָדנער טעאַטער האָט אויפֿגענומען די וויבראַציעס פֿון מײַן צעזונגענעם געמיט — אין דעם האָב איך נישט געצווייפֿלט פֿון צווייטן ספּעקטאַקל אָן. איך האָב געשפּילט האָבנדיק דערפֿילט דעם אָפּקלאַנג אין עולם, סײַ שטייענדיק אויף די ברעטער, סײַ גייענדיק אין גאַס, סײַ זיצנדיק בײַ אַ טישל אין רעסטאָראַן אָדער אין אַ קאַפֿע־הויז. אָבער ווײַטער, האָט זיך אָט די באַציִונג פֿון עולם צו מיר נישט געאויסערט. ווײַל איך האָב קיין שריט נישט געמאַכט דעם דערפֿאָלג אין ווײַטן „אַרום" — צו קאָמירן. אין 18 יאָר שפּעטער האָט מיר אין ניו־יאָרק געזאָגט איינער פֿון די בעסטע זשורנאַליסטן און מײַנער אַ גרויסער ידיד און ווילוויגשער, אַז ער האָט חשק צו זײַן מײַן „מענעדזשער אָף פּאַבליסיטי". אויף מײַן דערשטוינטן בליק האָט ער צוגעגעבן, אַז איך מוז, אויב איך האָב בדעה זיך אײַנצובירגערן אין טעאַטער־לעבן פֿון ניו־יאָרק, אָרגאַניזירן דעם „אַרום".

און אויב אין 18 יאָר שפּעטער האָב איך אַזאַ מין ענין, ווי „אָרגאַניזירן מײַן אַרום" אויפֿגענומען מיט חוזק און אַ היפּשער מאָס רוגזה:

אויב אַפילו רעמלט האָב איך געבעטן מער זיך מיט מיר צו אַזעלכע טעמעס נישט אומקערן — איז יעדערן קלאָר, ווי אַזוי איך האָב ביי מיינע ערשטע טריט אין גראָדנע געקאָנט טראַכטן און זאָרגן וועגן אַזעלכע זאַכן.

אויפן צווייטן חודש פון סעזאָן איז דער „יוגנטלעכער אַמאַנט" געוואָרן אומבאַשטרייטבאַר — רוניטש.

אָסיפּ אילימש רוניטש איז געווען אַ לייבלעכער ברודער פון דעמלט באַקאַנטן אַקטיאָר מיכאַאיל אילימש טשערנאָוו, ביי וועלכן רוניטש האָט עטלעכע יאָר געשפּילט אין יענעמס וואַנדער־טרופּעס. טשערנאָוו איז געווען זייער אַ גוטער אַקטיאָר, אָבער ער האָט אין קיין שום נאָרמאַלער טעאַטער־אונטערנעמונג נישט געקאָנט אַרבעטן צוליב זיין אומנאַטירלעך דיקן גוף... ער האָט מחמת דעם גאַסטראָלירט מיט אַן אייגענעם אַנסאַמבל אין שטעט און שטעטלעך, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שטענדיקע סעזאָנען. פאַר עטלעכע יאָר מיטאַרבעט מיט זיין אייגענעם ברודער האָט רוניטש, פאַרשטייט זיך, געקאָנט אַנטפּלעקן זיין טאַלאַנט אין דער פולער מאָס. דאָס האָט נישט פּאַסירט. רוניטש האָט, אַרבעטנדיק ביי טשערנאָוון, מיט קיין שום „טאַלאַנט" זיך נישט אויסגעצייכנט. און די סיבה איז לויט מיין מיינונג, געלעגן אויבנאויף; ער האָט קיין טאַלאַנט נישט געהאַט! למען האמת דאַרף דאָ ווערן דערציילט, אַז ער האָט נאָכן גראָדנער סעזאָן אָנגעהויבן מאַכן אַ „גרויסע קאַריערע"; געשפּילט יאָרנלאַנג אין די בעסטע טעאַטערן: פאַרנומען זייער אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער פילם־בראַנזשע, אָבער דאָס אַלץ איז נישט מער ווי אַן אילוסטראַציע צו אונדזער אויבן געבראַכטער טעזע, אַז „דערשלאָגן זיך צו דער קרוין" איז אַ גאַנץ אַנדער אויפגאַבע ווי די „קרוין" — פּ אַ ר ד י נ ע ן!

אין גראָדנע איז נאָך ניי־יאָר פאָרגעקומען אַ קאָנקורס אויף אַ פּריז פאַר מענער־שיינקייט... רוניטש האָט פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט. איך האָב זיך אין דער „פייערלעכקייט" נישט געהאַט באַטייליקט און וועגן גאַנצן איינפאַל דערוווּסט זיך עטלעכע טעג שפּעטער, אָבער, אַז ער האָט זיך באַוויזן אין טעאַטער מיטן לאָרבערצווייג אין קלאַפּע, האָב איך באַמערקט, אַז ער האָט... אַ צעשפּאָלטענע נאָז און אומגעהויער גרויסע הענט און פיס, וואָס דאָס אַליין שליסט אויס אין מיין באַגריף יעדן סימן און יעדע שפּור וועגן שיינקייט, און נאָך מער וועגן „ראַסע".

דער היוצא מחברינו?

קליינלעכע אַמביציעס, הילכיקע, טומלדיקע, ביליקע אויסדרוקן פון כ ל ו מ ר ש ט ע ר פּאָפּולאַריטעט, דערגרייכטע דורך מיטלען און וועגן, וועלכע האָבן מיט שעפערישע אינטענצן נישט צו טאָן — ערגער: וועלכע שליסן שעפערישע אינטענצן לחלוטין אויס! — דאָס אַלץ האָט אָנגעפילט די לופט אין טעאַטער, און מיר האָט עס אַלץ פאַרסמט מיינע טעג און נעכט.

# III. ערשטע נצחונות

מיר קומען דאָ צו אַן אומפאַרמיידלעכער דיגרעסיע, וועלכע אונדזער לייענער וועט מוזן פאַרגעבן נישט צום ערשטן און נישט צום לעצטן מאָל.

*וואָס האָט געסמט מיינע טעג און נעכט?*

נישט אין פּשוטער *קנאה* צו רונישעס פּריז פאַר זיין „מענער-שיינקייט“ איז דאָ געגאַנגען. עס איז געגאַנגען אין... „האָלדער-באַלדער“ פון דעם ליבהאַרציקן אינדיק, וועלכן איך האָב דערהערט מיט *אימה* — שוין יאָרנלאַנג צוריק און אויף וועלכע עס האָט זיך אָנגעשטויסן מיין צעשפּילטע פאַנטאַזיע וועגן דער שטאָט פון עליזאַ אָזשעשקאָ און וועגן מיינע אויפגאַבן אין דער שטאָט. און ווען אַ קינסטלער-געמיט שטויסט זיך אָן אין אויסדרוקן פון דעם, וואָס פּראַקטישע מענטשן ווענדן אָן אין זייערע לעבנס-וועגן: עלנבויגנס, גראָבקייט, גיריקייט, ווערט עס איינגעשרומפּט, ווי אַ בלום אין אומדערוואַרטן קעלט-אָנגריף...

אין אַ וועלט פון אָנגעבלאָזענע אינדיקעס, צווישן די טומלען פון זייערע ווילדע קולות, לעבן יאָרטויזנטער — נביאים און דיכטער און זיי ווערן געשלאָגן און זיי ווערן גערודפט און זיי ווערן געפּייניקט... דאָס מיינט האַמלעט, דערמאָנענדיק „די קלעפּ, וואָס יעדער טויגעניכטס דערלאַנגט טאָג-טעגלעך מענטשן מיט פאַרדינסט פון הויכן ווערט“.

וואָס איז פאָרגעקומען? קאָנקרעט? פּראַקטיש?

איך האָב שוין דערציילט, אַז מיר זענען באַלד פון אָנהויב סעזאָן אויסגעפאַלן סיי פאַראַנטוואָרטלעכע ראָלן, סיי בולטע אויסדרוקן פון דערפאָלג ביים עולם... אַליץ האָט אויסגעזען ווי ס'קאָן גאָר בעסער נישט געמאָלט זיין, און עס וואָלט אַזוי געגאַנגען ווייטער, ווען נישט יענע צעקאָליעטשעטע צוגן אין מיינע באַציונגען מיט אַרומיקע מענטשן, וואָס

איך האָב פאַרן לייענער געשילדערט נאָך אין די חדר־יאָרן: קיין געמיינזאַמע שפּראַך מיט מענטשן האָב איך אין ערגעץ און קיינמאָל נישט געהאַט, נישט געזוכט און נישט געוווּסט, אַז איך דאַרף זי האָבן און געפינען. במילא, זענען מיינע דערפאָלגן געוואָרן שוין אַ מין „ביסל נאַפט" אין פייער. און אַרום מיר האָט זיך באַשאַפן אַן אַטמאָספער פון אומווילן, צו וועלכער איך האָב זיך נישט צוגעפּאַסט.

קיין קאָנטיקע אויסדרוקן פון אומווילן צו מיר זענען נישט געווען. כ'האָב שוין דערציילט, אַז חברה פלעגט מאַכן חוזק פון די און יענע אַספּיראַציעס מיינע. ווען איך פלעג פרוּוון אַנטוויקלען אַ געדאַנק, אַ טעזע וועגן דער אָדער יענער סצענע, פּיעסע, פלעגט מען עס אויסהערן מיט אַן איבערגעטריבענער פּאָזע פון „הויכאַכטונג" צום „פּראָפעסאָר", נישט האָבנדיק דעם קלענסטן אינטערעס צום עצם אַרויסגעזאָגטן... און ענדיקן פלעגן זיך אַזעלכע פאַלן אומפאַרמיידלעך מיט אַ וויץ, אַן אַנעקדאָט און אַ געלעכטער פון אַ צענדליק קאָלעגן. דערביי פלעגט אָפט נאָך אָפּהילכן אַזאַ סאַרקאַסטישער אויסגעשריי, ווי: „באַרבאַרן! מע רעדט דאָ מיט אייך וועגן קונסט! מען אַנטדעקט פאַר אייך קוואַלן פון טיפע געדאַנקען! מע פרוּווט באַרייכערן אייערע אַרסענאַלן, אָנפילן אייערע מוחות מיט בריליאַנטן, און איר לאַכט, פאַרברענט זאָלט איר ווערן, כראָפּענדיק אין אייערע נישטבאַהייצטע קעלערן און בוידעמשטיבלעך — הינטישע זין וואָס איר זענט!" און דאָ פלעגט שוין דאָס געלעכטער זיך צעגיסן אין דער ברייט און לענג פון דער גאַנצער פּראָבע — ביזן סוף...

דאָס אַלץ איז — „אַטמאָספער". לאָמיר שילדערן אַ ביסל פאַקטן!

איזוואָלסקי האָט אין אָנהייב פון סעזאָן געקוקט אויף מיר מיט אַ געוויסער אַכטונג: „דאַלמאַטאָווס תלמיד", אַפּלאָדיסמענטן בעתן אַקט אויפן צווייטן ספּעקטאַקל, סימנים פון איבערן גראָדנער דורכשניט... זיין אויג און אויער פון אַן אַלטן באַהאַוונטן טעאַטער־טוער מיט אַ „נאָז", וואָס פילט ריחות אויף אַ מהלך רב — האָבן אים אונטערגעזאָגט, אַז דאָ איז עפּעס מער סחורה ווי פאַר 40 רובל אַ חודש. ווען מיר זענען צוגעטראָטן צו די פּראָבן פון „די ווילדע געלטער" און איך האָב געמאָלדן, אַז איך וועל שפּילן „וואַסילקאָוון", רעדנדיק מיטן „אָ", ווייל ער קומט פון טשעבאָקסאַרי, האָט איזוואָלסקי (ער האָט די פאָרשטעלונג רעזשיסירט) שטרענג געמאָלדן, אַז ער עצהט מיר בעסער נישט אָנצוהייבן אַזאַ עקספּערימענט, ווייל אויסצוהאַלטן דעם אַקצענט אַלע 5 אַקטן מוז מען האָבן לאַנגיאָריקע רוטין, און איך בין אַן אָנפאַנגער, אַקאָרשט אַראָפּ

פון דער שול=באַנק. אויף דער צווייטער (ס'הייסט: ל ע צ ט ע ר!) פראָבע האָט ער דערהערט, אַז איך רעד מיטן „אָ“ און מיט אַ בייזער מינע געוואָרנט, אַז ביים ערשטן פאַל פון אָפּטרעטן און פאַרבייטן מיין „אָ“ אויף אַן „אַ“, וועט ער מיר קאַטעגאָריש פאַרווערן זיך ביי דעם צו האַלטן. אויף פראָבע איז עס דורך אָן איין פּגימהלע. ער האָט אַ קוועטש געטאָן מיט זיינע אַקסלען און נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. אויפן ספּעקטאַקל איז געווען דער דירעקטאָר ביעליאַיעוו, און איך האָב געהאַט צו פאַרצייכענען איינעם פון מיינע „טריאומפן“, וואָס האָבן דערמאָנט די גליקלעכע אָוונטן אין פּעטערבורג, אין שול...

ביעליאַיעוו האָט מיר ווידער געדריקט די האַנט און אויסגעדריקט זיין התפּעלות פאַר מיין „טעמפּעראַמענט“: „אַ פייערטאָפּ“ — האָט ער, לאַכנדיק געזאָגט: — „אויב איר זענט אין לעבן אויך אַזאַ, וועט איר דאָך אונדז אַלעמען פאַרברענען, מאַכן פאַר האָלאָוועשקעס אין איין חודש“. און דאָ נעמלעך האָבן זיך אָנגעהויבן די טעג פון מיינע ירידות: איך האָב „אין לעבן“ קיינעם — און קיין איינע — נ י ש ט ג ע ב ר ע נ ט. אַרום פלעגן אונדזערע דאַמען מיך כסדר לאָרנירן, באַפראַכטן מיט פוטערדיקע, זיסע בליקן און שמייכלען: „וואָס פאַר אַ פרימיטיווער יונג איר זענט! אַזאַ ווילדער טעמפּעראַמענט! אַזוי פיל פייער און פלאַם! מיט אייך איז אַ מורא צו בלייבן אַליין. איר קאָנט פאַרברענען, איינשלינגען, דערשטיקן... אַ? וואָס קוקט איר אַזוי מיט אויגן פון אַ שעפּס? אַן אומפאַרשטענדלעכע בריאה זענט איר“.

וועגן די עניגים וועלן מיר דעם לייענער אויך האָבן צו דערציילן פאַקטן און אַנטוויקלען דיגרעסיעס — „זכרונות און רעיונות“ — אָבער מיר האַלטן נאָך נישט דערביי. די פוטערדיקע בליקן און די זיסע שמייכלען האָבן אָנגעהויבן פון מיר צו פאַרשווינדן; די לופט אַרום מיר איז געוואָרן אַלץ קעלטער און פייכטער, פירנדיקע ראָלן — אַלץ ווייניקער; און איזוואָלסקי פלעגט אויף מיר קוקן מיט אַן איינגעהאַלטענעם שמייכל, אויב נישט פון אָפענעם חוזק, איז — לייכטער איראָניע. אפשר איז עס געווען פשוט אַ נויטווענדיקייט איינצוהאַלטן זיין אויטאָריטעט ביי דער מערהייט?

איך בין פון מיין אופן אַחבעטן, — זוכנדיק, „ברענענדיק“ און „מאָטיווירנדיק“ („כאַ=כאַ=כאַ!“) — נישט אָפּגעטראָטן אויף אַ האָר, און עס האָבן זיך כסדר אָפּגעשפּילט עפּיזאָדן, וועלכע אויסמיידן אויף די עמודים וואָלט געווען אַ חטא.

מיר האָבן רעפּעטירט אַ שטיק, וואָס איז דעמלט געווען אַ שלאָגער אין גאַנץ אייראָפּע „ט יי פ ו ן"!

דאָס איז געווען אַן אָפּקלאַנג פון ווילהעלם דעם צווייטנס אַרויסגעזאָגטן ווערטל וועגן דער „געלער געפאַר", וועלכע דראָט אייראָפּע... „טייפון" איז געווען אָנגעשריבן אין צוויי רעדאַקציעס — אַ פראַנצויזישער און אַ דייטשישער (אפשר — אַ דייטשישער און אַן ענגלישער), וועלכע מ י ר האָבן געשפּילט אין גראָדנע — געדענק איך נישט, אָבער דער ספּעקטאַקל איז געווען פון די קולמינאַציע־פּונקטן אין סעזאָן לויט דער פּאָפּולאַריטעט פון עצם ווערק און לויט דער ערנסטקייט, מיט וועלכער מען איז עס צוגעטראָטן צום פאַרווירקלעכן.

די הויפּט־ראָלע — „טאָקעראַמאָ" — האָט געשפּילט סויפער, באַשעפטיקט איז געווען דער גאַנצער פערסאָנאַל אָן אויסנאַם. מיר איז אויסגעפאַלן צו פאַרקערפּערן אַן עלטערן יאַפּאַנער מיטן נאָמען: „יאָשיקאַוואַ". פון דער ערשטער פּראָבע האָב איך זיך געפילט ווי אין אַ פרעמדער הויט. אין מיין פאָרשטעלונג זענען יאַפּאַנער למען השם — קליינוווקסיקע, מאָגערע מענטשעלעך, מיך האָט געדריקט מיין פיגור, און איך האָב געזוכט אַ וועג ווי אַזוי צו ווערן ווייניקער „אימפּאָזאַנט", מאַקסימאַל באַוועגלעך, פלינק: האָב איך געפרווט אַרומגיין מיט קליינע טריטלעך, רייבן מיט די שפּיצן פינגער דאָס „בערדל", (וואָס וועט זיין אינאָוונט, דערהוויל האָב איך געריבן מיין קין). די אַלע מאַניפּולאַציעס האָבן אַרויסגערופן אַרום מיר ביי די איבעריקע „יאַפּאַנער" אַ לוסטיקע שטימונג. בעתן איבעררייס האָט דער קאָמיקער פורסאָוו דערציילט עפּעס אַ פריילעכן אַנעקדאָט, פון וועלכן אַלע אָן אויסנאַם האָבן הילכיק געלאַכט, אין גאַנג פון די ווייטערדיקע אַקטן האָט מען געלאַכט איינגעהאַלטן, אָבער אין מיטן דער אַרבעט נישט אויפגעהערט מיט מימישע אַנדייטונגען צו דערמאָנען פורסאָווס אַנעקדאָט... איך האָב זיך געהאַלטן פעסט אין דער געשטאַלט פון מיין אַלטן יאָשיקאַוואַ. אַזוי האָט די פּראָבע זיך פאַרענדיקט און מען איז אַוועק עסן מיטאָג. אינאָוונט פאַרן ספּעקטאַקל אין די גאַרדעראָבן האָט מען ביסלעכוויים געלאַכט. בעתן 3־טן אַקט אויף דער בינע האָט עמעצער אַ ווונק געטאָן אויף פורסאָוון, אַ צווייטער אויף מיר, עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן איינגעהאַלטענער געלעכטער, וועלכער איז פון פּראַזע צו פּראַזע געוואַקסן און אַרומגעכאַפּט ווי אַ היסטערישער אויסברוך אַלעמען, ביז דער הויפּטגעשטאַלט „טאָקעראַמאָ" אינקלוזיוו.... מיט אַלעמען צוזאַמען האָב איך זיך צעלאַכט... דאַן

איז די געלײַכטער־ספּאַזמע געוואָרן אַזאַ, אַז מען האָט געמוזט אַראָפּלאָזן דעם פֿאָרהאַנג.

עס איז געקומען צולויפֿן דער הויפּטרעזשיסער איזוואָלסקי. ער איז געווען בלייך ווי אַ טויטער, געציטערט פֿאַר אויפֿרעגונג און געמאָלדן, אַז שולדיק אין דער קאַטאַסטראָפֿע בין איך, און אַז ער וועט וועגן דעם, פֿאַרשטייט זיך, מודיע זיין דער טעאַטער־געזעלשאַפֿט אין מאָסקווע.... דערווייל, אָבער, בעט ער פֿאָרזעצן דעם איבערגעריסענעם אַקט און באַפֿעלט מיר זיך פֿאַרהאַלטן אַזוי, אַז מענטשן זאָלן קאָנען טאָן זייער אַרבעט...

דערקלערן וואָס מיט מיר האָט זיך געטאָן, האַלט איך דאָ פֿאַר איבעריק; קיינע „רעיונות“ וועל איך דאָ נישט פּרוּוון אַנטוויקלען. דערהערנדיק דעם אויסרוף: „פֿאָרהאַנג!“, האָב איך פֿאַרגעסן וואָס עס טוט זיך אין גראָדנער טעאַטער און זיך אַוועקגעטראָגן אַהין, ווּו עס האָט געלעבט און געווירקט מיין „יאָשיקאַווע“...

אָבער נאָכן ספּעקטאַקל, האָבנדיק אַראָפּגענומען פֿון מיין קין דעם „אַלטן יאַפּאַנערס“ בערדל, האָב איך זיך אין דער גאַרדעראָבע פֿאַרן שפּיגל ביטער אויפֿן קול אַזוי צעוויינט, אַז עטלעכע קאָלעגן זענען זיך צונויפֿגעלאָפֿן... מען האָט מיך ווי עס איז באַרויִקט.

איך האָב געוווינט צוזאַמען מיט אַ יונגן שוישפּילער אַרדי, אַ זון פֿון דער זייער טאַלאַנטירטער אַרטיסטין אַרדי־סוויעטלאָוואַ. שוראַ אַרדי איז יענעם ווינטער געווען מיין טרייסט און מיין אָנלען, הגם אַליין איז ער געווען אַן אויסגעשפּראָכענער ציניקער, אָבער צו מיר האָט ער אַרויסגעוויזן בלויז האַרציקייט און סימפּאַטיע. איך וועל דאָ נישט פֿאָרשן די גענויערע סיבות פֿון זיין באַציונג צו מיר. איינע פֿון זיי איז אָן ספֿק דער פֿעסטער כּלל, וואָס זאָגט, אַז „Les éxstremés se touchent“ (עקסטרעמען טרעפֿן זיך צונויף). זייענדיק צוויי עקסטרעמען, זענען מיר אָבער געווען צוויי נאַטורן, וועלכע זענען פֿון די „האָלדער־באָלדער־געשטאַלטן“ געווען אין דער זעלביקער מאָס דערווייטערט און פֿרעמד. איך — אַן אומהיילבאַרער בעל חלומות און טיפּש, ער אַ פּקח און ניכטערער פּראַקטיקער, האָבן מיר, אָבער, ביידע געהאַט צו טעאַטער די זעלביקע באַציונג: ערנסטקייט און גייסטיקייט.

מיר האָבן געלעבט ווי צוויי גופֿים מיט איין נשמה. צוזאַמען געלאַכט און זיך געפֿרייט — איבער דער שיין פֿון באַגינענס, בלייכ

שטראַלן פון דער לבנה, געריוש פון די כוואַליעס אויפן ניעמאַן, קאָמישע סצענקעס אין גאַס, אויפן מאַרק, איבער מיין אַפּעטיט, איבער זיינע פּלירטן... ער האָט זיך פאַרליבט אין איינעם פון די שוישפּילערס אַ יונגער פרוי, פלעגט ער נעבעך אַרומגיין, זיפצן, אָכצן און שיעור נישט זינגען ראָמאַנסן און שרייבן סאָנעטן. און אַלץ כשר און „קויש“ ווי אַ פרישער אתרוג. דערוועסט זיך אָבער מיין שורע מיטאַמאָל, אַז דער געזעצלעכער האַר און באַפעלער פון זיין הייסבאַגערטער, אַוועקגייענדיק צום ספּעקטאַקל, פאַ ר ש ל י ס ט דאָס ווייבל אין שטוב... ווערט מיין שורע מלא רוגזה און ביי דער ערשטער געלעגנהייט, ווען יענער איז אויף דער בינע, שלעפט ער אַרויס ביי אים פון קעשענע דעם שליסל, קוועטשט אויס אין וואַקס די פורעם, מאַכט אַן אייגענעם שליסל און דערשיינט פאַר זיין באַגערטער, ווען זיי בייידן גלוסט זיך. „זיי נישט, געזעצלעכער האר, קיין פאַרד! ביסטו אַ פאַרד, מוזטו זיך מטריח זיין ווערן אַ שוטה“.

בעת מיר האָבן אָנגעהויבן מאַכן פּראָבן פון „מאַריאַ סטיואַרט“, האָבן מיר זיך אַזוי אַריינגעלעבט אין ווייסן פערז, אַז מיר פלעגן רעדן אין ריטמישע זאַצן צווישן זיך אין לעבנסאומגאַנג, דהיינו:

— דערלאַנג וואָס גיכער מיר אַהער דעם האַנטוך!

— און ווו האָסטו אַהינגעטאָן מיין זייף?

— ס'איז קאַלט די טיי, די בולקע איז פאַרטריקנט.

— מיט גרינעם שימל איז באַדעקט די ווורשט!

— צייט גיין אויף פּראָבע! ס'וואַרט אויף אונדז איזוואָלסקי!

— קירסאַנאָוואַ וועט ווערן אויסער זיך,

— און רונימש וועט זיך בלאָזן ווי אַן אינדיק...

אַמאָל, לויפנדיק צו פּראָבע און שרייענדיק אַזוי די פערזן, האָב איך נישט געקאָנט פאַרענדיקן אַן אָנגעהויבענעם פערז און געבליבן שטיין אינמיטן גאַס. שורע האָט זיך פון צווייטן טראָטואַר אויסגעדרייט און הערזענדיק מיין פאַרלעגנהייט, אויסגעשריגן: — טראַ=טאַ, טאַטאַ, טאַטאַ, טאַטאַ —

און מיר זענען אַוועק מיט שנעלע טריט צום שטאָט=טעאַטער.

נאָך דער מעשה מיט דער געלעכטער=קאַטאַסטראָפע האָט מען מיך אויפגעהערט פאַרפאָלגן מיט די חוזק=געענג. אָבער מיין לעבן איז נישט

געוואָרן לייכטער, ווייל דאָס בייז האָט געשטעקט אין דער לופט פון דער גראָדנער אַרבעט.

מאַכט זיך אַזאַ מעשה: מע רעפּעטירט אַן אַלטע פּראַנצויזישע מעלאָדראַמע „אַ גערעכטס-פעלער". דאָס שטיק האָט אַ פּראָלאָג, וועלכער קומט פאָר מיט אַ יאָר 20 פאַר דער האַנדלונג. אין פּראָלאָג שפּיל איך אַ „פאַלקאָווניק" פון אַ יאָר 40, וואָס איז שפּעטער אַ „מאַרקיז" — פאַרשטייט זיך, פון אַ יאָר 60. כל זמן מיר האָבן רעפּעטירט דעם „פאַלקאָווניק" איז אַלץ געגאַנגען כשורה. אָבער בעתן ערשטן אַקט, קוקנדיק ווי איך רעפּעטיר דעם „מאַרקיז", האָט מיך איזוואָלסקי מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט:

— וואָס מאַכט איר פאַר אַ באַוועגונגען פאַרביי דער נאָז? אין פּראָלאָג זענט איר געווען אַ מענטש מיט מענטשן גלייך, און דאָ מיטאַמאָל עפּעס אַזעלכע אומגעריכטע סיורפּריזן... איר קאָנט נישט זיין ווי מיר אַלע אַרום?

— ניקאָלאַי וואַסיליעוויטש — האָב איך אָנגעהויבן מיט האַרצקלאַפּעניש, פּילנדיק, אַז איבער מיין אָרעמען קאָפּ הענגט שוין אַ וואָלקן — אין פּראָלאָג האָב איך געדאַרפט באַווייזן אַ 40-יעריקן מיליטערמאַן, וואָס גייט מיט פעסטע טריט, רעדט באַפעלעריש און קורץ, קוקט שטרענג און ווירקט אַנטשלאָסן און אומאָפּרופלער...

— גאַנץ ריכטיק — זאָגט מיין רעזשיסער — נו און וואָס איז איצטער?

— איצט האָבן מיר צו טאָן מיט אַ צעבאַלעוועטן אַלטן אַריסטאָקראַט, די געשטאַלט איז אַ קאָמישע, זיינע באַוועגונגען — וואַקלענדיקע, זיין אופן פון רעדן — פון אַ שלאַפן זקן...

— המ... — גיט איזוואָלסקי אַן אומצופרידענעם שאָקל מיטן קאָפּ

— המ... און צו וואָס מאַכט איר די אומנויטיקע באַוועגונגען מיט די פינגער אַרום דער נאָז?

— ניקאָלאַי וואַסיליעוויטש — זאָג איך שוין מיט אַ געוויסער מאָס אויפרעגונג: ער טראָגט דאָך אַ פּראַנצויזישן קאַפטאַן מיט זשאַבאָ און האַלט אין האַנט אַ לאָרנעט. אין דעם קאָסטיום אָן אַ לאָרנעט איז סתם נישטאָ וווהין די הענט אַהין צו טאָן...

— ווּנדערמאַן! — זאָגט דער רעזשיסער מיינער — קודם כל קאָכט זיך נישט, היט אָפּ אייער געזונט. און צווייטנס — קריכט נישט אין

אַ פרעמדן ווייַנגאָרטן אַרייַן! לאָרנעט איז אַן ענין פאַר קאָמיקער, איר שפּילט אַ רעזאנער און האָט מיט לאָרנעטן נישט קיין שייכות...

ווי אַזוי די פּראָבע האָט זיך פאַרענדיקט — געדענק איך נישט. קיין לאָרנעט האָט מיר דער רעקוויזיטאָר אין אָוונט נישט געגעבן. ווי האָב איך אַהינגעטאָן די הענט מייַנע? דעם „אַלטן מאַרקיזס" הענט? — ווייס איך נישט.

לאַנגע טעג האָב איך געטראַכט און געזוכט און געפאָרשט: פון וואַנען נעמט זיך אויף דער וועלט אַזאַ באַהויפטונג, אַז... „רעזאָנערן האָבן נישט קיין שייכות צו לאָרנעטן"? מיין יונגער מאָרד האָט זיך נישט באַרואיקט ביז דער שכל האָט זיך דערגרונטעוועט. דער באַרימטער מאַריוס פּעטיפּאַ האָט מיט גלאַנץ און נישט איבערגעשטיגענער מייסטערשאַפט געשפּילט אין שיללערס „אינטריגע און ליבע" די ראָלע פון „הויפמאַרשאַל פאָן־קאַלב". אַ גאַמע פון שטימונגען, אַ סימפאָניע אין דער כאַראַקטעריסטיק פון דער געשטאַלט און אין דער דינאַמיק פון דער האַנדלונג פלעגט פּעטיפּאַ אַרייַנטראָגן, שפּילנדיק מיט דער לאָרנעט... אין פּראָווינציאָנעלע טעאַטערס פלעגן „פאָן־קאַלבן" שפּילן — קאָמיקער! און יעדער קאָמיקער האָט — לויט זייַנע כוחות, פאַרשטייט זיך — נאָכגעמאַכט און נאָכגעקרימט דעם גרויסמייסטער... זענען פון דעמלט אָן מאַניפּולאַציעס מיט לאָרנעטן געוואָרן אַן אָנגענומענער און ברייט־פאַרשפּרייטער קער ביי אַלע קאָמיקער און זייער אומבאַשטרייטבאַרע חזקה.

דערפון נעמט זיך ביי מיין גראַדנער רעזשיסער די פעסטע „איבערצייגונג", אַז אַ רעזאָנער, וועלכער וויל האַלטן אין האַנט אַ לאָרנעט, טראָגנדיק אַ פראַנצויזישן קאָסטיום פון 18־טן יאָרהונדערט, — „קריכט אין אַ פרעמדן ווייַנגאָרטן".

אַזוי האָב איך געלעבט, אַזוי געזאָלט „שאַפן", אַזוי — דינען מיין אידעאַל...

צום סוף פון סעזאָן איז נאָך געבליבן אַ וואָך 7, און איך האָב געפילט, אַז אויסהאַלטן ביזן סוף וועט מיר קיין כוחות — נישט קלעקן.

אַ געוויסע אויסלייטערונג, צעשטרייונג האָבן אַרייַנגעבראַכט — גאַסטראָלן: פון ווילנע איז געקומען סאַראַנטשאָווא, שפּעטער איז פון פּעטערבורג געקומען גריגאָרי גריגאָריעוויטש ג ע — דער מחבר פון עטלעכע גאַנגבאַרע טעאַטער־שטיקער, ווי — „טרילבי", וואָס פלעגט דעמלט געשפּילט ווערן אין יעדן טעאַטער יעדן סעזאָן און מאַכן אַן

איינדרוק אויף יאָרן. געהאַט אין גראָדנע אויך געשפּילט די עפּעקט=
פולע ראָלע פון „סווענגאלי“ און געמאַכט אויף מיר אַ סך אַ קלענערן
איינדרוק ווי אַמאָל ביי ניעזלאָבינען — ניעראָנאָוו, און מיט 2 יאָר צו=
ריק ביי סמראָיעוון, בעת די ווילנער גאַסטראָלן — ראָלמאַטאָוו. דאַקעגן
האָט אויף מיר ג ע אַ שטאַרקן איינדרוק געמאַכט אין זיין צווייטער
פּיעסע: „טויט=שטראָף“... אין דער פּיעסע האָט איבער גאַנץ רוסלאַנד
„געדונערט“ ראָבערט אדעלהיים, שפּילנדיק די ראָלע פון „גאָדדא“. זיין
דערפאָלג האָט באַזירט, משמעות דער עיקר, אויף די עטלעכע פראַנצוי=
זישע שאַנסאָנען, וועלכע אדעלהיים האָט אויסגעפירט מיט דער מייס=
טערשאַפט פון אַן אמתן ווירטואָז אויף דעם געביט. ג ע אַליין, שפּילנ=
די ראָלע, האָט זיך אין הינזיכט שאַנסאָנען צו אדעלהיימען אַפילו נישט
דערנעענטערט, אָבער די עצם געשטאַלט האָט ער געשפּילט אַזוי אי=
בערציינגעוודיק, אַזוי פילפאַרביק, מאָלנדיק דעם גאַללישן ריטער און באַ=
וויזנדיק ווער און וואָס עס איז „גאדדא“ — אין זיין תוך, מיט זיין ברען
און פאַרגעם, אַז אַדעלהיים האָט זיך, לויט מיין מיינונג, מיט אים אַפילו
נישט געקאָנט פאַרגלייכן... אָבער איך בין מיט מיין דאָזיקער מיינונג גע=
בליבן, ווי ענגלענדער זאָגן אין אַזעלכע פאַלן: אין „ספּלענדיד איזאָ=
ליישן“ — נישט צום ערשטן און נישט צום לעצטן מאָל אויף מיינע לעבנס=
וועגן בכלל און אין פראַגן פון קונסט — בפרט.

מיטן פּעטערבורגער גאַסט האָב איך זיך געפילט, ווי פרישע ווינטן
וואָלטן אַראָפּגעבלאָזט פון מיר דעם שטויב און מיסט פון די 3 חדשים.
מיר איז פאַרגעשטאַנען אַ נאָך מער שטאַרקערן סיורפּריז, אָבער איך
מוז דעם לייענער אַריינפירן אין די פּאָר וואָכן פון „ראָזשדיעסטוואָ“
1910 ביז „קרעשטשעניע“ 1911 (26 דעצעמבער — 6 יאַנואַר), וועלכע
מיר האָבן פאַרבראַכט אויף גאַסטראָלן אין קאָוונע.

די געענדערטע אויסערלעכע באַדינגונגען, די צימערן אין האָטעל,
דער נייער עולם — האָם האָט אַלץ אָן ספק אַזוי ווי אָפּגעפרישט מיין
געמיט און אויף קורצע טעג איז פאַרשווונדן מיין מרה=שחורהדיקער
צושטאַנד, וועלכער האָט מיך באַהערשט אין גראָדנע. און — ווי מיר
האָט דעמלט געשיינט — אויף אַ ל ע מ אָ ל באַהערשט. עס זענען
עפּעס אַנטשטאַנען נייע איינדרוקן, עס האָבן געקלונגען כמו נייע טענער
אַרום...

איך מוז דערציילן קורץ און שאַרף, אַז איך האָב שוין מיט וואָכן
פריער געהאַט אָנגעשריבן אַ בריוו צו טאַטע=מאַמען, אַז איך האָב זיך

אין טעאַטער אַנטוישט, אַז מיין אָרט אין לעבן האָב איך דאָרטן נישט געפֿונען און אַז איך מוז זוכן אַן אַנדער אָרט און ווייס נישט דערווײַלע וווּהין צו ווענדן מײַנע בליקן...

אין קאָוונע, ווי געזאָגט, בין איך געוואָרן אין אַ געוויסער מאָס מער אָפּטימיסטיש געשטימט. מיך האָט דערוואַרעמט אַ צופֿאַל בעת די פּראָבן פֿון אַ נייער אויפֿפֿירונג. אין גאָרדינס „דער אומבאַקאַנטער" — („ליבע און טויט") האָב איך געשפּילט דעם אַלטן „אשכנזי". די ראָלע האָט אַקצענטן פֿון שטאַרקן דראַמאַטיזם, און איך האָב געפֿירט די פּראָבע זייער אינטענסיוו. ווי אויבן איז שוין דערציילט געווען, האָבן זיך די גענגעלעך פֿון גרינגשעצונג און חוזק לגבי מײַנע „מאָטיווירונגען" מער נישט אָפּגעשפּילט. איך האָב אויך די פּראָבן פֿון גאָרדינס פּיעסע געפֿירט אומגעשטערט, קאָנצענטרירט און פֿאַרטיפֿט אין מיין אויפֿגאַבע. אין סוף פֿון 2 אַקט שפּילט זיך אָפּ אַ סצענע, ווען דער אַלטער קריגט אַ האַרצשלאַק און ווערט פּאַראַליזירט... איך האָב דערפֿירט דערצו, אַז פֿון אַרום האָט מען זיך צו מיר אַ וואָרף געטאָן אין דער איבערצייגונג, אַז מיך האָט דער שלאַק געטראָפֿן אויף אן אמתן. אַז איך האָב זיך אויפֿגעהויבן פֿון אָרט, האָב איך דערזען דערשראָקענע פּנימער אַרום און אויסרופֿן מיט פֿאָרוווּרף: „ווי קאָן מען אַזוי מאַכן פּראָבע! ס'וועט דאָך אײַך נישט קלעקן קיין כּוחות אויף 2 יאָר, אויב איר וועט זיך נישט שוינען"... איך געדענק באַזונדערס רוגינשן יענעם פּרימאָרגן. נישט ביז דעם צופֿאַל, נישט שפּעטער האָב איך אים נישט געזען אין אַזאַ טיף אויפֿגערעגטן צושטאַנד. דערבײַ האָט ער מיר נישט געזאָגט קיין איין וואָרט, בלויז מיט שטוינונג און פֿאָרוווּרף מיך אָנגעקוקט, געשאָקלט פֿאַרנייגנדיק מיטן קאָפּ און אַזוי זיך דערווײַטערט. אָבער מיין שטימונג איז געווען פֿון דער סצענע עטלעכע טעג ווי אָנגעזאַפּט מיט אַ פֿריש געפֿיל פֿון שעפֿערישן בלי און וווּקס.

פֿונדעסטוועגן בין איך נאָך אַלץ געווען דורכגעזאַפּט מיט די שטימונגען פֿון „האָלדער־באָלדער" און ס'האָט אויסגעזען, אַז דאָס וועט שוין קיינמאָל נישט פֿאַרשווינדן...

ווי אַזוי זשע זאָל איך לעבן אויף דער וועלט?

עס האָט יאוש אָנגעהויבן פֿרעסן מיין האַרץ. איך האָב אָנגעהויבן טרינקען בראָנפֿן, שכּורן! עס האָט געדויערט נישט לענגער ווי עטלעכע טעג און — פֿאַרשוווּנדן אויף אייביק. אָבער אין קאָוונע אַרום ניי־יאָר

1911 זענען אַזעלכע עטלעכע טעג אין מיין קורריקולום וויטע געווען און איך געדענק זיי. און איך געדענק אַזאַ נאַכט: נאָכן ספּעקטאַקל זיץ איך בייגאַנד מיטן סופלער, אַ האַרציקער מענטש פון אַ יאָר 33, פון דער אָקע (זיין נאָמען פאַרגעסן, כאָטש טו זיך אַ מעשה אָן!). מיר זיצן... אין שניי אויף אַ גרויסן בולוואַר, איך האַלט אין האַנט אַ ליידיקן כוס, ער זויגט פון פלאַש די לעצטע טראָפּנס „אָקעוויט” און טענהט מיט אַ טאָן פון אַ „קלאָגמוטער”:

— אוי, אבראשקא, האַרציקער ידו מיינער! ביסט געוואָרן אַ שכור... פון ווייטיק פאַר דער קונסט, אַ טרויער איז מיר! דאָס איז אַ זיכערער וועג צו ווערן אַן אומהיילבאַרער אַלקאָהאָליקער ביזן קבר. צענדליקער און הונדערטער אַזעלכע פאַלן האָבן מיינע אויגן שוין געזען... ווי איז צו מיר און ווינד!

— גיטשעוואָ — האָב איך געטענהט, וואָיענדיק ווי אַ ביעלוגע איבערן וויסטן בולוואַר, זיצנדיק אין טיפן שניי: גיטשעוואָ! איך בין אַ גוטהאַרציקער! איך וועל אַלץ אַלעמען פאַרגעבן און וועל קיינעם קיין שלעכטס נישט טאָן.

און שטראָמען טרערן האָבן זיך געגאָסן פון מיינע אויגן, און דער חבר האָט זיי געווישט פון פּנים מיינעם מיטן אַרבל און צוזאַמען מיט די הייסע טרערן האָב איך געפילט אויפן פּנים דעם קאַלטן שניי, און ס'איז מיר געווען ווויל ווי די וועלט.

ווי אַזוי און ווער האָט אונדז יענע נאַכט אַוועקגעפירט פון בולוואַר אין האָטעל אַריין ווייס איך לחלוטין נישט, נאָר אַז איך בין איבערהפּרי אויפגעשטאַנען, האָב איך אויפן טיש דערזען אַ בריוו, אָנגעשריבן מיט מיין האַנט...

איך האָב יענע נאַכט געשריבן צו עמעצן (אָן אַ ווענדונג), אַז לעבן מער קאָן איך נישט און כ'וויל נישט, ווייל איך ווייס נישט וווהין צו ווענדן מיינע בליקן און ווער מיך דאַרף האָבן...

מיט אַלץ, וואָס איך האָב שיכורערהייט אָנגעשריבן, בין איך מסכים געווען, אָבער... אָנטאָן זיך אַ מיתה האָט איך אין ניכטערן מצב נישט געפונען פאַר אַן אויסוועג פון מיין גרוב.

דעם בריוו האָב איך אַריינגעלייגט אין אַ קאָנווערט, פאַרקלעפּט און אַריינגעלייגט אין אַ בוזים־קעשענע, טראַכטנדיק, אַז אויב אַזוי וועט ווייטער גיין מיין לעבן אין טעאַטער, וועט עס זיך מ ו ז ן פאַרענדיקן

אַזוי ווי און בדיוו האָט פאַרשריבן די שיכורע האַנט אין יענער שיכורער ווינטערנאַכט...

די גאַסטראָלן אין קאָוונע זענען דורכגעגאַנגען ביז דער געזעגענונגס־פאָרשטעלונג. מיר האָבן געשפּילט „ליבע און טויט". נאָכן ערשטן אַקט, גייט אַריין אין גאַרדעראָבע דער קאַפּעלדינער פון פּאַרטער און מעלדעט מיר, אַז אַ דאַמע פון פּובליקום האָט געפרעגט מיין אַדרעס. אויסהערנ־דיק, אַז איך האָב נישט די געוווינהייט צו געבן דאַמען מיין אַדרעס, איז ער אַוועק און אין 3 מינוט אַרום זיך אומגעקערט.

— די דאַמע בעט, איר זאָלט נאָכן 2־טן אַקט, בעת דער פאָרהאַנג וועט זיך הויבן צום אַפּלאָדיסמענטן, אַ קוק טאָן צו דער 2־טער ריי נעבן דורכגאַנג.

אין 2־טן אַקט שפּיל איך די שוין באַשריבענע סצענע פון אַלטן אַשכנזים הארצשלאַק, די אַפּלאָדיסמענטן האָבן געדויערט מינוטנלאַנג, דעם פאָרהאַנג האָט מען געהויבן עטלעכע מאָל... איך גיב אַ קוק צום דורכגאַנג נעבן 2־טער ריי און זע: מיין מוטער! צוזאַמען מיט מיין קוזינע, נאַדיע געהמייזע, איז זי געקומען קיין קאָוונע אַ קוק טאָן וואָס הערט זיך מיט איר בן יחיד... ווי לעבט ער? און... וואָס איז ער סוף כל סוף פאַר אַן אַקטיאָר?

דאָ איז שוין אפשר צייט ארויסצוזאָגן די סברה, אַז טיף אין האַרצן איז מיין מאַמע פון דעם גאַנצן ענין „אַקטיאָרסטווע" ביי אַלע שווערע קאָליזיעס און טיף דראַמאַטישע איבערלעבונגען נישט געווען, — ווי זאָל מען עס זאָגן? — „שאָקירט" (ווי עס איז געווען דער פאָטער און אַלע קרובים און מקורבים). מיין מאַמע איז אַליין געווען אַ פאַרלוירן־געגאַנגענע ג ר ו י ס ע אַקטריסע. אפשר וועט זיך ווער פון די לייע־נער מטריח זיין אַ בלעטער טאָן אונדזער ערשטן טייל, אַריינקוקן אין קאַפּיטל „נאָקטיורנען"? דערהערן ווי אַזוי די מאַמע מיינע גיסט אויס איר פאַרביטערט האַרץ אין שטילע לידער וועגן מענטשלעכן פיין; און שפּעטער, ווי אַזוי זי האָט אויפגענומען מיינע איינדרוקן פון טעאַטער! לייענענדיק יענע שורות וועגן מיינע יאָרן נאָך „אונטער דער מאַמעס פאַרטעך", וועט שוין ווערן קלאָר, אַז אין קאָוונע פון דער 2־טער ריי ביים דורכגאַנג האָט ,צו דער בינע געקוקט נישט פשוט אַ מאַמע און אַוו־דאי נישט אַ געוויינטלעכע שוואַרץ־סוחרטע... צו דער בינע אין קאָוונע יענעם אָוונט האָט געקוקט אַ פּרויענוועזן, וואָס האָט איצט פאַרשטאַנען,

אַז זי האָט איר לעבן פֿאַרשפּילט, זייענדיק פֿאַרזונקען אין די גרובן פֿון יענעם פֿינצטערן קיום, און איר זון האָט זיך מיטן כּוח פֿון צעשפּילטן קינסטלער־גייסט פֿון דאָרטן אַרויסגעריסן און איז אַוועק מיטן שליאַך, וואָס וואָלט ביי אַנדערע אומשטענדן געווען אויך א י ר לעבן, אויך א י ר וועג, אויך א י ר פֿרייד, נסיון און נצחון.

האָט זי געקוקט, בתיה־רבקה מנקר, די 100 פּראָצענטיקע „מירעלע אפֿרת" — פֿון ווילנער „גלעזער־גאַס", האָט זי געקוקט, דערזען די געשטאַלט פֿון „אַלטן אשכּנזי", וועלכער איז טראַגיש איינזאַם צווישן צענדליק קינדער און אייניקלעך... ווי מיט „אַ כּיוון", צוליב איר קומען קיין קאָוונע, זאָל דער ספּעקטאַקל ווערן אויפֿגעפֿירט — אַזוי צוגעפּאַסט פֿאַר איר — דער אינהאַלט פֿונעם שטיק...

די סצענע פֿון הארצשלאַק האָט מיין מאַמען דערשיטערט לפּחות גישט ווייניקער ווי מיינע קאָלעגן בעת די פּראָבן. אויב רוגיטש איז, ווי אויבן דערמאָנט, געווען אויפֿגעטרודערט אין אַזאַ מדרגה, קאָנען מיר זיך לייכט פֿאָרשטעלן, וואָס מיין מאַמע האָט דורכגעלעבט די פּאָר מינוט, ווען צו „אַשכּנזי" גיבן זיך אַ וואָרף פֿון אַלע זייטן זיינע דערשיטערטע קינדער. דערמיט אָבער שליסט זיך דער אַקט, דער פֿאָרהאַנג פֿאַלט, פֿון עולם דונערן אַפּלאָדיסמענטן, דער פֿאָרהאַנג הויבט זיך צוריק, און די דערשיטערטע מאַמע דערזעט איר איינציק קינד — פֿריש, גאַנץ, געזונט שטייט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ אונטערן האָגל פֿון דער אָוואַציע, וואָס אים מאַכן די צושויער, ווענדנם הערציער עם קלאַפּן מיט פֿרייד, מיט גענוס, מיט התפּעלות... דאָ פֿייערט נ צ ח ו ן די ריינע קונסט אין איר דערגרייכונג צו די הערצער, וואָס פֿלאַקערן אין הייליקן ברען פֿון אירע שטראַלן.

און אין דער 2־טער ריי נעבן דורכגאַנג זיצט... אַן אַנטציקטע צושויערין, אַ דערשיטערטע — דערשראָקענע און שוין גליקלעכע — מאַמע, זיצט אַ פֿאַרלוירן־געגאַנגענע גרויסע אַקטריסע, וועלכע האָט דערזען, וואָס זי האָט פֿאַרלוירן און וואָס איר זון האָט דורך שווערע נסיונות איר איצט אָט דאָ אין קאָוונער טעאַטער אומגעקערט.

פֿון קאָוונע איז מען געפֿאָרן צוריק קיין גראָדנע. אין דער לופֿט איז שוין געשטאַנען די שטימונג פֿון זיך דערנעענטערנדיקן ס ו ף.

מיט אָט דעם געפֿיל האָב איך געשלעפּט מיין יאָך אין גראָדנע נאָך די קאָוונער גאַסטראָלן. מיך האָט נישט געפֿרייט די נאָענטקייט פֿון סוף צוליב דער שאלה: „וואָס ווייטער?".

דאָס האַרץ האָט ביי מיר פּולסירט אונטערן צייכן פון „שיכורן בריוו“, וועלכער איז פון יענער נאַכט ש ט ע נ ד י ק געלעגן אין מיין בוזעם-קעשענע.

און איין מאָל, קומענדיק אין דעם צושטאַנד אין טעאַטער, האָב איך:

— צו אונדז קומט אויף 2 וואָכן גאַסטראָלירן — ט אַ ט אָ נ ט ד אַ ל ס ק י!

# IV. מיט מאַמאָנט דאַלסקי

„קונסט — דאָס איז די האַריקע בריאה פון לײדנשאַפטן“
א. ר. קוגעל

די פאָר װאָכן מיט דאַלסקין שטעלן פאָר מיט זיך אויפן גאַנצן דויער פון לעבן אַ מאָמענט, װאָס האָט זיך מער נישט איבערגע־חזרט און משך פון די װײַטערדיקע כמעט 50 יאָר און האָט אודאי נישט געהאַט זײַנס גלײַכן פאַר די קנאַפּע 5 יאָר טעאַטער ביז גראָדנע —

אַ מאָמענט, אַלזאָ, — אַן אײנציקער!

אין װאָס באַשטײט די „אײנציקײט“ פון אָט דעם מאָמענט? צװ ײ ו א כ ן — אויפן פאָן פון אַ האַלבן יאָרהונדערט! דורך װעלכע בליצן זענען זײ באַלויכטן געװאָרן צו שײנען אומאויפהערלעך אויפן גאַנצן װײַטערדיקן לעבנסװעג מײַנעם?

איך האָב ביז דאַלסקין געזען אַקטיאָרן, װעמעס װירקונג אויף מיר האָט אויסגעפילט אַ האַלבן ב אַ נ ד פון מײַנע זכרונות און אַרויסגע־רופן רעיונות אויף אַ סך צענדליקער פון מײַנע פריערדיקע עמודים... האָט דאַלסקין געלונגען צו פאַרטונקלען אַלץ, װאָס מיך האָט פריִער גע־האַט אַרײַנגעפירט אין די העכסטע היכלות פון טעאַטער? האָט דאַלסקי אָפּגעװישט די אײַנדרוקן — פון סטאַניסלאַװסקיס „שטאָקמאַן“? פון קאַקלענס „פיראַנאָ“? פון סאַראַ בערנאַרס „מאַרגאַריטאַ גאָטיע“? פון מאַמיקאָװסקין? פון קײַנצן? פון זאָנענטאַלן? פון אָרלעניעװן אין „צאַר פעאָדאָר“?

מיר האָבן שױן געהאַט ציטירט און נישט אײנמאָל װעלן מיר נאָך מוזן הערמאָנען דאָס פראַנצויזישע שפּריכװאָרט: „Comparasion nest“ pos raison (יעדער פאַרגלײַך הינקט). אין קונסט מאַכן פאַרגלײַכן צװישן אײנע פון זײַנע דערשײַנונגען און אַ צװײטער איז סתם אַ געשמאַק־

לאָזער אויסדרוק פון עם־הארצישקייט... דאָס איז אַ טעמע אויף אַ לאַנ־גער אָפּהאַנדלונג, וואָס האָ מוזן מיר איבערהיפּן. די נישט ווילנדיקע אַסאָציאַציעס, וואָס קומען אויף אין אונדזער זכרון בעת מיר דערזעען אַ צווייטן גאון אין דער געשטאַלט, וואָס לעבט אין אונדז, באַלויכטן דורך אַ פריערדיקן גדול הדור — דאָס איז אַבסאָלוט נישט קיין „פאַרגלייך"... פאַרגלייכן הייסט זוכן אַן ענטפער אויף דער שאלה: „ווער איז בעסער?" און אַזאַ שאלה אין די פאַלן איז... אַ סימן, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ „בור בעם", אַזאַ איינעם, וואָס האָט נישט אויפגענומען די גדלות פון ערשטן מייסטער און וועט נישט אויפנעמען — דעם צווייטן.

דאַלסקי האָט, פאַרשטייט זיך, קיינעם פון די פריערדיקע גדולים נישט „אָפּגעווישט" און נישט פאַרטונקלט: ער האָט זיי דערמאָנט! ער האָט כסדר אַרויסגערופן אין זכרון און אין האַרצן דאָ איינע, דאָ אַ צווייטע פון די אין מיר אויף אייביק פאַרזייטע אַנטציקונגען.

און די „איינציקייט" פון גראָדנער מאָמענט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דאָ איז מיר אויסגעפאַלן דאָס גליק צו שטיין מיטן סצעניש ריז צוזאַמען אויף די בינע־ברעטער... און שטיין מיט אים אויף די ברעטער, מיט אים צוזאַמען שפּילן, דאָס הייסט — אים שטערן, אָדער אים העלפן!

אָט־דאָ, לייענער, זענען מיר געקומען צום תּוך!

די איינציקייט פון די פאָר וואָכן מיט דאַלסקין אין גראָדנע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס איך בין אין עטלעכע פאָרשטעלונגען פון דער וועלטקלאַסיק געווען דאַלסקיס פּאַרטנער!

און אַזאַ פּאַרטנער ווי דאַלסקי האָב איך נישט געהאַט — נישט 50 יאָר נאָך דאַלסקין און אוודאי נישט פאַר די פינף יאָר ביז אים.

און איצט קומט אַן אַלגעמיינע מעטאַמאָרפאָזע, אַ מין „אויסגעדראָ־שענער אמת", וואָס עס ליגט אפשר גאָרנישט צו פאַרלירן 2 מינוט און צוויי שורות צו דערמאָנען אים... אָבער לאָמיר זיך באַשליסן אויפן יעדן פאַל...

— פאַרטנער?

„פאַרטנער" — דאָס איז אַ העלפט פון אַ גשמיותדיקער סובסטאַנץ. אַ ראָד, כּדומה למשל, אין אַ פיר־רעדערדיקן וואָגן, וועלכע איז קלענער ווי די איבעריקע 3 רעדער, איז נישט קיין „פאַרטנערין" צו זיי...

ווען עס פירט אַ שמועס עמעצער מיט אַן צווייטן, וועלכע איז נישט דער־

וואַקסן צום שמועס, איז ער — מעג ער זיין אַ חריף און פּיקח — אין געגעבענעם פאַל — אַ שוטה. אַ מענטש מוז שטענדיק פילן זיין פאַרטנער.

אויף דער בינע, אין די פּראָצעסן פון סצענישע לייסטונגען, איז עס אַ שווערער קרייז, וועגן וועלכן עס האָבן אַ בלאַסע פאָרשטעלונג אפשר איינער פון טויזנט אפילו „ספּעציאַליסטן"־טעאָרעטיקער. און די פּראַקטישע טעאַטער־טוער!

ווער פון זיי און וויפיל פון זיי גיבן זיך אָפּ אַ חשבון אין דעם, וואוהין זיי ווערן פאַרפירט דורך — פאַרטנערן?

אַז אַ קייט — דער כוח פון אַ קייט! — ווערט געמאָסטן לויטן כוח פון איר שוואַכסטן רינג — דאָס ווייסן אַלע, ווייל דאָס איז פאַרשריבן אין די עלעמענטאַרע כללים פון פיזיק. און אַז אַ ספּעקטאַקל פּלאַצט אויף די רינגען פון זיינע שוואַכסטע פאַרטנערן — ווייסט ווער עס? ניין! דאָס ווייסט מען נישט! ווייל די אויפגאַבע פון היינטיקן רעזשיסער איז: באַהאַלטן די שוואַכסטע אונטער פאַלדן פון 333 פאַרהילונגען אין דער פאָרשטעלונג, און אין אָט די פּראָצעסן — און פּראָצעדורן — ווערט דער אמתער, גרויסער, געזאַלבטער און געקרייציקטער בינעמייסטער אַן איבעריקער און שעדלעכער עלעמענט, אַן אמתער, פינקלענדיקער בריליאַנט אויפן יאַריד, וו דער האַנדל־וואַנדל האַלט זיך איפן פאַרשאַכערן געשליפענע גלעזלעך.

אין איצטיקן ספּעקטאַקל לאָזן זיך שפּילן אויף צעפּלאַטערטע פליגל, הייסט — שפּאַלטן דעם קאָפּ אָן די סופיטן פון היינטיקס מעכאַנישע איינריכטונגען. טעאַטער איז אַ קאָלעקטיווע אַנשטאַלט און די ערשטע נויטווענדיקייט, אויב מען וויל היינטיקן טאָג אין טעאַטער אָטעמען, איז אַרומקוקן זיך: מי ומי ההולכים?

דאַלסקי איז געווען אַן אָדלער.

איך האָב נעבן זיך אַזאַ אָדלער געהאַט פאַרן גאַנצן לעבן מיינעם — צום ערשטן און צום לעצטן מאָל.

און דער אינהאַלט פון דאָזיקן קאַפּיטל איז — די געשיכטע וועגן די וואָכן פון מיין לעבן — מיט מאַמאָנט דאַלסקין.

אָבער אָנהויבן לאָמיר פון אַנדערע מאָטיוון.

אַז איך האָב, קומענדיק אינדערפרי צו דער פּראָבע, דערהערט די ידיעה וועגן זיינע גאַסטראָלן, האָב איך זיך... דערשראָקן.

דעם לייענער איז שוין באַקאַנט מיין דערשלאָגנקייט, מיין טרייסטלאָ־

זע פאַרצווייפלטקייט. אין דעם ראָזיקן פ ס י כ י ש ן מצב דערהערן דעם נאָמען „דאַלסקי“, איז געווען אַ מין סיופריז, פון וועלכן דער אָטעם איז געוואָרן פאַרשטיינערט אין ברוסטקאַסטן.

— דאַלסקי?

— אָט־דאָ אויף די פראָבן צו איזוואָלסקין?

ראַלסקי!

איך האָב אים געזען אין ווילנע אויף די ברעטער פון אָפּגעברענטן טעאַטער... און געזען נישט איינמאָל!

און די איינדרוקן, וואָס זענען פאַרבליבן פון זיינע פאָרשטעלונגען, זענען געווען צונויפגעוועבט פון אַזעלכע פעדים, מיט וועלכע פירן אַ פּאַראַלעל האָט נישט דערלאָזט אפילו אָרלענעוו אין זיינע קרוין־קרעאַציעס.

און ווידער איז דאָ נישט קיין פראַגע פון פאַרגלייכן די געשאַפענע געשטאַלטן...ביידע האָבן זיי, למשל, געשפּילט די ראָל פון „מיטיאַ קאַראַמאַזאָוו“, און ביידע זענען געווען פונקט אַזוי ג ר ו י ס ווי פּ אַ ר־ש יי ד ן.

דאַלסקיס ווירקונג אויפן צושויער איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט דעם צושויער מיטגעריסן מיט זיך אין די ספערן פון הימלישע וועלטן...

טעאַטער אָן פאַנטאַזיע, טעאַטער אָן אידעאַל, טעאַטער אָן ראָמאַנטיק — איז נישט פּשוט אַ „ליגן“ — ס'איז גיפט, סם המות איז עס! („קונסט מוז פאַרבייטן די רעליגיע“ — האָט געפּריידיקט נישט קיין אַנדערער, ווי מיכאַיל איוואַנאָוויטש קאַלינין!).

ד אַ ל ס ק י פלעגט מיט יעדן אויפטריט אויף די ברעטער אָוועקרייסן דעם צושויער פון דער ערד און אַוועקטראָגן אים אין הייכן פון אייביקן ליכט. איבערגעבן עס מיט ווערטער איז נישט מעגלעך!

פון אָרלענעוס אַ ספּעקטאַקל פלעגט מען אַוועקגיין דערשטיקטע, דערשלאָגענע, פאַרצווייפלטע. אָפּגעזען פון זיין מייסטערשאַפט, אומאָפּהענגיק פון דעם, ווּ אָ ס ע ר האָט געשפּילט, האָט ער דעם צושויער צוגע ר י ק ט צו דער ערד, געצוואונגען זיך צו הויערן, צו בויגן, אויסצומיידן ליכט.

פון דאַלסקיס ספּעקטאַקל פלעגט מען אַרויסגיין מיט צעשטראַלטע פּנימער, מיט פלאַמענדיקע בליקן.. און אין די הערצער און אויף די געמיטער פלעגן זינגען „הללויה“ אַלע טיטאַנען פון דער וועלט־געשיכטע! אַלע העלדן און קעמפער פאַרן רעכט פון מענטש צו זיין — ג אָ ט !

אפשר צוליב די באַדינגונגען פון זיינע שנעלגעבאַקענע פאָרשטעלונגען, צוליב זיין פיזישער, פסיכישער און מאָראַלישער אויסגעמאַטערטקייט האָט מען וועגן אַ גאַנצקייט פון איינדרוק נאָך ראַלסקים אַ פאָרשטעלונג נישט געקאָנט רעדן: איך געדענק נישט אַזעלכעס, האָבנדיק אים געזען אין אַ צענדליק פאָרשטעלונגען.

אָבער ראַלסקים פראַגמענטן!

ראַלסקים אויפבליצן אויף 10 — 15 מינוט!

ער פלעגט אין „ביעלוגינס חתונה" (אָסטראָווסקים) אַ ז ו י זאָגן, שטייענדיק ביים פענצטער מיטן רוקן צום עולם — Эх ты серый! Куда ты занесешь меня?* אַז אין עולם פלעגט מען אָנהייבן אָנקוקן אייגער דעם צווייטן: „איר האָט געהערט"?

אין אַקאָסטאָ די פראַזע אין 4 אַקט:

איך, אַ בלינדער קלעזמער, וואָס געמיינט
ער איז אַ העלד, וואָס זינגט אַ ליד
פון קומער זיינעם און פון צער
צומאַכן לוסטיק אייך דערמיט —

פלעגט באַגלייט ווערן מיט שלוכצן־געוויין פון צושויער־רוים.

און אין סטרינדבערגס „הער פאָטער"!

שרייבן דאָ וועגן דעם, ווי אַזוי ער האָט געשפילט די ראָלע, וואָלט הייסן פאַרשטויסן אַנדזער טעמע אין קעלער אַריין און נישט קאָנען זיך אומקערן צום סוף פון סעזאָן אין גראָדנע...

איך וויל דערמאָנען היצם לייענער, אַז איך האָב שוין געהאַט באַמאַנט, אַז יאָרן שפּעטער אויף די עמאַפּן פון מיין שוישפּילערישער רייפקייט האָב איך דעם „פאָטער" נישט געקאָנט שפּילן (פונקט ווי „אָטעללאָ"), ווייל אַוועקגיין פון ראַלסקים טענער איז געווען אוממעגלעך אַפילו יאָרצענדליקער נאָך זיינע פאָרשטעלונגען.

דאָ וועל איך נאָך דערציילן, שילדערנדיק זיינע „פראַגמענטן", אַז אין לעצטן אַקט פון „פאָטער", בעת ער ליגט אויפן קושעטקע מיט געבונדענע הענט אין משוגעים־העמד, קוקט אויף לאַאורען און זאָגט אין שטילע טענער: „באַפריי מיך פון די חשדים, לאַאורא, און איך וועל דיר אַלץ פאַרגעבן", פלעגן אין זאַל ווי ווייסע פענדלעך שוועבן פאַר די אויגן הונדערטער טאַשנטיכלעך... און אַ סך צושויער, וואָס זענען געזעסן ביים

---

*) אַך דו גרויער! וווהין ווערסטו מיך עס פאַרשלעפּן?

דורכגאַנג, פלעגן לויפן צום אַרויסגאַנג, כדי אויף יענער זייט מיר זיך אויפן קול צעווייַנען.

און אַרויסגיין פון טעאַטער פלעגט מען — דערהויבענע, צעזונגענע, צעפלאַמטע, ווייל גיגעווען איז עס — די ווירקונג פון ק ו נ ס ט.

וועלן מיר אין גראָדנע מיט אָט דעם אַקטיאָר צוזאַמען שפילן?

פאַרשטייט זיך, אַז ווי פאַרשיידן עס זענען געווען די באַציִונגען צו די אויפגאַבן פון אונדזער באַרוף (דאָ איז דעם לייענער אַלץ שוין קלאָר, מיין איך) — אַזוי פאַרשיידן איז געווען דער אופן — וו אַ ר ט ן אויף דאַלסקין, אים טרעפן און מיט אים אַרבעטן.

אַ רעפּוטאַציע האָט ער געהאַט פון אַ ווייסטן סקאַנדאַליסט. ער איז צו יענער צייט געווען אין דער לעצטער סטאַדיע פון אַ בייזער מחלה, און זיין אויסגעצערעטקייט פלעגט ביי יעדער קלייניקייט דערגיין ביז די אויסברוכן פון ווילדסטן גרימצאָרן. דאָס האָבן אַלע געוווּסט. און מען האָט אַ היפּש ביסל געציטערט.

איך האָב געהאַט אַ ספּעציעלע סיבה צו וואַרטן אויף ביטערע סורפּריזן: דאַלסקי איז געווען דאַלמאַטאָווס אַ פאַרביסענער שונא. דאַלמאַטאָוו איז געווען איינער פון יענע פירנדיקע פאַקטאָרן, וואָס האָבן דאַלסקין פון אימפּעראַטאָרישן טעאַטער דערווייטערט.

מיין גרענעצלאָזע אַכטונג פאַר דאָלמאַטאָוון, וואָס זיין נאָמען און געשטאַלט האָבן פאַר מיר באַדייט — ווייסן מיינע לייענער גענוי, און איך האָב געוואַרט, אַז צו אַ קאָנפליקט מוז קומען צווישן מיר מיטן גאַסטראָליאָר אויף אָט דעם באָדן. בטבע אַ „שעפּס“, ווען עס גייט אין פאַרטיידיקן די אייגענע אינטערעסן, וואָלט איך זיך אַרויסגעשטעלט להלוטין אַנדערש, ווען עמעצער רירט אָן מיינע „קדושות“. און דאָלמאַטאָוו איז געווען פאַר מיר (ער איז היינט אויך!) — אַן אָפּגאָט.

אָבער אַלץ האָט פון דער ערשטער שעה זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען ישט אין איינקלאַנג מיט די דערוואַרטונגען.

ראשית האָט אונדז צום באַשטימטן טאָג דערוואַרט אַ סורפּריז אין דער פּערזאָן פון אַדמיניסטראַטאָר („פּערעדאָוואָי“ — האָט עס געהייסן אויף רוסיש). זיין מיסיע איז באַשטאַנען אין צ ו ג ר יי ט ן די פאַרשטייענדיקע גאַסטראָלן).

די עצם געשטאַלטן פון דאָזיקן „מענעדזשער“ איז קוים מעגלעך צו באַשרייבן אויף יידיש, ווייל דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישסטע און גרילצנדיקע אין אים איז געווען זיין „רוסיש“-רעדן.

פאַרשטייט זיך, אַז אָפּלאַכן פון אַ מענטש צוליב דעם, וואָס ער רעדט שלעכט אויף אַ וועלכער עס איז שפּראַך, וועלכע איז אים פרעמד, דאָס איז אַ סימן און אויסדרוק פון אומטאָלעראַנץ צו מענטשן. און אַזוינס אַרויסווייזן לגבי אַ ייִד אין יענע צייטן און אומשטענדן איז געווען פּשוט־יודאָפאָביע פון ערגסטן סאָרט. אָבער ווי זאָל מען זיך באַציִען צו אַזאַ טיפּ, וואָס קומט רעפּרעזענטירן דאַלסקין, ווייזט אַרויס גרינגשעצונג צו די ייִדן אין פּערסאָנאַל פון טעאַטער און רעדט דערביי רוסיש אַזוי, ווי דאָס ווערט געשילדערט אין די ייִדן־פייַנטלעכע סצענקעס אויף די עסטראַדעס אין די שענקן פון „סאָיוז רוסקאָוואָ נאַראָדאַ"!

דערביי איז ער פּשוט אַ פּאַרזעניש — פּיזיש... אַ הילוך פון איינעם, ביי וועמען די פיס שפּאַרן זיך אָן אויף די זוילן, אויסמיידנדיק צו הריקן די פינגער צוליב זייַערע, משמעות, פייַנלעכע הינעראויגן און גיין, גייט ער נישט אין דער ריכטונג פון זייַנע אויגן און פון זיין נאָז. עס מאַכט דעם אייַנדרוק, אַז ער מאַכט כסדר שריט אין אַן אומדערוואַרטער ריכטונג, אַז ער אַנטלויפט פון זיך אַליין. אין די אויגן קוקט ער קיינעם נישט, אַ געפיל פון מינדערווערטיקייט איז זיין ש ט ע נ ד י ק ע ר מצב... מען וואָלט דעם פּאַרשוין נישט באַמערקט, קיין איין מענטש וואָלט נישט אייַנגעפאַלן צו לאַכן פון זיין אופן זיך באַוועגן, קוקן, האָרכן און רעדן —

האָט ער אָבער געמאָלדן, אַז מאַמאָנט וויקטאָראָוויטש וועט קומען מאָרגן און היינטיקע פּראָבע פירט ער...

אָפּלאַכער האָבן שוין געהאַט גענוג שפּייז אויפן ערשטן „פּרישטיק". מען האָט צוגענומען די עקזעמפּליאַרן „אָטעללאָ" ביי איזוואָלסקין, וועמען שילדערט (אַזוי איז געווען דער נאָמען פון דאַלסקיס „רעפּרעזענטאַנט") האָט פאַרגעלייגט פאַרטיילן די ראָלן, היות ער, שילדערט, קען נאָך נישט דעם פּערסאָנאַל...

„יאַנאָ" — וולאַדימיראָוו; „קאַסיאָ" — רוניטש; „דעזדעמאָנאַ — קירסאַנאָוואַ; „עמיליאַ" — אַרדאַטאָוואַ... דער איינדיק אויפן באַנפלאַץ האָט נישט קיין מינדסטן יסוד צו פּראָטעסטירן...

איך בין געשטאַנען ווי פאַרזונקען אין אַ טיפן קאָשמאַר... וועלן זיך נישט שפּאַלטן איבער מיר די הימלען? וועט מיך נישט טרעפן אַ דונער און מאַכן אַ סוף צום ביזן חלום אויף וואָר? איז נישט צייט צו טאָן דאָס, וואָס מיין בריוו אין קאָוונע האָט אָנגעזאָגט, אויב... אויב די ערד וועט מיך נישט איינשלינגען? אויב אַן אומגעריכטער נאַטור־עלעמענט וועט נישט איבעררייסן אָט דעם צוזאַמענטרעף מיט שעקספּירן...

מיין „האַמלעט“ — איבערלעבונג אין דער שול־פאָרשטעלונג! אוס־אַטשאַוו! זיין צעשטראָלטער פּנים! זיין פראַזע: „די, וואָס שפּילן אַזוי צו 22 יאָר דעם 2־טן אַקט „האַמלעט“, פאַרמאָגן אַ האַרץ, אָבער נישט קיין יעלנבויגנס... זאָרג נישט, בחור, ס'וועט זיין אין אָרדענונג... וועסט קיין קאַריערע נישט מאַכן“.

— איר ווילט מיר נישט ענטפערן אויף מיין פראַגע?

דאָס האָט מיך איזוואָלסקי אַזוי ווי אויפגעוועקט פון מיין בייזן חלום.

— וועלכע פראַגע?

— מיר זענען דאָ אַלע געריירט, אָדער איר האָט זיך די נאַכט נישט אויסגערוט?

— איך האָב אייך צוויי מאָל געפרעגט און איר ענטפערט נישט.

איך האָב געקוקט אויף אים, מסתמה, מיט ווילדע אויגן.

— וואָס ווילט איר שפּילן?

און ער האָט מיר אויסגעשטרעקט 2 עקזעמפּליאַרן פון „אָטעללאָ“. אויף איינעם איז געווען מיט אַ בלויען בליישטיפט אָנגעשריבן: „ליודאָ־וויקאָ“, אויפן צווייטן: „בראַבאַנציאָ“.

— איר קאָנט אויסקלייבן.

איך האָב זיך באַלד אָריענטירט, אַז שפּילן „בראַבאַנציאָ“ הייסט — זיך באַפרייען אין ערשטן אַקט און קאָנען פון אַ ליטעראַרישע קוקן די פאָרשטעלונג.

— ב ר א ב א נ צ י אָ!

ער האָט אָנגעשריבן אויפן ביכל מיין פאַמיליע און האָט מיר דער־לאַנגט.

און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן מיין „מיטאַרבעט“. אָבער — נישט מיט דאַלסקין! מיט ש י ל ד ק ר ע ט ן!

איך האָב אַריינגעקוקט אין ביכל און הערזען, אַז פון דער ראָלע איז אויסגעשטראָכן דער ג אַ נ צ ע ר טעקסט, פאַרבליבן א 3—4, אפשר — 5 פראַזן.

— ניקאָלאַי וואַסיליעוויטש — האָב איך זיך נישט טראַכטנדיק גע־וואָנדן צום הויפּט־רעזשיסער פון טעאַטער — אַזוי שפּילן „בראַבאַנציאָ“ איז פּשוט נישט דערלאָזבאַר. איך וועל דעם טעקסט רעסטאַווירן.

— דאָס וועט איר שוין אַזוי גוט זיין זיך דורכריידן מיטן גאַסט־ראָליאָר.

— אָבער איך בעט אייך צוגרייטן דעם באָדן דערצו, און איך וועל ביז מאָרגן אויסלערנען דעם טעקסט.

ווי פון אונטער דער ערד איז אויסגעוואַקסן שילדקרעט.

— וואָס איז? וואָס איז דאָ פאַר אַ סכסוך?

איזוואָלסקי האָט נאָר אַ קוועטש געטאָן מיט די שולטערן. יענער האָט אַ קוק געטאָן אין מיין זייט און געשוויגן.

— אַזוי ווי די ראָלע איז דאָ פאַרשניטן ביז 3 פראַזן, וויל איך זי נישט שפּילן.

— וו...וו...אָ...ס?? איך פאַרשטיי נישט וואָס איר רעדט.

— איך וועל אויפשטעלן די אויסגעמעקטע פראַזן.

— וואָס הייסט א י ר וועט אויפשטעלן, אַז דאַלסקי האָט אויסגעמעקט?

— איך וועל די רעפּליקן נישט ענדערן. דאַלסקין קיינע אומגעריכטע סורפּריזן וויל איך נישט מאַכן.

— אַ גרויסן דאַנק אייך, וואָס איר וועט נישט צווינגען דאַלסקין צו לערנען פונהאָסניי „אָטעללאָ“ צוליב אייער קאַפּריז, אָבער דאָס איז אַ ביסל ווייניק אַכטונג פאַר דאַלסקין. און דאָס, וואָס ע ר האָט אויסגעשטראָכן, וועט איר אין זיין גאַסטראָל אַזוי גוט זיין נ י ש ט רעדן.

· — דאַלסקי וועט צופרידן זיין פון אַן ערנסטער באַציונג צו שעקספּירן. מען קאָן דאָך פון „בראַבאַנציאָן“ נישט מאַכן קיין סטאַטיסט... עס איז דאָך שעקספּירס טעקסט!

— שעקספּיר־שמעקספּיר — דערהער איך פון דאַלסקיס פאַרשטייער

— שפּילן וועט דאַלסקי, נישט שמעקספּיר.

און מיט אַמאָל דרייט ער זיך אויס צו איזוואָלסקין און מעלדעט מיט אַן אומאָפּרופלעך אויטאָריטעטן טאָן:

— ניקאָלאַי וואַסיליעוויטש! דעם יונגן מאַן וועט מאַמאָנט וויקטאָראָוויטש שלאָגן מכות רצח! איך מעלד עס אייך און איך זאָגט עס אים.

אויף דעם האָט זיך דער ערשטער טאָג פון „צוזאַמענאַרבעט“ מיט דאַלסקין פאַרענדיקט.

עס זענען אָבער פאַרגעשטאַנען נאָך אַ 15 טעג.

ווי אַזוי דאַלסקי איז אַריין אין טעאַטער — געדענק איך נישט... איך געדענק ווי ער דערלאַנגט די האַנט אַ טייל פון די אַקטיאָרן, ווי ער קושט די האַנט — ביי קירסאַנאָוואַ... איך שטיי אין אַ זייט. מיין מוח האַלט אין איבערקאָכן צוויי שווערע סובסטאַנצן: וואַסילי פאַנטעליימאָנאָוויטשעס

אַ דם־שונא און פון „בראַבאַנציאָן“ געמאַכט אַ זעראָ... דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט ווי אין פיבער פון 40 גראַד... באַלד דאַרפן מיר קומען אין ענגן קאָנטאַקט מיטאַנאַנדער: דער ספּעקטאַקל הייבט זיך ביי אים אָן פון דער סענאַט־סצענע און באַלד דערשיינט בראַבאַנציאָ מיט 8 פראַזן, פון וועלכע עס איז פאַרבליבן — די ערשטע, און ז י ב ן זענען אויסגעשטראָכן...

מיט אַמאָל דערהער איך דאַלסקיס אויסרוף:

— מיר הויבן אָן פון 2 אַקט! די סענאַט־סצענע וועלן מיר רעפּע־טירן צום סוף! דאָס איז אין דער באַשריבענער סיטואַציע געווען עפּעס ווי אַ מין אויסברוך פון „געשפּאָלטענע הימלען“... צ ו ר ע ם מאָ־מענט — פאַר מיר אַן אויסלייזונג!

איך בין אַוועק אויפן אייבערשטן שטאָק פון טעאַטער און געוואָרן... אַ צושויער! איך וואָלט שטאַרק געוואָלט, אַז מיין לייענער זאָל זיך מיט מיר אומקערן פון גראָדנער שטאָט־טעאַטער אין בערלינער „שוישפּילהויז“ און דערזען מיט מיר צוזאַמען — מ אַ ט ק אָ וו ס ק י ן.

איך בין, זיצנדיק אויפן אייבערשטן שטאָק אין גראָדנער טעאַטער יענעם פרימאָרגן געוואָרן באַצויבערט און פאַרשיכורט אַזוי, ווי איך האָב עס פאַרן לייענער געשילדערט פריער, רעדנדיק וועגן די איינדרוקן פון „דאַלסקיס פראַגמענטן“. אָבער מיין התפּעלות האָט וואָס ווייטער אַלץ מער אָנגעהויבן אָפּטרעטן פאַר אַ געפיל פון פאַרדראָס און צום סוף פון דרימען אַקט האָבן זיך די צוויי געפילן אַזוי צונויפגעקנוילט, אַז איך האָב אַבסאָלוט נישט געקאָנט אָפּטיילן אַנטציקונג פון.... עקל.

די מעשה איז די, וואָס דאַלסקי האָט אויף דער דאָזיקער פּראָבע, שפּילנדיק אָטעללאָ, כסדר אויפגעהערט צו שפּילן דעם ווענעציאַנער מאַוער און אָנגעהויבן שפּילן — מאַמאָנט דאַלסקין: באַווייזן ז יי נ ע צויבער־ענגג, כשוף־שמיק, מוסטערן פון פּלאַסטיק, ביישפּילן פון אינטאָנאַציעס, בלענדנדיקע איבערגענג פון איין שטימונג צו אַן אַנדערער. די מדרגה פון זיין ווירטואָזיטעט איז געווען באמת נישט צו דערגרייכן פאַר קיינעם אויסער אים, אָבער צי דאַרף מען לאַנג רעדן, כדי צו איבערצייגן, אַז אַ חכם מחוכם וואָלט ווערן אויסגעגליכן מיט אַ שוטה גמור, מיט אַ טפּש, ווען ער האָלט מיט אַמאָל איבערגעריסן דעם גאַנג פון זיינע קלוגע אויסערונגען מיט אַ באַמערקונג: „ווי געפעלט אייך סאַרא חכם איך בין?“

דאָס טיפע באַוווסטזיין פון איינענעם ווערט (וועלכע טאָר דעם ווערט־פולן קיינמאָל נישט פאַרלאָזן), מוז פליסן, טיף באַהאַלטן און זיינע אָדערן, אין זיין גייסטיקן אינגעווייד און אויב עס פליסט פון די מענטשן אַרויס

אויפדרויסן, דאַן איז עס געגליכן צו אַ „בלומשטורע“. אָבער אַ בלומשטורע רופט אַרויס צום קרבן — מיטגעפיל, און אַ מינע פון אייגענער „אויסדערוויילטקייט“ קאָן אַרויסרופן נישט מער, ווי — עקל און חוזק.

צוזאַמען מיט בליצן פון אמתער סצענישער גדלות, ביישפּיללאָזער דערהויבונג פון אָדלער־פליגלען האָבן צו מיר דערגרייכט ביליקע פּאָזעס, וואָס זענען געווען געגליכן צו די „קליענטן“, וועלכע מען זעט אויפן שילד ביי פריזירער: זיצט ער אין אַ באַקוועמער פּאָזע און דער צירולניק שטייט מיט דער בריטווע איבער זיין אָנגעזייפטן פּנים. קאָנט איר דאָ געפינען — אויסדרוק? פעלט אייך איין עפּעס אַזעלכעס צו זוכן? און ממש דערשלאָגן האָבן מיך אויף דער דאָזיקער פּראָבע מאָמענטן פון עפּעס ביליקע פּאָזעס ביים גאַסטראָלער. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איך קוק אויף אַ „רוימער טאָגע“, וואָס איז אויפגענייט פון אַ ביליקן סאַטין, פּרעטענדירנדיק צו רופן זיך „פּאַטריציאַנער טאָגע“.

איך האָב זיך יעדע עטלעכע מינוט אויסגעדרייט מיטן רוקן צו דער בינע, געוואָלט אויפשטיין פון אָרט און אַוועקגיין, פלעגט ער מיטאַמאָל אַ פלאַטער טאָן מיט זיינע אָדלער־פליגלען צו התרוממות און איך פלעג בלייבן זיצן מיט טרערן אין די אויגן, מיט פאַרגליווערטער תפילה אויף די ליפּן. און ס'איז דאָך פאַרשטענדלעך, אַז אַן אָדלער בלייבט אָדלער — אין שמוץ, מיט פליגלען צעבראָכענע. מיט אַ דורכגעשאָסענער ברוסט.

דאַלסקי איז געווען אַ צעקאַליעטשעטער אָדלער!

און אונדזערע 2 וואָכן האָבן אים פאַר מיר אַנטפּלעקט און איך וויל אים באַווייזן דעם לייענער אין ליכט פון יענע 2 וואָכן.

נאָך לערך צוויי שעה פּראָבע פון 2־טן אַקט ביזן סוף פון דער טראַגעדיע, האָב איך דערהערט אַן אויסרוף: „די סצענע אין סענאַט“! און זיך געלאָזט דורך די טרעפּ און קאָרידאָרן צו דער בינע. היות פאַר די 2 שעה איז קיינעם נישט איינגעפאַלן אַז איך זיץ אין טעאַטער און קוק די פּראָבע, האָט דער אינספּיציענט באַשלאָסן, אַז איך בין אַוועק אין שטאָט אַריין און צו דער סצענע אין סענאַט — פעלט „בראַבאַנציאָ“. ער האָט עס אַריינגעמורמלט אין אויער איזוואָלסקין; יענער איז געוואָרן בלייך ווי אַן אָקאָרשט אויסגעוואַשענער ליילעך און, דערזעענדיק מיך אויפן שוועל, האָט ער מיט אויסגעגלאָצטע אויגן פאַרשטיקט אַרויסגעשעפּטשעט: „וווּ ווערט איר פאַרפאַלן אַזוי לאַנג?“.

— מען וואַרט דען אויף מיר? — פרעג איך — די פּראָבע האָט זיך —

דאָך נאָך נישט אָנגעהויבן. דאַלסקי האָט, שמועסנדיק מיט עמעצן אויף דער צווייטער זייט פון דער בינע, זיך אויסגעדרייט צו אונדז, און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער שפּיזט מיך דורך מיט אַ באַזונדערס־אויפמערקזאַמען בליק...

— האָס איז „בראַבאַנציאָ“? — הער איך — איז ער נישט צו יונג?

— מיר קאָנען דאָס נאָך טראָגן, וואָס מיר פאַרמאָגן, מאַמאָנט וויקטאָראָוויטש — האָט לאַכנדיק געענטפערט איזוואָלסקי.

— לאָמיר גיין ווייטער, חברים, ס'ווערט שפּעט. צום באַדויערן איז אונדז פאַר דער וויכטיקער סענאַט־סצענע פאַרבליבן גאָר קנאַפּ צייט.

איך דאַרף נישט רעדן וועגן דעם, וואָס איז קלאָר: איך בין געווען צערודערט, דערשלאָגן, — נישט געקאָנט דאַלסקין אַ קוק טאָן אין די אויגן. מיר האָט זיך געגלוסט צופאַלן צו זיין שולטער און אויסגיסן די חושים, וואָס זענען געווען אָנגעזאַמלט פאַר לאַנגע יאָרן באַוווּנדערונג און גלייכצייטיק אויספּאַטשן דאָס פּנים פאַר די ביטערע מינוטן פון אָקאָרשטדיקע פאַרדראָסן.

„בראַבאַנציאָ“ טרעט אויף אין סאַמע אָנהויב פון דער סצענע — נאָך אַן איינלייטונג, וואָס דויערט אַ מינוט 4. צו אים ווענדט זיך דער דאָזש מיט אַ מעלדונג:

„איך האָב אייך נישט באַמערקט, בראַבאַנציאָ!
מיר נויטיקן זיך גראָד אין אייער הילף.

לויט שעקספּירס טעקסט ענטפערט בראַבאַנציאָ מיט פאָלגנדיקן מאָנאָלאָג:

„איך אייער הילף דאַרף האָבן, גוטער דאָזש!
נישט נעמען פאַר אומגוט, כ'מוז דעם אמת זאָגן:
אַז אַנדער סיבה ט'מיך געבראַכט אין שלאָס.
פון בעט געטריבן האָט מיך נישט מיין פּאָסטן
און נישט מלחמה ליגט מיר איצט אין קאָפּ.
אָ, ניין! אַ זאָרג אַ גאָר־באַזונדערע
אַוועקגערויבט האָט אַלע מיינע חושים“.

ד ע ר ד אָ ז ש:

— וואָס איז געשען?

ב ר אַ ב אַ נ צ י אָ:

— מיין טאָכטער! אָ, מיין טאָכטער!

פון געבראַכטן בראַבאַנציאָס מאָנאָלאָג איז פאַרבליבן — די ע ר ש ט ע פּראַזע.

„איך אייער הילף דאַרף האָבן, גוטער דאָזש“.

און — ג אָ ר!

אַז אין מיין גאַנצער האַלטונג, הילוך, אויסזען איז פון אַלטן ווענעציאַנער אַריסטאָקראַט נישט געווען קיין סימן און קיין שפּור דאַרף איך נישט דערציילן, אָבער נאָך דער פּראַזע, וועלכע כ׳האָב אַרויסגערעדט מיט אַ פאַרשטיקטן גאָרגל אָן אַ מינדסטן קלאַנג, האָב איך דערפילט אין אַלע אברים, אַז מיך נעמט אויף נישט שילדקרעט און נישט דער „רוימער“ אין די טאָגע פון „סאַטין“: אַ קאָנטאַקט צווישן אָדלער מיטן הילפלאָזן ייִנגל האָט זיך איינגעשטעלט פון דער ערשטער מינוט, ווען זיין האָבן געלעבט אין שעקספּירס טעקסט. מיר וועלן נאָך קומען און קומען צו די מאָטיוון. דאָ לאָמיר שוין נישט אָפּטרעטן אויף אַ שריט פון דער ערשטער פּראָבע מיט דאַלסקין אין גראָדנע.

דאַלסקי האָט דעם מאָנאָלאָג, וועלכן אָטעללאָ האַלט פאַרן סענאַט, אָנגעהויבן אין פולן טאָן ווי אויפן ספּעקטאַקל... פון זיינע ביליקע געגנלעד אין משך פון די פריערדיקע אַקטן איז דאָ נישט געווען קיין שפּור. ער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין „אָטעללאָן“, און אַז ער האָט פאַרענדיקט דעם מאָנאָלאָג, האָט אויסגעבראָכן אַן אַפּלאָדיסמענט אויף עטלעכע מינוט. די „האָלדער-באָלדערניקעס“ זענען געוואָרן — א ו י ס „אינדיקעס!“ די גראָדנער סצענע האָט באַהערשט דער רוח אלוהים...

די פּראָבע איז געגאַנגען ווייטער אָן פּגימות, דאַלסקי האָט זיך געאיילט זי צו פאַרענדיקן און... ס׳האָט פון די „וואָלקנס אַרויסגעבליצט דער ערשטער בליץ...“

אַוועקגייענדיק פון דער בינע, זאָגט בראַבאַנציאָ צו אָטעללאָן, אָנווייזנדיק אויף דעזדעמאָנען:

„זאָלסט איר נישט שענקען, מאַור, צופיל גלויבן!
דעם פאָטער אָפּגענאַרט, קאָן זי אויך דיך באַרויבן“.

ווען איך האָב דערהערט מיין רעפּליק, האָב איך זיך אויפגעהויבן פון מיין פאָטעל און מיט מידע שריט געלאָזט זיך (אין דער געשטאַלט — לויט מיין קענען און פאַרשטיין — פון צעבראָכענעם, פאַרצווייפלטן, פאַרלאָזענעם פאָטער) גיין צו דער טיר.

דערהער איך הינטער מיין רוקן אַ דונערדיקן אויסגעשריי:

— און די פּ ר אַ ז ע?

איך דריי זיך אום. דאלסקי קוקט מיט ווילדע אויגן.

— פאַרוואָס זאָגט איר נישט די פראַזע?

— באַלד...

— נישט „באַלד“! שוין! גיט אַ קוק וואָס דאָ קומט פאָר!

און ער האָט באַוויזן די סצענע: אויפשטייענדיק פון פאָטעל, גיט בראַבאַנציאָ אַ קוק צו דער טאָכטער. זי מאַכט צו אים אַ שריט... בראַבאַנציאָ הויבט אויף די הענט, אויסשטעלנדיק דער טאָכטער זיין עלנבויגן — אַזאַ מין „רונדער“ זשעסט אין סטיל פון דער איטאַליענישער אָפּערע, דאַן רעדט ער אַרויס די פראַזע, און גייט אויף אַ פּאַוזע פון אַן אַנדערטהאַלבן — צוויי מינוט צום אַרויסגאַנג.

— שפּילט אָפּ די סצענע — זאָגט דאלסקי.

מאַכנדיק די עטלעכע טריט צום פאָטעל, האָב איך אַרויסגעמורמלט:

— דאָס איז אַן איטאַליענישע אָפּערע, נישט שעקספּיר!

וואָס אַרום איז פאָרגעקומען דאַרף איך נישט שילדערן און עס איז אויך נישט וויכטיק. איידער איך האָב באַוויזן צו זעצן זיך אין פאָטעל, כדי אויפצושטיין און איבערחזרן דאָס באַוויזענע, האָב איך געוואַרט, אַז דער סקאַנדאַל ברעכט שוין אויס און כ׳האָב אָן ספק געציטערט מיט אַלע רמח אברים, אָבער דאלסקי האָט אָן שום שפּור פון אויפרעגונג רואיק געזאָגט:

— וואָס זשע האַרף דאָ לויט אייך געשען?

— ניין, ניין, גאָרנישט... איך וועל עס אַזוי אָפּשפּילן.

דאַן האָט ער אויפגערעגט זיך האַלבצעשריגן:

— אויב איר האָט עפּעס אייערס — באַווייזט, דערלאַנגט, קיינער, דוכט זיך, שטערט אייך נישט. און אויב קיין אייגנס האָט איר נישט, טאָ וואָס זיצט איר אָנגעבלאָזן, ווי מען וואָלט אייך צווינגען אויסצוטאָן די הויזן?

איך האָב פינטל אין פינטל אָפּגעשפּילט די סצענע, ווי ער האָט באַוויזן און אַראָפּ פון דער בינע. דאלסקי האָט עפּעס אַ זאָג געטאָן מיר אין פלייצע. אַרום האָט אָפּגעהילכט אַ לוסטיקער געלעכטער. וואָס ער האָט געזאָגט ווייס איך נישט, איבערפרעגן האָט מיר מיין אַמביציע נישט געלאָזט.

אַוועקגייענדיק פון טעאַטער, האָב איך פעסט געוווסט, אַז מער ווי פרייך וועלן מיר די פאָרשטעלונגען און די פראָבן נישט פאַרשאַפן, ווייל דאלסקי האָט זיך אין די עטלעכע מינוט פון אונדזער כלומרשטן „קאָנ־

פליקט" אַרויסבאַוויזן פאַר אַ ק י נ ס ט ל ע ר, וואָס יעדע סעקונדע פון אַרטיזם, יעטווערער קערנדל פון שעפערישקייט, יעדער פונק פון יענע פלאַמען — איז זיין לופט, זיין לעבן און זיין פרייד.

איך האָב דאַן דערזען באַשיינפערלעך, אַז אין באַדינגונגען פון פריידיקן שאַפן וואָלט ער געלעבט, ווי עס לעבט אַן אָדלער אין דער לופט פון באַרגשפּיץ און אויב זיין קיום איז געוואָרן פאַרקריפּלט פון די אַרומיקע אַלטעגלעכע קריגערייען — פאַר ברויט, אויב דאַלסקי האָט מער ווי אַ העלפט פון זיין לעבן פאַרבראַכט אין דער בייזער מחלה, זיך געוואַלגערט אויף די סצענעס פון אַזעלכע „גראָדנעס" און אַ סך ערגערע ווי אַזעלכע און פאַרענדיקט זיין לעבן אַ ז וי, ווי ער האָט עס פאַרענדיקט, ליגט די סיבה דערפון — נ י ש ט אין די מעשים תּעתּועים, מיט וועלכע ער האָט זיך טרויעריק־באַרימט געמאַכט אויף די לעצטע עטאַפּן פון זיין לעבנס־וועג — לחלוטין נישט!

דאַלסקי איז געווען אַ ריז, אַ גיגאַנט, וועלכן פּיגמעען האָבן פאַריאָגט פון זון־שמחים און פינצטערע, לופטלאָזע קעלערן אַריין.

האָט דאַלסקי אָנגעהויבן שיכורן, פאַרברענגען זיינע טעג און נעכט ביים קאָרטנטיש, זיך גליטשן באַרגאַראָפּ... ווען ער פלעגט זיך אָנשטויסן אויף ע פּ ע ס, וואָס אָטעמט מיט ז יי ן באַרגלופט, פלעגן זיך זיינע אויגן אויסלייטערן, זיין שטערן — אויסגלעטן; זיין וווּנדערבאַרער שמייכל פלעגט זיך צעגיסן אויפן פּנים זיינעם, און ווער עס האָט געקאָנט זען, דעם איז קלאָר געווען, אַז ער אָטעמט מיט פרייד און גליק.

דאָס האָב איך דערפילט פון די ערשטע פּראָבן מיט אים.

אויף דער באַשריבענער פּראָבע פון „אָטעללאָ" (די פּרטים זענען מיר שפּעטער באַוווּסט געוואָרן) איז ער געקומען אין טעאַטער מיט אַ וואָרענונג פון שילדקרעטן, אַז אין פּערסאָנאַל איז פאַראַן אַ יונגער אַקטיאָר, וועלכער איז נישט צופרידן, וואָס דער טעקסט אין „בראַבאַנציאָ" איז געקירצט, דערצו איז ער דאַלמאַטאָוום אַ תּלמיד און מען דאַרף וואַרטן אויף סורפּריזן... צוליב דעם, דאַרף מען אָננעמען, האָט ער די סענאַטסצענע אָפּגעלייגט ביזן סוף, כּדי דער אומפאַרמיידלעכער אינצידענט, אין וועלכן ער האָט, משמעות, נישט געצווייפלט, זאָל נישט פאָרקומען ביים סאַמע אָ נ ה יי ב פון דער ערשטער פּראָבע. ער איז אָן ספק גרייט געווען צו רעספּאָנדירן בראַבאַנציאָס טעקסט, אויב דער יונגער אַקטיאָר וועט זיינע אינטענצן לאָזן הערן אין אַ פאָרמע, וואָס וועט נישט טרעפן אין נאַסטראָלעהם פרעסטיזש... אַ קיצור: דאַלסקי האָט געוואַרט, זיך געגרייט

און געזאַמלט זײַנע כּוחות, טאַקט, געדולד און אויטאָריטעט. לאָזט זיך אויס דער אָפּאָזיציאָנער איז אַ מין ווי מען רופט עס אויף רוסיש: „נאַסע הון“. אַ קול — פון אַ זויערער אוגערקע, דער פּנים אַן אומצופרי־דענער, די פיגור, הגם — אַן אימפּאָזאַנטע, איז אָבער אײַנגעהויקערט, ווי דער גאַנצער יידישער גלות זאָל אויף איר ליגן... וואָס איז עס פאַר אַ מין בריאה?

מיטאַמאָל געפעלט אים נישט די מיזאַנסצענע, און באַווייזן זײַנס וויל ער אויך נישט. דאַלסקי האָט שוין געזען קאַליקעס מכּל המינים, אָבער דאָ איז עפּעס אַ נײַער מין סאָרט וואַריאַנט... קיין סכּנה לכּל הדיעות שמעקט דאָ נישט... די פּראָבע וועט זיך אין אַ 10 — 15 מינוט אַרום ענדיקן אָן שום אומגעריכטע און אומגעוווּנטשענע סיורפּריזן. אַזוי האָט עס געדויערט ביז בראַבאַנציאָ האָט אַרויסגערעדט זײַן פראַזע צו אָטעל־לאָן:

„זאָלסט איר נישט שענקען, מאַור, צופיל גלויבן —
רעם פאָטער אָפּגענאַרט, קאָן זי אויך דיך באַרויבן.“

זײַן אָנגעזאַמלטע אומרואיקייט האָט דאַלסקי, ווי שוין דערציילט, אויסגעלאָדן — אין עפּעס אַ וויץ אָדער אַ חוזק־ווערטל וועגן מיר... אָבער דאָס איז געווען אַן „אָפּצאָל“ די שוין פאַרלאָפענע עטלעכע שעה. ווײַ־טער...

דעם ספּעקטאַקל האָב איך געקוקט פון דער פאָדערשטער קוליסע. דאַל־סקי האָט געשפּילט אַזוי ווי דאַלסקי האָט געקאָנט שפּילן, זײַענדיק אַליין — דאַלסקי און האָבנדיק אַרום זיך „פּאַרטנעיאָרן“, וואָס האָבן, וואָס אמת איז, מ ו ר א געהאַט, אַז ער זאָל נישט אין כּעס ווערן און זענען גע־קראָכן פון דער הויט, אָבער זייערע מוחות און געמיטער זענען געווען צו ו י י ט פון שעקספּירס „עברי“ און דאַלסקי איז געשוווּמען ערגעץ אין זײַנע טרוימען וועגן שעקספּירן און אָפט פלעגט זיך, ווי אויפגעכאַפּט פון זײַן טרוים, אָנהויבן שיטן מאָנאָלאָגן מיט אומווילן, מיט פאַרדראָס, מיט אויפגערעגטקייט...

די לעצטע סצענע האָב איך, קוקנדיק אויף אים פאַרמאַכט די אויגן און געזען מ א ט ק אָ ו ס ק י ן אין דעם ספּעקטאַקל אין בערלינער „שוישפּילהויז“ (1־טער באַנד, צווייטער טייל: „אַ שפּאַציר דורך אייראָ־פּע“, קאַפּיטל — „בערלין“).

יענע נאַכט האָבן מיר מיט שורא אַרדי נישט געשלאָפן ביז פאַרטאָג...

אינגדערפרי, קומענדיק צו פראָבע, בין איך פאַרבעטן געוואָרן צו איזוואָלסקין אין קאַבינעט אַריין און דערהערט אים זאָגן בזה הלשון:

— מאַמאָנט וויקטאָראָוויטש האָט אָנגעזאָגט, איר זאָלט רעסטאַווירן אין די טעקסטן וואָס איר ווילט, אָבער דורכוים מיט זיין צושטימונג.

איך האָב נישט געוווּסט ווי אַזוי אויפצונעמען די דאָזיקע מעלדונג פון מיין, נישט פאַר קיינעם געדאַכט, „הויפּט־רעזשיסער“, און בין געשטאַנען און געקוקט.

— וואָס קוקט איר, ווי איך וואָלט רעדן צו אייך טערקיש. איך זאָג דאָך אייך אויפן פּשוטן רוסישן לשון: איר קאָנט אין אַלע ראָלן רעדן וואָס איר וועט געפינען פאַר געוווּנטשן, נאָר מאַמאָנט וויקטאָראָוויטשן זאָלט איר פריער צו וויסן טון... קלאָר?

— וועלכע ראָלן, ניקאָלאַי וואַסיליעוויטש?

— א־א־! איר האָט נאָך נישט? כ'האָב פאַרגעסן, אַז איך האָב זיי פאַרהאַלטן, געוואָלט אייך איבערגעבן אין האַנט, כדי ביי דער געלעגנהייט צו זאָגן וועגן דאַלסקיס פאַראָרדענונג. ער האָט געעפנט זיין שרייבטיש און אַרויסגענומען פון קעסטל 2 ביכלעך פון דער „ביליקער ביבליאָטעק“ און אַ פאַרשריבענעם העפט. איך האָב אַריינגעקוקט און נישט געגלויבט מיינע אויגן: אין „האַמלעט“ איז מיר באַשטימט די ראָלע פון „קיניג“, אין שילערס „די רויבער“ — דער „אַלטער מאָאָר“ און אין „אַקאָסטאַ“ — „דע־סילוואַ“.

איינגעפלעדט, מעסטענדיק מיט דער מאָס פון שאַבלאָן, האָב איך נישט געהאַט מיט וואָס זיך „איבערצונעמען“: דאָס זענען דריי „עליות“, וואָס יעדער „רעזשאָנער“ האָט זיי געזאָלט באַקומען. אָבער ערשטנס — „דע־סילוואַ“! דאָס האָט שוין קלאָר געטראָפן אין אויטאָריטעט פון וולאַדימיראָוון. נאָך „אוריאַלן“ איז אין „אַקאָסטאַ“ די אָנגעזעענסטע געשטאַלט אָן ספק „דע־סילוואַ“ און ער פירט אין דריטן אַקט מיט אַקאָסטאַן דעם באַרימטן דיאַלאָג.

אָבער דער גאַנצער באַדייט פון מיין סורפּריז איז באַשטאַנען אין דער מעלדונג, אַז איך זאָל אומגעשטערט ר ע ס ט אַ וו י ר ן דעם טעקסט לויט מיין אייגזען.

די באַציונגען צווישן מיר מיט דאַלסקין זענען אַריין אין דער פאַזע פון זיין ש ע פ ע ר י ש ן צוטרוי צו מיר און מיין וואַקסנדיקער פאַרליבקייט אין אים.

מען איז נאָך „אָטעללאָ“ צוגעטראָטן צו „די רויבער“. ער האָט גע־

שפּילט „פּראַנצן“, (געווען פֿאַלן ווען ער האָט געשפּילט אין זעלביקן ספּעק־ טאַקל „פּראַנצן און „קאַרלען“). מיר האָט אימפּאָנירט, וואָס ער האָט אַ סך געדולד און אויפֿמערק אָפּגעגעבן רוניטשן, וועלכער האָט געשפּילט „קאַר־ לען“, הגם צווישן די ביידע ברידער איז נישטאָ קיין איין געמיינזאַמע סצע־ נע... האָט אים געקימערט, הייסט עס, דער ס פּ ע ק ט אַ ק ל און נישט זיין אייגענער דערפֿאָלג, ווי מען האָט די געוווינהייט פֿאָרצוּוואַרפֿן אַקט־ יאָרן פֿון הויכן וועלט. דאַלסקי איז אין דעם פֿאַל — ווי אין אַ סך אַנדע־ רע פֿאַלן — געווען אַ מוסטער פֿון באַציִונג צו די אמתע ווערטן פֿון קונסט. אַ ר ו ם אים און נישט זיין שולד איז געווען, וואָס ער האָט אַזעלכע ווערטן אַרום זיך ט ר אַ ג יש־זעלטן אָנגעטראָפֿן... ׳

איך בין געשטאַנען אין דער קוליסע און געקוקט די פּראָבע. אומ־ געריכט האָט ער מיך דערזען און שרייט אויס:

— באַשערט אייך אַרומצוגיין מיט אַזאַ אומגליקלעכער קעל! איך וואָלט אָפּגעשפּילט „קאַרל מאָאָר“ ווי אַ גלאָז וואַסער אַראָפּשלינגען.

איך האָב זיך אָפּגעטראָגן וווהין די אויגן טראָגן פֿון אַזאַ מין „קאָמ־ פּלימענט“, באַגלייט פֿון רונימשעס אומצופֿרידענע בליקן...

## V. איין שפּראַך

צום העכסטן טרעפּל פון אונדזער קעגנזייטיקער סימפּאַטיע איז געקומען בעת „אַקאָסטאַ“.

אויף פּראָבע פלעגט ער שטיין נעבן סופלערס טישל און היות דער סופלער פלעגט אָפט אַוועקגיין אין שליחות מכל המינים, פלעגט ער אַליין, דאַלסקי, סופלירן... דערביי פלעגט ער שטודירן זיין זייער צאָלרייכע קאָרעספּאָנדענץ.

ווען אַקאָסטאַ קומט אַריין און זאָגט זיין ערשטע פראַזע:

„כ'האָב אייך געשטערט, דע־סילוואַ?“

ענטפערט אים דע־סילוואַ:

„אויב צו מיר זענט איר געקומען ווי
צום רופא, זייט באַגריסט. אַ רופא מוז
איך פאַרן שונא עפענען זיין טיר“.

אויף דעם זאָגט אַקאָסטאַ:

„אַ שונא, סילוואַ? צו מיין לערער קום איך“ און אַזוי ווייטער.

לייענענדיק זיין קאָרעספּאָנדענץ, האָט דאַלסקי אָפּגערעדט אַקאָסטאַס ערשטע פראַזע און מיט דער כונה מיר צו סופלירן — די צווייטע פראַזע, דע־סילוואַס, איך האָב אָבער, האָבנדי קאויסגעהערט די־סילוואַס פראַזע, דע־סילוואַס, איך האָב אָבער, האָבנדיק אויסגעהערט דע־סילוואַס טעקסט:

„אַ שונא, סילוואַ? צו מיין לערער קום איך
מיט אים זיך שיידן האָב איך היינט געוואָלט“

דאַלסקי האָט איבערגעריסן זיין קאָרעספּאָנדענץ און מיט אויסגעגלאָטשטע אויגן אויסגערופן:

— זייט מוחל, יונגער מאַן! אוריאלן שפּיל איך היינט. איר שפּילט, — דע־סילוואַן!

— טאָ רעדט אוריאלס טעקסט, איר האָט דאָך דאָ גערעדט — דע־סילוואַס.

— איך האָב אייך סופלירט — זאָגט ער אויפגערעגט.

— און איך האָב אייך סופלירט — ענטפער איך רואיק.

— ווער האָט אייך געבעטן מיר סופלירן „אַקאָסטא“? שרייט ער אויס.

— איך האָב אויך קיינעם נישט געבעטן מיר סופלירן דע־סילוואַ — זאָג איך מיט אַ שמייכל.

— איר קענט שוין די פּערזן? אין איין טאָג?

— די גאַנצע פּיעסע, מאַמאָנט וויקטאָראָוויטש! שוין עטלעכע יאָר...

האָט מען געדאַרפט זען, וואָס מיט דעם מענטש איז געוואָרן! זיין קראַנקהייט האָט אים געמאַכט איבערטריבן פּילבאַר... ער האָט נישט געפונען קיין מיטל אויסצודריקן זיין אַנטציקונג פאַר א יונגן שוישפּילער, וואָס טראָגט אין האַרצן דעם נישט אויסגעשפּילטן אַקאָסטאַ־טעקסט. ער האָט פאַרגעסן אין זיין קאָרעספּאָנדענץ און אָנגעהויבן רעפּעטירן אַקאָסטא אין מיר אין זשעסט. איך האָב אים געענטפערט... די פּראָבע האָט זיך אָפּגעריסן פון „גראָדנער“ באָדן.

אין 2־טן אַקט אין דער סצענע, ווען דע־סילוואַ דערקלערט בן יוחאין וואָס מיט אים קומט פאַר אונטערן רושם פון אַקאָסטאס טראַקטאַט:

„איך האָב געפילט — עס האָט אַ רעניקער זיך
פאַר מיר אַנטפּלעקט פון אות צו אות, פון בלאַט

צו בלאַט...“ —

בין איך אַוועק אין די הויכן פון באַגייסטערונג און זיך צעשפּילט מיט אַלע סטרונעס פון מיין האַרץ, וואָס איז אין דעם ווערק פאַרליבט פון קינדהייט...

איך האָב די סצענע מיט יוחאי, (וועלכן געשפּילט האָט שורא אדרי). געפירט אין טענער און אויף אַן אופן, וועלכע מאַמאָנט דאַלסקין איז נישט אויסגעפאַלן אָ פּ ט אַנצוטרעפן אין די באַדינגונגען פון זיינע גאַסטראָלן...

אייהער ער איז אַרויס אויף דער בינע צו פירן זיין סצענע מיט יהודיתן, איז ער צוגעגאַנגען צו מיר. אויפן פנים האָט געשטראַלט זיין

צוויבערהאַפּטיער האַלסקישער שמייכל. ער האָט מיר אָנגענומען ביים עלנבויגן און שטיל געזאָגט:

— איר האָט אַן אומגליקלעכן האַלדז, מיין קינד, אָבער אייערע אינערלעכע ווערטן זענען שטאַרקער ווי אייער הייזעריקייט. זאָרגט נישט: ראָשטשין-אינסאַראָוו האָט נישט קיין העלפט פון אייערע שטים-מיטלען, און דאָס שטערט אים נישט צו זיין — דער בעסטער „טשאַצקי“ אויף דער רוסישער בינע...

און מיט אַמאָל האָט ער זיך אויסגעדרייט צו אַלעמען אַרום און מיט אַ געלעכטער אויסגעשאָסן:

— שילדקרעט זאָגט, אַז אַן אַקטיאָר מוז באַזיצן דריי זאַכן: אַ קול, אַ סיוזשעט און אַ „ווישאַדקע“ (דאָ האָט ער נאָכגעקרימט, ווי אַזוי שילדקרעט רעדט אויס דאָס וואָרט: „ווייכאַר“, וואָס באַדייט „אויפטריט“). איר האָט, מאַרעווסקי, אַ פאַרשיוון קול, אָבער אַ געלונגענע „וויכאָדקע“ און גאָר אַ רייכן „סיוזשעט“... דאַגה'ט נישט און שיבור'ט נישט: איר וועט זיין אַן אַקטיאָר!

עס איז געקומען אַ פּאַרסאַפּעטער שילדקרעט, האָט עפּעס אַריינגערוימט האַלסקין אין אויער, יענער האָט זיך אַרומגעקוקט, אַ געשריי געטאָן: „רעפּעטירט אָן מיר דעם „חרם“ און איז, פייל פון בויגן, פאַרשוונדן.

שילדקרעט האָט געמאָלדן: „מיר גייען ווייטער“ און, אָנגענעמענדיק קירסאַנאָוואַן פאַר דער האַנט, אַרוים מיט איר און אָנגעהויבן אויף זיין אופן רעדן אוריאַלס מאָנאָלאָג. געלאַכט האָט קיינער נישט און איך האָב נישט... געוויינט.

מיטאַמאָל איז האַלסקי אַריינגעפלויגן ווי אַ שטורעמווינט און אַ געשריי געטאָן:

— די שלום-סצענע פון 3 אַקט! ווער שפּילט די מוטער?

— מאַמאָנט וויקטאָראָוויטש — האָב איך אָנגעהויבן שיעור נישט מיט טרערן אין די אויגן: ווי קאָנט איר 'מיך לאָזן שפּילן מיט אייך דעם דיאַלאָג אָן אַ פּראָבע! לאָמיר דורכגיין די סצענע איין מאָל...

— אַ! איר זענט עס? נו וואָס זאָל איך מיט אייך טאָן! לאָמיר די סצענע דורכגיין און אויב שוין דורכגיין, איז נישט איין מאָל נאָר גאַנצע צוויי מאָל... אָבער זאָגן מוז איך אייך און איך בעט אייך פאָרויס נישט פאַריבל האָבן, אַז די סצענע שפּילן האָב איך געקאָנט פון אַלע „דע-סילוואַס“ — מיט א יי נ ע ם: אַלעקסאַנדער פּאַוולאָוויטש לענסקי!

ראָ זענען ביידע געשטאַלטן — ווי אַקאָסטאַ אַזוי דע=סילוואַ — אין אַ גלייכער מאָס הורכן אויטאָר באַלויכטן. זייער אָפט דאָמינירט אַפילו סילוואַ איבער אוריאַלן — אין די פאַלן, ווען אוריאַלן שפּילט אַ יונגער אַקטיאָר, וועלכער האַלט נישט אויס דעם גלייכגעוויכט, אָפּטרעטנדיק פאַר דער מייסטערשאַפט פון אַלטן, דערפאַרענעם מייסטער, וועמען די ראָלע פון דע=סילוואַ ווערט געווייינלעך אָנפאַרטרויט. האָט זשע נישט קיין פּאַריבל און קיין עגמת נפש, אויב אין דער הייַנטיקער פאָרשטעלונג וועט עס קלינגען ווי אויף אַ האַרפע מיט טיילווייז געפּלאַצטע סטרונעס... איר האָט זיך, זע איך, באַליידיקט?

— וואָס פעלט אייך איין, מאַמאָנט וויקטאָראָוויטש! וועלכע גרונטן האָב איך זיך צו באַליידיקן? מיר פאַרדריסט בלויז, וואָס איך וועל אייך קאַליע מאַכן אַזאַ סצענע.

דער ספּעקטאַקל איז געגאַנגען מיט בליץ און גלאַנץ פון ערשטן אויגנבליק. די סצענע אונטערזערע אין דריטן אַקט איז באַדעקט געוואָרן מיט אַפּלאָדיסמענטן. אין דער סצענע מיט דער מומער, צום שלוס פון אַקט, האָט דאַלסקי יענעם אָוונט, ווי מען רופט עס, „איבערגעשטיגן זיך אַליין“. מיר שיינט ביז הייַנט, אַז אוריאַל איז געווען די איינציקע ראָלע, וועלכע ער האָט געשפּילט נישט פראַגמענטאַריש, נייערט — פון ערשטן אָטעמצוג ביזן לעצטן אַקאָרד.

באַלד אין אָנהויב פון אַנטראַקט בין איך אַריין צו אים אין גאַרדעראָבע פרעגן ווי ווייט איך האָב אים אין אונדזער סצענע געשטערט...

ער איז געזעסן, האָבנדיק פונאַנדערגעוויקלט די וואָלענע באַנדאַזשן, וועלכע ער האָט שטענדיק געטראָגן אויף די פיס. איך האָב, אַריבערטרעטנדיק דעם שוועל, זיך געכאַפּט, אַז מען האָט אין דער מינוט נישט געדאַרפט אַריינקומען צו אים, אָבער צוריקטרעטן איז שוין געווען שפּעט.

— וואָס איז? האָט ער מיט אויפרעגונג אַ פרעג געטאָן: עפּעס געשען? רעדט קורץ! צו דער זאַך!

— איך האָב נאָר געוואָלט פרעגן, צי איך האָב אייך נישט צעשטערט די סצענע, מאַמאָנט וויקטאָראָוויטש.

פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ שאלה איז נישט קיין גרונט צו שטערן אַ חולה פאַרלייכטערן זיינע ליידן און איבערוויקלען באַנדאַזשן אויף די וווּנדן... איך האָב פשוט געוואָלט זיך לאָזן לויפן, אָבער איידער איך האָב זיך אויסגעדרייט צו דער טיר, הער איך — ער זאָגט מיט פאַרדראָס און אויפגערעגט:

— פאַרדרייט נישט אָן גוצן דעם קאָפּ, מאָרעוווסקי, איר זענט אַן אַקטיאָר מיט אַלע 'פּעדים פון לייב און זעל... שפּילן מיט אייך איז אַ גענוס... לאָזט מיך איצט אַליין, זאָגט דאָרטן, אַז דער אַנטראַקט וועט דויערן לענגער.

איך דערצייל דאָ וועגן מיין לעבן. איך האָב נישט קיין מעגלעכקייט און אויך נישט קיין רעכט צו שילדערן אינטימע פּרטים פון עמעצנס פרעמדן לעבן און איך קאָן נישט רעדן וועגן דאַלסקיס וווּנדן פון דער שלעכטער מחלה, אָבער ווי ג ר ו י ס איז געווען אָט דער ריז אין מיינע אויגן ווען איך בין אַרויס פון גאַרדעראָבע און אַוועקגעטראָגן מיט זיך דעם גאַנצן קאָמפּלעקס פון שעפערישן גענוס מיט 15 מינוט פריער אויף די בינעברעטער 'נעבן די לעצטע 3 מינוט, ווען איך האָב אים דערזען אַליין מיט זיין אומגליק און פּיין... ווי טיף־דערשיטערנדיק האָב איך א י צ ט דערפילט דעם טראַגיזם, מיט וועלכן דאַלסקי האָט אָקאָרשט געשפּילט די סצענע מיט אוריאלס בלינדער מוטער! ווי נאָענט און ווי ליב זענען איצטער 'מיר געוואָרן די אָוואַציעס פון אויפגעטרייסלטן זאַל!

אויף די פּראָבן פון „האַמלעט“ האָט ער זיך באַוויזן פון צייט צו צייט, אויף עטלעכע מינוט און — פאַרשווונדן: האַמלעטן האָט „רעפּעטירט“ — לעאָניד מיכאַילאָוויטש שילדקרעט. ווי אַ שטריך, וואָס וועט מאָלן די סיטואַציע אין איר גאַנצן ט ר אַ ג י ־ ק אָ מ י ש ן מהות, זאָל דאָ באַצייכנט ווערן, אַז שילדקרעט האָט האַמלעטס טעקסט געקענט — א ו י ס ג ע וו יי נ י ק און מינוטנווייז האָט עס אויסגעזען, אַז ער און נישט קיין אַנדערער שפּילט דעם פּרינץ פון דענעמאַרק. אַ גליק, 'וואָס ער פלעגט דורכלאָזן מאָנאָלאָגן, דערלאַנגען בלויז רעפּליקעס.

אין 3־טן אַקט איז געקומען צו אַן ערנסטן קאָנפליקט צווישן מיר מיט איזוואָלסקין. נאָך האַמלעטס סצענע מיט אָפעליען („אין קלויסטער גיי, אָפעליע“). ווען האַמלעט פאַרשווינדט, באַווייזט זיך דער קיניג מיט פּאָלאָניוסן, און מיט דער קיניגין פון הינטערן פאָרהאַנג, ווו זיי האָבן זיך געהאַט באַהאַלטן און אונטערגעהערט די סצענע צווישן האַמלעטן מיט אָפעליען.

דער קיניג זאָגט: „ניין! ער איז נישט משוגע! אַלץ, וואָס ער
האָט דאָ גערעדט, איז אומגעלומפּערט, נאָר
שגעונות איז עס נישט! קיין ענגלאַנד פאָרט ער!
באַשלאָסן! אַ סכנה איז צו לאָזן
אַרומגיין פריי און פראַנק אַ חסר דעה.“

איך האָב אַ פרעג געטאָן דעם רעזשיסער: ווי שטייט האַמלעט, רעדנ־דיק די ווערטער, ווען וועלכע דער קיניג זאָגט זיך דאָ ארויס?

נישט אַרויסלאָזנדיק פון לינקער האַנט זיין ברעלאָק, האָט איזוואָל־סקי מיך אָנגעקוקט מיט זיין באַהאַלטענעם שמייכל אויף די ליפּן...

— וואָס גייט עס אייך אָן, ווו האַמלעט שטייט בעת איר זענט אויף דער בינע נישטאָ?

— איך מוז עס וויסן, כדי צו שפּילן מיין סצענע.

— איך פאַרזיכער אייך, אַז דער עולם וועט היינט קומען קוקן דאַל־סקין, נישט אייך.

— דאַלסקין וועט דער עולם היינט קוקן אין „האַמלעט" און אין „קיניג" וועט ער מוזן קוקן — מיך. דעריבער בעט איך אייך, ניקאָלאַי וואַסיליעוויטש, מיר נישט שטערן נאָר העלפן מיינע סצענעס צו באַלויכטן און אָפּשפּילן, נישט שטערנדיק דאַלסקין צו שאַפן דאָס, וואָס האָרף גע־שאַפן ווערן אין דעם גאַנג פון ספּעקטאַקל.

עס איז הערוויל צוגעגאַנגען שילדקרעט. ער האָט שוין מיט מיר קיינע סכסוכים וועגן „שעקספּיר־שמעקספּיר" מער נישט פאַרפירט. דער־הענגריק וועגן וואָס דאָס מאָל האַנדלט זיך, האָט ער אַ קוק געטאָן איז־וואָלסקין אין די אויגן, אַ קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס און ביידע האָבן זיך צעלאַכט און אַוועק.

אויפן ספּעקטאַקל האָב איך די סצענע געשפּילט עקספּראָמט, אָן איין פּראָבע. נאָך דער סצענע גייט דער אַקט אַ שטאַרקע האַלבע שעה און ווען דער פאָרהאַנג איז געפאַלן, האָט דאַלסקי נישט געוואָלט אַרויסגיין אויפן אַפּלאָז ביז וואַן מען האָט מיך געבראַכט צו די קוליסן און מיר זענען אַרויס זאַלבעדריט: האַמלעט, די מוטער און דער קיניג.

איינמאָל מעלדעט מיר שורא, אַז „מאַמאָנט" (צווישן זיך פלעגן מיר אים אַנדערש נישט רופן) לאַדט אונדז ביידן היינט נאָך דער פאָרשטע־לונג איין צו אָוונטברויט אין רעסטאָראַן, ווו שילדקרעט האָט שוין באַ־שטעלט אַ קאַבינעט.

געגאַנגען איז דעם אָוונט „אַקאָסטאַ". דער ספּעקטאַקל איז געווען, פאַרשטייט זיך, מיין יום־טוב... אין קיין שום אַנדערן האָב איך נישט גע־פילט, אַז איך בין דאַלסקיס פּ אַ ר ט נ ע ר — אַזוי ווי אין „אַקאָס־טאַ" און ערגעץ האָב איך נישט געהאַט דעם צופאַל צו קאָנטראָלירן אין וועלכער מאָס איך קאָן זיך באַטראַכטן פאַר אַן אַקטיאָר, וואָס איז אַריבער געשטיגן דעם דורכשניט, אַוועק פון „מיטלמעסיקייט", ווי אין אָט דעם

ספעקטאַקל. איך האָב דעם אָוונט ווידער געשפּילט באַגייסטערט גישט בלויז צוליב דעם אינהאַלט פון דער ראָלע נאָר אויך צוליב דעם, וואָס מיר מיט שוהאַן שטייט פאָר נאָכן ספּעקטאַקל אַזאַ געשעעניש ווי פאַרברענגען מיט „מאַמאָנטן“ אַ נאַכט — און נישט בלויז אין פרעסן און זויפן...

און יענע נאַכט איז באמת פאַרבליבן אויפן גאַנצן לעבן...

אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט אַן עפּיזאָד, וואָס האָט געמאַכט אַ סוף צום גאַנצן „יום־טוב“ ביים סאַמע אָנהייב.

איך האָב פון מיינע ערשטע שריט אויף די בינע־ברעטער אַזאַ געוווינהייט: איך טו זיך אָן צום אויפטריט און גרימיר זיך ווי מעגלעך שנעל... לאַנגע „שהיות“ צום ספּעקטאַקל דערשלאָגן ביי מיר יעדע שטימונג. האָקעגן קאָן איך נישט שנעל זיך צוריק „אַרויסבאַקומען“ פון דער געשפּילטער געשטאַלט און נאָכן ספּעקטאַקל בלייב איך אָפט אַן אויסגעשעפּטער לאַנג זיצן אין דער גאַרדעראָבע.

האָס מאָל, ווייסנדיק, אַז דאַלסקי וועט וואַרטן, האָב איך זיך באַמיט וואָס שנעלער צו „קומען צו זיך“, אָבער איך האָב נאָך נישט באַוויזן אויסצוטאָן דע סילוועט אָנטועכץ הער איך — שירא שרייט: „גיכער דאָרטן, מאַמאָנט וויקטאָראָוויטש, וואַרט ראָד“. איך האָב זיך איבערגעטאָן און אַרויסגעלאָפן פון גאַרדעראָבע, ווישנדיק פון פנים דעם וואַזעלין מיט אַ טאַשנטיכל...

האַלסקי איז געשטאַנען אין לאָזשע, באַטראַכט דאָס טעאַטער און מיטאַמאָל הער איך:

— א שיין טעאַטער'ל אַ שאָד! די יידליאַקעס וועלן אים פאַרברודיקן...

פון דער הינטער זייט דערביי איז געווען אַ טיר צום הויף. איך בין אַרויס דורך דער טיר און זיך געלאָזט גיין אַהיים.

דאַלסקי איז דערווייל אַרויס אין דרויסן, זיך אַריינגעזעצט אין ציגעגרייטן שליטן און שרייט:

— נו ווו איז ער שוין דאָרטן דער לא־יוצלח־אַרטיסט! זאָגט אים ער זאָל קומען אין באָרד מיטן פאַרוק. ס'איז קאַלט צו וואַרטן אויפן פראָסט!

האָט זיך אַריינגעמישט ארדי:

— לאָמיר פאָרן אָן אים, מאַמאָנט וויקטאָראָוויטש!

— און ווו 'איז מאָרעווסקי?

— ער איז אַוועק אַהיים.

— ס'טייטש „אַהיים“, פאַרוואָס?

— ער'ט זיך באַליידיקט.

— ווער האָט אים באַליידיקט? ווי אַזוי? פאַרוואָס? און וואָס האָט עס צו טאָן מיט אונדז? מיט מיר?

— איר האָט אַ זאָג געטאָן, אַז יידליאַקעס וועלן פאַרברוידיקן דאָס טעאַטער... פאַר מאַרעווסקין איז עס געגוג. ער וועט אין רעסטאָראַן נישט פאָרן... ער האָט זיך דורכן טויער אַרויסבאַקומען אין גאַס און אַוועק אַהיים.

דאַלסקין האָט ווי אַ הונער געטראָפן. ער איז אויפגעשפּרונגען אין שליטן און זיך צעשריגן:

— משוגע איז ער? אָדער שיכּור צו אַלדע שוואַרצע יאָר! ווו איז ער? איזוואָשטשיק! יאָג! נאָך אים!

זיי האָבן מיך דעריאָגט אויפן פּלאַץ, וועלכער איז געווען באַדעקט מיט אַ שניי־טעפּיך, וואָס אַ מענטשלעכער פוס האָט נישט געהאַט באַטראָטן.

איבערגעבן דאָ דעם דיאַלאָג צווישן מיר מיט אָט־דעם ווילדן מענטש איז לחלוטין אוממעגלעך. דער זין איז געווען לערך, אַז האַלטן אים — נאָך דעם, ווי ער האָט אָקאָרשט געשפּילט אַקאָסטאַן — פאַר אַ כוליגאַן און פאַר אַ יוראָפּאָב, פּאַסט פאַר אַ „שוטה“, און איך בין לויט זיין מיינונג — „נישט קיין שוטה“, בעט ער מיך די שטותערייען לאָזן צורו, און זיך גיכער אַריינזעצן אין שליטן, ווייל אים איז קאַלט...

מיין תשובה האָט אים געלאָזט הערן, אַז, היות איך בין אַ טייל פון יענעם גאַנצן, וואָס וועט לויט זיין איבערצייגונג פאַרברוידיקן דאָס טעאַטער, ווייל איך נישט, קאָן איך נישט און וו ע ל נ י ש ט ב ש ו ם א ו פ ן שטערן אים זיין אָוונט־ברויט און מיט מיין בעסטן דאַנק פאַרן כבוד בעט איך מיך. נישט פּרוון איבעררעדן, ווייל איך וועל מיט אים צום אָוונט־ברויט נישט פאָרן.

פאַרוואָס איך האָב מיך נאָך מיין דערקלערונג נישט אויסגעדרייט מיטן רוקן און נישט אַוועקגעגאַנגען, דאָס וואָלט דער לייענער פאַרשטאַנען, ווען ער וואָלט געזען — אַזוי ווי איך האָב דאַן געזען — דאַלסקיס פּנים: פאַרחידושט און אין בליק אַ מין שרעק, וואָס קאָן שטאַמען פון עפּעס אַן אומגעריכטער איבערראַשונג... איך האָב געקוקט אויף אים, קיין שפּור פון דער באַליידיקונג, וועלכע איך האָב דערפילט מיט 5 מינוט צוריק, איז אין מיר שוין נישט פאַרבליבן, ווייל קיין שפּור פון ברוטאַלן לייכטזין איז אין אים שוין נישט פאַרבליבן... איך האָב איצט געטראַכט

וועגן זייַנע וווּנדן און אין אויער האָט בײַ מיר געקלונגען דער מאָנאָלאָג וועגן „בלינדן קלעזמער“. די ווײַ־רופֿן צו דער בלינדער מוטער און — די שלום־סצענע...

ווי שטיינערנע פֿיגורן זענען מיר אַזוי געשטאַנען אינמיטן פּלאַץ אין שײַן פֿון דער לבֿנה. נאָך אַ מינוט 3 — 4 שטיין אין שליטן האָט ער זיך האַסטיק אַוועקגעזעצט און — אָפּגעקערט האָס הערשראָקענע פּנים.

— איך האָב אײַך ביז איצט געהאַלטן פֿאַר אַ יונג מיט שכל און פֿאַרשטענדעניש פֿאַר די טיפֿעניש פֿון מענטשלעכן גייסט. אָדער איך האָב אַ טעות געהאַט, אָדער דאָ איז בײַ אײַך עפּעס אַ ספּעציעלער פּונקט. מיר האָט זיך אויפֿריכטיק געוואָלט פֿאַרברענגען מיט אײַך אַ פּאָר שעה, אַ שמועס טאָן וועגן ספּינאָזאָן, אַקאָסטאַס תלמיד, אויסהערן אײַערע באַמערקונגען וועגן אונדזער צוזאַמענאַרבעט; וועגן אַ סך זאַכן, וועלכע זענען אונדז ביידן גלייך ליב און נאָענט, אָבער — אויב איר האַלט, אַז אײַך איז וויכטיקער זיך אָננעמען פֿאַרן כּבֿוד פֿון יענעם טייל גראָדנער ייִדן, וועלכער גייט נישט אָפּט אין באָד אַרײַן, איז עס אײַער זאַך. קיין מחילה פֿאַר מײַן לעקסיקאָן און אופֿן רעדן וועל איך נישט בעטן: „ליבט מיך אַ שוואַרצינקן!“ פֿאָרט איר מיט מיר נישט, זענען מיר מערנישט באַקאַנט, עס טוט מיר זייער לייד, אָט האָט איר צום אָפּשייד מײַן האַנט, מאָרעווסקי!

ער האָט אויסגעשטרעקט זײַן האַנט. איך האָב זי שטאַרק געדריקט. ער האָט מיך אַ שלעפּ געטאָן אין שליטן. שורא אַרדי האָט מיך פֿון הינטן אַרײַנגעשטויסן. אַרדי האָט אַ שפּרונג געטאָן פֿון פֿאָרנט צום איזוואָשטשיק און אַ געשריי געטאָן:

— ה יי ד א! צום רעסטאָראַן!

# VI. אַקטיאָר מיט לייב און זעל

איז עס אמת, אַז אינדיווידואומען, וועלכע זענען באַשאָנקען מיט גרויסע פעיקייטן אויף איין געביט פון שאַפן, פון וויסן, פון אַרבעט — ווייזן זיך אַרויס ווי רונדע טאַלענטלאָזיקייטן אויף אַנדערע געביטן?

אָבסערווירנדיק האַלסקין, האָרכנדיק זיינע רייד, באַגעגענדיק זיינע באַהויפּטונגען וועגן פאַרשידענע דערשיינונגען — פון לעבן — פון קונסט, פון ליטעראַטור, פון אַלטאָג — האָבן מיר זיך איבערצייגט, אַז ער האָט געקאָנט זיין אַן ערשטקלאַסיקער אַדוואָקאַט, ווי קאַראַבטשעווסקי (וועלכער איז געווען אַן אַדוואָקאַט און האָט די בינע פאַרלאָזן) און אַ וויסנשאַפטלער ווי פּאַוולאָוו אָדער טימיריאַזעוו און אַ טוער אויף יעטוועדן באָדן — אַזוי אַלזייטיק האָט ער אַנטפּלעקט פאַר אונדז יענע נאַכט זיין באַאָבאַכטונגס־קראַפט, זיין שאַרפן שכל, זיין טיפן בליק.

אָבער אין דער אמתן איז האַלסקי געווען נ אָ ר אַ ן אַ ק ט י אָ ר, און קיין אַנדער זאַך האָט ער זיין נישט געקאָנט און נישט געוואָרן, און — ווען ער וואָלט וועלן, וואָלט ער געבראָכן דעם קאָפּ אויפן ערשטן עטאַפּ.

ווייל די אמתע גדלות פון אַקטיאָר באַשטייט אין דעם, וואָס ער לעבט און ציטערט און אָטעמט און לויכט און לעשט זיך אויס — נישט אין שייכות מיט אַ וועלכן עס איז קאָנקרעטן ציל, וואָס פאַר אים שטייט, נייערט אין שייכות מיט זיין דערוועקטער פ אַ נ ט אַ ז י ע: דורך ד ע ר — שפּילנדיקער אידיי, אויסטראַכט, געדאַנק און געשטאַלט... ווערנדיק אָנגעצונדן פון דעם אויסטראַכט, פאַנטאַזיע, פון דעם פּראָבלעם אין אַ נייער ראָלע, לעבט אַן אַקטיאָר אין פלאַם פון אָט דעם מיראַזש, אָנפילנדיק דעם אויסטראַכט מיט די זאַפטן פון זיין האַרצן, מיטן בלוט פון זיינע אָדערן.

מחוץ די נויטן און פאַרשריפטן פון קינסטלערישן אויסטראַכט, אויסער דער „פּעל" פון זיין ר אָ ל ע, איז אַן אַקטיאָר תמיד און

אומפאַרמיידלעך אַ הילפלאָזער סוביעקט, וועלכער פלעכט זיך קיים־קוים אַרײַן אין אַרומיקן אומגאַנג.

די פּראָצעסן פון פאַרשריט אין אונדזערע יאָרצענדליקער באַשטיין געמלעך אין דעם, אַז אין באַדינגונגען פון געענדערטע סאָציאַלע באַציונגען, ווען דעם מענטשן וועט נישט אויסקומען „אויסצוקעמפן" זיין אָרט אין לעבן און זיין שטיקל ברויט, מוזנדיק אין דאָזיקן „קאַמף" כסדר עמעצן אָוועקשטויסן, באַזייטיקן, פאַרניכטן — אין געזונטע געזעלשאַפטלעכע באַציונגען, זאָל דער מענטש וואָס ווייטער אַלץ מער זיך דערנענטערן צום טרעגער פון די העכסטע ווערטן פון גייסט, פאַרשטאַנד און אינטעלעקט און זאָל פאַרלירן די רעשטלעך און שפורן פון יענע מידות, וואָס ער האָט געהאַט בעת ער האָט געקעמפט אין דזשונגלי פאַר זיין קיום — מיטן כוח פון זיינע נעגל און חיה'שע אינסטינקטן.

אַקטיאָר איז געמלעך דער מוסטער פון אַט דעם אידעאַל. און זיין קונסט שטעלט מיט זיך פאָר נישט נאָר אַ סכום פון געוויסע געשיקטע גענג, וועלכע מאַכן אים פאַר מייסטער איבער אַן אינסטרומענט, וואָס הענגט אויף דער וואַנט בעת ער ווירקט נישט — אַן אַקטיאָר איז גלייכצייטיק אַליין, זייענדיק מייסטער, — אויך דער אָביעקט פון זיין מייסטערשאַפט. און דעריבער איז זיין מאָראַלישער פּרצוף, זענען די אייגנשאַפטן פון זיין האַרץ, איז זיין שמייכל, זענען זיינע אויגן אינטעגראַלע טיילן — פון זיין קונסט!

מיר מוזן דאָך באַגרייפן, אַז די קונסט אויף דער בינע, דער יש פון ספּעקטאַקל, דער ווירקנדיקער יסוד, וואָס באַוועגט דעם צושויער — דאָס זענען נישט די ווערטער, וועלכע עס האָט אָנגעשריבן דער מחבר, וועלכע האָבן געלעבט ביזן געגעבענעם ספּעקטאַקל און וועלן לעבן נאָך אים — 3 חדשים אָדער 300 יאָר. דאָס לעבן פון ספּעקטאַקל איז יענע סימפּאָניע פון געפילן און געדאַנקען, וועלכע עס וועט לאָזן הערן — דער, וואָס לעבט אַט די 3—4 שעה אויף די בינעברעטער און פאַרקערפּערט די געשטאַלט, וואָס דעם מחברס טעקסט האָט אָנגעמערקט. אַזאַ געשטאַלט פון דראַמאַטורג, וועלכע ווערט אויסגעשעפּט פאַרן צושויער ביים לייענען דאָס ווערק ביים טיש — איז ליטעראַטור. פאַרשטייט זיך, אַז טשעכאָוו, אָדער טורגעניעוו, אָדער שעקספּיר זענען בעתן לייענען — גרויסע דערגרייכונגען, אָבער דאָס זענען נישט קיין דערגרייכונגען פון טעאַטער!

פֿאַר אַ ס צ ע נ י ש ע ר דערגרייכונג האָבן „די מעווע“ געמאַכט מייסטערס פֿון טעאַטער. און אין דער מייסטערשאַפֿט פֿון טעאַטער איז דער גרונט פֿון אַלע־דעם אַקטיאָרס פֿערזענלעכקייט, הגם אויף די וועגן פֿון דער אַנטוויקלונג פֿון דער סצענישער קונסט האָבן אַ סך המצאות און זוכענישן אַוועקגעפֿירט די בינע — פֿ ו ן אַ ק ט י אָ ר — צו אַנדערע באַגלייטנדיקע פֿאַקטאָרן. דאָס זענען אַלץ פֿאַרבײַלויפֿנדיקע עטאַפּן. דער יסוד פֿון בינע איז דער לעבעדיקער מענטש, זײַן צאַפּלדיק געוויסן, קיין שטאָלצע געשטאַלט, זײַן פֿלאַמענדיק האַרץ, זײַן איבערקערפּערונג אין געשטאַלטן, וועלכע פּרײדיקן פֿאַרן צושויער די אמתן פֿון אַלע צײַטן, פֿון אַלע וועלטן, פֿון אַלע שטרעבונגען פֿון מענטשן — צו זײַן פֿרײַ, צו זײַן גליקלעך, צו שמידן זײַן לעבן און זײַן גורל.

אין יענער אומפֿאַרגעסלעכער נאַכט איז מיר אויסגעפֿאַלן דאָס איינציקע מאָל אין לעבן צו באַוווּנדערן אַ געניאַלן אַקטיאָר אין אומשטענדן, וואָס האָבן אַרויסגערופֿן און געמאַכט קלינגען די בעסטע טענער פֿון זײַן רײַכער נאַטור.

איך ווייס, אַז אין קאַבינעט איז מיט אונדז געווען אַלעקסאַנדער ניקאָלאַיעוויטש אַרדי... איך ווייס, אַז עס האָט זיך באַוויזן שילדקרעט, דוכט זיך — געבראַכט דאַלסקין געלט. אָבער, ווײַסנדיק וועגן אָט די פּרטים, געדענק איך נאָר די צויבערהאַפֿטע טענער פֿון דאַלסקיס קול און די ביז הײַנט נאָך נישט אָפּגעקילטע ווירקונג פֿון זײַנע רייד...

וועגן וואָס האָט ער גערעדט? כּדי איבערגעבן אַ ל ץ, וואָלט מען געמוזט אָנשרײַבן אַ פֿאָליאַנט — פֿון אָפּגעריסענע געדאַנקען, אויסדרוקן, פּאַראַדאָקסן, אַפֿאָריזמען, געשטאַלטן, סצענקעס.

דאַלסקי האָט ווונדערבאַר און קאָמיש געשילדערט, ווי אַזוי ער האָט „פֿעדקען געלערנט“ „מאַכן איוואַן סוסאַנינען“. שפּעטערדיקע יאָרן האָב איך אין די ביאָגראַפֿיעס פֿון פֿיאָדאָר איוואַנאָוויטש שאַליאַפּין געלייענט, אַז ער האָט בײַ דאַלסקין אַ סך געלערנט, אָבער יענע נאַכט האָט עס אָפּגעקלונגען אומגעריכט, און עס וואָלט נישט געווען אונדזער צוטרוי, ווען מאַמאָנט וויקטאָראָוויטש וואָלט נישט אַרײַנגעדרונגען אין אונדזערע הערצער און מיר וואָלטן זיך נישט דורכגעדרונגען צו אים מיטן פֿולסטן צוטרוי. אַלץ, וואָס מיר האָבן אויסגעהערט, האָט געקלונגען ווי אַנטפּלעקונגען און אַרויסגערופֿן לוסטיקע התפּעלות.

— אַך דו, באַלביעס,* דו נישט־פֿאַרקעמטער קאָפּ אײנער! פֿון אַזאַ מין „זײַ פֿילן דעם אמת" דײַנעם וועלן זיך די פּאָליאַקן דאָך אויפֿכאַפּן פֿון שלאָף און וועלן דיך טײטן אײדער דו וועסט אָפּזינגען די ווײַטערדיקע צוויי טאַקטן דײַנע. הויב אָן אינדערשטיל, מיט פֿאָרזיכט, זיך אַרומקוקנדיק. האָט ער אָנגעהויבן זינגען ווי איך האָב אים געלערנט — פּיאַניסימאָ — און האָט אײַנגענומען גאַנץ רוסלאַנד... אַ יונג מיט ביינער, נישטאָ וואָס צו רעדן...

דער „יונג מיט ביינער" איז שוין יענע יאָרן — 1910—11 — געווען בוכשטעבלעך אַן אָפּגאָט נישט נאָר פֿון פּעטערבורג און מאָסקווע — אויך פֿון אַ רײַ פֿרעמדע סטאָליצעס.

צו יענער צײַט פֿלעגט מען אָן אויפֿהער רעדן וועגן דער מעשה, ווי שאַליאַפּין האָט געקניט פֿאַרן קייסערס לאָזשע, און האַלסקי האָט וועגן דעם דערציילט אינטערעסאַנטע, אים באַוווסטע פּרטים.

שאַליאַפּינס אויפֿפֿירונג האָט, ווי באַוווסט, אויפֿגערודערט די גאַנצע פּראָגרעסיווע עפֿנטלעכקייט און אַרויסגערופֿן אַ שטורעם פֿון פֿאָלקסצאָרן. וועגן דעם איז איבעריק צו רעדן.

אונדז אינטערעסירט דאָ האַלסקיס שטעלונג צו דעם געשעעניש.

עס מוז געזאָגט ווערן, אַז דאָ זענען צום אויסדרוק געקומען די שפּורן פֿון די ווייטיקן, וואָס האָבן זיך בײַ אים אָנגעקליבן פֿון די יאָרן, וועלכע ער האָט פֿאַרבראַכט אויף דער אימפּעראַטאָרישער בינע... אַלע, וואָס זענען דאָרט פֿאַרבליבן, זענען געווען פֿאַר אים — „באַאַמטע" פֿון הויפֿמיניסטעריום. און ער האָט נישט געזען קיין שום אומדערוואַרטעטעס אין דעם פֿאַל, וואָס אײנער פֿון די „באַאַמטע", אַ „סאָגאַוניק", סאָליסט י ע ו ו אָ ו ו ע ל י ט ש ע ס ט ו ו אַ" האָט אַרויסגעוויזן אַ מין אויסדרוק פֿון אַן „עבֿד כּנעני".

— דאָרטן ווערט אָן פֿאַרשקלאַפֿונג קיין איין שריט נישט געמאַכט! היינט פֿאַרן מיניסטער, מאָרגן אײנער לגבי אַ צווייטן, בײַם באַגריסן, בײַם געזעגענען, בײַם ווינטשן דערפֿאָלג, בײַם דערלאַנגען די האַנט, בײַם קושן זי... פּרוווט נאָר נישט אַ קוש טאָן די האַנט, אויב „ז י" (ער האָט אָנגערופֿן דעם נאָמען פֿון דער יענעמאָלדיקער זעלבסטהערשערין און אַלעקסאַנדרינסקי טעאַטער) האָט באַוויליקט איר האַנט אײַך אויסצושטרעקן. איר וועט נאָך דעם לאַנג אונטער די געוועלבן פֿון דעם היכל

---

* גולם.

קיין קיום פון ווילטיק נישט פירן. די מענטשן האָבן דאָרט אַ קאָמפּליצירטע גראַפיק — פון באַגריסונגען, דריקן צוויי פינגער, באַגריסן אין פּראָפיל און אָן פּאָס, גייענדיק, שטייענדיק, זיצנדיק, זיך גלישנדיק. דאָרטן זענען נישטאָ קיין געפילן פון מענטש צו מענטש. דאָרטן האָט איר צו טאָן — מיט יעראַרכיעס, מדרגות, גראַדאַציעס. ווער עס פילט, טראַכט, טוט, ווירקט, נישט וויסנדיק פון גראַד, איז פאַרמשפּט.

מען האָט דאַלסקין נישט געקאָנט באַצייכענען מיט נאָמען „פּאָלקס־מענטש“, אָבער אַלץ, וואָס ער האָט יענע נאַכט גערעדט, האָט עדות געזאָגט, אַז ער געהערט מיט אַלע זײַנע באַגריפן און אָפּשאַצונגען צו דער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ, איז דורכגעדרונגען מיט אירע אַספּיראַציעס, פילט זיך געפּלאָגט פון איר׳ס פּלאָגן.

נאָך דער טעמע „שאַליאַפּין“, „פּעטערבורג“, „אַלעקסאַנדרינסקי טעאַטער“ איז מען אַריבער אויף נענטערע טעמעס: זײַנע בעסטע ראָלן און ענדלעך — עגיני דיומא און די גראָדנער גאַסטראָלן... דאָ איז אויסגעפאַלן אויסצוהערן זאַכן אומוואַרשײַנלעכע, אָדער ווי מען רופט עס: „שווער צו גלויבן, שווער צו לייקענען“, וועלכע ראָלע ער האַלט פאַר זײַן בעסטע? — דאָס האָט דאַלסקי נישט געזאָגט: אָנגעהויבן רעדן מיט באַגייסטערונג וועגן איין ראָלע, איז ער באַלד אַריבער צו אַ צווייטער, דריטער און פערטער.

— הייסט מיין איך, אַז מײַן בעסט׳ע ראָלע איז — „האַמלעט“, אַ טאָג שפּעטער — „גרישקאַ ניעזנאַמאָוו“ און דערנאָך — „ראָגאָזשין“ (דאָסטאָיעווסקים — „אידיאָט“).

— דערפאָלג, ס׳הייסט: די מאָס פון אָפּקלאַנג אין עולם, ווי איך האָב עס שוין אַ סך מאָל פעסטגעשטעלט, הענגט אָפּ נישט פון דעם — וועלכע ראָלע ווערט דעם אָוונט געשפּילט — אַלץ, וואָס איך שפּיל, האָב איך אויף דער בינע אַרויסגעטראָגן נאָך סאָלידער צוגרייטונג און שטודירונג — נייערט פון דעם ווי אַזוי עס קלינגט אין געגעבענעם ספּעקטאַקל. און דאָס הענגט אָפּ מייסטנס פון הונדערטער קלייניקייטן און דו גיסט זיך אַפילו נישט אָפּ קיין חשבון פון דעם, אַז די קלייניקייטן שלעפּן דיך אַוועק סיי פון דער געשטאַלט, סיי פון דער מעגלעכקייט זיך אָפּצורייסן פון דער ווירקלעכקייט און אַוועקטראָגן זיך אין דער וועלט, צו וועלכער דו דאַרפסט הײַנט אַוועקטראָגן דעם צושויער און סוף כל סוף הערסטו אויף צו הערשן אפילו איבערן סכום מיטלען און גאַנג פון דער מלאכה. מ׳האָט דיך אַרײַנגעשטופּט אין

אַ מין עקדעש-גרוב, ביסט איבערן קאָפּ פאַרזונקען אין קליינלעכע דאגות, אין גראָשנדיקע חשבונות. ווי קומט אַהער — האַמלעטס קומער? ווי אַזוי דערגרייכט מען פונדאַנען צו ניעזונאַמאָווס לירי, צו דאָסטאָיעווסקיס טיפענישן? פון אַלץ ווערט — דערנער, וואָס וואַקסן אויפן דנאָ פון גראָבן. און — אויסגעקוקט, ווען דו קומסט אין טעאַטער, האָבנדיק אָפּגעהיט אויסגעשטערט דיין נשמה=אַפּאַראַט, דאַן איז יעדע ראָלע — „די בעסטע“.

דאַלסקי האָט אָבער פאַרמאָגט אַ פעיקייט צו צווינגען זיך שפּילן לויט אַ ווילנס=אימפּולס. ער האָט דערציילט, אַז, טרעפנדיק ווען=נישט=ווען אַ פריינד, אַ באַקאַנטן, אַ חבר, פלעגט ער זאָגן:

— אָ, דו ביסט עס? הער אויס: קום דעם 17=טן אין טעאַטער אויף „ביעלוגינען“, כ'וועל דעם אָוונט שפּילן ווי געהעריק.

און ער פלעגט האַלטן וואָרט: געשפּילט — „ווי געהעריק“.

— ווי אַזוי זשע דערקלערט זיך אַזאַ סיטואַציע, מאַמאָנט וויקטאָראָוויטש? דאָס איז דאָך אין סתירה מיטן פריער=געזאָגטן. איר'ט דאָך נישט געקאָנט פריער וויסן, אַז איר וועט דעם 17=טן זיך נישט אָנשטויסן פאַרן ספּעקטאַקל אויף די אַלע אומשטענדן, וועלכע צעשטערן אייער שטימונג?

— ווי ל ן! אַז מען געפינט אַ ספּעציעלן פאַקטאָר, וועלכער רעגט דיך אויף, קאָן מען איבערוויגן אַלע שטערונגען און — שפּילן. די התחיבות אין דעם געגעבענעם אָוונט צו „שפּילן“, איז אַזאַ אויפרעגנדיקער פאַקטאָר און, האָבנדיק צוגעזאָגט צו „שפּילן“, וועל איך שוין שפּילן. אָבער כסדר דערויף זיך שטיצן וואָלט קוים געלונגען. איבעריקנס...

דאַלסקי האָט זיך פאַרטראַכט.

— אונדז מאַטערן גענוג אויס סיי די לעבנסבאַדינגונגען, סיי די אַרבעטסבאַדינגונגען, סיי די אַלגעמיינע לאַגע פון טעאַטער בכלל, אָבער מען דאַרף זיין ערלעך מיט זיך אַליין און מודה זיין, אַז מיר זענען אַליין צולאָזן און קייקלען זיך אויף אַן אָנגעבויגענעם און זייער גליטשיקן באָדן... ווען וועלן מיר זיך אָפּשטעלן? וואָס וועט אונדז אָפּהאַלטן? צי וועלן מיר זיך סוף כל סוף נישט געפינען אויפן דנאָ פון אָפּגרונט? צי וועלן מיר נישט אומקומען? ווער ווייס עס? און צי טוען מיר עפּעס זיך צו ראַטעווען?

ער האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויף הינטן, קוקנדיק צום סופיט אַרויף. איך ווייס נישט — צי איז אָפט אויסגעקומען דעם דאָזיקן ריז אַזוי אַריינצוקוקן אין די טיפענישן פון זיין צעשטערטן

נפש אַזוי ווי ער האָט אַריינגעקוקט אין יענער אומפאַרגעסלעכער נאַכט אין אָפּגעזונדערטן קאַבינעט פון גראָהנער רעסטאָראַן.

איך ווייס, אַז מיר איז נישט אויסגעקומען — נישט פריער, נישט די ווייטערדיקע 50 יאָר צו אָבסערווירן אַז אַקטיאָר — צו יענער צייט אַן אַלגעמיינעם אָפּגאָט — וואָס האָט מיט אַזאַ כמעט קינדערישער אָפּגעהאַרציקייט און פּשטות זיך אַנטפּלעקט פאַר צוויי יונגלעך.

נאָך אַ לאַנגן שווייגן האָט ער, בייטנדיק זיין פּאָזע, זיך צעלאַכט.

— געהאַט געמאַכט איבערן עולם עקספּערימענטן. ער פּראַווועט דאָך דיר אָפּט אָוואַציעס ווען דו האָסט פאַרדינט פּעטש און בלייבט גלייכגילטיק צו מאָמענטן, וואָס זענען באמת באַשטראַלט דורך דער שכינה.

— האָט איר נישט אַמאָל אַ טעות, מאַמאָנט וויקטאָראָוויטש? פאַרשטייט זיך, אַז דער עולם איז אָפּט גוטה צו קרוינען ווערטלאָזע דערשיינונגען פון קונסט. דאָ באַשליסן זייטיקע פאַקטאָרן, וואָס לאָזן זיך נישט קאָנטירן. אָבער איך דערלאָז נישט דעם געדאַנק, אַז דער עולם לאָזט דורך אומבאַמערקט און שאַצט נישט אָפּ ווערטן, באמת באַשטראַלטע דורך דער שכינה. סיידן דעם קאָנטאַקט האָבן צעשטערט זייטיקע בייזוויליקע הענט. דאָס טרעפט אין טעאַטער. אָבער, אויב אָט דער בייזוויליקער פאַקטאָר איז נישטאָ, דאַן רופט זיך די טויזנטהאַרציקע מאַסע אָפּ מיט איר גאַנצער היציקייט אויפן אַקטיאָרס ווערטפולער לייסטונג.

— יאָ! איר זענט גערעכט — האָט האַלסקי זיך אָפּגערופן, נישט לאַנג טראַכטנדיק. איך וועל אייך דערציילן אַ פאַל, וואָס וועט אייער באַהויפּטונג באַשטעטיקן. איך בין אַמאָל פאַרפאָרן אין אַ שטעטל אויף דער וואָלגע און צוליב שלעכטער אַפּישירונג, אָבער איך ווייס נישט צוליב וואָס — איז אין דער קאַסע אַ האַלבע שעה פאַרן אָנהויב געווען פאַרקויפט 8 בילעטן. איך בין אין כעס געוואָרן, אָפּגערופן דעם ספּעקטאַקל און — אַוועקגעפאָרן... נאָך עטלעכע טעג, וועלכע כ'האָב פאַרבראַכט אין אַ 3—4 שעה רייזע פון יענעם כרך, בין איך פאַרטאָג אָנגעקומען אויף דער זעלביקער סטאַנציע און מיר איז איינגעפאַלן אַזאַ פאַנטאַזיע: כ'האָב געהייסן שילדקרעטן אַוועקגיין אין שטאָט אַריין, אָפּדרוקן אַן אַפיש, אַז עס ווערט געגעבן „די אומשולדיק־שולדיקע“ מיטן אָנטייל פון אַרטיסט סיווכין אָדער יעווראָפּקין — כ'געדענק שוין נישט — אין דער ראָלע פון „ניעזנאַמאָוו“. אין עטלעכע שעה אַרום זענען אַלע בילעטן געווען אויספאַרקויפט און איך האָב אינאָוונט געשפּילט — „גרישקען“. די אָוואַציעס זענען געווען שטורמישע און דער עולם האָט דורך אַ טויזנט העלדזער גע=

שריגן: „ס י װ ו כ י ן!“ שילדקרעט איז אָבער געװען אױסער זיך, זײַן נאָבל האַרץ האָט עס נישט געקאָנט אױסהאַלטן און, אַרױסלױפֿנדיק צו דער ראַמפּע, האָט ער מיט אױגן, אױסגעגלאָטשטע אין גרימצאָרן, בײַלנדיק די פֿױסטן, געשריגן:

— װאָס שרײַט איר „סיװוכין“, טפּשים! סיװוכין װעט אײַך אַזױ שפּילן ניעזנאַמאָװן! אידיאָטן! דאָס איז דאָך — דאַלסקי! מאַמאָנט װיקטאָראָװיטש דאַלסקי! שרײַט: „דאַלסקי“! צי האָט מען געשריגן „דאַלסקי“ צי — געבליבן בײַ „סיװוכין“ — דאָס איז אין שטאָט־פּנקס נישט פֿאַרשריבן און דאַלסקי אַלײן האָט עס אונדז נישט דערצײלט. אָבער דער זין פֿון דעם געשעעניש איז דער, װאָס די מאַסע האָט אין דעם פֿאַל נישט אונטערן היפּנאָז פֿון אַן אױסערלעכן אײַנפֿלוס נײַערט אונטערן אײַנדריק פֿון גרױסן שױשפּילער — אױסגעדריקט איר התפּעלות, רעאַגירנדיק מיט אירע שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן. דאָס נעמלעך האָט דאָ געזאָלט באַװיזן װערן.

— און װאָס דער עולם מישט כּסדר בלומען מיט מיסט און אַפּלאָדירט מיט די זעלביקע הענט דער קונסט און דער העסלעכקײט — איז טוען מיר אַלײן אָפּ זאַכן, װאָס פֿירן דערצו און פֿאַר װעלכע מען דאַרף אונדז אָפּט שלאָגן. לאָמיר נעמען אונדזערע גראָדנער פֿאָרשטעלונגען: „אונדזערע „יאַגאָס“, אונדזערע „מנשה'ס“.

— און אײער „בראַבאַנציאָ“, מאַמאָנט װיקטאָראָװיטש, פֿון װעלכן איר האָט איבערגעלאָזט 6 פֿראַזן?

— פֿאַרװאָס האָט איר נישט רעסטאַװרירט? מען האָט מיר געזאָגט, אַז איר האָט זיך געװאָרפֿן, געאַרבעט מעשׂים. איך האָב געװאַרט אױף אַ שטריך פֿון אײַך, און איר האָט זיך אַבסאָלוט נישט קעגנגעשטעלט.

איך האָב אױסגעגלאָטשט די אױגן.

— אײער שילדקרעט האָט דאָך געװאָרנט, אַז איר װעט שלאָגן מכּות רצח פֿאַרן ערשטן פּרוּװ צו ענדערן כאָטש אײן קאָמאַ אין סתּירה מיט אײער בלײַפֿעדער.

— װאָס האָט עס צו טאָן מיט שילדקרעטן? איר װעט אפֿשר צונױפֿרופֿן אַלע זשידקעס פֿון דער גאַנצער װעלט און זיך האַלטן מיט זײ אַן עצה װי אַזױ צו שפּילן שעקספּירן! שעמען דאַרפֿט איר זיך.

— מאַמאָנט װיקטאָראָװיטש! שױן װידער! האָט זיך אַרײַנגעמישט אַרדי.

— װאָס — „װידער“?

— דאָס, מיין איך: מכוח „זשידקעס“. ער וועט דאָך אַנטלויפֿן פֿון טיש.

— אָ! דאָס מיינט איר? יאָ, פֿאַרשטייט זיך, זייט מוחל, נישט וויכ־טיק. וואָס האָט איר דאָן, אגב, עפּעס אַ זאָג געטאָן „איטאַליענער אָפּערע“ און קלאָרע וועריטער נישט גערעדט.

— איך נעם מיך נישט אונטער צו אורטיילן וועגן דעם ווי דער ספּעקטאַקל איז ביי אייך אויסגעבויט אין זיין גאַנצער גרויס. איך ווייס נישט, ווי איז דאָרטן — העראָישער ראָמאַנטיזם און ווי — שעקספּיר? אָבער די באַלויכטונג פֿון „בראַבאַנציאָ“! אויסער דעם אָפּגעצאַפּטן בלוט פֿון זיין טעקסט, זעט עס מיר אַלץ אויס אין אַבסאָלוטע סתירה מיט שעק־ספּירס אמת און זין. דער אַלטער איז צעטראָטן. דער אַלטער וועט אַוועק־גיין אַהיים און שטאַרבן פֿון אַ האַרצשלאַג. פֿון טיש צו דער טיר שלעפּט ער קוים די פֿיס און איז אַבסאָלוט נישט דער, וואָס איז אַהער געקומען מיט אַ שעה צוריק אין פֿולן באַוווסטזיין פֿון זיין מאַכט און רעכט. ביי דער טיר, נישט קאָנענדיק באַהערשן זיין פּיין און בענקשאַפֿט, גיט ער אַ וואָרף אויף דעזדעמאָנען זיין לעצטן בליק, מיט אַ צעריסן האַרץ, מיט טרערן אין די אויגן... און ער רעדט אַרויס זיין לעצטע פֿראַזע, און איין שריט ווייטער — אַוועק דורך דער טיר... און איר האָט מיר באַוויזן עפּעס פֿון העראָישער אָפּערע.

— אַ פּראַכט!... — האָט האַלסקי שטיל געזאָגט נאָך אַ פּאַוזע, לויכטנדיק מיט זיין צוויבערהאַפֿטן שמייכל — וואָס זשע האָט איר דעמלט נישט געזאָגט?

— מורא געהאַט. נישט באַשלאָסן זיך.

— דערשראָקן זיך? — האָט ער איבערגעכאַפּט: — נישט איבעריק לויבנסווערט. מען דאַרף קאָנען באַשטיין אויף דאָס זייניקע. אַז נישט וועט איר פֿאַרלוירן גיין, פֿריינד!

— דאָס האָט מיט קאָמענטירן שעקספּירן קיין שייכות נישט, מאַ־מאָנט וויקטאָראָוויטש! — און נישט אין ווערטער גייט עס! „פּחדנות“, „אַ חרפּה“... איך ווייס, אַז קיין עלנבויגנס האָב איך נישט און איך ווייס, אַז זיי וועלן ביי מיר נישט אויסוואַקסן. וואָס האָב איך געקאָנט און געזאָלט טאָן אויף דער פּראָבע פֿון „האַמלעט“, ווען שילדקרעט האָט בשותּפֿות מיט איזוואָלסקין מיך אויסגעלאַכט פֿאַר מיין פֿראַגע ווו שטייט האַמלעט, רעדנדיק די ווערטער, וועלכע האָבן קלאַודיוסן אַרויסגעבראַכט פֿון זיך און דערשראָקן!?

— וואָס איז דאָרט געשען? מיר האָט שילדקרעט געזאָגט, אַז איר האָט זיך זייער געערגערט?

— אָבער די גאַנצע סצענע איז דאָך דאָ געבויט אויף דעם, וואָס דער קיניג האָט פאַרשטאַנען, אַז זיין פאַרברעכער איז אַרויס פון זיין קרבנס קבר. ער גייט אַרויס פון הינטערן פאָרהאַנג אין אימה. דאָס איז שוין דער אָנהייב פון דער „פּאַסטיקע"! און די גאַנצע דינאַמיק פון דער סצענע שטעקט אין זיינע אויגן, וואָס קוקן צום פונקט, פון וועלכן האַמלעט האָט געלאָזט הערן זיינע ווערטער, וועלכע קלאַודיוסן זעען אויס צו זיין „אומגעלומפּערט, אָבער נישט שגעונות".

פון אָט דעם פונקט טרעט דער קיניג אָפּ צו דער טיר מיטן רוקן פאָרויס, ווי פון דער גרויסער געפאַר, וועלכע דראָט פון איצט אָן זיין ווילשטאַנד און זיין עצם לעבן. און איך האָב נישט געוווּסט ווי איז אָט דער פונקט אין אויף דער פאַרשטעלונג געמוזט — אימפּראָוויזירן.

— די סצענע האָט איר געשפּילט אַזוי, ווי איך האָב נאָך ביי קיין איין קלאַודיוס נישט געזען... איך בין געווען פשוט איבערראַשט.

און מיטאַמאָל האָט ראַלסקי זיך צעשריגן, קוקנדיק אויף מיר:

— נו וואָס זשע האָט איר זיך אַזוי צעפּלאָסן ווי אַ ליכט אויפן אויוון? אַן אמתע ווייבער־געשטאַלט! מיט אים אָן אַ ספּאָדניצע מיט אַ קאָרסעט!

אַלץ, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט פאַר די 4 חדשים — פאַרדרוסן, באַליידיקונגען, טעמפּע ווייטיקן — האָט מיטאַמאָל מיך אָנגעכאַפּט פאַר דעם האַלדז. איך בין צוגעפאַלן צום ווענטל פון טערקישן דיוואַן און אויפן קול זיך צעוויינט...

איך געדענק נישט און ווייס נישט ווי אַזוי די נאַכט האָט זיך פאַרענדיקט.

איך ווייס, אַז נישט אויף איין מינוט, נישט אויף איין פונקט פון ערדקויל, איבער וועלכן מיין שיפל איז געשליידערט געוואָרן אין משך פון די ווייטערדיקע 50 יאָר, האָב איך זיך נישט געשיידט מיט דער פאָטאָגראַפיע, וועלכע שורא האָט מיר אויף מאָרגן געבראַכט.

— נאַ, ליבהאַרציקע אומגעלומפּערטקייט דו מיינע, באַהאַלט! מאַמאָנט שיקט דיר לזכרון!

איך האָב זי באַהאַלטן אויף מיין ברוסט. און קיינמאָל פון מיין ברוסט נישט אַראָפּגענומען. מאַמאָנט דאַלסקיס געשטאַלט לעבט מיט

מיר תמיד און תמיד אָמעם איך איין מיין גלויבן אין זיין אויסדערוויילט־קייט... קיינמאָל האָב איך נישט אויפגעהערט צו טראַכטן און צו זאָגן, אַז ער איז געווען אַ גאון, וואָס האָט נישט פאַרמאָגט קיין עלנבויגנס, הגם ער האָט יענע נאַכט פאָרגעוואָרפן דעם יונגן אַקטיאָר, אַז יענער איז אַ „שרעקעוודיקער".

עלנבויגנס באַזיצן די יעניקע, וואָס שווימען — ווי די מבע איז ביי מיסט — פון אויבן... אוצרות גייען צום גרונט.




א. וו. מאַרעווסקין, דעם פיינפולנדיקן אָפשאַצער פון אונדזער קונסט — פון מיט־חבר מאַמאָנט דאַלסקי

# VII. פאַרשטערטע פרייד

דער יאוש, וואָס האָט מיך באַהערשט אין משך פון די 4 חדשים, האָט פאַר די פאָר וואָכן מיט דאַלסקין כמו אָנגעהויבן צעשמעלצן צו ווערן. איך וואָלט אפשר געקומען צו זיך, אפשר אָנגעהויבן גלייבן אין דער מעגלעכקייט פון אַ נאָרמאַלער אַנטוויקלונג פאַר זיך אויפן אויסדערוויילטן וועג, אָבער דאַלסקי האָט מיך, אַרדין און נאָך 2 אַקטיאָרן פון גראָדנע אַנגאַזשירט צו זיינע טעלעבע גאַסטראָלן אין לאָדזש. דאָ האָב איך אים דערזען אין אַזאַ מין באַלויכטונג פון אויסגעלאַסנקייט, ברוטאַלער, ווילדער תאווה, אַז מיר איז פשוט געוואָרן פינצטער און ביטער צו קוקן אויף אים, צו שטיין נעבן אים אויף דער בינע. ער פלעגט קומען צו דער פאַרשטעלונג שיכור. עפּעס ערגער ווי פון ב ר א נ פ ן שיכור: צעיושעט, צעווילדעוועט. נישט דערלאָזט אויסרעדן אַ וואָרט וועגן ספּעקטאַקל געשפּילט האָט ער „קין“ (און „קאַרראַדאַ“) און געמאָלדן פון ערשטן שריט, אַז קיין פראָבן וועלן נישט זיין בכלל. יעדן פון די מיטבאַטייליקטע האָט ער אָנגעוויזן ווו צו שטיין און אָנגעזאָגט, אַז פון אָרט זאָל זיך קיינער נישט רירן... איך האָב געשפּילט „גראַף קעפּפעלד“ און געפּרוּווט עפּעס זאָגן וועגן אַ מיזאַנסצעג, האָט ער מיך פאַרשאָטן מיט אַן עמער זידלערייען און דראָונגען...

בעתן ספּעקטאַקל (איך האָב זיך יאָ באַוועגט פון אָרט און געשפּילט ביז אַ געוויסער מאָס אין כאַראַקטער פון דער געשטאַלט, און דאַלסקי האָט עס אויפגענומען מיט זיין וווּנדערבאַרן שמייכל אויף די ליפּן) — אין אַנטראַקט, איז ער אַריינגעלאָפן צו מיר אין גאַרדעראָבע און געמאָלדן, אַז מאָרגן פרי וואַרט ער אויף מיר און וויל מיט מיר פאָרן אויפן קבר פון נעגריטיאַנער טראַגיקער אײראַ אָלדרידזש, וועלכער איז אין לאָדזש געשטאָרבן פון דער כאָלערע און ליגט אויפן יעוואַנגעלישן פרידהאָף.

איך האָב גערן אָנגענומען דאַלסקיס איינלאַדונג, בין גרייט געווען צו פאַרגעסן אַלע זיינע מעשים תעתועים פאַר די לעצטע טעג, אָבער אײ-

דערפֿרי האָב איך אים אין האָטעל נישט געפֿונען. ער איז ערגעץ ענדגילטיק איינגעזונקען אין קאָרטן אָדער קעלערן פֿון זייַנע אומגעצוימטע ווילדקייטן. די גאַסטראָלן האָבן זיך אויך איבערגעריסן אומגעריכט. צו אָלדרידזש'ס קבֿר בין איך אַוועק אַליין. געפֿונען אים אַ פֿאַרוואָרלאָזטן, צעשטערטן, פֿון אַלעמען פֿאַרגעסענעם.

איך בין אַוועקגעפֿאָרן פֿון לאָדזש, נאָך טיפֿער פֿאַרזונקען אין מייַנע גראָדנער און קאָוונער שטימונגען.

נאָכן אומקערן זיך קיין ווילנע האָב איך נישט באַוויזן איינצואָטעמען די היימישע לופֿט, געניסן די פֿריידן פֿון משפּחה־לעבן, ווי איך האָב זיך געלאָזט קיין מאָסקווע, כּדי צו געפֿינען מיין צווייטן אַנגאַזשעמענט.

און דאָ האָב איך ערשט דערפֿילט, אַז איך וועל פֿאַר זיך קיין תּיקון אין דער סבֿיבֿה נישט געפֿינען...

די געפֿילן און אויסדריקן פֿון „האָלדער־באָלדעריי, פֿון פֿונאַנדערגעבלאָזענער, גייסטלאָזער בהמהשער פּוסטקייט; די פּאָזעס און פּראַזן, בליקן און געסטן, הינטער וועלכע איך האָב באַין אויפֿן נישט געקאָנט דערפֿילן קיין מינימאַלסטן סימן פֿון באַציִונגען צווישן מענטש און מענטש — דאָס אַלץ האָט מיך דערשלאָגן, ממש אַזוי ווי אָפּגעווישט פֿון דער ליכטיקער וועלט... איך בין אַרומגעגאַנגען אַזוי ווי אַ פֿאַרווירטער, צעמישטער, פֿאַרלוירענער.

אין „בּיוראָ“ (אַזוי האָט מען דעמלט גערופֿן די אַרבעטס־בערזע ביי דער טעאַטער־געזעלשאַפֿט) — אין זאַל, וואָס האָט געקאָנט אַריינגעמען, אין זייַנע ווענט אַ מאַן 300, מסתּמא, איז אין די וואָכן פֿון „גרויסן תּענית“ (וויעליקי פּאָסט) געווען פֿאַרזאַמלט מיניִמאַל אַ מאַן 1.000, אויב נישט נאָך מער. די מענטשן־מאַסע פֿלעגט זיך באַוועגן, נישט יעדער יחיד אויף זייַנע 2 פֿיס, נאָר ווי איין הונדערטקעפּיקער אָרגאַניזם... מען פֿלעגט איבער די קעפּ דערזען אַ באַקאַנטן, פֿון דערווייטן באַגריסן און, ווישנדיק שטראָמען שווייס פֿון שטערן. זיך אָנהייבן צו אים שטופּן דורך הונדערט שולטערן. פֿיס, עלנבויגנס.

עס האָבן זיך, פֿאַרשטייט זיך, געפֿירט אונטערהאַנדלונגען צווישן אַרבעטסגעבער און אַרבעטסזוכער. כּסדר פֿלעגן זיך עטלעכע באַגליקטע, וועלכע האָבן זיך דערשלאָגן צו אַן אַנגאַזשעמענט, אַרויסקריגן פֿון דער קאָמפּאַקטער מאַסע צום קלענערן זאַלכל פֿון דער קאַנצעלאַריע, ווו עס פֿלעגן ווערן אָפּגעשלאָסן די אָפּמאַכן און געחתמעט די געשריבענע קאָנטראַקטן. איך פֿלעג קוקן מיט פֿאַרקרימטע בליקן אויף די „גליקלעכע“ און אייפֿן

דריטן — פערטן טאָג באַשלאָסן, אַז איך קאָן מיך אָפּטראָגן קיין ווילנע און נישט פאַרלירן טעג און נישט פּלאָגן זיך נעכט (קיין ווינרעכט האָב איך נישט געהאַט און געווינט ביי חנהלען, וועלכע האָט זיך אין מאָסקווע געגרייט צום עקזאַמען אויף „פּראָוויזאָר“, אָבער מיך האַלטן א נישט איינגעמאָלדענעם איז אויך געווען א סכנה, וואָס האָט געדראָט צו פאַרלירן די דירה). איך האָב שוין באַשלאָסן אויפצוגעבן אַלע מיינע אויסזיכטן אויף אַ צווייטן אַנגאַזשעמענט און זיך געקליבן אַוועק צו פאָרן, אָבער דער גוטער מלאך פון יונגע און פאַרשטויסענע אַקטיאָרן, די הויפּטסעקרעטאַרין פון „בוראָ“ — אָ ל ג אַ  פּ אַ וו ל אָ וו נ א, וועלכע האָט אַלעמען געקענט, וועגן אַלעמען געהאַט גענויע ידיעות, געשעפּטע פון איר פלייסיקער אָבסערוואַציע, טיפער מענטשנליבע און גרייטקייט צו דינען מיט איר גאַנצן האַרצן יעדן, וואָס האָט זיך גענויטיקט אין איר עצה און שטיצע — אָלגאַ פּאַוולאָוונאַ, אַז איך בין צוגעגאַנגען מיט איר זיך צו געזעגענען און דאַנקען פאַר איר וואַרעמער מענטשלעכקייט, וועלכע איז יענע וואָך געווען פאַר מיר די איינציקע שיין אין אַרומיקן בהמיש געפּילדער — האָט מיך איבערראַשט ווי מיט אַ בליץ אויף א ווינטערהיקן הימלגעוועב.

ווו זענט איר פאַרפאַלן געוואָרן? איך האָב אייך שוין אַ 2 טעג אין די אויגן נישט געזען, געמיינט, איר זענט אַוועקגעפאָרן קיין ווילנע, שוין אָנגעשריבן צו אייך אַ בריוו. פאַרוואָס באַווייזט איר זיך נישט?.

— צו וואָס זאָל איך אייך סתם אין דער וועלט אַריין דרייען דעם קאָפּ, אָלגאַ פּאַוולאָוונאַ? איר האָט גענוג צו טאָן אָן מיר. מיט מיינע נישטיקע שאַנסן אויף אַן אַנגאַזשעמענט און ספּעציפישע שוועריקייטן זיך איינצואָרדענען האָב איך נישט קיין חשק און נאָך ווייניקער רעכט צו רויבן אייער צייט...

— מיטן פינגער אין הימל געטראָפן*) — הער איך זי לאַכנדיק אויסרופן: — איר האָט לייכט געקאָנט אַנגאַזשירט ווערן שוין מיט פיר טעג צוריק ווען איר זענט דערביי... איר ווייסט דאָך, אַז מען רייסט די פּאָרשלאַגן פון די פינגער איינער ביים צווייטן, אָבער איינער האָט באַשלאָסן דורכויס אייך אויפצוזוכן... קיין באַטום וואָלט איר געפאָרן? ליבטער וויל אייך האָבן אין זיין פערסאָנאַל... נאַט, אָט האָט איר אים אַליין!

---

*) אַ רוסיש ווערטל, וואָס באַצייכנט אַן אומגעשיקטע הנחה.

יאַקאָוו וויקטאָראָוויטש! אַט האָט איר אייער לאַנג געגאַרטן מאָרעווסקין. איצט זענען שוין, ווי מען רופט עס, „די קאָרטן אין די הענט“. מיין מיסיע איז פאַרענדיקט!

פאַרוואָס האָט דער אַנטרעפּרענעיאָר ליכטער האָט אַזוי עקשנותדיק געזוכט גראָד מיך — איז מיר פאַרבליבן נישט קלאָר. אָלגאַ פּאַוולאָוונאַ האָט, קאָן זיין, געהאַט אָדער אַן אָנווייזונג פון פּעטערבורג (אפשר האָט דאָלמאַטאָוו אַריינגעוואָרפן אַ פּאָר שורות?), אָדער עטלעכע וואַרעמע רעקאָמענדאַציעס פון די גראָדנער קרייזן. ווי עס זאָל נישט זיין — איך האָב געחתמעט אַ קאָנטראַקט קיין באַטום...

אַפּרייסן זיך וואָס ווייטער פון נאָענטן ארום; אַוועקגעטראָגן ווערן אין אלדי „הרי חושך“, זיך אָפּטונקען איבערן קאָפּ אין פרעמדקייט — דאָס איז געווען אין פולן איינקלאַנג מיט מיינע דעמאָלטדיקע כוונות און שטרעמונגען.

ליכטערן — איידער איך האָב אונטערגעשריבן דעם אָפּמאַך (דאָס פלעגט דורכגעפירט ווערן ביי אָלגע פּאַוולאָוונאַס טיש), — האָב איך געמאָלדן, אַז קיין וווינרעכט האָב איך נישט... ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַן איינגעהאַלטענעם חוזק אין די אויגן און אַ פרעג געטאָן:

— צו וואָס מעלדעט איר עס, אַז קיינער פרעגט אייך נישט? איר קאָנט דאָך פאַרלירן דעם אַנגאַזשעמענט!

— איך בין נישט געוווינט צו פירן האָפּלטע בוכהאַלטעריעס, יאַקאָוו וויקטאָראָוויטש! און ווייל דאָס קאָן זיין אַ סיבה צו פאַרלירן דעם אַנגאַזשעמענט, האַלט איך פאַר נויטיק עס פריער אייך צו מעלדן.

ער האָט געקוקט אויף מיר מיט וואַרעמע, כמעט פאַרליבטע אויגן...

— מען האָט מיך געוואָרנט, אַז איר זענט אַן „אָריגינאַל“. שרייבט אונטער און דערציילט קיינעם קיין מעשיות נישט! אַלץ וועט זיין אין אָרדענונג. און זאָל זיין אין אַ גוטער שעה!

די ידיעה, אַז איך וועל דעם ווינטער שפּילן נישט צוויי שעה רייזע פון ווילנע, ווי אין פאָריקן סעזאָן, נאָר כמעט צוויי וואָכן רייזע פון מיין היים — האָט געמאַכט אויף די עלטערן אַ דערשיטערנדיקן רושם. מיר וועלן זיך באַלד דערוויסן וועגן די פאָלגן, וואָס דער דאָזיקער שריט האָט געהאַט... דערווייל לאָמיר זאָגן קורץ און שאַרף, אַז אָן מיין ווילן און וויסן האָט זיך יענעם זומער — 1911 — אָנגעהויבן די פולשטענדיקע פערמענטאַציע פון מיין משפּחה־לעבן... דער פּראָצעס איז געווען אַן אינערלעכער! אויסערלעך זענען יענע חדשים קיינ־

שום פּאַקטן, אַפילו סימפּטאָמען, נישט געקומען צום אויסדרוק. איך האָב אין האַרצן געטראָגן די גאַנצע הונדערט פּראָצענט טרייקייט צו פּאָטער־מוטער און מיט קיין איין שריט נישט באַפלעקט די „טהרת המשפחה“ לגבי מיין מקודשת בטבעת זו, אָבער אַרום מיר זענען געשען פּאַקטן, וואָס האָבן מיר שפּעטער — ווען זיי זענען צו מיר דערגאַנגען — באַוויזן, אַז נישט איך די משפּחה, נייערט די משפּחה האָט מיך דערווייטערט. דער פּאָטער איז געוואָרן אַ חולה מסוכן: ער האָט באַקומען אַ ראַק אין די אוירן־אָרגאַנען. 3 יאָר האָט עס אים געמאַטערט. אין יאָר 1911 האָט ער דורכגעמאַכט אַ שווערע אָפּעראַציע און באַשלאָסן שרייבן אַ צוואה. מיין באַשלום אַוועקצופאָרן קיין באַטום האָט געבראַכט דערצו, אַז ער האָט מיך, דעם בן יחיד, אין זיין צוואה מעביר נחלה געווען... דאָס ווערט אויף דעם אָרט געבראַכט בלויז ווי אַ באַווייז, אַז איך האָב מיין באַציונג צו דער משפּחה נישט געענדערט אין דער מאָס, ווי די באַציונג האָט זיך געענדערט לגבי מיר.

דער צווייטער פּונקט — די פרוי. וועגן די מאָמענטן פון האַרץ־געפיל האָב איך אָפט גערעדט. אין דער צייט, וואָס איז איצט אין צענטער פון אונדזער אויפמערק, האָב איך אין זיך נישט געטראָגן — און נישט געקאָנט אַרויסווייזן דעם מינדעסטן שפּור פון אָפּגעקילטקייט, אָפּגעפרעמדקייט... איך האָב שוין דערציילט, אַז קאַלטע ווינטלעך האָבן צווישן אונדז געבלאָזן פון די ערשטע חדשים, אָבער איך האָב עס נישט געוואָלט און נישט געקאָנט זען.

פּאַרוואָס איז מיין באַשערטע און פּאַרקנסטע נישט געווען מיט מיר אין גראָדנע? איך האָב נישט קיין תשובה אויף אָט־דער פראַגע!

קיין באַטום בין איך אויך אַוועק אַליין!

אָבער דאָס איז געשען סוף סעפּטעמבער. מיר האַלטן ביי מערץ־אַפּריל. באַלד נאָכן אומקערן זיך פון מאָסקווע מיטן באַשלוס צו פאָרן אויף ווינטער הינטער קאַווקאַז, האָבן מיר זיך אַוועקגעלאָזן קיין בייערן, קיין רייכנהאַל קורירן מיין קראַנקן האַלדז.

מיין קאָונער זעלבסטמאָרד־בריוו איז געלעגן אין בוזעם־טאַש צוזאַמען מיט דאַלסקיס פּאָטאָגראַפיע... אַרומגעגאַנגען בין איך איבער דער וועלט ווי אַ מין פאַרמשפּטער, וואָס זיין שטראָף איז אים אָפּגעלייגט אויף אַ געוויסן טערמין...

אין מיינע יענע שווערהאַפטע, פּשוט — טראַגישע שטימונגען, האָט מיר אַ באַקאַנטע פון די קינדעריאָרן, מיט וועלכער מיר האָבן זיך אין פע־

מערבורג באַפרײַנדעטע, דערפילנדיק מיין דערשלאָגנקייט, געראָטן, אַז איך זאָל דעם זומער נאָך רייכנהאַל אַרײַנפאָרן אויף אַ פּאָר וואָכן אין דער שווייץ.

— איך גאַראַנטיר אייך, אַז פון אייער פּעסימיזם וועט פאַרשווינדן יעדער שפּור — אָט די פּראַזע און דער לויכטנדיקער שמייכל אויפן פּנים פון מיין פריינדין (אגב — איינער פון די שענסטע פרויען, וואָס איך האָב אין לעבן געקענט) — שטייען פאַר מיר ביז היינט!

אין רייכנהאַל זענען מיר געזעסן אַן ערך 6 וואָכן. אַהין איז צו אונדז געקומען צו גאַסט מיין מומע. זי איז געזעסן מיט אונדז געציילטע טעג און איז אַוועקגעפאָרן טיף־צערודערט, האָבנדיק דערזען דעם „שלום בית“ צווישן אונדז. אויף דער טעמע האָט די מומע קיין איין וואָרט נישט גערעדט. אָבער אויפן באַן־פּעראָן, בעתן געזעגענען זיך מיט מיר, האָט זי זיך ביטער פונאַנדערגעוויינט, און איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז, משמעות, זענען זאַכן, וועלכע איך האָב פאַר פינף יאָר משפּחה־לעבן (פון וועלכע צוזאַמען זענען מיר געווען קוים דריי) געהאַלטן פאַר „נאַ־טירלעכע“ — נישט „גאַנץ נאַטירלעך“...

די מומע איז אַוועקגעפאָרן קיין ווילנע; מיר — אין דער שווייץ.

די נאַכט הורך טיראָל בין איך אָפּגעשטאַנען אויפן אָפענעם טייל פון וואַגאָן (מיר זענען געפאָרן 3־טע קלאַס, האַלטנדיק, אַז מיר דאַרפן שפּאָרן, כדי ווי אַמבעסטן צו געניסן פון דער שווייץ). איך לעב עד היום אין דער שטימונג פון יענער נאַכט. אויסגעשטערנטער הרום־הימל; מיליאָנען פינקען פון לאָקאָמאָטיוון־פייפער פאַר יעדן טונעל, און טונעלן יעדע 5 מינוט אין דער בערגיקער געגנט... די פונקען פאַרשיטן מיך, דער רויך פון לאָ־קאָמאָטיוו פרעסט מיר די אויגן און די קיצל, אָבער איך קאָן נישט אַרײַנגיין אין וואַגאָן, ווייל... איך קאָן נישט איינהאַלטן די שטראָמען טרערן פון מיינע אויגן. מיין גאַנצער נפש איז נישט דאָ אין צוג, וואָס פירט מיך צו די פריידן פון דער שווייץ. איך שטיי אויפן פּעראָן אין רייכנ־האַל, איך באַגלייט מיין מאַמען קיין ווילנע און איך גיס שטראָמען טרערן אינאיינעם מיט איר...

אין אינסברוק זענען מיר געגאַנגען איבערן שטעטל, אַ ביסל געגנאָסן, אַ ביסל געזען, אַ ביסל געלאַכט, אַ ביסל געשמועסט, און אַרום 8 אינדער־פרי אַריבער די גרענעץ פון דעם לאַנד, וואָס האָט געשמט אין דער וועלט ווי די היים פון פרייהייט, פון טאָלעראַנץ, פון פעלקער־פריינדשאַפט...

געווען איז עס אַ טאָג פון זונטיק!

זענען מיר הייסט עס, אונטערן הימל, ווו עס קומען פאָר די קאָנפערענצן פון רוסישע פרייהייט־קעמפער!

אָט דאָ, אפשר ערגעץ אין איינעם פון אָט די דאָזיקע הייזער בליצט פלעכאַנאָווס געדאַנק, און דאָ דונערט לענינס בונט קעגן יעדן אויסדרוק פון קאָמפּראָמיס. און דאָ האָט קראָפּאָטקין געפּרעדיקט זיינע אמתן פון מענטשלעכן גליק און ווילטאָג, און דאָ...

„בוקס“ — אַזוי האָט געהייסן די ערשטע סטאַציע... מיר האָבן געקויפט אַן אַבאָנאַמענט אויף 2 וואָכן, וועלכער האָט אונדז געגעבן דאָס רעכט צו באַנוצן אַלע קאָמוניקאַציע מיטלען אויף יבשה און וואַסערן.

דער ערשטער איינדרוק אין לעבנסשטייגער איז געווען — אין דער פריזור. מיך האָט ראַזירט אַ יונגע שיינע פרוי! איך מוז ערלעך זאָגן, אַז איך האָב עס אויפגענומען מיט עפעס אַן אַנדער עמפינדונג, ווי ווערן ראַזירט. און דאָס שמייכלענדיק פרויען־וועזן האָט עס געוווסט, ווייל זי ראַזירט כסדר אויסלענדער, און זיי קוקן איר אין די אויגן אַריין אַנדערש. ווי די היגע קליענטן... מקובלים זענען זיי, די פון יענער זייט גרענעץ געקומענע!

מיר זענען אַריין אין וואַגאָן צו פאָרן קיין באַזעל. דער צוג האָט נישט באַוויזן אָפּצופאָרן עטלעכע מינוט, ווי מיר זענען געבליבן באַצויבערט פון אַן אומגעריכטער דערשיינונג...

איבער דער גאַנצער ברייט פון פעראָן האָט זיך באַוויזן אַ מענטשן־מאַסע מיט רויט'ע פענער און רויטע בלומען. אַן אָרקעסטער מוזיק האָט באַגלייט דעם יובלדיקן המון. באַלד האָבן זיך דערהערט קלאַנגען פון אַ פאַראַד־מאַרש און אַלע האָבן זיך געלאָזט גיין פאַראַלעל מיט אונדזער צוג, וועלכער האָט איינגעהאַלטן דעם טעמפּ.

אין וואַגאָן איז אויסער אונדז געזעסן נאָך איין איינציקער פּאַסאַזשיר...

ער האָט דערזען מיינע דערשטוינטע און אַנטציקטע בליקן צו אים, און איידער איך האָב באַוויזן צו פאָרמולירן מיין פראַגע האָט ער אָפּגענומען פון נאָז זיינע ברילן און מיט אַן אויסדרוק פון גרויסער פרייד געמאָלדן:

— היינט איז אַ פּאַרטיי־פייערונג ביי די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און די מאַניפעסטאַציעס קומען פאָר איבערן גאַנצן לאַנד...

ביז באַזעל האָט די רייזע געדאַרפט דויערן אַ שעה, אָבער צוליב דער מאַניפעסטאַציע האָט עס געדויערט לענגער. מיט מיין מיטרייזנדיקן האָבי

מיר באַוויזן זיך דורכצושמועסן אויף עטלעכע פּונקטן פון רעמלמדיקע געשעענישן. דערהערנדיק מיינע אויסדרוקן פון התפּעלות פאַר דער פרייהייט אַרום, האָט ער מיט אַ טיפן מיטגעפיל אַ פרעג געטאָן:

— איר קומט, ווארשיינלעך, פון עסטרייך?

— פון רוסלאַנד. מיין הער!

אַ טונקעלער וואָלקן האָט זיך צעשפּרייט אויף זיין פּנים. ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. האָט מיך לאַנג אָנגעקוקט, שאָקלענדיק טרויעריק מיטן קאָפּ...

— יאָ, יאָ, — האָב איך ענדלעך דערהערט זיין שטילן פליסטער — איר וועט דערזען אַ סך זאכן ביי אונדז, וועלכע וועלן אייך זיכער נאָך מער אַריינברענגען אין התפּעלות ווי די היינטיקע פייערונג.

זיין זיכערקייט האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר באַגרינדעט און באַרעכטיקט. יעדע שעה אין דער שווייץ איז געווען פרייד און באַוווּנדערונג. באַשרייבן די עלף מעת לעת, וואָס איך האָב דאָרטן פאַרבראַכט, שפּרייזנדיק צופוס איבער אירע פּעלזיקע שאָסעען, זיצנדיק אין די, ווי שפּילצייג לייכטע, וואַגאָנען פון איר אייזנבאַן, קלעטערנדיק אויף בערג, שפּאַצירנדיק פאַרביי בלויע און גרויע טייכן — דאָס וואָלט הייסן איבערשרייבן בלעטלעך פון „בעדעקערן".

גייענדיק איבער סען־גאָטאַר־וועג, וואָס לויפט פאַרביי דעם באַרימטן „פירוואַלדשטעטערזעע", וועלכע פראַנצויזן רופן: „ל אַ ק ל ע מ אַ ן", און מיר אויף רוסיש „זשעניעווסקאָיע אָזיעראָ", אָטעמענדיק מיט דער לופט פון מאָן בלאַן; געניסנדיק דאָס ליכט פון יענעם הימל. האָב איך נאָך אין אָנהויב פון דעם וועג, שטייענדיק אין גענף געבן „קייזערין יעליזאַבעט" — האָטעל אויפן ברעג פון דעם „פירוואַלדשטעטער", אַרויסגעשלעפּט פון בוזעם־קעשענע מיין פאַרקלעפּטן קאָנווערט מיטן בריוו וועגן זעלבסטמאָרד און האָב אים אַריינגעוואָרפן אין וואַסער... מיין ווילנער פריינדינס נביאות איז פולשטענדיק מקוים געוואָרן. די לופט פון דער שווייץ האָט מיר אומגעקערט די פולע, יוגנטלעכע לעבנסלוסט... איך געדענק, אַז נעבן מיר איז געשטאַנען מיין באַגלייטערין. איך ווייס, אַז די וואָכן אין דער שווייץ געהערן צו די גרעסטע פריידן פון אונדזער צוזאַמענזיין. אָבער ווי אַזוי זי האָט רעאַגירט אויפן בריוו, וואָס איך האָב אַריינגעוואָרפן אין וואַסער — דאָס געדענק איך נישט... איך געדענק די פריידן, איבעראַשונגען אויף יעדן טריט און שריט בעתן ווייטערדיקן וועג, די מערקווירדיקע לאַבירינטן צווישן דריי שפּיגלען, וווּ אָן אַ פירער קאָן מען

זיך נישט אַרויסבאַקומען פון שפּיגלשטייג (און מיר איז עס געלונגען — צום חידוש פון איבערראַשטן פּירער); איך געדענק די טיפע עמאָציעס אין שלאָס פון שיליאָן, אָנקוקנדיק די קייטן, צו וועלכע עס זענען געווען צוגעשמידט זיינע אסורים, די מכשירים פון די „פאַרהערן", מיט וועלכע מען פלעגט אין יענע ווייטע צייטן אַרויסבאַקומען ביי באַשולדיקטע אַ „מודה ומתודה", אַז זיי זענען באַגאַנגען די פאַרברעכן..

עס איז געווען 1911, לייענער! מיר האָבן געוווּסט, אַז די אַלע זאַכן געהערן צו דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, אָבער אַז דאָס אַלץ וועט אין 3—4 יאָר אַרום ווידער ווערן ק ע ג נ וו אַ ר ט — דאָס האָט דעמלט קיינער נישט געטראַכט. און אין 3 יאָר אַרום האָבן דייטשן חרוב געמאַכט די שטאָט קאַליש, און די אַלע שרעק פון מיטלאַלטער האָבן זיך אומגעקערט... און די 20־ער יאָרן און די 30־ער יאָרן און די 40־ער יאָרן פון 20־טן יאָרהונדערט האָבן געלאָזן אין ווייטן הינטערגרונט די טעכניק פון מאַרמורן און אַלע בלוטיקע יסורים, וואָס דער מענטש האָט געהאַט אויסצושטיין אין מיטלאַלטער.

אין דער שווייץ זומער 1911 איז עס אָבער אַלץ געווען נישט מער ווי אַ קורצער וואָלקן אויפן בלויען הימל פון מיין טוריסטן־פרייד... אָט איז די היסטאָרישע „ווילהעלמפּלאַטע", וועלכע עס הערמאָנט שיללער אין „ווילהעלם טעלל"! שטייט מען, קוקט מען... און די זון ליכט, אין מאָנבלאַן שיינט און די „פירוואַלדשטעטער" — וואַסערן פליסן, און דאָס האַרץ קלאַפּט — מיט גלויבן אין שיינקייט, אין דערהויבונג, אין גליק, און מיין באַרוף, אין מיין רעכט, אין מיין זיג...

אויף יעדן טריט שטויסט מען זיך אָן אויף טונעלן, וועלכע שניידן דורך די ריזנבערג. דעם „בעדעקער־בוך" האָב איך פאַרשטעקט טיף אין רוקזאַק אַריין נאָך דעם ווי איך האָב מיך איבערצייגט, אַז גיין איבערן לאַנד, קוקנדיק אין „בעדעקער", הייסט נאָר — איבערצייגן זיך, אַז דאָס איז זייער אַ גענויער וועגווייזער, אָבער מען זעט נישט קיין זאַך אַ ר ו ם זיך... זענען מיר געגאַנגען און באַטראַכט אַלץ אַרום, נישט ווסנדיק אָפּט, ווי מען רופט די אָדער יענע מערקווירדיקייט. און זאָרגלאָז איז מען אַריין אין טונעל און פונקט אַזוי זאָרגלאָז אַרויס פון טונעל און גענאַגען ווייטער איבערן זוניקן שטח... מיטאַמאָל!

מיטאַמאָל האָבן מיר הערזען פאַר זיך אַ טונעל, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ מין ברונעם, פון וועלכן קיין אַרויסגאַנג צו דער ליכטיקער שיין פון טאָג איז נישטאָ. אַ פינצטערע לאָך. עס איז געוואָרן אומהיימלער! ווהין

זיך לאָזן גיין? ליגנקס האָבן מיר אַ באַרג, וואָס מיר זעען אפילו נישט זיין שפּיץ און קיין סימן פון אַ שטעג איז אויך נישטאָ: אַ וואַנט פון שפּיציקע פעלזן! רעכטס — די כוואַליעס פון „פירוואַלדשטעטער“! זאָלן מיר גיין צ ו ר י ק? פאַרלירן די שוין דורכגעמאַכטע 2 אָדער 3 מעת לעת זינט מיר זענען אַרויס פון זשענעווע און... וואָס ווייטער? נישט דערגרייכן צום אַנדערמאַט? נישט דערזען דאָס אָרט, וווּ סוּוואָראָוו איז אַריבער די אַלפּן?

דאַרף מען אין דעם פאַל אַריינקוקן אין „בעדעקער“!

און אין „בעדעקער-בוך“ האָבן מיר א יי ן ק ו ר צ ע פראַזע:

„ק יי נ ע אַ נ ג ס ט *) ז י ז יי נ ט — אין דער שווייץ!“

אַ סך איז ווערט דאָס לעבן, וואָס אַנטוויקלט זיך אין פולן בטחון, אַז קיין שום סכנה פון עמעצנס בייזוויליקייט דראָט נישט, ווייל דו ביסט אין דער שווייץ...

זענען מיר לויט „בעדעקערס“ עצה אַריין אין טונעל. אַ מינוט 10 אָדער 15 גאַנג האָבן מיר געפונען אַ רעסטאָראַן, זיך אָפּגערוט, און אַ פּאָר שעה שפּעטער אָנגעקומען קיין אַנדערמאַט. דאָרטן אַרומשפּאַצירט איבערן היסטאָרישן „טייוול-בריק“, וועגן וועלכן די לעגענדע דערציילט, אַז דער טייוול האָט פאַר קיין שום פאַל נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז די בריק זאָל ווערן אויפגעשטעלט. איז דער מאַגיסטראַט געווען געצוווּנגען צו מאַכן מיטן טייוול אַן אָפּמאַך און האָט זיך מתחיב געווען אים אָפּצוגעבן די ערשטע לעבעדיקע בריאה, וועלכע וועט זיך לאָזן איבערן פאַרטיקן בריק... דער בריק איז פאַרטיק געוואָרן ביי דער פולער טאָלעראַנץ פון טייוול און דאַן האָט דער מאַגיסטראַט אַרויסגעלאָזט אַ קליין כלב'ל... דער אָפּמאַך איז אַזוי אַרום אַדורכגעפירט געוואָרן, דער טייוול האָט געמוזט אָנערקענען, אַז דער מאַגיסטראַט האָט זיין התחיבות ערלעך דערפילט. די בריק פאַראייניקט די שטאָט מיט די בערג, איבער וועלכע סוּוואָראָוו האָט געפירט זיין חייל, און אויפן בריק שטייט אַ דענקמאָל... דעם אָרעמען כלב'ל, וואָס איז נעבעך געפאַלן אַ קרבן פאַר דער שטאָט...

אין אַ פּאָר שעה גאַנג פון אַנדערמאַט ליגט דער באַרימטער קור-אָרט פאַר לונגענקראַנקע ד אַ וו אָ ס, שוין האַרט ביי דער גרענעץ פון איטאַליע: דאָס איז דער הרומדיקסטער פונקט פון דער שווייץ. מיר זענען פון דאָרטן אַוועק צוריק צום צפון... איך שטעל זיך נישט אָפּ אויף די גע-

*) שרעקט זיך נישט.

פּילן פון לײדנשאַפטלעכן טוריסט בעתן באַזוכן די פּונקטן פון היסטאָרישע געשעענישן, מיט װעלכע דאָס קלענסטע אין שטח אָבער גרעסטע אין היסטאָרישער אָנזעעװדיקײט לאַנד פון אײראָפּעאישן קאָנטינענט איז אַזוי רײך... אָט איז באַזעל — דאָס אָרט פון ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס... הערצל! מאַקס נאָרדאַו!

און האַרט נעבן באַזעל די שטאָט פון װאַסערפאַל אױפן רהײן! נױ־האַוזען.

אָנגעקומען קײן נױ־האַוזען בין איך שפּעט אין אָװנט, און דער װירט פון האָטעל האָט מיך אָנגעקוקט מיט חידוש, דערהערנדיק, אַז איך װיל האָבן אַ צימער מיט אַ פענצטער צום רהײנפאַל...

— זי װערדן דאַן קײנע נאַכטרוהע האַבען, דאַ אינען דעה ראַאוש דעם װאַסערפאַלס אירע רוהע פאָלשטענדיק װעקנימט...

אָבער איך האָב זיך, משמעות, געשעמט צוצוגעבן, אַז איך בין אַ שוטה און אַרײן אין צימער און אַרױס אױפן באַלקאָן... לינקס פון מיר אין דער פולשטענדיקער אפלה האָב איך דערזען אַ ברײטצעװאָרפענע װײסקײט, פון װעלכער עס האָט זיך צו מיר געטראָגן אַ רעש, צו װעלכן קײן ענלעכן האָב איך ביז דאַן אין ערגעץ קײנמאָל נישט געהערט.

מיד פון װעג, פון אומצאָליקע אײנדרוקן און פרײדן, אָטעמענדיק מיט אַ לײכטקײט, װאָס איך האָב אױך אין ערגעץ ביז דאַן נישט געקענט, בין איך אײנגעשלאָפן און בײ די ערשטע שטראַלן פון פאַרטאָג זיך אױפגעכאַפּט מיט אַ געפיל, אַז איך האָב דורכגעלאָזן עפּעס אַזעלכעס, װאָס איך װעל מיר נישט קאָנען אומקערן. איך האָב זיך אַ ריס געטאָן פון געלעגער און אַרױס אױפן באַלקאָן...

שטײענדיק אַ פאַרכישופטער און קוקנדיק אין פאַרביקן רעגנבױגן פון זײנע מיליאַסן שפּריצן, האָב איך זיך דערמאָנט זשוקאָװסקיס שורה: „ער האָט מיך דערשיטערט, אָבער נישט געפאַנגען, װי געװיסע אַנדערע װאַסערפאַלן אין דער שװײץ";....

מיר האָט זיך יענע מינוטן פון ערשטן אײנדרוק געדוכט און מיר איז אױפן גאַנצן לעבן פאַרבליבן דער אײנדרוק, אַז איך בין געװאָרן נעמלעך ג ע פ אַ נ ג ע ן.... איך האָב בײם װאַסערפאַל פאַרבראַכט אַ גאַנצן טאָג, זיך געװײקט אין זײנע שטראָמען, באַװונדערט זײנע שװימער, װעלכע באַקומען זיך אַרױף אין שיפלעך קעגן שטראָם פון אונטן אַרױף און צוריק: דאָס זעט אױס װי אַן אמתדיק שפּיל מיט נאַטור־עלעמענטן, קעגן װעלכע

דער מענטש זעט אויס אַזוי שוואַך און אומבאַשיצט און וועלכע ער באַ־קעמפט מיט זיין שכל און דרייסטקייט...

„באַקעמפט“?

קוקנדיק אויף די דרייסטע שווימער איבערן רהיינפאַל, האָב איך דאַן צום ערשטן מאָל געטראַכט וועגן דעם, וואָס איז יאָרצענדליקער שפּעטער געוואָרן מיין טיפע איבערצייגונג. דער מענטש באַקעמפט גישט די נאַטור, ער באַצווינגט זי גישט! ער קאָן ווערן איר געוווּנטשענער און שטענדיקער מיטשאַפער, אויב ער פּאַסט זיך צו צו אירע געזעצן און געבאָטן. און ער פליט אין שאול תחתיה אַריין, אויב ער טרעט אָפּ פון אירע געבאָטן און געזעצן.

די אַלע באַשריבענע און נישט־באַשריבענע מאָמענטן האָבן מיר אָנ־געפילט די טעג און נעכט מיט אינהאַלטן, וועלכע זענען מסוגל געווען צו מאַכן פון מיר אַן אָפּטימיסט אויף לאַנגע יאָרן, דערמוטיקן, מאַכן מיך פעיק צו טראָגן די זאָרגן און נסיונות פון לעבן מיט אַ לוסטיקן שמייכל אויף די ליפּן.

מיר איז אָבער אַזוינס נישט געווען באַשערט: די מוזע פון טראַגיק איז געשטאַנען איבער מיר ביים וויג פון מיינע ערשטע מינוטן און האָט פון מיר אין ערגעץ נישט אָפּגעטראָטן.

אין בוקס דעם ערשטן זונטיק־פרימאָרגן, ווי נאָר איך האָב באַקומען אין האַנט דעם אַבאָנאַמענט, האָב איך זיך אַוועקגעזעצט, געמאַכט אַ גע־נויעם מאַרשרוט אויף 15 טעג און אַוועקגעשיקט קיין ווילנע צו די עלטערן, אָנווייזנדיק וווּהין זיי זאָלן מיר שרייבן „פּאָסטרעסטאַנט“ יעדן טאָג, מיט דער אויסרעכענונג, אַז איך וועל אין דער שטאָט אָנקומען מיט אַ טאָג שפּעטער. די מינוטן פון שיידן זיך מיט דער מוטער אויפן פּעראָן אין רייכנהאַל האָבן מיך כסדר פאַרפאָלגט.

אין יעדער שטאָט פלעג איך פרעגן בריוו און אויפן עלפטן טאָג (ערשט!), קומענדיק קיין אינטערלאַקען, האָב איך באַקומען אַ גאַנץ פּעקל בריוו און טעלעגראַמען, פון וועלכע איך האָב זיך דערוווּסט, אַז שוין מער ווי אַ וואָך צייט ליגט דער פאָטער אין בערלין, ווו ער איז מיט עטלעכע טעג צוריק אָפּערירט געוואָרן... ווי אַזוי איז געשען, אַז די ידיעה איז צו מיר דערגאַנגען מיט אַזאַ פאַרשפּעטיקונג — ווייס איך היינט נישט. אָבער דערזען האָב איך, שטייענדיק אין אינטערלאַקען מיט די בריוו אין מיין האַנט, אַז... די אַלע טעג, בעת וועלכע איך האָב געלעבט אין די אויבן באַשריבענע פריידן, איז מיין פאָטער געלעגן אין יסורים, אפשר אין

דער איבערצייגונג, אַז איך מאַך זיך נישט ווּיסן פון זיין אומגליק און טויטגעפאַר...

פון יענעם טאָג אין אינטערלאַקען האָב איך — דאָס מאָל שוין אויפן גאַנצן לעבן! — פאַרלוירן די מתנה פון זאָרגלאָזן געלעכטער... פון יענעם טאָג אין אינטערלאַקען — שטענדיק, ווען מיך נעמט אַרום אַ חשק זיך פאַנאַנדערצולאַכן — הויב איך אָן מיט שרעק צו טראַכטן: וואָס טוט זיך ערגעץ הינטער מיין רוקן?...

מיר זענען מיטן ערשטן שנעלצוג אַוועקגעפאָרן קיין בערלין... (לופט־קאָמוניקאַציע האָט נאָך דעמאָלט נישט עקזיסטירט), געפונען דעם פאָטער אין אַ פּאַרהעלטעניסמעסיק „גוטן“ צושטאַנד. איך האָב זיך דערפרייט, דערזעענדיק די מוטער אַ מונטערע, אַ פרישע און געזונטע. זי האָט אויך מיט אויגן פון אַ מאַמען דערזען ווי אָפּפרישנדיק אויף מיר האָבן גע־ווירקט די פּאָר וואָכן אין דער שווייץ.

אויסנוצנדיק די געלעגנהייט, וואָס אין דער פּאָליקליניק ביי פּראָ־פעסאָר קראַוזע זענען דאָ גרויסע ספּעציאַליסטן אויף אַ ל ע געביטן, האָט די מוטער זיך געעקליגט אַריינצונאַרן מיך און מיין פרוי צו אַ ספּעציאַליסט אין ענינים פון קינדערלאָזיקייט און אויפקלערן פאַרוואָס מיר האָבן 6 יאָר נאָכן דת משה וישראל קיין בנים נישט. און אָט דער קאַפּיטל וועט בשעתו פירן מיין לייענער דורך בלעטער, צו וועלכע מען איז אין לייכטער „מעמואַרן לעקטור“ קוים געוווינט און צוגעגרייט. אָבער מיר וועלן זיך נישט אָפּהאַלטן פון ברענגען די שאַרפסטע מינוטן פון אונ־דזערע ז כ ר ו נ ו ת און די ג ע וו א ג ס ט ע שאלות און תשובית פון אונדזערע ר ע י ו נ ו ת... אָבער דאָס וועט קומען ערשט דאַן, ווען אין די ערהציטערנישן און וועלטקערענישן פון די ווייטערדיקע יאָרן וועלן אָנהויבן צ־טערן און זיך איבערקערן מיטן קאָפּ אַראָפּ די באַגריפן און די ווערטן פון אונדזער „העלד“.

מיר האַלטן ביי 1911.

דער פאָטער איז אין — ווי מיר האָבן געמיינט — „גוטן צושטאַנד“ געקומען קיין ווילנע.

איך בין אַוועקגעפאָרן — קיין ב אַ ט ו ם.

## VIII. ווידער — שוואַרצער ים

דער גאַנצער ענין „באַטום“ האָט זיך אויסגעלאָזט, ווי מען הייסט עס, — „אַ אויסגעבלאָזן איי“.

שוין אָנהייב זומער איז מיר צוזאַמען מיטן אַמטלעך־באַשטעטיקטן קאָנטראַקט אָנגעקומען אַ ידיעה פון ביוראָ, אַז דאָס באַטומער טעאַטער האָט איבערגענומען פון ליכטערן אַן אַנדער אונטערנעמער. ווי ווייט איך געדענק, האָט אָלגאַ פּאַוולאָוונאַ צום טרוקענעם גאַנץ אָפיציעלן אינהאַלט פון דער מיטטיילונג וועגן דער ענדערונג צוגעשריבן עטלעכע שורות און מיך פאַרזיכערט, אַז איך קאָן רואיק פאָרן צום סעזאָן, אַז דער נייער דירעקטאָר מאַכט זייער אַ גוטן איינדרוק. איך וועל האָבן צו טאָן מיט אַ קולטורעלן מענטש און קיינע שום אומאָנגענעמע סורפּריזן דערוואַרטן מיך נישט. זי ווייס, אַז איך בין עמפּינדלעך צו דערשיינונגען פון גראָבהויטיקייט, אָבער זי איז זיכער, אַז איך וועל טרעפן פון דער נייער דירעקציע די בעסטע באַציונג און זי ראַט מיר איך זאָל נישט טראַכטנדיק, פאָרן צום סעזאָן...

מיר האָט אימפּאָנירט איר טיפע מענטשלעכקייט בכלל, איר באַציונג צו מיר בפרט, און איך האָב באַשלאָסן פאָרן קיין באַטום אָן שום וואַקלעניש. און איך בין צו דער באַשטימטער צייט געקומען קיין באַטום — מיט אַ קורצער פאַרשפּעטיקונג עפּעס פון אַ טאָג אָדער צוויי.

און אין צוויי טעג אַרום בין איך פון באַטום אַוועקגעפאָרן...

איך ווייס לחלוטין נישט וועלכע עפּיזאָדן אַרויסרייסן און דערציילן פון די, דוכט מיר, 12 מעת לעת אין וואַגאָן און 48 שעה אין שטאָט, פון וועלכע אַ שעה 8 (לערך) האָב איך פאַרבראַכט אין טעאַטער, וווּ איך האָב בייגעוווינט און „מיטגעמאַכט“ 2 פּראָבן. איינע — פון אָסטראָווסקיס „טאַלאַנטן און פאַרערער“, די צווייטע פּראָבע — פון „טרילבי“, מען האָט פאַרטיילט ראָלן אין אַ דריטער פּיעסע, איך געדענק נישט אין וועלכער, מיר דוכט זיך: „צאַר פעדאָר יאָהאַננאָוויטש“...

איך געדענק בולט דעם היסטערישן קוויל אין האַלדז, וועלכער האָט מיך געשטיקט, ווען איך בין אַרויס פון טעאַטער נאָך דער ערשטער פּראָבע.

אין געדענק ווי דער אַקטיאָר מוכין, וואָס איז געווען אויך דער הויפּט־רעזשיסער, האָט אויף מיר געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ טאַלאַנטירטן מענטש פון די ערשטע בליקן אויף אים, אָבער קיין איין פאָדעם פון געמיינזאַמקייט האָב איך פאַר די עטלעכע שעה אין טעאַטער נישט דערפילט מיט קיין איינעם פון די 20—25 מענטשן, מיט וועלכע איך האָב זיך באַקענט און הערכגעוואָרפן מיט עטלעכע פראַזן. איך געדענק זייער בולט, ווי מיר איז קלאָר געוואָרן צום סוף פון ערשטן טאָג, וועלכע מענער מיט וועלכע דאַמען זיינען דאָ — „פּאָרן"... אין לעבנסשטייגער פון יענע צייטן און סביבה זיינען אין טעאַטער געווען אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט — „סעזאָנען־שידוכים"... אין דער צבועקישער סביבה פון קליינשטעטלדיקן קליינבירגערטום פלעגט מען מיט פאַראַכטונג און שנאה קוקן אויף די מידות פון „אויסגעלאַסנקייט". אין דער הינטערקוליסנוועלט... איז עס געווען פאַלשע „צניעות" ביי באַהאַלטענער זנות־טרייבעריי. אין טעאַטער זיינען די באַציונגען צווישן מענער און פרויען — נאַטירלעך־מענטשלעכע, ערלעך־אָפענע. ווער עס איז פאַרליבט אין דער אויסדערוויילטער פון זיין האַרצן, דער פאָרט מיט איר פון שטאָט צו שטאָט, פון סעזאָן צו סעזאָן און לעבט יאָרנלאַנג אין פרייד פאַר זיך, אַ מוסטער פאַר לייטן אַרום. ווער אָבער עס האָט נישט דאָס גליק, די זכיה צו האָבן אַזאַ מין „פון גאָט באַשערטן" זיווג, דער קומט זיך צונויף און גייט זיך פונאַנדער מיט אַ לייכטן שמייכל אויף די ליפּן.

דאָס איז גראַד שיין, ווייל — זויבער; ווייל פריי פון חשבונות, פון באַהאַלטענע פּלענער, פון שפּיצלעך און געגנלעך מיט ביטערע אויסרעכענונגען און פאַרקריפּלטע כוונות.... אין גראָדנער סעזאָן זיינען דאָס רוב געווען זיווגים אויף „לאַנגע יאָר", און דער פונקט פון אַקטיאָרישן לעבנסשטייגער האָט נישט באַוויזן מיך צו פאַראינטערעסירן. געווען אין טעאַטער איין זכר — אַ „קאָק" פון ריינער ראַסע, און אַרום אים האָבן זיך געדרייט און געזונגען זיינע „הינער־אַקאָרדן" אַ וואָסער האַלבער טוץ פון שיינעם געשלעכט. אָבער מיר איז אין קאָפּ געלעגן דער גורל פון „פאַרקריפּלטער קונסט" און פאַר י ע נ ע מעשיות האָט מיך קנאַפּ וואָס געהאַרט...

אין באַטום האָב איך פון דער ערשטער שעה דערפילט, אַז צווישן

די פאָרלעך דרייט זיך אַרום אַז איינזאַמע פון אַ יאָר 34 און איך האָב זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז די „הערָאָאיניע“ אַליין, די פּרעמיערשע, הייסט עס. אין אַ קורצן געשפּרעך האָב איך דערפילט, אַז מיין דערפאָלג איז געזיכערט און ביי „נאָרמאַלע“ פאַרהעלטענישן וואָלט עס געהייסן, אַז מאָרגן וועל איך זיין, אויב נישט דער „העראָי“, איז לכל הדעות — דער הערָאָאיניעס צווייטע העלפט. איך געדענק נישט און קאָן נישט דערציילן (ווייל — ווידעראַמאָל באַטאָן איך: קיין „בעלעטריסטיק“ צו פאַרפאַסן האָב איך נישט בדעה!) וואָס איך האָב געטראַכט און פון וואָס געווען איבערראַשט און פראַפּירט... איך געדענק גענוי, אַז נאָך דער צווייטער פּראָבע האָב איך אָפּגערופן אין אַ זייט דעם געהילף־רעזשיסער, — אַ ייִדיש בחור׳ל פון אַ יאָר 22 — און אים אונטער אַ שטרענגער היסקרעציע א פרעג געטאָן צי ווייס ער נישט דעם אַדרעס פון טעאַטערדאָקטאָר, ווייל, האָב איך פאַרטרויט, איך בין וועניגעריש קראַנק. ער האָט מיר צוגעזאָגט, ערשטנס, מאָרגן פרי צו געבן דעם אַדרעס און, צווייטנס, מיין שטרענגן סוד קיינעם נישט איבערצוזאָגן. אויף מאָרגן פרי האָב איך ביי אים דעם אַדרעס נישט געפרעגט און מיט אַ געוויסן לייכטערן געמיט זיך איבערצייגט, אַז מיינע שאַנסן צו ווערן אַ העלפט פון „העראָי“ אין טעאַטער זענען געפאַלן ביז דר׳ערד. מער וואָלט איך דערווייל פון גאָט נישט פאַרלאַנגט, אָבער אין האָטעל האָט מען מיך קאַטעגאָריש אויפגעפאָדערט צו ברענגען נאָכמיטאָג מיין פּאַס, וועלכער איז דערווייל געלעגן „אין גרויסן באַגאַזש“... לייכטער האָט וועגן מיין „לעבנסרעכט“ געוווּסט, מיט אָלגאַ פּאַוולאָוונאַ האָב איך וועגן דעם נישט גערעדט, דער אינציקער דירעקטאָר, מיט וועלכן איך האָב זיך באַקענט דעם ערשטן טאָג אויף פּראָבע, האָט זיך מיר באַוויזן פאַר אַ פּאַרשוין, וואָס וועט בכלל נישט פעיק זיין צו באַנעמען וואָס איך וויל פון אים. אויב איך וועל אים זאָגן, אַז ער זאָל גיין צום „אטאמאַן“ (אַזוי האָט געהייסן דער הויפּטליגג אין די הינטער־קאַווקאַזישע שטעט און ישובים) און זיך משתדל זיין וועגן וווינרעכט פאַר מיר.

אָנשטאָט לייכטערן — אַן עלטערן מענטשן מיט אַ ליבן יידישן שמייכל און אַ פּאָר גוטע קלוגע אויגן — האָב איך איצט דערזען אַ פּוילישן „שליאַכטשיץ“ פון אַ יאָר 30... העפלעך, קאַלט, אַ היפּשע מאָס פאַרריסן, זשמורעט די אויגן, נישט קוקנדיק גלייך אין פּנים פון דעם מענטשן, מיט וועלכן ער רעדט, נאָר אויפן קראַוואַט... אויף דער לינקער האַנט טראָגט ער אַ בראַסלעט פון ריינעם גאָלד, אין קראַוואַט שטעקט ביי אים

אַ פינקלדיקער דימענט... וואָס ער האָט געזוכט אין טעאַטער האָב איך זיך נישט געקאָנט דערקלערן. הייגט מיין איך, אַז מסתמא, יונגע אַק־טריסקעס...

איך ווייס נישט וואָס האָט אויף אים געווירקט, אַז, נישט האָבנדיק אויסגערעדט מיט מיר קיין איין וואָרט אין משך פון גאַנצן ערשטן טאָג, האָט ער אויפן צווייטן מיך באַשאַנקען מיט זיין אויפמערקזאַמקייט באַלד, ווי איך בין אַריין אין טעאַטער. — איר דאַרפט אודאי פאַרשום נאָכן וועג? האָט איר שוין אַ ווינוגגג? זיצן אין האָטעל איז דאָך אַ צו טייערער ביסן ביי אייער בודזשעט?

זיין פאַמיליע איז געווען עפּעס ווי „בראָניסלאַווסקי" אָדער „בראַצ־לאַווסקי". דער נאָמען און פאַטערנאָמען אויך זייער אַ פּוילישער.

איך האָב געענטפערט:

— ניין, הער דירעקטאָר, איך קאָן ביי אייך קיין פאַרשום נישט נעמען...

— פאַרוואָס? האָט ער אַרויסגערעדט פאַרוונדערט.

— ווייל איך וועל אין טעאַטער נישט פאַרבלייבן.

— איך פאַרשטיי אייך נישט!

—עס איז פאַרהאַן אַ ריי פּרטים, וועגן וועלכע איך האָב מיט ליב־טערן געגנוי גערעדט, און פאַר אייך וועט עס זיין אומאָנגענעמע איבער־ראַשונגען. די באַציונג צו מיר לויט דעם, וואָס איך האָב באַקומען אין די ערשטע פּיעסן, זאָגט מיר אויך נישט צו קיין סך נחת. רעדן וועגן דעם קאָן איך נישט און וויל נישט. קיין טענות קאָן איך דאָ צו קיינעם נישט האָבן, ווייל קיינער פון די פירנדיקע מענטשן האָט מיך אהער נישט גערופן. דאָס בעסטע איז פאַר מיר ביי דער געשאַפענער סיטואַציע אַוועקפאָרן. איך קאָן אייך איצט, צום באַדויערן, דעם פאַרשום, וואָס איך האָב גענומען ביי ליכטערן נישט אומקערן און וועל אים אַרויסשיקן פון ווילנע.

אויב ביז דעם האָט ער עפּעס געוואָלט און געפּרוווט באַנעמען אין מיינע רייד, איז די פראַזע וועגן אומקערן דעם פאַרשום געווען עפּעס אויסער אַלע גרענעצן פון שכל הישר און פון פשוטער אויפריכטיקייט. מיטן קומען אין טעאַטער אַריין צו דער צייט איז דער פאַרשום לויט אַלע אָנגענומענע כללים געווען געדעקט... איך האָב געמוזט אויסזען אין די־רעקטאָרס אויגן נישט נאָר ווי אַ נפש פון אַנדערע וועלטן מיט אַנדערע

מאָסן און וואָגן, נאָר אויך ווי אַ „פּאָזער“: וואָס פֿאַר „פּאָרשוּם“? ווער בעט דיך אוּמקערן דעם פּאָרשוּם?

דאָ מוז איך צוגעבן, אַז איך האָב פֿון ווילנע אָפּגעשיקט 40 רובל אין אין 2 יאָר אַרום אין „ביוראָ“ דערהערט הינטער מיין רוקן: „דאָס איז דער וואָס האָט אָפּגעשיקט דעם פּאָרשוּם“.

דער דירעקטאָר איז מיטאַמאָל געוואָרן שטרענג און האַרט געמאָלדן:

— איך רעדט אַ סך אומפאַרשטענדלעכע און צו דער זאַך נישט אָנגעהעריקע רייד.

— קיין אַנדער אַקטיאָר וועל איך איצט נישט זוכן. די סעזאָנען זענען אומעטום שוין אין פולן גאַנג און אין ביוראָ זענען קיין פרייע אַקטיאָרן נישטאָ.

— איך קאָן אין באַטום נישט בלייבן!

— וואַרפט אַרויס פון קאָפּ יעדן געדאַנק וועגן פאַרלאָזן באַטום! איך וואָרן אייך, אַז לויטן באַפעל פון אַטאַמאַן וועט מען אייך אין דער קאַסע אויפן באַן קיין בילעט נישט פאַרקויפן. גייט אויף פּראָבע!

איך בין אַרויס פון טעאַטער, אַוועק אויפן פּרעכטיקן פּאַלמען־בולוואַר צום ברעג ים. ווי לאַנג איך בין געזעסן ווייס איך נישט. אין פאָרט האָב איך זיך דערוווסט, אַז אין 2 שעה אַרום גייט אָפּ אַ שיף קיין נאָוואָראָסייסק און איך האָב צוגענומען מיין געפּעק פון באַן און פון האָטעל און זיי אַריבערגעפירט אויפן שיף... אין מוח און אין האַרצן ביי מיר האָט געשטורעמט. איך בין אַרומגעגאַנגען ביים ברעג פון שוואַרצן ים.

איך האָב איבערגעלעבט אַלץ, וואָס פאַר די יאָרן איז מיט מיר געשען. כ'האָב געוויגן און געמאָסטן אַלע פרייד און פאַרדרוסן, אַלע ליכטיקע און שאָטנס. כ'האָב דערזען, אַז צווישן די דערגרייכונגען אין פּעטערבורג און דעם, וואָס איך געפין אין דער ווירקלעכקייט שוין דאָס צווייטע מאָל, איז נישטאָ און עס קאָן נישט זיין און עס וועט נישט זיין קיין געמיינזאַמקייט, קיין צוזאַמענהאַנג... איך שטיי אויפן שיידוועג! היינט מוז איך זיך זאָגן, מוז איך באַשליסן: איך טונק זיך אָפּ מיטן קאָפּ אין באַטומער טעאַטער? דאַן האַרף איך באַלד מעלדן דער דירעקטאָר, אַז איך בין אויף פּראָבע נישט געקומען, ווייל איך בין קראַנק און דאַרף אים זאָגן, אַז איך האָב נישט קיין ווינגרעכט און זיין גרייט מאָרגן אויסצוהערן, אַז איך האָב א יי ן א ו י ס וו ע ג: — פּראַוואָסלאַוויע!

און מאָרגן וועל איך זאָגן דער הערצאָגיניע, אַז איך בין געזונט ווי אַ בער און ווערן אַ האַלבער העראָי...

איך בין אַוועק מיט האַסטיקע טריט אויף פּאָסט און אַוועקגעלייגט אַ דעפּעש קיין ווילנע בזה הלשון:

—„איך פאַרלאָז די בינע אויף אַלע מאָל. איך קוש אייך, מיינע טייערע!“

דאָס איז געווען אין סוף אָקטאָבער 1911, אין מאַי 1912 איז מיין פאַמיליע־לעבן צעבראָכן געוואָרן: חנה'לע האָט פאַרלאָזט דאָס הויז פון מיינע עלטערן. איך בין געבליבן איינזאַם, זיך געפילט עלנט און אומגליקלעך און ווער וויים צו וואָס איך וואָלט זיך אַראָפּגעגליטשט... האָט מיך אין סוף יולי מיין ערשטער דירעקטאָר ביעליאַיעוו אַנגאַזשירט קיין יעקאַטערינאָסלאַוו אויפן ווינטערסעזאָן 1912/13... און דאָ האָט אויפגעלויכטן מיין שעפערישע זון...

איך מוז אָבער אומקערן דעם לייענער צום ברעג פון שוואַרצן ים פיין באַטום און בעטן אים זיך מטריח זיין איבערלעבן מיט מיר יענע 8 חדשים ביזן סעזאָן אין יעקאַטערינאָסלאַוו.

* *

*

אין סוף אָקטאָבער — דעם 20, 21, 22־טן — (דאָס זענען, אגב, די פינצטערע דאַטעס פון אָדעסער פּאָגראָם מיט 6 יאָר צוריק און אונדזער בעל הדבר איז כל ימיו געווען נישט אַ פשוטער טיפּ — אויך אַ שטיקל „בעל מקובל“ און אַ הונדערטפּראָצענטיקער „מיסטיקער“). —

יענע טעג אין חודש אָקטאָבער שטעלן זיך אויפן שוואַרצן ים אָפּ שיפן צוליב די נעפלען און אומגעוויטערס, וועלכע באַהערשן דעם ים.

אין 1911 יאָר, בעת איך האָב זיך פאַרקליבן אויפן שיף כדי דער דירעקטאָר זאָל מיך נישט „כאַפּן“ אויפן באַן און נישט שטערן צו אַנטלויפן פון דער קונסט און פון דער העראָאיניע, — איז דאָס אומגעוויטער געווען אַזאַ, אַז אַלטע ים־מענטשן האָבן געטענהט, אַז זיי געדענקען נישט אַזעלכעס און אַזוינס... איך האָב, ליגנדיק אויפן בעטל אין דער ענגער קאַיוטע, זיך געפילט ווי איך וואָלט געלעגן אין אַ נישטגעהייצטע באָד: די לופט איז פייכט, נעצט דורך דעם גאַנצן קערפּער ביז די ביינער, אָטעמסט אַריין אַ קאַלטן דאַמף, די פייכטקייט קריכט אין די אויגן, אין די אויערן...

און דאָס איז אַלץ גאָרנישט אין פאַרגלייך מיטן איבלגעפיל: דאָס גאַנצע אינגעווייד קערט אויס אַזוי, ווי אַ שרויף וואָלט עס געגעבערט. דער פסיכישער צושטאַנד איז אַבסאָלוטע אַפּאַטיע; דער ווילן איז פּראָסט־פּשוט אַטראָפירט, אָפּגענומען... זאָל געשען וואָס עס וויל, זאָל די גרויע פינצטערע כוואַליע, וואָס רייסט זיך אין דער שויב פון רונדן פענצטערל, דורכברעכן דאָס גלאָז, זאָל די שיף, וואָס הוידעט זיך אין די כוואַליעס און יאָגט אָן אַ געפיל פון זיסן שלאָף, אין דער כוואַליע פאַרזינקען... זאָל קומען אַ סוף צו אַלץ: צום טראַכטן, צום פילן, צום עצם לעבן! נאָר זאָלן די קישקעס אויפהערן זיך צו קערן און צום קעל זאָל אויפהערן צו־צושטייגן אָט די נויטווענדיקייט צו עפענען דאָס מויל און וואַרטן, אַז באַלד וועלן די קישקעס זיך אויסדרייען מיטן אינגעווייד אויף דרויסן.

אַ מעת־לעת האָט געדויערט אָט דער צושטאַנד. אַרום האַלבן טאָג אויף מאָרגן האָט איך: מיר זענען אָנגעקומען קיין גאַגרי. איך בין אַוועק זיך דערוויסן צי איז נישטאָ אַ מעגלעכקייט צו פאָרן ווייטער ביז נאָוואָ־ראָסייסק מיט דער יבשה. לאָזט זיך אויס: „וויפל אייער האַרץ גלוסט!". אַ שאָפער מיט אַ פּריוואַטן אויטאָמאָביל נעמט זיך אונטער מיך ברענגען אַהין אין משך פון 12 שעה. מיר האָט זיך אָפּגעדונגען, אַז אויפן הימל שיינט די זון, אָבער דאָס וועטער איז געווען אַ טריבס און איך האָב עס תיכף דערפילט: 500 רובל אויפן האַנט זאָל איך אים געבן! איך האָב אים פאָרגעלייגט מיין קופער, דאָס הייסט: מיין גאַנצן גאַרדעראָב, וואָס איז ווערט געווען אפשר 3 מאָל 500... ניין! נאָר מזומנים וויל ער.

איך האָב זיך אומגעקערט אויף דער שיף מיט אַ געפיל פון אַ פאַר־משפטן אויף אייביקער תפיסה און דעם גאַנצן וועג ביז נאָוואָראָסייסק, וועלכער האָט געדויערט דעם אָוונט, די נאַכט און דעם טאָג אויף מאָרגן, בין איך אָ פּ ג ע ז ע ס ן איינגעקאָרטשעט אויפן דאַך פון שיף, נישט קוקנדיק אויפן דריבנעם עקלהאַפטן רעגן און שניידנדיקן ווינט. די נודנע־לייגנווייליקייט האָט זיך געצויגן ווי אַ רויך פון אונטערגעוואַרעמטן פעך און ס'האָט אויסגעזען ווי אַ טאָרטור, וואָס וועט זיך קיינמאָל נישט ענדיקן.

אָבער עס האָט זיך דאָך פאַרענדיקט.

אין נאָוואָראָסייסק האָב איך איבערגענעכטיקט אין אַ האָטעלכל נישט ווייט פון פּאָרט, מעלדנדיק, אַז איך בין געקומען אויף עטלעכע טעג און דעם פּאַס וועל איך אָפּגעבן מאָרגן, ווייל היינט בין איך מיד פון שווערן שווימען און קאָן נישט אָפּנעמען דעם באַגאַזש פון שיף... איך האָב מיך

גוט אויסגערוט אין ווייכע וואַרעמע געלעגער און אינדערפרי, אַז איך בין אַרויס אַן אויסגערוטער צום ים און דערזען זיין רחבות און רואיקן ווילן צו הערשן און זיין אין דער וועלט אַ פרייד, אַן אָפּפרישונג און אַ גדולה, האָב איך פאַרשטאַנען אַז, אַוועקגיין פון דער ביגע קאָן איך נישט...

אָבער ווי אַזוי געפינט מען דעם וועג צו דער ביגע?

ווי אַזוי דערגרייכט מען אַהין, וווּ עס שלאָגן קוואַלן פון שעפערישע זוכענישן?

ווי אַזוי מיידט מען אויס די גייסטער און רוחות, די געריכן און רי־חות — פון מיינע „האַלדער־באַלדערס“? ערשטע ליבהאָבער און הערא־איניעס? גראָדנער הויפּטרעזשיסערן און באַטומער דירעקטאָרן? —

וווּ אַהין זאָל איך ווענדן מיינע בליקן? קערן מיינע טריט? וווּ לאָזן אויסברענען די פלאַמען פון האַרץ?

קיין ווילנע פון נאָוואָראָסייסק פאָרט מען דורך כאַרקאָוו. פאָרנדיק קיין באַטום, בין איך פון כאַרקאָוו ביז באַקו (מיר שיינט, אַז 3 מעת לעת) געפאָרן אין קופּע מיט אַ דאַמע, און אונדזערע שמועסן און צוזאַמענדיקע איבערלעבונגען, געפילן, געדאַנקען זענען מיר אויפן גאַנצן לעבן פאַרבליבן, ווי אַ טייל פון מיין גייסטיקן אויסלעבן זיך. איך האָב דערנאָך מיט איר אַ געווויסן צייט־פעריאָד קאָרעספּאָנדירט, איך געדענק, אַז איר פאַ־מיליע איז געווען דאָמאָראַצקאַיאַ, און דער נאָמען, שיינט מיר, וויקטאָריאַ. אין באַקו אויפן פעראָן האָבן זי באַגעגנט נאָענטע, מיר האָבן זיך זייער הייס געזעגנט. זי האָט געזאָגט, אַז זי איז אַן אַרמעניערין. ביי מיר איז זי אויך שטענדיק פאַרבליבן ווי אַ געשטאַלט פון אַ פּוילין. איך קאָן נישט דערקלערן גענויער: די דאַמע האָט מיר אין קופּע פאַר די 2 אָדער 3 טעג אָנגעשטעקט מיט אַזאַ פעסטן גלויבן, אַז איך וועל אויף די וועגן פון מיין באַרוף דערגיין ביז די העכסטע מדרגות, וועלכע אַ מענטש קאָן אין לעבן דערגרייכן... און אויך מיינע ווייטערדיקע וועגן, ווען איך פלעג דערפילן מיד־קייט, ווען מאָמענטן פון רעזיגנאַציע פלעגן אָנהייבן איבערהאַקן מיין ליבנסענערגיע, און איך פלעג אָנהייבן טראַכטן וועגן אָפּטרעטן, פלעגט אַרויסטייכן אין מיין באַוווסטזיין, די געשטאַלט פון אָט דעם פרויען־וועזן, מיט וועלכן איך האָב צוזאַמען געאָטעמט אין ספערן פון הויכן געדאַנק, פון טיפן געפיל סך הכל קורצע טעג, אָבער קיינמאָל האָט נישט אויפגעהערט אויף מיין ווילן צו הערשן די ווירקונג פון איר גלויבן און מיין באַרוף...

די טעג און נעכט מיט יענעם פּרעכטיקן פּראָווענקאַל־אָפיציר, זענען אויף קיין איין סעקונדע נישט אַריבער די גרענעץ פון דעם, וואָס פראַנצויזן רופן: „Amitie amouruse”

עס איז זייער וואַרשיינלעך, אַז דאָס האָט דעם איידעלן פּראָווענצאַל אימפּאָנירט נישט ווייניקער ווי די שטורמישע רייד וועגן שעקספּירן און מיט פייער אָנגעלאָדענע לידער און מאָנאָלאָגן, וועלכע האָבן פאַר די מעת־לעתן אָנגעפילט דעם קופּע.

וויקטאָריאַ דאָמאָראַצקאַיאַ האָט אַ סך דערציילט וועגן באַרקאָווער טעאַטער, וועלכן עס האָט יענע יאָרן געפירט דער באַרימטער ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש סינעלניקאָוו.

שטייענדיק אין נאָוואָראָסייסק ביים ברעג ים; קוקנדיק אין זיין רחבות; אויפגערודערט און אויפגעשוידערט ביז די טיפענישן פון מיין זעל און גוף זוכנדיק א תשובה אויף די שאלות, וואָס האָבן מיך געפּלאָגט, — האָב איך זיך אָוועקגעזעצט אויפן שמאָלן שטיינערנעם פּאַס, וואָס גייט פון ברעג אין ים אַריין אויף אַ לענג פון א 10 — 12 מעטער, אַראָפּגעלאָזט די פיס צום ים, אַרויסגענומען אַ בלאָקנאָט און אַ בליישטיפט (קיין פּילפעדערס זענען נאָך נישט געווען) און אָנגעהויבן שרייבן:

„טיפגעשעצטער ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש. די באַדינגונגען אַרום זעגען קנאַפּ גינסטיקע צו שרייבן אַ בריוו וועגן קונסט. איך האָב מיט 2 טעג צוריק טעלעגראַפירט צו מיינע עלטערן און פרוי, אַז איך פאַרלאָז די בינע אויף שטענדיק; איצט זיץ איך אויפן ברעג פון שוואַרצן ים און פיל מיט אַלע פעדים פון האַרצן און גוף, אַז ל ע ב ן אָן דער בינע וו ע ל איך נישט און וו י ל נישט. אָבער נאָך דעם, ווי איך בין אַוועק פון דער שולבאַנק מיט אָנדערטהאַלבן יאָר צוריק, האָב איך אויף די בינע ברעטער זיך אָנגעשטויסן בלויז אויף טאַלענטלאָזיקייט, העסלעכקייט, האַרצלאָזיקייט און גייסטיקער אָרעמקייט”.

ווייטער האָב איך געמאָלדן, אַז ער, סינעלניקאָוו, איז אין מיינע אויגן דער איינציקער מענטש, וועלכער וואָלט, אויב ער וועט וועלן, מיך ראַטעווען פון אָפּגרונט...

און איך האָב אים געוואָרנט, אַז ר ע ד ן וועגן פּראַקטישע זאַכן — ק אָ ן איך נישט און דערפאַר שרייב איך אים אָט די שורות און, מיינענדיק, אַז ער וועט זיי לייענען מיט אַ טאָג שפּעטער, וועל איך מיך צו אים מעלדן מיט צוויי טעג שפּעטער... איך וועל קומען און, אויב ער וועט

מיך אויפנעמען, וועל איך — ש וו יי ג ן און ענטפערן אויף י ע ד ע ר פראגע, וועלכע ער וועט מיר שטעלן.

אין צוויי טעג ארום בין איך געקומען קיין כארקאוו, באשטעלט... וויזיט־קארטן און אוועק ארום 10 פרי אין שטאט־טעאטער אריין.

די פראבע האט זיך שוין אנגעהויבן. פון דעם ארבעטפלאן אויף דער וואנט האב איך זיך דערוווסט, אז עס גייט די פראבע פון טאלסטאיס „לעבעדיקער מת“, וועלכער איז דאן אקארשט ארויס פון דרוק.

איך האב אפגעגעבן דעם פארטיער מיין וויזיטקארטע און געבעטן פרעגן ביי ניקאלאי ניקאלאיעוויטשן צי זאל איך ווארטן. דער פארטיער איז אוועק אויף דער בינע און דורך דער געעפנטער טיר האב איך דער־הערט אויף א קורצע ווײַלע קלאנגען פון דער רעפעטיציע... ביי מיר האט פארכאפט דער אטעם און דער קאפ האט זיך גענומען דרייען. מיט אמאל גייט צו צו מיר אן אפיציר פון א יאר קנאפע 30.

— וואס באווילגט איר דא צו טאן? וואס דארפט איר?

— איך ווארט אויף ניקאלאי ניקאלאיעוויטשן.

— איך בין ניקאלאי ניקאלאיעוויטש.

— סיניעלניקאוו... — שטאמל איך קוים ארויס.

— נו, יא! איך בין ניקאלאי ניקאלאיעוויטש סיניעלניקאוו זאגט זאכלעך וואס איר דארפט פון מיר האבן.

— איך הייס: „מארעווסקי“.

— זייער אנגענעם... וואס איז ווייטער?

— איר האט דערהאלטן מיין בריוו?

איך האב אוודאי אויסגעזען ווי אן אראפגענומענער פון דער תליה און ווער ווייס וואס אין א מינוט ארום וואלט געשען, אבער דער פארט־יער האט זיך אומגעקערט פון דער בינע.

— ניקאלאי ניקאלאיעוויטש האט געבעטן זיך באמיען צו אים אין קאבינעט. אין דער ערשטער הפסקה אין א מינוט 20 ארום וועט ער זיין צו אייער דינסט. ער בעט ביי אייך אנטשולדיקונג. איבעררייסן די פראבע האלט ער פאר אוממעגלעך. ווען איר קומט פאר דער פראבע, וואלט ער גערן אפגעלייגט דעם אנהייב כדי אייך אויפצונעמען... ווילט איר זיך באמיען אין קאבינעט אריין?

— איר זענט געקומען צו סיניעלניקאָוו־סעניאָר? — האָט אומצו־פרידן אויסגערופן דער אָפיציר: — טאָ רעדט קלאָר און דײַטלעך.

לאָזט זיך אויס: דאָס איז אַ „בענאַק" מיטן נאָמען „ניקאָלאַי" און ער איז תמיד אײַפערזיכטיק, אַז מען זאָגט „סיניעלניקאָוו" און מען מיינט נישט אים. אַ פּאַרביקע אילוסטראַציע צו דער אַלטער באַהויפּטונג, אַז „גרויסע טאַטעס האָבן אָפט קליינע בנים"...

דער פּאַרטיער האָט מיט אַ שמייכל פון לײַכטער איראָניע באַגלייט דעם „סיניעלניקאָוו — יוניאָר'ס" ביזע פּראַזע און האָט מיך אָנגעקוקט, וואַרטנדיק, אַז איך וועל אים נאָכגיין צום קאַבינעט.

— איך וועל זיך אין אַ מינוט 10 אַרום אומקערן — האָב איך גע־מאָלדן.

— ווי איר באַוויליקט, אָבער אויב איר וועט צו דער פּאַוזע נישט זײַן דאָ, וועט איר פריער ווי נאָכן סוף פון דער גאַנצער פּראָבע מיט בי־קאָלאַי ניקאָלאַיעוויטשן נישט האָבן די מעגלעכקייט צו רעדן.

— דאָס איז מיר קלאָר.

איך בין אַרויס אויפן טראָטואַר... קיין שום צווייפל נישט: מיין בריוו איז געפאַלן אויף אַ באָרד פון אויפבלי. אין טאָן און האַלטונג פונעם פּאָרטיער האָט געקלונגען אַ פרייגדלעכער „ברוך הבא!"... אַזאַ סיניעל־ניקאָוו זוכט יונגע, הייסהאַרציקע קינסטלער־נאַטורן מיט ליכט... ער האָט אין מיינע שורות דערפילט מיין גאַנצן אמת, מיין גאַנצע מסירת־נפשדיקע פאַרליבטקייט אין דער קונסט און מיין בענקשאַפט נאָך איר לופט... אין 15 מינוט אַרום וועט ער מיך אויפנעמען און אין 25 בין איך אַ מיט־אַרבעטער אין טעאַטער...

גאָט, גרויסער גאָט, דערהער מיין תפילה! נעם אויף מיין געבעט! שערי שמים פתח ואוצרך הטוב לנו תפתחה!

מיט אַ האַרצקלאַפּעניש, וואָס אויסהאַלטן קאָן מען נאָך צו 25 יאָר, האָב איך זיך אומגעקערט אין טעאַטער. דער פּאָרטיער איז נישט געווען אין פּאָרערצימער. איך האָב זיך צוגעזעצט אויפן פריערדיקן בענקל...

דער אַקט דאַרף זיך יעדע מינוט ענדיקן...

„נו! און ווײַטער?" — האָט מיר אין קאָפּ אַ קלאַפּ געטאָן מיין בראָגיישער ווײַטיק: סיניעלניקאָוו וועט איצט מער ווי 10—15 מינוט דיך נישט האַלטן... און אויב ער וועט דיך הײַנט נישט באַזאָרגן מיט אַ מעגלעכקייט צו שלאָפן, וועסטו נעכטיקן אין גאַס... ס'איז טיפער

האַרבסט... ס'איז האַלט, ס'קאָן גיסן א האַרבסטיקער רעגנדל און דיר אויסווייקן די געדערים אַזוי ווי דער געפּל אויפן שיף אין שוואַרצן ים... דעם שמועס מיט סיניעלניקאָוו מוזטו אָנהייבן פון פּונקט פּראַוואָזשיטעלסטוואָ, לעבנסרעכט!

די טיר פון דער בינע האָט זיך ברייט צעפּראַלט. דער פּאָרטיער האָט זיך באַוויזן און נאָך אים עטלעכע שוישפּילער.

— איר האָט זיך שוין אומגעקערט? זאָגט דער פּאָרטיער מיט אַ פרייגדלעכן שמייכל: ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש האָט מיך אויסגעזידלט, וואָס איך האָב אייך אַרויסגעלאָזט פון די הענט. ער גייט שוין.

אויף יענער זייט שוועל איז געשטאַנען סיניעלניקאָוו האַלב איינגעדרייט צו דער טיר. קאָנטיק געענטפערט עמיצן אויף אַ פראַגע.

פיל פון בויגן האָב איך זיך אַ ריס געטאָן צום אַרויסגאַנג, ביים טעאַטער איז געשטאַנען אַ צווייפערדיקער איזוואָזטשיק.

— צום באַן וואָס שנעלער. פלי! מיר האָבן אַ קנאַפּע האַלבע שעה צום צוג קיין פּעטערבורג.

וואָס סיניעלניקאָוו האָט געטראַכט ווייס איך נישט... אפשר קיין צייט נישט געהאַט צו טראַכטן. דער פּאָרטיער האָט באַשטימט געטראַכט און קיין דערקלערונג נישט געפונען.

מיין לייענער וועט באַשטימט טראַכטן, אַז איך בין מי יודע וואָס פאַרא פּרא אדם... אפשר וועט זיך ווער פון די לייענער אומקערן צו די קאַפּיטלען וועגן פּאַרקריפּלטן חנוך? אפשר וועט א צווייטער דערמאָנען די בלעטלעך וועגן די „נאָקטיורנען"? און ווער עס איז וועט אפשר דערזען, אַז אין אָט דעם אינצידענט אויפן שוועל פון סיניעלניקאָווס טעאַטער האָט זיך אָפּגעשפּילט די גאַנצע טראַגעדיע פון מיינע שליידערנישן, פון מיין „אַהין און „צוריק"?

איך האָב שטענדיק געהאַט פאַר מיינע אויגן מיין פּאָטערס געזיכט, בעת איך האָב זיך געלאָזט פאָרן קיין פּעטערבורג. און נאָך טיפער ווי דער ציטער פון געוויסן האָט מיט ווייטיק מיך געפּלאָגט דער רעיון, אַז די פרעמדע וועלטן וועלן מיך אַוועקרייסן פון עפּעס אַזוינס, וואָס איז דער עיקר פון מיין ליבשאַפט צום מין מענטש, פון מיין זאָרגלאָזן געלעכטער. דאָס געפיל פון ישיבה־בחורדיקער יידישקייט — הגם איך האָב קיין ישיבה אין די אויגן נישט געזען — האָט מיר געשיינט צו זיין נישט בלויז דער „עיקר" — דער גאַנצער יסוד פון מיין לעבן בכלל און ממילא — פון מיין לעבן אין דער קונסט.

אין באַטום בין איך אַנטלאָפֿן פֿון קלעפּיקן מיסט אין אַרומיקן שטיינער; אין כאַרקאָוו האָב איך דערזען עטלעכע משומדים, וואָס האָבן זייער ייִדישקייט אָפּגעגעבן פֿאַר אַ טעפּל „לינדזן“.

פֿון אָט דעם טעפּל בין איך אַנטלאָפֿן וווהין די אויגן טראָגן.

און די אויגן האָבן געטראָגן אַהין, ווו איך האָב געדאַרפֿט דערגיין און בין סוף כל סוף דערגאַנגען.

אָבער אויפֿן וועג זענען נאָך געלעגן שווערע באַריקאַדן.

# IX. פאַמיליען־ברוך

עס מוז זיך אויסווייזן דעם לייענער פאַר אַן אומגעריכטער באַהויפּטונג און עס וועט אויך אָן ספק אויסזען ווי אַן אומבאַגרינדעטער „ווילדער“ פּאַראַדאָקס, אָבער איך וויל דאָ שילדערן די ווייטערדיקע געשעענישן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אָנוואַקסן אַרום מיר, אונטער דער איבערצייגונג, אַז... „ווילן“ און „גורל“ (אָדער „מזל“, לאָמיר זאָגן) — דאָס זענען צוויי זייטן פון איין מטבע. נאָד מער: זיי זענען איינער פון צווייטן אָפּהענגיק; איינער דעם צווייטן דערגאַנצן זיי. סימנים און שפּורן פון „אומפאַרמיידלעכן פּאַטום“ קאָן מען געפינען אין פאַלן, וועלכע זענען אויס ביים ערשטן קוק, ווי אויסדרוקן פון פעסטן ווילן... און פאַרקערט. דאָ, וווּ מיר האָבן פאַר זיך פאַלן פון כלומרשט „בלויזן צופאַל“, קאָן מען אויפדעקן — ביי טיפערן באַטראַכטן — דעם מענטשנס ווילן (מען מוז נעמען אין אַכט, אַז „ווילן“ איז לאו דווקא — אַגרעסיווער אָנגריף, נישט דווקא — טאַט, מעשי ידים... ווילן שטעקט אָפט אויך — אין עקשנותדיקער אויסגעהאַלטנקייט, אויסדויער און אין אַ סך פאַלן פון „צופעליקייט“ וועט זיך ביי אַ טיפערן אַנאַליז אויסלאָזן, אַז הגם דער פאַל איז אַ פּועל־יוצא פון צופאַל, וואָלט ער אָבער נישט געקאָנט צושטאַנדקומען אָן אויסדויער.

מיר האָבן גענוי און ברייט געשילדערט ווי אַזוי אין די באַדינגונגען פון זיינע קינדערשע יאָרן („ביי דער מאַמעס פאַרטעך“) האָט אונדזער בעל דבר פאַרלאָרן יעדן שפּור פון ווילן.

מיר האָבן געזען שפּעטער איבער וועלכע נסיונות, שוועריקייטן דאָס פריער ווילנלאָזע יינגל האָט געשפּרייזט, נישט אַרויסלאָזנדיק פון אויג זיין אידעאַל און ציל. דאָ מוז באַטאָנט ווערן, אַז די שטוביקע — פאָטער מוטער, קרובים — זענען געווען איבערצייגט, אַז ער וועט נישט אויסהאַלטן די אַלע „סקאָרפּיאָנען“ און שטעכיקע צוימען אויף זיין וועג און

וועט ווידער קומען צולויפן „צוריק", אַהיים... און די דריי יאָר אין פּע־טערבורג האָבן אריינגעבראַכט אין התפּעלות אַלעמען אַרום. דערצו די עפּעקטפולע פּרטים: דאָלמאַטאָוס באַזוך, די מעשה „פּאַוולאָווסק" — עס האָט אויסגעזען, אַז דער שוועל איז ענדגילטיק אַריבערגעטראָטן, און אונדזער „העלד" האָט זיך אָפּגעלאָזט שווימען איבער ווייטע ימים. און כּך הוה: ער לאָזט זיך אַוועק אַזש קיין באַטום. אַ סוף צו אַלע „אפשרם"!

קומט מיטאַמאָל אַ טעלעגראַמע פון באַטום: „איך פאַרלאָז די בינע אויף אַלעמאָל". טאַטע־מאַמע יובלען, פעטערס־מומעס לאַכן, משמעות, אין די פויסטן... ידידים? — יעדע אַכטונג צום „אַרטיסט" איז, פאַר־שטייט זיך, צעטראָטן, פאַרוועלקט, פאַרשוווּנדן ווי שטויב אויפן ווינט. פאַר די אויגן שטייט אַ צעבאַלעוועטער בן־יחיד, אַ צעפּיעשטשעטער, אַן אויסגעצערטלטער און מען איז נאָר מקנא זיין קיום, וואָס איז אים פאַר־יאָרגט, זיין זאַטקייט, זיין ווילטיק, זיינע זיידענע קראַוואַטן און דראָזש־קעס, אויף וועלכע מען פעלגט אים זען אַרומפאָרן איבער דער שטאָט.

אָבער דאָס אַלץ איז געווען נאָר די אויבערשטע פלאַך פון מיין עק־זיסטענץ אין יענע חדשים, וואָכן און טעג. אונטער דעם אויסערלעכן „ווילטיק" האָט געבלוטיקט און געאייטערט אַ טיפע וווּנד... איך קאָן עס אין ווערטער נישט שילדערן. איך האָב נישט געוווּסט: ווער בין איך? אַ שווערע און טיפע טראַגעדיע פון 26־יעריקן מענטש, וועלכער איז אויס־געוואָרצלט פון יעדן באָדן.

„אַ שלים־מזל"?

שלים־מזל איז — מזל!

ער האָט יאָרנלאַנג מיט זיין „מזל" געקעמפט, אויף זיין וועג אַלע הינדערנישן באַזייטיקט, אַלע שטערונגען צעשמעטערט...

אָבער אויפן געגעבענעם עטאַפּ פון זיין יונגן לעבן איז געלעגן אַ שטע־רונג, וועלכע באַזייטיקן איז נישט געווען אין די גרענעצן פון זיין ווילן. ער האָט געמוזט אַרויסרייסן פון האַרצן איינע פון די צוויי טיילן, וואָס צוזאַמען לעבן און זיך אַנטוויקלען האָבן זיי נישט געקאָנט: — אָדער דעם ייד, אָדער — דעם אַקטיאָר!

„אַקטיאָר" איז געווען דער גאַנצער אינהאַלט פון זיין לעבן!

און — „ייד"? וואָס איז דאָס אַזוינס?

דעמלט איז עס געווען נישט מער, ווי די פינצטערע שאָטנס פון די ענגע געסלעך און... דעם טאַטנס דערשראָקענע אויגן.

און — נאָך איין „קלייניקייט“: פּערזענלעכע ווירדע!

אויסוואורפן שטעלן אַ תנאי צו לאָזן אים לעבן אויף דער וועלט... גיט ער נאָך, וועט מיטאַמאָל אַלץ ווערן לייכט און פריידיק — גיין!

ער וועט די אויסוואורפן נישט נאָכגעבן!

דאָס איז — ווילן, לייענער! אויסצושטיין די יסורים פון יענע חדשים האָט מען געמוזט האָבן אַן אייזערנעם ווילן...

און אויסגעזען האָב איך ווי אַ צעבאַלעוועטער שלים=מזל, וואָס פּרעסט און זויפט און געניסט אַלע פריידן און תענוגים פון לעבן און ווילטיק.

אַלע אַרום האָבן מיך אָן ספק טיף פאַראַכט; איך זיך אַליין — געשאָלטן.

און אומגליקלעך בין איך געווען אַזוי, אַז דעם בייטאָגיקן הימל פלעג איך אויסמיידן אָנצוקוקן. גאַנץ בוכשטעבלעך: איך פלעג אויפשטיין פון געלעגער פאַרנאַכט, בעת דאָס ליכט פון טאָג פלעגט אָנהויבן זיך אויסלעשן. ווי אַ שאָטן פלעג איך זיך אַרומשלייכן איבער די גאַסן. אַריינקומען צו באַקאַנטע, זיצן מיט האַלבגעשלאָסענע אויגן און פירן געשפּרעכן וועגן לעבן און אומקום... אַזוי זענען דורך לאַנגע חדשים — דריי? פיר? זעקס?

יענעם ווינטער בין איך געפאָרן צוגאַסט קיין מינסק. אין מינסק האָט געוווינט סאַשע גערמייזע, מיין קוזען. דער לייענער, וועמען די קאַפּיטלען פון מיינע קינדעריאָרן זענען אין זכרון פאַרבליבן, ווייס, אַז סאַשע איז געווען מיין אייגנטלעכער דערציִער און געהאַט אַ דעצידירנדיקן איינפלוס אויף מיין דראַנג צו טעאַטער. אין מינסק האָט ער געאַרבעט אין אַ גרויסער באַנק (אַזאָווסקאָ=דאָנסקאָי), איז געווען פאַרהעלטנישמעסיק גוט סיטואירט, זיינע אַמאָליקע עקסטרעמע רעוואָלוציאָנערע אויסברוכן, איבערצייגונגען און מעשים זענען אַריין אין די שטילע וואַסערן פון באַלעבאַטישער עקזיסטענץ. ער האָט געהאַט צוויי זין און געדאַרפט אויסהאַלטן די משפּחה. איז ממילא „מאַרקסיזם“ געוואָרן בלויז אַ „תורה“ און וועגן רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט איז שוין קיין רייד נישט געווען.

אָבער זיין היים איז געווען אַ פּונקט, וווּ עס פלעגן זיך צוזאַמענקומען טוער פון „בונד“ און צווישן זיי — איסאַק ווייטער.

„ווייטער“ איז געווען דער ליטעראַרישער פּסעוודאָנים פון אָנגעזעענעם בונדישן טוער דעווינישסקי.

דאָס איז געווען אַ פיגור, אַ פּערזענלעכקייט, וואָס וואָלט געדאַרפט פאַרנעמען אַ באַזונדער קאַפּיטל, ווען מיר שרייבן די געשיכטע פון יענע

יאָרן אונטערן שיינוואָרפער פון געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישער באַטראַכטונגען. אָבער די געשטאַלט וועט פאַרנעמען נישט איין דף בעת מיר וועלן קומען צום שוועל פון איבערברוך אין די שפּעטערישע פּראָצעסן ביי אונדזער בעל דבר.

אין מינסק ביי סאַשע גערמייזען אין די געמיטלעכע חדרים׳לעך אין עק שטאָט — אויף „ליאַכאָווקאַ“ — איז ווייטער פאַר מיר קודם כל געווען די לעגענדאַרע פיגור פון „ווילנער גובערנאַטאָר“ אין די אָקטאָבער־טעג פון 1905 יאָר, בעת די צאַרישע מאַכט האָט אויף עטלעכע טעג זיך געפילט ווי אין חלשות נאָכן מאַניפעסט פון 17 אָקטאָבער און די שטאָט איז באַהערשט געוואָרן — דורכן „פאָלק“... דער פאָלקס־הערשער איז יענע טעג געווען — אייזיק דעווינישסקי (מען האָט נאָך אָנגערופן נעבן אים דעם נאָמען: „שטערן“).

אַז איך האָב זיך מיט אים אַ יאָר 5 שפּעטער באַקענט, האָט זיין געשטאַלט, פאַרשטייט זיך, מיך פאַראינטערעסירט און אינטריגירט.

ווען ער איז מיט אַ יאָר — צוויי פריער אַריין צו אונדז אין הויז, האָט אים מיין מוטער געוויזן מיינעם אַ בריוו פון פּעטערבורג. ער האָט דעמלט מיין מוטער איבערראַשט מיט דער פראַגע: „שרייבט אַזאַ יידיש, איז אַ קינד פון אַזאַ מאַמען און שפּילט רוסיש?“ און ער האָט געשילדערט וואָס פאַראַ ברייטע און ליכטיקע האָריזאָנטן עס וואָלטן זיך געעפנט פאַר מיר, ווען איך גיב אָפּ מיין וויסן און כוחות („טאַלאַנט“ — האָט ער בלי ספק געזאָגט) — דעם יידישן טעאַטער, וועלכער נויטיקט זיך אַזוי אין מענטשן מיט קולטור.

פאַר די עלטערן איז ווייטערס דבורים געווען אַ „גרויס געווינס“ שוין צוליב דעם, וואָס אַ יידישער אַקטיאָר איז דאָך לכל הדעות אַ ייד... און אויב שוין יאָ „אַקטיאָר“, טאָ זאָל כאָטש אָפּפאַלן די סכנה פון — שמד!

אַזוי איז ווייטער געוואָרן אַ בן־בית ביי אונדז. איך ווייס, אַז מיט דער מוטער האָט ער געהאַט וועגן דעם געשפּרעכן. אָבער ווי אָפט ער איז ביי אונדז געווען אין הויז, ווייס איך נישט און וועגן דעם זיך קיין איין מאָל נישט פאַרטראַכט.

באַקענט האָב איך זיך מיט אים ביי סאַשען אין מינסק און געוווסט, אַז ער טוט זייער אַ סך אויפן יידישן קולטור־געביט, זייענדיק די „רעכטע האַנט“ ביים פאַרלעגער באָרים קלעצקין.

קורץ נאָך אונדזער ערשטער באַקאַנטשאַפט האָב איך דערהערט פון אים, אַז ער האָט אָנגעשריבן צוויי דראַמעס און וואָלט געוואָלט, אַז איך

זאָל אויסהערן די לעצטע. דעם זעלביקן אָוונט, דוכט זיך מיר, האָט ער געלייענט „דעם שטימען".

די דאָזיקע שורות, לייענער, וועלן מיר פאָרזעצן אין א יאָר זיבן לערך, ארום 1918... אין 1912 איז ווייטער אוועק אין סיביר נאָך דעם, ווי ער האָט מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן דעם קיום פון קאָנספּיראַציע, וועלכער האָט געדויערט שוין גאַנצע זיבן יאָר. ער האָט זיך געמאָלדן אין זשאַנדאַרמעריע, איבערגעגעבן זיך אין איר רשות און פאַרשיקט געוואָרן — „אויפן ווייטן מזרח", קיין קראַסנאָיאַרסק. א פּרט: דעם בויגן פּאַפּיר, אויף וועלכן ער האָט אָנגעשריבן די מעלדונג צו דער זשאַנדאַרמעריע, האָט ער געקויפט אין א בשמים-קליימל, אויף זאַרעטשע, ווו מיר האָבן באַנאַנד שפּאַצירט אין א זומערדיקן טאָג פון חודש מאי.

„דער שטימער" האָט אויף מיר געמאַכט א טיפן איינדרוק. אויף ווייטערן האָב איך אָנגעהויבן קוקן מיט בליקן פון נישטבאַהאַלטענער התפעלות.

— אָבער —

באַשערט געווען איז צו דערזען אים דורך אַנדערע ברילן. אין אַן אַנדער ליכט. סאַשע האָט געהאַט א קרובה. גערופן האָט מען זי — „איראַ". איראַ האָט געהאַט א מאַן, איינעם פון די פּרעכטיקסטע מענטשנקינדער אויף דער וועלט?

איראַ האָט געהאַט אַ מאַן, איינעם פון די פּרעכטיקסטע מענטשנעקזעמפּלאַרן, וועלכע מיר איז ווען עס איז אויסגעקומען צו טרעפן אויף מיין לעבנסוועג. דאָס ווייס איך איצטער נאָך מיין ווייטערדיקער 50-יעריקער לעבנס-דערפאַרונג.

דעמלט פלעג איך קומען צו זיי צו גאַסט, אָפּזיצן אָוונטן ביז נאָך האַלבער נאַכט, פירן שעהן-לאַנגע שמועסן, דיסקוטירן אויף טעמעס פון לעבן, פון קונסט, פון ליטעראַטור, אָן ספק איז מען זיך נישט באַגאַנגען אָן פּאָליטיק, און מיינע אַרויסזאָגונגען האָבן געמוזט אַרויסרופן נישט קנאַפּ פאַרדרוס און אפשר שנאה אין קרייז פון מענטשן, וואָס זענען געווען טעאָרעטיש און פּראַקטיש רעוואָלוציאָנערן. אָבער סיי ווייטער, סיי איראַס מאַן האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין ווינדסטע רוגזה קעגן מיינע מיראַדן...

— ער איז נישט קיין רעאַקציאָנער און נישט קיין פאַרטיידיקער פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט — האָט אין איינעם פון די אָוונטן זיך אָפּגערופן מאיר (אַזוי האָט געהייסן איראַס מאַן), — ער האָט צו אונדזערע אָנגעלעגנהייטן א באַציונג, ער רעדט אין נאָמען פון יענע אָביעקטיווע ווערטן און אמתן, וועלכע מיר לאָזן אַרויס פון אויג, צעהיצטע אין אונדזערע קאַמפן. מען דאַרף נישט אָפּשטויסן די דאָזיקע אמתן און

ווערטן, וועלכע ער פאַרטיידיקט: דאָס זענען אמתן, אָן וועלכע קיין וועלט פון סאָציאַליזם קאָן נישט געמאָלט זײַן.

— איר זענט מיט אַלע פיבערן פון אייער נשמה אַ קינסטלער, האָט ער פלוצלונג אויסגערופן — דער רעוואָלוציע קאָנט איר אויף געוויסע עטאַפּן ברענגען שאָדן און די רעוואָלוציע קאָן אייך צערייבן אויף אַש, אָבער פאַר דער וועלט, וועלכע די רעוואָלוציע וויל דערנענטערן, זענט איר אַ ווערטפולער מענטש. גאָט אייך מיין האַנט! איך האַלט פון אייך, איך האָב אייך ליב און וועל אייך ליבן שטענדיק און אומעטום.

אין אַ טאָג אָדער צוויי נאָך דער באַשריבענער דיסקוסיע איז געשען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט לויט אַלע כּללים פון באַציונגען צווישן מענטשן מיר געשיינט צו זײַן אַן אָנהויב פון אַ „סקאַנדאַל“, אָבער אַרויסגעקומען איז גאָר עפּעס אַנדערש.

אירא איז געווען אַ בילד־שיינע פרוי פון אַ יאָר 22, מיט אַ שמייכל, וואָס האָט ממש באַלויכטן איר פּנים אַזוי, אַז גלייכגילטיק פאַרבייגיין איז געווען אוממעגלעך. די פלאַמיקע רייד בעת די באַשריבענע דיסקוסיעס פלעגט זי אויסהערן, האַלטנדיק איר שיינעם קאָפּ אין אַ זייט, ווי אָנגע־שפּאַרט אויף עמעצנס פּלייצע. בעת ווייטער האָט געלייענט זײַן פּיעסע האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַז זי האָט אַ שייכות צום ווערק... מיך האָבן איבערראַשט אירע בליקן, אָנגעגאָסענע מיט גליק און אַנטציקונג, ווען איך האָב געמאַכט געוויסע באַמערקונגען וועגן אַ ריי מאָמענטן, געשטאַלטן, סצענעס. מיר האָבן זיך גאָר גיך באַפרײַנדעט. איך האָב געהאַט אַ סך, אַ סך פאַלן פון טיפער און הייסער פרײַנדשאַפט מיט שיינע יונגע פרויען, אָבער דאָ איז געווען דער ערשטער פאַל, ווען אין בליק, אין שמייכל, אין דרוק פון דער האַנט האָב איך דערפילט... איך ווייס נישט — וואָס.

אין גראָדנער טעאַטער בין איך געווען דערשיטערט און דערשראָקן, קוקנדיק ווי אַזוי דער ספּעציאַליסט פון „דערפאָלג“ ביי פרויען (דעם נאָ־מען האָב איך בשעתו אָנגערופן) דערגרייכט זיינע דערפאָלגן.

פון מיינע גראָדנער איינדרוקן און פעסטשטעלונגען בין איך געבליבן ביי דער איבערצייגונג, אַז פאַר מיר איז דאָס געביט פון יענע דערפאָלגן אויף אייביק פאַרשלאָסן אויף אַלע צען שלעסער, ווייל, בעת אויף מיין קלענסטן, דעליקאַטסטן שריט צו אינטימקייט, פלעג איך דערזען אַן אויס־דרוק פון דערשראָקנקייט אין די אויגן, אָדער דערהערן דעם פּליסטער: „וואָס טוט איר?“ — פלעגט מיין „אָנגריף“ ליקווידירט ווערן

אין שורש. אַזוי האָב איך געלעבט לאַנגע יאָרן... אין בערלין. בעת די מוטער האָט מיך אַריינגענאַרט צום ספּעציאַליסט פון קינדערלאָזיקייט און איך האָב געמוזט אים ענטפערן אויף אַ צוויי צענדליק פראַגן, וואָס איך האָב ביז דאַן וועגן אַזעלכע ענינים קיין שום באַגריף נישט געהאַט, האָב איך אָנגעהויבן טראַכטן, אַז... איך ווייס נישט פון דעם, וואָס מען רופט: „ליבע".

אויף מיין פראַגע ווי אַזוי היילט מען „אימפּאָטענץ", האָב איך דערהערט פון מיין דאָקטאָר, אַז וועגן דער פראַגע האָב איך נישט קיין גרונט צו זוכן אַ תשובה. אויף מיין באַמערקונג, אַז מיינע חברים אין טעאַטער און אַנדערע ידידים דערציילן וועגן צענדליקער דערפאָלגן, און איך ווייס אַפילו נישט ווי אַזוי מען דערשלאָגט זיך צו איינעם, האָב איך דערהערט:

— ערשטנס, זענען אייערע חברים ליגנער און דערציילן ווילדע גוזמאות. צווייטנס, דאַרף מען פאַרשטיין, אַז נישט האָבן שלאַפלאָזיקייט באַם, הייסט נאָך נישט האָבן אַ קראַנקע קעל. אַז די צייט וועט קומען, געוויסע נטיות וועלן צייטיק ווערן, וועט איר קיין גרונט נישט האָבן צו מיינען, אַז איר זענט נישט געזונט.

אין מינסק פאַר די וואָכן אַרום נייאָר 1912, וואָס איך האָב פאַרבראַכט ביי סאַשען, פלעג איך כסדר זינגען, און אַלע אַרום פלעגן עס אויפנעמען מיט הייסער התפעלות, אָבער אירא פלעגט פשוט נישט געפינען קיין גענוג ווערטער און אויסדרוקן פאַר אַנטציקונג. און נישט איינמאָל פלעגט זי קומען צו לויפן אין מיטן טאָג און נישט אָפּשטיין פון מיר ביז איך פלעג נישט אָפּזינגען עטלעכע מאָל אַ פאָר „ציגיינער" לידער. אַזוי זענען געפלאָסן לאַנגע וואָכן...

איין מאָל, אין אַ שעה פון בין השמשות, ווען אין צימער האָבן זיך אָנגעהויבן שפּרייטן די ערשטע שאָטנס, בין איך געזעסן מיט איראַן אין צימער און שטיל, אין טענער פון פּיאַניסימאָ, מיט פאַרמאַכטע ליפּן געלאָזט הערן איינע פון די האַרצגרייפנדיקע מעלאָדיעס... איך ווייס נישט ווי אַזוי און לויט וועמענס איניציאַטיוו זי איז געזעסן ביי מיר אויף די קני. איך האָב ווייטער געצויגן מיין מאָטיוו. זי האָט געהערט מיין געזאַנג און איך האָב אין דער טונקלקייט געפילט — אירע פאַרליבטע בליקן, איר צוויבערהאַפטן שמייכל איר אַנטציקט האַרץ.

איך ווייס נישט צי האָב איך זי באַוויזן אַ קוש צו טאָן. ווי אַ בליץ פון קלאָרן הימל האָט אויפגעלויכטן דאָס לעמפּל איבערן טיש. פאַר די

אויגן איז געשטאַנען — מאיר. און דאָ איז פֿאָרגעקומען דאָס, וואָס איך האָב מיר נישט געקענט פֿאָרשטעלן.

אירא איז רואיק אָן שום איילעניש אויפֿגעשטאַנען פֿון מיין קני, פֿאַרלייגט די פֿינגער אין אירע האָר, וועלכע זענען געווען צעשויבערט, און אָנגעהויבן זיי צוזאַמענעמען. מאיר איז אַרוים אין פֿאָדערהויז אויס־טאָן דעם מאַנטל.

האַלטנדיק אין די ליפּן די שפּילקעס פֿון קאָפּ, האָט זי אַ פֿרעג געטאָן:

— איז דען שוין אַזוי שפּעט? איך האָב זיך פֿאַרהערט אין זיינע לידער און נישט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן מיטאָג עסן? וויפֿל איז דער זייגער?

— איך בין געקומען מיט אַ האַלבער שעה פֿריער. דאָרטן איז אויס־געלאָשן דאָס ליכט — האָט ער געענטפֿערט פֿון פֿאָדערצימער און, אַריינ־קומענדיק אין צימער, זיך געוואָנדן צו מיר:

— וואָס זשע זענט איר אַנטשוויגן געוואָרן? איר זינגט נאָך פֿאַר שיינע ווייבער?

שילדערן מיין צושטאַנד בין איך לחלוטין נישט אימשטאַנד. מיין ער־שטער געדאַנק איז געווען, אַז זיין רואיקייט איז אַ שטילקייט פֿאַר אַ שטו־רעם.

איך ווייס נישט וואָס איז פֿאָרגעקומען אין משך פֿון דעם ווייטער־דיקן פֿערטל שעה. ווען איך האָב זיך איבערצייגט, אַז קיין שום אויסדרוקן פֿון פֿאַרדרוס, פּראָטעסט, „שטורעם" זענען נישטאָ אין דער מינדסטער מאָס, האָב איך זיך גענומען געזעגענען...

— וואָס געזעגנט איר זיך, ווי פֿאַר אַ נסיעה קיין אַמעריקע? — הער איך — מיר וועלן צובייסן און קומען באַלד צו אייך. ווייטער קלייבט זיך אויך אַריינגיין. מיר'ן פֿאַרפֿירן אַ דיסקוסיע, איר וועט עפּעס דער־ציילן... שוין לאַנג נישט געהערט אייערע אַפּיקורסישע דרשות.

אין אָוונט האָבן זיך די דיסקוסיע־מאָטיוון דאָס מאָל נישט אַנט־וויקלט. די געסט זענען געווען צעטיילט איבער דריי חדרים. איך בין גע־זעסן מיט מאירן באַנאַנד און צווישן אַנדערע האַלב־וויצלדיקע, האַלב־ערנסטע דבורים דערהערט:

— אייפֿערזוכט איז סתם אַן ענין פֿאַר רונדע אידיאָטן און אויס־ווורפֿן. ווער עס ליבט אַ פֿרוי, וועלכע פֿאַרדינט געליבט צו ווערן, דער וועט קיינמאָל נישט וואַגן צו שטערן אירע פֿריידן אויס איבערצייגונג, אַז

זי איז זיינס אַ קענגנשטאַנד. אַזוינס איז נאָך דענקבאַר ביי יינגלעך און מיידלעך... דאָרטן דאָמינירט איבערן שׂכל קאָכעדיק בלוט... איך בין עלטער פאַר מיין איראַן מיט 15 יאָר. מיר וועט ווי מאָן, אויב איך וועל זעען, אַז זי איז איז אַ גענץ פון אַן אומווירדיקן טויגעניכטס, איך וואָלט אין אַזאַ פאַל אפשר זיך אַריינגעמישט... אָבער שטערן איראַן געניסן פרייד פון אַזאַ פאַרערער (זייט מוחל דאָס באַנאַלע וואָרט, איך האָב קיין גרונט נישט צו זאָגן: „געליבטן"), ווי איר, — אָהער — למשל — ווייטער, אָדער נאָך ווער פון דעם מין — דאָס האַלט איך פאַר פשוט מיאוס און נאַריש, ווייל העלפן וואָלט עס מיר זאָ ווי זאָ נישט.

און מיטאַמאָל האָט ער זיך פונאַנדערגעלאַכט:

— איך וואָלט נישט געוואָלט אויסבייטן מיין גורל אויפן גורל פון איינעם, וועמענס באַשערטע צוט קיינעם נישט צו און ער איז געזיכערט פון יעדער סכנה צו ווערן „אָפּגענאַרט".

צי איז איראַ געווען אַ פריי, וואָס האָט זיך באַציגן לייכטזיניק צום ענין „פלירט"? „אמור"?

מיט פולסטן בטחון ענטפער איך אויף דער פראַגע: „ניין!"

זי איז געווען אַ שעמעוודיק פּראָווינציאָנעל „ווייבל". טעמפּעראַמענט האָט זי געהאַט ווי אַ ווולקאַן, אָבער אויסדריקן פלעגט זיך עס אין דעם, ווי אַזוי זי פלעגט אויפנעמען די כלערליי רייצנדיקע מאָמענטן אין דער אַרומיקער סביבה און ווירקלעכקייט. איר אָנטייל אין די קרייזלעך פון דער פּאַרטיי; אירע צושטימונגען צו דעם אָדער יענעם רעדנער; אירע פּראָטעסטן קעגן אַנדערע, פלעגן ווערן באַגלייט מיט אַזוי פיל גלוט פון צעפלאַמטן האַרצן, אַז איך פלעג קוקן אויף איר מיט אויפגעריסענע אויגן, מסתמא — פאַרליבטע אויגן...

איך האָב שוין באַמערקט, אַז בעתן לייענען „דעם שטימען" האָט מיך אַזוי ווי איבערראַשט, איר נישט פשוטע שייכות צום ווערק. זי האָט מיינע באַמערקונגען אויפגענומען אַזוי, ווי זיי וואָלטן געהאַט אַ שייכות נישט צום ווערק פון אונדזער אַלעמענס חשובן פריינד, נייערט — צו איר. עפּעס האָט עס געמאַכט דעם איינדרוק ווי זי וואָלט געווען אַ געהיימער מיט-מחבר. דער איינדרוק איז מיר דורכגעפלויגן דורכן קאָפּ און איז פאַרשוווּנדן. איך האָב עס דערקלערט מיט איר אימפּולסיווקייט, וואָס זי פלעגט אַרויסווייזן אין אַלע פאַלן, ווען זי פלעגט זיך באַהעפטן מיט וועלכע עס איז דערשיינונגען פון אינטעלעקטועלן לעבן.

אָבער נאָכן געשפּרעך מיט מאירן און זיינע ווייצן האָב איך שוין נישט געקאָנט קוקן קאַלטבלוטיק, ווען זי פּלעגט רעאַגירן אויף ווייטערס רייד און אַקציעס מיט איר צוויבערהאַפטן צעשטראַלטן שמייכל.

די קורצע און אין תוך גאַנץ אומשולדיקע מינוטן פון יענעם באַשריבענעם בין השמשות. האָבן פאַרזייט פונקען, מסתמא, פון אַ גרויסער ליידנשאַפטלעכער גמזיה צו איר, וואָס איך האָב ביז דאַן נישט געקענט, נישט איבערגעלעבט, אין הארצן קיינמאָל נישט געטראָגן.

איך ווייס נישט וואָס וואָלט געווען, ווען מאיר רעאַגירט אַנדערש, ווי ער האָט רעאַגירט און ווען ער לאָזט מיך נישט אויסהערן די אויבן געבראַכטע טיראַדע וועגן זיין באַציונג צו אירע „פאַרערער" און ווען ער רופט נישט אָן מיך און... ווייטער. די טעמע האָט שוין אָנגעהויבן עגבערן דעם מוח. די „נישט־פּשוטע" שייכות צו ווייטערס „שטומען" האָט שוין פאַרנומען די געדאַנקען שעה'נווייז. איך האָב שוין נישט געקאָנט איראַן באַגעגענען מיט יענער פריער פון גלייכגילט און צופרידנקייט אינאיינעם — אַזוי ווי פריער. איך האָב שוין אויסגעהערט פון איר: „וואָס זענט איר עפּעס לעצטנס אַזוי אויפגערעגט? האָט איר אומאָנגענעמלעכקייטן? דערציילט, טיילט זיך מיט פריינד, וועט אייך ווערן לייכטער". איך האָב נישט דערציילט, נישט געטיילט זיך... און נישט געוווּסט וואָס מיט מיר טוט זיך.

וועגן דעם, אַז מיין הארץ איז געטראָפן דורך דער „פייל פון אַמור", האָב איך נישט אָנגעהויבן חושד צו זיין. איך האָב געהאַלטן, אַז איך בין פאַרליבט אין חנהלען...

איך בין פון מינסק אַוועקגעפאָרן אַהיים. איך געדענק, אַז פאַרן פאַרלאָזן מינסק האָבן מיר זיך איינגעשניטן אין זכרון — און ערגעץ אַ סך טיפער ווי אין זכרון — צוויי מאָמענטן.

בעת איך האָב סאַשען אין אַ געשפּרעך אָן עדות דערציילט די סצענע ווי מאיר האָט מיך געטראָפן אין טונקעלן ציטער, האָט זיך אויסגעלאָזן, אַז סאַשע ווייס די געשיכטע מיט אַלע פּרטים און אויף מיין דערשטוינטער פראַגע: „פון וואַנען ווייס ער עס" — האָב איך דערהערט, אַז דערציילט האָט עס אים... ו ו י י ט ע ר.

און אין אַ שפּעטערדיקן שמועס וועגן ווייטערן האָט מיך איבערראַשט אַ קורצע און קאַטעגאָרישע פראַזע אויף סאַשעס ליפּן:

— ווייטער איז אַ מאַן, פאַרביי וועלכן עס גייט נישט דורך קיין איין פרויענווינז, אויב ער האָט אויף איר געוואָרפן אַן אויג. ער פרעסט ווייבער

ווי איינער קנאַקט ניס. ער איז אַבסאָלוט ריטערליך, מאַכט נישט קיין וויצן, דערציילט נישט וועגן זיינע טריאומפן, אָבער עס איז באַוווסט, אַז ער לאָזט נישט אומבארירט קיין איין הויז, וווּ ער טרעט אַריבער די שוועל. אַן אויסנאַם איז באָרים קלעצקינס פאַמיליע.

— איז דאָך אירא, אויב אַזוי, זיין פאַסיע?

— פון קיין „פּאַסיעס" ווייס ער נישט און האַלט נישט! ער איז אַ קאַלטער עפּיקורעער. ער האָט ליב בלומען און ער רייסט זיי דאָ, ווו דאָס ווערט נישט באַגלייט מיט דראַמאַטישע קאָמפּליקאַציעס, טרערן, זיפצן, טיפע איבערלעבונגען...

— און אירא?

— וואָס ביסטו צוגעשטאַנען צו מיר ווי אַ קלעק? „אירא", „אי-רא"... אַוודאי אימפּאָנירט איר און אים דער שרייבער, זיין נאָמען, אָבער...

— וואָס „אָבער"?

— מיר דערשלאָגט דיין נאַיווקייט... צי דען ווייסטו נישט, אירא איז פאַרליבט אין דיר איבער אַלע גרענעצן און מאָסן. זי רעדט וועגן דיר ביי טאָג און ביינאַכט פון חלום. זי מאַטערט מאירן פאַרוואָס דו קומסט צו זיי אַזוי זעלטן, פאַרוואָס ער האָט דיך יענעם אַוונט אָוועקגעלאָזט אַ באַ-ליידיקטן.

איך בין אַוועקגעפאָרן קיין ווילנע נאָך דעם געשפּרעך, נישט האָבנ-דיק געזען קיינעם.

אין ווילנע האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן ציען די נעכט און אָוונטן אַזוי ווי אין אָנהייב, פון דעם קאַפּיטל איז באַשריבן. קיין ליכט פון טאָג יענע חדשים געדענק איך לחלוטין נישט. פון די קרייזן באַקאַנטע און פריינד, מיט וועלכע מיר פלעגן זיך יענע חדשים אָפט צוזאַמענקומען, וועל איך דאָ אָנרופן איין מענטש: זאָיע סטעמבאָ, די פרוי פון אין ווילנע אַמאָל באַקאַנטן דאָקטאָר סטעמבאָס יונגן זון — קאָליא. מיט 2 יאָר שפּעטער, בעתן ביילים-פּראָצעס, האָט זיך קאָליא „באַרימט" געמאַכט דורך דעם, וואָס ער איז אַוועק אין דער רעדאַקציע פון דער אַרכי-שוואַרצמאה'דיקער „רוסקאָיע זנאַמיאַ" און געמאָלדן — נישט מער און נישט ווייניקער — אַז זיין פאָטער האָט אים געזאָגט, אַז יידן געברויכן קריסטלעך בלוט צו מצה... דאָס איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער דעגענעראַט, אָן אַ מינדסטן סימן פון וועלכע עס איז מאָראַלישע טאָרמאָזן. צו מיר פלעגט ער כסדר צושטיין מיט דער פראַגע: „פאַרוואָס נעמסטו נישט אָן קיין פּראַוואָסלאַ-

וויץ?“ ער האָט מיר אַזוי דערעסן און דערבײַ איז געווען אַזוי נישט דענקבאַר צו פירן מיט אים „פּרינציפּיעלע“ וכּוחים, אַז איך האָב אים איינמאָל אַ זאָג געטאָן: „דו ביסט דאָך אַ פּראַוואָסלאַוונער?“.

— פֿאַרשטייט זיך — זאָגט ער — ווי דען זשע?

— דאַרף דאָך דיר קלאָר זײַן, אַז פֿאַר מיר איז דער וועג צו פּראַוואָסלאַוויע אָפּגעשניטן אויף אייביק... איך קאָן דאָך נישט געהערן צום זעלביקן „גלויבן“, וואָס דו; איך קאָן דאָך נישט זײַן מיט דיר אין איין געמיינשאַפֿט.

— אַ מאָדנער מענטש — זאָגט ער — איך הויב נישט אָן צו פֿאַרשטיין וואָס ער רעדט.

זאָיע איז געווען איינע פֿון די קליגסטע און גײַסטרײַכסטע מענטשן, וועלכע איך האָב געטראָפֿן אין לעבן. געווען איז זי קראַנק אויף שווינדזוכט, פֿון וועלכער זי איז געשטאָרבן אין אַ 2 יאָר אַרום.

יענע חדשים איז זי געווען דער שענסטער און רײַכסטער אינהאַלט פֿון מײַן אין שאָטנס פֿאַרהילטן קיום.

איך באַשרײַב נישט מײַן אייגנטלעכן פֿאַמיליעגלעבן. זײַנע באַשטאַנדטיילן דאַרפֿן פֿאַרן לייענער זײַן קלאָר פֿון די פֿריער געשילדערטע עפּיזאָדן.

אין האַרצן אויפֿן געמיט האָב איך געטראָגן — געשלעפּט ווי אַ קרייץ צו דער גאָלגאָטע אַ געפֿיל, וואָס איך האָב געהאַלטן פֿאַר „ליבע“; געווען בין איך אָן ספֿק — אומדערטרעגלעך אין אַלע הינזיכטן...

אפֿשר געדענקט דער לייענער דעם קורצן עפּיזאָד אין רײַכנהאַל מיט אַ יאָר צוריק, ווי, שטייענדיק איבערן וואַלד אויף אַ הויכן באַרג און באַוווּנדערנדיק די אַרומיקע שיינקייט, האָב איך מיט אַמאָל דערהערט פֿון מײַן בת מלכּה: „מיר זענען פֿאַרשיידענע נאַטורן, מיר מוזן זיך שיידן“...

איך האָב עס נישט אויפֿגענומען ערנסט, איך האָב עס נישט געוואָלט, נישט געקאָנט אויפֿנעמען.

איצט איז עס געשען. אָנהויב פֿרילינג 1912 האָט מיר חנהלע געמאָלדן, אַז זי פֿאַרלאָזט דאָס הויז.

קיין מעלאָדראַמע שרײַב איך נישט. ווי לאַנג זי האָט זיך געפּאַקט געדענק איך נישט, איך געדענק, אַז, דערזעענדיק ווי זי נעמט אַרויס פֿון שראַנק אַ גרינעם קאָסטיום, וואָס איך האָב באַזונדערס גערן געזען זי טראָגן, האָב איך אַרויסגעמורמלט: „לאָז מיר איבער דעם גרינעם קאָסטיום“. און איך געדענק גאַנץ גענוי איר באַוועגונג און דעם קאָסטיום.

זי איז אַוועקגעפֿאָרן — קיין מינסק.

אין אַ שעה־צוויי אַרום איז געקומען ווייטער... נאָך קורצע עטלעכע פּראָזן, זעענדיק, אַז איך בין צעטראָגן, האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— ווו איז אַננאַ נאַטאַנאָוונאַ?

— זי איז אַוועקגעפאָרן... מיר זענען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען.

ער האָט אויפגעהויבן זיין אָדלערקאָפּ און מיט אַ דערשטיינטן בליק אויסגערופן:

— שוין אַוועקגעפאָרן?

דאַן האָב איך גאָרנישט פאַרשטאַנען. איצט איז מיר קלאָר, אַז אַרום מיר האָט זיך שוין לאַנג געוועבט אַ נעץ פון געשעענישן.

# X. פֿרייער פֿויגל

אַ יאָר צייט — פֿאַר מײַן גאַנצן לעבן דאָס אײנציקע יאָר — בין איך געווען אויף אַן אמת זעלבסטשטענדיק און פֿרײ. פֿרײ פֿון די איבערלעבטע ווייטיקן, וועלכע האָבן מיך געפּלאָגט צו 15—16 יאָר, און פֿרײ — פֿון די פּליכטן, וואָס זענען שפּעטער — ווי פֿריער — געלעגן אויף מײַנע שולטערן און געפּענטעט מײַן געוויסן און מײַן האַרץ.

דער נעץ פֿון געשעענישן, וואָס איך האָב דערמאָנט אין סוף פֿון פֿאָריקן קאַפּיטל, איז געווען אַ סך געדיכטער ווי איך האָב מיר געקאָנט פֿאָרשטעלן ביי מײַן אַבסאָלוטן צוטרוי צו מענטשן בכלל און צו מײַן אומיטלבאַרן „אַרום“ באַזונדערס. און אין דעם נעץ האָב איך מיך יענעם זומער — 1912 — פֿאַרפּלאָנטערט אַזוי, אַז איך האָב נישט ווילנדיק און נישט וויסנדיק געטראָטן סיי אויף עלעמענטאַרע באַפֿעלן פֿון געוויסן סיי אויף מאָמענטן פֿון מײַן פּערזענלעכן גליק. מיט אַ צעוווּנדיקטן האַרץ האָב איך מיך יענע חדשים געטראָגן פֿון איין צופֿעליקן עפּיזאָד צו אַן אַנדערן; געגאָסן פֿון יוגנטלעכע גענוסן: געטרונקען דאָרשטיק פֿריידן פֿון אַ רייף־געוואָרענעם מאַנסביל; געזופּט די גאָבן פֿון לעבן און קיין אָנונג נישט געהאַט, אַז מײַן פֿרייד, גענוס און גליק קאָסט עמיצן אָפּ שטראָמען טרערן.

אַ פֿרויענהאַרץ, וואָס האָט מיר באַשײַנט עטלעכע זומער־וואָכן אין האָט זיך אַליין פֿאַרפּלאָנטערט אין דעם נעץ, וואָס זי האָט מיטגעוועבט אַרום מיר, האָב איך ביים ערשטן ליגן, אין וועלכן איך האָב זי מיט אַ פֿעסטן גרונט דערוויזן באַשולדיקט, אָן ריקזיכט אָפּגעשטויסן, און האָבנדיק אין 8 חדשים אַרום באַקומען אַ טעלעגראַמע: „געבוירן אַ זון“, געענטפֿערט: „צי נישט אַ טאָכטער? צווישן אמת און שקר זענט איר דאָך נישט פֿעיק אונטערצושיידן“... אין 28 יאָר אַרום האָבן מיר זיך געטראָפֿן אין מאָסקווע. אין אַ געמיטלעכן קאַבינעט פֿון אַ שטילן רעסטאָראַן זענען

מיר געזעסן שעהנלאַנג, און איבער אונדז האָבן געשטראַלט די פרייד פון פאַרלוירענעם און צעטראָטענעם יונגנט גליק.

און דאָ האָב איך, אויספרעגנדיק מיט פאָרזיכט וועגן מענטשן און געשעענישן פון די פאַרלאָפענע יאָרצענדליקער, דערהערט, אַז איר צווייטער זון האָט מיט 8 יאָר צוריק געענדיקט מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל אַ העכערע בילדונגס-אַנשטאַלט („ווּז") און איז אַ פּאָר טעג נאָך דעם, קומענדיק אַהיים, האָט ער אויפגעגעסן אַ בולקע, וואָס איז געלעגן אויפן טיש און... געשטאָרבן אין שרעקלעכע יסורים: די בולקע איז געווען מיט אַרסעניק פאַר מייז.

ווי קומט אַ בולקע מיט אַרסעניק פאַר מייז צו ליגן אויפן טיש?

דאָס האָט אַוועקגעלייגט מיט אירע אייגענע הענט — זיין מאַמע... לייבטזין — לייענער! — לייבטזין!

אַמאָל האָט זי נישט אונטערשידן שקר פון אמת; איצט — אַרייגעשטויסן איר ליבלינג אין קבר אַריין, ווייל נישט פּעאיק געווען אַ טראַכט צו טאָן, אַז פריער ווי דער שמשור, קאָן פון טיש אַ ביס טאָן די בולקע אַ מענטש...

אָבער פאַר מיר אין קאַבינעט פון שטילן רעסטאָראַן איז געזעסן נישט די פאַרבראַכערין נייערט די שווערבאַשטראָפטע אומגליקלעכע מאַמע, און איך האָב מיט דער גאַנצער צערטלעכקייט און וואַרעמקייט פון הערשיטערטן האַרצן זי גענומען טרייסטן און באַרואיקן. דאַן איז זי צוגעפאַלן צו מיין האַנט און שלוכצנדיק אַרויסגעמורמלט: „דערלעבט כאָטש אויסצוגיסן פאַר דיר די נישט אויסגעוויינטע טרערן פון מיין צעריסענעם האַרצן און פאַרשפילטן גליק, וואָס האָט אַזוי ווייניק געדויערט און האָט זיך אַזוי שרעקלעך געענדיקט". און דאַן האָב איך פאַרשטאַנען דאָס, וואָס מיט 28 יאָר צוריק האָב איך נאָך נישט געקאָנט פאַרשטיין.

אמתן, שקרים, נעצן, שאַטנס — דאָס זענען אין באַציונגען צווישן מאַן און פרוי פרטים. דער יסוד, דער כלל ואין יוצא איז, אַז „פּאָטער" איז קודם כל — פליכט! חוב! און אָט דעם חוב האָט יעדע פרוי, וואָס דאַרף ווערן אַ מוטער, דאָס רעכט אַרויסצולייגן אויף ווּעמען זי וויל אַפילו פון אַ „צענדליק" עווענטועלע טאַטעס...

אַ רעכט, אַ פרייד, אַ קוואַל פון נחת, אין אָנשטויס אויף דער עלטער קאָן „פּאָטער" ווערן שפּעטער, בעת אין משך פון יאָרן לאַנגע זאָרגן, צאַרטקייט, קרבנות זענען געוועבט געוואָרן די פעדים פון צוגעבונדנקייט,

ליבשאַפט, איבערגעגעבנקייט פון קינד צו פאָטער. — „פאָטער“ איז אַ באַגריף אַ סאָציאַלער, און די סאָציאַלע באַציונגען שאַפן דאָ די פעסטע און אומבאַשטרייטלעכע רעכט צו זאָגן: „מיין קינד“.

אָבער די מינוטן, וואָס האָבן אַ שייכות צום מאַנספאַרשוין 9 חדשים איידער דאָס קינד איז אויף דער וועלט געקומען — אָט די מינוטן ליגן נאָר אַרויף פליכטן, אויב די מוטער וויל אַזוי און גיבן נישט קיין רעכט, אויב די מוטער וויל עס נישט.

יענעם זומער פון 1912 האָב איך עס נישט געקאָנט באַגרייפן און בין אַנטלאָפן פון נעץ און פון קלעפיקע שקרים אַרום מיר.

אין 28 יאָר אַרום האָב איך דערפילט, אַז איך בין באַגאַנגען אַן עולה און דערציילנדיק מיין לעבנסגעשיכטע, פירנדיק מיין לייענער איבער מיינע היגלען און גריבער, קאָן איך דאָס בלעטל נישט פאַרשווייגן און נישט אַריבערהיפן...

* *
*

איבערן „פרייען פויגל“ האָבן זיך יענע חדשים געטראָגן שוואַרצע שאָטנס פון טויט, וועלכע האָבן צעשטערט די פריידן פון זיין פרייהייט און זאָרגלאָזיקייט נישט אין 3 יאָרצענדליקער אַרום אַזוי ווי אין געשילדערטן פאַל. די שוואַרצע שאָטנס האָבן באַדעקט די הימלען פון לויפנדיקן טאָג — גלייכצייטיק מיטן פאַמיליענלעבן האָט זיך אין אַלטאָג פון אונדזער פילגעפרוווטן סוביעקט אַריינגעריסן דער מלאך פון אומקום: אין פעברואַר 1912 איז געשטאָרבן דאָלמאַטאָוו... דאָ פלעכטן זיך די צאָלן „12“ און „14“: אין יאָר 1910 אין פעברואַר איז אין טאַשקענט געשטאָרבן קאָמיססאַרזשעווסקאַיאַ, דוכט זיך דעם 12, און אין פעטערבורג מיט 2 יאָר שפּעטער — אויך אין פעברואַר — איז געשטאָרבן דאָלמאַטאָוו — דעם 14-טן.

איך בין נישט געפאָרן צו זיין לויה... און איך פאַרשטיי היינט די סיבה אַזוי גוט ווי זי איז מיר קלאָר געווען דעמלט אויף דער הייסער מינוט: דאָס איז מיין אָרגאַנישע אומפעאיקייט צו שטויסן זיך מיטן עלנבויגן צום אָרט, וואָס איך וויל און מעג פאַרנעמען, און עס פאַרנעמען — אַנדערע... אפשר — „בילכערע“, אפשר נישט, אָבער דאָס אָרט פאַרנעמען זיי, און איך וואָלט מוזן זיי שטופן, שטויסן, טרייבן... און דאָס איז קעגן

מיין טבע און עצם פּעיקייטן. איז דאָ, וווּ עס גייט אין ענינים פון „יחוס“, „ווילטיק“, „כבוד“ — לאָז איך תמיד „מיינס“ אַריבערגיין: „זאָל זיין — „נישט געפידלט“!

אויף דאַלמאַטאָווס לויה זענען חוץ די צענדליקער טויזנטער אויף די פּראָספּעקטן, בולוואַרן און פּלעצער פון פּעטערבורג געווען הונדערטער דעלעגאַציעס האַרט נעבן אָרון. איך וואָלט מיך קוים דערשלאָגן צו אַ פּינטל צווישן אָט די הונדערטער... און מיין טרויער איז אָן שום ספק געווען טיפער, מיין האַרץ מער אָנגעריסן ווי ביים רוב פון די אָפיציעלע קלאָגערס און מספּידים. האָב איך באַשלאָסן, אַז טראָגן מיין אבלות פונדערווייטן איז מיר מער צום האַרצן איידער שטיין ערגעץ אין המון פון, — הגם פאַרקימערטע, אָבער מער נייגיריקע ווי אין טרויער דערשלאָגענע — באַגלייטער... און איך בין געזעסן אין ווילנע, זיך דערוואַרט אויף די צייטונגען, מיט פייכטע אויגן געלייענט די באַשרייבונגען פון די טרויער־פייערלעכקייטן און זיך ביטער צעוויינט איבערן לעצטן זאַץ פון דאַווידאָווס רעדע ביים אָפענעם קבר:

„צום גיכן ווידערזען זיך, טייערער חבר!“

אָבער זומער, אין יוני, האָב איך מיך געלאָזט קיין פּעטערבורג און אַוועק אויף „וואָלקאָוואָ קלאַדבישטשע“... זיין קבר האָט זיך געפונען האַרט נעבן קבר פון שרייבער גריגאָראָוויטש, זיין פערזענלעכן פריינד און פּונקט אַנטקעגן קבר פון טורגעניעוון.

דאָ איז נישט נויטיק קיין סך שורות, אַז דעם לייענער זאָל זיין קלאָר, וועלכע עמאָציעס איך האָב איבערגעלעבט אין דאָזיקן ווינקל פון פּעטערבורגער בית עולם יענע שעה.

אויף דאַלמאַטאָווס קבר זענען געלעגן פאַרפוילטע און אויסגעטריקנטע קרענץ. דער פרישער קראַנץ, וועלכן איך האָב מיטגעבראַכט איז דאָ געווען פונקט אַזוי איינזאַם און פרעמד ווי איך אַליין — אין דער שטאָט, וואָס איך האָב אַזוי געליבט, נישט האָבנדיק איצט אַזוי ווי פאַר די יאָרן אין שיל ווו איבערצונעכטיקן. מיט מיר איז געווען מיין חבר וואַסיאַ איגנאַטאָוו. מיר פילט אָן מיין געמיט און עס קלינגט מיר אין די אויערן די שטילקייט, די שטומקייט, אין וועלכער מיר זענען געשטאַנען, פאַרטיפטע און פאַרזונקענע אין די ווערטן פון טורגעניעווס גדלות, איידלקייט, מענטשלעכקייט, צו וועלכער אונדזער וואַסילי פאַנטעלעימאָנאָוויטש האָט אונדז אויף שטענדיק באַהעפט דורך זיין איינפלוס און באַווירקונג.

אויפן גאַנצן לעבן איז מיר פון יענער נסיעה קיין פעטערבורג און פון מיינע צוויי אָדער דריי באַזוכן אויף „וואָלקאָוואָ“ קלאַדבישטשע פאַרבליבן אַן עפּיזאָד, וואָס איז תמיד פריש אין מיין זכרון. אַרויסגייענדיק צוריק הורכן טויער (איך געדענק נישט דאָס מאָל געבן מיר וואַסיען), האָב איך דערזען אויפן טראָטואַר ביי דער וואַנט אַ געשטאַלט, וואָס אין יענע ערטער און אומשטענדן האָט נישט געזאָלט איבערראַשן: אַ בלינדן בעטלער פון אַ יאָר 70. ווען איך וואָלט היינט „אַלטן באָיאַן“ נישט געשפּילט מיט 7 יאָר פריער, וואָלט איך געמוזט מיינען — און אַנדערע וואָלטן אָן ספק באַשלאָסן — אַז איך האָב אויף דער שול־באַנק מיט 7 יאָר פריער אימיטירט אָט דעם בעטלער ביים טויער פון „וואָלקאָווער“ רואָרט...

דער זקן איז געזעסן אויפן טראָטואַר מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט; זיינע מיט אַ הייטל פון בלינדקייט פאַרצויגענע אויגן האָבן זיך לאַנגזאַם באַוועגט נאָך די קלאַנגען, וואָס זענען דערגרייכט צו זיינע אויערן, און מאָנאָטאָן האָט ער אַרויסגעזונגען, זיך שאָקלענדיק אין ריטם פון אַ פּאָמפּערימל אויף אַן אַלטן וואַגנזייגער: „דערלאַנגט עפּעס למען כריסטוס!“.

מיין באַציונג צו יעדן בעטלער אין גאַס האָט זיך ביי מיר אויפן גאַנצן לעבן איינגעשטעלט ווען איך האָב אין די קינדעריאָרן איבערגעלייענט ביי לעוו טאָלסטאָי (איך ווייס לחלוטין נישט גענויער אין וועלכן ווערק), אַז דער בעטלער, וואָס בעט אַ נדבה, איז אין ערשטן צוג אַ מענטש, וואָס ווענדעט זיך צו דיר... און, אויב דו ביסט אַליין אַ מענטש, טאָ ענטפער יענעם מענטש!

אַלזאָ — געבן אים וואָס ער בעט אָדער נישט געבן — איז אַ צווייטער ענין, אָבער פאַרבייגיין נישט ענטפערנדיק איז לכל הדעות אַן אויסדרוק פון אומפילבאַרקייט צום מענטש...

דער בלינדער זקן ביי דער וואַנט נעבן טויער פון בית עולם איז עטלעכע טריט פון טורגעניעוון און דאָלמאַטאָוון האָט צו מיר גערופן אויסער טאָלסטאָיס געבאָט אין טיפע קלינגענדיקע מאָטיוון פון האַרץ און געוויסן.

איך בין צוגעגאַנגען צו אים, אַריינגעשטעקט מיין האַנט אין קעשענע און זיך איבערצייגט, אַז איך האָב נישט קיין קליינגעלד... אַרויסנעמענדיק אַ רובל, זאָג איך צו אים:

— זיידעלע! איך האָב אַ גאַנצן רובל, דאָ זיצן נאָך אַנדערע, וואָס נויטיקן זיך, אפשר וועסטו מיר געבן רעשטע פון רובל?

— אָט דאָ ליגן מטבעות! נעם וויפל דו דאַרפסט!

און ער האָט מיר אָנגעוויזן אויפן היטל, וואָס איז געלעגן דערביי אויפן טראָטואַר, מיט אַ פינף — זעקס רובל קליינגעלט.

איך האָב אַריינגעלייגט מיין רובל אין זיין היטל, אָפּגעציילט אַ רעשט, ער האָט מיך לייטן שטייגער געבענטשט, אָבער איך האָב מיך נישט געקאָנט איינהאַלטן אים נישט צו פרעגן:

— זיידעלע! ווי אַזוי טרויסטו מיר דיין גאַנצע איינגאַמע? עס קאָן דאָך ווער צונעמען די מטבעות און דיר גאָרנישט געבן!

— יעדער וועט נעמען דאָס, וואָס ער באַדאַרף — האָט דער אַלטער געענטפערט, כמעט נישט ענדערנדיק דעם מאָטיוו פון „דערלאַנגט עפּעס למען כריסטוס!“

און תיכף האָט ער צוגעגעבן מיט אַן אַנדערן, מער אַלטעגלעכן טאָן:

— איך לעב פון מענטשלעכער גוטסקייט און פון מיין גלויבן אין מענטש. אַרעמער בין איך פון מיין צומרוי צום מענטש נישט געוואָרן און רייכער זוך איך נישט צו ווערן. גאָטס חסד שיצט מיך פון רשעות, און מענטשלעכע גוטהאַרציקייט איז מיין אָנלעג און מיין שטיצע.

איך בין געשטאַנען אַ מינוט 10. עס זענען אַדורכגעגאַנגען עטלעכע דורכגייער. קיין איינער האָט נישט געפּרוווט אים באַרויבן און קיין איינער האָט זיך נישט אָפּגערופן אויף זיין שטילן קרעכץ.

איך בין אַוועק פון אים מיט געפילן, וועלכע זענען נישט אויסגעוועבט געוואָרן אין משך פון די ווייטערדיקע 50 יאָר; דער מוסר השכל פון די עטלעכע מינוט איז געווען און פאַרבליבן, אַז... גוטס איז דער גרעסטער און אומבאַדינגבאַרער כּוח אין דער וועלט!

פאַר די וונדן, וואָס האָבן דעמלט מיך געפּלאָגט, איז עס געווען אַ מין באַלזאַם, אָבער בייזע ווינטן — פון מענטשלעכער רשעות, פון געזעלשאַפטלעכע קאַטאַקליזמען, פון פּאָליטישע קאָנפליקטן, פון „האָמאָ האָמיני לופּוס עסט“ — האָבן ווי רויב-נעגל און וועלף-ציינער געריסן שטיקער פון מיין איינגעבאָרענעם אָפּטימיזם און גלויבן אין די כּוחות פון ליכט און גוטס.

איך האָב זיך קיין אָרט נישט געפונען. קיין ווילנע איז יענעם זומער געקומען אַ גרופּע פּעטערבורגער אַקטיאָרן בראש מיט ניעראַדאָווסקין פון סוואָרינס טעאַטער. געשפּילט האָבן זיי „די שלאַכט-חברים“. אין פערסאָ=



מיט סאַשע גערמײזען אין בערלין

נאָך זענען געווען עטלעכע מײנע נאָענטסטע שול־חברים, בתוכם — מישאַ טשעכאָוו און באָרים בערטעלס. זײ האָבן פֿאַרבראַכט עטלעכע שעה בײ מיר, זיך נישט געקאָנט אָנלויבן אויף מײן הײם און ווילטיק און נישט באַגריפֿן, אַז איך וואָלט זײן אַוועקגעשאָנקען אַלץ, וואָס זײ האָט אומ־פֿאָנירט און דערוועקט אַפילו אַ מין קנאה־געפֿיל — פֿאַר צוויי וואָכן אַר־בעט אויף דער בינע, נאָך וועלכער איז בין אויסגעגאַנגען אין בענקשאַפֿט, זיצנדיק שוין 16 חדשים ווי אין היגערפֿלעט...

זײערע פֿאָרשטעלונגען זענען פֿאָרגעקומען אין בנין פֿון צירק. דאָרטן האָב איך געטראָפֿן בעליאַעוון.

ער האָט מיך באַקוקט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס. איך האָב געטראָגן אַ פּרעכטיקן זומער־מאַנטל און אַ העלן באָרזאַלינאָ־הוט מיט ברײטע ראַנדן...

— איר שײנט דאָך ווי די זון אויף דער ריוויערא — זאָגט ער צו מיר, נישט אַרויסלאָזנדיק מײן האַנט פֿון זײנער: ווו שטעקט איר ערגעץ? פֿאַרוואָס זעט מען אײך נישט?

— ווו קאָנט איר מיך זען, יעווגעני אַבראַמאָוויטש?

— ס'טײטש — „ווו?“ אין אַ קאַפֿעהויז! אין אַ קלוב. בײ אַ ביליאַרד.

איך האָב געשוויגן... מסתמא — מיט אַ ביטערן שמײכל אויף די פֿאַרפֿרעסטע ליפּן...

— איר ווילט פֿאָרן צו מיר אויפֿן ווינטערסעזאָן?

צי „וויל איך“? אָבער איך האָב מורא געהאַט צו פֿרעגן: ווהין? טאָמער ווידער „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ“?

ביעליאַיעוו האָט אָבער געלײענט מײנע רעיונות ווי פֿון אַן אָפֿן בוך.

— „יעקאַטערינאָסלאַוו“ — זאָגט ער — ס'איז אין דער „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי“!, 75 רובל אַ חודש.

— פֿאַרוואָס נישט הונדערט, יעווגעני אַבראַמאָוויטש?

— מענטש אײנער! הונדערט וועט מוזן קריגן דער, וואָס האָט נאָך נישט אַזאַ מאַנטל מיט אַזאַ הוט! נו אײער האַנט! אין אַ גוטער שעה!

די מוטער האָט אויפֿגענומען די בשורה מיט צופֿרידנהײט, ווײל זי האָט געוווסט, אַז די בינע קאָן זײן די בעסטע רפֿואה פֿאַר די שווערע איבערלעבונגען, וואָס האָבן מיר פֿאַרסמט די טעג און די נעכט. מיטן האַרץ פֿון אַ מאַמען — און אַ טיפֿן מענטשנקענער דערבײ — האָט זי אינ־טואיטיוו געפֿילט אַלע פּעריפּעטיעס, וואָס איך האָב יענע חדשים דורכגע־לעבט; זי האָט געזען, נישט ווייסנדיק קײן פּרטים, אַז איך צאַפּל זיך אין

פלאָנטער פון נישט געלייזטע קאָליזיעס; זי האָט נישט איינמאָל מיך שטום געפאָרשט מיט אירע דורכדרינגעודיקע בליקן, אָבער מער ווי פאַרגליווערטע האגות און ווייטיקן האָט זי פון מיר נישט אַרויסגעלייענט.

און דער אַנגאַזשעמענט צו ביעליאַיעוון האָט זיך איר באַוויזן ווי אַ דערלייזונג פון מיין פאַרצווייפלונג. זי איז געווען פולשטענדיק גערעכט.

אָבער ביזן אָנהייב פון ווינטער־סעזאָן זענען נאָך פאַרבליבן גאַנצע 10 וואָכן, און איך האָב באַשלאָסן אַוועקצופאָרן קיין בערלין... „זיך צעשטרייען“.

געפאָרן בין איך מיט מיין שוין אָפט דערמאָנטן קוזען סאַשע גערמאַיזע. ווי לאַנג מיר האָבן אין בערלין פאַרבראַכט — געדענק איך נישט.

פון יענער נסיעה קיין בערלין זענען אין מיין געדענקבוך פאַרבליבן עטלעכע פאָרשטעלונגען אין ריינהאַרד׳ס „דויטשן טעאַטער“, פון וועלכע איך האָב גענוי באַשריבן (אין צווייטן טייל פון ערשטן באַנד) באַסערמאַנען אין „אָטעללאָ“ און „האַמלעט“. נאָך זענען מיר פאַרבליבן פרטים וועגן דעם ווי אַניוטקע איז אַוועקגעפאָרן פון מינסק. סאַשע האָט, וועגן דעם דערציילנדיק, געשילדערט עפּיזאָדן, וועלכע זענען, באַטראַכטנדיק גענויער, געווען אין סתירה איינער צו אַ צווייטן. דאָס זענען אַלץ געווען פעדים פון דער פאַרשאָלטענער נ ע ץ, און מיר איז נישט געווען — און שפּעטער נישט געוואָרן — קלאָר: וואָס טראַכט מען אויס מיט דער בריהצרלעכער כונה מיך צו „טרייסטן“ און ווו איז מען אַליין פאַרפּלאָנטערט?

אָבער מיר איז געווען — ש ל ע כ ט: עפּעס כמו אַ יונגער שוואַכער בוים אַליין אין ווייטן פעלד, אויסגעשטעלט אויף שטורעמווינטן פון פריאָנגעלאָפענעם האַרבסט.

אין אָנהויב סעפּטעמבער בין איך אַוועקגעפאָרן קיין יעקאַטערינאָסלאַוו, און דאָ האָט מיר באמת אָנגעהויבן שיינען אַ נייע זון.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער קאַפּיטל: דער ערשטער קאַפּיטל — פון ליבן און שאַפן, דער ערשטער פלי פון פרייען פויגל.

איך האָב זיך באַזעצט אין אַ צימער ביי אַ יידישער משפּחה און פון דער ערשטער שעה זיך באַפריינדעט מיט אַ טאָכטער, וועלכע האָט געטראָגן דעם ראָמאַנטישן נאָמען: „ס ל אַ וו אַ“. דאָס הייסט אין רוסיש: „ר ו ם“. פאַר די ווייטערדיקע יאָרצענדליקער פון מיין לעבן, וואָס איז רייך געווען אין איינדרוקן, אויפטרייסלונגען, פריידן און דערגרייכונגען האָב איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן די ערשטע וואָכן אין יעקאַטערינאָסלאַוו און סלאַוואַ צייטלינס ליכטיקע געשטאַלט. איך ווייס נישט וואָס איז געווען

די סיבה, צוליב וועלכער איך האָב די וווינונג פאַרלאָזט. עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז די מוטער האָט איינגעפונען פאַר נויטיק פטור צו ווערן פון אַ שכן, וועלכן די טאָכטער האָט אויפגענומען מיט דער גאַנצער היץ פון איר יונגן האַרצן. פאַרלאָזן זיך אויף „יושר" פון דאָזיקן יונגן אַרטיסט איז משמעות, פאַרגעקומען נישט גענוג זיכער און סאָליד. איך האָב זיך געמוזט אָפּטראָגן און האָב זיך באַזעצט אין אַ דירה, אין וועלכער איך האָב שוין געוווינט ביזן סוף, הגם דאָ האָט געוואָלט פטור ווערן נישט אַ מוטער נאָר דער הער געמאַל. ער האָט געהאַט מער יסודות, אָבער דאָס איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך.

# XI. דער ערשטער בוקעט

יענעם סעזאָן האָב איך זיך ווייט אַוועקגערוקט פאָרויס אויף מיין סצענישן וועג. ביעליאַיעוו האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ טרופּע, מיט וועלכער דער גראָדנער קאָלעקטיוו קאָן נישט פאַרגליכן ווערן אפילו ווען מען זאָל אים געבן אַ צען „אויגלעד“ — פאָר; איך מוז דאָ פאַר מיין געוויסן אָנרופן און אָפּשילדערן אַ ריי שוישפּילער פון יעקאַטעריגאָסלאַווער טעאַטער אין ווינטערסעזאָן 1912/13.

אַן אַקטיאָר פון גרויסן פאַרנעם איז געווען — שאָרשטיין, קאָנסטאַנטין אָסיפּאָוויטש. מיך האָט פון דער ערשטער באַקאַנטשאַפט איבערראַשט ווען ער האָט, אויסשטרעקנדיק זיין האַנט, אַרויסגעזאָגט זיין פאַמיליענאָמען מיטן דרוק אויף דער ע ר ש ט ע ר זילב: נישט „שאָר ש ט יי ן“, ווי רוסישע מענטשן זאָגן געווינלעך, נייערט — „ש אָ ר שטיין“.

צווישן די פּרימיטיווע רענעגאַטן, די צענדליקער משומדים'לעך, וועלכע האָבן מער ווי אויף אַ העלפט אָנגעפילט די טעאַטערן אין יידישן תחום המושב, און וועלכע פלעגן זייער יידישע אָפּשטאַמונג אין בעסטן פאַל פאַרשווייגן און אין ערגסטן טייל פאַלן — לייקענען, האָט „שאָר־שטיין“ איבערראַשט מיט דער אָפענער כוונה נישט צו האַלטן זיין יידישן „חותם“ אונטער אַ הילע. אָבער מיך האָט מען, משמעות, באַטראַכט ווי אַ מין קנאי פון „שאָוויניזם“, הגם איך האָב מיט קיין איין וואָרט נישט געגעבן קיין גרונט אַזוי צו טראַכטן וועגן מיר און מיין וועלטאָנשויאונג... דאָ האָט ווידער — אַזוי ווי אין דער טעאַטערשול — געווירקט מיין עקשנותדיקע אָנגעהעריקייט „צום גלויבן פון די אבות“. מען איז נישט איינמאָל צו מיר צוגעשטאַנען מיט דער זעלביקער שאלה: „חיתכן? צוליב וואָס טראָגסטו דעם עול פון רעכטלאָזיקייט?“.

מען האָט מיר דערמיט אַזוי דערעסן, אַז איינמאָל בין איך אַרויס פון די כלים און געמאָלדן: „טפּשים! מיין פאָטער וועט האָד מיך מעביר נחלה

זיין, אויב איך וועל בייטן מיין רעליגיע... ווער פון אייך וואָלט אַזוינס געטאָן, ווען עס דאַרף אים קאָסטן אַ 4־שטאָקיק הויז אין ווילנע?“.

מיין איינפאַל האָט זיך אַרויסגעשטעלט פאַר הונדערט־פּראָצענטיק טרעפלעך. מען האָט מיך נישט נאָר אויפגעהערט צו פאַרפאָלגן מיט פראַגעס און עצות אויף דער טעמע, נאָר אָנגעהויבן אַכטן און שעצן פאַר מיין „פּראַקטישן חוש“ אין פראַגן פון ווירקלעכן לעבן.

אָבער שאָרשטיינס „יידישקייט“ איז ווייטער ווי דער ערשטער זילב פון זיין נאָמען נישט געגאַנגען. פּרינציפּיעל האָט ער זיך געהאַלטן פאַר איינעם פון די טויזנטער אַרום. עס איז געווען אַ צווייטער ייד, מיטן נאָמען — ניעראַטאָוו. דאָס איז געווען אַ רייכער סוחר פון ראָסטאָוו, מיט קאַפּריזן און אַספּיראַציעס פון אַ שוישפּילער... איך האָב ביז סוף סעזאָן נישט באַוויזן ענדגילטיק פעסטצושטעלן, וואָס אים האָט געפעלט: אַ טראָפּן „טאַלאַנט“? מינימאַלע אַקטיאָרישע פעיקייטן? אָדער אַ מינימום צוגרייטונג צו דער „מלאכה“, מיט וועלכער ער האָט באַשלאָסן זיך צו פאַרנעמען, איבערגעבנדיק זיין פאַבריק אין ראָסטאָוו אין די הענט פון זיין ברודער?

עס זענען געווען נאָך צוויי יידלעך... „יידלעך“, נישט יידן! מיר וועלן ווען עס איז קומען צו דעם פּראָבלעם אין זיין גאַנצער טראַגישער טיפקייט און פאַרנעם. מיר וועלן אויך דאָ קלייבן די צעריסענע און צעוואָרפענע פעדים פון אמת און וועלן זיי זוכן צווישן שונאים פונקט אַזוי פלייסיק און עקשנותדיק ווי צווישן פריינד... אין די ליכטער פון שייטערס, אין די חורבות פון גאַזקאַמערן וועלן פּרטים אויסזען אַנדערש, ווי עס האָבן אויסגעזען די געשטאַלטן פון מיינע פּראַוואָסלאַוונע קאָלעגן מיט נעזער פון קליינשטעטלדיקע מלמדים, מיט מאַניערן פון אונטערשמשים אין קליינע בתי מדרשים׳לעך... איינעם האָט מען גערופן לויטן פאָטערנאָמען (דעם ט ו י פ־פ אָ ט ע ר, פאַרשטייט זיך!) — „פיאָדאָראָוויטש“. עס האָט אים געפּאַסט באמת — לויטן רוסישן ווערטל: „ווי אַ זאָטל אויף אַ קו“... און בעת ער פלעגט לויט זיין אמט און פליכט אין טעאַטער אָנהויבן „פירן די פּראָבע“, עפּעס לאָזן הערן וועגן די ענינים פון „קונסט“, „מחבר“, פלעגט מיך אַרומנעמען אַ לוסט אים אַוועקצוטרייבן פון דער בינע און אַ שפּיי טאָן אין רוקן. ער האָט עס געפילט, געוווּסט, פלעגט מיר אויף יעדן טריט און שריט טאָן להכעיס, און איינמאָל האָט ער געמאָלדן, אַז איך בין דער ערגסטער „יודאָפאָב“, וועלכן ער האָט געטראָפן אין זיין לעבן... אויפן אָרט האָט עס אַרויסגערופן אַ לוסטיקן געלעכטער, ווייל דאָס איז געווען

דער ערשטער און איינציקער פאַל, ווען דער דאָזיקער „פּעדאָראָוויטש“ האָט געזאָגט בקול רם, אַז ער האָט אַ שייכות צו ייִדן. די אייִדעלע און גוט דערצויגענע קאָלעגן פלעגן די פראַגע פון נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט בכלל נישט באַהאַנדלען. דאָ זאָל דערלויבט זיין צו באַמערקן, אַז פיל נישט־ייִדן גייט אָן דער גאַנצער ענין פון אַנטיסעמיטיזם ווי דער פּאַראַיאָריקער שניי. זיי זענען אַבסאָלוט גלייכגילטיק צום ייִדן ווי צום ייִהנהאַס און שטעלן זיך אין איינצלנע פאַלן אויף דער אָדער יענער זייט, נישט אויס פּרינציפּיעלע, פּאָרויכבאַשטימטע פּאָסטולאַטן, נייערט אויס זייער באַציונג צו די פּרטים פון ג ע ג ע ב ע נ ע ם אינצידענט.

די פראַגע פון מיין „פּעדאָראָוויטשעס“ ייִדישקייט איז קיינמאָל עפנטלעך נישט געשטאַנען, אָבער נאָכדעם, ווי ער האָט מיך אָנגערופן „יהאָפּאָב“ און אַרום האָט מען זיך צעלאַכט, איז אַנטשטאַנען אין דעם פּרט אַ נייע „ערע“ אין לעבן פון טעאַטער. מיך האָט מען אָנגעהויבן רופן: „אונדזער אַנטיסעמיט“, און שוין צוליב דעם זענען אונדזערע פּראַוואָ־סלאַווגע ייִהצלעך געוואָרן אַן אָביעקט פון חוזק איבער זיי. פאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע „פּלאָג פון טאָג“ פלעגט פאַרשווינדן אין די קורצע טעג, ווען עס פלעגט קומען פון ווילנע אונדזער דירעקטאָר ביעליאַיעוו. דאָס פלעגט טרעפן נישט ווייניקער ווי צוויי מאָל אין חודש: אין דער טרופּע האָט זיך באַטייליקט זיין פרוי, יעקאַטערינאַ סיערגעיעווגאַ סאַראַנטשאָווא. אים האָט „פּעדאָראָוויטש“ אָן ספק בפּרטיות דערציילט וועגן זיינע צרות מיט מיר און ווי איך קאָן אָנגעמען לויט געוויסע פאַקטן, האָט אים ביע־ליאַיעוו אָנגעזאָגט ער זאָל נישט שאַפן קיין פּרעצעדענסן און קאָנפליקטן מיט מיר.

איינער פון די נאָבלסטע געשטאַלטן יענעם סעזאָן איז געווען קאַרל עדואַרדאָוויטש אָליגין — אַ פּאָליאַק. זיין פרוי איז געווען — באַריאַטינס־קאַיאַ. איך פלעג מיך פּשוט פילן ווי אַ באַשטראַלטער אין זייער געזעל־שאַפט. זיי האָבן זיך אַזוי אויסגעטיילט מיט זייער אייִדעלער באַציונג צו מענטשן — פון „קלענסטן“ ביזן „גרעסטן“. אין טעאַטער האָט געאַרבעט אַלס שיקייִנגל — „אַברומקאַ“. דאָס איז געווען אַ בחור פון אַ יאָר 17, אפשר גאָר 15 — אין צעריסענע שיך מיט העלגרויע לאַטעס אויף די עלנבויגנס פון זיין טונקלברוינער מאַרינאַרקע, מיט קרומע אויגן און קיינ־מאָל נישט אויסגעשנייצטער נאָז. ער האָט גערעדט אַזאַ „רוסיש“, אַז די ערשטע טעג פלעגן אַלע קייכן פון געלעכטער. מען פלעגט מיט אַ כיוון פאַר־פירן מיט אים געשפּרעכן, כדי זיך איבער אים צו מאַכן ליסטיק. איינמאָל

אָבער האָט אַבראָמקאַ אויף אַ ווענדונג צו אים מצד אַ פּראַוואָסלאַוונעם יידליק אַרייננעצויגן אין נאָז דעם אינהאַלט, וואָס האָט זיך געריסן אויף דרויסן, אַ קוק געטאָן מיט זיינע קרומע בליקן דעם „גאָספּאָדין אַרטיסט" (קיין נעמען האָט ער נישט געקענט און נישט באַמיט זיך צו קענען) אין די אויגן און געמאָלדן אויף זיין „רוסישן" לשון, וועלכן פאַרשטיין האָבן געקאָנט נאָר ייִדן פון אַלע אמונות: „אויף קיין פראַגעס וועל איך אייך מער נישט ענטפערן, „פּאָטאָמו טשטאָ" איר שטעלט זיי מיר נאָר כדי פון מיר אָפּצולאַכן. זאָגט קורץ: וואָס זאָל איך אייך ברענגען? אַ ציימונג? אַ בולקע? אַ פלאַש ביר?".

דער אינצידענט האָט געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק אויף אַלעמען און מער פלעגט אַבראָמקען קיינער נישט באַהאַנדלען אַנדערש, ווי מיט אמתער יראת הכבוד צו זיינע צעריסענע שיך און אַנדערע מיט אים פאַרבונדענע אייגנשאַפטן.

איינמאָל אין מיטן ספּעקטאַקל האָט אַבראָמקע אָפּגעשטעלט איינעם פון די פירנדיקע פיגורן, ווען יענער איז געגאַנגען פון זיין גאַרדעראָבע צום אויפטריט.

— אָ, „סליושיטי"! גוט וואָס איך האָב אייך געטראָפן, איך זוך אייך אַרום פון איינערפרי.

— וואָס האָט פּאַסירט? רעד גיכער! איך האָב צוויי מינוט צום אויפטריט.

— איר האָט מיר געגעבן אַ פּאָלטינניק, און איך האָב אייך קיין רעשט נישט געגעבן... פאַרוואָס האָט איר מיר נישט דערמאָנט? איך האָב גאָר פאַרגעסן! איצט קוק איך, פון וואַנען נעמט זיך ביי מיר 15 קאָפּיקעס?

יענער איז געבליבן שטיין ווי געפּלעפט, קוקנדיק אויף אַבראָמקען מיט אויפגעריסענע אויגן... דער געהילף איז צוגעלאָפן און מיט אַ פאַרשטיקטן קול אַרויסגעפּליסטערט: — וואָס שטייט איר! איר פאַרשפּעטיקט דאָך צום אויפטריט!

ביידע זענען פּייל פון בויגן אַנטלאָפן צו דער בינע. אַבראָמקע איז געבליבן שטיין מיטן זילבערנעם גילדן אין זיין האַנט. אַז דער געהילפס=רעזשיסער האָט אים אָפּגערופן און דערקלערט, אַז צוליב אים האָט געקאָנט קומען דערצו, אַז מען וואָלט מוזן אַראָפּלאָזן דעם פאָרהאַנג אין מיטן אַקט, האָט זיך אַבראָמקע, אפשר צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן,

פֿאַרטראַכט איבער דעם, אַז דעם פֿאָרהאַנג אַראָפּלאָזן קאָן מען נישט צוליב אַזאַ סיבה ווי זײַן גילדן. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל, געזעסן ביזן סוף ספּעקטאַקל און דאַן אַרײַן צום „גאַסטאָדין אַרטיסט" אין גאַרדעראָבע און אַוועקגעלייגט דעם גילדן אויפֿן טיש, צוגעבנדיק:

— זשוויגימע! איך האָב נישט געוווּסט, אַז איך שטער אײַך. ווײַטער וועל איך אין מיטן שפּעקטאַקל צו קיינעם נישט צוגיין. אַ גוטע נאַכט.

אויף מאָרגן האָט וועגן דעם „שיעור נישט פֿאַרשפּעטיקטן אויפֿטריט" גערעדט די גאַנצע טרופּע. ווער עס איז האָט אײַנגעהאַלטן געלאַכט פֿון אַברומקעס לשון, אָבער די מעשה האָט געהאַט אַן אומגעריכטן עפּילאָג.

אָליגין האָט, אויסהערנדיק די געשיכטע פֿון אָנהייב ביזן סוף, געמאָלדן מיט אַן ערנסטן אויסדרוק אויפֿן פּנים:

— דאָס איז אַלץ זייער שיין און פֿײַן, מײַנע הערן, אָבער עס דאַרף אונדז אַלעמען זײַן קלאָר, אַז קיין גאַנצע שיך וועט אַברומקע נישט האָבן אין רעקאַבער, ווי ער האָט זיי נישט הײַנט. מיר געניסן אַלע פֿון זײַן מי, מיר מוזן אים באַזאָרגן צום ווינטער!

עס איז אויפֿן אָרט געשאַפֿן געוואָרן אַ סכום און צוויי פֿון אונדזערע דאַמען האָבן אויף זיך גענומען צו קויפֿן פֿאַר אַברומקען אַ וואַטנמאַנטל און אַ פּאָר שיך. ס'האָט אויך געסטאַיעט מזומנים אויף 4 נאָזטיכלעך, און אין אַ וואָך אַרום איז אַברומקע אַרומגעגאַנגען ווי אַ מאַגנאַט. עמעצער האָט אים דערקלערט די מיסטעריע פֿון שנײַצן די נאָז, וואַשן די הענט. אָבער רוסיש האָט ער גערעדט ווײַטער אַזוי ווי פֿריער... מיט דער צײַט האָט ער אָנגעהויבן רופֿן אַקטיאָרן בײַ זייערע נעמען און נאָך ווײַטער — בײַ די נעמען און פֿאָטער־נעמען. עס איז בײַ אים אַוועק גאָר אויף אַ דרך, נישט מער בײַ צוויי פֿאָטער־נעמען פֿלעגט ער געשטרויכלט ווערן און ברעכן די ציין: „פּ ע אָ ד אָ ר אָ װ י ט ש" און — באַשערט מיר אַזאַ עגמת נפש! — „װ ע נ י אַ מ י נ אָ װ י ט ש"...

נאָכדעם, ווי עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אָט די צוויי פֿאָטער־נעמען קאַליעטשעט אַברומקע אָן רחמנות, האָט אָליגין געמאָלדן, אַז דער געפֿערלעכסטער אַנטיסעמיט אין טעאַטער איז — אַברומקע!

מיט מיר אין יעקאַטערינאָסלאַוו האָבן יענעם סעזאָן געאַרבעט צוויי יונגע אַקטיאָרן, וועלכע זענען געוואָרן פּירנדיקע קינסטלער אין נאָך־אָקטאָבערישן סאָוועטישן טעאַטער. אין דער באַרימטער פּיעסע (אָן ספֿק איי־

נער פון די בעסטע איינסן אין דער סאָוויעטישער קלאַסיק) — „ליובאָוו יאַראָוואַיאַ“ האָט די ראָלע פון „יאַראָוואָי“ אין מאָסקווער „מאַלי“ טעאַטער געשפילט — אָלכאָווסקי, וועלכער האָט אין יעקאַטערינאָסלאַוו מיט מיר ביי ביליאַעוון געמאַכט די ערשטע שריט אויף די בינעברעטער... געווען איז ער אַ פּלימעניק פון באַקאַנטן אַנטרעפּרעניאָר ניקולין, וועלכן דער לייענער דאַרף געדענקען פון אונדזער קאַפּיטל — „אין רויך און פלאַם“ — אין אונדזער ערשטן טייל. אין יעקאַטערינאָסלאַוו האָט אויך געשפילט יענעם סעזאָן — טערעכאָוו, גבריאל. ער איז געווען אַ שוואַכער מענטש מיט קראַנקע לונגען און מיר האָבן אַרום אים כסדר געזיפצט... דער היפּוך פון געזונטן, לעבנספרעסערישן אָלכאָווסקי — מיט זיינע ברענענדיקע אויגן, פאַנאַנדערגעבלאָזענע נאָזלעכער און לייהנשאַפטלעכע ליפּן — איז טערעכאָוו געווען —צאַרט, פאַרטרוימט, שטענדיק אין קענגוואַרט פון זיין צאַרטער פרוי, וועלכע האָט איבער אים געציטערט ווי איבער אַ בלום אויפן פראָסט...

דער שלאַגער פון גאַנצן סעזאָן איז געווען — „עדיפּוס“... נישט סאָפאָקלעסעס, נייערט הוגאָ פאָן האָפמאַנסטאַלס, אָבער דער חילוק איז געווען פילבאַר בלויז פאַר ליטעראַטור־קענער. פאַרן ברייטן עולם, אפילו דעם זייער באַהאַוונטן אין די ענינים פון ליטעראַטור, איז עס געווען — דאָס זעלביקע בילד, וואָס מיר טראָגן אין אונדזערע הערצער און געמיטער — פון סאָפאָקלעסן.

האָפמאַנסטאַלס טראַגעדיע האָט ברייט פּאָפּולאַריזירט די פּרעכטיקע אויפפירונג, וועלכע עס האָט געמאַכט מאַקס ריינהאַרדט מיט אַלעקסאַנדער מאָאיססי אין דער טיטל־ראָלע. די דאָזיקע פאָרשטעלונג איז באַוויזן געוואָרן שיעור נישט אין אַלע הויפּטשטעט פון דער וועלט. יעדעס טעאַטער, וואָס האָט פּרעטענדירט אויף אָנזעעוודיקייט, האָט די פאָרשטעלונג געהאַלטן פאַר נייטיק איינצושליסן אין רעפּערטואַר. פאַרשטייט זיך, אַז ע ר ש ט ר אַ נ ג י ק ע רעזשיסערן האָבן זיך נישט געלאָזט אויפן עקספּערימענט נ אָ כ צ ו מ אַ כ ן ריינהאַרדטס רעזשי. טעאַטערן, פאַרקערט, פון דריטן ראַנג האָבן דערויף נישט פאַרמאָגט קיין מיטלען. אָבער אַזאַ אונטערנעמונג ווי ביעלאַיעווס אין יעקאַטערינאָסלאַוו (אין ווילנע איז דערצו געווען נישט גענוג גרוים — די ב י נ ע!) האָט דאָס פאַרווירקלעכט, און דער דערפאָלג איז געווען אַ שלאָגנדיקער. דער הויפּט־אַקצענט פון דער אויפפירונג איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דער ספּעקטאַקל איז געגאַנגען פון אָנהייב ביזן סוף אויף אַ טרעפּ... לויט איך געדענק 12 ביז

15 שטיפן. אויבן אין געהעריקן סטיל פון פּאַלאַץ הייבט זיך אָן די פאָרשטעלונג. דער ערשטער אומפאַרגעסלעכער עפעקט איז דער המון, וועלכער שטייט אויף די 12 שטיפן מיט אויסגעשטרעקטע הענט פון אונטן אַרויף צו עדיפּוסן, בעטנדיק רחמים און הילף. דאָס איז געווען ריינהאַרדס אויפטו און דאָס איז ביזן קלענסטן ניואַנס באַוויזן געוואָרן אין אונדזער פאָרשטעלונג, וועלכע איז אין משך פון גאַנצן סעזאָן נישט אַראָפּ פון אַפיש. אונדזער „פעדעראָוויטש" האָט נישט געדאַרפט זיין קיין מאַקס ריינהאַרדט, אַזוי גוט, ווי קיינער דאַרף נישט זיין קיין קאָלומבוס אַוועקצושטעלן אַן איי אויף דער אָנגעבראָכענער שאָלעכץ. ריינהאַרדס רעזשי האָט דערגרייכט צום צושויער פון יעקאַטערינאָסלאַווער טעאַטער... אָבער דאָס איז דאָך ערשט די ראַם פון ספּעקטאַקל! צו ש פּ י ל ן האָט מען געמוזט האָבן אַ ק ט י אָ ר ן, וועלכע זאָלן זיין בכוח דעם טעקסט דערלאַנגען מיט ז י י ע ר א י י ג ע נ ע ר באַגאַבונג, נ י ש ט אויסגעבאָרגטער ביי מאָיססין. די טיטל ראָלע האָט געשפּילט שאָרשטיין, און ווען ער באַווייזט אין משך פון סעזאָן נישט מער ווי זיי איין געשטאַלט, וואָלט איך אים געהאַט פאַרנאָטירט אין מיין רשימה טעאַטער-קינסטלער, מיט וועלכע איך האָב געהאַט די זכיה צו שטיין אויף די ברעטער פאַרן גאַנצן לעבן — פאַרן באַדייטנדסטן (אויסער מאַמאָנט דאַלסקי, פאַרשטייט זיך!). שאָרשטיין האָט נאָכן דערפאָלג אין יעקאַטערינאָסלאַוו אַריבערגעטראָגן דעם ספּעקטאַקל „עדיפּוס" קיין קיעוו, און האָט געהאַט אַ גאַנץ אומבאַדייטנדיקן בייפאַל, אויב נישט זאָגן: „דורכפאַל"... דאָס איז אַ מערקווירדיקער עפּיזאָד אין דער פּראַקטיק פון טעאַטער. דאָ לאָזט זיך באַטראַכטן, וויאַזוי דערשיינונגען האָבן פאַרשיידענע אָפּקלאַנגען — אין שייכות מיט פּרטים ביים אומפאַרענדערטן עיקר. שאָרשטיין האָט אין אונדזערע פאָרשטעלונגען אָן ספק געשאַפן דעם גרעסטן חלק פון שוישפּילערישן באַגאַזש, אימפּאָנירנדיקער סצענישער קראַפט און רייץ. דער עולם פלעגט ביים סוף מאַכן אַ שטורמישע אָוואַציע, ער פלעגט זי אויפנעמען אין פולן באַוווסטזיין, אַז אים געהערט דער לייבן־חלק פון דער אַרומיקער התפּעלות, און די מיטשפּילער אַרום זיך פלעגט ער בלויז אויס „דעמאָקראַטישע" פּרינציפּן פּ אַ ר ט ר אָ ג ן... לאָזט זיך אויס, אַז אָן דעם יעקאַטערינאָסלאַווער אַנטוראַזש האָט ער אין קיעוו אויפן צושויער קיין איינדרוק נישט געמאַכט... וועט מען זאָגן: „אַן אַנדער עולם"? אָבער דאַלסקי, אָרלעניעוו, אָדער אפילו פּאַוועל סאַמאָילאָוו און די ברידער אַדעלהיים זענען נישט געווען אָפּהענגיק פון „אַדרעס" און „אַדרע=

סאַמ", ווייל דער עיקר אין זייער ספּעקטאַקל איז געווען זייער פערזענלעכער יש.

"עדיפּוס" אין יעקאַטערינאָסלאַוו איז געווען אַ גאַנצקייט, אין וועלכער די טיטל־ראָלע איז געווען קלאָר ווי דער טאָג, דער „פּרימוס אינטער פּאַרעס" (ערשטער צווישן גלייכע). אָבער „ערשטער" איז לחלוטין ניט — „איינציקער"! אין טעאַטער איז אָט דער אמת דער יסוד פון פאַרהעלטענישן צווישן זיינע טוער. דער, וואָס פאַרבייט די באַגריפן, בלייבט אָפט אין דער פּאָזיציע פון אַ נאַרישן בעל־גאווה.

שאַרשטיין איז געווען זייער אַ באַגאַבטער אַקטיאָר, האָט באַוויזן אין אַ ריי אפילו קלאַסישע ראָלן מוסטערן פון סצענישן איינפאַל, און אוממיטלבאַרן טעמפּעראַמענט, ער איז געווען אָריגינעל אין זיין אינטערפּרעטאַציע, באַלויכטנדיק טעקסטן און סיטואַציעס מיט איינגאַרטיקער, ניט געבאָרגטער ביי קיינעם דערפינדערלעכקייט. דאָס האָב איך פעסטגעשטעלט פון די ערשטע שריט מיט אים, אָבער זייער גיך האָב איך אויך דערפילט, אַז איך האָב צו טאָן מיט אַ פּערזאָן, וואָס איז אין זיך פאַרליבט און זעט ניט קיינעם און קיין זאַך אויסער זיך און נעבן זיך... דערפון איז איין שריט צו דער אָנגעשפּיצטער אַמביציע פון קליינבירגערלעכער זעלבסטפאַרגעטערונג, וועגן אַ דענקער אין דער קונסט — ווי די געשטאַלטן פון דאַלמאַטאָוו, דאַלסקין — איז שוין קיין רייד ניטאָ, און צווישן אונדז האָט זיך אָן מיין ווילן איינגעשטעלט אַן אָנגעשטרענגטע באַציונג, ווייל ער האָט ניט פאַרשטאַנען מיט וואָס צו דערקלערן מיין „קילע" באַציונג צו אים ביי דער פולער אָנערקענונג פון זיינע סצענישע לייסטונגען... חוץ דעם האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז ער האָט אין פאָרשטעלונגען, ווו ער האָט געשפּילט די הויפּט־ראָלן, אויסגעהערט פון צושויער, וועמענס אָפּשאַצונג ער האָט געהאַלטן פאַר מאָסגעבנדיקע, מיינונגען וועגן דעם, אַז זיי האָט אימפּאָנירט אַ ריי ראָלן, וועלכע ער האָט געהאַלטן פאַר מינדערווערטיקע, און דאָ האָבן זיי זיך אַרויסגעשטעלט ווי „דאָמינירנדיקע", „צענטראַלע", וועלכע לאָזן זיך פאַרגעדענקען. די דאָזיקע ראָלן האָב איך געשפּילט, און ער האָט אָנגעהויבן מיך טרעטירן, איגנאָרירן, גרינגשעצן... איך האָב אפילו ניט געקאָנט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז די סיבה פון זיין אומווילן איז דאָס, וואָס ער האָט דערזען אין מיר אַ „קאָנקורענט" פאַר זיין פּאָפּולאַריטעט ביים

עולם. הערביי האָט ער געהאַט די מידה צו וועקן זיין טעמפעראַמענט פאַרן אויפטריט, „אויפשרויפן“ די נערוון דורך בכיוונדיק־צערייצטער רוגזה, כעס, גרימצאָרן. מען האָט שוין געוווסט: היינט גייט „קין“, „אַקאָסטאַ“, „האַמלעט“ — וועט אומפאַרמיידלעך ווער עס איז פון די טעכנישע מיטאַרבעטער — דער קאָסטיומער (מען פלעגט דעמלט זאָגן פראָסט־פשוט: „שניידער“), דער גרימער („פּאַריקמאַכער“) אָדער עמי־צער פון אָט דער שטיפע אויף דער יעראַרכיע מוזן „פאַלן אַ קרבן“... אויב נישט כאַפן אַ פאָר קליעפ, וועט לפּחות פליען אַ בענקל אין רוקן אָדער מינימום אַ שאַכטל מיט פודער אין פּנים.

איך האָב שוין אַמאָל דערציילט, אַז איך האָב פון מיינע ערשטע שריט אין טעאַטער געהאַט די געוווינהייט זיך גרייטן צום אויפטריט אין קורצע מינוטן. דער געהילפס־רעזשיסער האָט געוווסט, אַז איך קום אַריין אין גאַרדעראָב 15 — 20 מינוט פאַרן אָנהייבן, און דאָס איז שוין געוואָרן אָנגענומען און סאַנקציאָנירט פון הויפט־רעזשיסער. מאַכט זיך, אַז עס גייט „האַמלעט“, איך שפיל דעם „קיניג“. לויט דער אָנגענומענער אינסצעניזאַציע פלעגט מען די פאָרשטעלונג אָנהויבן פון צווייטן בילד — דעם קיניגס טראָנרעדע. אַ האַלבע שעה פאַרן אָנהויב, דערהערנדיק, אַז איך בין נאָך נישטאָ, האָט שאָרשטיין שוין געהאַלטן פאַר אומפאַרמיידלעך, אַז דער ספעקטאַקל וועט זיך אָנהויבן מיט אַ פאַרשפּעטיקונג פון 10—15 מינוט... ער איז אויפריכטיק אַרוים פון די כלים אין, ווען איך האָב זיך באַוויזן, האָט ער מיך באַגעגנט מיט פויסטן און זלזולים — דאָס מאָל נישט קיין קינסטלעך אַרויסגעקוועטשטע לשם „טעמפעראַמענט“, נייערט אויפריכטיקע שטראָמנדיקע פון זיין פאַרדרוס, וואָס אַ יונגער אַקטיאָר דערלויבט זיך צו שטערן די קאַנאָנען און ווייזט אַרויס אַזאַ גלייכגילט צו זיין אויפגאַבע אין אַ שעקספיר־פאָרשטעלונג. אויף זיינע געביילטע פויסטן און קולות האָב איך מיט אַן אייז־קאַלטער רואיקייט געענטפערט:

— קאָנסטאַנטין אָסיפאָוויטש! איר זענט אין אייער גרימצאָרן גערעכט אויף אַלע הונדערט פראָצענט, אָבער אין ד ע ר מינוט איז וויכטיקער פון אייער גערעכטן גרימצאָרן — דער קאָסטיום און גרים, וועלכע איך דאַרף אין משך פון 15 מינוט ברענגען אין אָרדענונג און איך בעט אייך קיין איין מינוט ביי מיר נישט צונעמען.

מיט אַ טאָן פון אַבסאָלוטער רואיקייט האָט ער זיך געוואָנדן צום הויפט־רעזשיסער:



„קרעאָן“ (אין „עדיפּוס“) גוננאַר (אין „גבורים פון צפון“ הענריק איבסענס)

— איך פאָדער צוויי טעג געהאַלט אָפּרעכענען פאַר יעדע פאַרשפּעטיקטע מינוט!

— ד ר י י טעג פאַר יעדע סעקונדע — זאָג איך — אָבער איצט לאָזט מיך אַליין!

פּונקט 8 פלעגט מע הויבן דעם פאָרהאַנג. און פּונקט 8 איז ער אַרויסגעלאָפן פון זיין גאַרדעראָב מיט אַ דונער: „לאַנג וועלן מיר נאָך וואַרטן אויף דעם מגובל?“ אָבער דער געהילפרעזשיסער האָט אים געמאָלדן, אַז אַלע באַטייליקטע זענען אויף זייערע פּלעצער...

— פאַרוואָס־זשע הויבט איר נישט אָן? ס'איז דאָך אַ מינוט נאָך 8?

— אָן אייך זאָל איך אָנהויבן, קאָנסטאַנטין אָסיפּאָוויטש? רעפּעטירט האָבן מיר מיט אייך.

אין דער מינוט האָט זיך דערהערט דער סיגנאַל צו הויבן דעם פאָרהאַנג און, דערזעענדיק מיך אויפן טראָן, האָט ער האַסטיק פאַרנומען זיין אָרט נעבן טראָן לויטן מיזאַנץ, אַרויסמורמלענדיק מיט שוים אויף די ליפּן: „מיט אַזאַ קאַלטן לונג־און־לעבער גייט ער שפּילן שעקספּירן“... דער פאָרהאַנג האָט זיך געעפנט. איך האָב אָנגעהויבן: „ווי ליב ס'איז אונדז דער אָנדענק פון ברודער ערשט פאַרשטאָרבענעם“ — אָבער אין דער געשטאַלט אַריינלעבן זיך ווי געבן דאַלסקין האָב איך דאָ נישט געקאָנט.

אין דער פאָרשטעלונג פון „עדיפּוס“ איז מיר אויסגעפאַלן איבערצונעמען אויף זיך אַ טייל פון די אָוואַציעס. די פאָרשטעלונג פלעגט זיך פאַרענדיקן מיט דעם, ווי דער בלינדער עדיפּוס גייט אַראָפּ פון טרעפּ און לאָזט זיך דורכן צושויערזאַל צום אַרויסגאַנג. קרעאָן אויף זיין בקשה איז אים דערלויבן אוועקצוגיין, ענטפערט: „גיי און לאָז די קינדער איבער דאָ“.

און ער בלייבט מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט אויפן טרעפּ, אַזוי ווי באַגלייטנדיק עדיפּוסן און אים זעגנענדיק ביז ער פאַרשווינדט פון צושויערס אויג...

איך האָב געשפּילט קרעאָנען און שטייענדיק אויבן, פלעג איך נאָכקוקן דעם אָפּגייענדיקן עדיפּוס מיט אויגן, פון וועלכע עס האָט זיך געגאָסן איבערן פּנים אַ שטראָם טרערן.

אין דער רעצענזיע וועגן ספּעקטאַקל האָט שאָרשטיין נאָך אַ לויבגעזאַנג פאַר זיין לייסטונג איבערגעלייגט, אַז די שטורמישע אָוואַציע

פון עולם פאַר זיין פּרעכטיקע שפּיל האָט ער צו פאַרדאַנקען דעם יונגן אַרטיסט, וואָס האָט אַזוי האַרגענצט דעם איינדרוק מיטן לעצטן אַקאָרד פון וווּנדערבאַרן ספּעקטאַקל. שאַרשטיין איז געוואָרן ווילד, געשריען, אַז דעם מחבר פון אַרטיקל וועט ער ממיתן, שלאָגן ווי אַ הונט, צעברעכן הענט און פיס. אָבער דאָס איז נאָך נישט געווען דער סוף פון זיינע „צרות". היות דער קריטיקער האָט מיר פאַרגעוואָרפן אַ געוויסן זשעסט לגבי עדיפּוסן, האָב איך אין אַ קורצן בריוו אין רעדאַקציע אים אויפגעקלערט, אַז ער וואָלט געהאַט אַ גרונט צו האַלטן מיין באַוועגונג פאַר אומבאַגרינדעט, ווען מיר שפּילן סאָפאָקלעסן. מיר האָבן אָבער געשפּילט — האָפמאַנסטאַלן, און ביי האָפמאַנסטאַלן איז די באַוועגונג אָנגעוויזן אין אַ רעמאַרקע פון טעקסט... אַזוי, אַז דער פאָרווורף — אויב ער איז באַרעכטיקט — דאַרף געמאַכט ווערן נישט דעם אַקטיאָר, נאָר דעם אויטאָר. מיטן אויטאָר פון דער רעצענזיע — וויאַטשעסלאַוו אַלעקסאַנדראָוויטש זאַרניצין — האָבן מיר זיך היים באַפריינדעט און אין טעאַטער האָט מען זיך צו מיר דורכגעדרונגען מיט „האָכאַכטונג" ווי מיט אַ פאַרשוין, מיט וועלכן „מען רעכנט זיך" אין רעדאַקציע. איך געדענק נישט ביי דעם אַלעם ווי די צייטונג האָט זיך גערופן. עס איז געווען אַ צווייטע צייטונג — „פּרידניעפּראָווסקי קראַי", אין וועלכער איך האָב שפּעטער אין פעוראַל צו דאַלמאַטאָווס ערשטן יאָרצייט אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל און פּראָטעסטירט, וואָס פאַרן גאַנצן יאָר האָט מען נישט אַוועקגעשטעלט קיין מצבה אויף זיין קבר.

אַזוי האָט יענער ווינטער אַריינגעבראַכט אין מיין קוריקולום־וויטע אַ סך ווערטפולע עפּיזאָדן.

איך קאָן נישט פאַרבייגיין מיין באַקאַנטשאַפט מיטן דעמאָלט פּאָפּולערן דראַמאַטורג, וויקטאָר אַלעקסאַנדראָוויטש ריישקאָוו, מיט וועלכן איך האָב זיך יאָרנלאַנג נאָכדעם דורכגעשריבן און זיינע בריוו זענען מיר תמיד געווען אַ פרייד אין מיינע נסיונות פון יענע יאָרן. אָנגעהויבן האָט זיך עס אין סאַמע אָנהויב פון סעזאָן. מען האָט געעפנט מיט זיין פּיעסע: „אָביוואַטעלי" (קליינבירגער", נישט מישן מיט גאָרקיס „מיעשטשאַניע"!), וועלכע איז יענע חדשים געווען דער שלאַגער אין פּעטערבורגער „אַלעקסאַנדרינקאַ". פאַר יעקאַטערינאָסלאַוו איז געווען אַ געשעעניש פון העכסטער מדרגה, וואָס דער פּאָפּולערער מחבר האָט בייגעוווינט די דערעפענונג פון סעזאָן, און ביעליאַיעוו האָט פאַרגעלייגט ער זאָל פאַרבלייבן אויף דער פּרעמיערע פון זיין צווייטער פּיעסע. וועלכע

איז אויך דעמלט געשפּילט געוואָרן אין „אַלעקסאַנדרינסקי“ טעאַטער „דורכגייער“. ריישקאָוו איז פאַרבליבן, בייגעווינט די פּראָבן, זיך אָנגעלאַכט פון אונדזער הויפּט-רעזשיסער; אַרומגעקוקט אויף די אַקטיאָרן; זיך דערוווסט, אַז דאָ איז פאַראַן דאַלמאַטאָוו אַ תלמיד און אים צו זיך דערנענטערט. אַז עמעצן הויבט אָן צו „גיין“, גיסט זיך דאָך בוימל פון אַ ליידיק פלעשל. אין דעם שטיק איז פאַראַן אַ ראָלע פון אַ יונגן גוטבאַזיצער, וואָס דערשיינט אין אָנהויב און צום סוף. ער פאַרפירט אַ יונג מיידל, וועלכע ווערט נאָך איר ערשטער לעבנסדראַמע אַן אַקטריסע, איז זוכה צו ווערן באַרימט און אין לעצטן אַקט קומט זי אין הויז פון טאַטע-מאַמען און דערציילט איר יונגערער שוועסטער, וואָס זי איז אין לעבן אויסגעשטאַנען, און וואָרנט דאָס כמעט נאָך ק י נ ד צו פאַרהיטן איר האַרץ פון ד ו ר כ ג יי ע ר אין לעבן פון אַ פרוי... צו די לעצטע זאַצן פון איר דערציילונג באַווייזט זיך דער גוטבאַזיצער, וועגן וועלכן זי רעדט, ער הערט אירע ווערטער וועגן „דורכגייער“, ער מאַכט צו איר אַ שריט, זי מורמלט אַרויס איר נאָמען, מיט פאַראַכטונג קוקט זי אים אָן און גייט אַוועק... דער פאָרהאַנג פאַלט. דאָס שטיק איז פאַרענדיקט.

אין פּעטערבורג האָבן זיך אין דער פּיעסע באַטייליקט די גדולים פון „אַלעקסאַנדרינסקי“ טעאַטער, און נעבן דאַווידאָוו, וואַרלאַמאָוו, מיטשורינאַ, האָט דער אַקטיאָר קיענסקי אין דער ראָלע פון „דורכגייער“ נישט איבערגעלאָזט קיין שום איינדרוק.

אויף די פּראָבן בין איך צום סוף אפילו נישט אַרויס אויף דער בינע. מיר איז געוואָרן אָנגעזאָגט, אַז ביים סאַמע סוף פון אַקט דערשיין איך, און סאַראַנטשאָוואַ גיט אויף מיר אַ קוק און גייט אַוועק...

אָבער אויפן ספּעקטאַקל, דערהערנדיק די פראַזן וועגן דורכגייער, וואָס צעשטערט דאָס ערשטע געפיל פון אַ פרויען-האַרץ, האָט „מיין“ „גוטבאַזיצער“ פ אַ ר ש ט אַ נ ע ן אַזוינס, וואָס ביז דער מינוט איז אים אפילו אין קאָפּ נישט אַריין. און... אַז דער פאָרהאַנג איז געפאַלן, האָט מען אין עולם גערופן מיין נאָמען און דער אויטאָר איז צו מיר צוגעלאָפן מיט פלאַמענדיקע בליקן.

— טייערער מיינער — האָב איך דערהערט — ס'איז דאָך אַ פּרעכטיקע ראָלע, דער „דורכגייער“. איך האָב געראַטעוועט דעם פינאַל! אין פּעטערבורג איז דערפון קיין שפּור נישטאָ. איך דאַנק אייך, איך ווייס נישט ווי אַזוי אייך מיין דאַנק אויסצודריקן.

. אַ באַדייטנדיק בלאַט איז אין מיין טאָגבוך פאַרשריבן צוליב דער ראָל פון „גוננאַר“ אין איבסענס „די גבורים פון צפון“. דאָרטן זענען פאַראַן דריי געשטאַלטן פון דער סקאַנדינאַווישער מיטאָלאָגיע. עס האָבן זיי געשפילט — שאָרשטיין, אַליגין און איך. פאַר מיר איז עס בלי ספק געווען אַן אויפגאַבע איבער אַלע פאָדערונגען, וועלכע מען האָט געקאָנט שטעלן אַ יונגן שוישפילער אין צווייטן סעזאָן אויף די בינע־ברעטער. און איך האָב זיך אונטערן לאַסט פון דער ראָלע געבויגן אין דרייען, אָבער אַרויס מיט כבוד, אַליגין האָט אָפן געמאָלדן, אַז איך האָב אים אַריבערגעשטיגן אין אַלע פרטים... ער האָט דערביי צוגעגעבן, אַז דאָס איז נישט קיין סך, ווייל ער פילט זיך אין דעם רעפּערטואַר („העלדן“, קאָסטיום, פערד) ווי געפּענטעט, אָבער לויט זיין מיינונג בין איך נישט אָפּגעשטאַנען פון שאָרשטיינען אַליין. מיט דער זעלביקער מיינונג האָט זיך נאָכן ספּעקטאַקל געמאָלדן צו מיר ניעראַטאָוו. עס האָט אין דעם געשטעקט אַ היבשע דאָזע „שאַדנפרייד“ לגבי שאָרשטיינען, וועלכן קאָלעגן האָבן שוין באַוויזן נישט ליב צו באַקומען. איז דאָ געווען מער „שנאת המן“ לגבי אים ווי „אהבת מרדכי“ לגבי מיר, אָבער אַ שריט פאָרויס און גאָר אַ באַדייטנדיקן האָב איך יענעם אָוונט געהאַט צו פאַרגאָטירן, און דער סעזאָן איז אַוועק אונטערן צייכן פון כסדרדיקן פאָרמאַרש. אין „קין“ האָט מיר דער רעזשיסער געגעבן אַ ראָלע, פון וועלכער אַקטיאָרן ווייכן ווי פון אַ בייזער קרענק: „לאָרד מעלוויל“, דעם שוואַרצן כאַראַקטער, וועלכן קין מישט אין דריטן אַקט אויס מיט בלאָטע. איך האָב אָנגעשריבן בעליאַיעוון אַ בריוו און געמאָלדן, אַז די שיקאַנירונגען מצד דער רעזשי לגבי מיר וועל איך לענגער נישט פאַרטראָגן און אויב די דירעקציע קאָן מיך נישט באַפרייען פון דעם, בעט איך מיך באַפרייען פון טעאַטער. נישט אויף דעם בין איך דריי יאָר געווען דאַלמאַטאָווס תלמיד, כדי צו ווערן אַן אָביעקט פון בייזוויליקע עם־הארצים. דער רעזולטאַט פון מיין ווענדונג איז געווען, אַז דער רעזשיסער איז געקומען זיך מיט מיר אויסטענהן און מיך פאַרזיכערט אין טיפסטער אַכטונג צו מיר און צו מיינע אַלע אַספּיראַציעס. פון דער ראָלע „לאָרד מעלוויל“ בין איך באַפרייט געוואָרן... איך האָב דאַן געמאָלדן, אַז איך וועל די ראָלע שפּילן, כדי נישט צו שאַפן קיין פּרעצעדענס פון נישט דיסציפּלינירטקייט. דאָס האָט שוין אַלעמען אַריינגעבראַכט אין אַ מצב כמעט פון פאַרלאָרנקייט: „וואָס זשע וויל ער?“ קומט אויס, אַז ער וויל טאָן נאָר קאַפּריזער, נאָר מיטן קאָפּ אַראָפּ!

אָבער דער פֿינאַל איז געווען גאָר שוין אַן אומגעריכטע סענסאַציע. שאָרשטיין איז אין „קין“ געווען פּרעכטיק. ער האָט אים געשפּילט מיט מער ראַפֿינירטקייט ווי דאַלסקי. די קריטיק האָט עס נ י ש ט ג ע נ ו ג פֿאַרשטאַנען אָפּצושאַצן און האָט אָנגעשריבן אַזאַ מין „לעבלעכע“ אָפּשאַצונג. און וועגן מיר איז „לאָרד מעלוויל“ (די ראָלע איז אין רעצענזיעס נאָך קיינמאָל איבערהויפּט נישט דערמאָנט געוואָרן) איז באַמערקט געוואָרן, אַז פֿון אַלע „אַריסטאָקראַטן“ האָט לאָרד מעלוויל דער איינציקער געמאַכט גלויבן, אַז מען האָט פֿאַר זיך אַן ענגלענדער פֿון הויכער אָפּשטאַמונג... שאָרשטיין האָט פֿון דעמלט אָן שוין מיין נאָמען נישט געקאָנט הערן און זיך דערביי נישט אויפֿרעגן.

איך האָב יענעם ווינטער געשפּילט צוויי ראָלן, וואָס געהערן צו די שווערסטע אין רעפּערטואַר פֿון דראַמאַטישע אַקטיאָרן און כאַראַקטער־שפּילער: „מעטערניך“ אין ראָסטאַנס באַרימטן שטיק „דאָס אָדלערל“ און „סקאַלאָזוב“ אין פּערל פֿון דער רוסישער קלאַסיק — גריבאָיעדאָווס „די צרה פֿון שכל“. אין דער לעצטער ראָלע האָט מיר שטאַרק געשטערט מיין הייזעריקייט. איך האָב געהערט פֿון סקאַלאָזובס קעל אַרויס — נישט די טענער, וועלכע איך האָב געקאָנט אַרויסקריגן פֿון מיינע פֿאַרקאַטערטע שטימבענדער. איך בין אויף די פּראָבן אַרומגעגאַנגען אַ דערשלאָגענער און געטענהט, אַז איך דערהרגע די פֿאָרשטעלונג. משמעות, מיט דער כוונה מיך צו דערמונטערן האָט ביליאַיעוו אין מיטן פּראָבע פֿון 2־טן אַקט נאָך מיין סצענע געמאָלדן איבערן גאַנצן טעאַטער: „זיין „צרה“ קומט נישט פֿון „שכל“ ווי ביי טשאַצקין, נייערט פֿון איינבילדונג. ווער האָט אים אַריינגעשלאָגן אין מוח, אַז ער איז „הייזעריק“? אַלע טענער, וועלכע די געשטאַלט פֿאָדערט, ברענגט ער פֿון זיין שוואַכער קעל אַרויס און שפּילט דערביי אַזוי, אַז מען קאָן אים מיט אַ רואיקן געוויסן אַריינרעכענען אין דער רשימה פֿון די בעסטע „סקאַלאָזובס“. נאָכן ספּעקטאַקל האָט שאָרשטיין ווידער געמייקירט מעשים. זאַרגיציין האָט פֿאַר אים זיין „טשאַצקין“ איינגעטיילט אַ היבשע דאָזע לויבגעזאַנג, ער האָט אָבער דערביי אים אויפֿמערקזאַם געמאַכט אויף אַ פּרט, וועלכן שאָרשטיין האָט פֿאַרזען: די אַלע אומצאָליקע באַפֿליגלטע ווערטלעך, זאַצן, פֿערזן, וועלכע זענען אַריין אין אומגאַנג פֿון רוסיש־רעדן, קלינגען ביי טשאַצקין נ י ש ט ו ו י צ י ט אַ ט ן, פֿון ערגעץ גענומענע, נאָר ווי אַ פּראָדוקט פֿון זיין שפּילנדיקן געדאַנק און דער אַרטיסט האַרף עס געדענקען... פֿאַר אַזאַ באַמערקונג וואָלט אַ קינ־

טפלער געזאָגט דעם קריטיקער אַ קוש טאָן די האַנט. אין אונדזער פּאַל אָבער האָבן מיר דערהערט: „אויסוואורפן: מנובלים! נישט געשלאָגענע מאָרדעס! הענט און פיס דאַרף מען זיי אויסברעכן! זאָל ער נאָר אַרי־בערטרעטן די שוועל פון טעאַטער! צוריק וועט מען אים אַרויסטראָגן! איך גיב מיין ערן־וואָרט, אַז פאַר אַזאַ חוצפה וועל איך אים צווינגען זיך צו אַנטשולדיקן! מ י ר, שאָרשטיינען, גייט ער לערנען ווי אַזוי מ׳שאַצקי דאַרף רעדן!!!“

האָט נאָט געמאַכט, אַז זאַרניצין זאָל אַריינקומען: אין פולן ברען פון איידעלן גרימצאָרן... מיין ריטער אָן פאָרוואורף און פחד איז אפילו נישט אַנטלאָפן דורך אַ צווייטער טיר. מיט אַ צויבערהאַפטן שמייכל אויף די ליפּן האָט ער דעם רעצענזענט באַגריסט, זיך מיט פאַרגעניגנדיק.

אַ גרויס איבערלעבעניש איז פאַר מיר געווען די ראָלע פון „אַלטן שקאַלף“ אין זשולאַווסקיס „צראַם און פּסיכעע“. נאָכן בילד, וואָס פאַר־ענדיקט זיך מיטן אַלמנס גרויסן מאָנאָלאָג וועגן דער נייער עפּאָכע פון ליבע און קעגנזייטיקער הילף צווישן צווייי מענטשן. (ביז היינט וויברירט מיין גאַנצער גוף און גייסט פון לעצטן פערז:

ער ווישט די טרערן אין פאַרווייניטע אויגן
און טרייסט און פרייד פאַרשפּרייט ער פייל פון בויגן
ביי ליידנדיקע היילט ער וונדן אוים

פון מויל צו מויל דער נאָמען שוועבט: „כ ר י ס ט א ס!“) —

פלעגט מען הייבן דעם פאָרהאַנג אַ מאָל צען... אונדזער סופלער, וואָס איז געווען שאָרשטיינס פּאַרטרויאונגס־מאַן און איבערגעגעבענער ידיד, איז איינמאָל אַריין צו מיר נאָך דעם בילד מיט באַגריסונגען און קאָמפּלי־מענטן (זיין פּאַטראָן איז אין דער פאָרשטעלונג נישט באַטייליקט געווען) און געזאָגט, אַז שאָרשטיין מוז אַ קוק טאָן די פאָרשטעלונג און זיין סקעפּטיציזם לגבי מיר וועט אָן ספק פאַרשווינדן. אָבער דער ליבער חבר האָט אַ טעות געהאַט: אונדזער פּרעמיער האָט די פאָרשטעלונג אַ קוק גע־טאָן און מיט אויסגעקרימטע ליפּן, קוועטשנדיק מיט די פּלייצעס, אויס־געוואָרפן:

„איך פאַרשטיי נישט פאַרוואָס מען פאַלט דאָ אַריין אין התפּעלות — עולם־גולם!“.

ער האָט אַ סך געטרונקען בראָנפן נישט כדי צו פאַרגיסן דעם ווי־

טיק פון אַנטוישונג אין אייגענעם טאַלאַנט, ווייל טאַלאַנט האָט שאָרשטיין אָן ספק פאַרמאָגט און געשפּילט מיט פייער און איינפאַל. פון וואַנען גענומט זיך אין דעם פאַל די פאַרביטערטקייט, איז מיר עד היום נישט קלאָר. ביי מיין טיפער און אויפריכטיקער אָנערקענונג פאַר אים אַלס גרויסן אַקטיאָר, ביי וועלכן איך האָב זיך געלערנט און נישט קנאַפּ איבערגענומען (אין „קין“ די לעצטע פּאַוזע איידער קין לאָזט זיך גיין צו דער בינע — איז ביי מיר — פון שאָרשטיינס אָנצייכענונג) — איז פאַרבליבן דער ביטערער בייגעשמאַק פון ביליקער זעלבסטפאַרגעטערונג, פון זעען אין ספּעקטאַקל א ו י ס ש ל י ס ל ע ך — ז י ך און פאַרפאָלגן אַלץ און פאַרניכטן אַלץ — אויסער דעם אייגענעם אינטערעס.

דאָס אַלץ האָט אין דער אָפּשיידס־פאָרשטעלונג זיך אָפּגעשפּילט אין אַן עפּיזאָד, וועגן וועלכן עס וואָלט זיך לאָזן זאָגן: „Si non é veraeben travata“ (אויב עס איז נישט אמת, איז עס גוט צוגעטראַכט), אָבער מיר וועלן דאָ ווידער דערמאָנען אונדזער כלל: קיין פאַקטן נישט „דיכטן“! דערציילן נאָר דאָס, וואָס איז געשען און איז געשען און איז אַזוינס: דער פּראָגראַם פון לעצטן ספּעקטאַקל איז באַשטאַנען פון 4 פראַגמענטן פון רעפּערטואַר וואָס איז געשפּילט געוואָרן פאַרן גאַנצן סעזאָן. איך בין געווען באַטייליקט אין 2 פון די 4. דעם ערשטן, מעשה שטן, געדענק איך נישט, מיין צווייטער אויפטריט היעם אָוונט איז געווען — „סקאַלאָזוב“ אין 4־טן אַקט פון גריבאָיעדאָווס קאָמעדיע. סקאַלאָזוב דערשיינט נאָך דעם, ווי דער לאָקיי רופט אויס. „ק א ר ע ט א ס ק אַ ל אָ ז ו ב אַ!“. לויטן מיזאַנסצען און דער אויסשטאַטונג, גייט סקאַלאָזוב אַרויס אויפן טרעפּ, פון וועלכן ער גייט אַראָפּ אויף דער בינע און לאָזט זיך צום אַרויסגאַנג. ווי נאָר עס האָט אַרויסגעהילכט הער נאָמען, איז אין איבערפולטן זאַל אויסגעבראָכן אַ דונער אַפּלאָדיסמענטן, ביי וועלכע איך האָב זיך באַוויזן און וועלכער האָט אין אָנוואַקסנדיקער קראַפט געדויערט ביז עס האָט זיך באַוויזן „רעפּעטילאָוו“...

נאָכן סוף אַקט האָט מען דעם פאָרהאַנג געהויבן אומצאָליקע מאָל: דער יעקאַטערינאָסלאַווער עולם האָט זיך לאַנג נישט געוואָלט שיידן מיט אונדז.

ווען עס איז געפאַלן דער לעצטער פאָרהאַנג, האָב איך דערזען אויפן פּאָדלאָגע אַ גרויסן בוקעט בלומען. איך האָב אים אויפגעהויבן און דערלאַנגט שאָרשטיינען...

— קאָנסטאַנטין אָסיפּאָוויטש! אַזאַ פּרעכטיקער בוקעט! אודאי פאַר אייך.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן בוקעט און אים מיט אויסגעקרימטע ליפּן אַ שליידער געטאָן אין ווייטן ווינקל פון דער בינע. מיד האָט ממש אַרומגענומען אַ פיזישער ווייטיק...

— ווי קאָן עס אַ מענטש אַזוי אַוועקשליידערן בלומען? — האָב איך קוים אַרויסגעמורמלט מיט פייכטע אויגן...

איך האָב אויפגעהויבן דעם בוקעט, אים צוגעדריקט צום האַרצן און זע — אַ סטענגע און אַן אויפשריפט: „אַן אָפּשייד-גרוס אונדזער ליבן מאָרעווסקין מיט די ווונטשן פון לאַנגע יאָרן פרוכטבאַרער טעטיקייט אויף זיין אויסדערוויילטן וועג — ס ל א ווא!". „סלאַוואַ", הייסט אויף רוסיש: „ר ו ם" און סלאַוואַ איז געווען דער נאָמען פון מיין יונגער האַרציקער באַלעבאָסטע אין מיין ערשטער דירה.

פאַרן האַלבן יאָר אין יעקאַטערינאָסלאַוו זענען רייף געוואָרן אַ סך, אַ סך קנאָספּן אין אָרגאַניזם פון „פרייען פויגל". איך האָב באַקומען נייע דערפאַרונגען, דערזען נייע ווערטן. איך האָב אַריבערגעטראָטן די שוועל פון לעבן אונטערן צייכן פון פרייען ווילן, פון אומאָפּהענגיקייט.

דער בוקעט, וועלכער איז שיעור נישט געבליבן ליגן אין פינצטערן ווינקל צוליב דער ברוטאַליטעט פון גראָבהויזיקער שנאה, דאָס וואָרט: „סלאַוואַ" און די ליבע געשטאַלט פונעם יונגן פרויענוועזן, וואָס האָט דעם נאָמען געטראָגן. —

דאָס אַלץ איז מיר געווען אַן אייגלייטונג אין די מויערן פון מיין ווייטערדיקן וועג

# XII. די לעצטע אידיליעס

נאָכן ווינטער=סעזאָן אין יעקאַטערינאָסלאַוו האָט איך צו פאַרצייכענען דעם זומער=סעזאָן 1913, וועלכער האָט מיך שוין אַוועקגעשטעלט אין דער סיטואַציע פון אַ פירנדיקער ערשטער פיגור, דעם אייגנטלעכן „פּרעמיער“ פון דער טרופּע. דער גאַנצער ענין האָט געהאַט אַ באַזונדערן רייץ און באַדייטונג פאַר מיר צוליב צוויי גרונט=סיבות, פון וועלכע די ערשטע און די וויכטיקסטע איז געווען, וואָס אַ גרופּע פון אונדזערע שול=חברים האָבן זיך צונויפגענומען און באַשלאָסן צו גרינדן אַ טעאַטער און אָנרופן אים: „טעאַטער אויפן נאָמען פון דאַלמאַטאָוו“. מען האָט געשלאָסן אַ קאָנטראַקט מיטן שטאָטראַט אין דער שטאָט „וויאַטקאַ“, וועלכער האָט זיך באַצויגן צו דער גרופּע יונגע אידעאַליסטן באַזונדערס וואַרעם און כדי צו קומען צום ווינטערסעזאָן מיט דער געהעריקער צוגרייטונג, האָט מען באַשלאָסן די דריי זומער=חדשים צו שפּילן אין סאָראָקי דאָס איז געווען אַ שטעטל אין בעסאַראַביע אויפן ברעג פון דניעסטר... אויף מיין באַמערקונג, אַז דאָס איז אַ „לאָך“ הינטער הרי חושך, וווּ קיינער שמעקט, מסתמא, אין טעאַטער נישט אַריין, האָב איך דערהערט, אַז דאָס איז אַ ווייַנטרויב=קוראָרט און פאַריקן זומער=סעזאָן האָט דאָרטן 4 חדשים כסדר געשפּילט — מ אַ ר י ו ס פּ ע ט י פּ אַ, וועלכן דער עולם האָט „געטראָגן אויף די הענט“ — דאָס איז געווען פאַר מיר דער צווייטער רייץ.

אין קאָלעקטיוו פון טעאַטער זענען אַריין אַ ריי פון מיינע בעסטע פריינד פון דער שול, אָבער צום זומער=סעזאָן האָט זיך געמאָלדן נאָר אַ טייל, און עס איז געווען — וואַסיאַ איגנאַטאָוו.

איך האָב מיטאַמאָל באַקומען אַ לייכט זאָרגלאָז געמיט, געוואָרן אַ לוסטיקער אָפּטימיסט און אין דער שטימונג אָנגעקומען קיין סאָראָקי.

איך האָב זיך באַזעצט אין אַ דירה, וווּ ביי מיין פענצטער איז אויף אַ בוים געווען אַ נעסט פון אַ נאַכטיגאַל...דער „בחור“ פלעגט נישט פרעגן

מײַן הסכּמה צו זינגען װען אים גלוסט זיך און פֿלעגט אָפּט שטערן מײַן מנוחה אָדער — נאָך ערגער — נישט לאָזן שטודירן מײַנע ראָלן, אָבער איך מוז אים דערמאָנען בלויז צום גוטן, װײַל נישט אײן סצענע אין מײַן רעפּערטואַר האָט ער יענע חדשים מיט זײַנע טרעלן אַזױ באַזאַפֿטיקט און באַשײַנט, אַז שפּעטער, װען איך האָב אים שױן מער נישט געהאַט, פֿלעג איך נאָך אים בענקען אין אױפֿהערן אַרבעטן איבער מײַנע טעקסטן...

אָפּגעשפּילט האָב איך די דרײַ-פֿיר חדשים ביז אַ 12 נײַע ראָלן, צװישן דעם צום ערשטן מאָל אין לעבן — „קין אָדער גאונות און צעלאָזנקײט“, װעלכע איך האַלט, קוקנדיק צוריק אױף מײַן שױשפּילערישן װעג, פֿאַר מײַן העכסטער סצענישער לײַסטונג (די לעצטע 2 בילדער). יענעם סעזאָן האָב איך, פֿאַרשטײט זיך, נאָך קײן צענט-חלק נישט דערגרײכט פֿון דעם, װאָס איך האָב אין דער ראָלע בײַגעטראָגן אין די יאָרן 1919—1930, װען איך האָב זי געשפּילט אױף ייִדיש אין בײַדע זײַטן פֿון אַטלאַנטיק. דאָ מוז איך מיר דערלױבן צו דערצײלן בײַ װעלכע אומשטענדן דער ספּעקטאַקל איז אַרײַן אין רעפּערטואַר פֿון סעזאָן.

מיר האָבן דעם סעזאָן געעפֿנט מיט װיקטאָר רײַשקאָװס פּרעכטיקער קאָמעדיע: „דאָס שלעגל“. אױפֿן ערשטן שבת איז באַשטימט געװאָרן „אוריאל אַקאָסטאַ“, װעלכן איך האָב, װי דער לײענער דאַרף געדענקען, שױן יאָרנלאַנג געטראָגן אין האַרצן און מוח. אין קאַסע האָט זיך אָנגעהױבן דער פֿאָר-פֿאַרקױף. מיר האָבן דינסטיק טעלעגראַפֿיש אַרױסגעפֿאָדערט פֿון קיעװ קאָסטיומען און באַקומען אַ תּשובֿה, אַז מיטװאָך װעט אַרױסגעשיקט דער גאַנצער קאָמפּלעט, אָבער דאָנערשטיק זאָגט צו מיר איגנאַטאָװ, װעלכער איז געװען דער פֿאַקטישער װירטשאַפֿטלעכער דירעקטאָר: „הער זיך אײַן, אַבראַמולקאַ, די קאָסטיומען קאָנען ביז שבת יאָ אָנקומען און נישט אָנקומען און צו פֿאַרזיכערן דעם קאָלעקטיװ ברוטאָ אױף דער װאָך טאָרן מיר נישט ריזיקירן מיט דער אײַננאַמע פֿון הײַנטיקן שבת. דערפֿון איז געדרונגען, אַז „אַקאָסטאַ“ דאַרף מען אָפּלײגן אױף אַ װאָך אָדער צװײ און הײַנטיקן שבת שפּילן אַ פּיעסע, װאָס דער עולם זאָל אױפֿנעמען אַזױ גערן װי „אַקאָסטאַ“, נישט טראָגן די שױן פֿאַרקױפֿטע בילעטן צוריק אין דער קאַסע אַרײַן און אױסקױפֿן די פֿאַרבלײַבענע“.

נישט באַגרײַפֿנדיק װאָס ער מײנט, האָב איך אים אָנגעקוקט מיט אַ ביסל דערשראָקענע אױגן — און גאָרנישט געענטפֿערט.

— איז װאָס זשע װילסטו, מײַן ליבהאַרציקער גולם? — הער איך

ווייטערדיקע קלאָרע הבורים — איך צווייפל נישט, אַז דו האָסט אין דיינע קעשענעס גענוג קליינגעלד און קאָנסט אויסקומען אָן דער שבתדיקער אייננאַמע, אָבער אויסער דיר דאַרפן די וואָך לעבן נאָך אַ 15 נפשות און ראַטעווען די סיטואַציע איז נאָר אין דיינע הענט... וואָס ווילסטו — דו! דו! און נישט קיין אַנדערער אין דער טרופּע! — שפּילן היינטיקן שבת אַנשטאָט „אַ ק אָ ס ט אַ"?

— איך ווייס אַבסאָלוט נישט, וואָס דו פאַרלאַנגסט פון מיר — האָב איך זיך אָפּגערופן אין פולער פאַרלאָרנקייט.

— איך פאַרלאַנג פון דיר די מאַקסימאַלע אָנשטרענגונג פון דיינע פעיקייטן און כוחות כדי צו ראַטעווען די געשאַפענע סיטואַציע און פאַרזיכערן אונדז אַלעמען דעם לעבנס־קיום אויף דער גאַנצער וואָך.

— לאָמיר אויפפירן „האַמלעט"! — זאָג איך...

— אַ קאָפּ ווי צעבער — צעלאַכט זיך מיין וואַסיאַ — אָבער מיט אַ לאָך אין דנאָ. פּקח מיינער! ראשית האָבן מיר צו „האַמלעט" אויך קיין קאָסטיומען נישט, והשנית וועלן די איבעריקע אין 3 טעג נישט פאַרטיק ווערן מיט זייערע ראָלן.

— אפשר — „די רויבער"?

— נישט שלעכט! אָבער ווידער קאָסטיומען און... „פראַנץ". אויב איך וועל אים מאַכן אין די פּאָר טעג, וועל איך דאָך אויסזען ווי אַ פּראָטאָדיאַקאָן אויף דער זיבעטער וואָך פון „וועליקע פּאָסט", און מיר וועלן דערהרגענען אונדזער רעפּוטאַציע מיטן צווייטן ספּעקטאַקל... ניין, אַבראַשקאַ, ראַטעווען די סיטואַציע ווערסטו, אויב דו ווערסט דעם שבת אָפּשפּילן — „קין". איך ווייס אַלץ וואָס דו ווערסט באַלד מיר אָנהייבן דערציילן, אָבער אַנשטאָט אונדזער שמועס, גיי נעם זיך פאַרן טעקסט — קאָנסט האָבן גאַנצע 4 פּראָבן!

און ער האָט אַרויסגענומען פון זיין טעקע דיומאַס פּיעסע...

אַ פּרט: איך האָב געדונגען אַ צווייפערדיקן עקיפּאַזש און אים געבעטן מיך פירן איבער די בערג און וועלדער אַרום שטאָט... דער ווינט און גערויש פון די צווייגן זענען געווען דער אַקאָמפּאַניאַמענט צו מיין צעשפּילטן געמיט און צעוויגטן טעמפּעראַמענט...

אין די שפּעטערדיקע יאָרן זענען געוואָרן פאַרפאָלקאָמט דעטאַלן, סצענעס, טענער, אָבער דער י ס ו ד פון מיין „קין"־געשטאַלט איז פאַר-

ליגט געוואָרן יענע דריי טעג אין צוויפערדיקן געשפּאַן, פליענדיק איבער די בערג, וועלדער און פעלדער ביים הניעסטר.

דאָס טעאַטער איז געווען געפּאַקט, דער עולם האָט געדונערט, די טרופּע — דערוואָרבן פּאָפּולאַריטעט. וועלכע האָט אָנגעהאַלטן און פאַרלויף פון די דריי חדשים ביז סוף סעזאָן. פאַר די דריי חדשים האָבן מיר אויפגעפירט, דאַרף מען אָננעמען, ביז אַ 12 פּיעסן, פון וועלכע 5 זענען געגעבן געוואָרן צו 3—4 מאָל, די איבעריקע צו 2 און 3 פּיעסן צו איינמאָל. צו די „שלאַגערס“ פון סעזאָן האָבן געהערט אויסער „קין“, וועלכן מיר האָבן געשפּילט 4 מאָל ביי פולע הייזער און נאָך איין מאָל — עפּעס צו אַ וווילטעטיקן ספּעקטאַקל.

אויסער „קין“ האָבן מיר מיט גרויס ביפאַל געשפּילט און איבערגעחזרט גאָרקיס „נאַ דניע“ און זיינע „קינדער פון דער זון“. אין „נאַ דניע“ איז די ראָלע פון „אַקטיאָר“ געווען און פאַרבליבן איינע פון מיינע העכסטע דערגרייכונגען. מיר איז אין סאָראָקי געווען ליב און טייער איבערצולייענען אין דער אָרטיקער צייטונג אַן אָפּהאַנדלונג פון אָרטיקן אַדוואָקאַט, ווו, אַנאַליזירנדיק דאָס ווערק און די אויפפירונג, האָט ער באַמערקט, אַז דעם ערשטן מאָל פאַר די יאָרן, וואָס ער קוקט גאָרקיס מייסטערשטיק, האָט די פיגור פון אַקטיאָר ביים ערשטן דערשיינען באַוויזן, אַז ער וועט פאַרענדיקן מיט זעלבסטמאָרד: אַזוי טראַגיש, אומבאַהאָלפן און אומבאַשיצט איז די געשטאַלט געווען פון ערשטן אָטעמצוג... אין מיינע ווייטערדיקע סעזאָנען בין איך אַלס „דראַמאַטישער העלד“ געווען מחויב צו שפּילן „סאַטינען“ אָדער „וואַסקאַ פעפּעל“, אָבער איך האָב דעם „אַקטיאָר“ נישט אָפּגעטרעטן, הגם נישט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען צו צאָלן האַרבע שטראָף־געלטער פאַר אָפּטרעטן פון מיין דירעקטאָר התחיבות.

מיר האָבן דעם זומער אויפגעפירט מאַקס נאָרדאַוס דעמאָלט פּאָפּולערע פּיעסע: „דאָקטאָר קאָן“.

אָבער איך וואָלט פאַראַטן מיין ליניע, דער טבע פון די דאָזיקע „זכרונות“, ווען איך באַגרענעץ זיך מיט דער באַשרייבונג פון מיין אַקטיאָרישער טעטיקייט יענע חדשים. דער דערפאָלג, די אָוואַציעס אין טעאַטער, די פּאָפּולאַריטעט אין שטאָט האָט געבראַכט פּאָלגן, וועלכע האָבן אין לעבן פון „פרייען פויגל“ נישט געקאָנט פאַרבלייבן אָן ווירקונג. אין שטאָט איז געווען אַ פאָטאָגראַף. אויף דער הויפּט־גאַס האָט ער אַרויסגעשטעלט אַ וויטרינע מיט עטלעכע ראָלן. וועלכע איך האָב געשפּילט. האָט ער זיך

נאָכדעם געוויצלט, אַז פון די פאַרקויפטע פּאָסטקאַרטן וועט ער אויסבויען אַ „דאַטשע“.

עס האָבן זיך אויף מיר אַ שאָט געטאָן... ווי זאָל איך עס באַצייכענען? שאַנסן! אויף די ברעגן פון שטורמישן דניעסטר האָב איך דערזען און פאַרשטאַנען, אַז... רויזן דאַרפן נישט האָבן קיין פערזן און קיין גראַמען וועגן זייערע קאָלירן און גערוכן. רויזן ווילן אַראָפּגעריסן ווערן פון זייערע נאָדלדיקע צווייגלעך, איינשטעכן ביז בלוט די פינגער, וועלכע רייסן זיי, און — בליען און וועלקן אונטער די הייסע אָטעמס פון געניסער...

איך בין געווען — און פאַרבליבן — אַ טרוימער, אַ „זינגער פון זיין קומער“, אַ מין, זאָל מען מיר מוחל זיין — „פּאָעט“ און אַז איך קוק מיך איצט אום אויף זיך אַליין און אויף מיינע „שאַנסן“ אין יענע הדשים און לאַנגע יאָרן שפּעטער, ווערט מיר קלאָר, אַז איך האָב געמוזט דעם היב מענטשן — פרויען ווי מענער — אויסווייזן ווי אַ לאָ־יוצלח, אַ בטלן, אַ מויגעניכטס, אַ „בוידעמשטיבלטרוימער“... (דעם אויסדרוק האָב איך וועגן זיך דערהערט ערשט מיט אַ יאָר 25 שפּעטער — פון אַלעקסאַנדער גראַנאַך: מיר וועלן ווען עס איז קומען דערצו אויך...)

דעם זומער אין סאָראָקי איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז אין יעדן מענטש רעגט מיך איבער אַלעם, און ציינדט און רייצט — דאָס מ ע נ ט ש ל ע־כ ע. דערזען אין ווען עס איז אַן אָביעקט פון בלויזן געגום בין איך פּשוט נישט געווען פעיק. און צענדליקער פאַלן, וועלכע יעדער אַנדערער אין די זעלביקע סיטואַציעס וואָלט פאַרצייכנט ווי „דערגרייכונגען“, זענען ביי מיר פאַרבליבן — „דורכפאַלן“.

איך מוז שילדערן אַ פּאָר עפּיזאָדן.

איין העלן פרימאָרגן מעלדעט זיך צו מיר אַ יונג פון אַ יאָר 30, אָנגעטאָן אין אַ רוסישן ראָק, געשפּיליעט אין דער זייט, אין לאַקיר־שטיוול, אין אַ היטל מיט אַ בלישטשענדיקן דאַשעק און מעלדעט מיר, אַז זיין „באַרינע“ — ער רופט אָן דעם נאָמען, פאָרנאָמען און פאַמיליע־נאָמען — איז נעכטן געווען אין טעאַטער און וויל זיך מיט מיר באַקענען. אויף מיין העפלעכער באַמערקונג, אַז איך בין זייער גליקלעך מיט דער געלעגנהייט, הער איך, אַז דרויסן וואַרט אַן עקיפּאַזש. און ער בעט מיך תיכף פאָרן מיט אים אין „אימעניע“ אַ וויאָרסט צען הינטער סאָראָקי... איך קאָן דאָרטן פאַרבלייבן אַזוי לאַנג ווי מיר וועט זיך גלוסטן.

איבערראַשט פון אומגעריכטן פאָרשלאַג, האָב איך געענטפערט, אַז איך דאַרף באַלד גיין צו פּראָבע אין טעאַטער, און דעם פאָרשלאַג קאָן איך

באַין אופן נישט אָנגענומען... דער סוביעקט איז נישט גאָר נישט אָפּגעטראָטן, ער האָט אָנגעהויבן ממש שיטן מיט פּילצוזאָגנדיקע „גליקן“ און „געווינסן“, אויב איך וועל תיכף מיט אים צוזאַמען פאָרן. דערהערנדיק, אַז ער פאַרלירט בחינם זיין צייט, האָט ער געביטן דעם טאָן פון די „אונטערהאַנדלונגען“, מעלדנדיק, אַז די „באַרינגיע“ איז נישט געווינט צו באַקומען אַן אָפּזאָג אויף אירע ווונטשן און פאַרלאַנגען און ער עצה'ט מיר נישט אָפּצוּוואַרפן איר פאָרשלאַג — אויב נישט צוליב מיינע אייגענע אינטערעסן, איז צוליב די אינטערעסן פון טעאַטער, ווייל די באַרינגיע האַלט אין אירע הענט דעם איספּראַווניק צוזאַמען מיט אַלע זיינע מיטאַרבעטער, און מיין עקשנות וועט זיך אָפּרופן אויפן גורל פון טעאַטער שנעלער ווי איך שטעל עם מיר פאָר.

— איך גיב אייך מיין וואָרט, אַז ביי דער ערשטער מעגלעכקייט וועל איך זיין אייער גאַסט האָב איך געפונען פאַר נויטיק צו מעלדן דעם פאַרשוין, וועלכער האָט מיר אויסגעזעען ווי אַ באַנדיט, פון וועלכן איך דאַרף מיך באַפרייען כדי צו קאָנען אַראַנזשירן שוין אויף ווייטער...

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן נאָענטסטן שטול און גענומען ווישן דעם שוויים פון קאָפּ און פון קאַרק...

— ווען איר קענט מיין באַרינגיע, וואָלט איר פאַרשטאַנען, אַז קומען מיט אַן אָפּזאָג צו איר קאָן איך נישט... העלפט מיר זיך אַרויסבאַקומען פון אַזאַ לאַגע.

— איך וועל צו איר אָנשרייבן עטלעכע ווערטער און דערקלערן, אַז היינט אָננעמען די איינלאַדונג קאָן איך נישט.

אָבער ער איז אומגעריכט אויפגעשפּרונגען פון אָרט און אַרויסגעלאָפן פון צימער. איך האָב אין טעאַטער זיך דערוווּסט, אַז די באַרינגיע איז אַ שם־דבר. און ווער עס האָט „שכל“, קאָן אָנשיטן גאָלד... אַלט איז זי אַ יאָר 35 און מיט אַ יאָר 3 צוריק איז געשטאָרבן איר מאַן אין עלטער פון 55 און איר איבערגעלאָזן אַ קאָלאָסאַלע ירושה. מער האָט זי איר שליח צו מיר נישט געשיקט... קיין נקמה דורכן איספּראַווניק האָט זי אויך נישט געפּרוּווט נעמען, און איך האָב מיך נעבעך איבערצייגט, אַז זי האָט פאַרלוירן צו מיר יעדן שפּור פון אינטערעס.

דעם עפּיזאָד וואָלט איך נישט געבראַכט ווען ער וואָלט נישט געווען כאַראַקטעריסטיש פאַרן גאַנצן סכום „דערפּאָלגן“ און „דורכפאַלן“ במשך ימי חיי.

דער בעל־בית פֿון מײַן דירה (מיט נאַכטיגאַל אונטערן פֿענצטער, ווי שוין דערציילט) — איז געווען אַ „לעסניטשי" (וואַלד־פּאַרוואַלטער) איבערן גאַנצן אויעזד (קרייז). זײַן פֿרוי, בעת איך האָב זיך בײַ זיי באַזעצט, איז געלעגן אין קימפּעט.

אַ טאָג 10 שפּעטער האָב איך זי דערזען, גייענדיק פֿאַרבײַ זייער וואַראַנדע, און איך קאָן נישט פֿאַרגעסן דעם ערשטן אײַנדרוק פֿון איר געשטאַלט... זי איז געזעסן אָנגעשפּאַרט מיט ביידע הענט אויפֿן טיש און געהאַלטן בײַ דער ברוסט דאָס זויגנדיקע קינד. צוויי קוילנשוואַרצע צעפּ זענען געלעגן פֿון ביידע זײַטן פּנים. אַז איך האָב זיך באַוויזן, האָט זי אויפֿגעהויבן דעם פּנים פֿונעם קינד אויף מיר, און איך האָב דערזען אַ פּאָר אויגן, פֿון וועלכע אָפּרײַסן מײַנע בין איך נישט געווען בכוח. איר בליק מיטן אויסדרוק פֿון שרעק אין דער ערשטער רגע האָט אין דער צווייטער אויסגעדריקט אַ מין ליבלעכע איבערראַשונג, אויף וועלכער איך האָב אָפּגעענטפֿערט מיט אַ שטומער באַגריסונג און בין אַוועק ווײַטער. דאָס זעלביקע האָט זיך איבערגעחזרט אין משך פֿון די נאָענטסטע עטלעכע טעג עטלעכע מאָל: אַ ליבלעכער שמייכל פֿון איר, אַ שטומע באַגריסונג פֿון מיר...

פֿון מײַן צימער צו זייערע האָט געפֿירט אַ טיר, וועלכע איז געווען פֿאַרשלאָסן, און צוליב דער באַלעבאָסטעס צושטאַנד האָט דער באַלעבאָס מיר געמאָלדן דעם ערשטן טאָג, אַז צום באַרויערן וועל איך מוזן אין אַלע נויטיקע פֿאַלן גיין דורכן גאַס אין טויער: געניסן פֿון גאָרטן, ברענגען וואַסער און דאָסגלײַכן.

נאָך די צוויי־דרײַ טעג שטומע בליקן און באַגריסונגען הער איך איינמאָל, אַז מען קלאַפּט שטיל אין דער פֿאַרשלאָסענער טיר. איבערראַשט פֿון אומגעריכטקייט, האָב איך זיך אַנטשולדיקט, וואָס איך בין אין נעגליזשע און צו מײַן שטוינונג דערהערט דעם באַלעבאָס שטים.

— איך וויל אײַך געבן דעם שליסל פֿון דער טיר. אונדזער סיניאָרינע איז שוין מער נישט קיין פּאַציענטין און בעט אײַך דורכגיין דורך די צימערן ווען איר דאַרפֿט. איך האָב אַ 2 טעג „געדאַרפֿט" איין מאָל אין טאָג, אָבער שפּעטער האָבן מיר די טיר אויפֿגעהערט צו שליסן.

דאָס איז ווידער אַ מאָטיוו פֿאַר אַ נאָוועלע אין סטיל פֿון גאָגאָלס „אָוונטן אויפֿן כוטאָר נעבן דיקאַנקאַ"... מײַן העלדין האָט ווי לויט אַ באַשטעלונג זיך גערופֿן: „מירגאָראָד", און שיין איז זי געווען ווי ווען זי זאָל טראָגן דעם גאַנצן רייץ און חן פֿון אוקראַינע. דער „זיידע" (אַזוי האָט זי גערופֿן דעם מאַן) פֿלעגט אַוועקפֿאָרן אין וואַלד אויף דער גאַנצער וואָך,

אומגעריכט קומען אויף עטלעכע שעה. איינמאָל איז ער אָנגעקומען אין מיטן העלן טאָג און געפונען מיך זיצן אין גרויסן צימער אויפן טאַפּטשאַן און זי איז געזעסן נעבן מיר און געהאַלטן דאָס זויגנדיקע קינד אויפן אָרעם.

ער איז געבליבן שטיין אין טיר און, נאָך נישט אויסטוענדיק זיין וועטמאַנטל מיטן קאַפּיושאָן איבערן קאָפּ, אַרויסגענומען אַ נאַגאַן און אים אויסגעשטעלט אַזוי, ווי צילנדיק מיר אין שטערן.

— הער אויף מיט דיינע שפּאַסערייען, זיידע! — האָט אויסגערופן מיין מיראַגראַ: אַ מענטש קאָן דאָך מיינען, אַז דו ווילסט אויסשיסן.

— ער וועט אפשר גאָר קיין מעת נישט האָבן — זאָגט ער מיט פולן ערנסט.

איך בין געזעסן פאַרלייגנדיק אַ פוס אויף אַ פוס, מיט די הענט אויף די קני און נישט געמאַכט קיין שום באַוועגונג צו ענדערן מיין פּאָזע.

— נישט פון די שרעקעוודיקע, ווי איך זע — זאָגט דער „זיידע" ווי-טער אין זעלביקן טאָן — נו, רעכט! זאָל דאָס מייניקע איבערגיין דאָס מאָל... אָבער זאָג אים, אַז ביי דיין ערשטער ווענדונג צו מיר נאָך שוין וועט ער קריגן אַ קויל.

— ווילסט לאַנג וואַרטן — זאָגט זי. ערשט דאַן האָט ער אַראָפּגעוואָרפן זיין וועטמאַנטל. איבערן שטוב האָט זיך פאַרשפּרייט אַ רויך פון שטויב און ער האָט זיך לוסטיק צעלאַכט.

די טעג און אָוונטן מיט איר זענען געווען אַן אויסגעשפּראָכענע בלאַט פון אוקראַיִנישער ראָמאַנטיק.

אין די ערשטע טעג אויגוסט האָב איך פאַרלאָזט סאָראָקי. אויף האַלב יעקס פּאַרטאָג איז געווען באַשטעלט מיין צווי-שפּאַניקער עקיפּאַזש, וואָס פון „קין" אָן איז ער געווען מיין שטענדיקער „הויף-קוטשער" אין אַרום 6 האָב איך געזאָלט מיט אַ שיף איבערן דניעסטר זיך לאָזן קיין אַדעס. די לעצטע שעהן האָב איך פאַרבראַכט מיט מיין שיינהייט. הער לייענער וועט מיר נישט גלויבן, אַז איך קאָן מיר אַליין נישט אָפּגעבן קיין חשבון פון דעם וו אָ ס אַזוינס דאָס איז געווען. אַ ליד וועגן צוויי זיינענדיקע פאַרליבטע הערצער, וואָס זענען צונויפגעגאָסן אין געמיינזאַמער תפילה, צערטלעכקייט און ווייטיק, וואָס זיי מוזן זיך שיידן... און הייסע טרערן פון איין זייט און טרייסט-ווערטער פון דער צווייטער, אַז מיר וועלן זיך אין גיכן ווידער זען. צו מיין גאַניק איז צוגעפאָרן דער קוטשער. ער האָט נישט באַוויזן אָנצוקלאַפּן אין מיין טיר, ווי מיר הערן: פון דער צווייטער זייט איז געקומען דער „זיידע". זי האָט זיך האַסטיק אַ וואָרף געטאָן אין איר

צימער. איך בין געבליבן פֿאַרשטייגערט וואַרטן וואָס וועט זיין ווייטער. איך האָב דערהערט פֿאַרשטיקטע טענער, עפּעס איז ווי אומגעשליידערט. איך האָב געמאַכט אַ שריט צום פֿאַרשטיקטן געטומל און זיך צוריקגע־צויגן, באַגרייפֿנדיק, אַז מיין דערשיינען קאָן ווערן אַ פּונק אין פּולווער־פֿאַס. מיין באַוווּסטזיין, אַז זי איז קעגן אים אויף קיין איין האָר נישט פֿאַרזינדיקט, האָט מיך געהייסן — נישט רירן זיך פֿון אָרט...

און טיר האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקע קלאַפּעריי: מיין קוטשער האָט באַשלאָסן, אַז ער מוז מיך אויפֿוועקן, כדי מיר זאָלן קומען צו דער אָפּ־גייענדיקער שיף כאָטש אַ פּאָר מינוט פֿאַרן אָפּגיין. איך בין אויף די שפּיץ פֿינגער אַרום פֿון צימער דער קוטשער האָט אַרויסגעשלעפּט מיין באַגאַזש, און איך בין אַוועקגעפֿאָרן, אָפּגעבנדיק דעם קוטשער די שליסלען.

חדשים שפּעטער האָב איך באַקומען פֿון איר אַ בריוו, אַז דער „זיי־דע" איז געלעגן אין אַ שווערער היץ־קראַנקהייט; אַז זי איז געוואָרן אַזוי פֿאַרענדערט, אַז איך וואָלט זי נישט דערקענט; אַז וועגן טרעפֿן זיך קאָן שוין מער נישט זיין קיין רייד, אָבער זי וויל הורך די עטלעכע שורות זיך געזעגענען מיט מיר און מיט די קורצע טעג און נעכט, ווען זי האָט דערקענט וואָס אַזעלכס איז האַרץ און פֿרייד.

וואָס איך האָב איר געענטפֿערט ווייס איך נישט, אָבער אָט די קורצע גאָוועלע מוז איך שליסן מיט דער באַמערקונג, אַז פֿון תאווה און קערפּער־לעבקייט האָבן מיר פֿאַר די קנאַפּע דריי חדשים נישט געהאַט קיין איין סעקונדע.

וואָס — וויל אוודאי עמיצער פֿרעגן: וואָס האָט דאָס אַלץ פֿאַר אַ שייכות צום „אַהין" און צום „צוריק" פֿון מיין לעבנסוועג?

בעט איך ביים לייענער מיר שענקען אַ געוויסע מאָס געדולד און די פֿאַקן, ווען די אָדער יענע מאָטיוון זעען אים אויס ווי איבעריקע און פֿרעמדע.

מיר האַלטן דאָ אין שילדערן די פֿרידלעכע און זאָרגלאָזע וועלט פֿון יאָר 1913. מיר דערציילן די אידיליעס פֿון אירע שטילע נעכט, פֿון אירע זיסן אונטערן אַקאָמפּאַניאַמענט פֿון נאַכטיגאַלס טרעלן... מיר באַשרייבן, ווי יעם האָט יענעם יאָר געלעבט אונדזער יונגער אַרטיסט, אַריינאָטעמענ־דיק אין זיינע פֿרייע לונגען די פֿריידן פֿון יוגנט.

און זאָל דער לייענער נישט זיין צו שטרענג צו די ווייטערדיקע מאָ־מענטן פֿון פֿרידלעכער ראָמאַנטיק: צו־לאַנג וועט עס נישט דויערן.

# XIII. אויפן האַריזאָנט — איטאַליע

אין אָדעם האָב איך אויסגעפונען אַ פּאַנסיאָן אויף דער „קליינער פּאָנטאַנקע". דאָס איז געווען איינע פון די שענסטע פּראָספּעקטן אין אַריסטאָקראַטישן טייל פון שטאָט. איך מוז דאָ דערמאָנען, אַז געהערשט האָט דעמאָלט אין אָדעם דער טרויעריק באַרימטער גראַדאָנאַטשאַלניק טאָלמאַטשאָוו, וואָס (נעבן דומבאַדזע אין יאַלטע און דראַטשעווסקי — אין פּעטערבורג) איז געווען באַקאַנט איבערן גאַנצן לאַנד ווי אַ צורר יהודים און אַ תלין. און אָדעם איז געווען דורכגעווייקט מיט יידן־האַס.

איך בין אַריין אין קאָנטאָר פון פּאַנסיאָן, באַצאָלט פאַר 10 טעג פאָרויס, באַקומען דעם שליסל פון צימער, איבערגעטאָן זיך און אַוועק צום „טאַבל ד'אָט" עסן פרישטיק.

איך האָב דערזען אַ לאַנגן טיש, געדעקט פאַר לערך 60 געסט, פון וועלכע אַלע זענען שוין געזעסן אויף זייערע ערטער. דער קעלנער האָט מיר אָנגעוויזן מיין אָרט ביים סאַמע ברעג טיש. איך בין צוגעגאַנגען און, האַלטנדיק מיין שטיל אין האַנט, האָב איך זיך פאַרנייגט און באַגריסט די זיצנדיקע מיט אַ „ג ו ט מ אָ ר ג ן!"... קיין איין מענטש האָט זיך נישט אָפּגערופן אויף מיין באַגריסונג.

איך האָב דערזען פאַר זיך אַ קאָמפּאַניע פון בלוטיקע יוהאָפאָבן. דאָס בלוט איז מיר צוגעפלאָסן צום קאָפּ... איך האָב דערפילט, אַז דאָ איז איינער פון יענע פאַלן ווען אַראָפּשלינגען טאָר מען נישט... אָבער — וואָס קאָן מען אין דעם פאַל טאָן?

איך האָב געוואָלט זיך אויסדרייען מיטן רוקן און אַוועקגיין, אָבער איך האָב דערזען אויפן צווייטן עק טיש אַ דאַמע, וועלכע האָט, האַלטנדיק ביי אירע אויגן אַ גאָלדענע לאָרנעט, מיך באַטראַכט, און איבערן טיש האָט אַרויסגעהילכט אַזוי ווי דעמאָנסטראַטיוו איר אויסרוף: „ג ו ט מ אָ ר ג ן!"

איך האָב ווי עס איז אַראָפּגעשלונגען דעם פרישטיק, זיך אויפגע־

הויבן דער ערשטער פון טיש און אַוועק אין קאָנטאָר פאָדערן צוריק די סומע, וואָס איך האָב איינגעצאָלט פאַר צען טעג... אַ גערטיקער טאָג! זיי ווילן אַפילו נישט הערן דערפון... פאַר די „פּאָליטישע איבערצייגונגען" פון זייערע געסט טראָגן זיי קיין אחריות נישט און פאַר זייער גוטער דער־ציאונג אוודאי נישט.

אין קעשענע איז מיר פאַרבליבן געציילטע עטלעכע רובל, און איך האָב קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט ווי בלייבן זיצן די צען טעג אין פּאַנסיאָן.

צו מיטאָג בין איך געקומען דער ערשטער און ווי גרויס איז געווען מיין שטוינונג און פרייד, אַז איך האָב תיכף דערזען די האַמע מיט דער גאָלדענער לאָרנעט. זי האָט גלייכצייטיק מיט מיר פאַרנומען איר אָרט ביים טיש, איך האָב זי פון ווייטן באַגריסט, און מיר האָט געענטפערט אַ ליבלעכער שמייכל.

נאָכן עסן האָב איך זיך געלאָזט איבערן פּאַרק אויפן הויכן ברעג פון ים. נאָך אַ קורצן וואַנדערן האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף אַ באַנק. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט, אָנגעשפּאַרט אויף אַן אַלטן דעמב, וועלכער האָט די באַנק געטיילט אויף צוויי טיילן — אַזוי, אַז פון איין טייל האָט מען דעם צווייטן כמעט נישט געזען. דער טאָג האָט געהאַלטן אין אויסלעשן זיך, די זון האָט זיך אָנגעהויבן טונקען אין די שפּילנדיקע כוואַליעס... שאָטנס האָבן אָנגעהויבן באַהערשן די וועלט, און אויסגעמאַטערטע מענטשן זענען גרייט געווען צו מיינען, אַז נאַכט אין שאָטנס זענען אַ געווינס פאַר זייערע מידע גייסטער און געמיטער נאָך דעם ווי די אויגוסט־שטראַלן האָבן זיי מיד געמאַכט...

זיצנדיק אַזוי פאַרטיפט אין רעיונות, האָב איך, מיינענדיק, אַז קיינער אויסער די כוואַליעס און שאָטנס הערט מיך נישט, אָנגעהויבן מיט פאַרפרעסטע ליפּן ציען אַ מאָטיוו, אַריבער אויף אַ צווייטן, די ליפּן האָבן זיך געעפנט, מיינע אימפּראָוויזאַציעס זענען זיך צעוואַקסן... איך האָב שוין געזונגען אַריעס, ראָמאַנסן, פראַגמענטן פון קלאַסישע סימ־פאָניעס... געזונגען, געקוואָלן פון ים, פון לייכטן ווינט, פון שאָטנס, פון דער לבנה, וואָס האָט זיך באַוויזן און האָט מיר אויסגעזען, ווי זי וואָלט געקומען מיך טרייסטן אין מיין איינזאַמקייט...

און מיטאַמאָל, ווען איך האָב אויף אַ קורצע ווײַלע איבערגעריסן מיין קאָנצערט איבערצוכאַפּן דעם אָטעם, דערהער איך: „בראַוואָ! דאָס

איז איבער אַלע דערוואַרטונגען און שטייגט אריבער יעדן קאָנצערט, וואָס וואָלט געקאָנט פּאָרקומען לויט צוגרייטונג".

איך האָב זיך אויפגעהויבן פון דער באַנק און דערזען הינטערן דעמב די דאַמע, זי האָט געהאַלטן ביי די אויגן די שוין באַקאַנטע לאָרנעט און איר ליבער שמייכל האָט דאָס מאָל אין שיין פון דער לבנה געליכטן נישט בלויז מיט העפלעכער גוטסקייט — א האַרציקייט פון נישט איינגעהאַלטענער וואַרעמקייט און אַנטציקונג האָט געליכטן הינטער די גלעזער פון איר לאָרנעט.

— ווער זענט איר? פון וואַנען נעמט איר זיך? א זינגער? עפּעס זעט איר לויט אייער האַלטונג נישט אויס ווי א מענטש פון דער עסט־חאדע. איך וואָלט געזאָגט: „און אַדוואָקאַט", אָבער א צו גרויסע דאָזע פּאָעזיע פאר אַזאַ דעפיניציע. אפשר וועט איר באַוויליגן העלפן אויפקלע־רן די שאַראַדע?

איך האָב געשוויגן. מיר האָט זיך געוואָלט א קיש טאָן איר האַנט, אָבער רעדן האָב איך נישט געהאַט דעם מינדסטן חשק.

— מיין נאָמען איז מאַרעווסקי.

— דאָס ווייס איך שוין פון דער רשימה געסט אויפן וואַנט. און איך האָב באַשלאָסן, דאָס איז א פּסעוודאָנים... איך גלויב נישט, אַז עמעצער קאָן געבוירן ווערן מיט א אַזאַ מין נאָמען... זענט איר א דיכטער?

— אן אַקטיאָר בין איך.

זי האָט אראָפּגעלאָזט איר לאָרנעט און האָט מיך אָנגעקוקט מיט ברייט־צעעפנטע אויגן.

— וואַרט, וואַרט! איר האָט געלערנט אין סוואָרינס שול? איר האָט אין פּאוולאָווסק געשפּילט אין „איוואַן סוסאַנין" דעם אָנפירער פון די פּאַרטיזאַנער? איך האָב אייך געזען, איך בין געווען אויפן ספּעקטאַקל. און זייער א סך האָט מיר וועגן אייך דערציילט קאַטיע גאָריאַנינאַ, מיין חברטע נאָך פון אינסטיטוט... איר געדענקט זי?

— אַ פראַגע! זי איז איינע פון מיינע ליבסטע קאָלעגינס פון די שול־יאָרן.

עס איז קלאָר געווען, אַז איך האָב זיך פאַר עמעצן פון די פּעטער־בורגער הויכע ספערן, ווייל ערשטנס איז קאַטיע גאָריאַנינא געווען די טאָכטער פון גענעראַל דראַקע, (אַן אור־אור־אייניקל פון שוועדישן אַדמיראַל דרעיק, וועלכער האָט געבראַכט קיין יעוראָפּע די ערשטע

קאַרטאָפֿל). אָבער נאָך מער האָט עדות געזאָגט וועגן דער הויכער געזעלשאַפֿט פֿון מיין „האַמע מיט דער לאָרנעט“ דער פֿאַקט, אַז זי האָט באַגעוויזן (?) די פֿאַרשטעלונג אין פֿאַוולאָווסק, ווייל אַהין האָט „אַבי־ווער“ קיין צוטריט נישט געקאָנט האָבן.

— מערקווירדיק! פֿון ערשטן בליק אויף אייך ביים טיש האָב איך געטראַכט, אַז איך קען אייך, און מיר איז נישט איינגעפֿאַלן, אַז דאָס איז דער „פֿויער“ פֿון „איוואַן סוסאַנין“.

— מיט וועמען האָב איך דעם כבוד צו פֿירן אַזאַ וווּנדערבאַרן געשפּרעך און וועמען בין איך שולדיק די מינוט ביים טיש אינדערפֿרי?... איך דאַרף אייך נישט שילדערן וואָס מיר האָט געגעבן אייער „גוטמאָרגן“ אין דער אַרומיקער אַטמאָספֿער.

— נו, אַ גרויסע דאגה האָט איר, ווי אַזוי עס פֿירן זיך אויף עטלעכע מאַמעס אין מאָלמאַטשאָווס אָרעם. צי זענט איר נישט העכער ווי אַזעלכע קלייניקייטן?

— מען קאָן נישט זיין „העכער“ פֿון דער פֿלוי, וואָס בייסט דעם רוקן... דאָס זענען בלויזע רייד.

זי האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון באַנק!

— לאָמיר זיך דורכגיין! איר האָט נישט דאַקעגן? גיט מיר אייער אָרעם!

זי האָט זיך פֿעסט אָנגעשפּאַרט אין מיין אָרעם, און מיר האָבן זיך לויפֿנדיק אַראָפּגעלאָזט צום סאַמע ברעג. איך ווייס נישט ווי לאַנג מיר האָבן שפּאַצירט ביי די כוואַליעס אונטער די שטראַלן פֿון דער לבנה. א צייט זענען מיר געזעסן אויף א פֿעלדז, גערעדט וועגן צענדליקער ענינים. איך האָב דערציילט און געהערט. זי האָט מיר עפּעס מיט היץ א זאָג געטאָן וועגן דעם, אַז מיינע שילדערונגען און געדאַנקען „ווירקן ווי שטאַרקער ווייז“, איך האָב א נעם געטאָן איר האַנט אין א קוש געטאָן. נישט אַרויסנעמענדיק איר האַנט פֿון מיינער, האָט זי מיר שטיל געזאָגט:

— הערט אויס, מאָרעווסקי, איך ווייס פֿון קאַטיען, אַז איר זענט אַ פּאַרטייטיקער ריטער און אַזאַ מיינונג וועגן אייך האָב איך פֿון ערשטן בליק אויף אייך ביים טיש, ווען איר זענט געוואָרן רויט פֿון פֿאַרדראָס און צעשטראָלט פֿון אומגעריכטער מענטשלעכקייט. מיר וועלן זיין פֿריינד, אמתע פֿריינד. מיר וועלן זיך קיינמאָל נישט שיידן, אָבער... זי איז אַנטשוויגן געוואָרן.

— וועט זענט איר? איר האָט עס דאָך מיר נישט געזאָגט.

— רופט מיך: „שורא“, אַלעקסאַנדראַ איוואַנאָוונאַ“! מער דאַרפט איר נישט. דאָ ווײַזן איך אונטער אַן אויסגעטראַכטן נאָמען. בײַטאָג האַרפֿן מיר זיך נישט טרעפֿן. קיין פֿרעמד אויג טאָר אונדז נישט זען צוזאַמען. איך בין די פֿרוי פֿון אַ הויכן מלוכה־מאַן, מיט וועלכן איך פֿיר אַ פּראָצעס וועגן שיידן זיך. איז צען טעג אַרום שטייט פֿאַר אין הייליקן סינאָד די אַנטשיידונג פֿון מײַן גורל און לעבן. איין אָנדײַטונג, אַז איך בין דער שולדיקער צד, קאָן מיך מאַכן פֿאַר אַ שקלאַפֿין פֿון מײַן מאַנס ווילקיר, און מיר וועט בלײַבן נאָר זעלבסטמאָרד, ווײַל לעבן אַזוי ווי איך לעב שוין זעקס יאָר, קאָן איך נישט און וועל נישט. דאָס איז אַלץ, וואָס איך קאָן אײַך זאָגן. איך האָב ווידער געקושט איר האַנט, אָבער דאָס זענען נישט געווען די געפֿילן צו מײַן שוואַרץ קעפּיקער מיר־גאָראַד אין סאַראַקי. אַלעקסאַנדראַ איוואַנאָוונאַ האָט נישט פֿאַרמאָגט קיין שפּור פֿון יענעמס רייץ און צויבער, אָבער איצט בין איך געווען באַהערשט פֿון אַזאַ פֿלאַם איז אַלע אָדערן, אַז איך האָב נישט געקאָנט אײַנהאַלטן די פֿונקען פֿון צעפֿלאַמטן האַרצן אין געגומען פֿליסטערן:

— איך בין נישט אַזוי לײַכט צו ווערן אַ קרבן פֿון מײַנע לײַדנשאַפֿט־לעכע באַגערן! גלויבט עס מיר! דאָס, וואָס איך רעד צו אײַך, הערט פֿון מיר אײַנע פֿון צענדליקער פּרויען־וועזנס. אָבער איך קאָן נישט און איך וועל נישט פֿאַרבייגיין אין קאַלטער גלײַכגילטיקייט צו אײַך... איך האָב זי פֿעסט אַרומגענומען און באַשאָטן איר פּנים, מיט ברענענדיקע קושן. אַ פֿאַרלוירענע האָט זי זיך געבעטן:

— נישט הײַנט, נישט, איצט! מאָרעווסקי! טײַערער. שוינט מײַן פֿרײַהייט! מײַן צוקונפֿט! זי האָט, זיך אַרויסגעריסן, געלאָזט לויפֿן באַרג־אַרויף און פֿאַרשוונדן. אין אַ מינוט 20 אַרום האָב איך זי דערזען אין פּאַרק.

— אין וועלכן פּאַוויליאָן וווינט איר? האָט זי מיך שטיל אַ פֿרעג געטאָן איך האָב איר געוויזן מײַן פֿענצטער.

— און אָט זענען מײַנע דרײַ פֿענצטער — זאָגט זי, אָנווײַזנדיק אויף דרײַ פֿענצטער אויפֿן הויכן פּאַרטער. מיר זענען זיך פֿונאַנדערגע־גאַנגען. זי האָט מיר דערלאַנגט די האַנט און מיט אַן אויפֿגערעגטן פֿליסטער אַרויסגעמורמלט: „אַ גוטע נאַכט“, „צום ווידערזען“ האָב איך געענטפֿערט און בין אַוועק, פֿילנדיק, אַז זי קוקט מיר נאָך. איך האָב זיך אויסגעטאָן, אין שלאָף־פּיזשאַמע זיך געלייגט אויפֿן געלעגער, אָבער איך האָב דערפֿילט, אַז וועגן שלאָף וועל איך די נאַכט אַפֿילו נישט

טראַכטן. אין אַ וועלכער האַלבער שעה אַרום בין איך אַרויס אויפֿן הויף. אין אירע פֿענצטער האָבן געלויכטן די געדעמפּטע שטראַלן פֿון אַ גרינגלעכן נאַכטלאָמפּ. איך בין צוגעגאַנגען צום פֿענצטער.

— איר שלאָפֿט, שורא? — האָב איך אַרויסגעפּליסטערט, קוים הערנדיק מיין אייגענעם קול: שורא!

דער נאַכטלאָמפּ איז אויסגעלאָשן געוואָרן. איך האָב זיך אויסגעדרייט אַוועקצוגיין און זע: דאָס גרינגע לעמפּל האָט צוריק אָנגעגאָסן דאָס צימער מיט אַ מילדן ליכט. איך האָב זיך אָנגעכאַפּט אין דער רעגן-רער, און אין צוויי שפּרונגען זיך אַריינבאַקומען אין צימער.

— איך שוין נישט מער מיין לעבן, און מיין צוקונפֿט! זאָל געשען, וואָס מיר איז באַשערט... איך בין שוין זעקס יאָר מיין מאַנס אָפֿיציעלע פֿרוי, אָבער איך בין היינט אַזאַ קינד ווי מיט זעקס יאָר צוריק. ער לעבט נישט מיט מיר אויס אייפֿערזוכט, כדי צו קאָנען מיך שטענדיק קאָנטראָלירן. דאָס גיט מיר די מעגלעכקייט פֿון אים זיך צו באַפֿרייען. און אויב די אונטערזוכונג אין סינאָד וועט באַשטעטיקן, אַז אַזוי איז עס, וועל איך זיין פֿריי...

איך האָב זי צוגעדריקט צום האַרצן. אין זיסן שלאָף האָב איך דערהערט:

— רימער מיינער! דו מוזט אַוועקגיין צו זיך! קוק זיך אַרום, אייב קיינער איז נישטאָ אויפֿן הויף, אַז נישט וועט אונדזער קרבן גיין צום טייוול. ניי מיט גאָט, מיין איינציקער!

זי האָט געקושט מיין האַנט. איך האָב אַרויסגעקוקט דורכן פֿענצטער, קיינער איז נישט געווען אויפֿן הויף. בלויז אַ גרויסער הונט אויף אַ ריזיקער קייט האָט געדרימלט אין אַ צען שריט פֿון פּאַוויליאָן.

איך בין דורך דער טיר אַוועק צו זיך. דער הונט האָט אויפֿגעהויבן אַ „וויצעקו“. עס האָט זיך באַוויזן דער נאַכט-וועכטער. אָבער מיך האָט ער נישט דערזען: איך האָב באַוויזן זיך אַריינצובאַקומען צו זיך און בין געשלאָפֿן ביז נאָך פֿרישטיק.

די ווייטערדיקע 10—12 טעג אין פּאַנסיאָן האָבן מיר זיך נישט געזען. די אָוונטן פֿלעגן מיר פֿאַרברענגען אין טעאַטער און קאַפֿעשאַנטאַנען. מיר זענען פֿאַרבליבן אויף יאָרן-לאַנג די קופּלעטן פֿון דעמלט באַרימטן עסטראַדע-מייסטער אובעיקא.

אונדזער בונד איז געוואָרן פֿאַרטיפֿט ביז די גרונטן פֿון אונדזערע הערצער.

איבן דריטן־פֿערטן טאָג האָב איך דערהערט אַ פֿאָרשלאַג בזה הלשון:

— צו װעלכע טײַװלאָנים דאַרפֿסטו האָבן דײַן עקזיסטענץ אָן װײַרעכט אין די סביבה, װוּ מען ענטפֿערט נישט אויף דײַן באַגריסונג? לויט דײַן פּראָװינציעליש לשון גאַראַנטיר איך דיר, אַז אין אײן האַלב יאָר װעסטו איטאַליעניש רעדן װי דו רעדסט רוסיש. מײַן מוטער װוינט נעבן מילאַן. מיר האָבן דאָרטן אַ װילע און זענען גוט סיטואירט. זי װעט אונדז אויפֿנעמען מיט אָפֿענע אָרעמס. איך בין איר אײנציקע טאָכטער און דיך װעט זי ליבן מער װי מיך.

אויף מײַן באַמערקונג, אַז איך װעל בײַ זיך נישט פֿילן צו זיצן חדשים אויף קעסט, האָט זי אַרײַנגענומען מײַן האַנט אין אירע בײדע הענט און לאַכנדיק געזאָגט:

— איך װעל שליסן מיט דיר אַ נאָטאַריאַלן אָפּמאַך, אַז פּונקט פּראָצענט פֿון דײַנע אײַנקינפֿטן געהערן מיר אַזױ לאַנג ביז דו װעסט דעקן די הוצאות פֿאַרן פֿעריאָד פֿון דײַן צוגרײטונג.

מילאַן... איטאַליע... פֿילנדיק מײַן אומבאַשלאָסנקײט, האָט שוראַ פֿאַרחידושט אָנגעהױבן אַנטװיקלען פֿאַר מיר די האָריזאָנטן פֿון מײַן צוקונפֿט.

— װי קאָנסטו זיך װאַקלען? װאָס שטערט דיר צו פֿאַרשטײן, אַז דו האַלסט אין האַנט אַן אָבליגאַציע מיט אַ געזיכערטן גרויסן געװינס? װאָס בינדט דיך דאָ? אויב דײַן סענטימענט פֿאַר דער רוסישער קונסט — דאָס קאָן איך פֿאַרשטײן: מײַן פֿאָטער איז דאָך אויך געװען אַ רוס, הגם איך געדענק אים נישט — אָבער װאָס קאָן זײַן פֿאַר דיר מער װי מעגלעכקײט צו שאַפֿן אַ סינטעזע פֿון שטשעפּקינען מיט סאַלװיני? פֿון מאָטשאַלאָװן מיט ראָססי? דו רעדסט מיט היץ און ליבע װעגן דײַן דאַלמאַטאָװן. איז ער דאָך אויך אַ האַלבער איטאַליענער! דאַלמאַציע איז נישט װײניקער איטאַליעניש װי סלאַװיש. און דו, מײַן טרוימער, דו ביסט אַן איטאַליענער מיט אַלע דײַנע פֿעדים אין פֿונקען, און איטאַליע װעט זײַן דײַן אמתע היים — איר הימל, װי איר קונסט! אירע װולקאַנען, װי איר ליד!... איך באַגרײַף נישט: פֿאַרװאָס טאַנצסטו נישט פֿאַר פֿרײד און גליק? װאָס שטערט דיר? אײן זאַך װאָלט איך פֿאַרשטאַנען: אפֿשר ליבסטו מיך נישט גענוג צו קאָנען פֿאַרבינדן אונדזערע לעבנס? איז עס אײנס מיטן אַנדערן אַבסאָלוט נישט פֿאַרקניפּט. פֿרײַנד קאָנען מיר דאָך זײַן. העלפֿן דיר װערן אַן איטאַליענער אַקטיאָר קאָנסטו מיר דאָך נישט פֿאַרװערן.

דאָס איז אַלץ געװען אַזױ רײך אין פֿרײדיקײט, אין אומבאַװאָלקנטן

געפיל פון מענטשלעכער גליקלעכקייט, אַז... מיין ייִדיש האַרץ איז נישט מסוגל געווען עס אַריינצואָטעמען: דעמאָלט, צו 27 יאָר, האָב איך עס נישט פאַרשטאַנען, איך פאַרשיי עס ערשט איצט — צו 72!

זאָל עס קלינגען ווי אַן אומגלויבלעכער און ווילדער פּאַראַדאָקס, אָבער איך וועל זאָגן, אַז ווען עס איז קלאָר, ווי אָפּשטויסנדיק פאַר יעדן מענטשן פון אמתער קולטור עס איז די געשטאַלט פון אַ פּאַרוועניו, יענער מוז זיך געבן די מרהה צו באַגרייפן, אַז צו „ווערן אַן איטאַליענער" האָט מיר געשטערט... מיין זיידע פון מיכאַלישאָק. ווען מיין פּרעכטיקע פריינדין רעדט מיט מיר וועגן אַ רייזע קיין מילאַן אויף אַ „האַלב יאָר", וואָלט איך, משמעות, קיין רגע זיך נישט פאַרטראַכט... אָבער די פּערספּעקטיוו זיך אָפּ־צוריכן פון שורש האָט מיין ווילן — געפּענטעט, געשמידט, פאַר־אַנקערט: דאָס האָט אויסגעזען ווי אַן „אַהין" און אַ „צוריק" און האָט מיך נישט מיטגעריסן.

אָבער, ווי געזאָגט, האָס איז מיר דעמאָלט נישט קלאָר געווען. דעמאָלט האָב איך געמיינט, אַז איך בין געבונדן מיט מיינע פליכטן לגבי דעם ווינ־טער־סעזאָן אין וויאַטקע, ווו די חברים זענען שוין געזעסן און געמאַכט די הכנות צו עפענען דאָס „טעאַטער אויפן נאָמען פון דאַלמאַטאָוון". איך האָב זיי געמאָלדן, אַז איך וועל נישט פאָרן אַזוי לאַנג, ווי איך האָב נישט אויפן האַנט די דערלויבעניש צו ווינען אין וויאַטקע. איגנאַטאָוו האָט לאַכנדיק געזאָגט, אַז „בכלל געשמועסט", בין איך אַ משוגענער און דאָס איז מיין „אידיי־פיקס", אָבער היות פּרינציפּיעל בין איך גערעכט און היות דאָס טעאַטער קאָן אָן מיר נישט אויסקומען און היות ער, אַלס רו־סישער מענטש, איז מיטשולדיק אין דעם, וואָס איך בין אויף דעם פּונקט „צעדרייט", נעמט ער אויף זיך דעם ענין צו דערלעדיקן באַלד ווי ער וועט קומען קיין וויאַטקע.

דערווייל, זיצנדיק אין פּאַנסיאָן צווישן די שוואַרצמאַהניקעס, האָב איך איינשטודירט די ראָלע פון „טשאַצקי", ווייל איגנאַטאָוו האָט מיר געזאָגט, אַז אויב איך וועל זיין פאַרטיק מיט דער ראָלע, וועט זיך דאָס טעאַטער עפענען מיט גריבאָיעדאָווס מייסטערשטיק. איך האָב פלייסיק געאַרבעט, ביסלעכווייז געלערנט פאַר שוראַן טשאַצקיס מאָנאָלאָגן, זי פלעגט האָרכן מיט איר לאָרנעט פאַר די אויגן און האָט איינמאַל געמאָלדן:

— ביסט אַ פאַרברעכער קעגן זיך, אויב דו וועסט בלייבן אין רוס־לאַנד! אָפּגעזען פון דיין רעכטלאָזיקייט... ווען די פראַגע זאָל אפילו גע־

לייזט ווערן, ווערסטו דאָ בלייבן פֿאַרשטעקט אין שאָטנווינקל... די מוזט זיך אַרויסבאַקומען אויף די שמחים פֿון דער גרויסער וועלט!

פֿון איגנאַטאָוון איז אָנגעקומען אַ בריוו, אַז ער האַלט דעם ענין מיט מיר פֿאַר פּאָזיטיוו דערליידיקט: דעם אָפּמאַך צווישן דער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג מיט דער טרופּע האָט סאַנקציאָנירט דער גובערנאַטאָר און אַרויפֿגעלייגט אַ רעזאָלוציע: „מסכים, אַבער עס זאָל נישט זיין קיין יי ד ן“... טייטשט מיין וואַסיע, אַז אויפֿן סמך פֿון אָט דער רעזאָלוציע טאָרן אין טעאַטער נישט זיין מער ווי א יי ן ייִד, אָבער קענען אַנגאַזשירן איין ייד האָט דער גובערנאַטאָר קיין וואָרט נישט געזאָגט.

אַזוי האָט געפּסקנט וואַסילי איגנאַטאָוו, אָבער איך האָב געהאַלטן אַנדערש.

שוראַ האָט זיך צעלאַכט איבער איגנאַטאָווס „ייִדישן“ קאָפּ (דאָס איז אגב — אַ טיפּישע געשפּיצטקייט פֿון אַ רוסישן פּויער!) און געווען גליקלעך צו דערהערן, אַז מיר „פֿאָרן צו איר מוטער“.

איר פּראָצעס אין סינאָד האָט געדאַרפֿט פֿאָרקומען אין די לעצטע טעג פֿון אויגוסט, זי איז אַוועקגעפֿאָרן קיין פּעטערבורג דעם 20־טן. קיין שום ספֿקות אין גינסטיקן אויסגאַנג האָט נישט געקאָנט זיין. מיר האָבן אָפּגערעדט דעם 5־טן סעפּטעמבער זיך טרעפֿן אין פּאַריז אָן שום בריוו־אויסטויש, ווייל דער קלענסטער סימן פֿון אַ דריטן פּאַרשוין האָט געקאָנט אַרויסרייסן דעם באָדן פֿון אונטער אירע פֿיס.

דעם 25 בין איך אַוועקגעפֿאָרן קיין ווילנע.

איז דען נייטיק צו באַשרייבן דעם אונטערשיד צווישן דער שטימונג און מיין גאַנצן אויסזען און האַלטונג, אין וועלכן איך האָב אין מאַי פֿאַר־לאָזט פּעטער־מוטער און דעם געמיט, אין וועלכן איך האָב איצט איבער־געטרעטן זייער שוועל?

איך וואָלט אפֿשר געדאַרפֿט דאָ קאָנדענסירט איבערחזרן אַלע מאָטיוון פֿון קאַפּיטל, ווען מיר האַלטן ביים פֿאַרענדיקן? אָבער איך וועל מיך באַ־גרענעצן מיט איין, זאָל זיין פּאַטעטישער, אָבער אין יענע געציילטע טעג פֿאַר מיין צושטאַנד און שטימונג דורכוים טרעפֿלעכער געשטאַלט: אויב אין יעקאַטערינאָסלאַוו מיט אַ יאָר צוריק האָבן מיר געהאַט פֿאַר זיך אַ „פֿרייען פֿויגל“, און ער איז געוואָרן דורכגעווינטיקט מיט די ווינטן פֿון אוקראַינער סטעפּ, קאָנען מיר איצט זאָגן, אַז אין שטוב צו די עלטערן האָט זיך באַוויזן אַ יונגער באַרג־אָדלער... אַזאַ האָט אים די מוטער נאָך

קיינמאָל נישט געזען, אַזאַ איז ער — אויסער יענע קורצע טעג — ערגעץ מער נישט געווען!

דער טרוים וועגן אימאַליע האָט געלויכטן אין זײַנע בליקן, דאָס געפיל פון דערגרייכטן שוועל צו שאַפן פרײַ, אומגעשטערט, אָנגעשפּאַרט אויף אַ האַנט פון אַ פרויענווען. וועלכע איז אין אים פאַרליבט און זעט איר גליק, איר לעבנס-זין אין אים — דאָס האָט אַרויסגעשטראַלט פון זײַן זיכערן שמייכל, פון דער רואיקייט, מיט וועלכער ער האָט געענטפערט דער דערשטוינטער מאַמען אויף אירע פּראַקטישע פראַגן וועגן ווײַטערדיקע פּלענער... אַלץ האָט געשײַנט צו זײַן באַלויכטן מיטן ליכט פון „גוט און ווויל", אָבער — דער פאָטער איז קראַנק! מען דאַרף אים פירן קיין אויסלאַנד! אין היידעלבערג איז פאַראַן אַ ספּעציאַליסט.

— מיר וועלן פאָרן צוזאַמען — זאָג איך: ווען קלײַבט איר זיך?

— אין אַ חודש אַרום אומגעפער. די היגע דאָקטוירים האָבן פאַרארדנט אַ קוראַציע, וואָך מוז דורכגעפירט ווערן איידער מען קומט קיין היידעלבערג אין קליניק.

— אויב אַזוי וועל איך קיין היידעלבערג קומען צו אײַך.

— און ווּהין פאָרסטו?

— איצט קיין פּאַריז און פון דאָרטן קיין אימאַליע.

די מוטער האָט אויפגענומען די ידיעה שווײַגנדיק. אונדזער געשפּרעך האָט זיך געצויגן אַ פּאָר שעה, און ענדלעך האָב איך זיך אויפגעהויבן און בין אַרײַן אין מײַן גרויסן קאַבינעט און זיך אַראָפּגעלאָזט אין פאָטעל בײַם שרײַב-טיש.

אויפן טיש איז אַלץ געלעגן לויט מײַנע פּעדאַנטישע געוווינהייטן. עס האָט זיך געפילט, אַז חדשים-לאַנג איז קיינער אַהער נישט צוגעקומען.

אָבער אויפן סאַמע מיטן טיש איז געלעגן אַ בריוו... וואָס איז עס אַזוינס? נישט צו מיר! צו דער מוטער... פון דער מומע ג ע נ ס!... פון רובעלן... ריגער שטראַנד. עפּעס אַ שווערע כמאַרע האָט מיך באַדעקט. איך האָב נישט באַוויזן צו זאָגן דער מוטער, אַז דאָ ליגט איר בריוו... איך האָב אים דורכגעלייענט: אַ צען-צוועלף שורות, נישט מער —

שוין אַ וואָך זעקס איז עני (אַזוי האָבן זיי גערופן אַנגען) בײַ זיי. זי זיצט גאַנצענע טעג אָפּ אַליין בײַם ברעג, מיידט אויס מענטשן און וויינט אָן אויפהער.

אימאַליע, מילאַן, מײַן לעבן, מײַן גליקלעכקייט, מײַן פרײַדיקייט איז

אייַנגעזונקען געוואָרן אין די קורצע צייַלן פון בריוול, וועלכן די מוטער האָט געפונען פאַר ניימיק, אָוועקצולייגן אויף מיין טיש.

איך האָב אַרויסגעטראָגן דעם בריוו צו איר. מיט אַ קול, פון וועלכן עס איז פאַרשווּנדן יעדער שפור פון מעטאַל און קלאַנג, האָב איך אַרויסגערעדט:

— פאַר דעם, וואָס דו האָסט דעם בריוו מיר אונטערגעטראָגן, וועסטו ווען ס'איז שטאַרק חרטה האָבן.

די ליכטער פון מיינע זומער־חדשים זענען אויסגעלאָשן געוואָרן דעם 7 סעפּטעמבער האָב איך דערהאַלטן פון פּאַריז אין אַ פאַרמאַכטן קאָנווערט אַ קאַרטל מיט אַ גרויסן פראַגעצייכן: „?“ כ'האָב נישט געענטפערט. קורצע וואָכן נאָכדעם איז מיין ערשטער פאַמיליע־ברוך ליקווידירט געוואָרן. מיר האָבן זיך צונויפגעטראָפן אין וואָראָניעזש... די קלאַנגען „מיילאַנד“ האָבן איצט אין מיינע אויערן אָפּגעטרעטן פאַר אומהיימלעכע געשטאַלטן: „וואָראָן־יאָזש“...

# XIV. טיטאַניק — טאַנגאָ

סוף 1913, אויף די באַלקאַנען איז שוין געגאַנגען די מלחמה, וועלכע איז מיט איין יאָר שפּעטער געוואָרן — „וועלט־קריג“, אָבער די וועלט האָט נאָך וועגן קריג נישט געטראַכט. אין היימען, אין הערצער, אין מוחות. אין געמיטער האָט נאָך געהערשט אַבסאָלוטער שלום. עס זענען, פאַרשטייט זיך, געווען דורכגעפוילט די יסודות פון דעם ווילטיק, וועלכער האָט אויסגעזען ווי אַן אומדערשיטערלעכער בנין פון דער בירגערלעכער וועלט, אָבער דער דאָזיקער פרידלעכער לעבנס־שטייגער האָט אין 1913 יאָר געבליט ווי אַ גרינער בוים.

בײַ מיר אין זכרון איז פאַרבליבן אַזאַ בילד פון זיך דערנענטערנדן אונטערגאַנג!

אין 1913 יאָר איז פאָרגעקומען די טראַגעדיע מיט דער שיף „טיטאַניק“.

אויסגעבויט דורך די רײַכסטע שיפס־געזעלשאַפטן פון „יונייטעד סטייטס“, האָט דער דאָזיקער טיטאַן — די גרעסטע, רײַכסטע און בלי ספק — בעסטע שיף אין נאָרד־אַמעריקאַנער פּאַסאַזשירן־פּאַרקער — זיך געלאָזט אין איר ערשטן רייס און דעם ערשטן פרימאָרגן, נאָך גאָר נאָענט צו די ברעגעס פון די פאַראייניקטע שטאַטן, איז איר אַנטקעגן אַרויס פון דער נאַכט־אָפּלה אַ ריזיקער אײַז־באַרג... דער טיטאַן איז פון צוזאַמענשטויס געוואָרן צעשפּאָלטן אויף העלפט (איך דערצייל אַזוי ווי כ'איז פאַרבליבן אין זכרון, נישט קאָנטראָלירנדיק די פּרטים) און אין משך פון כמעט — מינוטן, קוים אַ שעה, זענען די הונדערטער פּאַסאַ־זשירן אַראָפּ צום גרונט פון אַטלאַנטישן אָקעאַן.

מען דאַרף דאָ דערמאָנען דעם היינטיקן לייענער, אַז די פאַראייניקטע שטאַטן זענען צו יענער צייט געווען דער סינאָנים פון דעמאָקראַטישן אי־דעאַל, פון אַלגעמיינעם ווילטיק, פון בירגערלעכער פרייהייט. דער גורל פון

הונדערטער אַמעריקאַנער, וואָס זינקען אַראָפּ אין די אײַז=קאַלטע כוואַליעס בײַ די ערשטע שפּראָצן פֿון באַגינען — דאָס אַליין איז שוין געווען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט געקאָנט דערשיטערן. אָבער דאָ זענען צוגעקומען פּרטים, וועלכע האָבן די טראַגעדיע פֿאַרגרעסערט. זעענדיק, אַז דער אומקום אין די כוואַליעס איז אומפֿאַרמײַדלעך, האָבן די מענער אויף „טיטאַניק“ אין משך פֿון קורצע מינוטן אָרגאַניזירט אַ רעטונגס=אַקציע פֿאַר פֿרויען און קינדער. מען האָט זיי אַרײַנגעזעצט אין די פֿאַראַנענע רעטונגס=שיפֿלעך, וועלכע האָבן גענומען זיך דערווײַטערן פֿון זינקענדיקן טיטאַן...

די איבערגעבליבענע האָבן זיך אַלע פֿאַרזאַמלט אויפֿן דאַך פֿון דער זינקענדיקער שיף און איבער די וואַסערן פֿון אַטלאַנטיק האָט זיך צעזונגען אַ כאָר פֿון הונדערטער שטימען, זינגענדיק פּסאַלמען און פֿאָכנדיק מיט טיכלעך צו זייערע געראַטעוועטע נאָענטע, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין דערווײַטערן.

איך זאָג נאָך אַמאָל: הײַנט איז נאָרד=אַמעריקע נישט מער דאָס לאַנד פֿון גליק און פֿרײַהייט און נישט אַלע פֿון דרויסן קוקן אויף אירע בירגער אַזוי, ווי מען האָט אויף זיי געקוקט בעת די פּאַסאַזשירן פֿון „טיטאַניק“ האָבן זינגענדיק תהילים זיך געזעגנט מיט זייערע ווײַבער און קינדער און לאַנגזאַם געזונקען אין די אײַז=וואַסערן.

אָבער — יעמאָלט!

יעמאָלט איז עס פֿאַר יעטוועדער עמפֿינדלעך האַרץ געווען כמעט אַ פּער=זענלעכע טראַגעדיע, וואָס איז פֿאַרצענפֿאַכט געוואָרן צוליב דעם בילד פֿון בײַשפּיללאָזער זעלבסט=אָפּפֿערדיקייט און ריטערלעכקייט בײַ הונדערטער, וועלכע האָבן נישט באַשאַפֿן קיין שום פּאַניק, מהומה, היסטעריע. דאָס בילד פֿון מלאכישער גוטסקייט בײַ מענטשן אין אָנבליק פֿון אומגעריכטן טראַגישן סוף — דאָס איז געווען אַזוי איבערמענטשלעך, אַזוי הויכמוטיק, אַז עס האָט נישט געקאָנט ווערן אויפֿגענומען און פֿאַרבלײַבן ווי עפּעס אַ „פֿאַל“, אַן „עפּיזאָד“... עס האָט אויסגעזען ווי אַ מין „אוווערטורע“, אַן אַרײַנפֿיר... אָבער וווהין עס פֿירט? וואָס קומט ווײַטער?

— דאָס האָט קיינער, פֿאַרשטייט זיך, יעמאָלט נישט געוווּסט. בלויז שפּעטער, ווען עס האָבן זיך שוין אָנגעזאַמלט קאַפּיטלען און בענדער פֿון די ווײַטערדיקע בלוטיקע פּנקסים, האָט מען געקאָנט אויפֿנעמען דאָס בילד פֿון דער „טיטאַניק“=קאַטאַסטראָפֿע ווי אַן אומהיימלעכע פֿאָרשפּיל.

בײַ מײַן שוין אָפֿט באַשריבענער עמפֿינדלעכקייט און פֿאַרשאַרפֿטער פֿילבאַרקייט צו מוזיקאַלישע אײַנדרוקן — מוז איך דאָ צוגעבן,

אַז אין מיין זכרון איז געבליבן, אַז ס׳האָט זיך די מעשה „טיטאַניק" צונויפגע־
פלאָכטן מיט אַ מוזיקאַלישן מאָטיוו פון יענער צייט — איך מיין, אַז אין
אָנהייב 1914 — ווען אין אומגאַנג האָט זיך געלאָזט הערן דער מאָטיוו פון
ערשטן „טאַנגאָ"...

און אַ נייער מוזיקאַלישער מאָטיוו אין אומגאַנג ווערט דאָך אַ טייל
פון דער לופט, פון אָטעם, וואָס מיט דריי טעג צוריק האָט מען געלעבט
און געאָטעמט אָן אים. נייע מאָטיוון, מעלאָדיעס, נייע בילדער פון ריטם
און קלאַנג שפּיגלען אָפּ די נייסטע לעבנס־פאַקטן, געשעענישן, פריידן און
ווייטיקן, וואָס די מענטשן־מאַסן טראָגן אויס: נייע עיבוים — נייע
טרייסטן

דער נייער טאַנגאָ־מאָטיוו איז אין משך פון געציילטע טעג געוואָרן
די פּאָפּולערסטע מעלאָדיע. פאַר מיר האָט עס געטראָגן דעם גאַנצן אינ־
האַלט, דעם פולן ווײ־רוף פון יענע טעג, און מער פאַר אַלץ און איבער
אַלץ — דעם גורל פון דער זינקענדיקער „טיטאַניק"... מיר האָט זיך אויס־
געוויזן, אַז אויף די קלאַנגען פון כאָראַל, וואָס האָט געזונגען תהילים, זינ־
קענדיק מיט יעדער רגע טיפער אין אָפּגרונט אַריין, ענטפערט די גאַנצע
וועלט מיט די קלאַנגען. און וווהין גייט די וועלט? דערויף האָט
יעדער געענטפערט אויף זיין אופן און שטייגער. אָבער געגאַנגען איז די
וועלט — אַנטקעגן איר איבערקערעניש.

* * *

אין וואָראָניעזש האָבן מיר זיך צונויפגעטראָפן מיט „אַניוטקען". די
מאָטיוון פון אונדזער צוזאַמענזיין, שיידונג און ווידערבונד זענען פאַר זיך אַ
טעמע פאַר אַן אָפּהאַנדלונג, וואָס קאָן ניט געפינען קיין אָפּשפּיגלונג
אין די ראַמען פון אַ „געבן־עפּיזאָד". אָבער אין אונדזערע בענדער קאָן די
טעמע נישט ווערן מער ווי אַזאַ פאַרבייאיקער מאָטיוו... און נישט
צוליב דעם, וואָס זי האָט פאַרנומען ווייניק אָרט און צייט אין מיין לעבנס־
לויף, נייערט צוליב דעם. וואָס מעמוארן האָבן נישט קיין רעכט און קיין
מעגלעכקייט צו באַהאַנדלען פאַקטן פון עמעצנס לעבן אויסער דעם איי־
גענעם.

קיין וואָראָניעזש איז זי געקומען פון אַן אַנדער שטאָט (אָדער שטעט־
טל?), ווו זי האָט געאַרבעט אין אַן אַפּטייק... אַזוי האָב איך עס אָנגענו־
מען, ווייל אַזוי האָט זי מיר געזאָגט. און דאָ איז אַן אָרט צו באַטאָנען,
אַז ביז מיין לערך 40־טן לעבנסיאָר איז אין מיין אופן פון באַנעמען די

אַרומיקעווירקלעכקייט געווען איין איינציקער פלאַך. צווישן דעם, וואָס איך האָב געזען, דאַרף מען זאָגן, איז נישט געווען קיין חילוק. שפּעטער האָט איך האָב אָנגעהויבן אָנוואַקסן אַ הייטל פון ספקות אין דעם, וואָס מענטשן דערציילן, און הייַנט צו טאָג מייַל איך  ש אַ ר ף  אָפּ דריי גראַדאַציעס: איין זאַך איז דער פאַקט, אַ צווייטע זאַך איז דאָס, וואָס זיין טרעגער, זיין סוביעקט, דערציילט וועגן אים און אַ דריטע — די  ה ו י פּ ט ז אַ ך — מ יי ן  ב אַ צ י ו נ ג.

איך האָב געטראָפן מיין ליבנס-פריינדין מיט דער צאַרטקייט אין האַרצן, וועלכע איך האָב צו איר געטראָגן פון דער פריער קינדהייט. דער לייענער געדענקט אפשר, אַז נישט איינמאָל האָב איך שוין איבער-געלעבט די ווייטיקן פון ווערן אָפּגעשטויסן פון איר. מיך האָבן אויך איצט נישט געקימערט די מוראדיקע וואָכן פון די 2 זומערן, ווען איך האָב מאָמענטנווייז געמיינט, אַז איך וועל די יסורים נישט אַריבערטראָגן. דאָס אַלץ איז פאַרשוווּנדן אָן א שפּור. איך האָב דערזען „מיין חנהלען", און דאָס ווילטיקסטע איז געווען דאָס, וואָס זי טראָגט אַן אָפּגעטראָגע-נעם מאַנטל, און דרויסן איז שוין ווינטער. איך געדענק מיין פרייד, ווען איך האָב איר אין אַ גרויסן קליידער-געשעפט אויסגעזוכט אַ „יאַפּאַנישן" ווינטער מאַנטל מיר האָבן זיך צעשיידט נאָך אויף א 2 חדשים. אין וואָראָניעזש זענען מיר געווען, משמעות, אין נאָוועמבער. זי איז צו מיר געקומען ערשט — אין פעוראַל.

אָט די חדשים — סוף 1913, אָנהויב 1914 — האָבן מער צו זאָגן אין בילד פון מיינע איבערלעבונגען, קאָנפליקטן. פאַרדרוסן און טרייסטן, ווי די פאַקטן פון „פאַמיליענברוך און ווידערבונד".

נאָכדעם ווי אויף מיין האָריזאָנט איז אויסגעלאָשן געוואָרן דאָס ליכט פון איטאַליע, און וויאַטקע מיטן „טעאַטער אויפן נאָמען פון דאַל-מאַטאָוון" איז אַוועק הינטער די פינצטערע בערג פון מיין רעכטלאָזיקייט, בין איך געבליבן זיצן אין ווילנע ביי מיין אַלטער קאָרעטע...

עס זענען געווען די חדשים פון טרויעריק-באַרימטן ביילים-פּראָצעס, און מיינע טעג און נעכט זענען אויסגעפילט געוואָרן מיטן לייענען באַ-ריכטן, שטודירן די רעדעס פון פּראָקוראָר, פון ציוויל-מאָנער און באַשול-דיקונגס-עקספּערטן. אין דער פאַרטיידיקונג זענען אויפגעטרעטן די ליכטנדיקע שטערן פון דער רוסישער אַדוואָקאַטור: קאַראַבטשעווסקי, יאַרודגי, מאַקלאַקאָוו, גריגאָראָוויטש-באַרסקי און גרוזענבערג. וועלכע

האַלטנדיק זיין פאַרטיידיקונגס־רעדע, האָט זיך צעוויינט און אויסגערו־פן: „פאַרוואָס זיצט אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק, ביילים? פאַרוואָס נישט איך?“ אויסער אָט די גרויסע מענער פון דער רוסישער אינטעלי־גענץ, האָבן זיך אין פּראָצעס באַטייליקט דער גרויסער שרייבער און אומ־בויגזאַמער קעמפער פאַר רעכט און הומאַניזם אין רוסישן לעבן — וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש קאָראָלענקאָ און די געלערנטע פּאַוולאָוו און טראָאיצקי!

דאָס איז געווען באמת א „קראַנץ“ פון הומאַניסטישן געוויסן און געדאַנק, פון מענטשלעכער איידלקייט און ריטערלעכקייט... לייענען די אלע רעדעס, איבערלעבן די אַלע שטורמישע אויפברויזן פון פּראָטעסט קעגן ווילקיר, האָט פאַר מיר געהייסן געפינען א גרויסע טרייסט אין מיין דערשלאָגנקייט.

אָבער לאָמיר זיך אַריינקוקן אין דער טראַגעדיע פון יענעם 27 יעריקן יידן־אַקטיאָר, וואָס האָט שוין דורכגעמאַכט שבעה מדורי גיה־נום; מיט זיינע ציין דורכגעביסן פעלזן אין שטיינער; שוין געהאַט דריי סעזאָנען און געקאָנט רעדן וועגן אָנערקענונג פון טויזנטער צושויער, וועגן פּאָפּולאַריטעט... און ווי־ער זיצט ער אין זיין — פ ע ס ל; שטיקט ער זיך אין דער לופט פון די געטאָ־געסלעך, ווידער איז פינצטער און ביטער זיין קיום, זיין וועלט! —

היינט מעג איך מיך דערלויבן אָפן מודה צו זיין, אז לייענענדיק די באַריכטן וועגן ביילים־פּראָצעס, האָב איך נישט איינמאָל אַ טראַכט גע־טאָן, אַז קאָראָלענקאָ און קאַראַבטשעווסקי וואָלטן געמעגט אָפּגעבן א טייל פון זייערע כוחות פאַר דער גערעכטער זאַך... מ י ר; אַז איך בין אויך א קרבן פון אומרעכט און ווילקיר.

לאָזט זיך אויס: „אַ גאָט איז דאָ!“

אין זשורנאַל „טעאַטער און קונסט“ האָט זיך באַוויזן א קאָרעס־פּאָנדענץ פון וויאַטקע, און דער גובערנאַטאָר האָט באַקומען די געהעריקע „פּאָרציע“ פאַרן נישט צולאָזן צו אַרבעטן אין דער טרופּע האַלמאַטאָווס א תלמיד, וואָס האָט געזאָלט אין „דער צרה“ פון שכל“ שפּילן „טשאַצקין“... אים האָט פאַרביטן אַן אַנדערער, און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז נאָכן ערשטן ספּעקטאַקל ביי אַן אויספאַרקויפטן הויז איז אויף מאָרגן געווען פאַרקויפט א 20 בילעטן און אין א וואָך אַרום האָט דאָס טעאַטער אויפגעהערט צו עקזיסטירן...

אין 2 טעג אַרום, נאָך דער קאָרעספּאָנדענץ, האָב איך דערהאַלטן

א בריוו פון וויטעבסק, אין וועלכן דער דירעקטאָר פון שטאָט־טעאַטער האָט מיר פאָרגעלייגט צו קומען באַזעצן דאָס אמפּלוא פון ערשטן „העלד“, היות ביי אים איז דורכגעפאלן אן אקטיאָר...

דאָס איז א קוואַל פון „טויזנט“ לוסטיקע שילדערונגען... ווען מיר שרייבן נישט וועגן זיך.

דער „דורכגעפאַלענער“ אַקטיאָר — זיין נאָמען איז געווען יוריעוו. (גײַסט יוריעוו פון אַלעקסאַנדרינסקי טעאַטער, פאַרשטייט זיך) — איז געווען א מענטש מיט זייער גוטע שוישפּילערישע מעגלעכקייטן — „לכל הדעות איבערן דורכשניט, — אָבער פון מין בעלי־חלומות“... טעאַטער איז זייער א קאָנקרעטער, פּראָזאַאישער ענין. מען דאַרף זיך — מען זאָל זיך! — פאַרטראָגן אין די עולמות העליונים, אַרבעטנדיק אין טעאַטער, אָבער באַהיט זאָל מען ווערן צו פאַרגעסן, אַז זיין באַזע איז די ערד; אַז טעאַטער איז קודם כל — אן עקזאַקטער מעכאַניזם און אַז אַטעמען אין טעאַטער קאָן מען אויסשליסלעך מיט דער לופט פון קאָנקרעטן אַרום. דער ליבער בעל־החלומות אין וויטעבסק איז געווען פאַרליבט אין... „עדיפּוס“ און אויסער „עדיפּוס“ און ווייטער ווי „עדיפּוס“ האָט ער נישט געזוכט קיין זין און קיין ווילטיק... האָט ער אָפּגעשפּילט „עדיפּוס“ און — פאַרענדיקט זיין פאָרמאַרש אין וויטעבסקער שטאָט־טעאַטער. מער האָט ער נישט בלויז נישט „געקאָנט“ — ער האָט אויך מער נישט געוואָלט — פאַר זיך דערהוערבן.

אז איך בין אַריין (דעם 1־טן דעצעמבער 1913) אין וויטעבסקער טעאַטער, האָט מיך אין קאָרידאָר געטראָפן דער דירעקטאָר סוכאַדריאָוו, וועלכער איז געווען דער דיריגענט פון אָרקעסטער. אַז איך האָב אָנגערופן מיין נאָמען, האָט ער מיר דערלאַנגט די האַנט, לאַנג באַטראַכט מיט א פריינדלעכן שמייכל און לאַנגזאַם אַרויסגערעדט:

— איר זענט דאָך א גאַנץ שיינער מאַנסביל! א שיינע וווּקס! א פּנים, וואָס לאָזט זיך גרימירן! מען האָט מיר גאַנץ אַנדערש באַשריבן אייער געשטאַלט! איך האָב אָנגענומען, אז איר זענט א מענטש מיט טאַלענט, אָבער מיט אן אומדאַנקבאַרער אויסערלעכקייט

— וועט מיר אויסקומען אייך צו אַנטוישן אין מיינע טאַלענטן אויפן חשבון פון מיין וווּקס! אפשר וועלן מיר זיך אויסגלייכן!

מיר זענען אַריין אין „קאַבינעט“ — צוויי צעבראָכענע שטולן

הינטער דער קאַסע. באַלד איז צוגעקומען דער הויפּט־רעזשיסער מיכאַיל גיקאָלאַיעוויטש לאַווריגאָוויטש...

נאָך איידער ער האָט מיר דערלאַנגט זיין האַנט הער איך דעם זעלביקן פּזמון: „גאָרנישט קיין פּאַרזעניש“. איך האָב עמעצן צו פאַר־דאַנקען אָט די העכסט אָנגענעמע אויפנאַמע, ווייל נאָר דערוואַרטנדיק אַ פּאַרזעניש, האָבן זיי ביידע געקאָנט מיך מקבל פּנים זיין מיט אַזאַ התפּעלות פאַר מיין אויסערלעכקייט... איז גם זו לטובה!

און איצט האָב איך געהאַט איבערצוקומען אַ שווער פערטל שעה. אויף דער פראַגע: אין וועלכער פּיעסע האָב איך בדעה זיך צו באַווייזן פאַרן עולם, האָב איך גישט טראַכטנדיק געענטפערט: „אַקאָסטאַ!“

ביידע זענען געבליבן ווי געטראָפן מיט אַ קישן (איך זאָג נישט: „מיט אַ שטיין“!) אין קאָפּ.

— מיר האָבן שוין געהאַט אַ שווארצן סוף מיט דער קלאַסיק — זאָגט לאַווריגאָוויטש נאָך אַ לאַנגער פּויזע — זאָלט איר שוין אַזוי גוט זיין אונדז פון דער דאָזיקער בייזער קרענק באַפרייען.

דער דירעקטאָר האָט צוגעגעבן:

— איר האָרפּט געדענקען, אַז וויטעבסק איז איין נאָכט רייזע פון פּעטערבורג. מיר האָבן דאָ כסדר גאַסטראָליאָרן: דאַלסקי, סאַמאָילאָוו, די אָדעלהייימס, אָרלעניעוו... עס וואָלט געווען פּשוט אַן אומזין, בעת מיר דאַרפן ראַטעווען דעם סעזאָן נאָכן הורבּאַל מיט איין אַקטיאָר, אַרויסלאָזן דעם צווייטן צו אַ פאַרמעסט מיט אַזעלכע גיגאַנטן. לייגט פאַר עפּעס פון מאָדערנעם רעפּערטואַר, אַ נישט געשפּילטע זאַך, און לאָמיר אויסמיידן ריזיקאַלע גענג... וואָס קאָנט איר נ אָ ד אָנרופן?

— „קין“!

— „וואָס ווייטער אין וואַלד, אַלץ מערער געהילץ“ — האָט זיך יסטיק צעלאַכט לאַווריגאָוויטש — נו, און נאָך?

— „די צרה פון שכל“!

— אַלץ — פערזן! און פּשוט רעדן, ווי לעבעדיקע מענטשן, קאָנט איר נישט?

— רייטשקאָוום — „שלענגל“.

ביידע זענען ווי באַגאָסן געוואָרן מיט שטראַלן פון דער פרימאָרגן־זון.

— אָט דאָס איז סחורה! בראַוואָ! זונטיק — „דאָס שלענגל“! מירן אַרויסלאָזן אַ טאָפּלטן אַפיש: „צום ערשטן אויפטריט פונעם גיי־אַנגאַ־זשירטן“... ווי רופט איר זיך?

— אבראם װעניאמינאָװיטש!

— „פּונעם ניי־אנגאַזשירטן א. װ. מאָרעװסקי“. בראװאָ! די סיטו־אַציע איז פּולקום געראטעװעט! די פּאָזיציע געזיכערט! די שלאַכט געװו־נען! דער זיג דערגרייכט! דאָס האָט מיט אמתן פּאַטאָס אַרױסדעקלאַ־מירט לאַװרינאָװיטש, הגם געװען איז ער א קאָמיקער — און עטלעכע מאָל מיך געקלאַפּט איבערן דער פּלייצע — װאָס מאַכט איר א זױערן פּנים?

— דאָס איז, פאַרשטייט זיך, אייער זאַך — זאָג איך צו זיי — און איר װעט טאָן אַזוי װי איר געפינט פאַר נױטיק. אָבער איך װיל אייך װאָ־רענען: אין „שלעגגל“ װעט איר האָבן צו באַװייזן אַז אַקטיאָר, װאָס איז װערט נישט איין רובל מער, װי ער קריגט ביי אייך געהאַלט.

— און אין „אַקאַסטאַ“ װעט איר דערשיטערן װיטעבסק אַז מען װעט פאַרגעסן סאַמאָילאָװן, װעלכער האָט מיט דריי װאָכן צוריק גע־שפּילט דריי ספּעקטאַקלען און „אוריאַלן“ ביי צװיי אַנשלאַגן?

— איך האָב נישט קיין כוונה צו מאַכן פאַרגעסן סאַמאָילאָװן... איך קאָן העכסטנס מאַכן, אַז מען זאָל דערמאָנען „אַקאַסטאַ“. און איך ראַט אייך קאַטעגאָריש מיך אַרױסלאָזן אין „אַקאָסטאַ“. מיין װוּנטש װעל איך באַרעכטיקן לכל הדעות, און אפשר װעלן מיר עפּעס געװינען?

— איך װיל איר זאָלט זיין צופרידן — האָט זיך ענדלעך אָפּגערופן לאַװרינאָװיטש — און מיר װעלן אייך אַרױסלאָזן אין „אַקאָסטאַ“ פרייטיק צו צוטריטלעכע פּרייזן אָן אַ ספּעציעלן אַפּיש, ס׳הייסט אָן אייער נאָמען אויפן אַפּיש. און זונטיק אין „שלעגגל“ מיטן גאַנצן פּאַראַד.

מיטװאָך, קומענדיק צו דער פּראָבע, האָב איך דערזען װי דער צװייטער רעזשיסער, אַפּאָללאָנאָװ, שרייבט דעם פּלאַקאַט, כדי אים אָפּ־צושיקן אין דרוקעריי, איך האָב איבערגעלייענט: „פרייטיק דעם 5 דעצעמבער ביי צוטריטלעכע פּרייזן פון 20 קאָפּיקעס ביז 2 רובל (איך גאַראַנטיר נישט גענוי פאַר די ציפערן) װעט געגעבן װערן“ א. א. װ.

איך האָב געפרעגט דעם רעזשיסער צי קאָן ער דערלויבן, אַז דאָס ייִנגל, װאָס דאַרף אױסקלאָגן דעם פּלאַקאַט, זאָל װאַרטן ביז מיר װעלן דורכגיין דעם ערשטן אַקט, װייל איך װיל אָנשרייבן א פּאָסטקאַרטל, און אָפּהאַלטן דעם אָנהויב פון דער פּראָבע װאָלט איך נישט געװאָלט. דער רעזשיסער איז מסכים געװען און, אָפּגעבנדיק דעם שליח דעם אָנ־געשריבענעם פּלאַקאַט, האָט ער אים געהייסן װאַרטן ביזן סוף פון ערשטן אַקט. די פּראָבע האָט זיך אָנגעהויבן. געפירט האָט מען זי אין האַלבע

טענער ווי פאַר אַ „צוטריטלעכן“ ספּעקטאַקל. איך בין אַרויס און אָנגעהויבן „אורואַלס“ טעקסט מיטן אינהאַלט פון מיין האַרצן און פאַרליבטקייט אין יעדן אות און קלאַנג, אַזוי ווי איך האָב עס שוין נישט איינמאָל געשילדערט און אַזוי ווי אין מיין געמיט איז עס פאַרבליבן צייט דער גאַנצער באַשריבענער פּראָבע מיט מאַמאָנט דאַלסקי.

אַז דער אַקט האָט זיך געענדיקט, האָט דער רעזשיסער צוגערופן דאָס שיק יינגל, צוגענומען ביי אים דעם אָנגעשריבענעם פּלאַקאַט און אוועק צום דירעקטאָר. ער האָט זיך אומגעקערט צוזאַמען מיט קאַווריגאַוויטשן און זיך אַוועקגעזעצט שרייבן א נייעם פּלאַקאַט: „מיטן אַנטייל פון דעם ניי־אַנגאַזשירטן אַרטיסט א. וו. מאַרעווסקי די קלאַסישע טראַגעדיע“ א. א. וו.

אויף מאָרגן, דאָנערשטיק, — דאָס הייסט: ערב דער פאָרשטעלונג — האָט דער אַרטיסט גרעטשין געמאָלדן, אַז ער קאָן נישט אויסלערנען אין 2 טעג אַזאַ טעקסט ווי „דע־סילוואַ“. אַז דאָ שטעקט אן אינטריגע איז נישט געווען קיין שום ספק. אויף דער פאַרצווייפלטער מעלדונג פון דער דירעקציע, אַז קיין אויסוועג איז נישטאָ, די פאָרשטעלונג מוז ווערן אָפּגערופן, האָב איך געמאָלדן, אז די פאָרשטעלונג וועט גיין, אויב אפילו איך וועל אַליין אין פּראַק האַרפן לייענען די פּיעסע פון אַ ביז ת.

אָבער א יונגער אַקטיאָר — טרעגין — האָט אויף מיין פאָרשלאַג זיך אונטערגענומען אונטער מיין אויפזיכט צו מאַכן „דע־סילוואַן“ אין 2 טעג מיט א נאַכט...

איך וועל גאָרנישט דערציילן וועגן דער פאָרשטעלונג... מיינע פּאַרטנערן האָב איך געזאָגט, אַז איך שפּיל די ראָלע שוין זייט יאָרן (איך האָב זי מיט א יאָר 10 צוריק איינשטודירט, אָבער געשפּילט צום ערשטן מאָל).

זונטיק איז געגאַנגען „דאָס שלעגגל“ און קלאָר, אַז די רעפּוטאַציע, וואָס איך האָב סיי ביי די אַקטיאָרן אין טעאַטער, סיי אין שטאָט געוווּנען נאָך „אקאָסטאַ“ — האָב איך אין דיישקאָווס קאָמעדיע נישט געקאָנט באַפעסטיקן, אָבער צום נאָענטן „צוטריטלעכן“ איז געגעבן געוואָרן — „קין“.

דאָ האָב איך ווידער געפייערט א הילכיקן טריומף. אָבער דערציילן מוז איך נישט וועגן דער „קונסט“, נייערט וועגן די „שאַטנזייטן“.

די מעשה מיטן „גרויסן טאַלאַנט ביי אן איבערלעבקייט פון א



„קין“, „אַקאָסטא“ (V אַקט), „פֿאַוסט“

פאַרזעעניש“ און גרעטשישנס אָפּזאָג צו שפּילן „רע-סילוואַן“ האָבן באַװיזן, אַז קענען מיר װעט זיך װעבן א נעץ פון כסדרדיקע אינטריגעס... פאַרפאַלן! — „װער פאַר װעלף האָט מורא, זאָל אין װאַלד נישט גיין“ — זאָגט אַן אַלט רוסיש װערטל“.

אין „קין“ װערט אין לעצטן אַקט געגעבן א סצענע פון א שעקספּיר-װערק (לויט דיומאַס — „ראָמעאָ“, אָבער אָפטער שפּילן אַקטיאָרן אַ סצענע פון „האַמלעט“).

דאָס פלעגט לויט דער טראַדיציע באַצייכנט װערן אויפן פלאַקאַט מיט א צושריפט: די ראָלע פון „האַמלעט װעט אויספירן און דאָ איז געקומען דער נאָמען פון „קין“-שפּילער. אין װיטעבסק איז אַרויס דער פלאַקאַט װי געװיינלעך, אָבער... „די ראָלע פון „האַמלעט“ װעט אויספירן — ראָבראָװאָלסקי“ (איך בעט נישט פאַרמישן מיין אַמאָליקן ליבלינג פון װילנע).

די מעשה איז, װאָס דאָס איז געװען א יונגער אַקטיאָר... װעגן זיינע „טאַלאַנטן“ װעלן מיר זיך דאָ נישט צעשפּרייטן, אָבער ער איז געװען א בן-בית ביים גובערנאַטאָר און איז נושא חן געװען ביי די דאַמען פון דריי דורות אין גובערנאַטאָרס משפּחה. טאָ גייט קריגט זיך מיט אים איבער דעם, װאָס דער „בעזגראַמאָטנער“ (אַנאַלפאַבעטישער) זעצער אין דרוק (אַזוי האָט געמאָלדן דער הויפּט-רעזשיסער אויף דער אָנפראַגע, צי האָט ער צוגעלייגט זיין האַנט צום „דרוקפעלער“) האָט דאָרט עפּעס אָנגעפּלאָנטערט. עס איז נאָך נישט צייט צו פאַרנעמען דעם לייענער מיט די פראַגן פון נידערטרעכטיקייט אין דער פּראַקטיק פון טעאַטער. דאָ זאָל נאָר געזאָגט װערן, אַז אין דער קעל ביי ערלעכע מענטשן שטייט אָפט אַ קנויל פון נישט אַראָפּגעשלונגענעם פאַרדראָס, װאָס מען מוז אַפּטרעטן פאַר דער העסלעכקייט, אָדער פּשוט זיין א סקאַנדאַליסט... שלינגט מען בלית ברירה דעם פאַרדראָס און מען האַסט זיך אַליין, און דאָס לעבן איז נישט ליב.

איך האָב מיר יענעם אָװנט געזאָגט, אַז קיין שום זאַך אויסער דעם טעקסט און דער געשטאַלט פון „עדמאָנד קין“ גייט מיך נישט אָן. היינט מוז איך שפּילן! מאָרגן װעל איך זוכן — „סאַטיספאַקציעס“.

האָט גאָט געמאַכט, אַז נאָכן צװייטן אַקט (װען קין דערציילט פאַר אַננאַ דעמבי װעגן דעם, װו אָ ס ער שטייט אוים אין טעאַטער פון זיינע שונאים) האָט דער גובערנאַטאָר אין זיין לאָזשע שטייענדיק אַפּלאָדירט און, זיך אַריבערבויגנדיק איבערן באַריער, גערופן מיין נאָמען.

איך האָב אין וויטעבסק געשפּילט טשאַצקין. איבערגעחזרט דעם ספּעקטאַקל האָט מען זונטיק בייטאָג. די אָוונטן שבת און זונטיק איז דער טעאַטער געווען פאַרדונגען פאַר אַ גרופּע פון פּעטערבורגער אָפּערן־זינגער, וואָס האָבן געגעבן „יעווגעני אָניעגין" און „די פּיק־דאַמע"... נאָך דער פאָרשטעלונג פון „די צרה פון שכל" זענען צו מיר אין גאַרדעראָבע אַריין עטלעכע פון די פּעטערבורגער געסט מיט טענות וואָס איך זיץ אין וויטעבסק, בעת אויף דער פּעטערבורגער בינע איז אַזאַ „טשאַצקי" נישטאָ. איך האָב אויסגעהערט די קאָמפּלימענטן און געשמייכלט אַ גליקלעכער.

— וואָס לאַכט איר צו אַלדי שוואַרצע יאָר? — האָט זיך צעשריגן אַ באַס מיט אַ כמורן פּנים — מען דאַרף אייך שלאָגן פאַר אַזאַ באַציונג צו זיך און צום עולם. וואָס שיט איר פּערל פאַר חזירים?

— דער עולם איז אין ערגעץ נישט קיין חזירים — האָב איך זיך אָפּגערופן. און אין פּעטערבורג האָב איך נישט קיין פּראַוואָזשיטעלסטוואָ.

איינער פון דער חברה — מסתמא, אַ משומד — האָט צוגעזשמירעט אַן אויג און אויסגעשטעלט אַן אויער. דער באַס האָט אויפגעהערט אויסגעשריגן:

— גייט צום טייוול מיט אייערע פוילע וויצן, „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ". קיין קליגערן תירוץ האָט איר נישט געקאָנט צוטראַכטן? משמעות, אַז דאָ שטעקט אַ ספּאָדניצע, וועלכע האַלט אים בעסט ביים... ספּאָדעק ער האָט אַנדערש געזאָגט, אָבער דערציילן עס קאָן איך נישט.

אין וויטעבסק, קורץ פאַרן פאַרלאָזן די שטאָט, האָב איך איבערגעלעבט אַן עפּיזאָד, וואָס האָט אויף מיר געמאַכט אַ טיפן רושם, אָבער איך האָב ד ע מ ל ט נאָך נישט אָפּגעשאַצט זיין טיפקייט און באַדייט.

צו מיר איז געקומען אַ גרופּע סטודענטן און האָט מיר פאָרגעלייגט זיך צו באַטייליקן אין אַ קאָנצערט, וואָס ווערט איינגעאָרדנט אין איינעם פון די שענסטע זאַלן. איך האָב איינגעשטימט. צו דער אָפּגערעדטער שעה איז צוגעפאָרן אַ פאַרמאַכטע קאַרעטע און איך בין אין פראַק, אין ווייסן זשילעט — אין דער געהעריקער „אַמוניציע" געקומען צום קאָנצערט. דער פּראָגראַם האָט זיך שוין אָנגעהויבן, מען האָט מיר פאָרגעלייגט דערווייל אַרייגגיין אין בופעט. איך האָב געמאָלדן, אַז ביזן אויפטריט וויל איך בלייבן ווי ווייט מעגלעך איזאָלירט. מען איז מיר אַנטקעגנגעקומען, הגם איך האָב געפילט, אַז מיין פאַרלאַנג איז אויפגענומען

געוואָרן מיט אַ געווייסן „בייגעשמאַק“, ווי אַ גרינגשעצונג צו די באַלעבאַטים... דאָס האָט מיר וויי געטאָן, אָבער איך האָב עס געמוזט אַראָפּשלינגען בלית ברירה, ווייל מיין קאָנצענטראַציע האָט געהערט דעם אויפטריט און דעם ע ו ל ם.

אין עולם איז געווען דער באַוווסטער ציוניסטישער מיעך דאָקטאָר ב ר ו ק. ער איז אַריין צו מיר, אָנגעטאָן אין אוניפאָרם פון אַ מיליטערישן דאָקטאָר אין ראַנג פון אַ פּאָלקאָווניק. איך האָב זיך פאַרנויגט און געבעטן מיר שענקען זיין אויפמערקזאַמקייט נ אָ ך מ יי ן א ו י ף ט ר י ט...

אַזוינס האָט מען ביז האַן נאָך פון קיינעם נישט געהערט און נישט געזען. אין די אויבערשטע ספערן פון יענעם אָוונט איז מיין קאָרט געווען פאַרשפּילט: „ער קאַרטשעט פון זיך עפּעס אַ מין שאַליאַפּין אָדער קאַטשאַלאָוו“, האָט נישט קיין געפיל פון וואָג און מאָס: ב ר ו ק ן הייסט ער קומען שפּעטער!

ס'איז אָנגעקומען מיין אויפטריט. שוין נאָכן ערשטן נומער (ניעקראַסאָוו) האָט דער עולם אַפּלאָדירט מיט היץ. נאָכן צווייטן (גאָרקיס „דער שטורעמפויגל“) האָט עס שוין אויסגעזען ווי אַ שטיקל „אָוואַציע“; וועלכע איז נאָך פּושקינס „א דערטרונקענער“ געוואָרן שטורמיש... איך בין אַרויס אַ 2—3 מאָל — אָן ספק מיט צעפלאַמטע אויגן און אַ צעוואַרעמטע האַרץ. אַראָפּגייענדיק האָב איך דערזען אין דער קוליסע דעם דאָקטאָר ברוק מיט אויסגעשטרעקטע הענט. איך האָב דערפילט ווי שטייט ער דריקט מיין האַנט, אָבער רעאַגירן האָב איך גיש געקאָנט: דער זאַל האָט נאָך נישט אויפגעהערט צו שטורעמען, איך האָב נאָר א י ם געהערט. אַרויס צום עולם און, שטייענדיק אין האָל פון זיין פלאַמיקער התפּעלות, האָב איך, נישט טראַכטנדיק מיט איין מינוט צוריק, אַז ס'וועט אַזוינס געשען, אָנגעהויבן נאַדסאָנס ליד:

איך בין געוואַקסן פרעמד צו דיר, גערודפט פאָלק,
און נישט צו דיר געזונגען האָב איך אויף מיין לירע.
פון פיין, פאַרביטערטקייט און ספקות איז דיין עול
מיר פרעמד ווי פרעמד עס איז דיין תורה.

און ווי פאַרצייטנס ווען די שייגעסט אין רום און מאַכט,
און ווען די גאַנצע וועלט נישט רודפט דיך, נישט שילט,

מאָטיוון אַנדערע מיין סטרונע וואָלט געבראַכט
און ס׳וואָלט מיין גרוס דאָ נישט געהילכט.

גאָר היינט צו טאָג, ווען דו ביסט פון רדיפות מיד;
ווען דיין געשטאַלט פאַרטרויערט איז, אָן הילף געבויגן,
אַ חרם־רוף עס איז דער בלויזער נאָמען: „ייד“,
פאַרבלענדט מיט האַס מיליאָנען אויגן;

ווען דיינע שונאים רייסן שטיקערווייס דיין גוף,
צו שאַנד און שפּאָט אויף יעדן שריט דיך מאַכן,
איך בין מיט דיר צום העלדנקאַמף ביים רוף,
אָ, פאָלק אויף בלוט־פאַרפּלייצטע שליאַכן!

דאָקטאָר ברוק האָט מיך אין דער קוליסע צוגעדריקט צו זיין ברוסט. אַרום יענען געשטאַנען צענדליקער מענער און דאַמען. איך האָב געהערט זיי אַלעמען, איך האָב נישט דערנעענטערט זיך צו קיין איינעם פון זיי. איך בין אין דער קאַרעט אַוועק צו זיך אין איינזאַמקייט.

אין פינף יאָר אַרום, בעת איך האָב אין ווילנער צירק נאָך הירש־ביינס „דער לעצטער ייד“ איבערגעלעבט מיין באַהעפטונג מיטן יידישן טעאַטער־עולם (מוצאי ראש־השנה תרע״ט), האָב איך זיך דערמאָנט אין יענעם ווײַטעבסקער קאָנצערט און כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז יענעם אָוונט האָט דער ייד — דער אַקטיאָר צום ערשטן מאָל געאָטעמט — אָן די גענדזנפּיסלעך אויף „אַקטיאָר“ מצד אַקטיאָרן און אויף „ייד“ — מצד דעם עולם. דאָ האָט פריי אַ שעה געאָטעמט — אַ ייד — אַן אַקטיאָר.

אין טעאַטער האָבן אַלע אָן אויסנאַם אָנגענומען מיין נאָמען־ליד, ווי אַ „קלוג געגנגל“ („ער ווייס וואָס און ווו“)... קיין שפור דערפון איז אין מיין אויפפירונג נישט געווען! און דעם דאָקטאָר ברוק האָב איך מער נישט געזען.

מיר האָבן אין וויטעבסק געשפּילט צוויי פּיעסן, אין וועלכע איך האָב באַוויזן געשטאַלטן פון יידישן לעבן. איינע — פון דער דערמאָנטער זיי־ער פּאָפּולערער שריפטשטעלערין סאָפיאַ ווערביצקאַיאַס דראַמע: „די שליסלען פון גליק“. איך האָב געשפּילט די הויפּט־ראָלע — עפּעס

אַ ייִדישן „אינטעליגענט“ מיט אַ שוואַרצער באָרד. דאָס איז געווען איינע פון די אָפּטע אָפּקומעניש אין סעזאָן. די ראָלע האָב איך נישט געקאָנט און „געשוווּמען אָן אַ רודער, אָן אַזעגל“... די צווייטע פּיעסע איז געווען אַ שוידער — פון אַן אַנדער מין. דער מחבר איז געווען אַ מקורב — שיעור נישט פאַרזעלבער סעקרעטאַר — פון לעוו טאָלסטאָי. געריפן האָט ער זיך: טענעראָמאָ. און אָט דער טענעראָמאָ האָט אָנגעשריבן אַ דראַמע וועגן... אַ ב אָ ר ט — נישט מער און נישט ווייניקער. אַ פרוי וויל פטור ווערן פון שוואַנגערשאַפט, אַ דאָקטאָר קומט איר צו הילף און זי... שטאַרבט פון דער אָפּעראַציע. קומט איר מאַן צום דאָקטאָר און שיט פעך און שוועבל אויפן קאָפּ פון די קאַריעריסטן, וואָס צוליב זייער אייגננוץ זענען פאַרבליבן פיצעלעך יתומים אויף גאָטס וועלט... טענעראָמאָ האָט זיין ווערק אַ נאָמען געגעבן: „קלאַראַ שטיינבערג“. אָבער מיין לאַווריניאָוויטש האָט דעם נאָמען געענדערט. ראשית, ווייל איך האָב זיך גערופן „שטיינבערג“ אין ווערביצקאַיאַס צווייפלהאַפטן מייסטערווערק, והשנית — ווייל מיין הויפּט־רעזשיסער האָט מיט רעכט באַשלאָסן, אַז אויב שוין יאָ „אַבאָרט“, דאַרף מען עס דעם עולם זאָגן קלאָר, אויפן אַפיש. גערעדט און געטאָן: דער אַפיש האָט אָנגעקינדיקט, אַז מען שפּילט „אַ קרבן פון אַבאָרט“... אַלע בילעטן זענען געווען אויספאַרקויפט. אָבער מיר איז אויסגעפאַלן אַ בייפאַל, ווי דער קרבן פון דאָקטאָרס נידערטרעכטיקייט וואָלט געווען נישט מיין אומגליקלעכע פרוי, נאָר איך אַליין. דער סעקרעט פון מיין דערפאָלג איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס, נישט געפינענדיק קיין שום אינהאַלט אין דער ראָלע פון פאַראומגליקטן פאָטער פון די פאַרבליבענע יתומים, האָב איך די ראָלע געשפּילט מיט אַ שטאַרקער באַפאַרבונג פון ייִדישן שטייגער. מיין מאָנאָלאָג האָט אויף שטיינבערגס ליפּן געקלונגען נישט אַזוי ווי אַ שטורמישער פּראָטעסט קעגן קאַריעריסטן, נאָר קודם — ווי אַ שאַרפער אויסדריק פון אַבילות איבערן נאָך נישט אָפּגעקילטן גוף פון דער פאַרשניטענער יונגער מאַמען. דאָס איז געווען, פאַרשטייט זיך, מעלאָדראַמע פון בילִיקסטן סאָרט, אָבער לכל הדעות — בילדלעך. און דער ייִדישער צושויער האָט ממש „געלעקט די פינגער“. איך בין געוואָרן אַ „ליבלינג“ ביים וויטעבסקער עולם, אָבער געניסן די פּירות פון פאַרזייטן „וויינגאַרטן“ האָב איך נישט באַוויזן.

דעם 1־טן יאַנואַר 1914 איז די טרופּע אַריבערגעפאָרן פון וויטעבסק קיין דווינסק און דעם סעזאָן דאָרט פאַרענדיקט סוף פעברואַר.

אין הווינסק האָב איך צו פֿאַרצייכענען אַ ריי דאַמעס פֿון שווישפּילערישן ווקס: איך האָב האָרמאָן געשפּילט געמעס ,,פֿאַאוסט" און פֿאַרגאַמירט אַ גרויסן דערפֿאָלג אין וויקטאָר הוגאָס ,,גאָמר דאַם", שפּילנדיק דעם גלח קלאָד. דאָס שטיק האָט געהייסן אויפֿן פּלאַקאַט: ,,פֿיר מינים ליבשאַפֿט".

איך בין צוגעגאַנגען צו דער הורכוים געגאַטיווער געשטאַלט דורך דער פּריזמע פֿון זיין אָפּגעשטויסענער ליבע. ,,אידעאָלאָגיש" טאָר מען אַזוי נישט ,,אַנטשיידן די אויפֿגאַבע": אין דער געשטאַלט פֿון ,,קלאָד" וואָלט מען געמוזט אויפֿדעקן די פֿינצטערקייט פֿון קלער און באַווייזן — דעם ,,שוואַרצן כאַראַקטער". אָבער מיין שיטה איז געווען און פֿאַרבליבן, אַז אַ קינסטלער איז בשום אופֿן נישט קיין קטיגור: דער מאָדוס ביים קינסט-לער איז — ,,הס, קטיגור וקח סניגור מקומו". קלאָד ליבט עסמעראַלדען און זי שטויסט אים אָפּ, און איך האָב באַוויזן די ליידן פֿון אָפּגעשטויסטן האַרצן און דערפֿירט דעם צושויער צום מיטגעפֿיל פֿאַר קלאָדן אַפֿילו אין דער סצענע, ווען עסמעראַלדע ווערט געפֿירט צום עשאַפֿאָט און ער גייט אין דער פּראָצעסיע... דאָס איז די טראַגעדיע פֿון אָפּגעשטויסנקייט!

די חדשים אין הווינסק האָבן אָבער איבערגעלאָזט טיפֿע שפּורן נישט צוליב די טעאַטראַלישע מאָמענטן אַליין.

קודם — דאָס באַגייסטע פֿאַמיליען-לעבן! מיר האָבן נאָך דער התונה געלעבט ביזן ,,ברוך" זיבן יאָר. פֿון ,,ווידערבונד" ביזן ענדגילטיקן צע-שיידן זיך איז אַוועק נאָך דרייצן. דעם חילוק צווישן די ביידע פּע-ריאָדן פֿון מיין פֿאַמיליע-לעבן האָב איך אין פֿולער טיפֿקייט פֿאַרשטאַ-נען, ווען איך בין אַלט געוואָרן 50 יאָר... צו די מענטשן און ווערטן פֿון מיינע קינדער-יאָרן און יוגנט-יאָרן האָב איך היינט אַבסאָלוט די זעלבי-קע באַציונג ווי מיט 55 און 60 יאָר צוריק. איך האָב זיך אין קיינעם און אין קיין זאַך נישט אַנטוישט: איך טראָג אין האַרצן און אין געמיט די זעלביקע צערטלעכקייט, וואָס איך האָב געטראָגן אַלס קינד און יונגלינג. אָבער היינט ווייס איך, אַז שוין אין הווינסק זענען מיר נישט געווען די ,,עהע-פּאַאַר", וואָס איז דעם ערשטן דעצעמבער 1905 געפֿאָרן דורך אינס-טערבורג און טילזיט קיין בערלין.

איך האָב געפּרוווט זיך עפּעס דערוויסן, געהאַט געשטעלט אַ פּאָר פֿראַגעס, דערהערט, אַז איך וועל וויסן ,,אַלץ, אַלץ", אָבער — ,,נישט היינט. נישט איצט, ווען עס איז" און — מער זיך צו מיינע פֿראַגן נישט אומגעקערט... נישט אומגעקערט דורך ו ע ר ט ע ר! אָבער אין די נשמות געטראָגן שווערע שטיינער. און דאָס — נ י ש ט אויס ,,אייפֿער-

זוכט"! די שטיינער האָבן זיך געזאַמלט צוליב נישט קאָנען פעסטשטעלן,
צי איז די געשיכטע מיטן אַוועקפאָרן פון מינסק „נישט אַליין" געווען
בלויז אַ מיטל מיך צו באַרואיקן, אָדער צווישן אונדזער „נעכטן" און
„מאָרגן" שטייט אַ שאָטן??

אין דווינסק האָב איך דערוואָרבן אַ סך פריינד, פאַרערער, „חסי=
דים". אויפן ערשטן ספּעקטאַקל — „די צרה פון שׂכל" — האָט זיך גע=
מאָלדן אין גאַרדעראָבע מיין יוגנט=פריינד מאַקס רובין — פון דער חברה
אַמאַטאָרן, וועלכע האָבן מיך אַמאָל נישט דערלאָזט זיך באַטייליקן אין
זייער פאָרשטעלונג אויף דאַטשע. דער אַלטער טעאַטראַל איז געקומען
צום ערשטן ספּעקטאַקל, נישט וויסנדיק, אַז איך בין שוין דערקראָכן אַזש
ביז „טשאַציקין" און באמת גרויס איז ביי אונדז ביידן געווען די גדולה
און פרייד. די אַפּלאָדיסמענטן צום סוף האָבן דערגרייכט „ביזן הימל"
און דער עולם איז אַרויס און צעטראָגן איבער דער שטאָט, אַז אַזאַ טרו=
פּע האָט נאָך דווינסק נישט געהאַט און נישט געזען. און אַ סך זאָל דאָ
אַנטדעקט ווערן: געהעריקע רעקלאַמע האַלט זיך אין טעאַטער אויף —
ג ו ז מ א און גוזמא איז א יש, אויב זי שפּראָצט פון אויפריכטיקער,
נישט געקינצלטער התפּעלות. אין דווינסק די קנאַפּע צוויי חדשים האָט
אונדז דער עולם ממש „געטראָגן אויף די הענט". די געגנלעך און אינ=
פּריגעלעך קעגן מיר מצד אַ טייל קאָלעגן האָבן נאָך „קין" אין וויטעבסק
אויפגעהערט. דאָבראָוואָלסקי האָט אין דווינסק נעבעך נישט געהאַט דעם
גובערנאַטאָרס משפּחה (דווינסק איז געווען איינגעגלידערט אין וויטעבסקער
גובערניע) און האָט אויפגעגעבן זיין פריערדיקע באַשטרעבונג צו זיין דער
„פּרעמיער". איינמאָל האָט זיך אָפּגעשפּילט אַן עפּיזאָד, וואָס האָט ענד=
גילטיק אויסגעוואָרצלט זיין פאַררויסנקייט.

אין אַ פרעכטיקן ווינטער=טאָג זענען מיר זאַלבעדריט אַרויס פון טע=
אַטער: אונדזער פרעמיערשע קאַלאַסאָווא, איך און דאָבראָוואָלסקי. מיר
האָבן געהאַט בדעה צו פאָרן אין שטאָט. ביים טעאַטער איז אָבער געשטאַ=
נען נישט מער ווי איין שליטן. אונדזער דאַמע האָט זיך אַריינגעזעצט און
אויסגעשטרעקט די האַנט, איינלאַדנדיק צו זעצן זיך נעבן איר. אָבער אין
שליטן איז פאַרבליבן נאָר איין פּלאַץ... איך בין געווען אי עלטער ווי דאָב=
ראָוואָלסקי אי מער אָנגעזעען לויטן גאַנצן גאַנג פון דער טעאַטער=אַרבעט
און עס איז געווען אויסער יעדן ספק, אַז אַריינזעצן זיך אין שליטן דאַרף
איך... אָבער לאָזן אים שטיין און אַוועקפאָרן וואָלט געהייסן אונטער=
שטרייכן, אַז ער איז ווייניקער „יחסן". דער יונג וואָלט עס „נישט אויס=

געהאַלטן": צו אָרעם אין גײסט און װירדע איז ער געװען, נאָך א מינוט אױסװאַרטן האָב איך אים פאָרגעלײגט פאַרנעמען דעם אָרט אין שליטן... די דאַמע האָט אָנגעהױבן פּראָטעסטירן: „ער װעט באַלד קריגן א צװײטן שליטן! פאַרװאָס זאָלט איר בלײבן װאַרטן אָדער גײן צופוס?".

— איך װעל נישט װאַרטן און נישט גײן צופוס — זאָג איך — זעצט אײך אַרײן, ס'איז קאַלט.

ער האָט זיך אַרײנגעזעצט אין שליטן און איך האָט זיך פאַרקליבן צום פורמאַן, האָב אים אַרומגענומען און — הײדאַ!

איבער דער הױפּט־גאַס האָבן זיך דורכגײער פאַרקוקט אױף די דרײ אַקטיאָרן, װאָס פליען אױף אַזאַ אָריגינעלן אופן איבערן שנײ־טעפּיך.

דאָבראָװאָלסקי איז פון יענעם פאַל געװאָרן מײן „בעסטער פרײַנד" און בײ יעדער געלעגנהײט געטענהט, אַז איך בין דער סאַמע אינטעליגענטער מענטש אין דער טרופּע. איך װאָלט געקאָנט שילדערן נאָך אײניקע פון די כאַראַקטעריסטישע פיגורן אין אַנסאַמבל. געװען דאָניעצקי, אַ דאָנער קאָזאַק, מיט צװײ קעפּ העכער פון מיר. פון דער ערשטער פּראָבע „אַקאָסטאַ" האָט ער געזוכט מיך צו איבערצײגן, אַז נעבן זײן װוקס און שטים־בענדער קאָן איך נישט פּרעטענדירן צו געװינען אָנזען בײם עולם... מיטן לױף פון די טעג האָט ער אָנגעהױבן זיך צוקוקן צו מיר אַלץ מער און אָפּטער און נאָך אַ סצענע אין „צרה פון שכל", האָט ער מיר אין גאַנצע אױסגעשטרעקט די האַנט: „האָסט נישט מײנע אױסערלעכע גאָבן, אָבער אַז דו ביסט אַן אַקטיאָר, קאָן קײנער נישט לײקענען".

דער שױן דערמאָנטער רעזשיסער אַפּאָלאַנאָװ איז געװען אַ מענטש פון אַ יאָר עטלעכע און דרײסיק מיט א שײנעם קאָפּ, מיט א געװיסער קולטור און בילדונג, אָבער — אַ שיכור און אײנער פון יענע אומגליקלעכע קרבנות פון זײער לײדנשאַפטלעכן דראַנג צו דער בינע, װעלכע האָבן זיך איבערצײגט, אַז זײער באַגאַבונג איז אין דיספּראָפּאָרץ מיט דער שטרעבונג. מענטשן טאַלאַנטלאָזע, טעמפּע, באַגרענעצטע פילן נישט זײער קאַליזיע אין זיצן אין רײטװאָגן מיט אױפגעהױבענע קעפּ אין דער איבערצײגונג, אַז זײ זענען „קינסטלער". אַזעלכע זענען פּשוט — אָפּשטױסנדיקע טיפּשים און אָפּט — געפערלעכע עלעמענטן אין דער פּראַקטיק פון טעאַטער. אַפּאָלאָנאָװ האָט געהערט צו אַ גאַנץ אַנדער מין: דאָס זענען מענטשן, װאָס טראָגן אױף זײערע געמיטער דעם גיפט פון ביטערער אַנטױשונג. כל זמן זײ האָבן אַרום זיך מיטלמעסיקײטן, גײען זײ אין שפּאַן פון טאָג־טעגלעכן קיום און קװיקן זיך מיטן קיצלדיקן באַװוסטזײן, אַז אַנ־

דערע זענען טאַלאַנטלאָזער ווי זיי... אָבער ווי נאָר אין טעאַטער גיט אַ בלײַן אַ פונק פון „feu sacré" — (פון הייליקן פײַערל), נעמט זיי אַרום דער ווייטיק פון שאַרפער בענקשאַפט נאָכן פאַרלוירענעם אידעאַל און אַ ביטערע אַנטוישונג אין זייערע כוחות — דאָס איז אַ מוראַדיקער ריס אין האַרצן!

אַפּאָלאָנאָוו האָט עס געטראָגן אויף זײַן צעפּלאָגטן געמיט און איין מיטל קענען די יסורים איז געווען — דער כוס!

ער איז אין ניכטערן צושטאַנד געווען אַ ליבער רוסישער אינטעליגענט מיט אַ צוובערהאַפטן שמייכל אויפן שיינעם פנים, אָבער נאָך דריי קעלישקעס בראָנפן פלעגט ער ווערן — געפערלעך, פּעיק אויף די ווילדסטע אויסברוכן פון באַנדיטיזם.

זײַן צווייפּנימדיקע געשטאַלט האָט זיך אויפן שאַרפסטן אופן אַרויסגעוויזן קעגן מיר. אַ ניכטערער פלעגט ער מיט מיר אָפּזיצן שעהן אין געשפּרעכן וועגן די פּראָבלעמען פון אונדזער פאַך און באַרוף. ער איז געווען פון די געציילטע סוביעקטן אין די פּראָווינציאַנעלע טרופּעס, וואָס האָבן געזוכט פּראָגעס און תשובות, און זײַן נאָענטקייט איז מיר געווען ליב און געווונטשן. אָבער שיכורערהייט האָט ער זיך מיטאַמאָל אויף מיר אַ וואָרף געטאָן מיט אַ מעסער, און אַז מען האָט אים פאַרדרייט די הענט, האָט ער זיך אויפן קול צעוויינט און שליכצנדיק געטענהט, אַז ער וואָלט נישט געקומען קיין ווימעבסק, ווען ער וויים פריער, אַז ער וועט זיך אָנשטויסן אויף אַזאַ איינעם...

דער סעזאָן האָט זיך פאַרענדיקט מיט צוויי בענעפיסן: אַפּאָלאָנאָוו האָט אויפגעפירט געטעס — „פאַאוסט" און געשפּילט — „מעפיסטאָפעלעס" („פאַאוסטן" האָב איך געשפּילט) און איך האָב צו מײַן בענעפיס אויפגעפירט — „אוריאל אַקאָסטאַ"...

צו מײַן בענעפיס איז געקומען פון ווילנע קיין דווינסק מײַן פריינד גאַדיע יעווגיאַ צוזאַמען מיט יואל קרעמער, וועלכע דער לייענער געדענקט אפשר פון מײַן ערשטן טייל. דער ספּעקטאַקל איז געגאַנגען דעם 14 פעברואַר — צום צווייטן יאָר־טאָג פון דאַלמאַטאָווס טויט...

אין אונדזער סימפּאָניע הייבן זיך פון האַלן אָן די אַקאָרדן פון אומקום און טרויער...

דאָס פרידלעכע לעבן איז געפלאָסן, וואָלט זיך געדאַכט, ווי רואיקע וואַסערן. מען האָט געאַרבעט יעדער בײַ זײַן וואַרשטאַט, געבוירן קינדער, מקבר געווען מתים, געמשפּט פאַרברעכער, געשפּאַסט, געיאָמערט, גע-

זאָרגט און געזוכט טרייסטן און געגוסן. אָבער אויף די הימלען האָבן זיך געטראָגן וואָלקנס און זיי זענען געווען אָנגעלאָדן מיט גליענדיקע שטיינער. בלוט און פייער זענען געווען פאַרשטעקט אין די פאַלדן פון מדינות און מלוכות. קיין ווערטער אָנצורופן געווי די פאַקטאָרן פון אָנוואַקסנדיקן שטורעם האָט קיינער נישט געהאַט. פלעגט מען זיצן ביי מיטאָג אין רעס- טאָראַן, נאָכן ספּעקטאַקל — ביים אָוונטברויט און אין די אויערן פלעגט הילכן די שפּאַנישע מעלאָדיע און אָפּט-אָפּט פלעגט זיך דוכטן, אַז פאַר די אויגן זינקט די שיף אין תהום אַריין, און אַ כאָר פון פּסאַלמען-זינגער זאָגט אָן דער גאַנצער מענטשהייט דעם סוף פון וווילטיק, פון שלום.

פון דווינסק קיין ווילנע זענען מיר געקומען אַ טאָג אָדער צוויי נאָך דעם, ווי דער פאָטער האָט זיך אומגעקערט פון היידעלבערג. זיין קראַנק- הייט האָט כסדר פּראָגרעסירט. אַז איך האָב אים דערזען, האָט זיך מיר אויף אַ קורצע רגע אויסגעדוכט, אַז... ער איז אַרומגערינגלט דורך די תהי- לים-זינגער אויף דער זינקענדיקער שיף... ער האָט געלעבט סך הכל נאָך נ יי ן חדשים. און די 9 חדשים זענען געווען די ל ע צ ט ע חדשים פון וועלט-שלום.

## XV. שקיעה

דער הויפּט־רעזשיסער פֿון ווימעבסקער טעאַטער — מיכאַאיל ניקאָ־לאַיעוויטש לאַוורינאָוויטש — האָט אויפֿן זומער־סעזאָן אַרענדירט מיט אַ שותּף (מילאָווידאָוו) דעם בנין פֿון זומער־טעאַטער אין שטאָט־גאָרטן אין מעליטאָפּאָל.

פֿאַרשטייט זיך, אַז איך בין געוואָרן אַנגאַזשירט. אין ווימעבסק האָט נעבן דער שיינער יונגער קאָלאָסאָוואַ געפֿירט דעם רעפּערטואַר פֿון „העלדינעס" די דאַמע, וועלכע האָט מיך בשעתו געהאַלטן אין באַצויבערן פֿאַר מיינע צוויי מעת לעת — אין באַמום. זי איז אויך געקומען קיין מע־ליטאָפּאָל. דאָ איז מיט מיר געווען מיין פֿרוי און דער נחת פֿון סעזאָן־שידוך האָט מיר אין די איצטיקע אומשטענדן נישט געדראָט. דעם זו־מער — פֿון מאַי ביז אויגוסט איז אין מיין ספֿר הזכרונות באמת רייך מיט עפּיזאָדן — סיי שעפֿערישע, סיי פּערזענלעכע.

אַז איך בין געקומען, האָב איך: דעם סעזאָן גייט מען עפֿענען מיט דער יעמלט פּאָפּולערער מעלאָדראַמע — „די צווייטע יוגנט". אַ מעשה מיט אַ גימנאַזיסט, וועלכער דערשיסט זיין פֿאָטערס געליבטע. דער פֿאָר־האַנג אין הויכן אַקט פֿאַלט נאָכן שאָס ביי דער פֿראַזע: „פֿאַרן פֿאָטער, פֿאַר דער מוטער, פֿאַרן כּבֿוד פֿון דער משפּחה!"... אַזאַ עקלהאַפֿטע באַ־נאַליטעט האָט די בינע ביז דאַן אין נאָכדעם נישט געקענט, אָבער דער עולם פֿלעגט „קערן וועלטן" פֿאַר התפּעלות און די ראָלע פֿון גימנאַזיסט („וויטאַלי") איז געווען פֿון יענע, פֿאַר וועלכע אַקטיאָרן פֿלעגן ממש זיך שלאָגן.

אַז מיין דירעקטאָר מילאָווידאָוו האָט מיר מיט פֿרייד געמאָלדן, אַז מיין ערשטער אויפֿטריט וועט זיין אין — „וויטאַליען", האָב איך אַן אַנ־טוישטער געזאָגט, אַז איך פֿאַרשטיי נישט צו וואָס דאַרף איך אויסזען ווי אַ צו־אָנגעפּרעסענער גימנאַזיסט, בעת איך קאָן דערשיינען ווי אַן עלע־גאַנטער פֿאָטער זיינער?

דערהערנדיק, אַז איך זאָג זיך אָפּ פון „וויטאַליען“ און בין גרייט שפּילן די אומדאַנקבאַרע נעגאַטיווע ראָלע פון „גאָטאָוואַצעוון“ (דעם פּאָ=טער), האָט ער פאַרלוירן זיין פֿרייִדיקע שטימונג און נאָך אַ קורצן שווייגן מיר געמאָלדן, אַז הגם מען האָט אים געוואָרנט, אַז איך בין אַ „טשודאַק“ און ער איז גרייט צו אומגעריכטע סיורפּריזן פון מיר, אָבער אַזאַ גאַנג, ווי זיך אָפּזאָגן צו שפּילן „וויטאַליען“ — דאָס איז איבער אַלע זיינע פּאָר=שטעלונגען וועגן אַקטיאָרישן שגעון, און ער וועט לשם פּרעסטיזש נישט דערלאָזן, אַז איך זאָל שפּילן „גאָטאָוואַצעוון“, בעת די דירעקציע האָט מיך באַשטימט צו שפּילן „וויטאַליען“. עס האָט זיך אַריינגעמישט לאַוורינאָ=וויטש. דער סוף איז געווען, אַז איך בין אין דער ערשטער פאָרשטעלונג נישט געווען באַטייליקט. פאַרן אָפּזאָגן זיך צו שפּילן די הויפּטראָלע בין איך באַשטראָפט געוואָרן, דורכט זיך: מיט צוויי טעג געהאַלט. אָבער דער רעזולטאַט איז געווען גאָר אַ ביטערער: דער אַקטיאָר, וואָס האָט געשפּילט „וויטאַליען“ (און האָט לויט אַלע סימנים געהאַט אַלע שאַנסן צו באַשאַפן זיך און דעם טעאַטער אַ סאָלידן דערפאָלג), האָט זיך אַרויסגעוויזן אַזוי אומבאַהאָלפן, אַז די דערעפענונג פון סעזאָן האָט פאַרצייכנט אַ דורכ=פאַל. אויף מאָרגן איז געגעבן געוואָרן אָסטראָווסקיס — „די אומשול=דיק=שולדיקע“, איך האָב געשפּילט די ראָלע פון „גרישקאַ ניעזנאַמאָוו“. אין דער סצענע פון זיין ערשטן באַזוך ביי קרוטשיניגאַ האָב איך דער=גרייכט אַ שטורמישע אָוואַציע, אָבער די ווייטערדיקע סצענעס בין איך אַוועק באַרג=אַראָפּ, ווייל איך האָב פּשוט נישט באַוויזן אויסצולערנען זיך דעם טעקסט. איך האָב דאַן געגרייט אַ 4 נייע פּיעסן. די אָנפירונג האָט דעם צווייטן „יונגטלעכן ליבהאָבער“ נאָך זיין ביטערן בראָך אין ערשטן ספּעק=טאַקל פּשוט — אויסגעשלאָסן פון רעפּערטואַר און אַרויפגעוואָרפן די גאַנ=צע אַרבעט אויף מיר... איך האָב געוואָרנט, אַז דאָס וועט מיך איינברעכן און דערפירן צו אַ קאַטאַסטראָפע דאָס טעאַטער. אָבער עס האָט נישט גע=האָלפן. נאָך די „אומשולדיק=שולדיקע“ איז לאַווריגאָוויטש געקומען מיט טענות: — „אַבראַשינקאַ! איך קען דיך דאָך שוין ווי אַן אָפּגעשונדענעם. איך ווייס דאָך וואָס דו קאָנסט, אַז דו ווילסט. טאָ וואָס איז דיר איינגעפאַלן צו אַלדי גוטע יאָר שפּילן אין „גרישקען“ — דעם אָנ=הייב? און דעם סוף באַגראָבן? וואָלסט שוין אויסגעלאָזט דיין פול=ווער=פאַס אין לעצטן אַקט!

איך האָב אים נישט איבערציינט, טענהנדיק, אַז איך האָב דעם ערשטן געשפּילט, ווייל איך האָב באַוויזן אויסצולערנען אין

ווייטער נישט באַוויזן און פאַרשאָטן געוואָרן. ער האָט זיך געכאַפּט פאַרן קאָפּ... דעם ערשטן שבת האָט מען איבערגעחזרט „די צווייטע יוגנט“. אין טעאַטער איז געווען באַזעצט אַ האַלבער זאַל און די דירעקציע האָט געהאַלטן, אַז דער סעזאָן וועט זיך אָנשטאָט די אָנגעמערקטע צוויי אין אַ האַלבן חדשים ציען הלוואי אַ חודש. אָבער זונטיק איז געשען דער „נ ס“!

צו דער נייער פּיעסע איז געקומען אַ היבשער עולם — לערך אַן 80 פּראָצענט. מיר האָבן געשפּילט קאָסאָראָטאָווס: „דער פרילינגס־שטראָם“. דאָס שטיק איז אָנגעשריבן געוואָרן מיט אַ יאָר 8 צוריק, אָבער די מאָטיוון פון „פרילינגס־שטראָם“ זענען נישט געווען פאַרעלטערט. אין אָנהויב 1905 בעת דער ווילנער גענעראַל־גובערנאַטאָר, פירסט סוויאַטאָפּאָלק מירסקי (שפּעטער געוואָרן אינערן־מיניסטער נאָכן דערהרגעטן סאַטראַפּ פּלעווען) האָט אָנגעהויבן אַ פּאָליטיק פון „צוטרוי צו דער געזעלשאַפטלעכקייט“, האָט די פּיעסע געשלאָגן אין סאַמע פּינטל פון דער אַרומיקער אַלגעמיינער שטימונג. אין 1914 יאָר איז עס געווען אַ בלעטל געשיכטע, אָבער אָנגעזאָגט מיט מאָטיוון, וואָס האָבן שטענדיק גערעדט צום געוויסן און האַרצן פון די פרייהייט־ליבנדיקע צושויער. און זיי זענען געווען די מערהייט. אויסער דעם איז אין דעם שטיק געווען אַ ראָל, וואָס איז יענע יאָרן געווען באַליבט ביי אַלע פירנדיקע שוישפּילער אין אַלע טעאַטערן פון גאַנצן לאַנד: „סערגעי כמאַרין“! אַן אינטעליגענט, וועלכער רייסט איבער זיינע באַציונגען מיטן עלטערן ברודער, דעם ביוראָקראַט און קומט אום, אַלס קרבן פון זיין טעמפּעראַמענט. דער מחבר פונעם שטיק קאָסאָראָטאָוו האָט שפּעטער אַליין זיך דערשאָסן ביי די זעלביקע אומשטענדן, ווי דער העלד פונעם שטיק...

דער ראָלע האָב איך אָפּגעגעבן מיין גאַנצע צייט און כוחות, און זונטיק איז דער ספּעקטאַקל אַדורך מיט אַזאַ שטורעמדיקן דערפאָלג, אַז מילאָווידאָוו און לאַוורינאָוויטש האָבן זיך געוואָרפן מיך קושן אין האַלדז. אין טרופּע איז געווען די אַלמנה פון באַרימטן אַקטיאָר גאַליצקי, וועלכן מיט צוויי יאָר צוריק האָט אַן אַרבעטער פון טעאַטער דערשאָסן פון הינטערן פּאַרקאַן אויס אייפערזוכט צו זיין פרוי... מאַדאַם גאַליצקאַיאַ איז אויף דער צווייטער פּראָבע צוגעגאַנגען צו מיר און, זיך באַגיסנדיק מיט טרערן געזאָגט, אַז זי איז דערשיטערט צו זען, ווי געלונגען איך קאָפּיר איר מאַן אין דער ראָלע פון „סערגעי כמאַרין“. איך האָב אָבער גאַליצקין נישט אין ד ע ר ראָלע, נישט אין קיין שום אַנדערער נישט געזען... גאַליצקי איז יאָרלאַנג נישט געווען אַרויסגעפאָרן פון סאַראַטאָוו (אָדער

סאַמאַראַ?), און איך האָב די ביידע שטעט דערזען 27 יאָר נאָך מיין מעליטאָפּאָלער סעזאָן. פֿרוי גאַליצקאַיאַ האָט זיך געפֿילט טיף באַליידיקט, וואָס איך שעם זיך צו אָנערקענען, אַז איך קאָפּיר אַ גרויסן אַקטיאָר, וועלכער איז געווען פֿאַררעכנט אַלס איינער פֿון די בעסטע „כמאַרינ׳ס“. בעת דאָס שטיק איז געווען דער שלאַגער פֿון עטלעכע סעזאָנען. זי פֿלעגט מיר פֿון דעמלט אָן קוים ענטפֿערן אויף מיינע באַגריסונגען... די ראָלע האָט אָבער געהאַט נאָך איין „לוסטיקן“ עפּיזאָד. אין לעצטן אַקט איז כמאַרין קראַנק און איך האָב געבעטן אַ באַקאַנטן דאָקטאָר מיר באַווייזן אין שפּיטאָל אַזאַ פֿאַל. ער איז מסכים געווען, אָבער מיר האָבן נישט באַוויזן פֿאַרן ספּעקטאַקל צו זיין אין שפּיטאָל. נאָכן ספּעקטאַקל איז מיין דאָקטאָר אַריינגעפֿאַלן צו מיר מיט אויפֿגעריסענע אויגן און אויסגעדריקט באַוווּנדערונג ווי געניי און טריי צו די קלענסטע פּרטים איך האָב אָפּקאָפּירט זיין פּאַציענט. דערהערנדיק, אַז איך בין אין שפּיטאָל נישט געווען, האָט זיך מיין דאָקטאָר מיט אַן אָפֿענעם מויל, אָן לשון, אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול און נאָך אַ לאַנגער פּויזע געמאָלדן: „איר מוזט מיט מיר פֿאָרן אין שפּיטאָל אַ קוק טאָן אויפֿן קראַנקן“... איך האָב עס אָבער געהאַלטן פֿאַר לחלוטין איבעריק... ותחילת, צו פֿאַרלייכטערן זיך מיין אויפֿגאַבע, האָב איך מסכים געווען צו מאַכן דעם קאָמפּראָמיס מיט זיך און „קאָפּירן דאָס לעבן“, אָבער נאָכן ספּעקטאַקל איז עס מיר געווען נישט בלויז נישט נויטיק, נאָר אין פֿולער סתירה מיט מיין קרעדאָ. אַ בילד ביים קינסטלער מוז אויסוואַקסן פֿון דעם פּראָבלעם, וואָס ער פֿירט אַרויס. דער וואַקלענדיקער אופֿן באַוועגן זיך, די קאָנוווּלסיווע זשעסטן, איבערגעהאַקטע זילבן — זענען געווען דעטאַלן פֿון דעם עצם בילד פֿון צעטרייסלטן, אויסגעוואָרצלטן אַלטן „דעמב“, וועלכן איך האָב מיך באַמיט צו באַווייזן אין דער געשטאַלט פֿון סערגעי כמאַרין. דער חולה אין שפּיטאָל איז אַ צופֿעליקייט, און מיר איז לחלוטין נישט געגאַנגען אין באַווייזן אַ נאַטוראַליסטיש בילד פֿון פּאַטאָלאָגיע... אָבער מיין דאָקטאָר איז אַוועק קוועטשנדיק מיט די פּלייצעס.

אַ וויכטיק קאַפּיטל אין מיין לעבן זענען געווען יענעם זומער די גאַסטראָלן פֿון ניקאָלאַי פּיעטראָוויטש ראָסאָוו.

די פֿיגור שטייט אין דער געשיכטע פֿון רוסישן טעאַטער אַזוי אָפּגעזונדערט פֿון אַלץ און אַלעמען אַרום און אַזוי איינציק און איינזאַם אין דער גאַלעריי פֿון וועלט-אַקטיאָרן, אַז מיר האָבן געדאַרפֿט אים ווידמען נישט אַ בלאַט אין אונדזערע בענדער, נייערט לפּחות אַ קאַפּיטל און, אויב

מיר טוען עס נישט — צוליב ריין־טעכנישע טעמים, טאָ לאָמיר וויביקסטנס אָנהויבן אונדזער בלאַט וועגן ראָססאָוו מיט אַ פראַזע, וואָס איך האָב אַמאָל אויסגעהערט וועגן אים פון אַן אָנגעזעענעם שוישפילער אין אַ מינוט פון אויפריכטיקן חשבון הנפש: „ראָססאָוו — האָט ער געזאָגט: דאָס איז אונדזער אַלעמענס פאַרברעך!“

אויסשעפן זיין כאַראַקטעריסטיק קאָן מען מיט איין וואָרט: אַ ט ר ו י מ ע ר! אַן אייִדעלער, צאַרטער טרוימער פון טעאַטער... און ווײַבאַלד — „טרוימער“, איז דאָך שוין ממילא — ריטער, ממילא — גוטמוטיקער, ממילא — אידעאַליסט.

אין מעליטאָפּאָל, ווען מיר האָבן זיך באַקענט, האָט ער געקאָנט אַלט זיין העכסטנס אַ יאָר 38—40. אָבער מיר האָט ער אויסגעזען ווי אַ „קינד“, וואָס איז ערשט אַרויס פון זיין קינדער־שטוב און מאַכט אין לעבן די ערשטע טריט — אַזוי אומדערפאַרן, נאַאיוו איז געווען זיין יעדער רעאַקציע אויף מענטשלעכע האַנדלונגען אין לויף פון טאָג...

אַ טאָג אָדער צוויי נאָך זיין ערשטן גאַסט־שפּיל זענען מיר אַריין אין אַ גרויסן קאָלאָניאַל־געשעפט, ווו ראָססאָוו האָט געקויפט אַ צען פלעשלעך מינעראַל־וואַסער. האָבנדיק איינגעצאָלט, האָט ער געהייסן פאַרפּאַקן די קניה און אָפּשיקן אין האָטעל אַריין.

דער פּריקאַזטשיק האָט געמאַכט אַ גרויסן פּאַקעט און צוגערוקט צום ראַנד פון טיש, קוקנדיק מיט אַ העפלעכן שמייכל אויפן קונה.

— איך האָב דאָך שוין געזאָגט: שיקט עס אָפּ אין האָטעל „מאָסקוואַ“!

— פאַר וועמען? פרעגט דער פּריקאַזטשיק מיט אַן איבערטריבענער העפלעכקייט — דאָס האָט איר נישט באַוויליקט צו זאָגן.

איך האָב תיכף דערפילט, אַז דער גאַסט־שפּילער וועט זיך פילן געטראָפן, וואָס נאָך עטלעכע טעג אין שטאָט קען אים נאָך נישט „קינד און קייט“ און כ'האָב געוואָלט ווי עס איז „פאַרטושירן“ די געשאַפענע אומהיימלעכקייט. אָבער ראָססאָוו איז מיר פאָרויסגעלאָפן דעם וועג — און מיט אַ לוסטיקן געלעכטער געשטעלט דעם געזעל אַן אָפענע און האַרבע פראַגע:

— איך בין ראָססאָוו... איר דערקענט מיך נישט?

— איך האָב נישט דעם כבוד אייער דורכלויכט... נעמט נישט פאַר אומגוט: פון פרי ביז שפּעט אָוונט צוגעשמידט צו געשעפט...

— זענט איר נאָך אין טעאטער נישט געווען? — זאָג מיין גאַסט מיט אַן ערנסטן פּנים, שטאַרק פאַרחידושט.

יענער האָט זיך לוסטיק פאַנאַנדערגעלאַכט.

— וואָס פאַלט אייך איין, אייער דורכלויכט! איך בין שוין פינף יאָר אַ באַווייבטער, צוויי זין און אַ טאָכטער. וועגן די נאַרישקייטן האָב איך שוין לאַנג פאַרגעסן. אַמאָל אין די יינגלשע צייטן פלעגט מען ווען נישט ווען אַריינכאַפּן, אָבער איצטער... גאָט איז מיט אייך!

מיר זענען אַרויס פון דער בודע. ראָססאָווס פּנים איז געווען בלייך און ערנסט. איך האָב געוואָלט געפינען ווערטער אָפּצוּוועגדן זיינע מחשבות פון ביטערן עפּיזאָד, אָבער ער האָט שטיל, פאַרטיפט אין זיין אייגענעם וויטיק, אַרויסגערעדט:

— מענטשן האָבן אַ געדראַנג שטענדיק צו שפּילן געשטאַלטן, וואָס זיי טראַכטן אויס. דער יונגער מאַן איז נישט אַזאַ ציניקער ווי, ער האָט זיך באַמיט פאַר אונדז פאָרצושטעלן. מעגלעך, אַז אין טעאַטער איז ער נאָך נישט געווען, אָבער אַרום און אַרום איז עס אַלץ נישט אַזוי ווען מען וואָלט געקאָנט באַשליסן פון זיינע רייד. מענטשן זענען בכלל בעסער און שענער ווי מיר זעען זיי אין לויף פון זייער קאַמף פאַרן קיום.

דער עפּיזאָד איז שוין אַ געגוגנדיקער שפּיגל, אין וועלכן ראָססאָווס געשטאַלט און מהות דערשיינט אין פולער מאָס. אָבער איידער ער איז געקומען קיין מעליטאָפּאָל האָט ער זיך באַוויזן אין ליכט פון אַזאַ גרויסמוטיקייט און איידלקייט, אַז איך האָב אויף אים געוואַרט מיט האַרצקלאַפּעניש.

דער סעזאָן האָט זיך געזאָלט פאַרענדיקן מיט זיינע גאַסטשפּילן אין משך פון צוויי וואָכן און האַרט פאַר זיינע גאַסטשפּילן איז געווען באַשטימט מיין בענעפיס, וועלכן איך האָב געהאַט בדעה צו פייערן אין „אוריאל אַקאָסטאַ“ — ווי פריער אין חווינסק. עס איז שוין געווען אָפּגעהרוקט מיין אַפיש, בעת פון ראָססאָוון איז אָנגעקומען די רשימה פון זיין רעפּערטואַר, און איך האָב מיט עגמת נפש דערזען, אַז ער הויבט אָן זיינע גאַסטראָלן מיט... „אַקאָסטאַ“. אין שטאָט האָבן אַזוי אַרום געזאָלט הענגען איינער נעבן אַנדערן — צ וו יי אַפישן מיט „אַקאָסטאַ“: פרייטיק — מיינער און — זונטיק ראָססאָווס. דאָס איז געווען ראשית — חוצפּה... אַ יונגער שוישפּילער גייט זיך באַווייזן אין דער קלאַסישער ראָלע ערב דעם אויפטריט פון גאַסטראָלער. און אויסער דעם, האָט עס געדראָט, אַז איך וועל שפּילן מיין בענעפיס ביי אַ ליידיקן זאַל. ווייל,

מ׳שפּיגס געזאָגט, וועט וועט גיין קוקן אויף מיך אין „אַקאָסטאַ“, אויב אי־ בערמאָרגן איז אָנגעקינדיקט אין דער ראָלע — ראָססאָװ!

אויף מיין בקשה האָט די דירעקציע אָנגעשריבן ראָססאָװן, אַז היות אין טרופּע געפינט זיך אַ יונגער אַקטיאָר, װעלכער איז געניגט צו שפּילן קלאַסישע ראָלן און האָט באַשטימט „אַקאָסטאַ“ צו זיין בענעפיס, װאָלט אפשר ניקאָלאַי פּיעטראָװיטש מסכים געװען איבערצוטראָגן ז י י ן „אַקאָסטאַ“ — צום סוף פון זיינע גאַסטשפּילן? עס איז אָנגעקומען אַ תשובה, אַז ער נעמט „אַקאָסטאַ“ אינגאַנצן אַראָפּ פון זיין רשימה... דאָס װאָלט אַפילו װי אַ „זשעסט“ געזאָגט עדות װעגן פיינפילנדיקייט און איידלקייט, אָבער ביי ראָססאָװן איז עס געװען נישט קיין „זשעסט“, נייערט אַן אָרגאַנישער אויסדרוק פון זיין גאַנצער געשטאַלט און באַציונג צו מענטשן.

אויף מיין ספּעקטאַקל איז ער געװעסן אין זאַל. דער עולם האָט דאָס טעאַטער געהאַט אָנגעפילט ביזן לעצטן פּלאַץ. די פאָרשטעלונג איז פון ערשטן אָטעמצוג געגאַנגען מיט פונק און גלאַנץ (אַ פריילעכן עפּיזאָד װעגן דער אַמעראַצעס פון אַ ליבהאַרציקן קאָלעגע װעלן מיר באַלד דערהערן). אין ערשטן אַנטראַקט איז דער גאַסט אַריין צו מיר אין גאַרדעראָב, האָט אָנגענומען מיט זיין קליינעם און גראָבן פינגער פון דער לינקער האַנט מיין אויער און שטיל אַרויסגערעדט:

— אַן אויסגעצייכנטער מאַטעריאַל! אַלע מעגלעכקייטן אויסצוװאַקסן אַ גרויסער און אָנגעזעענער אַרטיסט, אָבער היט זיך פאַרן איינפלוס פון אַלעקסעיעװס שיטה: איר רעדט שוין די פערזן אַזוי װי עס װאָלט געװען אָסטראָװסקי אָדער שפּאַזשינסקי... זאָל אייך גאָט איינהיטן דערפון! פערזן דאַרף מען ז י נ ג ע ן! דעם צושװיער פירן אין די הויכן פון דערלייטער־טע װעלטן! און דאָ װיל מען אַלץ מאַכן „פּשוט“ און „אייגפאַך“ װי אַ חש־בון אין בשמים־קראָם... דערויף לוינט נישט אָפּצוגעבן דאָס לעבן דער קונסט.

„אַלעקסעיעװ“ איז געװען דער נאָמען פון קאָנסטאַנטין סערגעיע־װיטש סטאַניסלאַװסקי, אין װעלכן ראָססאָװ און זיין דור האָבן איינגעזען נישט מער װי אַ זון פון רייכן כאַרקאָװער צוקער־פאַבריקאַנט אַלעקסעיעװ... דער טאַטע האָט אים געגעבן געניג „טאַשנגעלט“ און דער בענאָק מאַכט עקספּערימענטן איבערן לעבעדיקן אָרגאַניזם פון דער סצענישער קונסט... קיין גוטס (אַזוי האָט געמיינט ראָססאָװ און הונדערטער אַנדערע) װעט דערפון נישט אַרויסקומען. און דעם יונגן, לויט זיין מיינונג, „באַגאַבטן

אַקטיאָר" האָט ער יענעם פאַרנאַכט געוואָרנט, אַז דאָ שטעקט די סכנה צו ווערן — ג אַ ט ו ר א ל י ס ט י ש, ס'הייסט וו ע ר ן אויס קינסטלער...

איך האָב זיך צו אים צוגעבונדן, מיר פלעגן צוזאַמען פאַרברענגען גאַנצע טעג. איך האָב אָפּגעשפּילט פאַר די צוויי וואָכן — „יאַגאָ" (אין „אָטעללאָ"), „מערקוציאָ" (ראָמעאָ און דזשוליעטטאַ"), „עהגאַר" (דער מלך ליר) „קאַרל מאָאָר" (שיללערס — „די רויבער") און אין „האַמלעט" — „אָסריק" — ווייל איך האָב שוין נישט געהאַט קיין כוח אויסצולערנען די ראָלע פון „ערשטן אַקטיאָר" אין זיין איבערזעצונג, און שפּילן אין דער איבערזעצונג פון מיין פּראָפעסאָר פּ. פּ. גניעדימש האָט פאַר ראָססאָון באַדייט ממש אַ חילול השם, מחמת גניעדימש איז געווען נאָך מער אפּיקורס אין הלכות „ראָמאַנטישקייט" ביים שפּילן שעקספּירן, ווי „אַלעקסיעוו".

די גאַסטראָלן האָבן זיך פאַרענדיקט. מיט ראָססאָון האָבן מיר זיך געשיידט ווי צוויי ברידער. ער האָט געהאַט זייער באַגרענעצטע פינאַנסן, עס וואָלט אים קוים געסטאַיעט זיך צו דערשלעפּן ביז מאָסקווע. ער האָט געליען 25 רובל, וואָרענענדיק, אַז ער וועט עס אומקערן צו ניי־יאָר.

וועגן סעזאָן זאָל דאָ דערציילט ווערן צוויי עפּיזאָדן... ווער ווייס: צי געהערן זיי צו דעם ציקל — „לוסטיקע", צי גראָד דער היפוך?

די ראָלע פון „דע סאַנטאָס" אין „אַקאָסטאַ" איז געוואָרן אָנגעפּאַטרויט אַן אַקטיאָר פון אַ יאָר 27, אַ גריך לויט דער נאַציאָנאַליטעט, אַ ווילער, שיינער, לוסטיקער יונג מיט אַ שטענדיק פריילעכן אויסדרוק אויפן פּנים. אַז איך האָב דערזען וואָס אין דער ראָלע איז אויסגעשטראָכן, איז מיר געוואָרן פינצטער אין די אויגן און איך האָב געזאָגט מיין גריך (גערופן האָט ער זיך: לאַרסקי), אַז אַזוי שפּילן דע־סאַנטאָסן קאָן מען בשום אופן נישט, מען מ ו ז אויפשטעלן לפּחות אַ העלפט פון אויסגעמעקטן טעקסט, לאַרסקי האָט שיעור נישט געוויינט, פּראָטעסטירט „געאַרבעט מעשים" און זיך באַרואיקט, ווען איך האָב צוגעזאָגט נאָכן ספּעקטאַקל שטעלן וויין און משעבורעקעס (אַזאַ ספּעציעלער קרימער מאכל: פּיראָגן מיט שעפּסנפלייש געפּילט). אַלץ איז געגאַנגען ווי אויף גוט „באַשמירטע רעדער". אָבער מיט אַמאָל זענען ביי מיין גריך אַרויסגעקראָכן די אויגן אויפן שטערן:

— אָט־דאָ, זאָגט ער, — שטייט עפּעס אַן אויסלענדיש וואָרט, וואָס איך פאַרשטיי נישט און כ'וועל עס נישט קאָנען אַרויסרעדן.

דע־סאַנטאָס פרעגט דע־סילוואַן, צי קאָן אַ מענטש, וואָס האָט אַזאַ

„ט ר אַ ק ט אַ ט“ פֿאַרפֿאַסט, זיך האַלטן פֿאַר אַ יידן און טראַכטן וועגן חלק עולם הבא... איז — „טראַקטאַט“ פֿאַר מיין גריך אַ הינדערניש, וועלכע ער אַנטזאַגט זיך אַפֿילו צו פּרוּוון בייקומען. ער ווייס נישט קודם וואָס דאָס איז. דערהערנדיק, אַז דאָס איז אַזוי גוט ווי „בוך“, האָט ער זיך צעשטראַלט און געמאָלדן, אַז ער וועט זאָגן: „בוך“. אָבער איך בין נישט מסכים געווען, היות דאָס וואָלט צעשטערט דעם פּערז. נאָך לאַנגע פֿער־טראַקטאַציעס איז ער איינגעגאַנגען מיטן תנאי, אַז דער סופֿליאָר זאָל אים אין אָוונט פֿון ביידל דאָס וואָרט דערלאַנגען הויך און דייטלעך. די־רויף האָבן זיך פֿאַרענדיקט די לאַנגע און שווערע אונטערהאַנדלונגען אויף דער פּראָבע. אויפֿן ספּעקטאַקל האָט דער סופֿלער לויטן אָפּמאַך אַרויסגע־שריִען פֿון ביידל: „ט ר א ק ט אַ ט“ און דע־סאַנטאָס האָט אויך הויך און דייטלעך, וועלנדיק באַווייזן, אַז ער קאָן אויסקומען אָן סופֿלער, אויס־געשריִען: „ק אָ נ ט ר אַ ק ט“ צי קאָן אַקאָסטאַ מיט אַזאַ קאָנטראַקט וואַרטן אויף זיין חלק עולם הבא איז געבליבן נישט פֿאַרענטפֿערט.

דער צווייטער עפּיזאָד איז, דוכט מיר, שוין גאָר נישט קיין לוסטי־קער.

ווי דערציילט, האָט די אָנפֿירונג אַרויסגעוואָרפֿן אויף מיר דעם גאַנצן רעפּערטואַר און דעם צווייטן יוגנטלעכן ליבהאָבער נישט צוגעלאָזט אַרבעטן.

דאָס איז געווען זייער אַ פֿעיקער יונגער שוישפּילער פֿון נעזלאָבינס טעאַטער אין מאָסקווע, וועלכער איז ווי דאָס רוב אַקטיאָרן פֿון יינגסטן דור נישט געווען צוגעגרייט צו שנעלער אַרבעט (איך וויל דערמאָנען ראַל־מאַטאָוום וואָרענונגען אין שול און זיין פֿעסטן האַלטן זיך ביים פּרינציפּ פֿון פּ ר אַ ק ט י ש ע ר צוגרייטונג). נאָך אַ 6 וואָכן האָב איך, וואָס מען רופֿט, — „אַרויסגעשטעקט די צונג“ און אָנגעהויבן פֿאָדערן, אַז מען זאָל זשיגאַטשאָוון (אַזוי האָט ער געהייסן) לאָזן עפּעס שפּילן. דער אויס־וואַל איז געפֿאַלן אויף דאָסטאָיעווסקים „אידיאָט“, וועלכער איז דעם ווינ־טער מיט דערפֿאָלג געשפּילט געוואָרן ביי נעזלאָבינען, און זשיגאַטשאָוו האָט זיך אונטערגענומען שפּילן די ראָלע פֿון „פֿירשט מישקין“. די די־רעקציע איז איינגעגאַנגען מיטן תנאי, אַז איך זאָל שפּילן „ראָגאָזשינען“ און צוגעזאָגט, אַז אויב „ מישקין“ וועט דורכגיין בשלום, וועט מען מיך דאַן פֿון צוויי, דריי פּיעסן באַפֿרייען. מיר האָבן אָפּגעשפּילט דעם ספּעק־טאַקל. אין טעאַטער איז געווען דער דירעקטאָר פֿון אַלעקסאַנדראָווסקער טעאַטער, וועלכער האָט מיך אַ יאָר נאָך דעם אַנגאַזשירט צו זיך. אַראַנס

„ראָגאָזשינען“ (און נאָך אַ ראָלע, אין וועלכער ער האָט מיך געהאַט מיט 2 יאָר פריער געזען אין יעקאַטערינאָסלאַוו). אָבער אין מעליטאָפּאָל האָב איך איבערגעלעבט עטלעכע שווערע מינוטן ביינאַכט נאָכן ספּעקטאַקל ביי אָוונטברויט אין גאָרטן־רעסטאָראַן. זשינאַטשאָוו האָט געהאַט אין דער ראָלע אַ סאָלידן דערפאָלג ביים עולם, דער דירעקטאָר און לאַווריגאָוויטש האָבן אים גראַטולירט און געזאָגט, אַז זיי פאַרדריסט, וואָס מען האָט אים כמעט 2 חדשים „מאַריגירט“. איך האָב זיך געפרייט און מיר האָבן זיך געקושט. אָבער נאָך דעם, ווי מיין זשינאַטשאָוו האָט אויסגעטרונקען אַ גלאָז קרימער וויין, האָט ער זיך אומגעריכט צעשריען איבערן גאַנצן גאָרטן:

— וואָס בין איך, צו אַלדי שוואַרצע יאָר, שולדיק, וואָס דו האָסט נישט קיין ווינרעכט? פאָר קיין קיעוו, דער רוח זאָל דיך נעמען, און שפּיל ראָגאָזשינען דאָרטן! מיט דיין פּראַוואָזשיטעלסטוואָ קריכסטו אין טעאַטער און פאַרשטעלסט די לופט דאָ, וווּ אַנדערע דאַרפן אָטעמען... דער ספּעקטאַקל איז היינט געווען דיין „ראָגאָזשין“ און נישט מיין „מישקין“.

אָנהייב יולי איז דאָס טעאַטער אַריבערגעפאָרן קיין געניטשעסק. אויפן ברעג פון אַזאָווישן ים. איך האָב געפונען אַ וווינונג ביים סאַמע ברעג פון ים. דאָס רוב אַקטיאָרן פלעגן זיך ביי מיר אין שטוב אויסטאָן און אַריינגיין אין וואַסער זיך באָדן. קיין באָד־קאָסטיומען זענען, משמעות, נאָך נישט געווען פאַרשפּרייט. איך געדענק גענוי, אַז מענער פלעגן זיך אַרומבינדן מיט האַנטוכער אָנשטאָט די היינטיקע באָד־הויזן און הורכן הויף אין פליאַזשע גיין צום וואַסער. איך געדענק, אַז מען פלעגט אָנזאָגן, אַז מענער זאָלן אַ מינוט צען נישט וואַגן זיך צובאַווייזן אויפן הויף, ווייל עס דאַרפן אַרויסגיין צום ים — דאַמען... און די גוטע זיטן פלעגן ווערן הייליק אָפּגעהיטן אין וואַסער פלעגט מען זיצן צוזאַמען, און אויב אַ דאַמע האָט באַשלאָסן אַוועק גיין אַהיים, איז גענוג געווען צו מעלדן, אַז מענער זאָלן זיך אויסדרייען מיט די רוקנס צום ברעג אויף אַ דריי מינוט ביז די דאַמע איז פאַרשוווּנדן.

געשפּילט האָט מען דעם מעליטאָפּאָלער רעפּערטואַר אַזוי, אַז פאַרן חודש איז נישט פאָרגעקומען קיין איין פּראָבע. געשפּייזט האָט מען זיך אַ געוויסע צייט אין אַזאַ מין „רעסטאָראַן“, אייגנטלעך — היימישע מיטאָגן ביי איר בטעמטע און זאַטע.

אַזוי זענען געפלאָסן די טעג. שפּילן פלעגט מען נישט יעדן אָוונט, און די וואָכן דאַרפן פאַרצייכנט ווערן ווי אמתע אָפּרו־וואָכן. אונדז האָט באמת געפעלט בלויז — „פויגלמילך“. נישט מער די בריוו פון ווילנע

האָבן דערמאָנט, אַז דעם מענטשנסקינד איז נישט געגעבן צו זיין אויף דער ערד גליקלעך: אויפן פאָטער האָט געלויערט דער טויט: זיין קראַנקהייט האָט פּראָגרעסירט פון טאָג צו טאָג און אין יעדן בריוו האָט ער געפרעגט ווען איך טראַכט צו קומען אַהיים. איך האָב געענטפערט, אַז אָנהייב אויגוסט.

איך בין אָבער מיט שוועריקייטן געקומען ערשט אַרום 15 אויגוסט, ווייל די אייזנבאַן האָט שוין פונקציאָנירט נישט נאָרמאַל: דעם ערשטן האָט זיך אָנגעהויבן דער וועלט־קריג.

מיר האָבן געשפּילט נאָך 2 פאָרשטעלונגען: פּרייטיק איז באַשטימט געווען „אַקאָסטאַ“. אין קאַסע זענען פאַרקויפט געווען ד ר יי בילעטן. איך האָב זיך אָנגעטאָן און פאַרגרימירט. זשיגאַטשאָוו דאַקעגן איז געזעסן פאַרן שפּיגל, פאַרזונקען מיטן קאָפּ אין ביידע הענט...

— וואָס זענט איר? אין די הימלען ערגעץ? וואָס פאַר אַן „אַקאָסטאַ“? איר הערט נישט וואָס דרויסן טוט זיך? אין אַמסטערדאַם זענט איר, צו אַלדי רוחות, צי איז געניטשעסק נעבן באַן??

דער טעאַטער איז געשטאַנען האַרט ביי דער באַנליניע און פון פענצטער האָט זיך געטראָגן אַ יאָמערגעוויין פון הונדערטער ווייבער, וואָס האָבן באַגלייט זייערע מענער, ברידער, פאָטערס צו דער מלחמה...

אַ טאָג שפּעטער האָבן מיר געשפּילט דעם לעצטן ספּעקטאַקל. די דעמלט גאַנגבאַרע פּיעסע פון פּאָליאַקאָוו־ליטאָווצעוו: „דער פייער־רינג“. עס איז אַ טעמע, וואָס וואָלט פאַרדינט געווי צו ווערן באַהאַנדלט, אָבער אין מאָמענט, ביי וועלכן מיר האַלטן, מוז די טעמע אָפּטרעטן.

דאָס טעאַטער איז געווען איבערפולט ביזן לעצטן פּלאַץ. אין שטעטל האָט שוין געהערשט די מנוחה פון אַ בית עלמין. דער עולם האָט אונדז באַגלייט מיט אָוואַציעס און בערג בלומען.

אין אַ טאָג פיר אַרום בין איך געקומען קיין ווילנע, און קורצע וואָכן שפּעטער, אין דער נאַכט פון שמיני עצרת, איז נפטר געוואָרן מיין פאָטער.

# XVI. זיינע אויסלעשנדיקע בליקן

מיך ענגבערט כסדר אַ געדאַנק, אַז דאָס בילד פון די באַשריבענע יאָרן און געשעענישן באַקומט זיך אין מיין שילדערונג מיט אַ טאָפּלטן מום: פון איין זייט — צו פערזענלעך, קאָנצענטרירט אַרום די פּאַקטן פון מיין אייגענעם טאָגבוך און פון דער צווייטער זייט, זעט עס אַלץ אפשר אויס — געקינצלט? צוגעשניטן לשם בעלעטריסטישער רונדקייט?

ווייל איך דאָ נאָך אַ לאַנגער הפסקה ווידער באַטאָנען, אַז דער פּאַקטאָר פון „קאָמפּאָזיציע", פון „פרייער פאַנטאַזיע" איז מיינע בענדער און בלעטער פרעמד: איך טו מיך נאָר דערמאָנען און דערציילן, און *אויסטראַכט* קומט מיר נישט צוהילף קיין איין רגע... נאָר די *דיאַלאָגן* און געשפּרעכן זענען אָפּטמאָל — נישט אויטענטיש, נייערט — *כאַראַקטעריסטיש* פאַר די, וואָס נעמען אָנטייל און פאַר די פאַרהעלטענישן צווישן די אָנטיילנעמער.

מיר זענען אַריין, לייענער אין דער תקופה פון ערשטן וועלט־קריג. דאָס בילד פון דער „טיטאַניק" איז שוין איצט נישט מער ווי אַ ווייטע עלעגיע; די קלאַנגען פון כאָר, וואָס זינגט און זיניקט, איז שוין אַ בילד, וואָס ווייטער אים דערמאָנען וואָלט הייסן קלאָגן איבער אַ קינדער־קראַנקהייט, בעת עס האָט אויסגעבראָכן אַ מגפה.

דער פּאָטער איז נאָך געווען מיט אונדז, מיר האָבן נאָך געאָטעמט אין קרייז פון אַלע טאָג־געוווינהייטן, ווען איבערן שטאָט האָבן זיך באַוויזן די ערשטע דייטשע *צעפּעלינען*... מיט נייגיר פלעגן זיך עפּענען טויזנטער פענצטער און מען פלעגט הורך לאָרנעטן קוקן צום הימל אַזוי ווי אויף אַן עפּעקטפולן שלאָג־נומער אין צירק. אויף די אומרואיקע וואָרנענדיקע אויסרופן פון אַרום, אַז דאָ שטעקט אַ טויט־געפאַר, פלעגן פרויען (און מענער מיט שוואַכע נערוון) אָנהויבן פאַרשטעלן די אויגן ווי פון אַ שאַרפן שטראַל. *באַגרייפן*, קאָנקרעט באַנעמען, אַז טויט איז געוואָרן דער קאָעפיציענט פון אומגאַנג; אַז *אומקום* וואַרט אויף

יעדן שריט; אַז לעבן איז אַ צופעליקייט; אַז פ ר יי ד איז כמעט אַ פאַרברעך — דאָס אַלץ באַגרייפן און באַנעמען האָבן מענטשן אין די ערשטע טעג נאָך נישט געקאָנט. אַלץ האָט אויסגעזען אַזוי, ווי עס זעט אויס אין אָפענעם פעלד געוויקסן, זאַמד־קערנדלעך, בלומען און גרעזעלעך אין די ערשטע מינוטן פון אָנוואַקסנדיקן־אומגעוויטער: עס טראָגט זיך, עס פליט, עס קוקט זיך נישט אום און עס אַנטלויפט פון אָנוואַקסנדיקער אומפאַרמיידלעכקייט... און אַנטלויפנדיק פאַלט עס אַריין אין די נעצן פון אומקום.

אַזוי האָט אויסגעזען דאָס פרידלעכע לעבן פון פרידלעכע מענטשן אין פרידלעכע היימען: פאַרמשפּט, דערשראָקן, אומבאַהאָלפן און בלינד...

ווי באַוווסט, האָט ווילהעלם אין ערשטן טאָג פון דער מלחמה געמאַכט אַ תל פון דער שטאָט קאַליש. דאָס איז געווען אַ שריט צו באַווייזן, אַז „מלחמה" איז נישט עפּעס סתם אַזאַ „וואָרט" און אַז דייטשלאַנד האָט נישט בדעה מיט זיינע שונאים צו פראַווען קאַטאָוועס: „גיט זיך אונטער, אָדער זייט גרייט צום טאָטאַלן אומקום!!"

די פרידלעכע מענטשן אין די פרידלעכע היימען פון אַנדערע שטעט האָבן אויפגענומען די ידיעות וועגן דער צעשטערונג פון קאַליש נישט ווי אַ סכנה, וועלכע דראָט יעדער שטאָט און יעדן מענטשן: מען האָט נאָר גערעדט וועגן דער אכזריות, מען האָט זיך געוואונדערט, וואָס „דאָס פאָלק פון געטע און בעטהאָווען" האָט זיך אַרויסגעוויזן פעיק צו באַגיין אַזעלכע גוואַלד־מעשים... אָבער מען האָט נאָך געטרונקען טיי מיט צוקער; געגעסן זיסע זעמעלעך און פאַרטרונקען מיט ווייסער קאַווע; געפּיצט די שיך מיט פּאַסטע און מיט סאַמעטענע טיכלעך — די יסודות פון לעבן זענען נאָך געשטאַנען אומבאַרירט... בלויז — באַדראָט.

אַ קנאַפּן חודש לערך האָט דער פאָטער געלעבט אין אָט די אומשטענדן. מענטשן האָבן וואָס וויטער אַלץ מער גערעדט, אַז מען מוז פון ווילנע אַנטלויפן טיפער אין רוסלאַנד. ער האָט מיט אימה אין זיינע גרויסע שיינע אויגן געקוקט אַרום זיך און געפּרוווט פּראָטעסטירן, אָבער מען האָט אים געזאָגט, אַז די דייטשן נעמען אַלע יונגע לייט אַוועק אויפן קריגס־פראָנט און דאַן איז ער מסכים געווען צו פאַרלאָזן ווילנע.

איין עפּיזאָד וועט דאָ אָפּשילדערן, ווי נאַיוו און אומבאַהאָלפן אין פאַרגלייך מיטן פאַרנעם פון דער אַרומיקער סכנה, זענען געווען די „מיט־לען"זי אויסצומיידן. כדי אין דער גויטיקער מינוט צו קאָנען „תיכף"

זיך לאָזן אין וועג אַריין, נישט זוכן קיין בעל־עגלה (וועגן אייזנבאַן האָט מען שוין אפילו נישט געטראַכט), איז באַשלאָסן געוואָרן — קויפן אַ פערד. זוו אָבער האַלט מען אים? ביי דעם מוטערס פעטער הירשע־איצע! (אַ לייבלעכער ברודער, הגם מיט אַ יאָר 20 ייִנגער פון דעם פעטער מאָטע־לייב: 2־טער טייל, 1־טער קאַפּיטל). דער פעטער הירשע־איצע האָט אָבער געוווינט היִנטערן „גרינעם" בריק, אויף יענער זייט פון דער ווילִיע... די דייטשן וועלן, אָנקומענדיק, קודם כל אָפּשניידן די שטאָט פון יענעם טייל — „סניפּישאָק". מיר וועלן „אונדזער" פערד נישט קאָנען ארויסקריגן (קיין וואָגן און גב האָבן מיר נישט געהאַט!). אויף אָט די אַלע גערעכטע טע־נות האָב איך דערהערט פון פעטער אַ שטרענגן אויסרוף: „אַלע בייזע חלומות אויף מיינע שונאים קעפּ! הוּוקא דורך סניפּישאָק מוזן די דייַ־טשן אָנקומען? אפשר וועלן זיי גאָר קומען דורך זאַרעטשע?" — אָבער אַ פערד, אַז מען האָט אים שוין, איז דאָך גלייכער האַלטן דערביי! — זאָג איך — מייַנעטוועגן שטעל אים אַריין צו דיר אין קאַבינעט, אויב ער וועט וועלן זיך מטריח זיין אויפן צווייטן גאָרן.

אַז איך האָב איז שבעה דערזען דעם פאָטערס בוך, ווו ער פלעגט שרייבן די הוצאות, בין איך פאַרגליווערט געוואָרן אין מיין אבלות און האַרצווייטיק: די ל ע צ ט ע שורה האָט פאַרצייכנט: „100 רובל — ס ו ס".

פון די ערשטע מינוטן, ווען איך בין אַריבערגעטראָטן די שוועל, קומענדיק פון געניטשעסק איז געווען קלאָר, אַז זיינע טעג זענען געציילטע. אָבער אין אַן אַנדער צייט וואָלט ער אפשר געלעבט נאָך חדשים־לאַנג. דאָ האָט יעדער נייע איבערראַשונג אים געקירצט זיינע געציילטע טעג.

ער פלעגט אויפשטיין איינדערפרי פריער ווי אַלע. איינמאָל איז ער געשטאַנען און זיך געוואַשן אונטערן קראַן מיט קאַלטע וואַסער. פון גאַס איז געקומען צולויפן די משרתטע און געמאָלדן: „מען נעמט די בלויע בילעטן".

— פון וואַנען ווייסטו? — האָט ער קוים אַרויסגעפּליסטערט.

— אויפן גאַס הענגען בלויע בלעטלעך. אַלע רעדן וועגן דעם.

„בלויע בילעטן" האָט געמיינט די אַלע, וואָס געהערן צו דער ל ע צ־ט ע ר קאַטעגאָריע, וועלכע קאָן אַריינגעצויגן ווערן אין דער אַרמיי. דער פאָטער האָט געלעבט מיט דער האָפענונג, אַז זיין בן־יחיד איז נאָך דער־וויל דערפון געזיכערט. און די אומגעריכטע ידיעה, אַז די בלויע בילעט־

הענגען אויף דער וואַנט, האָט אים דערשלאָגן... ער איז בלייך ווי אַ טויט אַריינגעלאָפן צו דער מוטער און זי אויפגעוועקט: „באַשע־ריווע! שטיי אויף. אַן אומגליק האָט אונדז געטראָפן! אַבראַמעו נעמט מען צו אויף מלחמה!“... און ער איז אַוועקגעפאַלן אויפן בעט.

ס׳האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז אין גאַס זענען אויף בלויען פּאַפּיר גע־מאָלדן געוואָרן די נאָענטסטע יאָרגענג, וואָס באַלאַנגען צו דער מאָביליזאַציע. איך וואָלט דאָ נישט מטריח געווען דעם לייענער מיטן „אומגליק“, וואָס מיר האָט געדראָט יענעם פרימאָרגן, אָבער דאָ גייט וועגן די לעצטע זיפצן, וועלכע האָבן געריסן דאָס האַרץ, וואָס האָט זיך געשלאָגן אין ריטם פון פאַרגליווערונג.

די 3 וואָכן זענען פאַרווישט אין מיין זכרון. איך געדענק מיין ווייטיק פון אָפּשייד מיט אים. איך האָב אים אויסער יעדער מאָס געליבט. איך האָב יענע 3 וואָכן איבערגעלעבט אַלע י אָ ר ן פון מיינע קאַמפן — מיט אים. מיט זיינע קדושות, וועלכע איך האָב געטראָטן מיט די פיס. מיר האָבן שוין ערגעץ באַמערקט, אַז דער גרעסטער באַשטאַנדטייל פון גרויסער ליבע איז — רחמנות, מיטגעפיל. די ליידן פון איידעלן באַגערטן אָביעקט. אָט דאָס געפיל צום פאָטער האָט יענע וואָכן מיך באַהערשט און פאַר־שווייגט. עס איז אָנגעקומען ערב יום־כיפור. מיר זענען אַלע זאַלבעפערט געזעסן ביים טיש פאַר „כל נדרי“. אויפן טיש האָבן געברענט אין זיל־בערנע לייכטער 4 ליכט, די מוטער האָט אָקאָרשט געבענטשט ליכט. אַ פינפט גרויס ליכט איז געשטאַנען אין א טאָפּ מיט זאַמד. דער פאָטער איז געזעסן אין ווייסן קיטל מיט דער זיידענער יאַרמולקע. אַ בלייכקייט פון יענוועלטיקייט האָט באַדעקט זיין פנים. איך האָב געקוקט אויף אים און נישט געקאָנט אַרויסרעדן קיין וואָרט צו שטערן די שטילקייט, וואָס האָט מיר אויסגעזען ווי א מעלאָדיע פון נישט־זיין... איך האָב געוואָלט פאַר־לענגערן דאָס ז יי ן, אָפּשטופּן די שאָטנס, וואָס לויערן, וואָס ווילן אונדז באַלד פאַרדעקן, פאַרשלינגען, פאַרניכטן.

מיר איז געווען טאָפּלט שווער, ווייל עפּעס האָב איך לעצטנס מיט אים געהאַט אַ הלוקי־דעה און אים נישט נאָכגעגעבן און זיך געפּלאָגט פון געוויסנסביסן — פאַר הייגט, פאַר נעכטן, פאַרן יאָרצענדליק עינויים, וואָס איך האָב אים פאַרשאַפט און מקצר ימים ושנים געווען... גוואַלד! וואָס טוט מען? ווי אַזוי אים מאַכן לייכטער און ליכטיקער זיינע איבערגעבלי־בענע וואָכן, שעהן, מינוטן?

און ער וועט איצט פאַסטן? אַזוי צעבראָכן, אַזוי שוואַך, בלייך, די

הענט צימערן, די אויגן האַלב־געשלאָסן. ער וועט 27 שעה נישט דערקוויקן זיין נפש מיט אַ ביס? מיט אַ שלוק?

מיך האָט אַרומגענומען אַן אימה... נישט באַגרייפנדיק, אַז איך זאָג עפּעס, האָב איך מיט אַ פאַרשטיקטן קול אַרויסגעמורמלט:

— פּאַפּאַשעלע! אפשר וועסטו נישט פאַסטן?

איך בין אַנטשוויגן געוואָרן, דערזעענדיק דעם בליק פון זיינע מיט אַמאָל זיך ברייט געעפנטע אויגן.

— וו אַ ס האָסטו געזאָגט?

— אי... אי... איך וועל פאַר דיך פאַסטן!

— איך פרעג דיך נישט, צי וועסטו פאַסטן פאַר זיך, און מיך לאָז צורו מיט דיינע עצות.

מיר זענען אויפגעשטאַנען פון טיש... אַריין אין גרויסן קאַבינעט. אין מיטן צימער איז געשטאַנען מיין קופערט מיט די קאָסטיומען:

דער פאָטער האָט זיך פאַרקוקט אויפן קופערט און מיט אַמאָל אַ פרעג געטאָן:

— דיין טלית האָסטו נאָך ערגעץ?

איך האָב געעפנט מיין קופערט. פון אויבן איז געלעגן דער קאָמפּלעט פון „אַקאַסטאַ“, וועלכער איז מיט עטלעכע טעג צוריק אין געניטשעסק געווען אין געברויך. איך האָב אַרויסגענומען דעם 4 אַקט: דעם קיטל און טלית.

— זע, באַשעריווע! ווי ער האַלט דעם טלית זיינעם! אין די זעלביקע קנייטשן, ווי אַ שפּאָגל נייער...

זיין פּנים האָט זיך צעשטראַלט פון פרייד...

— און וואָס וואָלט דיך געהאַרט ווען זיין טלית וואָלט געווען אָפּגעניצט און צעריסן? — האָט זיך די מוטער געוווּיצלט.

ער האָט אַ ווײַלע געשוויגן און מיטאַמאָל שמייכלענדיק מיך אָנגענומען ביים אָרבל.

— נעם דעם טלית און קום מיט מיר צו כל נדרי.

— ניין, פּאַפּאַשינקע! דאָס בעט מיך נישט!

— פאַרוואָס?

— איך קאָן נישט טאָן דאָס, וואָס איז מיר נישט צום האַרצן... איך קאָן זיך נישט אַרויסגעבן פאַר אַ ייִדן פון בית מדרש.

— דו שפּילסט דאָך שטענדיק אַנדערע געשטאַלטן. שפּיל אָפּ דאָס מאָל פאַרמיינטוועגן אַ ייִדן פון בית מדרש.

— איך שפּיל קיינמאָל נישט דאָס, וואָס פליסט נישט פון אמת אַזוי ווי איך פיל אים און באַווייז אים...

ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין צימער.

— גו, מיין קינד, האָב א גוטן געזונטן יאָר. זיי מצליח בדרכי חייך און זאָל דיך גאָט פירן אין די וועגן פון אמת און יושר. יידן זאָלן דיך נישט דאַרפן, חלילה, שילטן.

מיר האָבן זיך צעקושט. ער איז, באַגלייט פון דער מוטער, אַוועק אין משמרת־חולים צו כל נדרי.

איך טו אַ קוק: דער מוטערס מחזור איז געבליבן ליגן ביי מיר אויפן שרייבטיש. איך בין אַרויסגעלאָפן אויפן באַלקאָן. זיי האָבן מיך נישט דערזען און מיין רוף נישט דערהערט. בין איך אַוועק מיטן מחזור אין משמרת חולים. ביים אַריינגאַנג איז ער מיר אַרויס אַנטקעגן און — געבליבן שטיין פאַרחידושט...

— די מאַמע האָט פאַרגעסן דעם מחזור — זאָג איך צו אים — האָב איך אים געבראַכט.

אַזוי ווי אַ שכינה וואָלט באַלויכטן זיין געזיכט — —

— וואָס פאַר אַ גאָלדן קינד דו ביסט. כבוד אב ואם איז דאָך די שענסטע מידה. לאַנגע יאָרן זאָלסטו האָבן.

— איך האָב, טיף אויפגערודערט, אַ קוש געטאָן זיין האַנט.

— ביסט דאָך שוין איבער די טרעפּ! קום אַריין צו כל נדרי!

איך בין האַסטיק אַוועק אַהיים.

אַריין אין עס־צימער, בין איך צוגעגאַנגען צום טיש מיט דער כוונה צו פאַרענדיקן די איבערגעריסענע סעודה, אָבער געבליבן שטיין מיטן פליגל פון עוף אין דער האַנט. „וואָס טוט זיך דאָ? ער וועט 27 שעה פאַסטן... און איך ביי זיין טיש וועל פרעסן די כפּרה? די חלות? די פאַרפל? אפשר וועט ער מיך אַ פרעג טאָן צי האָב איך געפאסט? איך האָב אָפּגערוקט פון זיך די טעלער און אין משך פון די ווייטערדיקע 44 יאָר האָב איך ה יי נ ט י ק י אָ ר, ליגנדיק אין שפּיטאָל נאָך אַ האַרץ־אינפאַרקט, געפאַסט בלויז ביז 12 בייטאָג. די פריערדיקע 43 יאָר האָב איך אין אַלץ אומשטענדן געפאסט פון בין־השמשות ביז די ערשטע שטערן נאָך נעילה.

אַז פאָטער־מוטער זענען נאָך נעילה געקומען אַהיים, האָבן זיי געפונען די צימערן באַלויכטן בלויז דורכן ליכט אין טאָפּ מיטן זאַמד...

— פאַרוואָס אַזוי פינצטער? — האָט די מוטער אויסגערופן מיט פאָרוואורף, מיינענדיק, אַז איך האָב פאַרגעסן אָנצוצינדן די עלעקטרישע באַלויכטונג.

— קאַליע געוואָרן די עלעקטריציטעט.

— אוי ווי איז מיר נישט געשען — האָט זי זיך אָפּגערופן.

— „מיסטיק", „פאַראורטייל", „פאַרגעפיל" — לאָמיר עס רופן ווי וועמען עס גלוסט זיך... האָס באַמערטן דעם פינצטערן שוועל נאָכן תענית איז מיר פאַרגעקומען ווי אַן אָוואַרטורע צום רעקוויעם — מיין פאָטער האָט געלעבט נאָך צען טעג.

ער האָט יום־כיפור געדאַוונט מנחה פאַרן עמוד און דאָס האָט אים אָן ספק אויך געקאָסט אַ היפש ביסל פון זיינע לעצטע כוחות...

ער איז שוין נישט אַראָפּ פון בעט און איך בין פון אים נישט אָפּ־געטראָטן...

די עטלעכע טעג, זיצנדיק נעבן זיין בעט, האָב איך געזען פאַר מיינע אויגן אַ מענטשן, וואָס דערווייטערט זיך פון זיין אַרום, פאַרלירט שריט נאָך שריט איין פונקט פון זיין קיום נאָך אַ צווייטן און קוקט זיך צו צו נייע פרעמדע וועלטן, וואָס איבעררעאַשן אים, וואָס שרעקן אים... מיט אַמאָל בליצט אויף עפּעס וואָס, עפּעס ווער פון זיין אַמאָל, און זיין האַלב־פאַרלאָשן אויג קריגט אַ פונק פון פרייד און ווידער — איבעררעאַשונג, ווידער שרעק.

מיר האָט זיך אָנגעהויבן דוכטן, אַז ער דערווייטערט זיך פון אונדז — אויף אַ שיף און שטייענדיק אויפן דאַך פון אָט דער שיף, קוקט ער צום ברעג, וועלכער דערווייטערט זיך פון זיינע שוין האַלב־פאַרלאָשענע אויגן... און די אויגן זיינע, פאַרלירנדיק דאָס לעבן, געפינען עפּעס ווערטן. אמתן; דערוועריבן, אַנטדעקן עפּעס סודות.

עס האָבן זיך ביי זיין בעט באַוויזן אומגעריכטע מבקרים, אויף וועלכע ער האָט נישט געוואַרט. ער האָט אַלעמען דערקענט, אָנגערופן זיי ביי די נעמען, כמו פאַרחידושט, וואָס מען פרעגט אים, צי ער דערקענט זיי... „ווליבקע"? ווען ביסטו געקומען? וואָס מאַכן אַלע אין דאָרפֿאַט? מאַשע? עלקע־לאה'ס?"

איך האָב מיט אים גאָרנישט גערערט... געזעסן שעהן, טעג, נעכט און געקוקט אין דער ווייטקייט, ווו אים טראָגט אַוועק פון מיר אָט די אומזיכטבאַרע „שיף"...

איין מאָל האָט זיך ביי מיר אַזוי ווי אָן מיין ווילן אויסגעריסן:

— ביסט אויף מיר ברוגז, טאַטעלע, איך האָב מיך ווידער פאַר־שולדיקט?

אַ פאָר וואונדערבאַרע, קיינמאָל און אין ערגעץ אַזעלכע נישט געזעענע אויגן האָבן מיך לאַנג אָנגעקוקט און איך האָב דערהערט אַ שטים פון יענער שיף, וואָס שווימט אַנטקעגן דער אייביקייט:

— אויף דיר ברוגז? וואָס ביסטו שולדיק, מיין קינד?

און די אויגן האָבן זיך פאַרמאַכט און דער קאָפּ איז געפאַלן אויפן קישן. דאָס איז נישט געווען דער סוף. דער סוף איז געקומען דעם נאָענט־סטן פאַרטאָג...

די קראַנקן־שוועסטער האָט מיך אויפגעוועקט:

— גייט אַריין צום פאָטער!

איך בין אַריין. ער איז געלעגן רואיק מיט פאַרמאַכטע אויגן...

— וואָס איז מיט אים? זאָל מען שוין לויפן צו דאָקטאָר זאַלקינד!

נישט נויטיק דאָקטאָר זאַלקינד...

איך האָב זי אָנגעקוקט מיט שרעק...

— ער לעבט נישט — האָט זי געזאָגט: דאָקטוירים זענען מער נישט נויטיק.

איך האָב אָבער באַשטאַנען מען זאָל אַרויסרופן אַ דאָקטאָר. עס איז געקומען אַ יונגער מיליטערישער דאָקטאָר און באַשטעטיקט: „ער לעבט נישט".

נעכטן האָט ער געפרעגט דעם דאָקטאָר זאַלקינד פאַרוואָס ער איז געקומען אָנשטאָט פיר, נאָך זיבן. יענער האָט דערקלערט, אַז דורך ווילנע איז דורכגעפאָרן דער קיסר און ער, זאַלקינד, איז געווען אין דער יידישער דעלעגאַציע.

— האָט איר גערעדט מיט אים? — האָט געפרעגט דער חולה — וואָס האָט ער געזאָגט? ווען וועט זיך ענדיקן די מלחמה?

און די מלחמה האָט זיך פאַר אים געענדיקט: ער האָט שוין דער־גרייכט צום ליכט פון אומגעשטערטן שלום.

אָבער מיר, די פאַרבליבענע, זענען מיט יעדן טאָג אַריין אַלץ טיפער אין דער אפלה פון צעשטויבערטן לעבן.

# I. מאָסקווער שנייען און פריידן

אין מיין שעפערישן (לאָמיר אפשר זאָגן פּשוטער: פּראָפּעסיאָנעלן) לעבן איז דער ווינטער 1914/15 געווען דער צווייטער פאַרלאָרענער ווינטער־סעזאָן, אָבער אויף די אָוונטן פון 1911/12 און אויף די חדשים פון 1913 איז דער איצטיקער ווינטער נישט ענלעך געווען. די מלחמה האָט אָנגעפילט דאָס לעבן מיט אַן אינהאַלט, וואָס האָט אויסגעשלאָסן יענע שטימונגען פון דערשלאָגנקייט. דער געדאַנק, אַז איך זיץ אין ווילנע, כדי נישט צו לאָזן אַליין די מוטער, האָט אויך געשאַפן אַ געפיל פון צוועקמעסיקייט. אָבער אַזוי פאַרבלייבן אויף ש ט ע נ ד י ק איז געווען אוממעגלעך און אין אָנהויב פון „וועליקי פּאָסט“ האָב איך אָנגעהויבן זיך קלייבן קיין מאָסקווע זוכן אַן אַנגאַזשעמענט אויפן צוקונפטיקן ווינטער־סעזאָן. אין מאָסקווע בין איך געזעסן נישט לאַנג. שוין אויפן צווייטן אָדער דריטן טאָג בין איך אַנגאַזשירט געוואָרן קיין אַלעקסאַנדראָווסק. דעם אַנגאַזשעמענט האָב איך געהאַט צו פאַרדאַנקען די צוויי טעג, ווען אונדזער מעליטאָפּאָלער טרופּע האָט מיט א יאָר צוריק געשפּילט צוויי פאָרשטעלונגען אין אַלעקסאַנדראָווסק, און איך האָב אויסגענומען ביים עולם אין דער ראָלע פון „שטיינבערג“ (אין „קרבן פון אבאָרט“) און דער עיקר — אין „ראַגאָזשין“...

אָבער די נסיעה האָט געהאַט אויסער אַנגאַזשעמענט שאַרפע מאָמענטן אין מיין לעבן, וועלכע זענען פאַרבליבן אין זכרון און אָנגעפילט די רעיונות מיט אַ שטאָף וואָס איז מער נישט אויסגעוועבט געוואָרן...

אויף דער 5 וואָך פון „וועליקי פּאָסט“ זענען זיך ווי אַלע יאָר, צונויפגעפאָרן אַ פּאָר טויזנט אַקטיאָרן פון גאַנצן לאַנד. זענען אין יענע טעג זיך צונויפגעקומען אויף אַ צוזאַמענפאָר די מיטגלידער פון דער אימפּעראַטאָרישער טעאַטער־געזעלשאַפט. אין בנין פון נעזלאָבינס טעאַטער

האָבן זיך אַ געוויסן טאָג פאַרזאַמלט מיטגלידער לערך צוויי מאָל מער ווי דער בנין האָט געקאָנט אַריינגעמען. אויפן סדר היום זענען געשטאַנען עטלעכע פונקטן, פון וועלכע דער ערשטער איז געווען: „די פראַגע וועגן אײַנעמען דעם אַרטיסט פון אימפּעראַטאָרישן טעאַטער, דעם סאָליסט פון זײַן מאַיעסטעט פעאָדאָר איוואַנאָוויטש שאַליאַפּין, — פאַר אַן ערן־מיטגליד פון דער טעאַטער־געזעלשאַפט".

די פּאַרזיצערין אויף דער דאָזיקער פּייערלעכער זיצונג איז געווען נישט קיין אַנדערע ווי — מאַריאַ גאַווריליאָווגאַ ס אַ ווי נ אַ!

זי האָט איבערגעלייענט דעם פּונקט פון דער טאָג־אָרדענונג און מיט איר כאַראַקטעריסטישער אינטאָנאַציע אונטערן נאָז געזאָגט:

— ווער ס'איז קעגן דעם פאָרשלאָג ווערט געבעטן זיך אַרויסצוזאָגן פון דער טריבונע!

נאָך אַ מינוט שטילקייט זאָגט זי ווידער:

— קיינער מעלדעט זיך נישט צום וואָרט קעגן דעם פאָרשלאָג. איך נעם אָן, אַז פ אַ ר ן פאָרשלאָג וועט זיך עמיצער געפינען?

אין זאַל האָט אויסגעבראָכן אַן אַלגעמיין געלעכטער.

— וועט די פאַרזאַמלונג אפשר דערלויבן צוטרעטן צו דער אָפּשטימונג?

— ביטע! ביטע! אָפּשטימען! — האָט זיך דערהערט פון אַלע זײַטן און זייטן,

— איך טרעט צו צו דער אָפּשטימונג. ווער איז קעגן דעם, אַז פעאָדאָר איוואַנאָוויטש שאַליאַפּין זאָל ווערן אויפגענומען פאַר אַן ערן־מיטגליד פון דער אימפּעראַטאָרישער טעאַטער־געזעלשאַפט, זאָל אויפהויבן זײַן רעכטע האַנט!

קיין איין האַנט האָט זיך נישט אויפגעהויבן.

— קעגן האָט קיינער נישט געשטימט! זאָגט סאַווינאַ.

אַ דונער אַפּלאָדיסמענטן איז געווען דערויף דער ענטפער.

סאַווינאַ האָט זיך אויפגעהויבן פון איר פאָטעל.

— ווער עס איז פ אַ ר דעם, אַז פעאָדאָר איוואַנאָוויטש שאַליאַפּין זאָל ווערן אויפגענומען פאַר אַן ערן־מיטגליד פון דער אימפּעראַטאָרישער טעאַטער־געזעלשאַפט, זאָל אויפשטיין.

דער גאַנצער עולם, ווי איין מענטש, איז אויפגעשטאַנען.

— אייננשטימיק! — האָט סאַווינאַ געמאָלדן.

ווידער האָט אויסגעבראָכן אַ דונערנדיקער אַפּלאָדיס.

אים האָט דורכגעשניטן אַ קול פון אויבערשטן יאַרוס:

— דאָ געפינען זיך הונדערטער, וואָס קאָנען נישט אויפשטיין, ווייל זיי זיצן נישט.

אַ געלעכטער אין זאַל.

— ווי באַלד זיי האָבן נישט געהויבן די הענט „קעגן“, זאָל זיין דערלויבט אָנצונעמען, אַז זיי וואָלטן אויפגעשטאַנען — „פאַר“. זיי ווערן געבעטן אויפצוהויבן די רעכטע האַנט צוליבן בילד פון אַבסאָלוטער איינשטימיקייט.

אַ פּאָר הונדערט הענט זענען אויסגעוואַקסן אין פּאַרטער אין אויף די יאַרוסן פון ריזיקן טעאַטער־בנין.

— דער אַרטיסט פון אימפּעראַטאָרישן טעאַטער, דער סאָליסט פון זיין מאַיעסטעט פעאָדאָר איוואַנאָוויטש שאַליאַפּין איז אויפגענומען געוואָרן פאַר אַן ערן־מיטגליד פון דער אימפּעראַטאָרישער טעאַטער־געזעלשאַפט.

אַפּלאָדיסמענטן גייען איבער אין אַ לאַנגער אָוואַציע.

סאַווינאַ וואַרט אויס עטלעכע מינוט. מאַכט אַ באַוועגונג מיט דער האַנט. די אָוואַציע ווערט איינגעהאַלטן און הערט אויף.

— איך בעט דעם סעקרעטאַר איבערלייענען דעם 2־טן פּונקט פון סדר היום.

עס שטייט אויף דער אַרטיסט וואָסטאָקאָוו. ער לייענט פון צעטל, וואָס ער האַלט אין האַנט:

„די פראַגע וועגן אויסשליסן פון דער אימפּעראַטאָרישער טעאַטער־געזעלשאַפט דעם סופלער (איך געדענק נישט דעם נאָמען — א. מ.), וועלכער שטייט אונטערן חשד פון גנבענען אַ זייגער.

עס ווערט געגעבן אַ מעגלעכקייט צוויי רעדנער: פ אַ ר ן פאָרשלאָג און ק ע ג ן פאָרשלאָג.

— ווער בעט אַ וואָרט — „פאַר“?

עס האָבן זיך אָפּגערופן עטלעכע רעדנער. ווי אַזוי דאָס פּרעזידיום האָט באַשטימט פון זיי איינעם, געדענק איך נישט.

— ווער איז ק ע ג ן דעם פאָרשלאָג?

איך ווייס נישט צו בין איך געווען איינער, אָדער עס זענען געווען נאָך קעגנער. איך ווייס, אַז איך האָב באַקומען דאָס וואָרט.

וואָס עס האָט גערעדט דער „פ אַ ר“־רעדנער ווייס איך נישט. איך האָב געוואַרט אויף מיין אויפטריט, ווי אין פיבער...

— צום באַגרינדן די קעגנערשאַפט איז דער פראַגע וועגן אויסשליסן דעם מיטגליד (פלוני) האָט דאָס וואָרט הער מאָרעווסקי.

איך בין געגאַנגען צו דער טריבונע ביי אַ טויטער שטילקייט אין זאַל.

— מיינע דאַמען און הערן! איך בין נישט געוווינט צו רעדן פאַר אַזאַ אוידיטאָריע, אָבער מיר שטויסט זיך אַרויסצוזאָגן מיין געוויסן און איבערצייגונג, אַז דער חוב פון אַ מיטגליד פון אונדזער געזעלשאַפט איז אָנצווייזן אויף די צוועקן פון דער געזעלשאַפט, וואָס קאָנען אין דעם פאַל ווערן פאַרלעצט און פאַרקריפּלט.

איר וועט מיר מוזן אַנטשולדיקן, וואָס איך וועל אָנהייבן רעדן נישט מיט אייגענע ווערטער, נייערט מיט אַ פּאָפּולערן מחבר, הגם — אָן סופלער...

עס האָט זיך דערהערט אין זאַל אַ לייכטער אויסדרוק פון הייטערקייט.

— איר וועט מיר מוזן אַנטשולדיקן, מיס, אויב די אויסערלעכע פאָרמע פון מיינע רייד וועלן נישט זיין אין איינקלאַנג מיט דער אינערלעכער זיבערקייט פון מיין כוונה...

— „דאָס איז פון „קין“, — „בראַוואָ,,, „ווי שיין“ — האָבן זיך פון זאַל געטראָגן אויסרופן. אין פּרעזידיום האָט מען געלאָזט הערן דאָס גלעקל: „רואיק“, „נישט שטערן“.

— מיינע הערן! קאָלעגן! רוסישע אַקטיאָרן! צו וואָס עקזיסטירט אונדזער געזעלשאַפט, אויב נישט צו העלפן געפאַלענע? שטיצן געשטרויכלטע? אַרויספירן פאַרפלאָנטערטע אויפן וועג פון רואיקער אַנטוויקלונג? אָפּווישן טרערן און צוגעבן מוט די שוואַכע? דער מיטגליד, וועלכן עס דראָט צו ווערן אַרויסגעשטויסן פון אונדזערע רייען, שטייט נאָר בלויז אונטערן ח ש ד פון אַ באַגאַנגענעם שלעכטן שריט! ווער זשע זאָל אים העלפן אין זיין ביטערער מינוט, אויב נישט מיר? און וויפיל זענען אין אונדזערע רייען פאַראַן גליקלעכע, אין העמדלעך געבוירענע, וועלכע האָבן אין אָנפאַנג פון זייער וועג נישט געליטן קיין נויט? נישט געוווסט פון הדיפות? נישט געטראָגן דעם חשד פון פאַרברעכנס מצד זאַטע און גליקלעכע און ענגהאַרציקע? מיר האָבן הייגט אָנגעהויבן אונדזער טאָג־אָרדענונג פון פריידיקן כבוד איינצושליסן אין אונדזערע רייען שאַליאַפּינען... א שאָד וואָס מיר האָבן אים נישט דאָ מיט אונדז! קענענדיק זיין שווערן וועג אויף די ערשטע עטאַפּן פון זיין איצט געקרוינטער און באַשטראַלטער טעטיקייט, וואָלטן מיר אים פרעגן: צי ער האָט נישט אַ וואָרט אין שוץ פון אונדזער היינטיקן אָביעקט? צי האָט מען אים נישט ווען חושד געווען אין גנבענען אַ זייגער?

ביי די ווערטער איז פאָרגעקומען אַזוינס, וואָס באַשרייבן בין איך נישט ביכולת, ווייל איך האָב זיך דערפילט אַזוי ווי איך וואָלט געשטאַנען אויפן וועזוּוו, בעת ער שפּייט מיט פייער און רויך.

איך ווייס נישט פון וואָס דער געפילדער האָט זיך אָנגעהויבן. איך האָב דערזען, אַז סאַווינאַ האַלט זיך פאַרן קאָפּ אַזוי, ווי זי וואָלט געריסן אירע האָר און שרייט מיט ווילדע בליקן: „וואָס רעדט ער?“, „וואָס וואַגט ער?“

און אין זאַל שטייט אַ דונער פון אַפּלאָדיסמענטן און אויסרופן: „בראַ־וואָ!“, „מאָלאָדיעץ!“ רעדן ווייטער קאָן איך נישט... און האָב נישט מער וואָס צו זאָגן. איך האָב מיינס געזאָגט.

איך בין געשטאַנען אויף דער טריבונע פאַרלוירן, צעשויבערט און דערהערט — וואָסטאָקאָוו זאָגט צו מיר: „אונטערוואַרפט זיך דעם פאָר־זיצער!“

— וואָס דאַרף איך טאָן?

— פאַרלאָזן די טריבינע.

איך בין אַראָפּ פון דער בינע אונטער דונערדיקע אַפּלאָדיסמענטן און אויסרופן:

— „לאָזט אים ענדיקן!“ וואָס פאַר א ווילקיר איבערן רעדנער!“

צו מיר זענען צוגעקומען מענער, דאַמען, מען האָט מיר געדריקט די הענט, געזאָגט ווערטער פון באַגריסונג, געדאַנקט... איך האָב קיינעם און קיין זאַך נישט באַנומען... איך האָב זיך דערמאָנט, ווי אין שול מיט 5 יאָר צוריק האָט זי — סאַווינאַ — באַליידיקט דאַלמאַטאָוו, און איך האָב נישט קיין קוש געטאָן איר אויסגעשטרעקטע האַנט ביים אָפּשייד.

מיט וואָס דער פונקט וועגן אויסשליסן האָט זיך פאַרענדיקט האָב איך מורא צו פאַרזיכערן. מיר ד ו כ ט זיך, אַז אויסגעפירט האָט מיין שטאַנדפּונקט. עס וואָלט געווען אַ שווערע הלכה צו קריגן אַ מערהייט שטימען אויף דער פאַרזאַמלונג פ אַ ר ן אויסשליסן. און אַ קאָפּ אויף אירע פּלייצעס האָט סאַווינאַ געהאַט און פאַרלירן די פּאָפּולאַריטעט ביים צוזאַמענפאָר האָט זי באַשטימט קיין חשק נישט געהאַט. איז וו אַ ־ש יי נ ל ע ך, אַז דער סופלער איז אַרויס פון דער מעשה אומגעשעדיקט.

איך בין פון דער פאַרזאַמלונג באַלד אַוועק.

אין מאָסקווע יענע טעג האָט זיך אָפּגעשפּילט נאָך א „טרויעריקע“ געשיכטע אַרום מיין אָרעמען קאָפּ.

מישאַ טשעכאָוו האָט חתונה געהאַט, און איך בין געקומען צו אים מיט אַ וויזיט. פון די שול־יאָרן האָב איך געקענט זיין מוטער, וועלכע פלעגט מיך אויפנעמען מיט דער וואַרעמסטער גאַסטפריינדשאַפט אין אורעלגאַיאַ — הינטער פעטערבורג, וווהין איך פלעג צו זיי קומען זייער אָפט און אָפּזיצן צו עטלעכע טעג. מישאַ איז געווען אַ שטיפער און אַ ליגן און פלעגט כסדר מיר אָפּטאָן שפיצלעך... אַזוי האָט ער אויף מיין פראַגע ביים ערשטן באַזוך ווי מען רופט זיין מוטער געענטפערט: „נאַטאַליאַ פיעטראָוונאַ" און יעדעס מאָל, ווען איך פלעג זיך צו איר ווענדן, פלעגט ער זיך האַלטן ביי די זייטן פון געלעכטער, ווייל איר נאָמען איז געווען... אַלעקסאַנדראַ איוואַנאָוונאַ. ער האָט מיר געהאַט דערציילט, אַז זי איז אַ יידיש קינד. איר פאָטער האָט זיך מיט זיין גאַנצער פאַמיליע געשמדט בעת אַלעקסאַנדער דער דריטער האָט פאַרטריבן פון מאָסקווע טויזנטער יידן. דאָ האָט אָבער עפּעס נישט געשטימט... דער גירוש מאָסקווע איז פאָרגעקומען אין די אַכציקער יאָרן. לויט מישעס „רעוועלאַציע" איז זיין מוטער געטויפט געוואָרן אין עלטער פון ד ר יי יאָר. וואָלט זי בעת מיינע באַזוכן געדאַרפט אַלט זיין אַ יאָר 25. זי איז אָבער אַלט געווען אַרום 50. איז דערפון געדרונגען, אַז אָדער איר פאָטער האָט אָפּגעשמדט די משפחה 30 יאָר פאַרן גירוש, אָדער די גאַנצע מעשה מיט זיין מאַמעס „יידישער אָפּשטאַמונג" איז אויסגעזויגן פון פינגער לשם לצנות...

ווי עס זאָל נישט זיין איז מיר אַלעקסאַנדראַ איוואַנאָוונאַ טשעכאָוואַ געוואָרן סימפּאַטיש פון ערשטן בליק און איך פלעג מיט איר אָפּזיצן שעהן און דערציילן און האָרכן וועגן די לעבנס־פּראָבלעמען פון דער צייט. נישט איינמאָל האָב איך פון איר אויסגעהערט, אַז מישקאַ איז יינגער פון מיר סך הכל מיט אַ 3 יאָר און לויט זיין אַנטוויקלונג און לייכטזין זעט ער אויס ווי מיין זון... דערביי מוז באַטאָנט ווערן, אַז מישאַ טשעכאָוו איז געווען אַ טיפע, פאַרוויקלטע נשמה, געניגט צו מיסטיק און מעטאַפיזיק... זיין ווייטערדיקער וועג האָט עס בולט באַוויזן.

און ווי בין איך געוואָרן איבערראַשט, ווען, אַריינקומענדיק צום „חתונה־געהאַטן" מישאַ טשעכאָוון, האָב איך זיין מוטער געפונען אין קיך... זי איז געזעסן אין ווינקל ביים פענצטער. אויף מיין לוסטיקער הייסער באַגריסונג האָב איך דערזען אַ בלאַסן איינגעהאַלטענעם שמייכל אויפן בלייכן פנים. מיר האָט אָפּגעריסן דאָס האַרץ.

איך בין אַריין אין אויסגעפּוצטן גאַסטצימער און דערזען מישאַן האַלטנדיק אונטערן אָרעם זיין פרוי, בין איך געבליבן שטיין ווי באַצווי־

בערט: מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איך האָב נאָך נישט געזען אַזאַ שיינ־קייט און רייץ.

ער האָט זי מיר פאָרגעשטעלט און איך בין געוואָרן איבערראַשט פון איר מעלדונג:

— איך קען מאָרעווסקין אָן דיינע מליצות!...

מיט אַ שפּראַלנדיקן שמייכל האָט זי אויסגעשטרעקט איר האַנט און צוגעגעבן:

— איך בין אַ יעקאַטערינאָסלאַווער גימנאַזיסטקע, אייער הייסע פאַ־רערערין, פלעג לויפן אויף אַלע אייערע פאָרשטעלונגען. כסדר געשליידערט אייך בלומען אויף דער בינע, אָבער איר האָט קיינמאָל נישט באַוויליקט זיי אויפצוהייבן. זייער צופרידן צו קאָנען ענדלעך דריקן אייער האַנט.

איך מוז מודה זיין, אַז איך האָב פאַרגעסן אין דער אַלטער, הגם ביים הארצן האָט מיך געצויגן א ווייטיק.

די יונגע שיינהייט איז געווען אַ לייבלעכע פּלימעניצע פון אָלגאַ לע־אָנאַרדאָוונאַ קניפּער־טשעכאָוואַ. און זי האָט אויך געהייסן אָלגאַ קניפּער און איצט אויך שוין — קניפּער־טשעכאָוואַ, נאָר נישט „לעאָנאַרדאָוונאַ“ נייערט — קאָנסטאַנטינאָוונאַ!

זי האָט שפּעטער געמאַכט אַ גרויסע קאַריערע אין דייטשן פילם, איז געוואָרן איינע פון די אָנגעזעענסטע פיגורן. עס גייט דאָ נישט אַריין אין מיין אויפגאַבע צו שילדערן די זיגזאַגן פון דער דאָזיקער שיינהייטס קאַ־ריערע. איך בין נאָר געצוווּנגען צו דערציילן, ווי געבעכדיק עס איז געווען שוין דער ערשטער עטאַפּ פון אונדזער ווייטערדיקער באַקאַנטשאַפט, וועל־כע האָט זיך אַזוי גלענצנדיק אָנגעהויבן.

דעם ערשטן אָוונט זענען מיר אַוועק אין טעאַטער. ווידער דער בגין, אין וועלכן איך האָב איבערגעלעבט דעם שטורעם אַרום מיין אַרויסטריט אויפן צוזאַמענפאָר. און ווידער א הורכפאל... מען האָט געשפּילט „דער קעניג דאַגאָווער“ מיטן פּאָפּולערן פּרעכטיקן שוישפּילער רודניצקי אין דער טיטל־ראָלע. קורץ און שאַרף: איך בין געזעסן נעבן מיין שיינהייט אין פּערטער רייע פאַרטער און... געכראָפּעט. איך קאָן דאָך נישט אויספאַנטאַ־זירן קיין ראָמאַנטיק און קיין עסטעטיק און קיין קאָסמעטיק, וויבאַלד גע־שען איז אַ ז ו י און נישט אַנדערש. מיין שיינהייט וואָלט געהאַרפּט זיך אויפהויבן און אַוועקפאָרן אַהיים. אפשר צוליב אירע פריערדיקע יע־קאַטערינאָסלאַווער איינדרוקן, אפשר צוליב אַנדערע סיבות — איז זי אָפּ־געזעסן ביזן סוף. און ווי בימער איז, מסתמא, געווען איר ווייטערדיקע אָנ־

טוישונג, ווען, אַרויסגייענדיק פֿון טעאַטער, האָב איך זי אַרייַנגעזעצט אין אַ שליטן און געמאָלדן, אַז באַגלייטן זי קאָן איך ניט, ווייל דער זייגער איז קורץ פֿאַר 12 און איך מוז גלייך פֿאָרן צו סטרעלקאָווסקין כדי ניט צו בלייבן אויפֿן גאַס.

אונדזער פֿריינדשאַפֿט און באַקאַנטשאַפֿט האָט זיך פֿאַרענדיקט און איז ניט באַנייט געוואָרן, ווען איך האָב זי יאָרן שפּעטער געטראָפֿן אין בערלין: אַ ז ע ל כ ע דאַמען פֿאַרגעסן ניט און שענקען ניט די „גלייכגילט" צו זייער צויבער. וועגן דעם, אַז עס שטייט אַ 30-גראַדיקער פֿראָסט, און אַז איך האָב ניט ווו זיך פֿון אים צו באַהאַלטן, האָט זי ניט געטראַכט און ניט געקאָנט טראַכטן. זי האָט געטראַכט, אַז זי איז אַזוי שיין, און איך רעאַגיר ניט אויף איר שיינקייט.

זי איז אַוועקגעפֿאָרן אין איין זייט, איך אין אַ צווייטער און, צו-פֿאָרנדיק צום טויער, האָב איך דערהערט ווי דער שלאָס האָט מיט אַ קנאַק זיך איבערגעדרייט: איך בין געבליבן אויף דער גאַס!

טייער וואָלט איך איצט באַצאָלט פֿאַר קאָנען דריקן כאָטש אַ פֿינגער פֿון דער יונגער שיינער אָליאַ טשעכאָוואַ, וועלכע האָט מיך אַזוי האַרציק אויפֿגענומען און וועלכע איך האָב אַזוי אומגעלומפּערט, פּשוט — טאַ-לאַנטלאָז פֿון זיך אָפּגעשטויסן. אָבער — פֿאַרפֿאַלן: דער יסוד פֿון פֿאַר-לוירענעם ווילטיק איז — פֿאַרפּאַסטער אויגנבליק, פֿאַרזעענער מאָמענט. דאָס קאָן מען ניט אומקערן...

איך בין געשטאַנען אין דער נאַכטיקער גאַס און ניט געוווּסט וואָס צו טאָן. געפּרוּווט אַ וואָרף טאָן אַ שניי-קנויל צו סטרעלקאָווסקין אין פֿענצ-טער, אָבער דערלאַנגט אין צווייטן שטאָק. ער האָט געוווינט אויפֿן פּערטן, און איבערחזרן דעם עקספּערימענט איז געווען אַ סכנה, ווייל איך וואָלט סוף כל סוף אַרייַנגעפֿאַלן אין פּאָליציי-רעוויר...

האָב איך זיך געלאָזט גיין און, מיד ווערנדיק, האָב איך זיך מישב געווען, אַז פּונקט אַזוי „גוט" ווי איך גיי אָן אַ ציל און אָן אַ צוועק, קאָן איך פֿ אָ ר ן...

אָבער אַז איך האָב זיך אַרייַנגעזעצט אין ערשטן-בעסטן שליטן, האָט דער איזוואָזטשיק מיך איבעראַשט מיט אַן אומגעריכטן „וווּהין?"

— וואָס האָסטו געזאָגט? — האָב איך אים איבערגעפֿרעגט, מאַכנ-דיק זיך האַלב פֿאַרשלאָפֿן, האַלב שיכור כדי צו געווינען אַ מינוט און אויסטראַכטן אַן אַדרעס.

— ווהין וועט איר באַפוילן צו פאָרן? איר האָט עס דאָך נישט געזאָגט! איך קאָן דאָך נישט פאָרן גלאַט אין דער וועלט אַריין. איך דאַרף דאָך האָבן אַ גאַס און אַ נומער. די סיטואַציע איז גראַטעוועט: ער האָט מיר איבערגעזאָגט: — „גלאַט אין דער וועלט אַריין".

— איך געדענק נישט — זאָג איך — דעם נומער...

— און די גאַס?

— אָט־דאָ — זאָג איך: אויף אָט־דער גאַס!

מיר זענען געשטאַנען אויפן ראָג טווערסקאַיאַ און אָכאָטני ריאַד.

— אַרויף טווערסקאַיאַ: היידאַ! איך וועל דאָס הויז דיר אָנווייזן.

האָט ער אַ שמיץ געטאָן דאָס פערד און זיך אַ לאָז געטאָן אין טעמפּ און גאַלאָפּ.

— מאַטער נישט דיין בהמהלע! איך האָב צייט. איבעריקנס וועלן מיינע באַלעבאַטים זאָ ווי זאָ נישט זיין אינדערהיים. איצט איז דאָך ערשט האַלב איינס.

אַז מיר זענען געקומען צום עק טווערסקאַיאַ, האָב איך זיך געלאָזט — „זוכן" מיין טויער און האָב זיך אומגעקערט מיט אַ זיפץ: נישטאָ!

— אַזאַ פאַרדראָס! — זאָגט מיין „וואַנקאַ"...

— הער מיך אויס — פאַלט מיר איין אַ המצאה — וועסט קריגן „נאַ טשאַי". גיי קלינג אָן אין די לעצטע 4 טויערן און פרעג ווו וווינט — יעריאָמין? עס מוז זיין אין איינעם פון אָט די הייזער!

מיין „וואַנקע" איז אַרויסגעקראָכן פון שליטן און זיך געלאָזט גיין. מיט אַמאָל דרייט ער זיך אויס.

— און דו וועסט מיר, זאָל די שעה נישט זיין, נישט אַוועקפירן דאָס פערד פון אונטערן גאַנז?

— וואָס פאַלט דיר איין? גאָט איז מיט דיר!

— רעד וואָס דו ווילסט, אָבער עפּעס איז דאָ נישט גלאַטיק. עפּעס פּלאָנטערט דאָ דער רוח!

— און דו גלויבסט אין שדים? — טו איך אים אַ פרעג.

— שדים־נישט־שדים — זאָגט ער מיט אַ זיפץ: מענטשן טוען אַליין אָפּ אַזעלכעס און אַזוינס, אַז שדים האָבן שוין נישט וואָס צוצוגעבן.

קיין יעריאָמין האָט זיך אין די פיר טויערן נישט געפונען (אַ גליק! וואָס טו איך, ווען ס'געפינט זיך אַזאַ איינער?).

— וואָס זשע איז ווייטער? פרעגט מיין וואַנקאַ.

— פאָר לאַנגזאַם צוריק. כ'וועל מיך צוקוקן צו די טויערן. איך מוז עס געפינען.

— ביסטו זיכער, אַז דאָס איז אויף טווערסקאַיאַ?

— וואַרט! ביסט געדעכט! לאָמיר פאָרן אויף ניקיטסקי בולוואַר...

מיר האָבן געמאַכט דעם שפּאַציר איבער ניקיטסקאַ ביז דער „זאַס-טאַוואַ“. געקלונגען אין אַ צענדליק טויערן. קיין יעריאָמין — נישט געפי-נען. אין איינעם האָט דער סטאָראָזש אויסגעפרידן געמאָלדן:

— אויסגעשלאָפן זיך! יעריאָמין איז פון אָנהויב מלחמה אויפן פראָנט.

— און דער אַלטער?

— געשטאָרבן. נאָך מיט 2 יאָר צוריק.

— די פאַמיליע?

— זיין ווייב מיט ביידע קינדער אַוועק אין דאָרף.

— ס'איז פאָרט אויף טווערסקאַיאַ — זאָג איך — פאָר ווידער אַהין. לאָמיר פרוּוון...

אַנטקעגן סקאָבעלעווס דענקמאָל, ווו הייַנט שטייט דער „גאָרסאָוויעט“ האָט אויפן פינפטן שטאָק אין אַ מאַנסאַרדע געוווינט מיין מעליטאָפּאָלער חבר זשיגאַטשאָוו.

נאָך אַ פאָר שעה פרירן אין שליטן האָב איך באַשלאָסן גיין — „מיטן קאָפּ אין דער וואַנט“. אויב ס'וועט זיך נישט איינגעבן, וועל איך אָנהויבן מיין „זוכן יעריאָמינען“ מיט אַן אַנדער שליטמאַן...

— וואַרט! האָב איך אַ געשריי געטאָן, דערזעענדיק דעם דענק-מאָל — עס מוז זיין אָט דאָ אַנטקעגן. שטיי, וואַרט אַ פאָר מינוט!

— דו לאָז מיך שוין אָפּ, באַפריי! פון זינד וואָס ווייטער, און פּטור — האָט דער איזוואָזטשיק זיך צעזונגען, קלאַפּנדיק מיט די הענט איבער זיינע שולטערן זיך צו דערוואַרעמען.

איך האָב אים דערלאַנגט אַ מטבע. ער האָט אַ שפּיי געטאָן אין האַנט און זיך איבערגעצלמט.

— ס'איז האָך מיין פּאַטשין.*). אויף מאָרגן! אַ חוזק? וואָס? נו! זיי געזונט! אַ פריץ כאָטש קודאַ.. מעט שוין כאַפּן א כום פאַר דיין געזונט!

ער האָט אַ שמייכל געטאָן דאָס פערדל אין פייל פון בויגן אַוועק צום אָכאָטני ריאַד. איך האָב זיך אָנגענומען מיט דער אַנטשלאָסנקייט, וואָס איז דער ערשטער תנאי פון יעדער דרייסטער אַוואַנטורע.

---

*) ערשטע איינגאַמע.

כ׳האָב אָנגעקלונגען צום שווייצאַר. אין אַ מינוט אַרום האָט זיך געעפנט די טיר און ער האָט מיך באַלויכטן מיט אַן עלעקטרישן טאַשן־לאָמפּ.

— וואָס באַווילגט איר? צו וועמען?

— זאָגט מיר: זשיגאַטשאָוו איז אַליין?

— איך קאָן אייך נישט פאַרזיכערן... נאָכן שליסן די טיר האָט ער זיך נישט באַוויזן.

איך האָב אים דערלאַנגט אַ רובל און בין אַוועק, באַגלייט דורך זיין: „פּאָקאָרניישע בלאַגאָדאַריו, וואַשע סיאַטעלסטוואָ".

אין צוויי מינוט אַרום האָב איך ווידער אָנגעקלונגען.

— הערט מיך אויס, מיין טייבל, איך פאָר אַרויף צו זשיגאַטשאָוון און בעט אייך וואַרטן אַ מינוט פינף. אויב אין פינף מינוט אַרום וועל איך מיך נישט אומקערן, קאָנט איר זיך רואיק לייגן שלאָפן. איך וועל בלייבן ביי אים ביז אַרום 12 ביי טאָג... ווען בייט איר דעם דיזשור?

— 9 אינדערפרי.

— וועל איך אייך מער נישט זען. פאָרט מיט מיר אַרויף אויבן און וואַרט דאָרטן.

זשיגאַטשאָוו האָט געעפנט נאָכן ערשטן קלונג —

— ביסט אַליין? קיין שיינעם געשלעכט האָסטו נישט הינטערן פאַרטיער?

— מאַרוישאַ! פריינד! חבר! ציצעראָן! טאַלמאַ! פונוואַנען נעמסטו זיך? זיי באַגריסט אויפן שוועל פון מיין פרידלעכער היים! פריי מיך דיך צו זען. הגם אַן אומגעריכטן און נישט געבעטענעם...

— איך וועל בלייבן ביי זשיגאַטשאָוון — האָב איך געזאָגט דעם שווייצאַר, וועמענס פּנים עס האָט געשטראַלט מיט זשיגאַטשאָווס פרייד: דאָ האָט איר נאָך אַ הוספה פאַר אייער געשטערטער רו.

דער ליפט איז געזונקען. איך בין דערהויבן געוואָרן צו אַ געלעגער אין אַ געהייצטן צימער. נאָך די צוויי שעה אין שליטן איבער די שנייען איז עס געווען אַ געפיל פון אַבסאָלוטער פרייד!

— לאָז מיך דיך אַ קוש טאָן, — האָט מיין גאַסטפריינדלעכער באַלעבאָס געזאָגט, אויפהענגענדיק מיין מאַנטל — איך האָב מיך אויפן צוזאַמענפאָר נישט געקאָנט צו דיר דורכשטופן און נאָר באַוויזן צו דערציילן אַרום זיך, אַז דו קאָנסט נישט נאָר דרשענען פון דער טריבונע — אויך שפּילן „ראָגאָזשינען"... דו זאָלסט זיך נישט איילן צו שרייבן קיין קאָנטראַקט. דיין אויפטריט אויפן צוזאַמענפאָר האָט דיך אַ הויב געטאָן צום

אויבערשטן שטאָק, ברודערקע, און די צימאַטע פון „קין“. קאָנסט אַריינ־פּאָרן אין אַן 800 רובל, פאַרפּאַס עס נישט מיט דיין געוויינלעכער אומ־באַהאָלפנקייט אין די זאַכן.

— שוין פאַרפּאַסט, איך האָב אונטערגעשריבן צו וואָיטאַלאָווסקין אויף 250.

— אַלעקסאַנדראָווסקי? ס'איז דאָך אַ זומער־טעאַטער!

— וואָיטאַלאָווסקי האָט אויסגעבויט אַ בנין אויפן ווינטערסעזאָן און לאָמיר וועגן דעם נישט רעדן!

— משוגענער: דיך וועט מיט בייזע הענט כאַפּן באָוואָטשערקאַסק! ראָסטאָוו! אפילו — כאַרקאָוו!

— דריי מיר נישט דעם מוח! איך האָב נישט קיין פּראָוואָזשי־טעלסטוואָ.

ער איז געבליבן מיט אַן אָפענעם מויל און צוריקגעשטעלט אויפן טיש דאָס אָנגעגאָסענע גלאָז טיי.

— ווידער די דאָזיקע קללה!

— אין איצטיקער מינוט איז עס אַ ברכה! ווען איך האָב פּראָוואָזשי־טעלסטוואָ, וואָלט איך נישט געזעסן ביי דיר, נישט אויסגעהערט דיינע האַרציקע דיבורים, נישט געפרייט זיך, קוקנדיק אויף דיין ליכטיקער גע־שטאַלט.

אין צימער איז געשטאַנען אייז בעט. ער האָט מיר פאַרגעלייגט זיך אַוועקלייגן און גענומען גרייטן פאַר זיך אַ צווייטן געלעגער אויפן גרויסן קופערט ביי דער וואַנט.

אָבער איך האָב אים געמאָלדן, אַז אויב ער וועט מיר נישט לאָזן ליגן אויפן קופערט, גיי איך תיכף אַוועק... ער האָט נאָכגעגעבן.

מיר האָבן זיך געשמאַק אויסגעשלאָפן ביז 12 און אַוועק אין ביוראָ.

די מענטשן־מאַסע איז געווען נישט אַזוי געדיכט, ווי אין דער 5־טער וואָך פון „וועליקי פּאָסט“. מען האָט זיך פאַרהעלטנישמעסיק פריי באַ־וועגט איבערן גרויסן זאַל.

וואָיטאַלאָווסקי האָט מיך דערזען און געוואָרן אומאָנגענעם איבער־ראַשט...

— איר זענט נישט אַוועקגעפאָרן? וואָס האַלט אייך דאָ? ברעכן דעם קאָנטראַקט וועל איך אייך נישט דערלויבן!

איך האָב נאָך אויסגעהערט אַ פּאָר קאָמפּלעמענטן אין שייכות מיטן צוזאַמענפאָר. אָלגאַ פּאַוולאָוונאַ האָט מיר אַ זאָג געטאָן, אַז זי האָט מיך

תמיד געהאַלטן פאַר אַ „שטיל שעפעלע“ און איז געוואָרן איבערראַשט פון מיין קאָפּשווינדלערישן פלי און דרייסטקייט...

— זייט פונדעסטוועגן פאָרזיכטיק, מיין יונגער פריינד! אַזאַ אופן פון שווימען פירט דאָס רוב אין אָפּגרונט אַריין...

עס האָט זיך יענעם פרימאָרגן אָפּגעשפּילט אויך א לוסטיקער עפּי־זאָד. איך האָב געטראָגן אַ ברויגעם אָנצוג פון פראַנצויזישן שטאָף, וועלכן קיין איין מענטש האָט נישט דורכגעלאָזט אָן אַ באַמערקונג.

מיט אַמאָל שטעלט מיך אָפּ אַ ריז מיט בלאָנדע האָר און בלויע לאכנ־דיקע אויגן. ער האָט אַרויפגעלייגט זיין מעכטיקע רעכטע „לאַפּע“ אויף מיין שולטער, האָט מיך אָפּגערוקט אויף א שריט פון זיך און, באַטראַכטנ־דיק פון קאָפּ ביז די פיס, אַ פרעג געטאָן: „וווּ האָסטו עס געניים?“

— אין ווילנע!

— ביסט אַ ייִד?

— יאָ!

— אַ ייִד פון ווילנע מיט אַזאַ רוסיש־לשון! פונוואַנען נעמט זיך עס?

— א גאָט־זאַך! און געהאַט גוטע לערער!

— איך קען דיך שוין! געהערט וואָס לייט דערציילן. געווען אויפן צוזאַמענפאָר. ביסט אַ יונג מיט בייגער. אַזעלכע דאַרפן מיר האָבן. ווערסט פאָרן צו מיר אין נאָוואָטשערקאַסק? איך בין ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש סטראָאיטעלעוו.

— זייער גערן, אָבער ערשטנס האָב איך שוין אונטערגעשריבן!

— וווּהין?

— אַלעקסאַנדראָווסק.

אַ געלעכטער האָט זיך צעלייגט אונטער די געוועלבן פון ריזיקן זאַל.

— ביסט אַן אידיאָט, צי וואָס? קום צו אָלגאַ פּאַוולאָוונאַ! ווערסט אונ־טערשרייבן. דיין דירעקטאָר וועל איך געבן אַ מער פּאַסיקן קאַנדידאַט. דיין פראַנצויזישער קאָסטיום און רוסיש לשון באַלאַנגט מער צו נאָוואָטשער־קאַסק ווי צו אַלעקסאַנדראָווסק... כאַ־כאַ־כאַ...

ער האָט זיך געלאָזט גיין, האַלטנדיק מיין האַנט אין זיינער. איך האָב זיך נישט גערירט פון אָרט.

— דאָס איז נאָך נישט אַלץ, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש!

— וואָס נאָך? האָט ער אומצופרידן אויסגערופן, אַקצענטירנדיק — „וואָס“.

— איך האָב נישט קיין וווין־רעכט!

— נאַרישקייטן! איך וועל דיך אָפּשמדן אין צוויי טעג!

— אין צוויי יאָר אויך נישט, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש!

ערשט איצט האָט ער אַרויסגעלאָזט מיין האַנט און מיך אָנגעקוקט מיט אַן ערנסטן שטרענגן בליק.

— פאַרוואָס?

— דאָס וועלן מיר אַזוי לייכט און געשווינד נישט אויפקלערן, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש.

— גיי צו אַלדי שוואַרצע יאָר, אויב אַזוי!

דעם זעלביקן אָוונט בין איך אַוועקגעפאָרן קיין ווילנע.

די מוטער האָב איך געהאַט איבערגעלאָזט אין בעט מיט אַ שווערער אַנטצינדונג פון די געלענקען אין ביידע הענט. איך האָב יעדן טאָג געהאַט בריוו פון מיין פרוי וועגן דער מוטערס צושטאַנד און אין די בריוו געפילט אַז דאָרטן איז עפּעס נישט גלאַט...

אַז איך בין געקומען אַהיים און פאַרבליבן מיט דער מוטער אויג אויף אויג, האָט מיך דערשיטערט אַ קורצע, שטיל־אַרויסגעזאָגטע פראַזע אויף אירע ליפּן:

— מיין קינד, איך בעט דיך — לאָז מיך נישט מיט אַננען אַליין! איך האָב מורא פאַר איר. דאָס איז אַן אָנהויב פון אַ טיפער מיסטעריע, וועלכע מיר וועלן א פ ש ר וווען עס איז נאָך פונאַנדערוויקלען. אויף דעם עטאַפּ פון אונדזער דערציילונג וויל איך נאָר צוגעבן, אַז די פראַזע אויף דער מוטערס בלאַסע ליפּן אין ליכט פון אויסגעמאַטערטן פּנים און האַלב־פאַרלאָשענעם בליק — דאָס איז געווען פאַר מיר אַ צ וו יי ט ע ר אַקאָרד נאָכן פאָטערס: „וואָס ביסטו שולדיק, מיין קינד?“

איך האָב אָנגעהויבן טראָגן אין זיך מאָטיוון פון ווייטער פאַרגאַנגענהייט, אַריינטראַכטן אין געשעענישן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט ווען איך בין נאָך אויף דער וועלט נישט געווען. איך האָב דערפילט לאַסטן פון פריערדיקע יאָרצענדליקער. מיך האָט אָנגעהויבן פאַרפאָלגן דער פּסוק: האבות יאכלו בשר ושני הבנים תקהינה. מיין פון קינדהייט אָנגעווייטיקטע ליבע צו דער מוטער איז געוואָרן נאָך מער אָנגעווייטיקט...

און אַרום האָט די מלחמה אָנגעהויבן אַטאַקירן דאָס לעבן נישט בלויז פון די צייטונגס־שפּאַלטן און נישט דורך פּליטים פון אוממיטלבאַרע פראָנט־געביטן — ווילנע איז שוין געווען האַרט ביים פראָנט.

אין צווייטן האַלביאָר האָבן זיך שוין אָנגעהויבן שיטן אויף אונדזערע קעפּ די באַלקעס און ציגל פון אונדזערע היימען.

שבועות איז ווי אַ דונער פון קלאָרע הימלען אַראָפּגעפאַלן דער גירוש קאָוונע...

דאָס איז אַ שוידערלעכער קאַפּיטל פון ר ו ס י ש ע ר געשיכטע!

אין עצם ברען פון שונאס אָנגריף, בעת זיינע חיילות זענען אַריבער די רוסישע גרענעץ אין מזרח־פּרייסן און עס איז נויטיק געווען יעדער וואַגאָן, יעדע פּלאַטפאָרמע, גיט דער שטאַב פון אויבערשטן הויפּטקאָ־מאַנדיר אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז אין משך פון 48 שעה זאָלן פון גאַנצן גרענעץ־געביט דערווייטערט ווערן אַ ל ע י י ד ן אָן אויסנאַם — פון זויגקינדער ביז זקנים פון טיפסטן עלטער!... מען וואַרפט אַרויס פון די וואַגאָנען אַמוניציע, פּראָוויאַנט, מעדיקאַמענטן... מען ציט אַרויס פון גע־ברויך הונדערטער וואַגאָנען און מען פאַרנעמט די אייזנבאַן־ליניעס מיט טויזנטער־טויזנטער גירושים...

דאָס קלאַסישע לאַטייניש שפּריכוואָרט זאָגט: „קוועם דעאוס פּער־דערע וולט, פּריאוס דעמענטאַט“... וועמען גאָט פאַרניכטן וויל, נעמט ער פריער אָפּ דעם שכל! די מעשה מיט די יידן פון גרענעץ־געביט איז אָן שום ספק געווען אַ סימפּטאָם פון אָפּגענומענעם שכל ביי דער מאַכט, וואָס האָט באַשטימט די גורלות פון רוסלאַנד.

## II. מע וואָגלט, מע זינגט און — מע שפּילט

אַרויסגייענדיק אַרום עלף אינדערפרי דעם ערשטן טאָג שבועות אין גאַס, האָב איך דערזען, אַז צום באַן ציען זיך הונדערטער מענטשן — מייסטנס פרויען — מיט קאָשיקעס, זעק, פּלעשער, קריגלעך. דאָס האָט די יידישע באַפעלקערונג פון ווילנע געטראָגן שפּייז פאַר די אָנגעקומענע פון קאָוונע און אַרומיקע שטעטלעך. אויף די הינטערשטע באַן-ליניעס זענען געשטאַנען די עשעלאָנען, אָבער פון דאָרטן האָט מען שטרענג פאַרבאָטן, עמעצן אַרויסצולאָזן אין שטאָט אַריין.

אין אָט די עשעלאָנען — האָב איך דערזען — נישט קיין בלאַט פון פּנקס, וואָס דאַרף פאַרשריבן ווערן אונטערן קעפּל: „גירוש קאָוונע תרפ"ה" — נאָר אַן עטאַפּ פון צוויי טויזנט יאָריקער וואָגלעניש, אַן „עשעלאָן" — נישט פון קאָוונע קיין סמאָלענסק אָדער טווער! נאָר אַ וואַנדער-צוג — פון מצרים קיין אשור, פון בבל צום אין-סוף. היינט, אין ווילנע, ברענט איבער זייער צוג די זון און זיי לעשן דעם דורשט מיט קריגלעך מילך; ערגעץ-ווו און ערגעץ-ווען שיטן זיך איבער זייערע קעפּ שנייען פון צעבושעוועטע ווינטער-זאַווערוכעס און נאָך אַנדערש-ווו וועלן צעבייזערטע הימלען אַראָפּלאָזן אויף זיי אַ מבול פון שטיינער און קיינער וועט זיך אויף זיי נישט אומקוקן. דאָס איז דער צוג פון — „א י ב י ק ן י י ד"!

קאָוונער באַלעבאַטים זענען אויסגעוואָרצלט געוואָרן פון זייערע היימען... עס איז אַן עפּיזאָד פון דער מלחמה, עס איז אַ שטראָם, וואָס פליסט אַריין אין ים פון אירע טרערן און עינויים... א ָ ב ע ר א ָ ן אַ ש י ע ו ר ב ר י י ט ע ר, ו ו י א ָ ט ד ע ר ב ר א ָ ד פ ו ן ק א ָ ו ו נ ע ר ת ו ש ב י ם ה א ָ ט מ י ר י ע נ ע ם ט א ָ ג פ ו ן ז מ ן מ ת ן ת ו ר ת י נ ו א ו י ס ג ע ז ע ן ד א ָ ס ב י ל ד פ ו ן י י ד י ש ע ר פ אַ ר ו ו א ָ ג ל ט ק י י ט.

איך בין אַוועק פון באַן, טראַכטנדיק נישט וועגן — זיי: איך האָב געטראַכט — וועגן א ו נ ד ז. מיך האָט פון די טיפסטע טיפענישן פון געוויסן ביז צו די פילבאַרסטע ווינקלען פון געהירן געגעבערט די שאלה: „ווער זענען מיר?" מ י ר? מיר?

אין קורצע טעג אַרום האָט זיך פאַרשפּרייט א ידיעה, אַז די ווילנער יידן דערוואַרט דער זעלביקער גורל ווי די קאָוונער... אין שטאָט האָט זיך אָנגעהויבן א פּאַניק, אין די הײמען א יללה... צום גובערנאַטאָר איז אַוועק א דעלעגאַציע: איך געדענק, אז צוויי דעלעגאַטן זענען געווען: בוגימאָוויטש און... בעליאיעוו...

דאָ מוז, — אַז מיר האַלטן דערביי — פאַרנאָטירט ווערן, די טיף מענטשלעכע האַלטונג, מיט וועלכער דער גובערנאַטאָר — וו ע ר י אָ וו ־ ק י ן — האָט די דעלעגאַציע אויפגענומען און אַרויסבאַגלייט. מיר האָבן די טבע ז יי ע ר פיל צו רעדן וועגן רשעות אַרום אונדז, און מיר גאָטירן זייער קאַרג די פאַלן פון מענטשלעכקייט, וואָס אויפן פאָן פון צעוישעטער בעסטיאַלישקייט מוז אוודאי און פאַרנאָטירט ווערן, ווייל צווישן שייטער און קברים, צווישן רויכן און אומקום, לעבן די גאַנץ־געבליבענע אַראַנק די פונקען און טראָפּנס פון ג ו ט ס, וואָס מענטשן טראָגן אויף זייערע געמיטער! און גוטס דאַרף מען געדענקען און וועגן גוטס דאַרף מען דערציילן...

ווערייאָווקין האָט די יידישע דעלעגאַציע אויסגעהערט און געענט־פערט, אַז אַזוי לאַנג ווי די מאַכט אין דער שטאָט געהערט אים, גאַראַנטירט ער פאַר יערן, דאַך און היים. און אויב צוליב מיליטערישע סיבות וועט די מאַכט אַריבערגיין צום מיליטערישן קאָמענדאַנט, אויב דער שונא וועט זיך דערנעענטערן, דאַן...

— דאַן וועל איך זיין דער לעצטער אין עשעלאָן, וואָס וועט דער־ווייטערן ווילנער תושבים. אויף גאָטס באַראָט וועל איך מיינע ווילנער נישט איבערלאָזן, איך בעט אייך דאָס איבערגעבן דער יידישער באַפעלקערונג.

נישט איין זיפץ איז פון אזא ענטפער געוואָרן פאַרלייכטערט.

דאָך האָט מען זיך אָנגעהויבן „גרייטן". וואָס שייך — „גרייטן"? נישט בעסער ווי מען האָט זיך געגרייט מיט 10 חדשים צוריק, האָבנדיק געקויפט דעם „סוס" און — נישט געטראַכט וועגן א וואָגן.

מיר האָבן געהאַט אין הויז א „דוואָרניק“. פאַר די עטלעכע חדשים נאָכן פאָטערס טויט, ווען דער דאָזיקער דוואָרניק האָט מיך באַטראַכט פאַרן באַלעבאָס, האָט מיר אימפּאָנירט די מענטשלעכע ווירדע, מיט וועלכער ער פלעגט זיך האַלטן, אַריינקומענדיק לויט זיינע פליכטן... דער אַרוואַלטער פלעגט טענהן, אז איך „צעלאָז“ אים, זאָגנדיק צו אים: „א י ר“ (נישט — „דו“), און איך האָב געהאַלטן, אָפּגעזען פון „פּרינציפּיעלע“ טעמים, אַז ער וועט זיינע עצם פליכטן אויספילן מיט מער פליים און מער געווויסנהאַפט ביי אַ ז אַ באַציאונג צו אים.

אָבער ווי אָפּשטויסנדיק האָט זיך אַרויסגעוויזן אָט־דער מענטש מיט מענטשלעכער ווירדע, ווען אַריינקומענדיק נאָכן גירוש קאָוונע און אויס־הערנדיק אַ פאַראָרדענונג וועגן טאָג־עניים, האָט ער מיטאַמאָל געמאָלדן מיט אַ שמייכל אויף די אויסגעקרימטע ליפּן.

— וואָס איז דאָ צו זאָרגן! וועגן די טאָג־עניים! א טאָג פריער, א טאָג שפּעטער — אין די ווייכע פּאָטעלן וועל איך זיצן, נישט — איר!

— איר וועט אין די פּאָטעלן נ י ש ט זיצן, פּיאָטר!

דער „ליבער“ שמועס האָט זיך דערביי נישט פאַרענדיקט.

איך האָב פאַרבעטן מיין געוועזענעם לערער מאַרק מיכאילאָוויטש שאַט, וועגן וועלכן איך האָב אין ערשטן טייל דעם לייענער דערציילט. ייִדן, וואָס האָבן צוליב די אָדער יענע סיבות געהאַט געביטן די רעליגיע, האָבן זיך אין יענע טעג אַרויסגעוויזן פאַר הייסע פּאַרטייִדיקער פון די געליטענע. איך האָב שאטן אָפּגעגעבן די שליסלען פון אונדזער דירה און אויסגעהערט פון אים, אַז איך קאָן זיין רואיק: מיין אָנוועזנהייט וועט נישט זיין קיין סיבה פון צעשטערונג פאַרן האָב און גוטס...

אָבער דערצו איז נישט געקומען. הגם די דייטשע אַרמייען האָבן זיך מיט יעדן טאָג דערנעענטערט, הגם עס איז שוין באַזעצט געוואָרן וואַרשע —האָט מען אין ווילנע דעם גירוש נישט דורכגעפירט...

ווען די עשעלאָנען זענען אַוועק ווייטער, איז אין בערנאַדינער גאָרטן דעם זעלביקן אָוונט פאָרגעקומען אַ קאָנצערט פון סימפאָנישן אָרקעס־טער... איך געדענק קלאָר, אַז דיריגירט האָט דער יעמלט נאָך גאָר יונגער דיריגענט — ווילעזשינסקי. אין פּראָגראַם זענען געווען עטלעכע נומערן פון — טשייקאָווסקין, צווישן אַנדערע — „א האַרבסט־ליד“ און „אַ ליד אָן ווערטער“. דער אָפּגעצוימטער קרייז פאַר דער גראָטע איז געווען אָנגעפילט אויף א העלפט, אָבער היינטערן צוים, ווו דער צוטריט איז געווען אָן אומבאַצאָלטער, זענען געשטאַנען ייִדן אין יום־טובדיקע

בגדים... איך קאָן נישט זאָגן: צענדליקער אָדער הונדערטער. ציילן האָט זיך אין דער פינצטער נישט געלאָזט און כ'האָב אויך קיין חשק דערצו נישט געהאַט, ווייל מיך האָט איבערראַשט און דערשיטערט א כ אָ ר א ל פ ו ן צ ע נ ד ל י ק ע ר ש ט י מ ע ן, וואָס האָט וווּנדערבאַר מוזיקאַליש מיטגעזונגען מיט די סטרונעס פון אָרקעסטער — טשייקאָווסקים מוזיק....

45 יאָר טיילט אָפּ יענע 10—15 מינוט פון הייַנטיקע טעג, אָבער אין יענע מינוטן איז מיין האַרץ אָנגעפילט געוואָרן מיט די ערשטע קערנער פון דער תשובה אויף דער פראגע, וואָס מיך האָט געעגבערט אין די פרימאָרגנשעהן בעת איך האָב געקוקט אויפן צוג — פון אייביקן וואָגלער: וואָס איז עס „ייד"? ווער איז עס — „ייד"? נ יי ן! נישט גענוג צו זיצן אין עשעלאָן, וואָס גייט פון קאָוונע קיין טווער! נישט גענוג צו זיין א קרבן פון ווילדן ווילקיר! נישט גענוג צו געהערן צו די שיכטן פון פאַרמשפּטע! צו זיין יי ד י ש מוז מען קודם כל טראָגן אין האַרצן די פעדים און פלאַנצונגען פון געלייטערטער גייסטיקייט, דורך עינוּיים און רדיפות פון יאָרטויזנטער קריסטאַליזירטער.

אָט שטייען ז יי און זינגען טשייקאָווסקים ליד אָן ווערטער — אַזוי ווי נישט איבער ז יי ע ר ע קעפּ וואָלט הענגען די סכנה מאָרגן צו זיצן אין צוג פון אייביקער פאַרוואָגלטקייט; אַזוי ווי נישט אין זיי וואָלטן געצילט די פיילן און גיפטן פון רשעים און אכזרים... זיי זינגען און מיט זיי זינגט מיין תפילה צו דעם פאָלק פון ספר, פון ליד און פון פרייען געדאַנק!

איך ווייס: איך געהער צו דיין וואַנדערצוג. איך וועל זינגען דיין ליד! איך וועל זאָגן דיין שיר!

די צוויי חדשים ביז די דייטשן זענען צוגעקומען צו דער שטאָט זענען געווען פאַר מיר חדשים פון צעריסענעם, צעשפּאָלטענעם געמיט און קאַמף מיט זיך: פירן די קראַנקע מאַמען מיט זיך? בלייבן מיט איר? ד אָ ס הייסט אָפּרייסן זיך פון טעאַטער? ווייל „טעאַטער" איז געווען פאַר מיר — ר ו ס י ש טעאַטער!

וועגן מיטנעמען זי האָבן מיר אויפגעהערט רעדן, קוקנדיק ווי אַזוי עס זעען אויס די צוגן... פראַכטוואַגאָנען, אָנגעשטאָפּטע מיט מענטשן ווי מיט הערינג... מען זיצט אויף די דעכער, מען פאָרט צווישן די וואַגאָנעס, אויף די טרעפּ...

די פראגע שטייט: מ אַ מ ע אָ ד ע ר — בינע??

זי האָט געוויינט אין זאַקרעטער וואַלד... איך האָב געוואָלט זען, צי זי וועט אויסהאַלטן וואָכן אַליין? אָבער א י ד האָב נישט געקאָנט נישט זען זי לענגער ווי צוויי טעג... פלעג איך כסדר לויפן צו איר. אויף קליין-פּאָהולאַנקע איז געשטאַנען דער בנין פון דער י ו נ ק ע ר-שולע. איך פלעג אָנטרעפן גרופּעס יונגע יונקערס, וואָס דאַרפן היינט-מאָרגן אַוועקגיין אויפן פראָנט און אין אויער האָט שטענדיק געקלונגען דאָס פּאָפּולערע יונקערליד:

„Спите орлы боевые"

(שלאָפט, ליבע אָדלערס פון שלאַכטפעלד,
באַשטראַלט אין אייביקן רום!
עס בליען די לאָרבער פון קריגסהעלד
אַרום אייער אייביקער רו.)

איך האָב נישט געהאַט קיין באַשלוס. געוואַרט אויף א „נס", אויף א „בת קול", אויף א לעצטן שטוים מן הצד. די מוטער איז אָבער אַריין צו מיר און מיט פעסטקייט געמאָלדן, אַז זי וויל דעם קרבן פאַר איר נישט אָננעמען. דערפון קאָן קיין גוטס נישט אַרויס קומען, ווייל ס'איז נישט קיין נאַטירלעכער אויסוועג. „דו מ ו ז ט געהערן ז י ך, מיין זון, נישט דער מאַמען" — האָט זי געזאָגט. „מיר קאָנסטו שענקען פון דיין לעבן ש ע ה ן אָבער נישט י אָ ר ן — פאר געזונטערהייט און הער אויף אַנדערש צו טראַכטן".

האָב איך אויפגעהערט „אַנדערש צו טראַכטן" און אָנגעהויבן זיך מיט איר געזעגענען. מיר פלעגן אָפּזיצן גאַנצענע טעג פון פרי ביז נאַכט און קוקן זיך אין פּנים...

— דו פאָרסט אַוועק אויף א יאָר, מיין קינד! דאָך נישט ווייניקער?

— איך נישט אויף דריי, מאַמינקע!

זי האָט באַהאַלטן איר קאָפּ אין די הענט.

איך האָב מיטגענומען א יונגן בחור, וועלכן זיין מוטער האָט מיר „אָנפאַרטרויט". איך האָב אים רעקאָמענדירט וואָיטאָלאָווסקין און באַקומען זיין הסכם אים אַריינצונעמען אין טרופּע... ער האָט זיך אָנגערופן — קאַמסקי, באָרים קאַמסקי! דעם 12 אויגוסט 1915 איז פון ווילנע אָפּגעגאַנגען דער ל ע צ ט ע ר רוסישער צוג.

אריינבאַקומען זיך אין וואַגאָן האָט מיר געהאָלפן א זשאַנדאַר-אָפיציר, וועלכן איך האָב באַוויזן מיין קאָנטראַקט מיט וואָיטאָלאָווסקי

אַן אַקטיאָר פֿאָרט צום ווינטער־סעזאָן! ער האָט באַפֿוילן זיינע מענטשן מיך איינאָרדענען איך זאָל קאָנען ליגן, זיצן, שטיין. די מוטער איז געשטאַנען מיט א לוסטיקן שמייכל אויפֿן פּנים און אָבסערווירט ווי פריינדלעך מיר שמועסן מיטן זשאַנדאַרם, ווי ער שמאיעט אַרום מיך איינצואָרדענען. ווען אַלץ איז געווען ווי אמבעסטן. האָט ער מיר אויס־געשטרעקט די האַנט:

— צום ווידערזען! אין א רוסישער ווילגע — קלינגט מיר ביז היינט אין אויער זיין פֿראַזע.

געקומען די מינוט אַרומצונעמען די מאַמען... ראָס באַשרייבן קאָן איך נישט!

— זעץ זיך אַריין, מיין קינד. אז דער צוג וועט זיך רירן פֿון אָרט וועסטו נישט קאָנען דערלאַנגען: ס'איז דאָך נישט קיין נאָרמאַלער וואַ־גאָן. נאָך א קוש. נאָך א קוש.

— נאָר צוזאַמען, קינדערלעך, אין גוט און פֿרייד! נישט שיידן זיך! די דריי יאָר האָבן מיר דער עצה געפֿאָלגט! הוכט זיך — די איינציקע דריי יאָר פֿאַר אַלע יאָרן פֿון אונדזער „צוזאַמענלעבן“.

עס האָט זיך דערהערט דער קלאַנג פֿון צונויפֿגעשטויסטע וואַגאָנ־טיילן: די ערשטע וואַגאָנען האָבן זיך אָפּגעריסן פֿון פֿעראָן. איך בין אריינגעשפּרונגען אין מיין וואַגאָן. אויפֿן פֿעראָן זענען קיין סך באַגלייטער נישט געווען... בלויז איינציקע... בלויז איינזאַמע... די מאַמע איז געשטאַ־נען מיט אַן עפּל אין דער לינקער האַנט און געפֿאָכעט מיט דער רעכטער. זי האָט שמייכלענדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ. א געדיכטער רויך פֿון לאָקאָמאָטיוו האָט זי ווי מיט א פֿאָרהאַנג פֿון מיר באַדעקט.

מער וועל איך זי שוין נישט זען. מיך האָט פֿון איר אָפּגעריסן די זאַך פֿון מיין לעבן — רוסיש טעאַטער!

אין 3 יאָר אַרום וועט איר קבר מיך שיידן מיט איר...

דער צוג האָט זיך לאַנגזאַם געגליטשט פֿאַרביי דעם אין רויך פֿאַר־הילטן פֿעראָן. איבערן שוואַרצן רויך האָב איך דערזען אויפֿן הימל רויטע וואָלקנס און פֿלאַמען, ראָס האָט געברענט דער בראַנפֿן־זאַוואָד, — „מאָנאָפּאָלקאַ“ האָט עס דאַן געהייסן אין אומגאַנג — די אָפּ־שרעטנדיקע רוסישע מאַכט האָט אים אונטערגעצונדן.

איך פֿאָר קיין אוקראַינע שפּילן טעאַטער.

## III. אונטער אַ נייע פעל

אין אָנהויב יאָר 1921 דערהער איך אויף גזשיבאָוו אַן אויסגעשריי:

„אַ ר ק אַ ד י ווענ׳יאמינאָוויטש!“ —

און צו מיר פליט אַ מענטש מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס...

— איר זייט פון אַלעקסאַנדראָווסק? — האָב איך אים געפרעגט.

— יאָ — ענטפערט ער, קוקנדיק אויף מיר מיט חידוש — פון אַלעקסאַנדראָווסק... פון וואַנען האָט איר עס אַזוי תיכף פעסטגעשטעלט?

— אַלעקסאַנדראָווסק איז די איינציקע שטאָט, וווּ מען האָט מיך גערופן: „אַרקאַדי“... אָבער לאָמיר דערציילן בסדר.

אַז דער רויך, וואָס האָט פון מיר פאַרדעקט מיין מוטער האָט זיך צעשפּרייט און איך האָב אַריינגעקוקט אין הינטן־געבליבענעם פעראָן, איז די מוטער שוין דאָרט נישט געווען, מיך האָט אַרומגענומען אַ שווערלעכער געדאַנק, אַז איך וועל זי מער שוין ק יי נ מ אָ ל נישט זען; אַז איך האָב בידים אָפּגעשטויסן פון האַרצן — נישט נאָר דאָס טייערסטע — דאָס אַ יי נ צ י ק ע, וואָס איך האָב; אַז איך האָב געבראַכט אַ קרבן אויף אַן אויסגעטראַכטן מזבח...

איך וויל ערלעך מודה זיין, אַז איך ווייס נישט גענוי, צי בין איך געבליבן זיצן איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין די הענט אָדער איך האָב איבערגעבראָכן די שטימונג פון יאוש און געבראָכנקייט און זיך געלאָזט — „לעבן ווייטער“. אָבער איך מוז דאָ אונטערשטרייכן, אַז בעת איך בין, מיט 11 חדשים צוריק דאָס ערשטע מאָל אַרויס אין גאַס, האָבנדיק אויפגעשטאַנען פון שבעה נאָכן פאָטער, (דאָס איז מיר היינט פּריש אויף מיין געמיט אַזוי ווי יענעם טאָג מיט 45 יאָר צוריק) און בין געפאָרן אויף אַ דראָזשקע איבער „ברייטער“ גאַס, האָבן אַלע מיינע נערוון און פעדים געשפּילט מיט אַ געפיל פון ל ע ב ן; עפּעס אַ פרייד האָט מיך אַרומגענומען, פאַר וועלכער איך האָב זיך כמו געשעמט, אָבער זי האָט מיך באַהערשט פון אויבן ביז אראָפּ...

איצט אין וואַגאָן האָב איך געזוכט א פּינטל אָנצושפּאַרן מיין ווייטערדיק לעבן און האָב אים נישט געקאָנט געפינען, ווייל אַלץ אין מיר איז געווען אויסגעווייקט אין ווייטיק פון ג ע ו י ס נ ס ב י ס ן, אַז איך האָב מיין קראנקע מאַמען איבערגעלאָזט אויף גאָטס באַראָט, אַליין, שוצלאָז, הילפלאָז און — ערגעץ און קיין זאך וועט נישט געלינגען אָט דעם שריט אין לעבן צו באַרעכטיקן און אויסצוקייפן. די איינזאַמע געשטאַלט מיטן עפּל אין דער לינקער האַנט וועט מיר נאָכגיין אויף אַלע מיינע ווייטערדיקע וועגן, וועט שטיין פאַר מיינע אויגן און מיט פאָרוורף דערמאָנען. אַז אויפן שייד־וועג האָב איך דער מאַמען אָפּגעשטויסן און נאָכגעגעבן מ יי ן דראנג צו דער בינע. אָפּגעשטויסן דעם רוף: „אַל תשליכנו!"

דער עולם אין אונדזער וואַגאָן איז באַשטאַנען פון עלעמענטן, מיט וועלכע מיר איז נישט לייכט געווען צו געפינען א געמיינזאַמע שפּראך. די מעשה איז דאָך, וואָס איך בין פאַר אַנדערע ווי ל נ ע ר תושבים נישט געווען קיין טיפּישער „ווילנער" סיי מיין רוסיש־לשון, סיי מיין גאַנצער אופן באַנעמען זיך האָט נישט עדות געזאָגט, אַז איך בין א ווילנער קינד.

איך געדענק בולט א פּוילישן מיטרייזנדיקן אין וואַגאָן.

ער האָט זיך געהאַט צוגעקוקט צו דעם, ווי איך האָב זיך געזעגנט מיט דער מוטער, ער האָט געקוקט ווי איך האָב געדריקט די האַנט ביים זשאַנדאַרם און ער האָט נישט געקאָנט געפינען ביי זיך קיין ענטפער: ווהין געהער איך? ווי אַזוי זאָל ער מיך טראַקטירן? איך האָב עס דערפילט פון ערשטער מינוט און האָב באַשלאָסן אים העלפן צו איגנאָרירן אויס געפיל פון פאַרזיכט און זעלבסטווירדע. עס האָט געדויערט אַ טאָג אָדער מער (דער וועג ביז קיעוו האָט געדויערט 10 מעת לעת). ביז מיט אַלעמען אַרום זענען שוין געווען איינגעשטעלט באַציונגען פון אַנט־קעגנקומען, העלפן איינער דעם אַנדערן... בלויז לגבי אים האָט נאָך אָנגע־האַלטן די קעלט.

אין צווייטן טאָג פון אונדזערן וואַגאָנען האָט זיך אין צוויי איינקוואַטירט אן אָפּטיילונג פון עטלעכע און דרייסיק סאָלדאַטן. אין אַ שעה אָדער 2 שפּעטער זענען מיר געקומען אויף א סטאַציע, ווו די סאָלדאַטן פון אונדזער שכינותדיקן וואַגאָן זענען אַריין אין עשעלאָן, וואָס האָט געפירט צום פראָנט א גרויסן אָפּטייל. ביידע עשעלאָנען — אונדזע־רער און דער מיליטערישער — זענען געשטאַנען האַרט איינער נעבן

אַנדערן אין משך פון לאַנגע שעהן... חברה האָט דערפילט, אז דאָ פאַרט אן אקטיאָר, און די עטלעכע שעה זענען געווען פאַר מיר א פרייד, וואָס איך געדענק נישט קיין גלייכע... כ'האָב פאַרגעלייענט פאַר זיי — פושקין, לערמאָנטאָוו; ניעקראסאָוו, קאָלצאָוו. אַוועק גיין ווייט פון עשעלאָן האָט מען נישט געקאָנט, ווייל יעדע סעקונדע האָט זיך דער צוג געקאָנט אָפּ־רייסן פון אָרט און פאָרן ווייטער. פלעג איך די „קאָנצערטן" געבן ביי מיין וואַגאָן און די אאודיטאָריע האָט געקוקט און געהאָרכט פון די וואַגאָנעס... נאָכן קאָנצערט פלעגן די סאָלדאַטן פון אַלע וואַגאָנעס זיך אַרומזאַמלען אַרום מיר... איך וועל אין לעבן נישט פאַרגעסן די צע־שטראַלטע פנימער, דעם אויסדרוק פון פרייד און ג ל י ק. דאָס האָט מיך אַרויסגעריסן פון" מיין דערשלאָגנקייט. איך האָב יעמלט דערפילט מיין באַרוף, און די איינזאַמע מאַמע האָט מיר געוווּנקען און באַרואיקט.

שטיי איך, אַרומגערינגלט פון עטלעכע קאָזאַקן... צווישן די רעדער דרייען זיך הינער און קאַטשקעס... און איך רוף אויס:

— נישט געדאַכט זאָל זיי ווערן! שטערן דעם קאָנצערט מיט זייער קוויטששעריי און פישטשעריי... וואָלט כאָטש איינע פון זיי געזאָגט א דאַנק און געלאָזט זיך אויפעסן! און — ווי פון מיין מויל אין גאָטס אויערן — כאַפּט א קאָזאַק אַרויס זיין שווערד און שטעכט זי אַריין אין א פעטן האָן אונטערן וואַגאָן...

— אָט האָט איר אים, אייער ווילגעבוירן! עסט געזונטערהייט!

מיין ייִדיש האַרץ וואָלט עס נישט אויסגעהאַלטן, אָבער איך האָב נישט באַוויזן צו רעאַגירן אויפן „מאָרד" אין מיטן העלן טאָג, ווי פון צווייטן זייט דערהער איך:

— וואָס מאַכסטו חוזק, הו ווילדער קאָפּ? וואָס וועט אונדזער אַרטיסט טאָן מיט דיין האָן אין פעדערן און פוך? וויין אַהער, הו, פרא אָדם!

א צווייטער קאָזאַק פון א יאָר 20 האָט אַראָפּגענומען פון שווערד דעם האָן און אים אָנגעהויבן אַרומצופּן. די אָפּעראַציע האָט געדויערט א מינוט פינף. איך בין געשטאַנען, נישט ווייסנדיק מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיקן. ביידע קאָזאַקן זענען פאַרשווּנדן הינטערן וואַגאָן. איך בין אַריין אין מיינעם, האַלטנדיק, אַז דער עפּיזאָד איז פאַרענדיקט. אָבער אין א מינוט 10 אַרום האָבן זיי געבראַכט אן אָפּגעבראָטענעם האָן, גע־שפּאָלטן אין צווייען — אָט האָט איר אים, אייער ווילגעבוירן! צוגע־

זאַלצט און אָפּגעבראָטן! אַ שאַשליק. וואָס וואָלט אין סאַמע טיפּלים גע־מעגט ליגן אויפן טעלער. האָט נישט פאַריבל וואָס מיר האָבן נאָר אַ לײמענעם... פאַר אײער „יערמילאָ“ וואָלט מען געדאַרפט אײַך דערלאַנ־גען אַ כלי פון רײנעם גאָלד... נעמט שוין צו פון אונדז, וואָס גאָט האָט צוגעשיקט. פון האַרצן, אײער וווילגעבוירן! עסט געזונטערהייט!

איך האָב ביז דאַן און אויך שפּעטער נישט געוווסט פון אָפּיציעלע אויסצייכענונגען. מ ל ו כ ה און מ אַ כ ט האָבן מײנע 50 יאָר טעאַטער קײנמאָל נישט באַמערקט און נישט באַלוינט. אָבער פון ע ו ל ם, פון דער מ אַ ס ע, האָב איך געהאַט אַזעלכע אויסדרוקן פון אָנערקענונג, אַז מ ע ר האָב איך נישט געדאַרפט און נישט געזוכט. דער האָן, וואָס מיר האָבן יענעם זוניקן אויגוסט־טאָג דערלאַנגט די צװײ קאָזאַקן אויפן לײמענעם טעלער צווישן די צוויי עשעלאָנען ערגעץ אויפן וועג צווישן באַכמאַטש און קיעוו — דאָס איז אַ בלעטל פון גליק און באַפרידיקונג אין מײן בוד פון שווערע נסיונות.

עס איז איבעריק צו רעדן וועגן דעם, אַז צום קאָנצערט און צו דער געשעעניש מיטן פאַרשטאָרבענעם אָפּגעבראָטענעם האָן האָבן זיך צוגעקוקט פון אַלע זײטן די מיטרײזנדיקע און דאָס האָט אַרײנגעבראַכט נישט קנאַפּ לוסטיקייט און מונטערקייט אין די דערשלאָגענע געמיטער... אומגעריכט האָט זיך צו מיר געוואָנדן דער פּוילישער פּאַסאַזשיר און מיט אַן אײנגעהאַלטענעם שמײכל שטיל געזאָגט:

— אַנטשולדיקט מײן נײַגיר. איך מוז לײזן די רעטעניש. איר זענט אַ ווילנער, אָדער נישט?

— געבוירן, געוואַקסן אין ווילנע און ביז 17 יאָר פון ווילנע אין ערגעץ נישט אַוועק לענגער ווי אויף קורצע וואָכן.

— אַזוי האָב איך אָנגענומען, קיקנדיק אויף אײער מוטער, אָבער צווישן דעם אײדרוק פון דער מוטער ביז אַלץ א ו י ס ע ר דער מוטער ליגט אַזאַ דיסטאַנץ, אַז איך האָב מיר נישט געקאָנט מאַכן קײן קלאָר בילד וועגן דעם — ו ע מ ע ן איך האָב פאַר זיך. איצט הויבט מיר אָן ווערן פאַרשטענדלעך: איר זענט אַ שוישפּילער. איך וויל נישט זײן באַנאַל, אָבער איך מוז זאָגן, אַז אײער פאָרטראַג פון די רוסישע קלאַסיקער שטײט ווײט איבערן דורכשניט... איר זענט אַן אָנגעזעענער שוישפּילער! ווי זשע קומט עס צו ווילנע? צו אײער מוטער? צו די ערשטע 17 לעבנסיאָרן אײערע?

אין אומבאַוווסטזײן האָט זיך אָן שום ספק אַ צאַפּל געטאָן די טעמע

פון אונדזער ערשטן טייל, אָבער אין „בוכפאָרם" איז די דאָזיקע טעמע אַרויסגעקומען אין...43 יאָר אַרום און וואָס צו ענטפערן מיין אומגעריכטן אויספרעגער האָב איך לחלוטין נישט געוווּסט.

צו דער מינוט האָט מיר דער קאָזאַק דערלאַנגט אויפן ליימענעם טעלער דעם האָן. זעענדיק, אַז איך שטיי אין אַ טאָפּלטער פאַרלעגנהייט, האָט דער פּאַסאַזשיר אַרויסגענומען אַ טאַשנמעסער, אים געעפנט און מיר דערלאַנגט.

איך האָב אָפּגעשניטן פון מיין האָן אַ „פּולקע" און אויסגעשטרעקט דעם טעלער צו אים.

— וואָס וועט איך בלייבן, אויב איר וועט זיך אָנהייבן טיילן מיט די מיטרייזנדיקע?

— דאָס מיידעלע, וואָס די מאַדאַם האַלט אויף דער האַנט, איז אָן ספק אין ווילנע געבוירן און אין ווילנע געוואַקסן. דערלויבט מיר אייך בעטן איר אָפּגעבן אַ שטיקל פון אָט דעם האָן אַלס צייכן פון איבערגעבנקייט פון אַ ווילנער צו אַ ווילנערקע.

דערלאַנגענדיק דעם קינד, דאָס שטיקל עוף האָט ער געזאָגט אויף פּויליש עטלעכע ווערטער, פון וועלכע איך האָב אויפגענומען די מ ו ז י ק און דעם ז י ו, נישט וויסנדיק, אַז „ר אָ ד אַ ק" באַטייט: „זעמליאַק".

דאָס איז געווען די ערשטע פּוילישע פראַזע, וואָס איך, אין ווילנע געבוירן, אין ווילנע געוואַקסן — האָב דערהערט...

אויפן צענטן טאָג איז אונדזער עשעלאָן מיט די ווילנער „ביעזשענצעס" אָנגעקומען קיין קיעוו. ווי ווייט איך געדענק האָט מען אויפן פּעראָן גענומען „סאָרטירן" גרופּן: וועמען וווהין צו טראַנספּאָרטירן. דאָס רוב האָט מען אפילו נישט אַריינגעלאָזט אין שטאָט, ווייל קיעוו איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט ביעזשענצעס. איך האָב זיך געגרייט צו פּראָטעסטירן, אָבער ווי בין איך געווען גליקלעך, דערהערנדיק, אַז אויפן סמך פון מיין קאָנטראַקט מיטן טעאַטער אין אַלעקסאַנדראָווסק בין איך — „נישט קיין ביעזשענעץ", געווערט אַ דורכפאָרער און... קאָן זיצן אין קיעוו אַזוי לאַנג, ווי מיין קאָנטראַקט דערלויבט מיר. איך געדענק דעם ברייטפּלייציקן איזוואָזטשיק מיטן פּאַראַדנעם עקיפּאַזש, וועלכער האָט מיר געמאָלדן, אַז ער איז גרייט מיך צופירן איבער אַלע האָטעלן פון שטאָט און ער וועט דערביי מיך טראַקטירן ווי אַ מלחמה-געליטענעם און נעמען אַ מינימאַלע באַלוינונג (איך האָב אַזאַ מין איזוואָזטשיק נישט פריער

נישט שפּעטער איז מײַנע אויגן נישט געזען: דאָס איז די ברייטהאַרציקייט פֿון אַן אוקראַיִנער מענטשן!), אָבער ער וואָרנט מיר, אַז קיין צימער אין האָטעל וועל איך נישט קריגן... און — כך הווה!

נאָך לאַנגע שעה'ן אַרומוואַנדערן איבערן שטאָט זענען מיר געשטאַנען ערגעץ אויף קרעשטשאַטיק קעגן פֿונדוקליעיעווסקאַיאַ און... נישט געוווּסט וווּהין צו ווענדן אונדזערע בליקן...

אויפֿן טראָטואַר האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ מענטש. ער האָט זיך מיט בליקן פֿון טיפֿן נייגיר אָנגעהויבן אַרײַנקוקן אין אונדז און שטיל אַ פֿרעג געטאָן, פֿאַרוואָס מיר שטייען דאָ.

דער מענטש האָט אונדז פֿאָרגעלייגט פֿאָרן מיט אים און פֿאַרבלייבן ביי אים אַזוי לאַנג ווי מיר וועלן דאַרפֿן.

דאָס פֿאַנאַנדערצאָלן זיך מיטן איזוואָזשטשיק איז ווערט — „גאָלד מיט זילבער“. ער האָט מיטאַמאָל פֿאַרלוירן זײַן גוטסקייט און פֿלעגמאַטישקייט און זיך צעשריִען, אַז איך וויל זײַן נשמה פֿאַרפּאַקן אויף אייביק אין גיהנום, רוקנדיק אים אין האַנט אַרײַן, עפּעס, הוכט זיך, צען רובל. אים קומט, האָט ער געליאַרעמט, פֿאַר דריי שעה... עפּעס 4 רובל מיט 50 קאָפּיקעס און מער וועט ער נישט נעמען... טפֿו, זאָל מיך גאָט שומר און מציל זײַן פֿון אַנשיקעניש ביטאָג און ביינאַכט!“

מיך האָט שטאַרק ווייגעטאָן, וואָס מײַן טײַערער אוקראַיִנער מענטש יעט מיך פֿאַרלאָזן מלא הגזה אויף מיר, אָבער מײַן נייער גואל האָט ד אַרײַנגעמישט און דערהפֿירט צו אַ פֿילשטענדיקער שלום ושלווה: „נו, פֿאַרשטייט זיך, אַז אַ מענטש איז פֿון וועגן אויסגעמאַטערט, ווייס ער נישט וווּ אײַן און וווּ אויס און רוקט צען קאַרבאָוואַנצעס אָן שום בייזע כּוונות... זאָל אײַך גאָט היטן און פֿירן צו אַלדעם גוטן... זײַט געזונט“.

ער האָט אַ שמייץ געטאָן דאָס פֿערדל און פֿאַרשווּנדן הינטערן ראָג פֿון דער קאַרג באַלויכטענער גאַס.

די טעג אין קיִעוו אונטערן דאַך פֿון מלאכים און געשטאַלט פֿון מענטשן, אָדער פֿון מ ע נ ט ש ן מיט הערצער און געוויסנס פֿון צדיקים האָבן פֿאַרלייגט ביי מיר אין האַרצן אַ כּך שטאָף, וואָס איז מיר אין די שפּעטערדיקע יאָרן צונויף געקומען אונטער די קלעפּ פֿון שטיינערנע האַמערס איבער מײַן קאָפּ און גייסט.

סוף אויגוסט בין איך אָנגעקומען קיין אַלעקסאַנדראָווסק. דאָ הייבט זיך אָן אַ „קאַפּיטל“ — אַ ריי קאַפּיטלעך — וואָס באַטראַכטנדיק זיי ווי צן עטאַפּ פֿון טיפֿסטן און שאַרפֿסטן „אַהין“ אין פּלאָנטער פֿון מײַנע

קאָנפליקטן מיט זיך און מיט מיין סביבה, מוז איך קומען צום אויספיר, אַז דער פעריאָד האָט מיך מער ווי אַנדערע עטאַפּן פון מיין לעבן גע־פירט, געמלעך — „צ ו ר י ק".

פאַר די דריי יאָר אין אַלעקסאַנדראָווסק האָבן זיך פערמאַנענט גע־זאַמלט פאַקטן, וואָס האָבן פאַרטיפט און באַפעסטיקט די יסודות פון מיין וועלטבאַנעם, פון וועלכן איך האָב ביז 1918 נישט חושד געווען, אַז ער וועט ווערן נישט בלויז מיין „קרעדאָ", מיין „אני מאמין", נאָר, אַז מיין בלוט־צירקולירונג וועט אָנהייבן ווערן אָפּהענגיק פון די דערגרייכונגען און אַנטוישונגען אין ליכט פון אָט דעם קרעדאָ.

אויסערלעך בין איך אין אַלעקסאַנדראָווסק געווען אויפן צווייטן פּאָ־ליוס פון יענעם שטייגער, אין וועלכן איך בין אויסגעוואַקסן. פון פּעטער־בורג — פאַר די יאָרן אין שול — אין שפּעטער פון אַלע שטעט, ווו איך האָב געשפּילט, פלעג איך צו די עלטערן שרייבן אָפטע בריוו, וועלכע האָבן אַרויסגערופן אַ געוויסע „התפעלות" אין די יידישע קולטור־קרייזן, און מען האָט געשטוינט און זיך געראַזהט, וואָס דער מחבר פון „אַזעלכע בריוו" איז דערהויימערט פון דער יידישער קולטור־גאַס.

אין אַלעקסאַנדראָווסק האָב איך שוין מיט מיין יידישקייט נישט געהאַ קיין שום מגע־משא — אויסער מיין נאָמען: „אברהם" — „אַב־ראַם" בלע'ז — און אויך דעם נאָמען האָב איך דאָרטן... פאַרלוירן אין איין מינוט, אַזוי ווי אייגער פאַרלירט אַ מאַשנטיכל אָדער אַ שפּילקע פון אויסבינדער.

מעשה שהיה, כך היה.

מיין דירעקטאָר, דער שוין עטלעכע מאָל דערמאָנטער יאַקאָוו אַנ־טאָנאָוויטש וואָיטאָלאָווסקי, ווי אויך דער הויפּט־רעזשיסער יאָסיף אַראָ־נאָוויטש זענען ביידע געווען יידן פון פּראַוואָסלאַווגעם גלויבן.

איידער איך זעץ פאָר דעם סיפור המעשה מוז איך דאָ באַטאָנען, אַז די באַציונג און אָפּשאַצונג פון עצם ענין „שמד" אין אונדזער ווייט־ערדיקן אומגאַנג צווישן מענטשן האָבן נישט קיין שום שייכות מיט יע־נער פ ר י נ צ י פּ י ע ל ע ר שטעלונג צו מיין „ביימן די רעליגיע", וועלכע האָט פאַרנומען אַזוי פיל אָרט אין אונדזערע פריערדיקע קאַפּיט־לען. אין אַלע מרופעם זענען געווען א ז ע ל כ ע קאַלעגן און אונד־רע באַציונגען פלעגן באַשטימט ווערן הירך גאַנץ אַנדערע פאַקטאָרן.

אין אַלעקסאַנדראָווסק האָב איך געהאַט עטלעכע איבערגעגעבענע פריינד, פאַרערער, ביי וועלכע איך בין געווען אַ אָפטער בן בית, און

זייער „פּראַוואָסלאַוויע“ האָט אַבסאָלוט נישט געשטערט אונדזער פריינדשאַפט און קעגנזייטיקע צוגעבונדנקייט.

דאָס זעלביקע וואָלט איך געזאָגט וועגן מיינע באַציונגען מיט וואָיטאָלאָווסקין און אַראָנאָוויטשן.

זענען אָבער אַרויסגעקראָכן געוויסע „שרצים’לעך“ — פון אונטערדר’ערד.

וואָיטאָלאָווסקי איז געווען אַ טיפּישער קליינשטעטלדיקער מלמד — הן אין אויפן רעדן, הן לויט זיינע מאַניערן, הן לויט זיין גוטמוטיקן שמייכל אויף די ליפּן און אין זיינע שוואַרצע, ווי צוויי קאַרשן, יידישע אויגן איז דער דאָזיקער טיפּישער יידישער „לופט-מענטש“ (מיר וועלן טאַקע שפּילן אַזאַ פּיעסע — שמעון יושקעוויטשעס און האָבן וואָס צו דערציילן) — געווען אַ „פּראַוואָסלאַוונער“. נישט מער האָט דערפון פאַרלוירן כנסת ישראל ווי געווינען האָט די גריכיש-ביזאַנטישע קירך... איך פלעג אָפּזיצן פאַרן אָנהויב סעזאָן אַלע אָוונטן ביי אים, געניסנדיק גאַסטפריינדשאַפט ביי זיין ליבער פרוי, דער אָנגעזעענער און זייער סימפּאַטישער אָפּערעטן-זינגערין סאָקאָלאָווא.

אַ גאַנץ אַנדער סוביעקט איז געווען אַראָנאָוויטש!

דאָס איז איינער פון די  ג ע צ יי ל ט ע  פאַרשוינען אין משך פון מיין  ג אַ נ צ ן  לעבן, וואָס דערמאָנענדיק זיי, פאַרליר איך פון פּנים און פון האַרצן די מעגלעכקייט צו באַהאַלטן אַ שמייכל: טינקל ווערט די וועלט אַרום!

זיין טויף-נאָמען איז געווען דער דעמלט טרויעריק-באַרימטער אין גאַנצן לאַנד סאַראַטאָווער יעפּיסקאָפּ גערמאָגען, וועמענס נאָמען איז געווען פאַרבונדן מיט פּאָגראָמען, רציחות און ווילקיר פון „סאָיוז רוסקאָוואָ נאַראָדאַ“, פון וועלכן גערמאָגען איז געווען דער הויפּט-אָנפירער.

וועגן דעם, אַז אים האָט געטויפט „גערמאָגען אַליין“, פלעגט מיין הויפּט-רעזשיסער דערציילן ביי יעדער געלעגנהייט. איך בין נישט געבוירן צו זען קיין בייז אין אַ מענטשנס  י ע ד ן  קער, און „גערמאָגען“ האָט מיך געלאָזט גלייכגילטיק. מער ווי דעם „יחוס“ פון זיין אַ פּראַוואָסלאַוונער האָב איך דאָ נישט איינגעזען, אָבער דער סוביעקט האָט שוין געהאַט אין אויג, אַז איך בין גלייכגילטיק צו זיין אויסדערווייטלטקייט.

דער צווייטער פּרט אין דער כאַראַקטעריסטיק פון דאָזיקן סוביעקט איז געווען, וואָס ער פלעגט פּראָטעסטירן מיט אַלע רמ״ח אברים, אַז

מען פּלעגט זיך צום אים ווענדנדיק, זאָגן „הער אַראַנאָוויטש“... ווי מיט אַ בייטש אין באַק וואָלט איר אים דערלאַנגט!

„אַ ר אַ נ אָ ו י ט ש“! — מיטן טראָפּ אויף „ראַ“! אַז נישט איז — הימל עפן זיך! מיד האָט ער פּיינט געקראָגן בתחלית שנאה שוין דערפאַר, וואָס איך האָב פון ווילנע נישט געבראַכט קיין שטאָף אויף אַ קלייד פאַר זיין פרוי.

די פרוי איז געווען אַ ליב רוסיש ווייבל טאָקע פון סאַראַטאָוו, און איך האָב פון ערשטן געשפּרעך מיט איר אויפגעהערט צו פאַרשטיין ווי אַזוי זי אָטעמט איין לעבן מיט אים.

חוץ די אַלע מידות און מעלות זיינע, דערוויס איך זיך, אַז ער איז יאָרנלאַנג געווען מאַמאָנט דאַלסקיס סופלער און הערט נישט אויף צו דערציילן וועגן דאַלסקין מעשים שלא היו ולא נבראו. און זיין גרעסטע דערגרייכונג איז... וואָס דאַלסקי פלעגט אים פאַר יעדער פאָרשטעלונג און נאָך יעדער פּראָבע... שלאָגן מכות רצח.

וואָס איך האָב צו דערציילן וועגן דאַלסקין ווייס מיין לייענער גענוי. דעם געשלאָגענעם הויפּט־רעזשיסער און אַלעקסאַנדראָווסק האָב איך, הערנדיק זיינע „רעוועלאַציעס“ וועגן גרויסן אַרטיסט, נישט געזאָגט קיין איין וואָרט, נאָר דעם דירעקטאָר האָב איך באַוויזן דאַלסקיס טעלעגראַמע מיט דער אויפשריפט: „פון מיט־חבר“ און געזאָגט, אַז ער זאָל אַראַנאָוויטשן איינהאַלטן אין זיינע שטראָמען אומגעלומפּערטע מעשיות. דאַלסקי איז, פאַרשטייט זיך, אַ סקאַנדאַליסט, און אַראַנאָוויטשן שלאָגן האָט ער אָן ספק נישט געקאַרגט, אָבער נישט אין דעם איז דער אויפטו זיינער אין רוסישן טעאַטער.

אַראַנאָוויטש האָט מיר פון דער ערשטער פּראָבע ממש געטעמפּט די לעבט, פאַרפאָלגט אויף יעדן שריט... צו דער אַרבעט אין דעם טעאַטער וועלן מיר נאָך קומען בשעתו.

דערווייל האַלטן מיר ביי די ערשטע טריט אין שטאָט.

ביידע אָנפירער האָבן פון דער ערשטער פּראָבע מיך אָנגעהויבן אָנרופן מיט וועלכן נאָמען איר ווילט, אויסער מיינעם: „אַלעקסאַנדער“, „אַנאַטאָלי“, „אַנדרעי“, „אַריסטאַרך“, „אַלפרעד“, „אַדאָלף“... איך פלעג אָדער זיך נישט אָפּרופן, אָדער קוועטשן מיט די פּלייצעס. אָבער אַז איך האָב דערהערט: „וואַסיליעוויטש“, האָב איך, אָפּהאַקנדיק דעם גאַנג פון דער פּראָבע, געמאָלדן בקול רם: „הערט, יאָסיף גערמאָגענאָוויטש! איר פלאָנטערט כסדר מיין נאָמען. זאָל אייך זיין צו געזונט! אָבער מיין פּאָ=

טערס נאָמען וועט איר אַזוי גוט זיין פעסט פאַרגעדענקען: „וו ע נ י אַ־מ י נ אָ וו י ט ש“!!! מיך קאָנט איר רופן: „אַנדראָניק“ אָדער „אַמפי־טעאַטר“, אויב דאָס מאַכט אייך אייער לעבן זיסער, אָבער אויב איר וועט מיין פאָטער נישט רופן „וועניאַמין“, וועל איך זיך נישט אָפרופן. האָט עס אוים אויף אייער נאָז, וויקלט עס אַרום אויפן וואָנס און פאַר־געסט נישט: „וו ע נ י אַ מ י ן“!

אַ טאָג אָדער צוויי נאָך דער עפענונג פון סעזאָן, דעם ערשטן זונ־טיק 5 אַזייגער איז די גאַנצע טרעפ געווען איינגעלאַדן אויף אַ „פייף־אָ־קלאָק“ צו רעוועקאַ באָריסאָוונאַ קאַצען. דאָס איז געווען דער דירעק־טאָר (אייגנטימער) פון אַ גרויסער פאַבריק, וואָס האָט אויסגעאַרבעט קריגס־פּראָדוקציע. דאָס הויז פון מאַדאַם קאַצען איז געווען דער צענ־טער פון קולטור, קונסט, פּעדאַגאָגיק אין די אומשטענדן פון אָרט און צייט...

וואַימאַלאָווסקי האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז זונטיק נאָך דער בייטאָג־פאָרשטעלונג זאָל איך זיך „אויספוצן אין עסיק און אין האָניק“, למען השם — אין אַ סמאָקינג, און לאַק־שיך און קומען פּינקטלעך, ווייל דאָרט וועט זיין — די „גאַנצע שטאָט“: אַלע אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים, אָנגעזעענע כלל־טוער עט צעטעראַ, עט צעטעראַ.

אויסגעפוצט ווי נאָר מיינע כוחות האָבן עס דערמעגלעכט, אָנגע־זאַמלט אַלע „גלאַנצן“ פון מיינע אַמאָליקע פּאַריזן, בערלינען, ווינען און פּעטערבורגן, האָב איך מיט אַ פאַרשפּעטיקונג פון 5—6 מינוט — וואָס האָט נאָך אָנגעשאַרפט דעם אַלגעמיינעם אינטערעס — אַריבערגעטרעטן די שוועל פון מאַדאַם קאַצענס סאַלאָן, ווו ביים טיש אין דער לענג פון ריזיקן זאַל זענען געזעסן אַ מאַן 80 דאַמען און הערן אין גאַלאַ.

אַז איך האָב זיך באַוויזן אויפן שוועל, איז אויפגעשטאַנען פון זיין אָרט מיין דירעקטאָר און פייערלעך געמאָלדן:

— אונדזער פּרעמיער אַ ר ק אַ ד י וועניאַמינאָוויטש מאָרעווס־קי — איך בעט אים ליבן און שעצן!

ביים טיש איז אויסגעבראָכן אַן אָוואַציע. אַלע זענען אויפגעשטאַ־נען פון זייערע ערטער, מאַדאַם קאַצען האָט מיר אויסגעשטרעקט איר אָרעם און צוגעפירט צום אָרט אויבן אָן. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט, דער אַפּלאָז איז ביסלעכווייז אויסגעלאָשן געוואָרן און וואָימאַלאָווסקי האָט מיט אַ צעשטראַלטן פּנים אויסגערופן:

— נו, ווי געפעלט עס דיר, ארקאשא, ביי אונדז אין אַלעקסאַנד־

ראָווסק? איצט וועסטו שוין נישט פּרוּוון אַנטלויפן צו סטראָאיטעלעוון קיין נאָוואָטשערקאַסק... ט אָ = אָ = ז ש ע! זנאַי נאַשיך!

קלאָר ווי אַ לאַדעזשיק סמעטענע, אַז איך בין שוין פאַרבליבן „אַרקאַדי“, ווייל גיין פון איינעם צום אַנדערן איבער די פּאָמעלס „קאָרעגירן“ וואָיטאַלאָווסקין האָב איך נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט און אָפּרופן זיין מעלדונג בפרהסיה איז אויך געווען נישט פּאַסיק.

איצט איז קלאָר פאַרוואָס איך האָב אין 6 יאָר אַרום אויף גזשיבאָוו אין וואַרשע תיכף פעסטגעשטעלט פון וואַנען עס שטאַמט דער ייד מיט די אויסגעשפּרייטע אָרעמס. ווייבאַלד „אַרקאַדי“, קאָן עס זיין נאָר — אַלעקסאַנדראָווסק.

# IV. דער פּרייז פון לעבן

אין קורצע טעג נאָך מיין אָנקומען קיין אַלעקסאַנדראָווסק איז געקומען די ריי פאַר „לגאָטניקעס“ פון ערשטן ראזריאד אַריינגעצויגן צו ווערן אין דער טעטיקער אַרמיי.

אָבער די מאָביליזאַציע פון מיין יאָרגאַנג האָב איך אויסגעמיטן ווייל האָבנדיק אַן אַטעסטאַט פון אַפּטייקער־געהילף, בין איך פאַרבליבן אין הינטערלאַנד אַלס פאַרמאַצעווט. אין אַלעקסאַנדראָווסק האָט געהאַט אַן אַפּטייק א ברודער פון ווילנער אַדוואָקאַט דניאל אוצעכאָווסקי, און דער לעבעדיקער גרוס, וואָס איך האָב געבראַכט פון דער שוין אָפּגעריסענער ווילנע פון לייבלעכן ברודער, איז געווען גענוג, אַז איך זאָל ווערן אויפגענומען ווי אַן „אייגן קינד“... איך בין פאַרשריבן געוואָרן אין דער צאָל פון די געהילפן אין זיין אַפּטייק און ביזן סוף פון דער מלחמה געווען צוגעבונדן צו אַלעקסאַנדראָווסק, הגם מיט וואָיטאַלאָווסקין און אַ ר אַנאָוויטשן האָב איך נאָכן ערשטן סעזאָן אָן איבערגעריסן יעדע באַציונג.

— איך וועל דאָס טעאַטער פאַרברענען, אָבער דעם דאָזיקן יידישן פּרצוף אויף די ברעטער ביי מיר וועל איך נישט אַרויפלאָזן — האָט וואָיטאַלאָווסקי געמאָלדן.

איך וועל באַלויכטן די פּראַקטיק פון מיין אַרבעט אין טעאַטער יענעם סעזאָן 1915—16 נישט אַזוי אונטערן רעפלעקטאָר פון אַרטיסטישן וווּקס, אַנטוויקלונג, פאָרמאַרש, ווי אין ליכט פון דער אַ ט מ אָ ס פ ע ר און ר ע ז אָ נ אַ נ ס — סיי אין עולם, צווישן אַ טייל פון די אַקטיאָרן, סיי — פאַרקערט — ביי דער אָנפירונג פון טעאַטער.

וואָיטאַלאָווסקי, ווי דערציילט, האָט מיך אַנגאַזשירט אויפן סמך פון ד ר יי ראָלן, אין וועלכע ער האָט מיך געהאַט געזען. שוין מיט דריי יאָר צוריק אין יעקאַטערינאָסלאַוו האָט אויף אים געמאַכט אַן איינדרוק און אַל. טאָלסטאָיס „דער טויט פון יאָהאַן דעם גרויזאַמען“, מיין קורצער

אויפטריט אין דער ראָלע פון „באַיאַרין מאָראָזאָווו", וועלכער ענדיקט די טראַגעדיע מיט אַ מאָנאָלאָג איבערן צאַרס טויטן קערפּער. נאָך דעם האָט ער מיך געזען שפּילן — „ראָגאָזשין". אין מאָסקווע אין „בירזאָ", האָט ער מיך אויפגענומען מיט ברייטע אָרעמס.

נאָך דעם אַלעם, זייענדיק אַזוי פעסט אַקרעדיטירט ביים דירעקטאָר פון טעאַטער, האָב איך נישט געטראַכט, אַז קענען מיר לויערן סכנות פון ווערן אָנגערקענט פאַר „אומפעיק", „אומבאַהאָלפן" און דאָסגלייכן. מיר איז ביז דאַן, פון די ערשטע שריט אין אָדעם דורך אַלע ווייטערדיקע עטאַפּן, נישט אויסגעקומען אויף אַזוינס זיך אָנצושטויסן. אַרבאַטאָוו פלעגט אָפט זיין צו מיר שטרענגער ווי צו אַנדערע, בעת מיר פלעגן אַנטוויקלען דיסקוסיעס. איך פלעג זייער אָפט מיט ריקזיכטלאָזיקער גראָדליניקייט איבערקערן מיטן קאָפּ אַראָפּ זיינע טעזן. דער לייענער געדענקט, אפשר, אויך מיין ביטערן סוף אויף די פּראָבן פון „סוחר פון ווענעציע" — מיט גניעדימשן. און ענדלעך — די טרערן אין גאַל אויף יאַנאָווס לעקציעס... איך האָב שוין דורכגעמאַכט נישט קנאַפּ ווייטיקן. אָבער דאָ האָב איך דערהערט, אַז... איך בין סתם אַ יונג מיט אַ פּראַקטישן יידישן קאָפּ און מיט זייערע קראַוואַטן, אָבער... ו ו אָ ס  ה אָ ב  א י ך  צ ו  ט אָ ן  מ י ט  ד ע ר  ב י נ ע?

דאָס איז געווען אראנאָוויטשעס זאָאָלאָגישע שנאה צו מיר!

איך בין נאָך געווען צו יונג, אומבאַהאָונט און ערלעך צו קאָנען באַגרייפן, אַז ער וויל למען השם זיך דערשלאָגן צו דריי מעטער שטאָף אויף אַ קלייד פאַר זיין פרוי און האַלט, אַז פאַר מיין עקשנות דאַרף ער מיך אָפּווישן פון דער ערד...

ער האָט דערצו נאָך געהאַט אַ „פּראָטעזשע", וועלכן ער האָט פאַר יעדן פּרייז געוואָלט אַרויספירן אויפן ערשטן אָרט.

דער פועל יוצא איז געווען, אַז אַ טאָג פאַר דער דערעפענונג פון סעזאָן האָט מיך וואָיטאַלאָווסקי אריינגערופן און געמאָלדן, אַז איך בין — „לאָזט זיך אויס — סתם נישט קיין אַקטיאָר"... איך בין געזעסן אַ דערשלאָגענער, ווייל די פּראָבן מיט אראנאָוויטשן אַרום דער זייער פּאַראַנטוואָרטלעכער און קאָמפּליצירטער ראָלע פון „פּאַוועל דעמורין" אין נעמיראָוויטש-דאַנטשענקאָס „דער פּרייז פון לעבן", וואָס איז דאַן געווען איינע פון די גאַנגבאַרסטע פּיעסן אין רעפּערטואַר — זענען געווען נישט נאָר צייט-פאַרלוסט, נייערט דירעקטע בלוטצאַפּונג... איך בין אַרומגעגאַנגען בוכשטעבלעך ווי אַ האַלב-פאַרחלשטער.

— זאָגט איר אַליין אַ וואָרט — האָט זיך וואָיטאַלאָווסקי צעשריען, זעענדיק, אַז זיין לאַנגע טיראַדע פירט מיך נישט אַרויס פון מיין דער־שלאָגנקייט.

— וואָס זאָל איך אייך זאָגן? — האָב איך אויפגעהויבן אויף אים אַ פּאָר מוטנע אויגן: וואָס ווילט איר פון מיר?

— איר ווייסט ווי עס איז אָפּשפּילן דעם ספּעקטאַקל? אַן אַנדער אַק־טיאָר האָב איך שוין אויסגעשריבן פון מאָסקווע... אָבער דעם ס פּ ע ק־ט אַ ק ל נעמט איר זיך אונטער אָפּצושפּילן, אָדער אפשר אָפּרופן די דערפירונג?

איך האָב אויף אים אַ קוק געטאָן און געשוויגן.

— אַ וואָרט מיך צו טרייסטן קאָנט איר אייך נישט געפינען?

— יאַקאָוו אַנטאָנאָוויטש, — האָב איך קוים אַרויסגערעדט — „פּאַוועל דעמורין" איז אַ באַרג, איך מוז אים מאָרגן איבערגיין נאָך פּראָבן, וועלכע זענען קיין פּראָבן נישט, נאָר אַ זאַק מיט שטיינער אויפן האַלדז. איך קאָן אייך הייַנט ג אָ ר נ י ש ט זאָגן. „זאָגן" וועל איך פון דער בינע אויפן ספּעקטאַקל. און צי איר זאָלט אָפּרופן די דערפירונג? דאָס איז אייער זאַך. אַראָנאָוויטש וואַרט נאָר אויף דעם, אָבער ווו איז אייער אויג און אייערע 25 יאָר טעאַטער? איר האָט דאָך מיך אַנגאַזשירט און געגעבן שפּילן „דעמורינען" נאָך דריי פּאַרשידנאַרטיקע ראָלן, אין וועלכע איר האָט מיך געזען.

אַראָנאָוויטש האָט נאָך אַזוי געדרייט, אַז דעם סעזאָן האָט מען גע־עפנט מיט אַ ב י ט אָ ג י ק ע ר פּ אָ ר ש ט ע ל ו נ ג... זיין פּראָ־טעזשע האָט געשפּילט די קלאַסישע ראָלע פון „זשאַדאָוו" — (אָסטראָווס־קיס „אַ שטעלע מיט רוחים") — און איך האָב דאָרטן געשפּילט אַ ראָלע אין איין אקט: „דאָסוזשעוו". דאָס איז געווען אַ „גאַנג" כדי אויסצופּאָמפּען פון מיר דאָס לעצטע ביסל כוחות און אַרויסלאָזן מיך אין „דעמיורינען" אַ צעטראָטענעם בעת די פּראָבן און ענהגילטיק אויסגעשעפּטן בייטאָג...

אינעם שטיק איז פאַראַן אַן אַקט, וואָס דויערט כמעט אַ שעה און באַשטייט אין איין איינציקן דיאַלאָג צווישן פּאַוועל דעמיורין און זיין פרוי... הייַנט בין איך איבערצייגט, אַז דערפּענען דעם סעזאָן מיט אָט־דער פּיעסע איז געווען מצד אַראָנאָוויטשן אַן אויסגערעכנטער שריט מיך אויפן ערשטן ספּעקטאַקל צו באַגראָבן און פ אַ ר ש י ט ן, ווייל לאַוי

אַ יונגן אַקטיאָר שפּילן דעם אַקט מיטן אויסזיכט אויף דערפאָלג איז געווען אַן אומזין.

אָבער... אַרויסגעקומען איז עס — דער ה י פ ו ד פון אראַנאָוויטשעס אויסרעכענונגען!

איך האָב דערציילט בשעתו דעם עפּיזאָד מיטן „בליגדן באיאַן" אין דער שיל. אין אַלעקסאַנדראָווסק יענעם אָוונט איז פאָרגעקומען לערך דאָס זעלביקע...

דער פאָרהאַנג איז געגאַנגען אין דער הויך אַזוי פיל און אַזוי פיל מאָל.

וואָיטאַלאָסקי איז געשטאַנען אין דער קוליסע און געשיינט.

אראַנאָוויטש... אומפאַרשטענדלעכע מעטאַמאָרפאָזן שאַפט דער רבונו של עולם אין זיין בלויז פאַר אים קלאָרן רצון און כוונה... אראַנאָוויטש האָט אויך געשיינט אין דער קוליסע. אָבער אָן גאַל און בייזוייקייט ווייך באַגיין קאָן ער על פּי טבע נישט!

דערהער איך: „איר האָט געקאָנט קריגן נאָך אַ 6 פאָרהאַנגען מינימום. דאָס איז אַלץ אייער אומגעניטקייט!!!

איך האָב אויף אים אַ קוק געטאָן און — אַרויס פון טראַנס, פון גאָלדענעם נעפּל, אין וועלכן איך האָב, משמעות, געלעבט אויף דער בינע און... אפשר די לעצטע טעג?

וואָיטאַלאָווסקי האָט מיט פאַרדראָס איבערגעהאַקט זיין „הויפּט-רעזשיסער".

— לאָזט אָפּ מיט אייער „אומבאַהאָלפנקייט"... גענוג בלוט פאַרצאַפּט... נו, מאָריושאַ, זיי מוחל פאַר מיין געשפּרעד נעכטן און פאַר מיין גאַנצער האַנדלונג לגבי דיר. צי ביסטו אַן אַקטיאָר וועל איך שוין מער קיינמאָל נישט פרעגן. דאָס האָב איך געזען און געזאָגט בעת דיין מאָנאָלאָג: „אָט — דאָס איז צאַר איוואַן, פאַר וועלכן ס'האָט יאָרנלאַנג געציטערט רוס", הייגט זע איך און זאָג, אַז דו ביסט אַ ג ר ו י ס ע ר אַקטיאָר. און דאָס וועט זאָגן יעדער מענטש, וואָס האָט געזען דעם אַקט.

מיינט דאָך וועד עס איז, אַז עס האָבן זיך געענדיקט מייגע עינויים אין אַלעקסאַנדראָווסק. מוז איך דעם לייענער — אַנטוישן. מייגע עינויים אין אַלעקסאַנדראָווסק האָבן זיך ערשט אָ נ ג ע ה ו י ב ן!

די פאַקטאָרן, וואָס פאַרסמען דאָס לעבן פון שעפערישע מענטשן זענען דאָס רוב די מינדערווערטיקייטס-קאָמפּלעקסן פון יענע אַרום זיי, וואָס ציטערן פאַר זייער פּרעסטיזש און עצם קיום. אַזלעכע פאַרשוינען

זעען פאַר זיך „טויט־געפאַרן“ דאָ, ווו קיינער און קיין זאַך דראָט זיי נישט און זיי שטעלן אַרויס ווי קראָטעס זייערע נאָדלען אין זעלבסט־שוץ... דערביי גייט זיי נישט אַזוי אין באַווייזן זייער כּוח, זייער אויפטו, זייער דערגרייכונג (דאָס רוב שטעקט דער עצם אומגליק אין דעם, וואָס זיי האָבן נישט קיין דערגרייכונג, קיין אויפטו און קיין כּוח), ווי מאַכן צונישט יענעמס אויטאָריטעט און פּרעסטיזש. אָט־די פּלאָג דויערט געוויינלעך אַזוי לאַנג, ווי דער קאַמף אַרום ערשטן אָרט גייט נאָך אָן. קוים איז ער דערגרייכט געוואָרן — הערן די פּראָצעסן אויף... איך האָב ביסלעכווייז געשילדערט עטלעכע עפּיזאָדן, וואָס קאָנען דינען ווי פאַרבנרייכע אילוסטראַציעס צום אָקאָרשט אַנטוויקלטן געדאַנק... איך האָב אין מיינע ערשטע סעזאָנען געהאַט נישט ווייניק צו „זינגען און צו זאָגן“ פאַר יעדן טאַפּ אויף מיין וועג.

אין אַלעקסאַנדראָווסק האָט איך דעם גאַנצן כּוס ביטערניש און גאַל אויסגעטרונקען אויף די פּראָבן פון דער ערשטער אויפפירונג... צו דעם וועט מיר נאָך בלי ספק אויסקומען זיך אומצוקערן, ווייל דער אַלעקסאַנדראָווסקער „הויפּט־רעזשיסער“ איז געווען אַן אומגליק אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס און מאַסשטאַב ווי אָט דער טאַפּ.

אָבער דער טריומף נאָך דער באַרימטער סצענע איז געווען אַזוי אומדיסקוטאַבל; אין עולם און צווישן אַלע אָנטיילנעמער פון ספּעקטאַקל האָט געהערשט אַזאַ אַבסאָלוטע שטימונג פון דערגרייכטן דערפאָלג פאַרן טעאַטער און פאַרן סעזאָן, אַז מיין רעכט אויפן דאָמינירנדיקן אָרט אין דער טרופּע האָט זיך באַפעסטיקט אויף אַלע 100 פּראָצענט.

וואָס זשע איז ווייטער געשען?

צוויי צרות!

די ערשטע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מיין ליבער וואָיטאָלאָווסקי איז געווען אַן אַקטיאָר און האָט געהאַט חשק צו שפּילן. מילא, אדרבא: דיין טעאַטער, דיין ברירה — שפּיל געזונטערהייט. און אויב די פּאָרשטעלונגען, ווו דו שפּילסט די פירנדיקע פיגור, וועט נישט געבן קיין אויספאַרקויפטע הייזער, וועט דיר אויך קיינער נישט שטערן זיי איבערצוחזרן: ביסט לחלוטין נישט מחויב צו שפּילן בעסער ווי אַנדערע 8 פון דיינע 10 אַרטיסטן.

וויל דאָך אָבער דער דירעקטאָר, אַז ער שפּילט אין אייגענעם טעאַטער און עס קאָסט אים „בלוט“ (ווייל קיין „סבאָרן“ האָפט ער נישט צו מאַכן) — האָבן לפּחות — כּבוד און גדולה! פירט ער אויף — נישט מער

און נישט וויניקער — אַלעקסיי טאָלסטאָיס טראַגעדיע אין שפּילט... י אָ ה אַ ן דעם גרויזאַמען“.

לויט אַלע פּרטים אין דער געגעבענער סיטואַציע האָב איך געדאַרפט שפּילן די ראָלע פון „באָרים גאָדונאָוו“. אָבער צוזאַמען מיטן הויפּט־רעזשיסער איז באַשלאָסן געוואָרן אין דעם ספּעקטאַקל מיך אָפּצוהיטן וואָס ווייטער פון צענטרום. איך האָב נישט באַקומען אפילו „מאָראָזאָוון“. מיר איז אָנפאַרטרויט געוואָרן די זייער שווערע ראָלע פון פּוילישן שליח, ג אַ ר אַ ב ו ר ד אַ, וועלכער דערשיינט אויף דריי מינוט צו יאָהאַנס טראָן און וואַרפט דעם צאַר אין גאָמען פון פּוילישן קעניג סטעפאַן באַטאָרי אַ הענטשקע, רופנדיק אים אויף אַ צווייקאַמף אָנשטאָט צו פאַרגיסן דאָס בלוט פון ביידנס אונטערטאַנען.

וועגן דער געשטאַלט — „גאַראַבורדאַ“ וועל איך דאָ נישט רעדן.

אין טרופּע איז געווען אַ יונגע „העלדין“ עלעאָנאָראַ עלווינאָוואַ אָ ר ד אָ ן (קאָן זיין אַ קרובה פון דער שפּעטער באַרימטער גרויסמייסטערין פון דער פּוילישער עסטראַדע — האַנקאַ אָרדאָנוונאַ?). מיר זענען געווען זייער באַפריינדעט, אָבער נאָך דער פאָרשטעלונג איז זי אַריינגעלאָפן צו מיר אין דער גאַרדעראָבע מיט אַן אויפגערעגטן פּנים: „איר זענט אַ פּאָליאַק: פאַרוואָס האָט איר עס קיינמאָל נישט געזאָגט?“

וועגן דעם צי דאַרף אַן אַקטיאָר זיין אַ הויקער צו שפּילן אַ הויקער וועלן מיר נאָך רעדן נישט איינמאָל. דאָ זאָל געזאָגט ווערן קורץ און שאַרף: „ג יי ן! באַין שום אופן ואופן — נ י ש ט!!“ ז יי ן און ש פּ י ל ן — זענען צוויי אַנטיפּאָדן! דער עולם דאַרף מ יי נ ע ן, אַז אויף דער בינע א י ז אַ „הויקער“, אָבער דער הויקער מוז זיין אַ פּראָדוקט פון טיפן אַריינלעבן זיך אין דער סיטואַציע און מ יי ס ט ע ר ש אַ פ ט.

אין געגעבענעם ספּעקטאַקל האָט פּאַסירט אַ ספּעציעלע געשעעניש: אין אַלעקסאַנדראָווסק אויף די פאַבריקן און אַרום שטאָט אין קאָלאָניעס האָבן געוווינט אַ סך פּאָליאַקן. אין טעאַטער פלעגן זיי גיין אָפט; עס איז געווען אַ שיכט פון די אינטעליגענטסטע צושויער. נאָך דער סצענע מיט דער הענטשקע פון סטעפאַן באַטאָרי דעם רוסישן צאַר, געשפּילט, משמעות, אין טענער און פאַרבן, וואָס האָט אימפּאָנירט דעם פּוילישן האַרצן און נאַציאָנאַלער ווירדע, איז גאַראַבורדאַ פון דער בינע אַוועק אונטער אַזאַ דונער פון אַפּלאָדיסמענטן, אַז מיין וואַיטאָלאָווסקי האָט זיך פאַרלוירן

און נישט געחוסט: זאָל ער פאַרזעצן די געשטאַלט פון גרויזאַמען צאַר אין מצב פון גרימצאָרן, אָדער זאָל ער אַ ווײַלע אָפּכאַפּן דעם אָטעם און אויסזען ווי אַ גוטמוטיקער מלמד, וואָס איז אַרײַנגעפאַלן ווי אַ „יון אין באָרשטש“, טראָגט אַ קרוין אויפן קאָפּ און אַ מלבוש פון ריינעם גאָלד — אָנגעטאָן אַ טלית און אַ של ראש...

ס'איז נאָך נישט אַלץ, לייענער: אויף מאָרגן האָט דער איספּראַווניק אַרויסגערופן דעם דירעקטאָר און אים אײַנגעטײלט די געהעריקע פּאָרציע „מוסר“.

— וואָס אי; עס אײַך אײַנגעפאַלן? אַנטי־רוסישע דעמאָנסטראַציעס אָרגאַניזירן אין טעאַטער? שונאים פון דער רוסישער קרוין, וואַרפן העגטשקעס אין פּנים דעם צאַר? און דער עולם אַפּלאָדירט זיי 5 מינוט?

מײַן אָרימער דירעקטאָר האָט באַוויזן דעם פּאָרשטייער פון דער מאַכט, אַז פון דער בינע איז נישט געפאַלן קיין איין וואָרט און קיין איין זשעסט, וואָס זאָל נישט פאָרגעשריבן ווערן דורכן מחבר, דעם באַרימטן סלאַוויאַנאָפיל אַלעקסיי טאָלסטאָי.

— אָבער קיין מאַניפעסטאַציע פון עולם האָט דאָך טאָלסטאָי נישט פאָרגעשריבן! — שרײַט דער איספּראַווניק.

— דאָס איז שוין אַ פּאַרזען פון דער אָנפירונג, שטימט נעבעך צו מײַן דירעקטאָר. נישט באַדאַרפט לאָזן מאָרעווסקין שפּילן „גאַראַבורדאַ“!

דאָס שטיק איז געשפּילט געוואָרן נאָך איין מאָל: אראָפּגענומען זי תיכף וואָלט אויסגעזען, ווי מען האָט זיך דערשראָקן און שפּילן ווידער — האָט דער איספּראַווניק נישט געראָטן, און דער דירעקטאָר — נישט געוואָלט... הגם דאָס טעאַטער איז ביידע מאָל געווען פול.

אין צווייטן פאַל, ווען וואָיטאָלאָווסקי איז אויפגעטראָטן, איז די מעטאַמאָרפאָזע אַרום זײַן כבוד און גדלות אַרויסגעקומען אַנדערש געהילט, אָבער אין תוכן — די זעלביקע. געשפּילט האָט מען שמעון יושקעוויטשעס קאָמעדיע — „דער לופטמענטש“. וואָיטאָלאָווסקי האָט געשפּילט אַ געשטאַלט ווי פאַר אים געשניטן און געמאָסטן: אַ ייִדן, וואָס זוכט פּרנסה, געפינט זי נישט, קוקט מיט רחמנות־בליקן אַרום זיך... אַ מין געמיש פון שלום־עליכמס מנחם מענדלען מיט טוביה'ן. און מײַן דירעקטאָר האָט געוווּנען די סימפּאַטיע פון צושויער, און אַלץ וואָלט זיך פאַרענדיקט מיטן פייגסטן „העפּי־ענד“. מײַן דירעקטאָר וואָלט פאַרצייכנט אַ שלאָגנדיקן דערפאָלג בײַם עולם...

אָבער קעגן „נישט באַשערט“ איז נישטאָ קיין סגולה.

דער לופטמענטש איז צווישן אַנדערע פּרנסות — אַ שדכן („עלי גאָלד“, דוכט זיך, האָט געהייסן די געשטאַלט). רעדט ער אַ שידוך איינעם אַ בן יחיד אין אַ רייך יידיש הויז (אין אָרעם שפּילט זיך אָפּ די מעשה). דער דאָזיקער חתן=בחור דערשיינט ערשט אין צווייטן אַקט און ווידער — אין פערטן, רופט מען אים — „מאָניטשקע“... געשפּילט האָבן די ראָלע אומעטום די ערשטע קאָמעדיאַלע אַקטיאָרן און באַוויזן אַ צעבאַלעוועטן סיבאַריט, ערשטקלאַסיק אָנגעטאָן, עלעגאַנט, גרויסשטעטיש, אימפּאָזאַנט לויט זיין האַלטונג.

איך האָב אויף דער ערשטער פּראָבע געמאָלדן, אַז דאָס איז אַ כאַראַקטער=ראָלע, גרויסשטעטיש איז נישט מער ווי זיין אָנצוג און קראַוואַט. און אַליין איז ער פון קאָפּ ביז די פיס — אַ יידישער „מיטראָפאַן“ פון פאָן=וויזינס קלאַסישער קאָמעדיע „דער נישט=דערוואַקסענער“...

אויפן ספּעקטאַקל איז דער צווייטער און פערטער אַקט געווען דער „טשוואָק“. דאָס געלעכטער איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט נישט געקאָנט שפּילן. וואָיטאַלאָווסקי, בטבע אַ כמורער מענטש, איז געשטאַנען אין די קוליסן און האָט זיך געהאַלטן ביי די זייטן...

אין שטאָט האָט מען אַלע צעבאַלעוועטע יונגלעך אָנגעהויבן רופן נישט אַנדערש ווי „מאָניטשקא“.

אינגיכן האָט מען אין טעאַטער אויפגעפירט די דעמלט פּאָפּולערע קאָמעדיע „פּאָטאַש און פּערלמוטער“. איך האָב געשפּילט „פּערלמוטער“ און „פּאָטאַשן“ האָט געדאַרפט שפּילן וואָיטאַלאָווסקי, אָבער ער האָט מיט אַ זיפץ אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט: „זאָלן שוין אַנדערע מיט אים שפּילן. דעם סעזאָן וועלן מיר, ווי עס איז דערשלעפּן און ווייטער וועט זיין פוס מיין שוועל נישט באַטרעטן“...

צום אומגליק מיינעם האָט דער בייפאַל, וואָס האָט מיך באַגלייט אין יעדער נייער ראָל געהאַט ווי אויף צו להכעיס ספּעציעלע — אַזוי ווי אָרגאַניזירטע — פאָרמען: פאָרשטייער פון דער אָרטיקער אינטעליגענץ האָבן כסדר געזוכט די געלעגנהייט צו שליסן מיט מיר באַקאַנטשאַפט, פאַרבינדן פעדים פון פּערזענלעכע באַציונגען. איך בין בטבע אין דער הינזיכט אַ שלים=מזל פון די קינדערשע יאָרן און האָב אויך דאָ פון צענדליקער פאַלן אייגנעשטעלט קאָנטאַקטן — מיט איינצלנע... דאָס האָט נאָך פאַרגרעסערט דעם אינטערעס צו מיר מצד די, וואָס האָבן נישט באַוויזן זיך צו דערנענטערן, און אָן מיין ווילן און שולד איז מיין פּאָפּולאַריטעט אין שטאָט געוואַקסן. דערביי האָט מען מיך קיינמאָל נישט געזען אין קאָרטן=



מאָנטאַזש
„מאָניטשקאַ“ (אין ס. יושקעוויטשעס „דער לופט־מענטש“)
דער אַקטיאָר (אין גאָרקיס „נאַ דניע“)
„פערלמוטער“
דאָקטאָר סאַמועל (אין „דאָס נייע געטאָ“ — הערצל)
„דער וואָס קריגט די פעטש“ (II און III אַקט)

קליב, אין אַ נאַכט־לאָקאַל, און אַז איך האָב זיך איינמאָל באַוויזן נאָכן ספּעקטאַקל צום אָוונטברויט אין רעסטאָראַן, בין איך געוואָרן דער צענטער פֿון אַלגעמיינער אויפֿמערקזאַמקייט און צום טיש, וועלכן איך האָב געוועסט פֿאַרנומען ּוּאַלבעפֿינפּט, האָבן זיך אַרומגעזעצט אַ מאַן 25 מיט זייערע דאַמען... דאָס האָט אויף מאָרגן געוווּסט דער דירעקטאָר און דער הויפּט־רעזשיסער. פֿון איין זייט איז עס — „רעקלאַמע“ פֿאַרן טעאַטער און קאָן דעם „געשעפֿט“ ברענגען בלויז פּראָפֿיט, אָבער ביי מיינע אָנפֿירער האָט די גאַל געפּלאַצט פֿון איופֿערזוכט: „ווי אַזוי מ אַ כ ט ער זיך אַזוי פּאָפּולער?“

זאָל מיר אסור זיין, אויב איך האָב דערצו אַ קלאַפּ געטאָן אַ פֿינגער אָן פֿינגער. צווישן די געציילטע יחידים, מיט וועלכע איך האָב זיך דאָרטן באַפֿריינדעט און דערנענטערט, איז געווען אַ מענטש, אויף וועלכן איך וועל זיך אָפּשטעלן צוליב טעמים, וואָס וועלן דעם לייענער ווערן קלאָר פֿון דער עצם דערציילונג אָן איבעריקע באַגרינדונגען.

ער האָט געהייסן — בעקטאַשעוו, קאָנסטאַנטין סערגעיעוויטש ב ע ק ט אַ ש ע וו און אין מיין ספר הזכרונות געהערט אים אַ בלאַט, וואָס איך וואָלט געוואָלט געשריבן מיט אותיות פֿון ריינעם גאָלד...

## V. פּראָפעסאָר פּעטראַזשיצקיס אָפּגלאַנץ

דאָס טייערסטע און ווערטפולסטע, וואָס דאָס לעבן האָט איבערגעלאָזט אין האַרצן פאַר די דורות פון אונדזער יאָרהונדערט, זענען אָן שום ספק — געשטאַלטן פון מענטשן. ווען אַזאַ געשטאַלט בליצט אויף ווי אַ מעטעאָר אויף אַ קורצער רגע — לאָזט עס אויך איבער שפּורן. איך פאַרגעס נישט דעם „מענטש אין מונדור" — גענעראַל ליסאָגאָרסקי, איך טראָג אין האַרצן שטענדיק די ליכטיקע געשטאַלט פון ניקאָלאַ פּיעטראָוויטש ראָססאָוו.

אַ סך אַזעלכע געשטאַלטן קוקן צו מיר פון די נעפּלען און כמאַרעס!

„בעקטאַשעוו" — דאָס איז מער ווי אַ יאָר מענטשלעכע אויסשטראַלונג.

...עס האָבן זיך שוין אָנגעזאַמלט אַ פּאָר חדשים פון מיין אַלעקסאַנדראָווסקער פּראַקטיק, ווען צו מיר איז צוגעגאַנגען אין פּאָיע פון טעאַטער — בעת אַ פאָרשטעלונג אָן מיין באַטייליקונג — אַ יונגער אַקטיאָר אַ סטודענט — מאַרגאָוויצקי — און מיר געזאָגט, אַז מיט מיר וויל זיך באַקענען בעקטאַשעוו. דעם נאָמען האָב איך געהערט צום ערשטן מאָל און געפרעגט ווער דאָס איז. מיין קאָלעגע האָט מיט חידוש איבערגעפרעגט צי מאַך איך נישט פון אים חוזק: „בעקטאַשעוון קענט איר נישט? איך וועל אייך שפּעטער זאָגן גענוי, דערווייל קומט, ווייל ער וואַרט". —

אין פאַרן אַרבל האָט ער מיך אַריבערגעפירט אויף דער אַנדערער זייט פון פּאָיע צו אַ גרופּע פון דריי פּאַרשוין. וועלכער איז בעקטאַשעוו — האָב איך נישט געוווסט...

אָנרופן, מיין נאָמען האָב איך נישט געהאַלטן פאַר נויטיק, יענע האָבן זיך אויך נישט אָנגערופן, און דער גאַנצער עפּיזאָד וואָלט זיך באַלד געענדיקט און אָן ספק פאַרגעסן געוואָרן. אָבער נאָך אַ פּאָר מינוט שווייגן זאָגט איינער אומגעריכט:

— איך בין געכטן געווען אין טעאַטער!

איך האָב דערזען אַ פּאָר לאַכנדיקע אויגן און צווי רייען ציין ווי פּערל: ער האָט געשמייכלט. איז עס — חוזק, אָדער סימפּאַטיע? ווער ווייס אים!

— איר זענט היינט אויך אין טעאַטער — זאָג איך טרוקן.

ער האָט זיך צעלאַכט.

— גאַנץ ריכטיק — זאָגט ער: אָבער היינט שפּילט איר נישט!

— איז דאָס די סיבה פון אייער לוסטיקער שטימונג? — זאָג איך.

— איך האָב אַרצעבאַשעווס „אייפערזוכט" דאָ נישט לאַנג געזען אין פּעטערבורג ביי ניעזלאָבינען — מיט ירעניעוואַ און רודניצקין... איר האָט דעם „מאַן" באַוויזן באַדייטנדיק טיפער און שאַרפער ווי רודניצקי.

מיר איז געוואָרן אַ ביסל אומהיימלעך.

— רודניצקי איז אַ גרויסער אַקטיאָר — זאָג איך.

— איר זענט יעדנפאַלס נישט קיין קלענערער.

איך האָב נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן, ווי אַזוי צו רעאַגירן, ביז געשטאַנען ווי אַ גולם און געטראַכט: צו וואָסער גוטן יאָר האָט עס מיר אַהער אָנגעטראָגן?

מיטאַמאָל דערהער איך:

— ער איז פון דער ביגע אַ סך איגמערעסאַנטער ווי אין לעבן!

דאָס האָט מיר אויסגעזען ווי אַן אומפאַרדאָגאַבלע טאַקטלאָזיקייט. איך האָב דעם סוביעקט אָפּגעמאָסטן פון אויבן ביז אַראָפּ מיט אַ בליק פון גלייכגילט און, צולייגנדיק די האַנט צום שטערן ווי אין אַ מיליטערי־שער באַגריסונג, האָב איך איבערגעלאָזט די גרופּע און בין אַוועק הינטער די קולִיסן.

אין אַ מינוט אַרום איז אַריינגעפלויגן מיין סטודענט מיט פאַרווורפן, אַז בעקטאַשעוון פאַרדריסט, וואָס ער האָט געבעטן אייך צופירן.

— דאָס איז אַ דיכטער, איינער פון די איינפלוסרייכסטע מענטשן אין שטאָט און אייער הייסער פאַרערער. איצט האָט איר אַליין פאַרבערענט אַלע בריקן צו אים.

— מילא — זאָג איך: קענען מזל גייט מען נישט!

אין אַ צוויי וואָכן אַרום איז געווען מיין בענעפיס (איך האָב אויפגע־

פירט ד״ר הערצלס „האָס נייע געטאָ“ — דאָס איז אַ באַזונדערע טעמע) ביי אַ פּוילגעפּאַקטן זאַל האָב איך באַקומען אַ צאָל מתנות. די שטימונג אין טעאַטער איז געווען אַ געהויבענע. נאָך דער סצענע צווישן ד״ר סאַ־מועל און ראָטמיסטער פאָן שראָם — סוף פון דריטן אַקט — זענען די אָוואַציעס דערגאַנגען צו דער קולמינאַציע. איך בין אַריין צו זיך אין גאַר־דעראָבע אַן אויסגעשעפּטער און צוגלייך אַ צעפּלאָנטער. חברים און בי־נע־אַרבעטער האָבן געבראַכט פון דער ביגע מתנות, בלומען, קרענץ. פון עולם זענען אַריין אַ צענדליק צושויער מיט באַגריסונגען... צווישן זיי — דער הער מיט די לאַכנדיקע אויגן און פערלדיקע ציין... איך האָב זיך פאַר אַלעמען אַנטשולדיקט און אָנגעהויבן מיך איבערטאָן צום 4־טן אַקט. אַלע האָבן זיך געזעגנט און אַוועק. איך זע: ד ע ר רירט זיך נישט פון אָרט. אַז ער איז פעיק אויף טאַקטלאָזיקייט האָב איך שוין געוווסט, אַז דאָס איז מיינער אַ „הייסער פאַרערער“ און אַז זיין נאָמען איז „בעקטאַשעוו“ אויך געוווסט אָבער איבערטאָן מוז איך זיך דאָך! האָב איך זיך אַנטשולדיקט, אויסגעדרייט זיך צו אים מיטן רוקן און אָנגעהויבן טאָן מיין זאַך.

— אַ סך מתנות — הער איך און... שווייג.

— איך האָב געמיינט, אַז נאָר אַקטריסעס באַקומען ווערטפולע מתנות... לאָזט זיך אויס — איך האָב אַ טעות געהאַט. פון וועמען איז עס אַלץ?

— איך האָב נאָך נישט געהאַט ווען דאָס אַלץ דורכצוקוקן... איר מוזט מיר אַנטשולדיקן, איך דאַרף זיך איבערגרימירן: מען ברענגט מיך אין סוף אַקט אַ שווער פאַרוווּנדעטן.

ווי נישט אים מיינט מען עס: ער קוקט מיט זיינע לאַכנדיקע אויגן און רירט זיך נישט פון אָרט.

— איך האָב נישט געצווייפלט, אַז די קונסט דאָמינירט ביי אייך איבער אַלעם, אָבער נישט באַטראַכטן מתנות צוליבן גרים — דאָס איז שוין עפּעס איבער מיין פאַרשטעלונג!

איך בין געזעסן מיטן רוקן צו אים און געשוויגן.

— סאַראַ שיינע שאַכטל! אירט דערלויבן אַריינקוקן?

— ביטע!

— אָ! אַ זילבערנער בלאָקנאָט! זעט נאָר: פערזן! זייער אינטערע־סאַנט! ווער איז דער מחבר?

איך האָב זיך אומגעדרייט מיטן פּנים צו אים און דערזען: אַ שאַכטל מיט אַן אויפשריפט: „דעם טאַלאַנטפולן אַרטיסט פון אַ צושויער". אין שאַכטל — אַ זילבערנער בלאָקנאָט, און אויפן ערשטן בלאַט — אַ ליד.

עס זאָלן אויף הויכן די באַשטראַלטע
פון דיין דערוויילטן גרויסן וועג
אַפּלאָדיסמענטן און פּרעזענטן
פון גאַנצן פאָלק, וואָס אונדז שמעקט,
דיך קיינמאָל ערגעץ נישט באַצווינגען!
זיך טריי וועסטו דיין ליד אויסזינגען
און זיין אַליין פון זיך דער ריכטער
ווי פון קריטיק אין קאַלטע ליכטער
אַזוי אין ליבּ־געזאַנג און רום
און אַלע מאָל און אומעטום...
אַזוי זאָל זיין! און דאַך מיר גלוסט זיך
דיך שטאַרק אַרומנעמען, אַ קוש טאָן
און אויסדריקן מיין הייס געפיל
פאַר דיינע ראָלן, פאַר דיין שפּיל.
נאָר ס'האָט מיין קוש פאַר דיר קיין ווערט,
אויף ליפּן פון אַ מאַן ער ברענט,
נישט פון אַ פרוי: ס'איז חוזק, שפּאַט,
נעם צו דעם זילבערנעם בלאָקנאָט!

א צושויער

— וואָס איז עס פאַר אַ טיפּש? — זאָגט בעקטאַשעוו און זיינע אויגן לאַכן.

— הער בעקטאַשעוו. דאָס איז אַזאַ ליבער אויסדרוק צו מיר אויף מיין יום־טוב! איך...

— אַך, איר זענט פולשטענדיק גערעכט... זייט מוחל... א י ך בין אַ טיפּש. פאַרשטייט זיך. און ער איז אַרויס פון דער גאַרדעראָבע.

אַז דאָס איז געווען זיין מתנה, האָב איך זיך דערוווּסט אין אַ צייט אַרום.

מיין בענעפיס איז געווען אין אָנהויב דעצעמבער און דער חודש איז געווען פאַר מיר אַ חודש פון רייכן שעפערישן שניט. איך האָב אין משך

**פון 2—3 וואָכן געשפּילט צוויי פאָרשטעלונגען, וועלכע איך באַטראַכט ווי** צוויי וויכטיקסטע עטאַפּן אויף מיין גאַנצן לעבן: „ה אַ מ ל ע ט“ און לעאָניד אַנדרעיעווס — „דער, וואָס קריגט די פּעטש“. דאָס „מזל“ פון דיביידע אויפפירונגען איז פאַרשידן ווי עס איז די געשטאַלט „שעקספּיר“ פון דער געשטאַלט „לעאָניד אַנדרעיעוו“... „האַמלעט“ האָב איך — ווי דער לייענער דאַרף געדענקען — געשפּילט נאָך אויף דער שול־בינע. שוין דאַן איבערגעלעבט מינוטן פון אומפאַרגעסלעכער אויפרעגונג נאָכן צווייטן אַקט... נ אַ ד דער פּרעמיערע אין אַלעקסאַנדראָווסק האָב איך די ראָלע געשפּילט פאַרן גאַנצן לעבן געציילטע מאָל. אָבער דאָס איז אַ טייל פון מיין אָטעם, דאָס קלינגט ש ט ע נ ד י ק אויף די באַהאַל־טענע סטרונעס פון מיין האַרץ און געמיט, דאָס האָט געוואַרט שטענדיק אויפן צופאַל צו קאָנען זיך צעזינגען, צעשפּילן, פאַרפלייצן מיך און אַלץ אַרום מיטן שטראָם פון אַקטיאָרישן אַ ב ס אָ ל י ו ט... דאָס לעבן איז אַוועק, דער מאָטיוו איז געבליבן אין די פאַלדן פון די נישט אַרויסגעהילכטע זיפצן... בלויז איינצלנע סעקונדעס האָב איך געהאַט די געלעגנהייט אַרויס־צושטראַלן מיט אַ מאָנאָלאָג, אַ פראַגמענט, אַ סצענע.

אין אַלעקסאַנדראָווסק פון ווייַנאַכטן ביז סוף פון סעזאָן, ס'הייסט **פאַר אַ וואָך 6, האָב איך „האַמלעט“ געשפּילט — פון ערשטן טאָוול** ביזן צווייטן...

אַנדרעיעווס „פּעטש“ האָב איך אין אַלעקסאַנדראָווסק אויפגעפירט און געשפּילט עטלעכע מאָל, אָבער אין קנאַפּע 5 יאָר אַרום האָב איך עס אין מיין איבערזעצונג אויפגעפירט ביי די „ווילנער“ אין וואַרשע און נאָכ־דעם געשפּילט אין מיינע גאַסטשפּילן אויף ביידע זייטן אַטלאַנטיק.

די פּרטים פון אַריינגעמען אין רעפּערטואַר די ביידע פאָרשטעלונגען און זייער צוגרייטונג זענען בלעטער „טעאַטראָלאָגיע“, אויף וועלכע אַן אַקטיאָר קאָן דערציילן ווי אַזוי עס קאָכט און עס קילט זיך זיין בלוט אין קעכל פון אַרומיקע תאוות.

אָבער מיר האַלטן ביי בעקטאַשעוון.

אַ מענטש קאָן אָפּלעבן 90 יאָר און נישט דערקענען דעם העכסטן פּונקט פון זיין גליק און מיינען, אַז ער איז „גליקלעך“.

אַן אַקטיאָר קאָן דורכגיין זיין שפּעריש]ן וועג און נישט האָבן קיין איינציק מאָל די געלעגנהייט אויף זיך אַ קוק צו טאָן מיט די אויגן פון א י ד ע אַ ל ן צושויער. ד אָ ס, וואָס בעקטאַשעוו האָט געזאָגט וועגן

זיינע איינדרוקן פון אַ ריי ראָלן אין מיין אויספירונג, האָב איך מער קיין איין מאָל נישט געהערט!

עס גייט נישט אין „שבחים“! שבחים האָב איך געהערט — אויב נישט ביז בעקטאַשעוון, איז לכל הדעות אין די ווייטערדיקע עטאַפּן — אַ סך „געדיכטערע“ ווי בעקטאַשעוו פלעגט לאָזן הערן...

בעקטאַשעוו פלעגט נאָך אַ ספּעקטאַקל לאָזן הערן אַזעלכע געדאַנקען, אַז איך פלעג דערזען די אָפּגעשפּיגלטע געשטאַלט; כ'פלעג זי אָנטאַפּן; כ'פלעג זי צודריקן צו מיין ברוסט; פאַרמאַכן די אויגן און קוקן און האָרכן ווי זי אָטעמט, ווי זי ווירקט אויפן צושויער...

איך האָב געפּריידיקט און פּריידיק עד היום, אַז די קונסט פון אמתן אַקטיאָר באַשטייט אין דעם, וואָס ער שיסט אין דער פינצטער און טרעפט אין ציל, וועלכן ער זעט נישט. ווען מיר האָבן געבן זיך אַזעלכע צושויער ווי בעקטאַשעוו, וואָלט די פינצטערניש, אין וועלכער מיר שפּילן, געוואָרן באַלויכטן מיט אַ מין צוויבערליכט פון צעפלאַמטן געדאַנק... איך גיב מיר אָפּ אַ קלאָרן חשבון, אַז איך ברענג דאָ אַרויס שורות פון ריינער „מליצה“, און 99 פון 100 לייענער וועלן עס אַזוי מוזן אויפנעמען און אַנדערש קאָן עס נישט זיין, וויל זיי האָבן נישט געהערט, ווי אַזוי בעקטאַשעוו רעדט וועגן זיין איינדרוק פון געזעטיקן ספּעקטאַקל.

איך האָב עס יאָ געהערט און זאָג מיט אַ רואיקן געוויסן, אַז בעקטאַשעוו האָט פאַרצייכנט די טיפקייט און די וואָגיקייט פון מיינע סצעניש לייסטונגען אין משך פון יענעם יאָר, און ער האָט פאַרשטייט זיך.

— איבערגעלאָזט אין מיין שעפעריישן אָרגאַניזם שפּורן, וועלכע זענען שוין נישט פאַרשוווּנדן. איך האָב די ווירקונג פון זיין בליק אין מיר דערפילט אויף די פּראָבן פון אַנדערעיעווס שטיק און זיין ווירקונג איז מיר נאָכגעגאַנגען אויף די פּראָבן סיי פון „עזריאלקע מיראָפּאָליער“, סיי פון „דאַנטאָנס טויט“, סיי פון „שטורעם“.

איך וועל מיר דערלויבן אַ קורצע ציטאַטע בעת איינעם פון מיינע ערשטע געשפּרעכן מיט אים...

— בעת דער סצענע צווישן „סערגיי פּיאָטראָוויטש“ מיט זיין פריינד (אין אַרציבאַשעווס „אייפערזוכט“) האָב איך מיך געכאַפּט, אַז איך פיל זיך נישט אין טעאַטער, נייערט אין אוניווערסיטעט אויף פּראָפעסאָר לעאָן פּיעטראַזשיצקיס לעקציע וועגן דער פילאָזאָפיע פון רעכט... שטעלט אייך פאָר אַזאַ געפיל, אַז דעם לעקטאָרס מוח האָט זיך געעפנט און פון דער

קאַטעדרע איבער דער אוידיטאָריע שוועבט אַרום ווי אויף ווייסע פּעדער־פליגלען דער מענטשלעכער געדאַנק...

„פריינדשאַפט“ איז אַבסאָלוט אַ גאָרנישט זאָגנדיק וואָרט, אויב איך זאָל וועלן באַצייכענען מיינע באַציונגען מיט בעקטאַשעוון. אַפילו „פאַרליבט“ שעפּט עס נישט אויס.

איך קאָן זאָגן, אַז זיין דערנעענטערונג, ווען איך פלעג זען, ווי ער גייט, האָט אויף מיר געווירקט אַזוי, ווי עס ווירקט די דערנעענטערונג פון אַ געליבט פרויענווזן אין פעריאָד פון בלענדנדיקער פרייד און גליק.

דעם צווייטן סעזאָן האָט מיך וואָיטאָלאָווסקי נישט אַנגאַזשירט. איך האָב געלעבט פון דעם, וואָס מיין פרוי האָט פאַרדינט אין אַפּטייק, אַלס פּראָוויזאָר. אַוועקפאָרן פון שטאָט, ווי שוין פריער באַמערקט, האָב איך נישט געקאָנט. בעקטאַשעוו איז געווען דער אינספּעקטאָר איבער מלוכה־שפּייערן: איין אָנדייטונג זיינע וואָלט געווען גענוג, אַז איך זאָל אַרבעטן אין טעאַטער, אויף וועלכן געהאַלט איך וואָלט באַשטימט... אָבער איך האָב וועגן דעם אפילו מיט קיין קלענסטער אָנדייטונג צו אים זיך נישט געוואַנדן... און ער האָט עס ז יי ע ר גוט געוווּסט און אָפּגעשאַצט.

עס האָט זיך אָפּגעשפּילט נאָך אַן עפּיזאָד.

אַלס איינער פון די פירנדיקע אָפיציעלע פּערזענלעכקייטן אין די מאַכט־אָרגאַנען, איז ער געווען אַ מיטגליד אין דער קאָמיסיע, וואָס פלעגט באַטראַכטן די בקשות וועגן באַפרייען פון מיליטער צוליב קראַנקהייט.

איינמאָל איז געקומען צו מיר אַן עלטערע פרוי און דערציילט, אַז איר איינינקל דאַרף דעם חודש אַריינגעצויגן ווערן אין מיליטער. דער זון איז געשטאָרבן אין שפּיטאָל, און די שנור האָט זיך נישט באַשלאָסן צו קומען וועגן דעם בעטן.

— וואָס קאָן איך דאָ העלפן? — האָב איך געפרעגט פאַרחידושט.

— די זאַך ליגט אינגאַנצן אין בעקטאַשעווס הענט. מיין שנור זאָגט, אַז אויב איר וועט בעטן בעקטאַשעוון, וועט אונדזער סאַשע זיין פריי.

— און פאַרוואָס זאָל ער האָבן מער שאַנסן צו זיין פריי ווי אַנדערע אין דער זעלביקער לאַגע? מיט וועלכע מאָטיוון זאָל איך פאַר בעקטאַשעוון באַרעכטיקן די בקשה?

זי האָט אַ ווײַלע געשוויגן און ענדלעך אומבאַשלאָסן אַרויסגערעדט.

— הער מאָרעווסקי! די זאַכן ווערן דערלייזדיקט מיט געלט־מיטלען. געלט מאַכט אַ שוואַכן פאַר אַ קראַנקן, אַ קרענקלעכן פאַר אַ געפערלעך קראַנקן. אונדזער סאַשאַ האָט שוואַכע לונגען: דאָס איז בלויז אַ שאַנס.

צו מאַכן דערפון אַ פּעסטן באַרג דאַרף מען האָבן אַ פּאָר טויזנטער. מיר קאָנען האָבן אַ פּאָר הונדערטער.

— ווען איז דער לעצטער טערמין?

— עס קאָן זיין מאָרגן. מיר וואַרטן אויף דער אויפפאָדערונג זיך צו מעלדן... הער מאַרעווסקי, איר זענט אויך געווען ביי אייער מוטער איין קינד! ראַטעוועט אונדזער סאַשינקען. זאָגט מיר צו... ווען זאָל איך קומען נאָך אַ תשובה?

— צוזאָגן קאָן איך גאָרנישט. נאָך קיין תשובה קומען דאַרפט איר נישט... איך וועל מיט בעקטאַששעוון רעדן, אָבער אויב וועט עס איז אויסער אונדז וועט דערפון ווייסן, דאַן איז דער ענין פאַרשפּילט.

זי האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט און אַרויסגענומען פון רידיקיול אַ קאָנווערט.

— דאָס איז דער מאַקסימום פון אונדזערע מעגלעכקייטן...

איך האָב געקוקט מיט ווילדע אויגן, נישט וועלנדיק באַגרייפן וואָס דאָ קומט פאָר.

— וואָס איז עס פאַר אַ קאָנווערט?

— 500 רובל! טוט דערמיט וואָס איר פאַרשטייט.

— נעמט צו דעם קאָנווערט און פאַרגעסט, אַז איר האָט זיך באַשלאָסן וועגן דעם צו רעדן מיט מיר. מיט בעקטאַששעוון וועל איך רעדן אין 2 שעה אַרום... מער קאָן איך אייך גאָרנישט זאָגן. גייט געזונטערהייט.

איך האָב נישט באַוויזן זיך אויסצוקערן מיטן רוקן, ווי די אַלטע האָט אָנגעכאַפּט מיין האַנט, אַ קוש געטאָן און בליפנדיק אַרויסגעגאַנגען.

איך בין באַלד אַוועק צו בעקטאַששעוון און נישט געטראָפן אים אינדערהיים. אין אַ ווייַלע אַרום איז ער אַריין אין צימער און מיך ווי באַטויבט מיט אַן אויסרוף:

— ביי דיר איז געווען אַ באָבע בעטן דו זאָלסט מיט מיר רעדן וועגן איר אייניקל?

ווי אַ געפּלעפּטער בין איך געשטאַנען פאַר אים מיט אַן אָפן מויל...

— געווען ביי דיר אַ באָבע?

— געווען.

— ווי איז זיין פאַמיליע?

איך האָב זיך ערשט געכאַפּט, אַז איך ווייס עס נישט.

— מען רופט אים „סאַשאַ“, ער האָט שוואַכע לונגען.

— „סאַשאַ“ רופט אים זיין באָבע, זיין מאַמע. זיין מומע. אין מעטריקע קאָן ער זיין אַזוי גוט ווי „אַליעקסאנדער“,—„סענדער“, „מענדל“, צי „אייזיק“

איך האָב געשוויגן ווי אַ געליימטער.

— זי האָט דיר פאָרגעלייגט געלט?

— יאָ.

— וויפל?

— 500 רובל.

— האָסט געקאָנט נעמען 8.

— איך פאַרשטיי אייך נישט, קאָנסטאַנטין סערגעיעוויטש... איר מאַכט חוזק —?? אָדער איר ווילט איך זאָל פאַרגעסן, ווי מען רופט אייך?

— מיט אַמאָל — „איר“? דו האָסט צוגעזאָגט דיין מיטווירקונג ?

— איך האָב איר צוגעזאָגט, אַז איך וועל מיט אייך רעדן וועגן איר אייניקל

— נו, און וואָס נאָך?

— גאָרנישט מער... וואָס האָב איך נאָך געקאָנט איר זאָגן?

— און בלויז דערמיט איז זי אַוועק?

— זי האָט נאָך אַ קוש געטאָן מיין האַנט און זיך צעוויינט.

— הער מיך אויס, אַרקאַשאַ! די קאָמיסיע האַלט אָפּ זיצונגען איין מאָל אין חודש. דעם סאַשאַ, אָדער אייזיק, אָדער מאיר, אויב ער האָט שוואַכע לונגען, וועלן מיר באַפרייען. אין דער צוקונפט וועל איך טאָן פון מיין זייט אַלץ, וואָס איך וועל קאָנען פאַר יענע מיט שוואַכן געזונט, וואָס דו וועסט מיר אָנרופן, אָבער דו זיי נישט קיין דאָן קיכאָט, און אַז מען וועט דיר פאָרלייגן געלט, נעם צו און לייג אַריין אין קעשענע. וועסט זיין אַ ריטער, אויב דו וועסט אומקערן אין די פאַלן, ווען זיי וועלן נישט באַפרייט ווערן.

— קאָנסטאַנטין סערגעאיטש! צו פיל און צו טיף זענען געווען אונדזערע געמיינזאַמע איבערלעבונגען איבער די פראַגן פון פילן און דענקען, אַז איך זאָל זיין בכוח אומצוקערן זיך מיט אַ פלייצע און אַוועקגיין. איך בין נישט קלוג צו באַגרייפן: איר פרוווט מיך אויס, אָדער איר לאַכט מיך אויס?

אָבער אויף מיר האָבן שוין געקוקט זיינע לאַכנדיקע אויגן און פערלדיקע ציין.

— אַ מאָדנע בריאה! — זאָגט ער – קיין גמילות חסד נעמט ער

נישט; קיין ערלעכן כאַבאַר אָנערקענט ער נישט; צו וואָיטאָלאָווסקען פאַרליגן זיין דינסט גייט ער נישט... און קוראָפּאַטקעס וואָלט ער פרעסן אַ מױז אַ טאָג און נאָך מיט וויין פאַרטרינקען! פון וואַנען זשע זאָל זיך עס נעמען??

— פריער גאָט, נאָכדעם דער אַרמענישער פירשט — טאַשבעק, גערופן אויף דער איצטיקער וועלט — קאָסטיאַ בעקטאַשעוו! אוראַ!!

מיר האָבן זיך פעסט ארומגענומען און אָנגעהויבן טאַנצן איבערן גרויסן צימער.

דער קאַפּיטל „טאַש-בעק" האָט זיך איבערגעריסן אומגעריכט... אַזוי ווערט פאַרטיליקט און אָפּגעווישט אָן שפּור אַ רייטוואָגן, ארויפשפּרינגענדיק אין זיין זאָרגלאָזן געלויף אויף אַ צופעליקן פאַרלעגענער מינע אויפן וועג.

געשעענישן פון 1918. די וועלט האָט זיך ווידער געשפּאָלטן אויף צוויי — דאָס מאָל שוין לחלוטין נישט גלייכע — העלפטן. וואָלט מען **געקאָנט מיינען, אַז מיר האָבן פון בעקטאַשעוון אָפּגעריסן אָט די ג ר ו י ס ע** אויפטרייסלונגען. לא היה ולא נברא! אַ רייניער, מיט קיין שום אַנדערע געווירצן נישט פאַרמישטער שעקספּיר-מאָטיוו: **„דער מאָנסטער מיט** די גרינע אויגן" — א י פ ע ר ז ו כ ט ! !

אָבער דאָס איז געשען אין יוני 1918. מיר האַלטן ביים סוף 1915: „האַמלעט", „דער, וואָס קריגט די פּעטש" — אין וואָיטאָלאָווסקיס טעאַטער.

## VI. אַ הונט וואָס בילט — בייסט נישט!

(אַרום „האַמלעט“)

ווען אויפפירן „האַמלעט“ האָב איך מיט וואַיטאָלאָווסקין גערעדט נאָך אין מאָסקווע. ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ ביסל אַ דערשראָקענעם בליק און גאָרנישט געענטפערט. נאָכן דערפאָלג פון ערשטן אָוונט האָט ער מיר אַ זאָג געטאָן אין אַ פּאָר טעג אַרום: „ווען דיין ווונטש צו שפּילן „האַמלעט“, אַרקאַדי, טראַכט איך, און אַרום גיי־יאָר אין יום־טובדיקן רעפּערטואַר וועלן מיר עס נעמען אין אַכט. אָבער מיט אַלע כוחות האָט זיך קעגנגעשטעלט אַראָנאָוויטש: אַזוי לאַנג, ווי ער האָט אַ דעה, וועט אָט דער „רב אברהם“ שעקספּירס טעקסט פון דער בינע נישט לאָזן הערן!

איך האָב אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן דעם.

טוט גאָט אַ נס, און די דירעקציע לייגט פאָר די 5—6, „צווייטראַנגיקע“ אַקטיאָרן, צווישן וועלכע עס זענען געווען 4 סטודענטן, אַ בענעפיס און בעט, זיי זאָלן אָנרופן אַ פּיעסע, וואָס זאָל ברענגען אַ פולע איינגאַמע און נישט פאַרשעמען דעם נאָמען „סטודענט“.

מאַכן די בחורים אַ זיצונג און באַשליסן אין משך פון קורצע מינוטן איינשטימיק: „האַמלעט“ מיט מאָרעווסקין!

אַז מען איז געקומען צום דירעקטאָר מיטן איינשטימיקן באַשלוס, האָט ער זיך צעלאַכט, און דער הויפּט־רעזשיסער האָט אַ פרעג געטאָן:

— וויפל האָט ער אייך גאַראַנטירט במזומנים? איר וועט דאָך פון אייער בענעפיס האָבן קרחת...

אָבער זיין אַטאַקע איז געבליבן אַ פוסטער שאָס.

אויפן אַפיש איז געשטאַנען: „רעזשי אַראָנאָוויטש־מאָרעווסקי“, ווייל אויסשליסן אים פון דעם ספּעקטאַקל וואָלט הייסן אים באַליידיקן. דאָס איז לחלוטין נישט געווען די כוונה פון די יונגע לייט און מיינע אַוודאי נישט, בעת איך האָב טריומפירט איבער דער גאַנצער ליגיע.

ווען ער וואָלט פֿאַרמאָגט אַ מינימאַלע דאָזע טאַקט און מענטשלעכן געוויסן, וואָלט ער געפֿונען אַ מאָדוס אָפּצוהיטן זיין פּרעסטיזש און לאָזן מיר זיך צוגרייטן צום ספּעקטאַקל. דע־פֿאַקטאָ איז עס אָבער געווען אַזאַ פּיינלעכע אָפּקומעניש, אַז איך וואָלט זיך אָפּגעזאָגט פֿון מיין גליק און כּבֿוד צו שפּילן דעם ספּעקטאַקל, ווען... מיינע ליבע בענעפֿיציאַנטן וואָלטן נישט אויפֿגעהויבן אויף מיר זייערע בעטנדיקע בליקן ביי יעדן אויפֿברויז פֿון ווייטיק און יאוש.

אָבער דער אומפֿאַרמיידלעכער אויפֿרייס איז געקומען ערבֿ דער פֿאָרשטעלונג. איך האָב וועגן „האַמלעטן" שוין געהאַט געשריבן נאָך אין עלטער פֿון 15 יאָר (עס איז דערציילט געוואָרן, שילדערנדיק מיין בר־מצווה); איך האָב אים שול־פֿעריאָד אים געפֿאָרשט און שטודירט; איך האָב די טעמע געטראָגן שטענדיק אין האַרצן; איך האָב זי ענדלעך בעת מיין „שפּאַציר דורך אייראָפּע" א סך מאָל דורכגענישטערט...

אָבער, שפּילנדיק דעם טעקסט, רופֿט זיך ביי א שוישפּילער אין יעדן שעקספּיר־מאָטיוו אָפּ זיין פֿאַנטאַזיע, געוויסן, געהירן, געמיט אומגעריכט — און איבעררואַשט אים אַליין און רייסט מיט דעם צושויער געמלעך מיט דער אומגעריכטיקייט! שפּילן א טראַגעדיע הייסט אומהויפּהערלעך — אימפּראָוויזירן! דאָס איז יענער „שאָס אין נישט געזעענעם ציל", וועגן וועלכן מיר האָבן פֿריער דערמאָנט. וועגן דעם באַדייט פֿון אימפּראָוויזאַציע אין דער קונסט פֿון עכטן טראַגיקער האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט, שילדערנדיק די געשטאַלט פֿון דאַלמאַטאַוון.

אין דער סצענע פֿון אָפֿעליעס לויה שפּרינגט האַמלעט אַריין אין אָפֿעליעס קבֿר צו לאַערטאַסן, עס ברעכט אויס א געראַנגל, מען נעמט זיי פֿונאַנדער, האַמלעט שרייט אויס:

„כ'האָב זי געליבט ווי פֿערציק טויזנט ברידער זי נישט קאָנען ליבן?" און מיטאַמאָל צו לאַערטאַסן: „פֿאַרוואָס באַציסטו זיך אַזוי צו מיר? כ'האָב דיך דאָך ליב!!"

און אָט דער אויסברוך פֿון גרענעצלאָזער האַרציקייט ווערט פּלוצלונג אָפּגעהאַקט און דער צעפּייניקטער פּרינץ שרייט אויס:

„זאָל טאָן דער מענטש ווי אים זיך ווילט:
דער קאַטער קווטשט, דער כּלבֿ־בילט"

שעקספּירס רעמאַרקע: ער אַנטלויפֿט

די ווייטערדיקע פּראָזע געהערט דעם קיניג: „פֿאָלגט אים נאָך — צר

איז פון זין אראָפּ". איך קאָן איבער דעם לייענער צו אורטיילן צי בין איך געווען „באַרעכטיקט", צי נישט. דאָ איז נישט דאָס אָרט אויף דיסקוסיעס און קאָמענטאַרן פון שעקספּירס טעקסט. דאָ ד ע ר צ יי ל איך בלויז.

נאָך דער פראזע: „דער קאָמער קוויטשט, דער כלב — בילט" בין איך אַרויסגעשפּרונגען פון קבר, ארומגענומען מיט בליקן פון אימה אַלץ און אַלעמען אַרום און... זיך צעבילט ווי א הונט און מיטן ווילדן געביל אַנטלאָפן פון דער בינע.

דער קיניג האָט, פאַרשטייט זיך, געהאַט א פולשטענדיקן יסוד צו זאָגן: „ער איז אַראָפּ פון זין". ער האָט אָבער זיין פראזע נישט באַוויזן צו זאָגן, ווייל דער הויפּט-רעזשיסער איז אויפגעשפּרונגען און מיט אַ ווילדן קול געמאָלדן, אז ער וועט אַזאַ מין פאַרלעצונג פון שעקספּירן נישט דערלאָזן: „נישט דערויף האָט ער יאָרנלאַנג געאַרבעט מיט האלסקין, אַז"... און אַזוי ווייטער.

איך האָב באַוויזן אַרויסצוגיין פון טראַנס. מיך האָבן אַרומגערינגלט מיינע סטודענטן און אַנדערע חברים. מען האָט מיך אונטער די אָרעמס אוועקגעפירט אין גאַרדעראָבע, עס איז געקומען וואָיטאָלאָווסקי. איך געדענק נישט קיין איינצלהייטן. איך האָב געמאָלדן, אַז צו שעקספּירן און צו האַלסקין האָב איך מער שייכות ווי „א ר א-נ אָ װ י ט ש" מיטן יעפּיס-קאָפּ געדמאָגען איינאיינעם און, אויב מען קאָן אים נישט אָנווייזן זיין אָרט און גרענעץ, טרעט איך אָפּ די קרוין און דעם טראָן: שפּילן די סצענע, באַרעכטיקן דעם קיניגס ווייטערדיקע פראזע — קאָן איך נ אָ ר דערפילנדיק אין מיינע נערוון דעם בילנדיקן כלב. אַנדערש וועל איך די סצענע נישט שפּילן און דאָס, וואָס אַלע ביז היינט האָבן עס אַזוי נישט געשפּילט — בין איך נישט שולדיק.

איך בין אַוועק פון טעאַטער. וואָס מיט מיר האָט זיך געטאָן, אַז איך בין געקומען אַהיים — פאַרשפּאָר איך צו דערציילן. אין א שעה אַרום האָב איך דערהערט, אַז דער אַפּיש פון מאָרגנדיקן בענעפיס איז פאַרקלעפּט.

איך בין געבליבן ליגן ווי אין אַ פּאַראָקסיזם פון קאָנווולסיע... איך בין איינגעשלאָפן. שפּעט אין אָוונט האָבן מיך אויפגעוועקט מיינע 6 בענעפיציאַנטן.

— אַרקאַדי וועניאַמינאָוויטש, דער דירעקטאָר האָט געבעטן, אַז איר זאָלט קומען אין טעאַטער. עס איז באַשטימט אַ נאַכט־פּראָבע פון 5־טן אַקט „האַמלעט“ יאַקאָוו אַנטאָנאָוויטש מיינט, אַז מאָרגן דאַרפט איר זיך אויסרוען צו קאָנען שפּילן.

דעם עפּיזאָד מיט „האַמלעט“ ביי אַראַנאָוויטשעס „הויפּט־רעזשי“ וואָלט מען אויף דעם געקאָנט פאַרענדיקן. אָבער, היות מיר שרייבן דאָ זכרונות נישט פון זיין לעבן, מוז דערציילט ווערן, אַז געשפּילט האָב איך דעם סוף פון 4 אַקט — נישט אַזוי, ווי איך האָב אויף פּראָבע אָנגעמערקט. דער אינצידענט צווישן מיר מיט אַראַנאָוויטשן האָט זיך אָן ספק צעטראָגן איבערן שטאָט; דער באַשלוס אָפּצורופן די פאַרשטעלונג האָט אויסגעזען ווי אַ סיגנאַל צו אַ סקאַנדאַל; אין איבערפילטן צושויער־זאַל האָבן צענדליקער געוואַרט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם אויף דער סצענע אין קבר (די סטודענטן האָבן, אָן ספק, אין שטאָט דערציילט די פּרטים פון קאָנפליקט), אָבער, אָפּגעזען פון מיינע שוישפּילערישע איבערלעבונגען, האָב איך מיך איצט געפילט ווי איינער, וואָס האָט אין צווייקאַמף אָוועקגעלייגט דעם קעגנער אויף דר'ערד און דאַרף צודריקן מיטן קני דעם באַזיגטנס ברוסט... און דאָס קאָן איך נישט!

„שעקספּיר“, „האַמלעט“, „ראָלע“ — אַלץ פונקטן פון שעפערישן קיום, פון אַרטיזם, פון פילאָסאָפישן אויסלעבן זיך, פון עמאָציאָנעלן אויפשטייג, פאַרטיפונג, דערהויבנקייט... אָבער וואָס איז דאָס אַלץ ווערט, אויב עס קאָסט עמעצן דערנעבן אַ שטראָם פאַרשטיקטע טרערן, אַראָפּגעשלונגענע גאַל... וואָלט איך נאָך געהאַט פאַר זיך אַ קעגנער, וואָס איז דערוואַקסן צו באַגרייפן, אַז דאָ שפּילט דער אמת פון שעפערישן אויפבליץ און אַז ער דער קעגנער טרעט אָפּ פאַרן כוח פון צעשפּילטער פאַנטאַזיע — און פון געשלאָגענער אַמביציע זאָל ביי אים קיין שפּור נישט זיין!

איך האָב, ווען די סצענע אין קבר איז אָנגעקומען, נישט געקאָנט טאָן דאָס, וואָס האָט אים אַזוי אויפגעבראַכט... „נישט געקאָנט“, ווייל... געקאָנט; ווייל אַלע שטערונגען זענען געווען אָפּגערוימט פון וועג; ווייל ער איז געזעסן ערגעץ אין אַ פאַרשטעקטן ווינקל און זיך געקאָרטשעט פון צעגאָסענעם גאַל און מאַכטלאָזן כעס. ווי אַזוי איך האָב די סצענע אָפּגעפּטרט — לאָמיר דאָ נישט רעדן. אַרויסגעקומען איז עס דער שוואַכסטער מאָמענט אין משך פון גאַנצן אָוונט. דאָס רוב פון די, וועלכע האָבן געזען די פּראָבע, האָבן אָנגענומען, אַז איך האָב אויפן ספּעקטאַקל נישט געהאַט די געהעריקע „שטימונג“ אוי־

רעדיבער איז די סצענע אַרויסגעקומען אַזוי בלייך. דער גרונט פֿון דער „בלייכקייט" איז אָבער געווען אַן אַנדערער: איך האָב אין דעם מאָמענט אויפֿגעהערט „האַמלעטן" צו שפּילן. איך בין אַליין אַ „האַמלעט" געוואָרן און האָב אָנגעהויבן — „נקמה נעמען — נישט מיט בלוט, — מיט ט ר ע ר ן" („האַמלעט" — 3 אַקט, סצענע מיט דער מוטער).

ביז סוף סעזאָן, ווי דערציילט, איז די פֿאָרשטעלונג געגאַנגען עטלעכע מאָל ביי אויספֿאַרקויפֿטע הייזער. אַן אָנדענק איז מיר פֿאַרבליבן אַ נ י ש ט ג ע ל ו נ ג ע נ ע (ווייל איז איילעניש געמאַכטע) פֿאָטאָגראַפֿיע, ווו דער פּאַרוק זיצט אויפֿן קאָפּ אין אַ זייט — די דאָזיקע אויפֿנאַמע גיט אַ פֿאַלשן בילד פֿון מיין פֿאַקטישער האַמלעט־געשטאַלט אין יאָר 1915, אָבער זי וועט עדות זאָגן וועגן די פֿאַרקריפּלטע אומשטענדן, אין וועלכע אונדזער בעל דבר האָט זיך געדראַפּעט אויף זיינע וועגן צו די הויכן פֿון זיין לעבנס־ציל.

נאָך צוויי פּרטים וועגן דעם ספּעקטאַקל: אויף דער פּרעמיערע האָט מען מיר דערלאַנגט אַ קויש בליענדיקע רויזן... איך האָב עס געוואָלט אָפּגעבן מיינע ליבע בענעפֿיציאַנטן, האָבן זיי זיך ענטזאָגט עס פֿון מיר אָוועקצונעמען: „האַלט, ליבער חבר מאָרעווסקי, אַז דאָס איז פֿון אונדז". איך בין געווען טיף גערירט, אָבער אין דער גאַרדעראָב בין איך געוואָרן אויפֿגערודערט ביזן גרונט פֿון מיין נפֿש: אין קויש איז געלעגן אַ וויזיט־קאַרטע מיט אַן אויפֿשריפֿט — „דעם היינטיקן „פּרינץ פֿון דענעמאַרק", נעכטיקן „גאַראַבאַרדיאַ" פֿון אַ גרופּע צושויער, וואָס באַוווּנדערן זיין יעדע לייסטונג און פֿילן זיך דערהויבן פֿון זיין דערפֿאָלג אין אומשטערבלעכן שעקספּיר־ווערק... בראַוואָ! וויוואַט!". נאָכן ספּעקטאַקל זענען אַריין אין גאַרדעראָב אַ גרופּע פּוילישע מענער און צוויי דאַמען אין דער באַגלייטונג פֿון יעלענע עלווינאָווונאַ אָרדאָן. איך בין געווען צערודערט און צעטראָגן. נישט געוווּסט אויף וואָסער וועלט איך בין, געשמייכלט, געדריקט אויסגעשטרעקטע הענט און דערהערט ווי יעלענע עלווינאָווונאַ זאָגט צו די הערן, רעדנדיק מיט זיי פּויליש: „ר אָ ד אַ ק!"

אויפֿן פּלאַקאַט פֿון יומטובדיקן רעפּערטואַר (25 דעקאַבער 1915 — 6 יאַנואַר 1916) איז „האַמלעט" געווען אַנאָנסירט 2 מאָל. מען האָט געשפּילט צו צוויי פֿאָרשטעלונגען אַ טאָג. איין טאָג האָב איך געשפּילט 2 ראָלן: 1. — האַמלעט און 2. — „יאַאיטשניצאַ" אין גאָגאָלס „ אַ שידוך" (זשעניטבאַ) — די ראָלע פֿלעגן שפּילן אויסגעשפּראָכענע בופֿאָנאַדע־קאָמיקער... עס איז געווען איינע פֿון וו אַ ר ל אַ מ אָ וו ס קרוין־ראָלן.

אין אַלעקסאַנדראָווסק האָב איך עס געשפּילט צוליב צוויי טעמים: ראשית, ווייל איך בין געווען אין באַזיץ פון אַ פּעטליוּריקער קאָרפּאַלעניץ, וועלכע די געשטאַלט פאָדערט און, והשנית — האָט אראָנאָוויטש געזאָגט, אַז מען דאַרף מיר אַרויסשלאָגן פון קאָפּ די מחשבה, אַז איך בין אַ „טראַגיקער": „ער וועט דאָך טאַקע מיינען, אַז ער איז — דאַלסקי!"



„האַמלעט"

# VII. „קאָנסועללאַ“ הייסט שפּאַניש: „טרייסט“

(לעאָניד אַנדרעיעוו און זיין „דער“)

לעאָניד אַנדרעיעוו איז איינע פֿון יענע דערשיינונגען אין דער רוסישער ליטעראַטור פֿון דער פֿאַר-רעוואָלוציאָנערער תקופֿה, וועלכע זענען אין מבול פֿון די געשעענישן אַראָפּגעשווינקט געוואָרן, און דער הוה, פֿאַרמאָן אין די דאגות, צרות און ליידן פֿון די ווייטערדיקע יאָרצענדליקער, — האָט אים פֿאַרגעסן...

רעדנדיק היינט וועגן לעאָניד אַנדרעיעוון אין שייכות מיט איינדזערע מאָטיוון, מוז איך קודם כּל אַקצענטירן אַ פּונקט, וואָס וועט אין די ווייטערדיקע בלעטער און בענדער אַלץ אָפֿטער אַרויספֿויכן.

דער דאָזיקער פּונקט איז — ל י ט ע ר א ט ו ר!

פֿאַרשטייט זיך, אַז לעאָניד אַנדרעיעוו איז אַ קאַפּיטל פֿון ליטעראַטור. אָבער, רעדנדיק וועגן לעאָניד אַנדרעיעוון, האָב איך אַ געוויסע פֿאָרשטעלונג וועגן דעם, וואָס אַזוינס איז „לעאָניד אַנדרעיעוו“, אָבער איך ווייס לגמרי נישט — וואָס איז אַזוינס „ליטעראַטור“?

„ליטעראַטור“ בכלל, אַלס ס כ ו ם, אונטערליגט נישט קיין שום ספֿק און דיסקוסיע. אָבער ווו הויבט זיך אָן די קוואַליטעט פֿון געשריבענעם וואָרט, וואָס זאָל עס מאַכן אָ ב י ע ק ט י וו פֿאַר אַ ווערק פֿון ליטעראַטור?

אמאָל, אין אָנהויב פֿון מיין באַוווּסטזיניקן לעבן, האָב איך געמיינט, אַז איך האָב אויף אָט דער שאלה אַ קלאָרע תשובֿה.

שפּעטער — אין די צוואַנציקער יאָרן, אין קעסל פֿון יידישן קולטור-לעבן — האָב איך דערזען, אַז די דערגרייכונגען אין ווערטן, וואָס דאַרפֿן געקרוינט ווערן מיט לאָרבערס פֿון אומשטערבלעכקייט, האָבן נישט לויט די ט אָ נ ג ע ב ע ר פֿון אונדזער ליטעראַטור-קריטיק קיין ליטעראַרישע ווערט.

האָב איך מיר געזאָגט, אַז מהיום והלאה האָב איך מיט „ליטעראַטור" קיין מגע ומשא נישט, און... איך זוך זי נישט.

ש ע ק ס פּ י ר, כּדומה למשל, איז פֿאַר מיר — נ י ש ט „ליטעראַטור", און עס ליגט מיר זייער צו דער האַנט, וואָס לעוו טאָלסטאָי (וואָס איז, פֿאַרשטייט זיך, יאָ — ליטעראַטור, דורכויס ליטעראַטור), „האַלט נישט, פֿון שעקספּירן.

לעאָניד אַנדרעיעוו האָט אין אָנהויב יאָרהונדערט באַהערשט די הערצער און מוחות פֿון מיליאָנען אויף אַזאַ אופֿן, אַז מאַקסים גאָרקי איז געבליבן הינטער זיין פּאָפּולאַריטעט. דערביי האָט טאָלסטאָי וועגן אַנדרעיעוון געזאָגט: „ער שרעקט מיך און איך האָב קיין מורא נישט" אָבער גאָרקי האָט זיך געהאַט אויסגעדריקט, אַז ער וואָלט וועלן האָבן זיין, אַנדרעיעווס, טאַלאַנט.

לעאָניד אַנדרעיעוו איז נישט געווען בלויז פּאָפּולערע לעקטיר. ער האָט געהערשט אין די געמיטער אַזוי ווי עס הערשט אַ פּאָפּולערער מוזיקאַלישער מאָטיוו. ער פֿלעגט אַרויסרופֿן אַ פֿריידיקן שמייכל אויף פֿאַרהאַנהמטע פּנימער; ער פֿלעגט אויסלאָרעווען זיפֿצן פֿון פֿאַרקלעמטע הערצער; און ליפּן, פֿאַרפּרעסטע אין רוגזה, פֿלעגט ער געבן דעם פּאַטאָס פֿון אויפֿוואַקסנדיקן פּראָטעסט. ער האָט אָנגעשריבן: „שטיי אויף, הו ערד! באַגאַרטל מיט שווערד, דו מענטש! עס וועט נישט זיין קיין שלום צווישן דיר און הימל!"

דאָס הילכיקסטע, דאָס אומפֿאַרגלייכבאַרע און נישט איבערגעשטיגענע ליד פֿון טעאַטער-דור, — איז געווען די פּיעסע: „דער, וואָס קריגט די פּעטש". ער האָט זי אָנגעהויבן שרייבן האַרט פֿאַרן אויסברוך פֿון דער וועלט-מלחמה. דער אַריינמאַרש פֿון דייטשישן חיל אין בעלגיען; די שטורמישע אויפֿרעגונג פֿון יעדן מענטשנס געוויסן קעגן אָט דעם באַרבאַרישן שריט פֿון פּרייסישן יונקערטום, וואָס האָט צעטראָטן מיט זיין שטיוול דעם ביז דאַן פֿעסטן באַגריף פֿון רעכט און פֿרייהייט; די דערשיטערנדיקע ווענדונג פֿון בעלגישן קיניג אַלבערט צו ווילהעלמען: „ווען מלכים וואָלטן דערלויבט געווען צו טראָגן געווער, וואָלט מיין ערשטע קויל אַריין אין דיר" — דאָס אַלץ האָט אָפּגערופֿן לעאָניד אַנדרעיעוון פֿון אָנגעהויבענעם טעאַטער-שטיק און ער האָט דעם איינגאַרטיקן פֿאַר אים פּאַטאָס און קראַפֿט אָנגעשריבן דאָס שטיק: „קיניג, געזעץ און פֿרייהייט", וואָס איז אין ערשטן פֿעריאָד פֿון דער מלחמה געשפּילט געוואָרן אין דער מערהייט טעאַטערן פֿון גאַנצן לאַנד. צום אָנהויב פֿון ווינטער-סעזאָן 15/16 האָט ער פֿאַרענ-

דיקט „דער, וואָס קריגט די פּעטש"... דאָס שטיק („אַ פֿאָרשטעלונג אין 4 אַקטן" האָט עס געהייסן אויפֿן פּלאַקאַט) איז אויפֿגעפֿירט געוואָרן אין מאָסקווע אין „סוכאָדאָלסקיס דראַמאַטישן טעאַטער" און... האָט נ י ש ט אויסגענומען, אויב מיר זאָלן נישט וועלן זאָגן: „דורכגעפֿאַלן".

דער צושויער האָט נישט דערפֿילט דעם הויפּט־מאָטיוו פֿון ווערק און אָנגענומען זיינע אויסערלעכע קאָלאָריטן פֿאַרן „יש". אַנדרעיעווס פֿריער־דיקע פּרוּוון אויף די געביטן פֿון טעאַטראַלן עקספּערימענטאַליזם („דעם מענטשנס לעבן" אין „קונסט־טעאַטער" און ביי קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ איז געווען דער מערקווירדיקסטער עטאַפּ אין די עקספּערימענטן מיט סימבאָליזם) האָבן אין דעם פֿאַל שטאַרק געשטערט. דער „חטא" האָט אָפּגעווישט זיינע אייפּטיען און דערגרייכונגען, אין וועלכע ער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס שטרענגער און קאָנסעקווענטער רעאַליסט, וואָס זיין מוזע רעאַגירט אויף די צאַפּלדיקע טעמעס פֿון טאָג און באַהאַנדלט זיי מיט דער שאַרפֿקייט פֿון אַ פּלאַמענדיקן פּובליציסט. מען האָט פֿאַרגעסן דעם מחבר פֿון „זיבן געהאָנגענע", פֿון „רויטן געלעכטער", פֿון „די טעג פֿון אונדזער לעבן", פֿון „דער תהום" (בעזדנא) און צענדליקער אַנדערע קלע־נערע און גרעסערע ווערק. מען האָט געזען „סימבאָלישע" מאַנעקענען און מען האָט זיך פֿון זיי מיט גלייכגילט אָפּגעקערט. און ווער ווייס, צי וואָלט די „פֿאָרשטעלונג" נישט אַראָפּ פֿון פּלאַקאַט נאָך עטלעכע פֿאָרשטע־לונגען, ווען אין טעאַטער פּאַסירט נישט אַ נס:

דער דאָזיקער „נ ס" איז געווען דער ווונדערבאַרער אַקטיאָר ני־קאָליי ראַדין — אין דער ראָלע פֿון גראַף מאַנטשיני... די ראָלע איז אַ שעדעוור פֿון דראַמאַטורגישער המצאה ביים מחבר, און דאָ האָט פּאַסירט יענע גליקלעכע צונויפֿגעפֿאַרונג, ווען מחבר און שוישפּילער שאַפֿן אַ ווערק, אין וועלכן עס איז אָפּגעווישט די גרענעץ צווישן צוויי געניאַליטעטן. דער מאָסקווער עולם האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אויף די „סימבאָלישע אומזיניקייטן און פּלאָנטערנישן" פֿון דעם עצם שטיק און האָט אָנגעהויבן אָנפֿילן דאָס טעאַטער, כדי צו געניסן דעם תענוג פֿון ראַדינען אין דער ראָלע פֿון פֿאַלשן „גראַף", וועלכער רוימט איין דעם קלאָון אַ סוד, אַז — „די מאַנטשיניס זענען שוין 300 יאָר קינדערלאָז".

קוקנדיק אויף ראַדינען אין „מאַנטשיני", האָט מען אָנגעהויבן — זען און הערן — פֿיעווצאָוון אין „דערן" און אָנגעהויבן באַגרייפֿן — וואָס אַזוינס קומט פֿאָר אַרום און אַרום. מען האָט דערזען, אַז אין געפֿלעכט פֿון שווינדעלדיקע סטענגעס פֿון סערפּאַנטין און קאָנפֿעטי,

הינטער אַ געדיכטער נעץ פון צירק־פּלאָנטער, אָטעמען לעבעדיקע געשטאַלטן פון רעאַלע מענטשן. און דער גאַנצער „לייוונט“ איז רעאַליזם פון ריינסטן מין... אָבער ווער האָט עס געפּסקנט, אַז „רעאַליזם“ באַדייט — פאָרמלאָזיקייט? פאַרקערט! פאַרביקייט, וואָס דערגרייכט ערטערווייז צו פאַרבלענדערישער בונטקייט, ליניעס, אויסגעקרימטע אין זיגזאַגן, קלאַנגען, וואָס שווימען אַרויס פון קלאַסישער ליטורגיע און אַנטוויקלען זיך אין דיסאָנאַנסן פון דזשאַז, כדי זיך אומצוקערן צו האַרפן־סטרונעס און זינגען מאָטיוון פון צאַרטסטער ליריק און קומערפולער עלעגיע — אָט דאָס איז די אַטמאָספער, דער סטיל פון אַנדרעיעווס ווערק, נישט אָנגענומענעם ביי די ערשטע איינדרוקן און בוכשטעבלעך אַלגעמיין — באַליבטן שפּעטער.

וועגן דעם שטיק האָבן די אָנגעזעענסטע ליטעראַטור־קענער געלייענט לעקציעס און רעפעראַטן איבערן גאַנצן שטח פון לאַנד. מען האָט זיך געאַמפּערט און דיסקוטירט אין קרייזלעך: סטודענטן פלעגן פאַרגעסן צו גיין אויף לעקציעס פון זייערע פּראָפעסאָרן. דאָס האָט געדויערט... געדויערט אַזוי לאַנג ביז די וועלט האָט זיך געשטעלט אויפן קאָפּ, און אין לעבן פון טעאַטער, פון קונסט, פון וויסן האָבן אָנגעהויבן רודערן — פים, הענט, און קלאַנגען פון פאַרשטיקטע העלדזער האָבן אָנגעפילט דאָס לעבן און די לופט... יעמלט... יעמלט איז לעאָניד אַנדרעיעוו פאַרשוווּנדן, „אַראָפּ פון מאַרק“, געוואָרן אַן אינהאַלט פון נעכטיקן, אָפּגעווישטן טאָג.

(„די פּעטש“ האָבן זיך אין רעפּערטואַר געהאַלטן נאָך לאַנגע יאָרן)

לערך סוף נאָוועמבער האָב איך באַקומען פון מיין שול־חבר סעריאָזשאַ סטרענקאָווסקי, וועלכער האָט אין מאָסקווע ביי סוכאָדאָלסקין געאַרבעט אַלס געהילף־רעזשיסער, אַ בריוו. ער האָט געשריבן וועגן לעאָניד אַנדרעיעווס נייסטער פּיעסע מיטן „משוגענעם נאָמען“ „דער, וועלכער באַקומט פּעטש“, אַז קיינער פאַרשטייט נישט וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן, אָבער אַדאַנק חאַדיגען גייט דער עולם געשמאַק קוקן די פאָרשטעלונג און מען מוז זאָגן, אַז אַ גרויסן איינדרוק מאַכט פּיעוואָצאָוו אין דער טיטלראָלע (מען זאָגט: „ד ע ר“ שרייבט סטרענקאָווסקי פאַרחידושט. מען זאָגט נ י ש ט: „ד ע ם“ ווייל „ד ע ר“ גילט דאָ ווי אַ נאָמען). ער ראָט מיר זיך מיט דער פּיעסע פאַראינטערעסירן, ווייל לויט מיינע פון לאַנג אַלגעמיין באַקאַנטע נטיות צו אומגעריכטע מעטאַמאָרפאָזן, נעמט ער אָן, אַז פאַר מיר איז דאָ אַ פעלד צו טראַכטן און צו פילן.

ער האָט מיר דערביי צוגעשיקט אַ צענדליק שקיצן פון די קאָסטיומען און גרימען, ווייל אויסערלעך, אין הלכות אויסשטאַטונג — האָט ער צוגעגעבן — איז די פאַרשטעלונג אַ משוגעים־הויז.

איך האָב דעם בריוו איבערגעלייענט און וועגן דעם גישט געטראַכט, ווייל מיט וואָיטאָלאָווסקין האָב איך גערעדט וועגן „האַמלעט“; קיין הסכּמה נישט פאָרויסגעזען; געווען פאַרביטערט אין צעטראָגן, און אויפהויבן אַ געשפּרעך וועגן אַן עקספּערימענט מיט אַנדרעיעווס אַ „צעדרייטער“ פּיעסע, האָט נישט געהאַט קיין שום זין.

אין איינעם אַ שבת, סוף נאָוועמבער רופט מיך וואָיטאָלאָווסקי צו זיך אין קאַבינעט... קיין בשורה טובה האָב איך נישט דערוואַרט, הגם ער האָט מיך אָנגערופן „מאָגיטשקאַ“, און בין אַריין, גרייט אויסצוהערן עפּעס, וואָס מיר וויל נישט זאָגן אַראָגאָוויטש...

— איך האָב באַקומען אַ נייע פּיעסע — לעאָניד אַנדרעיעווס „דער, וועלכער באַקומט פּעטש“... אַ נייס, וואָס גייט אין מאָסקווע, ווילט זיך אויפפירן, אָבער איך האָב די פּיעסע אָנגעהויבן לייענען און אויפגעהערט אויף דער דריטער זייט... משוגעת אָן מינימאַלסטן צומיש פון קלאָרן שכל. אַלע זיינע ביז־איצטיקע סימבאָלישע פּלאָנטערס זענען קעגן דעם זוויקינדער. די ראָלע וועט קיינער זיך נישט אונטערנעמען שפּילן, און איך וועל עס קיינעם נישט פאָרלייגן. איז אויב דו האָסט חשק זיך דערמיט צו פאַרנעמען, זאָל דיר גאָט מצליח זיין. שפּילן עס דאַרף מען דאָנערשטיק. פּראָבן צוויי.

— אפשר פרייטיק?

— פּרייטיק איז ביי אונדז דער טאָג פון בענעפיסן. הייַנטיקן פּרייטיק

— דיאַנינאַ. אויב זי וועט מסכּים זיין אויף דאָנערשטיק (איר זייט דאָך גרויסע פריינד), וועלן מיר דאָס שפּילן פּרייטיק.

איך האָב גענומען פון זיינע הענט דעם מאַנוסקריפּט און בין אַוועק אַהיים. מיין פרוי איז יענע נאַכט געווען אויף דיזשור אין אַפּטייק, און איך האָב זיך גענומען לייענען...

איך מוז דאָ זאָגן, אַז לייענען — דער עצם פּראָצעס: ל יי ע נ ע ן!

— איז פאַר מיר אַן אָפּקומעניש, וועלכע איבערוויגן גיט זיך מיר איין מיט אומגעהויערער אָנשטרענגונג אין איין פאַל פון צען, און למען השם

— אויב איך האָב אַ וועלכן עס איז רייצנדיקן פאַקטאָר מחוץ דעם עצם אָביעקט. אַזאַ פאַקטאָר איז דאָס מאָל געווען סטרענקאָווסקיס בריוו, וועלכן עס האָט נאָך פאַרשטאַרקט וואָיטאָלאָווסקיס „אַריינפירוואָרט“.

איך האָב זיך אָװעקגעזעצט, געעפנט דאָס שער־בלעטל און... ניט געריהרט זיך פון אָרט ביזן לעצטן זאַץ. מיך האָט באַהערשט אַ מין צ ו י ב ע ר, װעלכן איך האָב בײם לײענען ניט פריער, ניט שפּעטער נאָך נ י ש ט איבערגעלעבט...

זונטיק פרי בין איך אין טעאַטער געקומען צו לױפן... דער פּראַקטישער חשבון האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז איך זאָל מײַן התפּעלות ניט אַרױסװײַזן; אױב ניט װאַיטאָלאָװסקי, װעט אַראָנאָװיטש מיר פאַרכמען די פרײַד און אפשר צעשטערן די אױפפירונג... אָבער איך װאָלט געמוזט זײַן פון אַן אַנדער טײג געקנאָטן צו קאָנען טראַכטן װעגן מאָטיװן חוץ דעם, װאָס האָט אָנגעפילט מײַן נפש.

מיט פלאַמענדיקע אױגן האָב איך געמאָלדן װאָיטאָלאָװסקין:

— יאַקאָװ אַנטאָנאָװיטש! דאָס איז די גרעסטע סצענישע דערגרײכונג פון יאָרהונדערט! די ראָלע אין מאָדערנעם רעפּערטואַר האָט ניט קײן גלײַכע... דאָס איז די מדרגה פון „האַמלעט" פון „מאַקבעט"!... אַקטיאָרן װעלן עס שפּילן מיט די אימפּולסן, װאָס מיר טראָגן אין „קין", אָבער פילאָזאָפיש און דראַמאַטורגיש איז „קין" קעגן דעם אַ קינדערשפּיל. „קין" איז דאָך נ י ש ט מער װי אַ ראָלע... דאָס איז אַ פּראָבלעם, װי געטעס „פאוסט", אַ װערק װי „דאָן קישאָט"... דאָס טראָגט מאָטיװן פון אונדזער הײנטצײטיקער צעשפּאָלטנקײט.

— שױן קלאָר װי דער טאָג, — רופט זיך אָפּ דער דירעקטאָר — אַז מער װי אײן מאָל װעט עס ניט קאָנען גײן, װײַל דער עולם װעט אױסזיצן אָנדערטהאַלבן אַקטן. איך װײס ניט צו לױנט צו פאַרלירן צװײ פּראָבן.

— פּראָבן מוז זײַן ד ר יי! — האָב איך אױסגעשריען.

װאָיטאָלאָװסקי האָט געהאַט דאָס, װאָס אין אומגאַנג רופט מען: „גאָט אין האַרצן".

— איך האָב דיר פון סאַמע אָנהױב געמאָלדן, אַז איך בױ אין דעם פאַל אױף דעם, װאָס דו ביסט אַ צעדרײטער, קאָן איך דאָך ניט פאָדערן פון דיר קײן נאָרמאַלע באַציאונג. איך זאָג, אַז מיר קאָנען צוליב דעם קאַפּדרײעניש ניט פאַרלירן קײן צװײ פּראָבן, שרײַסטו װי אַ באַנומענער: „דרײ!"

איך בין געזעסן װי אײנער, װאָס װאַרט אױף דער אַמפּוטאַציע פון בײדע פיס. אין קאַבינעט איז אַרײַן אַראָנאָװיטש.

— נו? דורכגעלײענט?

— אַלץ איז אָרדענונג — האָט אים איבערגעריסן דער דירעקטאָר: אָבער די פאָרשטעלונג דאַרף האָבן דריי פּראָבן.

— אויב דיאַנינאַ וועט דעם בענעפיס מאַכן אין 2, קאָנען מיר דער פּיעסע געבן 3. אָבער די ערשטע מוז גיין מאָרגן, מאָנטיק. מען וועט מוזן די ראָלן שרייבן די גאַנצע נאַכט.

מיר איז איינגעפאַלן, אַז אַראָנאָוויטש וועט מיט אַ כּיוון מאַכן, אַז די ראָלן זאָלן ביז מאָרגן נישט ווערן פאַרטיק.

— איך וועל שפּילן ביי אַלע אומשטענדן — זאָג איך — זאָל נאָר מיין ראָלע זיין איבערגעשריבן היינט ביז אַרום פיר ביי טאָג. מאָרגן קום איך צו דער ערשטער פּראָבע.

די סיטואַציע האָט געראַטעוועט מיין פריינד דינאַ וואַסילעוונאַ דיאַנינאַ. דאָס איז געווען איינע פון די ליכטיקסטע געשטאַלטן אויף מיין גאַנצן טעאַטער־וועג. אַ פרוי פון אַ יאָר 42, אין עכטן „באַלזאַק־עלטער“, האָט זי נישט געהאַט קיין סימן פון אַ פּראָווינציעלער אַקטריסע — נישט אין איר פּסיכיק, נישט אין האַלטונג, נישט אין באַציאונג צום אַרום. אַ געזעלשאַפטלעכע טוערין, אַ מענטש מיט ראַדיקאַלע איבער־צייגונגען, האָט זי שטענדיק אונטערגעשטיצט אַלץ, וואָס שטאַמט פון ערלעכע אַרטיסטישע אינטערעסן. צווישן אונדז האָבן זיך איינגעשטעלט באַציונגען פון בעסטן מין חברשאַפט און פריינדשאַפט באַלד אין אָנהויב סעזאָן, און מיין טריאומף אין דער ערשטער פאָרשטעלונג האָט זי אויפ־גענומען ווי איר אייגענעם.

צו איר איז שוין דערגאַנגען, אַז איך וויל זי בעטן מאַכן איר בענעפיס דאָנערשטיק אָנשטאָט פרייטיק, און זי האָט מיר נישט געלאָזט אויסרעדן מיין פאָרשלאַג און געמאָלדן:

— אַרקאַדי וועניאַמינאָוויטש! — איך בין גרייט אייך אַנטקעגן צו קומען, הגם איר ווייסט, אַז פרייטיק איז אַ בעסערער טאָג און די איי־נאַמע איז אַ געזיכערטע בעת דאָנערשטיק הענגט אינגאַנצן אָפּ פון דעם, וואָס פאַר אַ פּיעסע איך וועל האָבן. איז מיין בקשה צו אייך: העלפט געפינען אַ פּיעסע, וואָס זאָל זיכערן דאָנערשטיק די איינגאַמע.

מיר איז איינגעפאַלן אַ דרייסטער פּלאַן: בעטן ביי וואָיטאָלאָווסקין „די פעטש“ צום בענעפיס.

איז די מעשה, וואָס די צענטראַלע פרויען־ראָלע איז אַ יונגט־לעכע: „קאָנסועלאַ“, אַ צירקרייטערין.

— טאָ וואָס קאָן איך שפּילן צום בענעפיס? אַבי וואָס קאָן איך דאָך נישט שפּילן דעם אָוונט, ביי מיין בעסטן ווונטש אייך צו העלפן.

— „אַבי־וואָס" איז עס נישט, דינאַ וואַסיליעווגאַ! — עס איז נישט די צענטראַלע פיגור, אָבער אַ פּרעכטיקע ראָלע: אַ דרעסירערין פון לייבן און טיגערס, אין עפעקטפולן אונגאַרישן קאָסטיום... אין מאָס־קווע שפּילט ער זשיכאַרעווא: *)

— איז דאָך נישטאָ וואָס צו רעדן. מיר גייען צו וואָיטאָלאָווסקין!

— ניין. אַז מיר וועלן קומען ביידע, וועט אָרגאָנאָוויטש אויסטראַכטן 22 תירוצים נישט צו דערלאָזן. גייט אַליין און בעט פּשוט די פּיעסע פאַר אייער בענעפיס. דאָס איז אייער רעכט.

אין דירעקציע האָט מען גלייך געמאָלדן, אַז „דאָס איז ארקאַשעס אויפטו", אָרגאָנאָוויטש האָט אָנגעהויבן אַגיטירן, אַז אַן אַקטריסע דאַרף זיין משוגע צו שפּילן אין בענעפיס אַ ראָלע פון צווייטן פּלאַן, אָבער... עס איז דורך, און אויף אזא אופן האָב איך געשאָסן 2 האָזן: געווונען אַן איבעריקן טאָג און נאָך אַ פּראָבע. וואָיטאָלאָווסקי האָט באַשלאָסן דאָנערשטיק איבערצוחזרן אַ געשפּילטע פּיעסע און מיר האָבן געהאַט גאַנצע 4 פּראָבן.

אַן איבערגעשריבענע ראָלע האָב איך באַקומען ארום 6 און בין אַוועק שטודירן... צוויי מיט אַ האַלבער שעה האָב איך געזוכט ווי אַזוי צו זאָגן די ערשטע פראַזע, מיט וועלכע „ד ע ר" ווענדעט זיך צום דירעקטאָר, אַריבערטרעטנדיק די שוועל:

„א י ך ה אָ ב ד ע ם כ ב ו ד צ ו ז ע ן ד ע ם ה ע ר ן ד י ר ע ק ט אָ ר?"

די רעמאַרקע זאָגט, אַז עס באַווייזט זיך אַ מענטש מיט אַן אינטע־רעסאַנטן אָבער זייער מיאוסן פּנים אין פּלעקן.

פריער ווייזט אָן דער מחבר, אַז די האַנדלונג קומט פאָר אין איינער פון די שטעט אין דרום־פראַנקרייך... אין ווייטערדיקן גאַנג פון דער האַנדלונג הערן מיר, אַז דער מענטש רופט נישט אָן זיין נאָמען פאַרן דירעקטאָר — אַזוי ווי דער מחבר רופט דעם נאָמען נישט אָן אין פּראָג־ראַם... בעת נאָך לאַנגן וואַקלען זיך דערלאַנגט ער דעם דירעקטאָר זיין וויזיט־קאַרטע און דער דירעקטאָר שפּרינגט אויף, אויסרופנדיק: „זענט

---

*) דאָס איז אַן אומפּינקטלעכקייט: די באַרימטע אַקטריסע זשיכאַרעווא האָט די ראָלע געשפּילט, אָבער נישט אין מאָסקווע.

איר פון דאָרטן?", ענטפערט ער: „פאַרגעסט עס! עס איז אַוועק! עס איז מער נישטאָ!"

ווער זשע איז די דאָזיקע געשטאַלט — מיטן „זייער אינטערעסאַנטן און מיאוסן פנים?"

סימבאָליק איז שוואַרצע כשופמאַכעריי!

און וואָס עפּעס „דרום־פראַנקרייך", אויב סימבאָליק? ניין, ניין: סימבאָליש קאָן זיין דער זין, דער אויספיר, די פאַראַלגעמיינערטע אידעע פון ווערק, אָבער די געשטאַלטן אירע און אַלע קאָנפליקטן, צוזאַמענשטויסן, געשעענישן זענען — רעאַלע. און רעאַל מוז זיין די געשטאַלט פון דעם מענטשן, וואָס פרעגט צי האָט ער דעם כבוד צו זען דעם הערן דירעקטאָר...

נאָך דעם, ווי איך האָב די פראַזע איבערגעחזרט אַ 200 מאָל אויף פאַרשידענע אופנים מיט פאַרשידענע מאָדולאַציעס, אין טענער — פון ברוסט, פון גאָרגל, פאַלצעט, מיט העפלעכן צומרוי, מיט פאַרכמורעטער רוגזה, מיט האָפענונג, מיט פאַרצווייפלונג און נאָך מיט צענדליקער אין צענדליקער ניואַנסן, האָב איך דערפילט אַ געשטאַלט, וואָס ווייס, אַז אַרום קוקט מען אויף זיין מיאוסן פנים און ער רופט אַרויס צו זיך חוזק און בטול. דאָס איז זיין שטענדיקער קרייץ מיט וועלכן ער באַוועגט זיך צווישן מענטשן. דערביי האָט ער די טבע צו שטיין צו אַלע מענטשן בלויז מיטן ברוסט און קיין מאָל צו קיינעם נישט — מיטן רוקן...

ווער איז ער?

אַן אַריסטאָקראַט אין דער וועלט, ווו אַריסטאָקראַטן האָבן זייער אויסדערוויילטקייט פאַרלאָרן, אָבער דער טראָגט אויף זיין האַרצן און געוויסן די פליכטן פון אַ ריטער. „דרום־פראַנקרייך", ווייל אין 1915 יאָר איז פראַנקרייך געווען אין אייראָפּע די איינציקע מדינה, ווו אַזעלכע אַריסטאָקראַטן זענען געווען רעאַלע געשטאַלטן פון אַנטקרוינטע „דורכלויכטן", אָבער אַנדרעיעוו האָט נישט געמיינט צו גלאָריפיצירן די קאַסטע, דעם שטאַנד: „גראַף מאַנטשיני" און „באַראָן דעגיאר" זענען באַוויזן אין אַן אַנדער ליכט. דער אַריסטאָקראַט אָן אַ נאָמען איז רעאַל אַ מענטש פון אַנטקרוינטן שטאַנד, אָבער ער סימבאָליזירט דעם גאוז, וואָס איז פאַרוואָגלט אין דער וועלט און הערשנדיקער מיטלמעסיקייט און געפינט נישט זיין אָרט, זיין ווינקל.

זיין תקון, זיין ביסן, זיין לופט... אַ „תושב פון אָלימפּ“ אין טאָל געזונקען, „אַ גאָט“, אַראָפּ צו שטערבלעכע און נעבעכדיקע.

— וואָס קאָנסטו? — גאָרנישט!

דאָס איז א שטיק פון איידעלן מעטאַל! אָן ליגאַטור, אָן צומיש פון אייזן, פון מיסט — קאָן עס אין טעכנישן געברויך נישט צוניץ קומען...

איז עס די טראַגעדיע פון צופּאַסונג! פון — קאָמפּראָמיס!

נישט וועגן איינעם צווישן מיליאָנען גייט עס דאָ!

עס גייט וועגן יעדן איינעם, וועמען ס'איז געגעבן צו טראָגן אין זיין האַרצן די שטראַלן פון גרויסע אידעאַלן און ווער עס קען דעם ווייטיק פון אָפּטרעטן פאַרן כוח פון די פינצטערע שאָטנס, וואָס יעדן אידעאַל באַדראָען און צעשטערן... אויפן ראַנד צווישן די וועלטן פון נעכטן און פון מאָרגן איז עס די טראַגעדיע פון געליימערטער אינדיווידואַליטעט — צווישן די גראַפן, וואָס „זענען שוין 300 יאָר קינדערלאָז“, „באַראָנען“, וואָס זייער כוח האַלט זיך אויפן רעכט פון דערוואַרבונג — דאָס זענען די סימבאָלן פון פעאָדאַליזם און בירגערטום און צווישן זיי דער סימבאָל פון הערהויבענעם מענטש, וואָס זיין שטראַל און קראַפט און קריי איז זיין גענייאַליטעט און וואָס זיין גורל איז — פּעטש!!

„גראַף מאַנטשיני“ האַנדלט מיט דער שיינער קאָנסועללא („קאָנסועללא“ באַדייט אויף שפּאַניש טרייסט“ זאָגט ער) און באַראָן רעניאַר קויפט זי אָפּ פאַר געלט: ער זעט אין אַלץ — אייגנטום... דער פאַרסמט זי און זיך: דעם אייגנטימער וועט ער דעם אידעאַל, די טרייסט, די שיינקייט — נישט אָפּטרעטן!

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז שוין דער מאָטיוו פון לעאָניד אַנדרעיעווס וועלטשטירצנדיקן פּאַטאָס...

אָבער לאָמיר נישט פּרוּוון העלפן אַנדרעיעווס מוזע איינקייפן זיך אין יחוס פון וועלטשטירצונג. די קאָנקרעטע געשעענישן פון דער רעוואָלוציע האָבן אים פון איר רייטוואָגן אראָפּגעשטויסן און עס איז נאָך נישט צייט (און נישט דאָ לכל הדעות איז דאָס אָרט) צו קעמבן פאַר זיין פּלאַץ אין פּאַנטעאָן פון פרייהייט-דיכטער אין קעמפער. „דער וואָס קריגט די פּעטש“ איז אָבער א פּערל אין דער קונסט פון פאַרמלחמהדיקן עטאַפּ. רעדן וועגן דעם פּערל בלויז אין די ראַמען פון מיי=

טאָג־בוך לאָזט מיך נישט מיין געוויסן, וואָס האָט געהאַט דורכצוטראָגן די ווערטן פון אונדזערע דורות דורך די געוויטערן פון יאָרהונדערט.

דער ספּעקטאַקל איז געגעבן געוואָרן דעם 5 דעקאַבער 1915.

איך וועל נישט באַשרייבן קיין פּרטים. מיר וועלן זיך צו דער טעמע און צו מיין אַרבעט איבער דעם שעדעוור אומקערן אין 1920 יאָר. פון יענעם אָוונט אין אַלעקסאַנדראָווסק זענען מיר פאַרבליבן איינצלנע מאָמענטן.

ערשטער: אין שטאָט זענען זיך שוין געווען צונויפגעפאָרן אויף די קאַניקולן סטודענטן פון מאָסקווע, פּעטערבורג, קיעוו, אָדעס און כאַרקאָוו. ביי מיר אין גאַרדעראָב האָבן זיך פאַרזאַמלט אַ גרופּע פון אַ מאַן 12 און מען האָט גערעדט וועגן די אויספירער פון „דערן“... דאָס שטיק צו יענער צייט האָט שוין געדונערט איבערן גאַנצן לאַנד. מיינע יונגע צושויער פון די דערמאָנטע הויפּט־שטעט האָבן, שילדערנדיק ווי אַזוי עס האָבן אַ ריי סצענעס געשפּילט די מ אָ ה י ק א נ ע ר פון די גרעסטע טעאַטערן, איינער דעם צווייטן באַוויזן, וואָס דאָרט האָט ג ע פ ע ל ט אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס זיי האָבן היינט דערזען...

איך האָב זיך יעמאלט נישט אָפּגעגעבן קיין קלאָרן חשבון פון דעם, ווי ווייט מיר איז געלונגען אַריינצודרינגען אין ז י ן פּונעם ווערק. די התפּעלות פון מיינע יונגע פאַרערער האָב איך, פאַרשטייט זיך, געהאַלטן פאַר איבערטריבן און קוים באַגרינדעט. אָבער איך בין געוואָרן דערשיטערט ווען איינער פון די סטודענטן, וואָס האָט כמעט נישט אָנטייל גענומען אין די באַשרייבונגען פון ספּעקטאַקל אין יענע שטעט, האָט זיך דערנענטערט צו מיר, אַריינגעקוקט מיר אין פּנים און שטיל אַרויסגערעדט:

— פּיעוצאָוו איז אין דער ראָלע גרויס און אויב נאָך צוויי מאָל זען די פאָרשטעלונג אין מאָסקווע האָב איך זי היינט געקוקט מיט אַ וואַקסנדיקן אינטערעס און פאַרכאַפּטן אָטעם און וועל קומען אויף אַלע ווייטערדיקע פאָרשטעלונגען אייך אָנקוקן, איז, מסתמא, אין אייער „דערן“ פאַרהאַן עפּעס פון גרויסן ווערט, אָבער איין זאַך טראַכט איך און מוז זאָגן: אַ ז ו י ווי איר האָט ה יי נ ט געשפּילט וועט איר מער נישט שפּילן! איך האָב, ווי שוין דערציילט, די ראָלע געשפּילט שפּעטער ה ו נ ד ע ר ט ע ר מאָל, אָבער אַזוי ווי יענעם אָוונט אין אַלעקסאַנדראָווסק האָב איך זי אפשר ערגעץ מער נישט געשפּילט... דער סטודענט איז, דוכט מיר, געווען גערעכט.

פֿאַרבליבן איז מיר פֿון יענער אויפֿפֿירונג אַן אָנדענק, דאָס וואָס גענוג אָפּשאַצן קאָן איך נישט און פּרוּוו נישט: בעקמאַשעווס וואַלס אין 2-טן אַקט.

דער צווייטער און פֿערטער אַקט זענען געגאַנגען אונטערן אַקאָמפּאַנעמענט פֿון מוזיק. (דער פּראָגראַם איז צירק גייט און יעדער נומער ווערט באַגלייט דורכן אָרקעסטער) די קלאַנגען פֿון שוין פֿילמאָל דערמאָנטן שפּאַנישן טאַנגאָ, בעקמאַשעווס וואַלס און א פֿראַגמענט פֿון רימסקי-קאָרסאַקאָווס „שעכערעזאַדע" זענען פֿאַרבליבן ביי מיר אויפֿן גאַנצן לעבן ווי אַן אינטעגראַלער טייל פֿון מיינע איבערלעבונגען אין יענע ווייטע, אָבער קיינמאָל נישט אָפּגעבלאַקעוועטע טעג... און ענדליך — אַ פֿרויען-געשטאַלט!

לערנענדיק דעם טעקסט פֿון א נייער ראָלע, פֿלעג איך מוזן האָבן ווער עס זאָל האַלטן דעם העפֿט און מיך אויסהערן.

יענע טעג האָט עס געטאָן די 18-יאָריקע טאָכטער פֿון מיינע באַלעבאַטים... זיי האָבן געהייסן — צירינסקי: פֿ אָ ל י א צירינסקי מיט אַ פּאָר בלויע אויגן אויפֿן פּנים מיט זינדיקע ליפּן האָט די עטלעכע טעג געדינט מיט געדולד און וואַרעמער איבערגעבנקייט דער אויפֿגאַבע... איך פֿלעג א געשריי טאָן: „קאָנסועללאַ אויף דער אַרענע און זי פֿלעגט אַלץ אוועקוואַרפֿן און זיך אַנידערזעצן מיטן העפֿט... און איך פֿלעג זיך אַוועקלאָזן אין יענע וועלטן...

ווי איך דערמאָן די ווייסקייט פֿון שניי, די פֿרייד פֿון די זונענשטראַלן, וואָס האָבן אָנגעפֿילט מיין געמיט יענע וואָך אויפֿן שוועל פֿון מיין ערשטן „דער'ן" — אַזוי מ ו ז איך דאָ דערמאָנען דעם נאָמען — „פֿאָלע צירינסקי", איינגעוויקלט אין די אַקאָרדן פֿון בעקטאַשעווס וואַלס.

* *

*

די צוויי אויפֿפֿירונגען — „דער, וואָס קריגט די פּעטש" און „האַמלעט" זענען, פֿאַרשטייט זיך, נישט געווען קיין דורכשניטלעכע געשעענישן אין לעבן פֿון אונדזער טעאַטער. אין שטאָט האָט מען וועגן ביידע פֿאָרשטעלונגען גערעדט מער און לענגער און אַנדערש ווי וועגן אַלע אַנדערע. אַזוי אַרום — האָבנדיק אין אַכט מיין בענעפֿיס און די אויפֿפֿירונג פֿון „נייעם געטאָ", וואָס האָט געמאַכט אַ באַזונדערס שטאַרקן איינדרוק אין די יידישע קרייזן — איז שוין מיין פּאָפּולאַריטעט געוואָרן אַזאַ, אַז

איך האָב זי געפילט אויף יעדן שריט — אין גאַס, אויף פּאָסט, אין יע־דער קלייט...

איך פלעג קריגן בריוו מיט באַגריסונגען, דאַנק־זאָגונגען, אָפּטער אָנפּראַגעס...

איין בריוו אַזאַ האָט מיך שטאַרק פאַראינטריגירט. אויף אַ בלייך־בלויען בויגעלע פּאַפּיר מיט אַ גאָלדענער ראַם, געשריבן מיט קליינע רונדע אותיות, אין אַ קאָנווערט פון זעלביקן קאָליר, האָט דער בריוו נישט געלאָזט צווייפלען, אַז אים האָט געשריבן אַ פרוי. אָבער... ווער איז זי?

די שורות האָבן גערעדט וועגן בלאַסן פאַרטרויערטן פרינץ, וואָס לעבט שוין יאָרהונדערטער אין די הערצער פון אַלע קולטור־מענטשן, וועלכע קענען אים, ליבן אים, ווענדן צו אים זייערע בליקן אויף פאַרשיי־דענע לעבנס־עטאַפּן, אָבער דאָס איז דאָך — ערגעץ אין ביכערשראַנק. לעקטור, אַבסטראַקציע... און מיטאַמאָל האָבן מיר אים דערזען אַזוי נאָענט, האַרט ביי אונדזער ברוסט, און עס האָט דריי שעה דאָס האַרץ געקלאַפּט מיט אַ פאַרשטאַרקטן ריטם... „האַמלעט" איז געווען נישט „ע ר ג ע צ־ו ו ", נישט הינטער ווייטע קולטור־געשיכטלעכע בענדער, נישט אין „רענעסאַנס" און נישט אין „הומאַניזם", נייערט אָט דאָ אין אַלעקסאַנדראָווסק אויפן הניעפּר. זיין הייסער אָטעם האָט באַהויכט אונ־דזערע פּנימער, זיינע קומערפולע אויגן האָבן אַריינגעקוקט אין אונדז, זיין איידעלע געשטאַלט האָט זיך דערנעענטערט צו אונדז און אָנגעפילט מיט אינהאַלט אונדזערע טעג און... נעכט. מיר זעען אים אויפן וואָר, ער זיצט מיט אונדז ביים טיש, מיר חלומען וועגן אים און מיר ט ר ו י־מ ע ן, אַז אָט וועט ער זיך באַווייזן אויפן שוועל און בלייבן מיט אונדז.

„איז דען מעגלעך, אַז דאָס איז געווען נישט מער ווי אַן א י ל ו־ז י ע, פון גרויסער קונסט? און מיטן פאַלן פון פאָרהאַנג האָט עס אויפ־געהערט צו זיין?"

איך בין עטלעכע טעג אַרומגעגאַנגען ווי אַ צעמישטער פון אָט די שורות. נאָך אין שול האָב איך אויסגעהערט פון חברים און פריינד, אַז „מיין" האַמלעט איז אַ געשטאַלט, וואָס קומט נישט פון ווייטע צייטן און קאַנטן, נאָר פון נאָענטן, און ער איז אַן „אייגענער מענטש", אַ „ברודער", אַ „חבר", אַ „קרוב", הגם אַ „פּרינץ". דער סוד פון איינדרוק האָט בלי ספק געשטעקט אין דער פּ ש ט ו ת פון ט אָ ן און געסט, וועלכע האָט בשעתו אַזוי אויפגערודערט אויסאַטשאָון...

אָבער דער בריוו פון אַלעקסאַנדראָווסקער צושויער האָט מיך אויפ־

נערהערט, און איך האָב נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס דער בריוו איז אַן אַנאָנים.

די ווייטערדיקע געשעענישן האָבן עס דערקלערט: די אויטאָרין האָט זיך אין האַמלעטן פּשוט פאַרליבט... און וועלכע פאַרליבטע פרוי איז עס פעיק צו קומען און זאָגן: „איך וויל אָטעמען נעבן דיר, מאַן!“?

2½ יאָר פון מיין לעבן האָט די אויטאָרין פון בריוו אָנגעפילט מיט אַלע אינהאַלטן פון פרייד און תענוג: פון אָנהייב 1916 ביז אויגוסט 1918, ווען איך האָב פאַרלאָזט אַלעקסאַנדראָווסק, אָבער מיטן בריוו אין בענקענדיקן האַרצן, נישט ווייסנדיק ווי אָנצוהייבן זוכן דעם מחבר, בין איך אַרומגעגאַנגען לאַנג... איך ווייס נישט: וואָכן אָדער טעג?

איינמאָל נאָכן ספּעקטאַקל האָבן מיר זיך זאַלבעפינפט איינגעקליבן גיין אין רעסטאָראַן עסן אָוונטברויט. איך בין געווען זיכער, אַז אין א שעה אַרום וועל איך ליגן אין בעט. אָבער (איך האָב עס שוין דערציילט) ביי אונדזער טיש האָבן זיך אַרומגעזעצט א מאַן 25 הערן און דאַמען, און ס'איז אַוועק א נאַכט פון פרעס און טרינק און טאַנץ און לאַך. אויסער „טאַנץ“ האָב איך אַלץ מיט התמדה און גרויס קענטעניש מיטגעמאַכט — דער עיקר — „פרעס“ און „לאַך“, מחמת „זויפן“ בין איך געווען א קנאַפּער ספּעציאַליסט כל ימי. איך פלעג גיסן „עמערס“, אָבער... מינעראַל-וואַסער און אויבסט-משקאות — נישט ווייטער.

מיך האָט איבערראַשט, וואָס איינע פון די דאַמען האָט אויפגענומען מיט א נישט באַהאַלטענעם עגמת נפש מיין מעלדונג, אַז איך טאַנץ נישט. זי האָט געמאָלדן, אַז מען זאָל זי נישט אָנגאַזשירן: זי וועט היינט נישט טאַנצן... סיידן — זאָגט זי — און קוקט מיר אין די אויגן: סיידן האַמלעט, דער פרינץ פון דענעמאַרק, וועט זי פאָרלייגן צו טאַנצן א טאַנגאָ אָדער א וואַלס... אָט דעם וואַלס, וואָס ווערט געשפּילט אין צירק אויף „די פעטש“.

אָבער עס האָט איר נישט געהאָלפן. הגם בעקטאַשעוו איז צוגעגאַנגען צום קלאַוויר און אויפגעשפּילט דעם וואַלס; הגם דער עולם האָט אים געמאַכט אן אָוואַציע ווען איך האָב געמאָלדן, אַז דעם וואַלס שפּילט דאָ זיין אויטאָר; הגם די שטימונג איז געוואָרן אָנגעזאַפּט מיט „וויין, ווייב און געזאַנג“. אָבער — איך טאַנץ נישט. די דאַמע האָט — עפּעס אַריינגערוימט בעקטאַשעוון אין אויער, און ער האָט פאָרגעלייגט — שפּילן אין „פליענדיקער פאָסט“. דער פאָרשלאָג איז געוואָרן אָנגע-

נומען, און אין עטלעכע מינוט אַרום האָב איך באַקומען א בריוו אױז דערזען די האַנטשריפט פון מײַן געגאַרטן אַנאַנים...

— װער איז דער אויטאָר פון אָט דעם בריוו? האָט איך, איבער־רייסנדיק דאָס שפּיל, אויסגערופן.

ארום האָבן זיך אָנגעהויבן פּראָטעסטן וואָס איך שטער שפּילן... עמעצער האָט שטרענג באַמערקט, אַז דאָס שפּיל איז אַנאָנים און דער אויטאָר טאָר זיך נישט אָנרופן.

— פאַר איין טור פון וואַלס בין איך גרייט אייך צו זאָגן ווער עס איז דער אויטאָר — דאָס האָט אויסגערופן די האַמע, וואָס האָט געוואָלט טאַנצן, אָדער מיט מיר אָדער מיטן פּרינץ פון דענעמאַרק —

אַזוי האָט זיך יענע נאַכט אָנגעהויבן אַ קאַפּיטל — פון פריינדשאַפט, פאַרליבטקייט און פרייד.

און געווען איז עס אַלץ — די זיסע פּירות פון דערפאָלג.

# VIII. די רעוואָלוציע

מיר וועלן פאַר די צוויי מיט אַ האַלב יאָר, וואָס מיר איז פאַרבליבן ביז מיין אומקערן זיך קיין ווילנע, אַמווייניקסטן האָבן צו טאָן מיט טעאַטער. ביזן סוף פון ערשטן סעזאָן זענען שוין פאַרבליבן קורצע וואָכן, און דאָס בילד, וואָס מיר האָבן ביז איצט אַנטוויקלט, האָט זיך שוין דורך קיינע שום עפּיזאָדן נישט געענדערט. אין זכרון איז מיר פאַרבליבן דער „אָוונט צום אָנדענק פון האַלמאַטאָוון", וועלכן איך האָב איינגעאָרדנט אין איינעם פון די גרעסטע זאַלן און אויסגעפילט אַליין איבער 3 שעה...

דאָס איז געווען אַ דרייסטקייט פון אומבאַרעכנטקייט: איך האָב באמת געקאָנט ברעכן האַלדז און נאַקן... און נישט איינמאָל, נאָר דריי מאָל. אויפן פּלאַקאַט איז געווען געמאָלדן: 1 — א רעפעראַט א. ד. ט. „טעאַטער, אַקטיאָרן און עולם" מיט 12 טעזן, וואָס האָט געקאָנט אָפּשטויסן דעם איבערגעגעבנסטן פאַרערער; 2 — א וואָרט וועגן האַלמאַטאָוון און 3 — פאָרלעזונגען און מאָנאָלאָגן, באַלאַדעס, לידער.

דער ערשטער בראָך האָט געקאָנט זיין — א לייידיקער זאַל... האָט אָבער בעקנאַשעוו געדעקט די הוצאות פון רעקלאַמע און די סכנה איז פאַרביי.

דער צווייטער בראָך האָט געדראָט דעם רעפערענט דורך דעם, וואָס די פאַרזאַמלטע פריינד (ווייל קומען וועלן דאָך נאָר פריינד, א טאָן 50, 60 — 70) וועלן ביי זייער בעסטן ווילן נישט א ו י ס ז י צ ן לענגער ווי אַ האַלבע שעה... און דער מאַטעריאַל איז אויף 2 שעה. און דער דריטער בראָך איז שוין א פועל יוצא פון צווייטן: פאַר וועמען זשע וועט דער בעל הבר האַלטן זיין וואָרט „וועגן האַלמאַטאָוון"? ווער וועט ביי זיין אויפן דאָזיקן גערעדט-אָוונט?

אָבער קענען אַלע וואָרענונגען און קעגן מיינע אייגענע בייטערע דערוואַרטונגען איז דער זאַל געווען אויף ¾ פול; דער רעפעראַט איז געוואָרן

אויסגעהערט און אויפגענומען מיט באַגייסטערונג (הגם דאָס איז געווען מיין ערשטער פּרוּוו פון דעם מין, און איך האָב געלייענט פון העפט).

און נאָך אזא גליקלעכן אָנהויב איז שוין קלאָר, אַז די צווייטע העלפט איז געגאַנגען אונטערן באַגלייט פון אַפּלאָדיסמענטן, וועלכע האָבן דער־גרייכט צום אַפּאָגיי אין קינסטלערישן טייל.

אין טעאַטער איז יענעם אָוונט געווען ליידיק און דאָס האָט וואָיטאַ־לאָווסקין ענדגילטיק דערפירט צום באַשלוס מיך נישט צו אַנגאַזשירן אויפן צווייטן ווינטער.

לאָמיר זשע באַטראַכטן די סביבה און אריינקוקן אין זיך אַליין פאר די איבער צוויי יאָר, במשך פון וועלכע עס זענען פאָרגעקומען געשעענישן, וואָס מאַכן יענע יאָרן פאר אַן עטאַפּ אין דער געשיכטע — פון רוסלאַנד, פון אייראָפּע, פון דער גאַנצער וועלט.

* *
*

ארום גיי־יאָר 1917 — האָרט פאר ווייגאַכטן 1916 הייסט עס — איז געקומען צו מיר א „דעלעגאַציע" פון עולם (אָדער פון דער טעאַטער־דירעקציע? — דאָס איז מיר נישט קלאָר געווען) מיט אַן אָנפראַגע, צי וואָלט איך נישט מסכים געווען אין די טעג פון שוואַכן באַזוך פאַר יום־טוב אויפטרעטן אין טעאַטער אַלס גאַסט און אָפּשפּילן א צוויי פאָרשטעלונגען „דער, וואָס קריגט די פּעטש".

איך האָב עס תחילת אָנגענומען פאר א שלעכטן וויץ, אָבער די דע־לעגאַציע איז באַשטאַנען פון מיינע בעסטע פריינד, צווישן אַנדערע דאָק־טאָר יאָסיף סערגיעוויטש ארנשטיין, ביי וועלכן איך בין געווען א בן־בית און וועלכער האָט געהערט צו מיינע „חסידים".

מיר איז געזאָגט געוואָרן — „צווישן אונדז זאָל עס דערווייל בלייבן" — אַז וואָיטאַלאָווסקי האָט בדעה אין יום־טובדיקן רעפּערטואַר איינצושליסן „האַמלעט", אויב „די פּעטש" וועלן ערב יום־טוב דורכגיין מיט דערפאָלג... און אין דעם האָט די דעלעגאַציע נישט געצווייפלט.

איך האָב פערטראַקטירט א מעת־לעת. אייגעשטימט. און שטאָט האָבן זיך — דוכט זיך מיר — באַוויזן אַפישן. ס'איז באַשטימט געוואָרן די ערשטע פּראָבע און... איך האָב זיך אַוועקגעלייגט מיט אַן אַגגינע,

וועלכע האָט זיך געצויגן 10 טעג, און, היות מען האָט זי געיאָגט זי זאָל אַרויס אויפֿן דריטן, איז זי אַריין אין... זיצנערוו. איך האָב באַקומען אַ מוראדיקן אָנפֿאַל פֿון אישיאַס, אָפּגעלעגן אַ חודש אין דער היים און סוף יאַנואַר האָט מען מיך אַריינגעלייגט אין שפּיטאָל, פֿון וועלכן אַרויס בין איך — אין מערץ. די ערשטע טעג פֿון דער רעוואָלוציע האָב איך אַזוי אַרום איבערגעלעבט, ליגנדיק אין יסורים אויפֿן שפּיטאָל-בעט. עס איז לחלוטין אויסער די ראַמען פֿון אונדזער אויפֿגאַבע צו שילדערן אָביעקטיוו די טעג פֿון 27 פֿעברואַר ביזן 2 מערץ, ווען ניקאָלאַי האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון זיין קרוין. און איך האָב זיי נישט געזען! איך האָב געלייענט די פּעטערסבורגער צייטונגען; איך בין כמעט בוכשטעבלעך „אויף אַלע פֿיר" געקראָכן צום פֿענצטער אַ קוק טאָן אויף די אומאויפֿהערלעכע טויזנטקעפּיקע צוגן פֿון אָקאָרשט באַפֿרייטן פֿאָלק...

קורצע טעג נאָך דעם, ווי איך בין אַרויס פֿון שפּיטאָל, אין אַ פֿאַרנאַכטיקער שעה פֿון סוף מערץ, ציט זיך איבערן פּראָספּעקט אַ צוג דעמאָנסטראַנטן. דאָס באַפֿרייטע פֿאָלק יובלט זיין נצחון איבער די פֿינצטערע כוחות פֿון פֿאַרזונקענעם רעזשים. אורה ושׂשׂון ושׂמחה ויקר!

איך בין מיטגעגאַנגען און געזונגען די מאַרסעליעזע.

מיטאַמאָל זע איך פֿון אַ זייטיק געסל באַווייזט זיך אַ מענטש פֿון אַ יאָר 50. איינגעהויקערט, בלייך, אַזוי ווי דערשראָקן. און טראָגט אַ שינעל פֿון אַ געוועזענעם „אָקאָלאָטאָטשניק" — אַ ן פּ אָ ג אָ נ ע ס.

פֿאַלט מיר איין, אַז דאָס איז אַ געוועזענער אָקאָלאָטאָטשניק, וואָס האָט נישט מיט וואָס צו קויפֿן אַ נייעם מאַנטל און היות אים איז קאַלט, ער איז שוין נישט יונג, דרויסן איז קיל, גייט ער אַרום אין זיין פֿריערדיקן שינעל, וועלכער איז אָ ן פּ אָ ג אָ נ ע ס, דאָך נישט קיין פּאָליציייִשער אוניפֿאָרם נייערט סתם אַ גרויער איבערבגד.

און ער שטייט און קוקט אויפֿן יובלדיקן המון — אַ ביסל דערשראָקן, פֿאַרשטויסן... גיי איך אַרויס פֿון דער שערענגע, וואָס זינגט די מאַרסעליעזע, גיי צו צום מענטשן אין שינעל אָן פּאַגאָנעס, שטעל אַריין מיין האַנט אונטער זיין אָרעם און זאָג צו אים:

„קום, בירגער! וואָס שטייסטו אַזוי אָפּגעזונדערט? קום, פֿייער מיט אַלעמען צוזאַמען דעם יום־טוב פֿון פֿאָלק און לאַנד. ביסט אַמאָל געווען אַ פּאָליציאַנט, היינט איז קיין פּאָליציי מער נישטאָ!

מערקווירדיק איז, וואָס אין המון האָט מען זיך אָפּגערופֿן מיט גוטווינטשנדיקע אויסגעשרייען, און איך בין מיט אים צוזאַמען אַריין אין

אַלגעמיינעם שטראָם, אָבער אין אַ מינוט אַרום איז צוגעקומען אַ בירגער און האָט מיין געוועזענעם פּאָליציאַנט אויפגעפאָדערט זיך אָפּצוטראָגן...

— איר, גאָספּאָדין אַרטיסט, רעגירט דאָרטן ביי אייך אויף דער סצענע. אויפן גאַס לאָזט אַנדערע האַלטן אָרדענונג...

אין מאַי האָבן געזאָלט פאָרקומען די וואַלן אין נייעם קרייזראַט.

געגאַנגען צו די וואַלן זענען פינף פּאַרטייען: די „פּאַרטיי פון פאָלקס־פרייהייט“ (אַזוי האָט זיך לשם צומיטלעכקייט אָנגערופן די „קאָנסטיטוציאָנעל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי“), צו וועלכער דעמאָלט זענען צוגעשטאַנען אַלע פריערדיקע רעכטערע עלעמענטן, און דאָס האָט אין אַ גרויסער מאָס צעשמעטערט איר ברייטע פּאָפּולאַריטעט ביי דער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ. פלעכאַנאָוו האָט צוליב דער וואַקלדיקער שטעלונג פון דער דאָזיקער פּאַרטיי אין דער פראַגע: „מאָנאַרכיע־רעפּובליק“ געמאָלדן, אַז זי דאַרף זיך רופן: „פּאַרטיי פון ה א ל ב ע ר פאָלקס־פרייהייט“.

די אַנדערע פּאַרטייען זענען געווען: סאָציאַל־דעמאָקראַטן, סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, „אַרבעטס־גרופּע“ און — „פאָלקס־סאָציאַליסטן“.

געטריבן פון זייערע נויטן און ווייטיקן, פלעגן מענטשן פון דער מאַסע האָרכן מיט אָפענע מיילער די מוזנטער רעדנער אויף די צופעליקע טריבונעס און זענען געגאַנגען — נאָך די שטראָמען און ווינטן.

אין מאַי האָבן שוין אָנגעהויבן זיך הערכזאָפּן די ערשטע זאַפּטן פון לענינס ווירקונג אויפן גאַנג פון די געשעענישן.

די 12 אַפּריל־טעזיסן זענען אויפגענומען געוואָרן דורך זיינע קעגנער ווי אויף שפּיזן... לענין האָט אָנגעהויבן און ביזן סוף דערפירט דעם פראָצעס פון ק אָ נ צ ע נ ט ר י ר ן ד י פ ר אָ ל ע ט אַ ר י ש ע ע ל ע מ ע נ ט ן א י ן א יי ן ל אַ ג ע ר... אין 1917 יאָר, אין תוהו ובוהו פון דער מלחמהדיקער פאַרווירונג און פאַרוויסטונג — זענען לענינס אַפּריל־טעזן געווען דער איינציקער קלאָרער און פעסטער שיינוואַרפער, אַרום וועלכן עס האָבן אָנגעהויבן זיך זאַמלען מיליאָנען.

אָבער עס האָבן געמוזט אַוועקגיין לאַנגע חדשים ביז די לענין־פאָן האָט אָנגעהויבן פלאַטערן איבער די צעוואָרפענע שטחים פון ריזיקן לאַנד.

* *

*

עס איז, פאַרשטייט זיך, געוואָרן נישט מעגלעך צו פאַרבלייבן אין אַפּטייק אין דער לאַגע פון אַ פיקטיוון מיטאַרבעטער. דעם אייגנטימער אוצעכאָווסקים בן־יחיד איז אַוועק אין מיליטער, אַלס אַרצט, מיין פריי

איז אַריבער אַרבעטן אין אַ צווייטער אַפטייק; אין פערסאָנאַל האָט מען אָנגעהויבן קוקן קרום אויף מיר, און איך אַליין האָב איצט געהאַלטן, אַז אין פרייען רוסלאַנד קאָן מען נישט געניסן פון אַזעלכע פיקציעס און מען דאַרף גיין מיטן גלייכן וועג.

אָבער וואָס טוט מען מיטן אישיאַס? דער שאַרפער צושטאַנד פון די ווינטער=חדשים איז אַריבער, אָבער איך האָב זיך דעם גאַנצן זומער קורירט און איך בין געווען פעיק נישט מער ווי צו — ב אַ וו ע ג ן זיך... וועגן מיליטערישער דינסט, קאַזאַרמע=רעזשים, — ווער רעדט נאָך: וועגן פ ר אָ נ ט — האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין.

מיינע באַקאַנטע דאָקטוירים האָבן אַלע און איין קול געטענהט, אַז אַ קאָמיסיע וועט מיך באַפרייען, אָבער אישיאַס איז אַ ספעציעל קאָמפליצירטער פאַל, ווייל אין 9 פאַלן פון 10 האָט מען דאָ צו טאָן מיט סימוליאַנטן, וועלכע עס איז נישט מעגלעך אויפצודעקן, נישט האַלטנדיק דעם חולה אין שפיטאָל אונטער אַ לענגערער אָבסערוואַציע. אין מיין פאַל וואָלט מען מיך יאָ באַפרייט: דאָס רוב היגע דאָקטוירים אין דער שטאָטישער קאָמיסיע קענען מיך פערזענלעך, אָבער אין דער קאָמיסיע זיצט דאָקטאָר ט ו ט ש אַ, און ער וועט מיך אָן שום ספק נישט אָנערקענען פאַר אַ חולה: אישיאַס? הערצו נאָך אַ ייִד? סימולאַציע — אויסער יעדן צווייפל! (ער האָט זיין אייגענעם בן=יחיד אָפגעשיקט אויפן פראָנט אין לעצטן סטאַדיום טובערקולאָז, צו להכעיס דער מיינונג פון אַנדערע מיטגלידער פון דער קאָמיסיע).

קיין אַנדער בריחה איז נישט געווען: איך האָב זיך געשטעלט צו דער שטאָטישער קאָמיסיע און נאָך שווערע ספקות איז טוטשאַ איינגעגאַנגען אויפן פאָרשלאַג מיך אָפצושיקן אויף מיינע אחריות (און הוצאות) אויף אָבסערוואַציע אין שפיטאָל פון מיליטערישן קרייז: דאָס האָט געהייסן — פאַרן קיין כאַרקאָוו. ווי ווייט איך געדענק, האָט די ג אַ נ צ ע ק אָ מ י ס י ע שריפטלעך גאַראַנטירט, אַז איך וועל נישט דעזערטירן (ווייל איך בין שוין געווען פאַקטיש=מאָביליזירט).

דאָס איז געווען אין אויגוסט. די טעג פון קאָרנילאָוו=אויפשטאַנד. נאָך דעם ווי קערענסקי האָט דערדריקט דעם יולי=פרווו פון די באָלשעוויקעס צו נעמען די מאַכט.

אין כאַרקאָוו בין איך, פאַרשטייט זיך, פון באַן אַוועק אין שפיטאָל. און דאָ פאַר די — ווי ווייט איך געדענק — 10 טעג, וואָס איך בין

דאָרטן אָפּגעלעגן, האָבן זיך פאר מיר אַנטוויקלט בילדער, וואָס האָבן געדינט ווי א סעריע לעקציעס וועגן דעם, וואָס אַרום קומט פאָר.

עס איז געווען נאָכן באַרימטן מאַרש פון דער אַרמיי אויפן גאַליציאַנער פראָנט. דאָס לאַנד איז געווען אונטערן איינדרוק פון קערענסקיס כוח-הדיבור: ער האָט מיט זיינע רעדעס אויפן פראָנט געהאַט אַריינגעגאָסן אין די צענדליקער טויזנטער הערצער מוט און ווילן צו קעמפן „ביזן זיגרייכן סוף“... די אַרמייען האָבן זיך א ריס געטאָן פאָרויס, אָבער מיטאַמאָל (איך געדענק נישט גענויער די פאַקטן) האָט דער פראָנט געפּלאַצט ווי א הייס גלאָז אונטער א קאַלטן שפּריץ... עס איז פאָרגעקומען די צעשמעטערונג פון טאַרנאָפּאָל, אין וועלכן די צוריקלויפנדיקע אַרמיי האָט געמאַכט א שוידערלעכן פּאָגראָם איבער דער פרידלעכער באַפעלקערונג פון שטאָט און האָט די שטאָט ממש אָפּגעווישט פון אויבערפלאַך... באַרים סאַווינקאָוו האָט דעמלט אויפגעשטעלט צוריק טויט-שטראָף אין די מיליטערישע פעלד-געריכטן.

אין כאַרקאָווער שפּיטאָל. האַרט ביי מיין בעטל איז געלעגן א סאָלדאַט, וואָס איז געווען פאַרוווּנדעט (א שראַפּנעל אין קאָפּ) ביי טאַרנאָפּאָל. דעם ערשטן מעת-לעת איז ער געווען פאַרבאַנדאַזשירט, כמעט נישט געקאָנט האַלטן אָפן די אויגן און איך האָב אים עטלעכע מאָל צוגעדינט דורך גאַנץ אומבאַהייטנדיקע באַמיונגען פון מיין זייט — געמישט דעם צוקער אין טיי, פאַרריכט די קישן אונטערן קאָפּ און א פּאָר מאָל דערלאַנגט די כלי פון אונטערן בעט. מיך האָט געוווּנדערט, וואָס ער האָט קיין איין מאָל נישט געזאָגט: „אַ דאַנק“, אָבער איך האָב זיך וועגן דעם טיפער נישט פאַרטראַכט...

אויפן צווייטן טאָג, אז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט און געעפנט די אויגן, נישט באַגרייפנדיק, קאָן זיין, א פּאָר מינוט ווו איך געפין זיך, האָב איך דערזען מיין שכן זיצנדיק אויפן בעטל אָן א באַנדאַזש אַרום קאָפּ, בלויז פאַרבונדן דעם שטערן. און מיך האָבן איבערראַשט זיינע אויגן: גרויסע, בלויע, אָנגעגאָסענע מיט עפּעס א מין שרעק. ער האָט געקוקט אויף מיר אַזוי ווי ער וואָלט נישט געגלויבט זיינע גרויסע אויגן.

איך האָב לחלוטין נישט אָנגעהויבן חושד זיין, אַז צום אויסדרוק פון זיינע אויגן האָב איך אַ שייכות, און נאָך אַ פּאָר מינוט קוקנדיק אויף אים מיט מיינע, מסתמא, פאַרשלאָפענע אויגן האָב איך מיט א געניץ א זאָג געטאָן:

— גוט מאָרגן!

ער האָט נישט געענטפערט... אַ מין נישטוויליגדיקער שאָקל מיטן קאָפּ, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ באַשטעטיקונג, אַז ער הערט וואָס איך רעד צו אים. אָבער קיין ענטפער אויף מיין באַגריסונג האָב איך נישט באַקומען.

איך ווייס נישט וויפל שעהן עס זענען אַריבער אין אַבסאָלוטן שווייגן. מיין הילף האָט ער נישט באַדאַרפט צו האָבן. איך האָב זיך דערפילט זייער אומהיימלעך, האָבנדיק אָנגענומען, אַז איך האָב צו טאָן מיט אַן אויסדרוק פון שאַרפן „קלאַסנקאַמף“... דעם אמת זאָגנדיק — האָט זיך צעשפּילט מיין פאַנטאַזיע און איך האָב באַשלאָסן, אַז דאָס וועט האָבן אַ שלעכטע ווירקונג אויפן אויסגאַנג פון דער אָבסערוואַציע, צוליב וועלכער איך ליג דאָ אויפן בעטל נעבן מיין אומגעריכטן „קלאַסנשונא“... מיר וועלן זיך איבערצייגן, אַז מיין פאַנטאַזיע איז גאָרנישט אַזוי „משוגע“ אָדער „שכור“, הגם די מעשה האָט זיך אַנטוויקלט אין אַן אַ נ ד ע ר ריכטונג, ווי מיין פאַנטאַזיע האָט תחילת געמיינט.

# IX. קירילאָוו

איך בין געלעגן און געקוקט צום באַלקן אַרויף, אַרומגענומען פון א מחנה אומרואיקע מחשבות און מיטאַמאָל דערהער איך:

— דו... טאַוואָ... ביסט א מיליטער־מענטש?

איך האָב נישט תיכף באַנומען, אַז ער רעדט צו מיר, און אויסגעדרייט צו אים מיין קאָפּ, נישט וויסנדיק: ענטפערן אָדער נישט?

— וואָס זשע ענטפערסטו מיר נישט?

— וואָס פרעגסטו?

— אָט א מאָדנע בריאה! — האָט זיך מיין שונא צעשטראַלט, באַוויזנדיק צוויי רייען ציינער ווי ווייסע פּערל: איך פרעג דיך — א סאָלדאַט ביסטו צי נישט?... און דו האָסט אַ מויל מיט וואַסער אָנגענומען און ענטפערסט נישט... נעכטן געווען אַזאַ נאַשבראַט און היינט מיטאַמאָל... ווי א דייטש אין געפאַנגענשאַפט... טי טשעוואָ?

שנאה איז שוין דאָ נישט געווען קיין שפּור און ממילא, איז פאַרשוונדן דער „קלאַסנקאַמף“ און סתם וועלכער עס איז „קאַמף“: חברים אין בויט זענען געלעגן און געשמועסט. איך האָב זיך, פאַרשטייט זיך, דערפילט ווי א נייגעבוירענער.

— נישט קיין דייטש בין איך און נישט קיין געפאַנגענער... דו האָסט מיר אויף מיין „גוט־מאָרגן“ נישט געענטפערט, האָב איך באַשלאָסן, אַז דו ביסט ברוגז אויף מיר. שווייג איך.

— טוט נאָר א קוק סאַראַ טאַנצקלאַסן ער פירט דאָ איין — האָט זיך מיין חבר אין בויט צעלאַכט איבער דער גאַנצער פּאַלאַטע: אויף זיין „גוט־מאָרגן“ אים נישט געענטפערט, איז א סוף צו דיפּלאָמאַטיע! מלחמה ביזן זיגרייכן סוף!

מיד האָט אָנגעשטעקט זיין האַרציקער געזונטער געלעכטער און איך האָב זיך אויך פונאַנדערגעלאַכט.

— טאַטאָ-וואַט — זאָגט ער: לאַכסט. איז אַלץ אין אָרדענונג! ביסט אַן אונדזעריקער! אָבער זאָג מיר סוף כל סוף: ביסט אַ סאָלדאַט?

— ניין — זאָג איך: נישט קיין סאָלדאַט!

— טאָ וואָס זשע טוסטו דאָ? — האָט ער אַ פרעג געטאָן מיט חידוש, און זיינע אויגן האָבן באַקומען דעם פריערדיקן אויסדרוק פון שרעק,

— געקומען צו דער קאָמיסיע אויף אָבסערוואַציע.

— אָבער פאַרוואָס אין סאָלדאַטסקע פאַלאַטע?

איך האָב זיין פראַגע נישט פאַרשטאַנען.

— איך בין דאָך אַ סאָלדאַט, אויב איך בין פעיק לויט מיין געזונטצושטאַנד.

— נישט קיין אָפיציר? נישט קיין יונקער? ביסט דאָך אַ דוואָריאַנין! אַ! פאַרגעסן! נישטאָ שוין קיין דוואָריאַנעס. אָבער אַ באַרין ביסטו דאָך... אַ בורזשוי!

— איך בין אַן אַקטיאָר, טאָוואַרישטש, (דאָס וואָרט האָט אָנגעהויבן אַרייננגיין אין געברויך). קיין דוואָריאַנין און קיין אָפיציר וואָלט איך נישט געווען, ווייל איך בין אַ ייד.

— אַ ייד ביסטו? — האָט ער קוים אַרויסגעמורמלט מיט דערשראָקענע אויגן: טאַטע-פּאָטער! עס זענען פאַראַן יידן אָן בערד און לאַנגע לאַפּסערדאַקעס? אין ראָטע האָב איך געזען אַזעלכע, זענען זיי דאָך סאָלדאַטן! און זיי האָבן אַנדערש גערעדט ווי דו. מיר פלעגן אָפט לאַכן פון זיי, אָבער יאָטן זענען זיי געווען האַרציקע, גוטע, פלעגן זיך טיילן מיטן לעצטן ביסן. איינער איז געפאַלן פון אַ קויל און האַרץ נעבן מיר אין פעלד. איך האָב אים אויפגעהויבן אַ שווער פאַרוואונדעטן, אָבער ער איז באַלד געשטאָרבן. ביסטו אַ ייד? אָדער דו לאַכסט פון מיר? אַרטיסטישע שטיק? אויפן פראָנט איז געווען אַ קאָנצערט! האָט אַן אַרטיסט אַזוי באַוויזן אַן אַלטן פויער, אַז איך האָב געמיינט, ער האָט געקענט מיין זיידן! יעי באָגו! אָט האָסטו כריסטוס!

ער האָט זיך דריי מאָל איבערגעצלמט. אַ ווײַלע האָט ער געשוויגן.

— און וואָס איז דיין קראַנקהייט?

— אישיאַס.

ער האָט זיך שטיל ווי אין זיך צעלאַכט און צוגעשמורעט אַן אויג...

— די קראַנקהייט איז אונדז באַקאַנט... אַ סך זענען איר אַזעלכע... דער

טײוול אַלײן װעט דאָ ניט דערגײן דעם אמת. נו, װעסט אָפּליגן אַ האַלב יאָר און דאָרטן איז אַ סוף צו דער מלחמה.

— װי רופט מען דיך? — פרעג איך אים.

— קירילאָװ, פעאָדאָר מאַטװעיעװ... און דיך?

איך האָב אים געזאָגט לויט נוסח אַלעקסאַנדראָװס און פאַרגעסן, אַז אויפן ברעטל בײַ מײַן בעט שטײט שװאַרץ אויף װײַס: „אבראַם בעניאַמינאָװיטש מענאַקער“.

באַשלאָסן אים תיכף צו דערקלערן די סתירה. ער האָט עס אײַנגעהערט מיט דערשראָקענע אויגן, אָפּגענעם מויל און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, װי ער װאָלט ניט באַנומען װאָס ער הערט און זעט.

מיר האָבן זיך, װי ברידער, דערנעענטערט. אָבער אומגעריכט פלעגט אַרויסקריכן פון אונטער זײַן פּעלץ אַזאַ בייזע, צעדרייטע, אויפגערעגטע חיה, אַז מיר פלעגט װערן אומהײמלעך צו ליגן נעבן אים. איך פלעג זיך אװעקזעצן אויפן בעט מיט אַ געפיל, אַז באַלד װעל איך מיך מוזן לאָזן לויפן... ער האָט מיך דערשיטערט און באַרוישט מיטן געמיש פון װילדע סתירות אין זײַנע אָפּשאַצונגען פון אײנצלנע פאַקטן. איך האָב זיך געהאַלטן פאַר אַ „װילדן“ אין פּאָליטישע אָפּשאַצונגען, ניט געװאָלט װיסן פון קײן שום „קאַטעכיזיס“, פון קײן שום „קאָנסעקװענטע“ אויספירונגען. אין אָט דער פראַגע בין איך אַ „באָלשעװיק“, אין אַ צװײטער — אַ „קאַדעט“. אין אַ דריטער האַלט איך... מיט „מאַהאָמעטן“.

אָבער מײַן פעדיאַ קירילאָװ האָט מיך פשוט דערשראָקן מיט זײַנע מײנונגען און אָפּשאַצונגען. קערענסקין האָט ער פײַנט געהאַט װי אַן אָנשיקעניש אויפן מיליטערישן אָרגאַניזם. גערופן האָט ער אים „קאָטיעלאָק“ און דאָס װאָרט פלעגט ער באַגלייטן מיט אַ דרײַגאָרנדיקער „ברכה“ אויפן קלאַסישן רוסישן אופן.

װעגן דער רעװאָלוציע האָט ער קורץ און בינדיק דערקלערט: מען װעט געבן די פּויערים ערד — איז רעכט. װעט מען האַלטן דרשות אויף די מיטינגען און זיך אַרומדרייסן צוליב פּאַרטײַ אַהער, פּאַרטײַ אַהין, װעלן מיר אין אַ העלן טאָג זײַ אַלעמען אָפּװישן פון דער ערד אַזוי, װי מיר האָבן אָפּגעװישט מאַרנאָפּאָל מיט אַלע ספּעקולאַנטן און זשוליקעס און אַלע אַנדערע זשידעס...

דער מאַרנאָפּאָלער פּאָגראָם איז האָן געװען דער סימבאָל פון װילדקײט, פון צעפּוילטקײט. פון אַלטן פאַרהאַסטן רעזשים, װאָס האָט אין דעם

פאַל באַוויזן, אַז ער לעבט נאָך און זיינע פינצטערע כוחות זענען גענוג גרויס סיי אין צאָל, סיי אין פאַרביסנקייט צו שטערן דער אַנטוויקלונג פון נייעם סדר.

און מיטאַמאָל הער איך: אַ סאָלדאַט, לויט אַלע פּרטים פון זיין דענקען און רעדן, אַ „באָלשעוויק" (ערד — פאָדערט ער! קערענסקי'ן — האסט ער: טאָ־וואָס איז ער?) — אַ סאָלדאַט, אַ פייער אין שינעל רעדט וועגן טאַרנאָפּאָל, ווי וועגן און „אויפטו", וואָס דאַרף זיין אַ מוסטער אויף די ווייטערדיקע עטאַפּן פון קאַמף... פאַר וואָס? פאַר ערד? פאַר פרייהייט??

איך האָב נישט באַוויזן צו זאָגן, אַז טאַרנאָפּאָל איז אַ שאַנדפלעק אויף דער פאָן פון פרייהייט, ווי קירילאָוו איז אויפגעשפרונגען מיט אויי־אָנגעפילטע מיט וווט...

— „פּ ר יי ה יי ט"?? (אַ דרייגאָרנדיקע) פרייהייט? (צוויי דריי־גאָרנדיקע)... דער צאַר האָט טויטשטראָף פאַר סאָלדאַטן אָפּגעשאַפט און די קאַמיעלקי (אַ דרייגאָרנדיקע) האָבן צוריק איינגעפירט... און ווען עס האָט געשווינט די דייטשע קויל אין פעלד, האָט אַ רוסישע געטראָפן אין טיל! דאָס איז — די פרייהייט?

ער האָט זיך צעבליפּעט... איך האָב געוואָלט אים באַרואיקן.

— נישט רעדן! — האָט ער זיך צעשריגן, אויפהויבנדיק זיין קישן איבערן קאָפּ: שוויג, אַז נישט פלעט איך דיר דעם מוח! „פרייהייט!"

— טויט־שטראָף האָט איינגעפירט סאַווינקאָוו, וועלכער האָט אַ האַלב לעבן געפוילט אין צאַרישע תפיסות, כדי אויסצוקעמפן ערד פאַרן האָרע־פאַשנעם רוסישן פויערטום — האָב איך באַוויזן אַרויסצורעדן.

— אַ קאַטיעלאָק איז דיין סאַווינקאָוו — (אַ דרייגאָרנדיקע). געזעסן צוליבן פויערטום, און אַז די רוסישע פויערים האָבן אויסגעהונגערטע, פאַרלייזיקטע, אויסגייענדיק אין בלוט, געוואָלט זיך אָנעסן און אַרומוואַשן, האָט ער טייזנטער דורך זיינע פרייצישע פעלדגעריכטן צעשאָסן ווי ווילדע הינט... „פרייהייט" (אַ דרייגאָרנדיקע).

— פעדיאַ, גאָט איז מיט דיר! אין טאַרנאָפּאָל האָט מען דאָך מאַסנ־וויז פאַרגוואַלדיקט פרויען, צעראַבירט ווינקעלערס, געשאָכטן פרידלעכע איינוווינער...

— איי־איי־איי, שטאָ זאַ סטראַסטי — נאַפּאַסטי! אַ מיידל אַ קוש געטאָן! דערפאַר אַ קויל אין ברוסט! אַ טרונק בראָנפן געכאַפּט — אַ קויל

אין קאָפּ! דאָס איז „פרייהייט“?... סאַווינקאָווס פּריציזישע פרייהייט איז עס! און דו, אַן אַרטיסט, אַ פריינד פון פאָלק, וואַגסט מיר אַזוינס צו פרעדיקן? ביסט געווען אין אָקאָפּ? האָסט געשמעקט פולווער? ביסט געלעגן אין ליין אַ גאַנצע נאַכט אַ שווער=פאַרוווּנדעטער? איבער דיין וווּנד זענען געשפרונגען זשאַבעס?... רעד נישט דאָס, וואָס די צייטונגען שרייבן! ביסטו אַ מענטש מיט אַ קלאָרן מוח, מיט אַן ערלעך האַרץ, מיט אַ ריינעם געוויסן — טאָ הער וואָס איך זאָג דיר און ענטפער נישט: „סאַווינקאָוו“. איך בין פאַרוווּנדעט געוואָרן איידער דער ריקצוג הינטער טאַרנאָפּאָל האָט זיך אָנגעהויבן. מען האָט מיך אַוועקגעפירט אין אומבאַוווּסטזיין אין טיל. אָבער איך זאָג דיר ערלעך: ווען איך בין נישט פאַרוווּנדעט, וואָלט איך אין טאַרנאָפּאָל געטרונקען בראָנפן, געקושט מיידלעך און אַריינגעשטאָכן מיין שפּיז אין אַ צענדליק ספּעקולאַנטן, וואָס וואָלטן געפרווט מיר שטערן, אַזוי ווי דאָס האָבן געטאָן טויזנטער פויערים מיינס גלייכן. און ווער עס דערציילט מעשיות וועגן „רעוואָלוציע“ און „פרייהייט“ און „סאַווינקאָוון“ און אַלע אַנדערע קאָמיעלקי (אַ דרייגאָרדיקע), דער זאָל וויסן, אַז ער וועט קריגן דעם שפּיז אין ברוסט פון פויערישער האַנט. ב ע ס ע ר ווי דער צאַר זענען זיי נישט און אַ סוף צו זיי וועט קומען, ווײַבאַלד עס האָט געשלאָגן די שעה פון מאַכן אַ סוף צו די יאָרהונדערטער פויערישע יסורים.

דאָ מוז איך באַטאָנען, אַז מיין פעדאָר קירילאָווס געשטאַלט באַקומט זיך אין מיין דערציילונג אין אַ גרייסער מאָס בעלעטריסטיש אויסגעפּוצט, ווייל... זיין ר ו ס י ש=ל ש ו ן גייט דאָ לאיבוד.

איך דערקען אים דאָ, ווייל איך האָב אים געהערט, געזען, געגלייבט און... אַריינגענומען זיין געשטאַלט אין האַרצן און — געוויסן. איבערגעבן עס דעם לייענער פאַרמאָג איך נישט קיין פאַך, קיין כוח, קיין טאַלאַנט...

אויפן דריטן טאָג איז געקומען אַ יונגע בילד=שיינע פרוי — מיין דאָקטאָר.

פון דער ערשטער פראַזע האָב איך געמוזט זיך זאָגן, אַז מיט מיין ענין איז ביטער, וואָס ביטערער קאָן גאָרנישט זיין. אויף קירילאָוון האָט זי אַ קוק געטאָן מיט פאַרליבטע אויגן. און דאָס זענען געווען די געפילן פון אַן ערלעכער פּאַטריאָטין צו אַ פאַרטיידיקער פון פאָטערלאַנד! וועמען האָט זי געזאָלט, געקאָנט זען אין מיר? 31 יאָר! אויפן פראָנט — נישט געווען! ערשט איצט אַריינגעצויגן אין דער אַרמיי! אויף אָבסערוואַציע! ד י א ג=

ג אָ נ צ ע פֿון דער שטאָטישער קאָמיסיע? אַ י ש י אַ ס! 95% אויף הונדערט — אַ ס י מ ו ל אַ נ ט!

זאָל דערלויבט זיין אַ פֿרט: קירילאָוו האָט געהאַט אַ קערפּער ווי אַלעבאַסטער: קלאָר, זויבער ווי אַ שטראָם פֿון אייזבאַרג. איך בין... אַ באַוואָקסענער; און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ראָס פּרויען-ווען האַלט קוים איין איר עקל, צוליגנדיק איר שיינעם קאָפּ צו מיין האָריקער ברוסט... איך האָב נישט געוווסט ווו צו באַהאַלטן מיין פֿאַרצווייפֿלונג... איך בין גרייט געווען צו מעלדן, אַז... איך בין געזונט, אַז איך בין גרייט צו גיין אין קאַזאַרמע, אָבער ראָס ווייסן נאָר יענע, וועמען עס איז באַקאַנט דער „טעם" פֿון אישיאַס — יעדע שאַרפֿערע באַוועגונג מיטן פֿוס איז — „הומל עפֿן זיך!"

אויפֿן צווייטן, דריטן טאָג האָט זיך די באַציונג צו מיר מצד דער דאָקטאָרין קענטיק געענדערט צום גוטן. זי האָט מיט אַ ליבן שמייכל מיך אַ פֿרעג געטאָן: „איר זענט אַן אַקטיאָר?" איך האָב געענטפֿערט, אַז דאָלמאַטאָווס אַ שילער, באַוויזן אַ פּאָר אויפֿנאַמעס... אין „רערן", אין „האַמלעט", אין „מאַנישקען".

— „ראָס האָב איך אַלץ געזען. „מאַנישקע" איז ביי אונדז געווען אַ גאַנץ אַנדער געשטאַלט... זייער אינטערעסאַנט... רערלויבט מיר עס באַווייזן אונדזער הויפּט-אַרצט, דאָקטאָר מיכאילאָוו".

איך האָב דערהערט דעם נאָמען, איז מיר געוואָרן פֿינצטער אין די אויגן...

* *
*

קירילאָוו איז נאָך אַ 2-שעהדיקער אָפּוועזנהייט געקומען צו לויפֿן אַ צעשטראַלטער.

— נו, אַבראַשאַ, גליקלעך איז דיין גאָט. אַזוי ווי דו ביסט נישט קיין סימולאַנט, וועט דיך דאָקטאָר מיכאילאָוו באַפֿרייען נאָך 2 אָדער 3 אונ-טערזוכונגען... דו ביסט דאָך נישט קיין סימולאַנט! אַן ערלעכע נשמה ביסטו! מיט אַ האַרץ פֿון אַ פּויער, אַזאַ ווי ביי מיר, ווי ביי מיין זיידן. ביסט אַפֿילו ענלעך צו מיין זיידן. האָסט זיינע אויגן און זיין שמייכל. אָבער זאָג נישט, אַז דו ביסט אַ ייִד!

— ווער זשע בין איך?

— א רוסישער מענטש, אַזאַ ווי איך, ווי דער זיידע מיינער יעריאָם יעפֿרעמייטש קירילאָוו... „א ייד“ גאָר! יידן זענען יענע מיט די קאַפּאָטעס, וועלכע מיר פֿלעגן אין די צענדליקער אויפֿהייבן אויף די פּיקעס... וואָס איז מיט דיר?

ער איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון זיין בעטל און מיך אָנגעכאַפּט פֿאַר ביי־דע הענט. איך האָב מיט כוח מיינע הענט אַרויסגעריסן און אַרויסגעלאָפֿן פֿון פּאַלאַטע.

אַוועק בין איך אין ווייטסטן ווינקל פֿון פֿינצטערן קאָרידאָר, זיך אָנ־געשפּאַרט אין דער וואַנט און, דורכגענומען פֿון אַ טיפֿן שוידער, געשטאַ־נען מיט פֿאַרמאַכטע אויגן. איך געדענק נישט ווי לאַנג. איך ווייס נישט ווער און ווי אַזוי מע האָט מיך אַריינגעפֿירט צוריק אין פּאַלאַטע.

אין אַ טאָג (אפֿשר צוויי) אַרום האָט זיך קירילאָוו אַוועקגעזעצט ביי מיר צופֿוסנס און אין טענער, וועלכע איך בין נישט פֿעיק צו באַשרייבן און וועלכע איך וואָלט נישט פֿעיק געווען צו לאָזן הערן פֿון דער בינע, האָט ער שטיל אָנגעהויבן:

— הער מיך אויס, אַבראַם, אָבער זיי פֿריער מיר מוחל, אויב איך וועל דיר פֿאַרשאַפֿן ווייטיק. איך וועל זיך מיט דיר נישט שיידן איידער איך וועל נישט דערהערן, אַז דו ביסט מיר מוחל די ווייטיקן, וואָס איך האָב דיר פֿאַרשאַפֿט. טאָ הער מיך אויס און זאָג מיר אויף אַ פֿאַרשטענדלעכן רוסישן לשון: „מלחמה“ איז דאָך — אַ שפּיז אין ברוסט, אַ קויל אין קאָפּ... אָדער איך שיק עס, אָדער איך קריג עס, און דו ווייסט דאָך מיר נישט זאָגן, אַז איך בין מחויב עס צו קריגן און טאָר עס נישט שיקן... טאָ פֿאַרוואָס ביסטו אַזוי אויפֿגעשפּרונגען, דערהערנדיק, אַז מיר האָבן געשטאָכן מאַסנווייז אונ־זערע פֿאַרביטערטע שונאים אין טאַרנאָפּאָל?

איך האָב פֿאַרמאַכט די אויגן און אָפּגעקערט דעם קאָפּ.

— איך וועל נישט אָפּטרעטן — זאָגט ער שטיל און פֿעסט: דו מוזט מיר געבן צו פֿאַרשטיין: פֿאַרוואָס האָב איך אַנדערע שונאים געמעגט שיסן און שטעכן און אָט די געזאָלט שאַנעווען?

איך האָב געשוויגן... געלעגן מיט פֿאַרמאַכטע אויגן... ער האָט אָנגע־נומען מיין האַנט און גענומען גלעטן צווישן זיינע ביידע.

— קומט אויס לויט דיין מיינונג, אַז איך בין אַ גזלן? אַ פּשוטער מערדער? איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז איך בין אין טאַרנאָפּאָל נישט געווען צוליב מיין שראַפּנעל אין שטערן, אָבער איך וויל פֿאַרשטיין דיין אויפֿרעגונג און שוידער.

איך האָב אַרויסגעצויגן מיין האַנט פון זיינע. ער איז געזעסן מיט אַן אָראָפּגעלאָזטן קאָפּ. לענגער שווייגן האָב איך נישט געקאָנט.

— פאַרפירן געשפּרעכן וועגן דעם אונטערשיד צווישן געשלעג, טויט, מאָרד אויפן שלאַכטפעלד, און אויפהייבן אויפן שפּיז אומבאַוואָפנטע מיזג־משן האַלט איך פאַר איבעריק, אויב דו גיסט זיך אַליין נישט אָפּ קיין חשבון פון דעם.

— זיי זענען אַלע געווען עסטרייכישע שפּיאָנען... זיי פלעגן ביינאַכט געבן ליכט־סיגנאַלן פאַר די אויסשפּירער פון שונא!

— „אַלע" זענען זיי עסטרייכישע פּאַטריאָטן! — האָב איך אויפגערעגט זיך אָפּגערופן — שפּיאָנען — איז געווען איינער פון טויזנט. און געשאָכטן האָבן זיי קאָזאַקן מאַסנווייז, ווייל דאָ האָט אין הערצער געקאָכט שנאָה צו יידן!

— וואָס גייט דיר אַזוי אָן דער גורל פון עסטרייכישע פּאַטריאָטן, אויב אַזוי? — האָט ער אַ זאָג געטאָן, צומאַכנדיק אויף אַ רגע זיינע אויגן און מיט אַן אָנגעשפּיצטן אויער.

— איך בין אַ ייד! אַזאַ ווי זיי, הגם אָן אַ קאַפּאָטע און אַ באָרד!

ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַן אויסגעקרימטן שמייכל.

— אָבער קיין עסטרייכישער שפּיאָן ביסטו דאָך נישט! — האָט ער אויסגערופן און זיך איבערגעזעצט אויף זיין בעטל.

דאָס געשפּרעך האָט זיך אָפּגעריסן און איך האָב זיך געכאַפּט, אַז דאָס קאָן האָבן אַ פאַטאַלע ווירקונג אויפן אויסגאַנג פון דער אָבסערוואַציע. קירילאָווס אינפאָרמאַציעס וועגן מיר האָבן אַ סך צו זאָגן, און די ענדערונג מצד דער שיינער דאָקטאָרין האָט געשמעקט אין קירילאָווס אייגפלים... איצט ביי זיין גראַדליניקייט און עכט־רוסישער פּשטות קאָן ער אין מיר זען, אַן „עסטרייכישן פּאַטריאָט" און מיין ענין איז דערליידיקט... דערצו נאָך — מיכאַילאָוו!

## X. — און מיכאַילאָוו

ה י ר ש ל ע ק ע ר ט!

איז דען דאָ אין דער רשימה פון ייִדישער מאַרטירער פון דער רוסישער פרייהייט=באַוועגונג אַ שענערע געשטאַלט ווי אָט דער שוסטער=יונג, וואָס האָט געהערט צו די רייען פון ווילנער „בונד“ און, נישט פרעגנדיק ביי דער פּאַרטיי, אויף אייגענער אַחריות אַריינגעשאָסן אַ קויל אין ווילנער גובערנאַטאָר פאָן=וואַל, געטראָפן בלויז אין פוס און באַצאָלט מיטן לעבן...

ספּעציאַליסטן פון טרעפן אין „צ י ל“ האָבן הוזק געמאַכט פון אומגעלונגענעם שיסער, אָנהענגער פון אינדיווידועלן טעראָר. איבער צאַרישע קאַטראַפּן, האָבן פון פאַרדראָס געבילט די פּויסטן, געקריצט מיטן ציין: „אַ קאָמפּראָמיטירטער טעראָר=אַקט!“ אָבער ווי שטראַלנדיק איז די שיין אַרום הירש לעקערטס קאָפּ און אָנדענק, ווען מען באַגרייפט, אַז מיט זיין האַנט און ווילן האָט אָנגעפירט בלויז דאָס געפיל פון באַליידיקטער מענטשלעכער ווירדע, אַז ער האָט געהאַט נאָר איין כוונה: באַווייזן, אַז דער ייִדישער אַרבעטער וועט נישט אַראָפּשלינגען שטילערהייט די באַציִונג צו אים ווי צו אַ מינדערווערטיקער בריאה!

ער האָט געהויבן זיין האַנט — ווייל נישט פאַרבויגן זיין קאָפּ!

און אויפן סניפּישקער פּלאַץ, אין אַ טריבן פרימאָרגן, שטייענדיק אויפן בריקל אונטער דער תליה, ווען צו אים איז צוגעגאַנגען דער „קאַזיאָנער רב“ געמזער און פאָרגעלייגט צו זאָגן מיט אים ווידוי, האָט ער אָפּגעווענדט זיין שטאָלצן קאָפּ, מיט דער האַנט אָנגעטאָן די תליה אויפן האַלדז און איבערגעקערט מיטן פוס דאָס בענקל. „ה י ר ש ל ע ק ע ר ט — דאָס איז די עמבלעמע פון ליכט און מענטשלעכער ווירדע אין יענע טעג.

און דער ה י פּ ו ד איז אין יענע טעג געווען — ד אָ ק ט אָ ר מ י כ אַ י ל אָ וו.

„פאָן־וואַל“ איז גאָרנישט, דאָס איז נישט מער ווי אַ קעפּל פון אַ קאַ־
פּיטל. פאָן וואַלס זענען געווען אין די הונדערטער... „מ י כ אַ י ל אָ וו“
איז א געשטאַלט, אַ „פּערזענלעכקייט“.

וואָס איז געשען?

די אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע פון 1־טן מאַי (איך שרייב פון זכרון און
האָב מיר געשטעלט פאַר א כלל ואין יוצא — נ י ש ט צו באַנוצן זיך
מיט קיין שום נאָטיצן אָדער אַנדערע קוואַלן פון ידיעות: מיינע מעותים
זענען אַן אָרגאַנישער פּרט פון דאָזיקן ווערק. איך גאַטיר דאָ די דאַטע,
נישט געדענקענדיק גענוי דאָס יאָר: עס דאַרף זיין 1902, 1903 אָ ד ע ר
1904... דאָ קוק איך דורכן גלאָז פון מיין לעבנסבוך) — דער יום־טוב פון
אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט איז אויסגעפאַלן — ש ב ת.

בעת קאָזאַקן און פערד־פּאָליציי האָבן געטריבן די דעמאָנסטראַנטן, און
מען איז זיך צעלאָפן פון די אַרבעטער־הייען אונטער דער ווירקונג פון לע־
דערנע נאַהייקעס (מ י ט ב ל יי ב יי ם ס ו ף) ביי די רייטער און
פּיקעס ביי די קאָזאַקן, האָבן זיך די לויפנדיקע צעמישט מיטן המון, וואָס
איז געגאַנגען גאָכן דאַווענען צום משאָלנט. אַזאַ המון איז אין ווילנע באַ־
שטאַנען פון א פּאָר טויזנט מענטשן, און צווישן זיי הונדערטער יונגעליים,
וואָס האָבן צו „רעוואָלוציע“ און „דעמאָנסטראַציע“ קיין שייכות נישט גע־
האַט. דער פּאָליצמייסטער (מעיער. דוכט זיך) האָט געבעטן די גבאים און
רבנים זיי זאָלן אים העלפן אָפּקלייבן די קראַמאָלניקעס פון מתפללים...
האָט עמעצער פון די שאַרפע קעפּ און „פרומע“ הערצער געזאָגט, אַז מען
זאָל קודם באַפרייען אַלע, וועלכע טראָגן ציצית... די איבעריקע האָט ער
אָפּגעקליבן לויט געוויסע אויסערלעכע סימנים: זיידענע קראַוואַטן, ענגלישע
שטאָפן, לאַקירטע שיך — אָפּגעלאָזן אַהיים. אין אַרבעטער־בלוזן — פאַר־
האַלטן און פיל פון זיי באַפוילן — ש מ יי ס ן!!!

האָט מען עטלעכע צענדליק אַרבעטער אַוועקגעלייגט אויף בענקלעך,
אַנטבלויזט זייערע רוקנס און מיט אויסגעווייקטע ריטער געגעבן שמיץ אי־
בערן ווייכן קערפּערטייל... די דעמלטיקע מיטמענטשן האָבן נאָך נישט גע־
וווסט פון מייזהאַניקעס, און פּאָגראָמען, פון גאַזקאַמערן, פון קאָנצענטראַציע־
לאַגערן — האָט אַ שוידער פון אויפגעטרייסלטן געוויסן באַהערשט יעדן
מענטשן אין שטאָט, אַן עקל צו די עקזעקוטאָרס און אַ הייסער שטראָם פון
מיטלייד צו די געליטענע.

ביי דער עקזעקוציע איז געשטאַנען דער שטאָטישער דאָקטער, גע־
האַלטן דעם פּולס פון באַשטראָפטן און אָנגעוויזן: דער וועט אויסהאַלטן די־

באַשטימטע צאָל שמיץ; דעם מוז מען לאָזן איבערכאַפּן דעם אָטעם און דעם — אָפּלאָזן...

אין עטלעכע טעג אַרום איז דער שטאָטישער דאָקטאָר געוואָרן פאַרבעטן צו באַזוכן אַ חולה היגטערן שטאָט אין רוזעלע. אַ פּריוואַטער וויזיט. באַרונגען זיך, אַז ער וועט באַקומען כּד וכד באַצאָלט. אין דרויסן האָט געוואַרט אַ דראָזשקע. מען האָט זיך אַריינגעזעצט און געקומען קיין רוזעלע. דער דאָקטאָר איז אַריין אין שטוב, אויסגעטאָן דעם מאַנטל, געפרעגט: „ווו איז דער פּאַציענט?“

האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז דער „פּאַציענט“ איז ער אַליין. מיט דער הילף פון עטלעכע יונגעלייט האָט ער זיך אַנידערגעלייגט אויפן צוגעגרייטן בענקל און באַקומען אין ווייכן קערפּערטייל אַ באַשטימטע צאָל שמיץ... מען האָט געהאַלטן זיין פּולס, געזאָגט, אַז ער וועט נאָך אויסהאַלטן, אים געלאָזט איבערכאַפּן דעם אָטעם און נאָך אַזאַ און אַזאַ צאָל געזאָגט: גענוג און אים פאַרגעלייגט די אָפּגערעדטע סומע פאַרן וויזיט. ווי אַזוי דאָס איז פאָרגעקומען האָט מיר אויף מאָרגן דערציילט מיט אַלע פּרטים מיין לערער לעווי זאַקהיים, אַ טיכטיקער בונדאָוויעץ, דעמלט אַ סטודענט פון דער כעמיש=טעכנישער שול...

ווי אַזוי דער פּאַציענט האָט רעאַגירט אויף דער גאַנצער מעשה — געדענק איך נישט און האָב עס, דוכט מיר, קיינמאָל נישט געוווּסט, זאַקהיימען האָט מען פון דער שול שפּעטער אויסגעשלאָסן, אָבער נישט פאַר דער מעשה מיטן שטאָטישן דאָקטאָר: ער האָט געהאַט אַ סך אַנדערע מעשים טובים אויף זיין קאָנדויט.

דער דאָזיקער שטאָטישער דאָקטאָר האָט געהייסן — מ י כ א י ל אָ וו...

דעם לייענער וועט איצט שוין זיין קלאָר, פאַרוואָס מיר איז געוואָרן „פינצטער אין די אויגן“ ווען איך האָב דערהערט, אַז דער הויפּט=דאָקטאָר אין כאַרקאָווער שפּיטאָל איז — מיכאַילאָוו.

נאָך דעם, ווי קירילאָוו האַלט מיך פאַר אַן „עכטרייכישן פּאַטריאָט“, האָבן די שאַנסן צו ווערן באַפרייט אויסגעזען זייער נישטיק: „אונטערן זעראָ“, ווי מען רופט עס. איך האָב רק נאָך געטראַכט: „אפשר“? אפשר איז עס אַן אַנדער „דאָקטאָר מיכאַילאָוו“? מיט קירילאָוון האָב איך זיך ווייניק פאַרנומען. איך האָב נישט געוואָלט ער זאָל מיינען, אַז איך צי צוריק עפּעס פון דעם, וואָס איך האָב געהאַט געזאָגט, און גלייכצייטיק האָט מיר ווי גע=

טאָן, וואָס ער האָט אָנגענומען, אַז איך האָב זיך צו אים געענדערט. אַזוי זענען אַוועק עטלעכע טעג.

די כמאַרע צווישן אונדז איז פאַרשוואונדן אַדאַנק דעם, וואָס צו מיר האָט זיך געוואָנדן אַ פאַרוואונדעטער סאָלדאַט און געבעטן אָנשרייבן פאַר אים אַ בריוו צו זיין פאַמיליע, ווייל די רעכטע האַנט איז אים פאַרבאַנדאַזשירט. איך האָב געבעטן באַווייזן, וואָס מען שרייבט צו אים און, האָבנדיק איבערגעלייענט דעם בריוו, אָנגעשריבן אַ בריוו, פון וועלכן דער יונג איז ממש געוואָרן צעמישט, ווי אַ געווינס וואָלט אים אויסגעפאַלן... ער האָט דעם בריוו אַרומגעטראָגן ווייזן איבער דער פאַלאַטע און געקומען צו מיר מיט אַ פאָרשלאַג איך זאָל אָנשרייבן אַ צענדליק בריוו.

— די יאַטן (רעביאַטאַ) — האָט ער געזאָגט — וועלן גערן באַצאָלן צו רובל און 2 רובל אַ בריוו. איך קאָן פאַרדינען אַ 50 קערבלעך... אַז איך האָב אים שטרענג געהייסן אויפהערן צו רעדן וועגן דעם, איז ער אַוועק ווי אַן אָפגעשמיסענער, נאָר פון וועג זיך אומגעקערט: „דו זיי נישט בייז אויף מיר... איך האָב געמיינט דיין טובה“.

— לאַדנאָ, לאַדנאָ — זאָג איך צו אים: איך בין נישט בייז, און ווער עס דאַרף האָבן, זאָל קימען. לויט מיינע מעגלעכקייטן וועל איך יעדן העלפן, אָבער לייג מיר נישט פאָר צוצונעמען ביי פאַרוואונדעטע פאַרטיידיקער פון פאָטערלאַנד זייער מאַכאָרקע, די נאַרישער קאָפ. האָסט אוודאי פיינט ספעקולאַנטן און מיך ווילסטו מאַכן פאַר אַ ספעקולאַנט אין פאַלאַטע...

ער האָט זיך צעהירזשעט ווי אַ יונג לאָשעקל און אַוועק צו זיך.

דאָ האָט מיין קירילאָוו נישט אויסגעהאַלטן און אַרויס מיט לשון:

— איך האָב דיך שוין צעביסן. פאַרשטאַנען וואָס דו ביסט פאַר אַ מין שטיק מענטש (טשעלאָוועטשינאַ)... אַ באַרין ביסטו, ד ע ר י ט ע ב י אַ  ג אָ ר אָ י! פאַראַן אויף דער וועלט אַזעלכע טשעלאָוועטשינעס... שעדלעכע נשמות! צוליב דיר קאָן אונדזערס אַ מענטש אַמאָל שענקען הונדערט אויסוואורפן זייערע פאַרברעכנס איבער פויערישע רוקנס. אָבער דו ביסט עפעס פאָרט נישט קיין באַרין. אַ באַרין, אַז ער טוט גוטס, קוקט ער באַלד, ווי אַזוי עס אָפצונעמען טאָפלט... אונדזער פאָמיעשטשיק האָט געהאַט אַ גוטן זון... אַ סטודענט. אַלע האָבן אים אין דאָרף געליבט און געגלויבט אין אים, ווי אין גאָט. האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז דעם סטאַראָסטעס איינִיקל — פעלאַגעיושקא — האָט זיך, אַז ער איז אַוועקגעפאָרן, אַריינגעוואָרפן אין ברונעם... גיין! דו ביסט אַ באַרין פון עפעס אַן אַנדער פאַ-

ראָדע. איך גיב מיין קאָפּ, אַז דו וואָלסט פּעלאַגעיען נישט דערפירט צום ברוגעם.

אין אַן אומגעריכטן אויסברוך פון צעשפּילטער האַרציקייט האָבן מיר זיך אַרומגענומען און צעקושט.

— טאַטאָ־זשע! — האָט ער זיך צעשריגן — און זיינע ציינער האָבן זיך צעשיינט: אַרומגעגאַנגען און אָנגעבלאָזענער ווי אַ וואָלקן אונטערן הייליקן מיכאַל... וואָס האָב איך געטאָן? כ'האָב דאָך האָרטן נישט אַריינגעשמעקט אַפילו אין פּאַרשאָלטענעם טאַרנאָפּאָל דיינעם.

— פאַרוואָס „מיינעם" מיטאַמאָל?

— ווייס איך? זאָגסט דאָך, אַז די קאַפּאָטעס זענען דיינע ברידער!

— דאָס האָב איך, לאָמיר אָננעמען, נ י ש ט געזאָגט, און אַז איך בין אַן „עסטרייכישער פּאַטריאָט" — האָסטו געזאָגט.

— גאָט זאָל מיך היטן און באַגנעדיקן! — האָט ער זיך צעשריגן, אויסגלאָצנדיק מיט שרעק זיינע גרויסע אויגן... וואָס טראַכסטו אויס? נישט געשטויגן — נישט געפלויגן! און מיט אַ גזלנישער רציחה: איך האָב דיר געזאָגט, אַז דו ביסט אַ רוסישער פּויער ווי מיין זיידע יעריאָם יעפּריעמאָוו... געזאָגט אָדער נישט?

אַ טאָפּלטע דרייגאָרנדיקע האָט זיך צעשאָטן ווי אַ דונער אונטער די הויכע געוועלבן.

— דו זאָג מיר: דער זיידע דיינער שיט אויך כסדר מיט אַזעלכע ברכות?

— וואָסער אומזין! אין לעבן נישט געהערט אַזעלכעס פון זיין מויל... דאָס האָט אַלץ די מלחמה געמאַכט, די יאָרן אין אָקאָפּעס —

און אַ דרייגאָרנדיקע האָט זיך צעלייגט אויף זיינע ליפּן אין שטילער לירישער פאַרדראָסלעכקייט איבער זיך אַליין.

---

איך בין געלעגן אויף דער באַנק ביים הויפּט־דאָקטאָר און געוואַרט: יעדע מינוט דאַרף אַריינקומען מיכאַילאָוו... י ע נ ע ר? אפשר — אַן אַנדערער??

ער איז אַריינגעקומען. אַ ריז מיט אַ רויטן קאָפּ: ע ר! נ י ש ט ק י י ן צ ו ו י י ט ע ר!

ער איז צוגעגאַנגען צום בעטל, וואָס די קראַנקן־שוועסטער האָט אָקאָרשט אויפגעהאַנגען איבער מיין באַנק.

— ווי אַלט?

— 31.

— פון וואַנען זענט איר?

ער האָט מיר באַקוקט פון קאָפּ ביז די קנעכלעך —

— פון ווילנע.

— ווי לאַנג קרענקט איר אויף דער קראַנקהייט?

— פון פאַר ניי־יאָר.

— וועלכע פיס טוט אייך וויי?

— די לינקע.

ער האָט האַסטיק א ריס געטאָן די לינקע פיס.

— פאַרוואָס רעאַגירט איר נישט?

— איך האָב גאָרנישט געפילט.

ער האָט א ריס געטאָן די רעכטע. איך האָב זיך א צאַפּל געטאָן און אויסגעשריגן פון א שאַרפן ווייטיק.

— איר זאָגט דאָך: די לינקע טוט וויי! וואָס שרייט איר, אַז איך דריי די רעכטע?

איך האָב געוואָלט פון שמערץ א געדיכטן שווייס.

— איך ווייס נישט. פריער האָט נישט ווי געטאָן. און איצט — שרעקלעך...

— זעצט זיך!

איך האָב אָבער נישט געקאָנט זיך זעצן: דער ווייטיק איז נישט אַוועק. איך האָב געפרווט, און זיך געכאַפּט פאַרן קראַנקן פוס — לינקס פון זיצנערוו.

מיכאילאָוו האָט נאָכגעפאָלגט אַלע מיינע באַוועגונגען.

— איך וועל אייך נאָכאַמאָל אונטערזוכן אין א פּאָר טעג אַרום. איצט קאָנט איר גיין. העלפט אים, שוועסטער!

אָנגעשפּאַרט אויף דער שוועסטער, בין איך אַרויס פון קאַבינעט, נישט קאָנענדיק איינהאַלטן שטילע קרעכצן.

די האָספּיטאַלין איז געקומען און געמאָלדן, אַז איך וועל איגגיכן פאָרן אַהיים.

דריי טעג שפּעטער בין איך געווען אין אַלעקסאַנדראָווסק.

## XI. „שטיוול איז העכער ווי שעקספּיר“

צום ווינטער־סעזאָן 1917/18 האָט מיך וואָיטאלאָווסקי אנגאַזשירט. געשען איז עס — נישט פשוט, נישט „פון גאַנצן האַרצן“... ער האָט געהאַט אַנגאַזשירט אַן אַקטיאָר אויף מיין אמפּלוא — לויט זיין מיינונג — אָבער „געבראָכן דעם קאָפּ“. די ערשטע — „פירנדיקע“ — פיגור האָט, לויט זיין כוונה, געזאָלט זיין אַ שוישפּילער אויפן אמפּלוא פון „נעוראַסטעניקער“. פאָרפירי ניקאָלאיטש זווערעוו. זייער אַ טיכטיקער רוטינירטער אַקטיאָר מיט א קאַנטיקער מאָס פון פּעטערבורגער איינפלוס (ער איז געווען לויט זיין נאַציאָנאַליטעט — א פין). ביי א געשיקטער אָנפירונג וואָלט מען אפשר געקאָנט דורכשטופּן א האַלבן סעזאָן, מאַסקירנדיק די בלויז, אָן א „דראַמאַטישן העלד“. אָבער „געשיקטע אָנפירונג“ איז אַן און פאַר זיך אַ „גאָט־זאַך“, וואָס לאו כל אדם זוכה. איז די נאָדל פון זאַק אַרויסגעקראָכן שוין צו דער ערשטער פאָרשטעלונג.

זווערעוו האָט אויסגעדריקט דעם ווונטש צו באַווייזן זיך אין דער ראָל פון „פירשט מישקין“ (דאָסטאָיעווסקיס — „א י ד י אָ ט“). איז באַשלאָסן געוואָרן מיט דעם שטיק עפענען דעם ווינטער־סעזאָן. גערעדט און געטאָן: דער „העלד“ (וויסאַריאָן ניקאָלאַיטש גורקא — האָט ער זיך גערופן) וועט אין דער ראָל פון „ראָגאָזשין“ מישקינען נישט אָפּרוקן אויפן צווייטן אָרט, און דאָס איז אין דעם פאַל ווי אָנגעמאָסטן, ווייל די כוונה איז געווען אַרויסצופירן זווערעוון אין סאַמע „אויבנאָן“.

לאָזט זיך אָבער אויס פון דער ערשטער פּראָבע, אַז דער „העלד“ — אונדזער ליבהאַרציקער וויסאַריאָן ניקאָלאַיטש — איז פון „ראָגאָזשינען“ אויף אַזאַ מהלך, אַז זווערעוו אַליין הייבט אָן מורא צו האָבן פאַרן גורל פון ערשטן ספּעקטאַקל... און מיך אין „ראָגאָזשינען“, ווי דער לייענער דאַרף געדענקען, האָט וואָיטאַלאָווסקי געזען און... אָנערקענט. געשען! איך בין אין פּערסאָנאַל. צי איז זווערעוו אַרויס אויפן „סאַמע“ אויבנאָן, ווייס איך נישט. „מישקינען“ האָט ער באַוויזן מיט אַ סך אינערלעכער איבער־

צייגונג. דער צושויער האָט אויפגענומען דאָסטאָיעווסקיס געשטאַלט און געלעבט מיט איר דעם גאַנצן ספּעקטאַקל. זוועריעוו האָט זיך באַוויזן פאַר א שוישפּילער, וועלכן דער צושויער דאַרף אויפנעמען און ליב קריגן, אָבער אַליין באַהערשן דעם עולם (ווי עס האָט זיך געוואָלט דער אָנפירונג און ווי ער האָט זיך פאַרמאָסטן) האָט זיך אים נישט איינגעגעבן. מיין פּאָפּולאַריטעט איז נאָך נישט געווען אָפּגעקילט, און די געשיכטע מיט די אַנאָנסירטע און צוליב מיין קראַנקהייט אָפּגערופענע גאַסטראָלן ערב ביי=יאָר האָט דערפירט דערצו, אַז מיין דערשיינען אויף די ברעטער האָט דער פולגעפּאַקטער זאַל אויפגענומען מיט אַן אָוואַציע אויף עטלעכע מינוט... וואָיטאַלאַווסקי האָט לגבי מיין טריומף שוין נישט איינמאָל אַרויסגעוויזן זיין „געשפּאָלטנקייט“: פון איין זייט פאַרדראָס און א היפּשע דאָזע אייפערזוכט, פון דער צווייטער — עפּעס פון וואַרעמען האַרצן און דירעקטאָרישן געפיל, וואָס ביי אים אין טעאַטער איז די לופט אָנגעגליט... אין באַשריבענעם ספּעקטאַקל האָט זיך נאָך אָפּגעשפּילט אַן עפּיזאָד, וואָס איז, ווי מען רופט עס: „ווערט גאָלד“... א מעשה מיט א פּאָר שטיוול, אָבער וואָס פאַר אַן אוצר קאָלאָריטן עס איז אין דער דאָזיקער מעשה פאַרשטעקט!

„ראַגאָזשין“ טראָגט א פּאָר הויכע שטיוול. ער איז א מיליאָנער, אָנגעטאָן אַזוי ווי י ע נ ע מיליאָנערן פלעגן זיך אָנטאָן: אין א טינקל=גראַנאַטאָוון רוסישן „ארמיאַק“ איבערן הימל=בלויען העמדל, ברייטע „שאַראַוואַרן“ איבער הויכע שטיוול. אין האַנט א יעגער=רוט, אויפן קאָפּ — א רוסיש היטל מיט א בלישטשענדיקן דאַשעק...

אַרויסגיין אויף דער בינע אָן דעם געהעריקן קאָסטיום וואָלט געהייסן די געשטאַלט פון ערשטן מאָמענט פאַרטונקלען. און „ראַגאָזשין“ טאָר פון „טינקלקייט“, פון „שאָטן“, פון קיין שום „צווייטן סאָרט“ מיט זיך נישט אַריינברענגען. „ראַגאָזשין“ איז — פלאַם און גלאַנץ. שוין בעת דער ערשטער פּראָבע האָב איך געבעטן מיר באַווייזן דעם קאָסטיום. דער קאָסטיומער אין טעאַטער — אַן אַלטער גוטער פריינד, וואָס האָט געוווסט, אַז מיר „אָפּפּטרן אַבי ווי“ קאָן מען נישט, האָט מיר באַרואיקט: צו דער צווייטער פּראָבע וועט אַלץ זיין צוגעגרייט ביזן לעצטן פאָדעם.
נ אָ ר  ק י י ן  ה ו י כ ע  ש ט י וו ל  ז ע נ ע ן  נ י ש ט אָ!

איך האָב תיכף געמאָלדן דעם דירעקטאָר און געוואָרנט, אַז איך וועל אין פּראָסטע שטיוול אויף דער בינע נישט אַרויסגיין.

— איך ווייס מיט וועמען איך האָב צו טאָן — דערהער איך — און איך פאַרזיכער דיך, אַרקאַשאַ, אַז דו וועסט האָבן הויכע שטיוול...

נאָך דער צווייטער פּראָבע, דערהערנדיק, אַז קיין שטיוול יענע נישטאָ, בין איך ווידער אַוועק צו וואָיטאַלאָווסקין...

— ס'וועלן זיין שטיוול — האָט ער מיר געמאָלדן: שלאָף רואיק.

איידער איך בין אַוועק „שלאָפן רואיק" האָב איך באַשטעלט א פּאָר שטיוול ביי א באַקאַנטן שוסטער.

ער האָט באַשאַפן אַזאַ מייסטערשטיק, אז איך האָב מורא, צי דאַרף איך נישט פאַרשרייבן א 30% פון עולמס אָוואַציע ביי מיין דערשיינען אויף דער בינע אויפן חשבון פון „ראָגאָזשינס" שטיוול...

דער לייענער פון די עמודים, אַזוי גוט ווי דער אומבאַהאַווגטער אין די פּרטים פון יענער זייט קוליסן ברייטער עולם — גיט זיך דאָך אָפּ זייער א קנאַפּן חשבון פון דעם, וועלכע „צאָלן" און „ציפערס" שטעלן צוזאמען דעם סכום, וואָס רופט זיך „דערפאָלג"...

און ווער וועט זיך אונטערנעמען צו זאָגן מיט פולער זיכער־קייט, אַז, פאַטשנדיק מיט צעפלאַמטע הערצער און בליקן בעת די בינע האָט באַ־טראָכט דער געגעבענער אַקטיאָר, האָבן פון 10 צושויער 3 זיך דערמאָנט — אין „האַמלעטן", 3 — אין „הערן", 2 — אין די חדשים פון זיין אַרבעט־לאָזיקייט און שפּיטאָל און בלויז די לעצטע 2 האָט אַריינגעבראַכט אין היציקער התפעלות — די פּאָר הויכע שטיוול?

און אפשר — פאַרקערט? די שטיוול האָבן אַפּלאָדירט 7 פון 10! און בלויז דריי האָבן זיך דערמאָנט אין די מינוטן, וועלכע אָט דער אַקטיאָר האָט זיי פאַרשאַפט אין משך פון די פאַרלאָפענע חדשים אין יאָרן?

אָבער וואָיטאַלאָווסקי איז געקומען א צעשטראַלטער —

— נו, איך האָב אייך געזאָגט, אַז איר וועט האָבן הויכע שטיוול? אַ פראַכט, אַ ברכה צו מאַכן ווי איר זעט אויס!

איך האָב אויסגעגלאָצט די אויגן.

— יאקאָוו אַנטאָנאָוויטש! — זאָג איך: די שטיוול האָב איך דאָך זיין געשאַפן! די דירעקציע האָט דאָך אַ פינגער אין אַ פינגער נישט אַ קלאַפּ געטאָן!

— שוטהלע דו אומהייליבאַרער — זאָגט מיין דירעקטאָר מיט א ליבן

שמייכל און גלעט מיך איבער ראָגאָזשינס פּאַרוק: צו וועלכע טישטשע כּפּרות דאַרף די דירעקציע קלאַפּן אירע פֿינגער, אַז זי ווייס מיט וועמען זי האָט אין דעם פֿאַל צו טאָן? מאַרעווסקי וועט דאָך נישט אַרויסגיין, שפּילנדיק „ראָגאָזשינען" אין אַבי וועלכע גראָבע שטיוול... בין איך געשלאָפֿן רואיק...

אַרום האָט מען זיך צעלאַכט. דער שמועס וואָלט אפֿשר באַקומען נאָך עטלעכע ניואַנסן, אָבער עס האָט זיך דערהערט דער סיגנאַל אָנצוהויבן דעם ווייטערדיקן אַקט.

א צווייטער עפּיזאָד אַרום דעם זעלביקן ספּעקטאַקל.

וויסאַריאָן ניקאָלאַיִטש גורקאָ האָט זיך נישט גענומען צום האַרצן, וואָס מען האָט ביי אים צוגענומען די ראָל אויף דער ערשטער פּראָבע: „נישט מיין זאַך איז עס — איך בין נישט קיין „דראַמאַטישער העלד"... אַ „פּאַט" בין איך".

אין דער פֿאָרשטעלונג איז פֿאַראַן אַ געשטאַלט: „ג א נ ק א", אַ פּריקאַזשטשיק, וועלכן ראָגאָזשין לייגט פֿאַר אין גאַנג פֿון דער האַנדלונג אַרויסצושלעפּן פֿון ברענענדיקן אויוון אַ פּעקל אַסיגנאַציעס — מיטן תּנאַי, אַז גאַנקאַ זאָל ביז דעם אויוון דורכגיין דאָס גאַנצע צימער — אויף די קני. ביי גאַנקען קריכן די אויגן אַרויף צום שטערן, ער קריכט... עמעצער זאָגט אַז ער וועט נישט אויסהאַלטן... „ד אָ פּ אָ ל ז י אָ ט!" — זאָגט ראָגאָזשין („ער וועט דערקריכן") — דאָס איז איינע פֿון די קולמינאַציעס — סיי אין עצם ווערק, סיי אין ראָגאָזשינס כאַראַקטעריסטיק...

„גאַנקאַ" איז אַ צווייטראַנגיקע ראָל. אָבער אין דער באַשריבענער סצענע האַלט ער די איניציאַטיוו, און דער אַקטיאָר, וואָס האָט רעפּעטירט די ראָל, האָט זיך אַרויסגעשטעלט פֿאַר צו שוואַך... די דירעקציע האָט פֿאָרגעלייגט גורקאָן שפּילן „גאַנקאַ". מיט אַ קאַלט פּנים האָט דער אַרטיסט געמאָלדן, אַז מחויב איז ער נישט: „גאַנקאַ" איז נישט קיין ערשטראַנגיקע ראָל, קיין חשק האָט ער אויך נישט אין ערשטן ספּעקטאַקל, זייענדיק אַנגאַזשירט אַלס איינער פֿון די הויפּט־פֿיגורן, צו שפּילן אַזאַ נעגאַטיווע ראָל, אָבער... אויב די דירעקציע וועט עקסטראַ משלם זיין, וועט ער אַ טראַכט טאָן...

ווי לאַנג ער האָט זיך געדונגען — געדענק איך נישט, וויפֿל באַקומען — ווייס איך נישט. ער האָט „גאַנקען" געשפּילט, און בעת ער איז

אין דער סצענע געקראָכן אויף אַלע פיר צום ברענענדיקן אויוון נאָך די אַסיגנאַציעס, און איך האָב געזאָגט: „דאָפּאָלזיאָט!“, האָב איך פאַרלוירן די גרענעץ צווישן „ראָגאָזשין“ — מאָרעוווסקי און „גאַנקאַ“ — גורקאַ.

דעם עפּיזאָד בפרטיות האָב איך געבראַכט, ווייל גורקא וועט פאַר־געמען דעם אויבנאָן אין די געשעענישן, וואָס וועלן אינגיכן אָנקומען און פאַרשוועבקען אַלץ...

דער גאָרמאַלער מצב אין טעאַטער האָט געדויערט ביז די כוואַ־ליעס פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָבן דערגרייכט צום דניעפּער.

אין וואָיטאַלאָווסקיס דירעקציע האָב איך באַוויזן צו פאַרנאָטירן 2 נייע פּאָזיציעס אין מיין שוישפּילערישן „קוריקולום וויטע“, און ביידע פאַלן זענען געווען נישט סתם אַקטיאָרישע עפּיזאָדן, נייערט פאַרביקע אילוסטראַציעס צום קאַמף פון די אַלטע און אומהיילבאַרע „אינדיק־אַמביציעס“: די „האָלדער־באָלדער“־מאָטיוון פון אונדזער ע ר ש ט ן קאַפּיטל האָבן הילכיק אָפּגעקלונגען אין ל ע צ ט ן, אַזוי ווי אין אַ ספּעציעל־קאָמפּאָנירטער סימפאָניע טויכט אַרויס אין סוף דער מאָטיוו פון דער התחלה צו לאָזן דעם צוהערער אונטער זיין רושם...

נישטאָ וואָס צו מאַכן: אַזוי איז עס געשען!

פ. ג. זוויעריעוו, ווי שוין באַטאָנט, איז געווען ז יי ע ר אַ גוטער שוישפּילער; ביים עולם האָט ער געהאַט אַ סאָלידן און כשר־פאַרדינטן דערפאָלג, און פון מיר, אויסער טיפער אַכטונג און אויפריכטיקער אָנער־קענונג, האָט ער אין משך פון די ערשטע חדשים נישט געזען קיין שריט, וואָס זאָל מיין בעסטע באַציונג צו אים פאַרטונקלען, און מיין באַצי־אונג צו אים איז געווען נאָך קלאָרער אין פאַרגלייך מיט מיין באַציונג צו גורקאָן, וועלכע איז פון דער מעשה מיט „גאַנקאַ“ פאַר אַ ספּעציעלן געהאַלט געווען אַזאַ, ווי זי האָט געקאָנט זיין ביי מיין אומפאַרהילטער אַנטיפּאַטיע צו אַלץ, וואָס אין טעאַטער האָט דעם טעם און ריח פון מסחר.

מיטאַמאָל הער איך, אַז אין רעפּערטואַר איז איינגעשלאָסן גרי־באָיעדאָווס „די צרה פון שכל“ און „טשאַצקין“ שפּילט — זוועריעוו... איך האָב אָפּגעשפּילט „אַקאָסטאַ“, עס איז באַגייט געוואָרן „דער, וואָס קריגט די פּעטש“ און „האַמלעט“ (סקאָרפּיאָנען און בייזע פליגן פון אַראָנאָוויטשן האָבן מיך נישט געשוינט, אָבער איך מיין לייענער וויל שווייגן)... צונעמען ביי מיר די ראָל פון „טשאַצקי“ איז געווען פשוט

אַ מין „פּראָוואָקאַציע“. אָבער איך האָב באַשלאָסן נישט צו רעאַגירן. לאָזט זיך אָבער אויס: מיר איז באַשטימט — „מאָלטשאַלין“! דאָס האָט שוין אויסגעזען ווי אַ דירעקטע דעגראַדאַציע! איך בין אַוועק צום דירעקטאָר און געמאָלדן, אַז אין דעם שטיק אויסער „טשאַצקין“ קאָן איך שפּילן — „סקאַלאָזובן“ (געשפּילט אין יעקאַטערינאָסלאַוו), „רעפּעטילאָוון, „פּלאַטאָן מיכאַילאָוויטשן“ (געשפּילט אין גראָדנע) און ענדלעך — „פאַמוסאָוון“, אָבער „מאָלטשאַלינען“ שפּילן קאָן איך נישט!

איך האָב אָבער אין יענעם ספּעקטאַקל „מאָלטשאַלינען“ — יאָ געשפּילט... וועגן די יסודות, וואָס האָבן באַוועגט די אָנפירונג א ז ו י מיך צו באַלייכטן, וועל איך דאָ נישט רעדן... אין דער רעצענזיע וועגן דער אויפפירונג האָבן מיר איבערגעלייענט אַ ציטאַט פון מעקבעט: „צו וואָס האָט משאַצקין גאָט אַהער געבראַכט?“ (די צרה פון שכל“ — 2-טער אַקט). קיין פרישע לאָרבערס האָט נעביך זווערעוו אין ד ע ם ספּעקטאַקל נישט געהאַט צו פאַרצייכענען.

אָבער אַן ערגערן אָפּשניט האָט ער געכאַפּט ביי זיין צווייטער פאַרמעסטונג צו פאַנגען גאָלדענע פישלעך פון אַ פרעמדן אַקוואַריום.

צום בענעפיס פון צווייטן רעזשיסער, וועלכער איז געווען אַ ספּעציאַליסט פון אויסשטאַטונג (פאַרגעסן זיין נאָמען!) איז באַשטימט געוואָרן גערהאַרדט האַופּטמאַנס „דער פאַרזונקענער גלאָק“. און זווערעוו איז אָנפאַרטרויט געוואָרן די ראָל פון „מייסטער היינריך“!... דאָס איז געווען אַ לאַפּסוס, אַן אומזין, און אומדערלאָזבאַר-פאַלשער גאַנג — וואָס האָט נישט געקאָנט זיין באַרעכטיקט און אפילו דערקלערט מיט קיין שום מאָטיוו פון קלאָרן שכל. זווערעוו איז געווען אַ קליינוווקסיקער מענטש מיט אויסגעשפּראָכענע לירישע טענער, אַ בינטל נערוון, היסטעריש, צעשויבערט... און „היינריך“ איז אַ געשטאַלט פון אַ תושב אין די בערג, אַ ריז, אַ האַלב-פאַבלהאַפטע פיגור...

זווערעוו האָט פון דער ערשטער מינוט געזען, אַז ער וועט עס נישט — און קאָן עס נישט — שפּילן!

אָבער ער האָט די ראָל גענומען און פון די 5 פּראָבן, וואָס זענען געווען באַשטימט צו דער (זייער קאָמפּליצירטער) אויפפירונג, האָט ער ד ר יי פּראָבן פאַרצערט. מיר האָט מען געגעבן שפּילן דעם „פּאַסטאָר“... אין סוף פון דריטן אַקט איז דאָ אַ סצענע צווישן „היינריך“ מיטן „פּאַסטאָר“, וועלכע היינריך פאַרענדיקט מיט אַ מעכטיקן מאָנאָלאָג

שוין אונטערן פּאָלנדישן פּאַרהאַנג. איך האָב געוווּסט, אַז דעם מאָנאָ־
לאָג וועט זוועריעוו באַין אויפן נישט קאָנען זאָגן און געוואַרט: ווי אַזוי
וועט ער זיך אַרויסבאַקומען פון דער סיטואַציע? ער פלעגט פירן די
פּראָבע ביז דעם מאָנאָלאָג און מעלדן, אַז ער וועט באַווייזן צו פאַר־
ענדיקן דעם אַקט מאָרגן...

2 טעג פאַרן ספּעקטאַקל רופט מיך וואָיטאָלאָווסקי און כמעט מיט
טרערן אין די אויגן בעט ער איך זאָל ראַטעווען דאָס טעאַטער, דעם
בענעפיס, די איינגאַמע און מאַכן די ראָל אין 2 טעג... איך האָב עס
באַוויזן; געמאַכט!

וואָס איז די סיבה פון זוועריעווס אַנטלויפן פון שלאַכטפעלד?
א ־ ן  א ו ת: „ל“!

ביי די תושבים פון פּעטערבורג (מיר שיינט, אַז דאָס נעמט זיך פון
קאַרעלאָ־פינישע איינפלוס, אָבער איך באַשטיי נישט אויף דער האָ־
זיקער באַהויפּטונג מיט אַבסאָלוטער זיכערקייט) איז פאַראַן אַזאַ מין
פעלערהאַפטע מאַניער אַרויסצוריידן דעם דאָזיקן אות עפּעס ווי צעשווי־
מען: עס הערט זיך נישט קיין „ל“ — נייערט: „ואַ“... „אוואַוקאַ“
(אַ באַנק), „אואָשאַד“ (אַ פערד), „אואָווקאָ“ (פלינק). דעם דאָזיקן
„מום“ האָב איך פעסטגעשטעלט ביי אַ סך יוגנטלעכע — מענער און
פרויען — נאָך אין מיינע שול־יאָרן, און עס איז געוואָרן ביי מיר אַ תנאי...
פון מיינע סימפּאַטיעס צו פּעטערבורגער פריינד, ווייל דאָס איז
נישט געווען קיין  א ו י ס נ אַ מ ־ פ אַ ל ן,  נייערט אַ כלל מיט זייער
זעלטענע אויסנאַמען. נאָטאַ בענע: דאָס זעלביקע מוז געזאָגט ווערן
וועגן וואַרשעווער יוגנטלעכע: מיך האָט איבערראַשט ווען איך האָב דער־
הערט ווי אָרלעסקאָ האָט געזאָגט וועגן דער אַקטריסע בירנבוים (זשע־
ליאַזעס פרוי): „אָנאַ יעסט באַרדזאָ אואַדנאַ קאָביעטאַ, אַלע ניעמאַ
טאַלענטו“. איך האָב דאַן אויפמערקזאַם געמאַכט אויפן דאָזיקן פּרט,
וועלכער האָט מיר דערמאָנט אין פּעטערבורג, און מיר שיינט, אַז אָר־
לעסקאָ האָט זיך שפּעטער פון דעם „מום“ באַפרייט.

ביי זוועריעוון איז דער „ל“ געווען אַ מטושטשער אויף אַלע הונ־
דערט %. אָבער אין משך פון גאַנצן סעזאָן איז קיינעם נישט איינגע־
פאַלן וועגן דעם צו טראַכטן און „מאָנען“. עס האָט געהערט צו יענעם
מין חסרונות ביי אַן אַקטיאָר, וועלכע דער עולם נעמט אויף ווי אַ „חן־
שפּרינקל“ אויפן פּנים, בעת די באַציונג צו אים איז איינגעשטעלט און

ער איז אַקרעדיטירט... ווי קאָמיש דאָס וועט נישט קלינגען, קאָן איך דערציילן, אַז אין די זומער־חדשים, בעת מיין כראָנישע הייזעריקייט פלעגט אָפּלאָזן, פלעגט מען אָפּט הערן אין עולם: „ער איז נישט הייזעריק, און דאָס נעמט אָפּ אַ גרויסע מאָס פון זיין ווירקונג...“

האָט זווערעוו לאַנגע חדשים געשפילט און באַווירקט און געכאַפּט אָן אַ „ל“ און אַלץ איז געווען גוט און וויל...

אין מאָנאָלאָג, וואָס פאַרענדיקט דעם דריטן אַקט פון „פּאַרזונקענעם גלאָק“ איז אָבער פאַראַן אַזאַ זאַץ:

„אי קאָלאָקאָלאַ זוואָן סאָ דנאַ ראַזדאַסטסאַ מאָשטשנים זוואָקאָם אי זאַגלושיט אָן ווסיע קאָלאָקאָלאַ וואָקרוג“

(פון גלאָק דער קלאַנג מיט כוח וועט אַרויסהילכן פון אָפּגרונט און וועט פאַרהילכן אַלע גלאָקן אין אַרום)

אַדרבא, ליבער לייענער: פּרוּווט זיין אַ בריה און זאָגט די פראַזע, פאַרבייטנדיק די 5 „ל“ אין רוסישן טעקסט (אין יידישן — 6) מיט 5 מאָל „אוּאַ“!

זאָגט במקום „קאָלאָקאָל“ — קאָואָקאָו“, במקום „קאָלאָקאָלאַ“ — זאָגט קאָואָקאָואַ“!!

אַז דער אַקטיאָר וועט טראָגן אויף זיינע שולטערן צען קעפּ, וועט דער פאָרהאַנג פאַלן ביי אַ האָמערישן געלעכטער אין זאַל.

איך האָב עס קלאָר געוווּסט פון סאַמע ערשטער פּראָבע. זווערעוו האָט זיך געכאַפּט ביי דער צווייטער... אָבער צוויי פּראָבן האָט ער געשוויגן... לאָמיר נישט פאָרשן דעם ענין טיפער: „האָלדער־באָלדער“!

איך האָב פאַרצייכנט אַ נייעם טריומף, וועלכער האָט אויסגעזען ווי אַ מין „בייזוואונדער“, ווען, קומענדיק אויף מאָרגן צו דער פּראָבע, האָב איך דעם סופלער געהייסן צומאַכן דאָס ביכל און „מיר נישט שטערן“. וואָיטאלאָווסקי האָט געזאָגט, אַז איך בין געווען זיכער אויף אַלע הונדערט פּראָצענט, אַז איך וועל שפּילן די ראָל און האָב זיך געגרייט די גאַנצע וואָך; אַנדערע האָבן געהאַלטן, אַז די ראָל האָב איך געהאַט פאַרטיק... דער אמתער אמת איז אָבער געווען, אַז די „גאַנצע וואָך“ (פאַקטיש 4 טעג) בין איך אַרומגעגאַנגען אַ צעווייטיקטער; פון פריער די ראָל האָב איך נ י ש ט געהאַט צוגעגרייט. דעם ריזיקן (עט־

לעבע בויגנס?) טעקסט הויפּטמאַנס פּערזן האָב איך אויסגעלערנט אין משך פון איין מעת לעת...

דאָ וואָלט אפשר אויפן אָרט געווען צו רעדן וועגן די שפּעטערישע פּראָצעסן אין י ע נ ע אַרבעטס-באַדינגונגען, וועגן וועלכע מיר האָבן שוין געהאַט אָנגעהויבן רעדן אגב אורחא... אָבער אויף דעם עטאַפּ קאָנען מיר זיך אויך נישט פאַרגינען אַוועקצוגיין אין אַ זייט פון אונדזער שליאַך: מיר האַלטן ביים סוף 1917 יאָר! די טעמע „טעאַטער" מוז אויפהערן צו דאָמינירן אויף אונדזערע עמודים. זי מוז אָפּטרעטן פאַר דער טעמע: „רעוואָלוציע"!

# XII. סעמעטשקעס

דער עפּיזאָד מיט „הייגריכן" האָט געשלאָסן נישט נאָר די רשימה פון מיינע שווישפּילערישע דערהגרייכונגען אין אַלעקסאַנדראָווסק... לערך צו יענער צייט איז געקומען אַ סוף צו וואָיטאַלאָווסקיס דירעקציע: די אינסטיטוציע איז געוואָרן אַ קאָלעקטיווע אונטערנעמונג, פון וועלכער בראש האָט זיך געפונען וויסאַריאָן ניקאָלאַיעוויטש גורקאַ!

איך האָב געמיינט, אַז אונטערן רושם פון די ק אָ ל אָ ס אַ ל ע ענדערונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אין מאָסקווע; אין שטראָם פון אַזאַ איבערקערעניש; אונטערן לאָזונג: „ס אָ צ י אַ ל ע ר ע וו אָ ל ו צ י ע" — וועלן ביי די מענטשן, וואָס ווירקן און פירן און איר נאָמען, דאָמינירן כוונות פון אַלגעמיינעם אינטערעס, און ענגהאַרציקע אַמביציעס, חשבונות, אויסזיכטן וועלן אָפּטרעטן, פאַרשווינדן...

מיין טיפע און ביטערע אַנטוישונג האָט פאַרסמט האָס האַרץ און געמיט שוין אויפן צווייטן טאָג, אויב נישט אין דער ערשטער שעה...

וואָיטאַלאָווסקי איז געווען אַ טיפּ פון אַ פּראָווינציעלן אונטערנעמער, וואָס האָט קיין שום „אידעאָלאָגיעס" נישט געהאַט און נישט געזוכט עמעצן צו פאַרזיכערן, אַז ער האָט זיי. זיין קאָמערציעלע „מאָראַל" וועט ווערן קלאָר דעם לייענער פון דעם, ווי אַזוי ער האָט אויסגעבויט דעם בנין, אין וועלכן מיר האָבן די דריי יאָר געשפּילט: ער האָט אויף קרעדיט גענומען אַלע מאַטעריאַלן, וואָס זענען נייטיק געווען צו בויען האָס טעאַטער, אַרויסגעגעבן וועקסלען, שטיצנדיק דעם קרעדיט אויפן צוקונפטיקן בנין און עצם טעאַטער-אונטערנעמונג, פון וועלכער, פאַרשטייט זיך, ער און נישט קיין אַנדערער וועט זיין דער דירעקטאָר. דאָס איז אַלץ געווען אין סאַמע אָנהייב פון דער מלחמה. זומער 1915 איז דאָס טעאַטער פאַרטיק געוואָרן און מען האָט געדאַרפט צוטרעטן אָרגאַניזירן דעם סעזאָן... מעלדעט דער דירעקטאָר, אַז ער איז מאָביליזירט אין דער אַרמיי... די קרעדיטאָרן קומען צו לויפן מיט אַרויסגע=

שטרעקטע צינגער... דער דירעקטאָר זיצט ווי אַן אבל, אין די אויגן אַ טרער: אַלץ אַוועק מיט ווינט און רויך... אָבער ער וויל נישט זיין קיין בייזוויליקער באַנקראָט, הגם צווינגען אים צאָלן קאָן קיינער נישט... ליינט ער פאָר — „רעגולירן" די חובות, און אַלע זענען מסכים אויף אַ קליינער פּאַרגיטיקונג (עפּעס 15, דוכט זיך, אָדער 20 קאָפּיקעס פאַרן רובל). די וועקסלען צערייסט ער אין אַלעמענס קעגנוואַרט, אַלע זענען גערירט, האָבנדיק אַרויסגעראַטעוועט אַ קליינעם „יש מאין"... אויף מאָרגן לאָזט זיך אויס: לויט זיין געזונט-צושטאַנד ווערט ער נישט מאָבּיליזירט און טרעט צו צו אָרגאַניזירן דעם סעזאָן... קומען יענע צולויפן: „סטייטש? גזלן!" אָבערי די וועקסלען זענען צעריסן!

צי וועלן מיר זיך שטאַרק אָננעמען פאַר דער עוולה פון די עטלעכע סוחרים, מלוהס, וואָס וואָיטאַלאָווסקי האָט אויסגעבויט מיט „זייער" געלט אַ בנין, אין וועלכן ער האָט אין אַלעקסאַנדראָווסק געטאָן דאָס, וואָס מיר האָבן באַוויזן צו באַשרייבן?

באמת איז ער אַ קינד פון זיין סביבה און האָט אויף זיין אָרט זיך אַרויסגעשטעלט מצד היותר טוב.

וואָס האָבן מיר דערזען ביי די ערשטע אָטעמצוגן פון ג ו ר ק אָ ס הערשאַפט?

גענוג צו זאָגן, אַז דער רעפּערטואַר איז אונטערגעוואָרפן געוואָרן דער מעגלעכקייט פון דאָזיקן באַגרענעצטן, קליינקעפּלדיקן אַקטיאָר, אָרעמען אין גייסט, אָן מינדסטן פאַרנעם... ווי עס זענען פאַראַן — „פּרויען פון לייכטער אופפירונג", אַזוי זענען פאַראַן „אַ ק ט י אָ ר ן פון לייכטער אויפפירונג", און אַ טיפּישער עקזעמפּליאַר פון אָט דעם מין איז געווען אונדזער „הויפּט" נאָך דער איבערקערעניש.

איך האָב אָפן און דייטלעך געמאָלדן, אַז צונעמען ביי וואָיטאַלאָווסקין די דעה הייסט נישט מער ווי מאַכן אַ שאַרפע, הילכיקע דעמאָנסטראַציע, וועלכע האָט, מעגלעך, איר פּאָליטישע באַדייטונג... אָבער דאָס איז ווייניק צו קאָנען ווייטער עקזיסטירן און פירן דעם סעזאָן.

עס האָט נישט געהאָלפן: די אָנפירונג איז צעבראָכן געוואָרן (אַראָנאָוויטשעס נאָמען האָט קיינעם נישט אימפּאָנירט), און די פאָלגן דער פון האָבן זיך געלאָזט פילן שוין אין קורצע טעג נאָך דער ענדערונג... עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פולשטענדיקע אַנאַרכיע, און דאָס ערגסטע און שרעקלעכסטע איז געווען דאָס, וואָס גורקאָ האָט אָנגעהויבן שפּילן

בלויז זיין רעפּערטואַר, וועלכער איז באַשטאַנען פון פּריוואַלע לייכט־זיניקע פאַרסן („מיט איבערטאָן זיך" — פלעגט עס אָפּטמאָל הייסן): „דער קאָנטראָלער פון שלאָף־וואַגאָנען", „דער וועג צום גיהנום", „מיין ווייבס מאַן" און נאָך „מייסטערווערק" פון דעם ווערט און מין.

איך מיין, אַז מיר דאַרפן דאָ נישט פאַרלירן קיין רייד צו דער־קלערן, וואָס פאַר אַ „שייכות" אַזאַ רעפּערטואַר האָט געהאַט צו דער צ יי ט און צום ע ו ל ם, צום „נ יי ע ם צ ו ש ו י ע ר", וועלכן דאָס טעאַטער האָט געזאָלט אַרייננציען אין ז יי נ ע ווענט. איך מייד אויס צו רעדן וועגן דעם, ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען די פּרעקווענץ... די כראָנאָלאָגישע אויסגעהאַלטנקייט אין יענע חדשים הערט דאָ אויף מיך צו פאַרפּליכטן; אין כאַאָס, וואָס האָט זיך געצויגן פון דעצעמבער 1917 ביז אַפּריל 1918, געדענק איך נישט קיין באַזונדערע דאַטעס. מען פלעגט שפּילן פון 5—6 נאָכמיטאָג ביז 9 אָוונט. איך בין אין די פאַרסן נישט געווען באַטייליקט. צי איז עס געווען גורקאָס איני־ציאַטיוו, צי מיינע — געדענק איך נישט, און דאָס איז נישט וויכטיק. די אינטעליגענץ איז געווען — דערשלאָגן, דעפּרימירט. ווער עס האָט באַזוכט די פּריוואַלע פאַרסן און ווי אַזוי גורקאָס „קונסט" איז געוואָרן אויפגענומען און אָפּגעשאַצט, וועל איך דאָ נישט פּרוון גענויער באַ־האַנדלען. באַמערקן מוז איך איין פּרט: מען פלעגט, רוימענדיק דעם זאַל, אַרויסטראָגן זעק מיט „סעמעטשקעס", וועלכע דער הויפּטקאָנ־טינגענט פון עולם פלעגט אין גאַנג פון ספּעקטאַקל אויסשפּייען אויף די פּאָטעלן און פּאָדלאָגע.

נאָך עטלעכע וואָכן פון אָט דער ווירקלעכקייט האָב איך געזאָגט צו אונדזער „הויפּט", אַז עס וואָלט אפשר נישט געשאַט צו באַווייזן די רויטגוואַרדייער אַ ספּעקטאַקל פון אַן אַנדער אינהאַלט.

מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן האָט דער ניכטערער ציניקער אַ פרעג געטאָן:

— „האַמלעט"?

— ניין — זאָג איך: „אַקאָסטאַ"!

— גוט ענטפערט ער: מיר וועלן אייך לאָזן שפּילן „אַקאָסטאַ"! אָבער קודם זייט גרייט, אַז אין מיטן פערטן אַקט וועט זיך אַראָפּלאָזן דער פאָרהאַנג, ווייל 10 מינוט פאַר 9 מ ו ז ן מיר דעם עולם אַרויס־לאָזן פון טעאַטער: דאָס איז אַ פאַרשריפט פון קאָמענדאַנט... און,

צווייטנס, האַלט איך פאַר מיין חברישן חוב אייך צו וואָרענען אויס אַכטונג צו אייך, אַז דער עולם וועט די פּעחזן אויפנעמען אַזוי, אַז ער וועט קוים אויסהאַלטן 2 אַקטן. מער ווי דריי, איבעריקנס, וועט איר נישט באַוויזן אָפּצושפּילן.

איך האָב זיך באַשלאָסן צו שפּילן די פאָרשטעלונג אָן אַנטראַקטן: 1-טער, 3-טער און 4-טער אַקט — אין קאָלאָנאַדן-זאַל, וועלכער איז געהאָנגען און פלעגט זיך אַראָפּלאָזן אין משך פון איין מינוט; 2-טער און 5-טער אַקט — אין „מנשה וואַנדערסטראַטענס גאָרטן" — אויף אַ גרינעם הינטערגרונט, וואָס איז אויך געהאָנגען... אַזוי איז די פאָרשטעלונג געגאַנגען קנאַפּע 3 שעה, און דער עולם האָט אַרום האַלב 9 געקאָנט פאַרלאָזן דאָס טעאַטער. גורקאָס פּעסימיזם לגבי דעם עולם האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן פאַר אַ נישט-ווייטזיכטיקער פּראָגנאָזע: דער פּויער אין זעלבערישן שינעל איז נישט נאָר געזעסן ביזן סוף, נישט נאָר אויסגעהערט די פּערזן: ער האָט זיך באַמיט נישט אָטעמען צו הויך און, לויט דער פּעסימישטעלונג און הירוש פון די „אובאַרשטשיצעס", איז אויף די פּאָטעלן און פּאָדלאָגעס נאָך „אַקאָסטאַ" כמעט נישט פאַרבליבן קיין שפּורן פון... סעמעטשקעס: דער עולם האָט דאָס מאָל נישט געקייט און נישט געשפּיגן, נייערט — ג ע ה אָ ר כ ט און ג ע ש וו י ג ן.

אויפן ספּעקטאַקל פון „אוריאל אַקאָסטאַ" האָבן די פּרימיטיווע מענטשן נישט באַגריפן אין וואָס דאָ גייט. זיי האָבן אָבער מיט זייערע הערצער אויפגענומען דעם קאַמף פון פרייהייט קעגן אירע באַצווינגער, און זיי האָבן מיט אַלע פּעדעם פון זייער טיפער מ ע נ ט ש ל ע כ ק יי ט מיטגעפילט מיט די טרערן און ליידן, וועלכע זענען צו זיי דערגאַנגען פון דער בינע, און די פלאַם-פייערדיקע מאָנאָלאָגן און דער אין זאַפטן פון ריינעם האַרצן אויסגעוויינטקטער ליריזם האָט זיי מיטגעריסן און באַצויבערט.

קיינער האָט נישט אַפּלאָדירט!... אַפּלאָדירן איז ביי זיי — אָ נ ג ר י ך! דאָ איז געווען אַ קורצער עטאַפּ און פּראָצעס, וועלכן מיכאַיל איוואַנאָוויטש קאַלינין האָט אָנגעמערקט, זאָגנדיק, אַז „קונסט דאַרף פאַרבייטן רעליגיע".

שטילערהייט, פאַרטיפט אין זיך זענען די עטלעכע הונדערט רויטגוואַרדייער זיך צעגאַנגען פון טעאַטער.

איך האָב געהאַלטן פאַר איבעריק צו קומען צו גורקאָן און זאָגן:

„אהאַ! וואָס וועט איר איצט זאָגן?“ אָבער ער האָט מיר געמאָלדן, אַז דער עקספּערימענט מיט דער קלאַסיק האַרף אָנערקענט ווערן פאַר געלונגען און מען דאַרף אים איבערחזרן. ער וואָלט אָבער געראַטן אַ טעמע, וואָס זאָל צום צושויער דערגיין, ער זאָל עס קאָנען איבערדערציילן...

ער איז געווען אַבסאָלוט גערעכט... איך האָב פאָרגעלייגט — "ווילהעלם טעל"", „די וועבער“. האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט, אַז די טרופּע דאַרף האָבן ערנסטע פּראָבן. האָב איך פאָרגעלייגט וויקטאָריען סאַרדוס: „דאָס פאַטערלאַנד“ („גראַף דע ריזאָאָר“). דאָס איז אַ העראָישע דראַמע אויפן פאָן פון פלאַמאַנדישן פרייהייטס־קאַמף קעגן דעם ו י ל ק י ר פון שפּאַנישער הערשאַפט.

דאָס מאָל איז דער ספּעקטאַקל געגאַנגען אונטער אימאַויפהערלעכע אַפּלאָדיסמענטן: דעם „הערצאָג אַלבאַ“ האָט מען אויסגעפייפט ביי זיין יעדן אויפטריט; „קאַרלאָ“ איז אויפגענומען געוואָרן — ווי אַן „איינציקער מענטש“ און איבער דער גאַנצער מעשה מיט דער אומגליקלעכער ליבע, „ריזאָאָרס“ דראַמע, די ליידן פון „דאָלאָרעס“ — האָט מען אין אַ היפּשער מאָס געחוזקט... און אויך דאָ וואָלטן מיר געהאַט נישט וויניק צו לערנען וועגן דעם אמת פון פ אָ ר ם און א י נ ה אַ ל ט, וועלכע די רעוואָלוציע האָט געזאָלט אין איר זיגרייכן מאַרש ענדערן און אָפּרייניקן פון פעלשונגען.

דאָס לעבן פון טעאַטער, זיין אַרבעט און טעטיקייט וואָלטן אפשר אַריין אין אַ פּעריאָד פון רעגולערער עקזיסטענץ, הגם די פאָרשטעלונגען פלעגן גיין ביי אַבסאָלוט־אומנאָרמאַלע באַדינגונגען; אָבער — „רעגולערע עקזיסטענץ“ איז געווען בכלל אַ מין „ק וו אַ ד ר אַ ט ו ר פ ו ן ק ר יי ז“ צו יענער צייט אין יענע ערטער...

די שטאָט האָט זיך אין משך פון לערך 5 חדשים געפונען אונטער דער הערשאַפט פון עטלעכע ר ו י ב ע ר־ב אַ נ ד ע ס, וועלכע פלעגן זיך בייטן, אַרויסשטויסנדיק איינע די אַנדערע... נאָך עטלעכע האַרמאַטזאַלפן פלעגט זיך אויפן וואַנט ביים שטאָטראַט (ביז אָנהייב דעצעמבער — אַ „מענשעוויסטישער“) באַווייזן אַ פּלאַקאַט: „לויטן ווילן פון רעוואָלוציאָנערן פאָלק האָב איך איבערגענומען די מאַכט איבער דער שטאָט אַלעקסאַנדראָווסק“... און — „עס ווערט פאַראָרדנט“, „עס ווערט באַפוילן“, „עס ווערט פאַרבאָטן“. אין דער געשיכטע פון יענע טעג אויפן שטח פון אוקראַינע זענען באַקאַנט די נעמען: „מאַכנאָ“, „בולאַק־באַלאַכאָוויטש“, „גריגאָריעוו“...

מיר האָבן געהאַט צו טאָן — מיט רוצחים פון א סך א קלענער מאַסשטאַב און באַטייט. אָבער, משמעות, אַז נישט קלענער איז געווען זייער בלוטגיריקייט, אכזריות און ריקזיכטלאָזער ווילקיר.

צוויי נעמען האָבן דאָמינירט: מאַרוסיא ניקיפאָראָווא און מאַטראָס מאָקראָוס! „מאַרוסיא“ פלעגט אַרומפליען איבערן שטאָט אין אַן אָפענעם אויטאָ... נישט וועלטן אויך רייטנדיק אויף א גיהעריק פערדל (ווי זאָגט מען האָבן פארזיכערט — סיבירער פּאָראָדע). זי האָט געהאַט א שוואַכקייט אויפצוטרעטן אויף מיטינגען פאר א גרויסן עולם... אָבער נאָך דעם, ווי זי האָט דערקלערט, אַז אָנהייבן צו פארטיליקן די בורזשואזיע דאַרף מען פון די קליינע קינדער, איז זיך די מאַסע צוהערער שטיל צעגאַנגען און מארוסיע האָט געמאָלדן, אַז די שטאָט איז דאָ פארפעסטעט פון בורזשואזע עלעמענטן און די רעוואָלוציאָנערע מאַכט וועט זיך מוזן שנעל אַן עצה געבן ווי אַזוי צו ראַטעווען דאָ די רעוואָלוציע... אויף מאָרגן איז אַרויס אַ פאראָרדענונג, אַז בורזשואזע קינדער זאָלן אין די שולן נישט קומען און זיצן אין דער היים ביז א ווייטערדיקער פאַראָרדענונג. מארוסיען האָט מען געהאַלטן פאר אַן אויסגעשפּראָכענער סאַדיסטקע... מען האָט דערציילט וועגן פאַלן פון סעקסועלער פּאַטאָלאָגיע. אין שטאָט איז געשטאַנען א יאָמער און א פּאַניק אין דערוואַרטונג פון דער ווייטערדיקער פאַראָרדענונג בנוגע „בורזשואַזע קינדער“... און — ווער איז עס אין דעם פאַל — „בורזשואַזיע“? צי געהערן, כדומה, קינדער פון דאָקטוירים, אדוואָקאַטן, אינזשעניערן צו דער גרופּע, וואָס דאַרף אויסגעראָטן ווערן?

געדויערט האָט אָט דער שוידערהאַפטער צושטאַנד 2 טעג מיט 1 נאַכט. אויף דער צווייטער נאַכט האָבן זיך דערהערט זאַלפן עס האָט אָפּגעהילכט א האַרמאַט און פּאַרטאָג איז געקומען א מעלדונג, אַז לויטן ווילן פון רעוואָלוציאָנערן פאָלק נעמט איבער די מאַכט דער מאַטראָס מאָקראָאוס... אַלע שול־קינדער זענען אַוועק אויף די לעקציעס און די רעוואָלוציע אין אַלעקסאַנדראָווסק איז אַריין אין אַ נייעם עטאַפּ.

איך האָב שוין באַמערקט, אַז די כראָנאָלאָגיע פון יענע חדשים איז ביי מיר א געפּלאָנטערטע. דאָ מוז ווערן צוגעגעבן, אַז די מעשה מיט „פארניכטן די בורזשואַזע קינדער“ געהער צו מאַרוסיעס לעצטן קאַפּיטל אין אַלעקסאַנדראָווסק. אָבער די שטאָט אונטער איר „סוווערענער הערשאַפט“ האָט זיך געפונען נישט איין מאָל: ווי געזאָגט, פלעגן זיך די מאַכטהאָבער אָפט בייטן.

# XIII. די לעצטע רוסישע שינעלן

אָנגעהויבן האָט זיך אָט די וואקכאנאליע, ווי ווייט מיר פארפירט נישט מיין זכרון, דעם 2 דעצעמבער. און די געשעענישן שטעלן דאָ פאָר אַ בלעטל פון מיין פערזענלעכן טאָגבוך.

איך האָב געוווינט אויף דער הויפטגאַס אין אַ ווינקלהויז, און מיינע פענצטער האָבן זיך געפונען פונקט אַנטקעגן אַריינגאַנג און פּאַסאַד פון שטאָטראט, וועלכער איז געווען אַ מ ע נ ש ע װ י ס ט י ש ע ר. אין סעפּטעמבער בעת די פענצטער זענען געווען אָפן, פלעגט מען, זיצנדיק ביי מיר, נאָכפאָלגן דעם גאַנג פון די זיצונגען... און בכלל האָב איך זיך געפילט שיער נישט פאר אַ „מיטגליד" פון ראט, אַדאַנק דעם אומאויפהערלעכן וויזואַגעלן און אַקוסטישן קאָנטאַקט מיט דער אינסטיטוציע. פאַר די ווינטער־חדשים האָט דער קאָנטאַקט זיך איבערגעריסן, אָבער אים האָבן באַנייט די — „ג ע אָ ג ר א פ י ש ע" באַדינגונגען: נאָך עטלעכע שעה אַרטילערישע פאָרבארייטונגען זענען אין שטאָט אַריין „די באָלשעוויקעס" (אַזוי האָבן מיר אַלע דעמלט אָנגענומען), און אין די פריע אָוונט־שעהן איז אַ קליינער אָפּטייל אַריין צו מיר אין הויז און געמאָלדן, אַז איך זאָל דאָס הויז פאַרלאָזן, ווייל מיינע פענצטער זענען די הויפּטבאַזע פאַר דער רעוואָלוציאָנערער מיליטער־אָפּטיילונג צו אַטאַקירן דעם קאָנטררעוואָלוציאָנערן שטאָטראט.

איך האָב נישט באַוויזן צו נעמען אַ טשעמאָדאַן אין האַנט (וועגן עפּעס אין טשעמאָדאַן פאַרשפּאָרן מיר צו רעדן), ווי די אַטאַקע האָט זיך אָנגעהויבן און... פאַרענדיקט, ווייל קיין שום ווידערשטאַנד האָט דער שטאָטראט נישט געשטעלט. געקעמפט האָט, משמעות, אַ מיליטערישע אָפּטיילונג. דאָס בין איך משער, ווייל שפּעט אין אָוונט האָב איך אונטערגעהערט אַ פאָר מינוט די אונטערהאַנדלונגען, וואָס זענען געפירט געוואָרן צווישן שטאָט־קאָמענדאַנט מיטן מאַטראָס מאָקראָאוס. איך האָב אַליין געהערט פון מאָקראָאוסעס ליפּן אַזאַ מעלדונג: „איך גיב אייך צייט ביז

האַלבער נאַכט. פון מיין זייט ווערן אַלע קריגס־אַקציעס אָפּגעשטעלט. איך וועל ענטפערן נאָר אויף אן אָנפאַל פון שונא. רופט עס: „וואָפנשטיל־שטאַנד“, אויב עס געפעלט אייך. אָבער — אויב 24 דעם זייגער וועל איך נישט האָבן אין האַנט אַ געחתמעטע קאַפּיטולאַציע און די שליסלען פון אַלע שטאָטישע אינסטיטוציעס — איך דאַרף זיי נישט אויסרעכענען בפרטיות — וועל איך 10 מינוט נאָך 24 אָנהייבן די אַרטילערישע קאַנאָנאַדע. אויף דעם האַלט איך די אונטערהאַנדלונגען פאַר פאַרענדיקט. איך וועל צוגעבן, אַז פאַר דער פולשטענדיקער זיכערקייט און ווילשטאַנד פון דער פרידלעכער באַפעלקערונג פון אַלע שיכטן נעם איך איבער די פולע אחריות. קיינעם הראָען נישט קיין שום רעפּרעסיעס און סכנות, ווער עס וועט באַגעגענען די רעוואָלוציאָנערע מאַכט פרידלעך און לאָיאַל“.

איך מוז זאָגן, אַז די דאָזיקע טיראַדע פון מאַטראָס מאַקראָאוס, וועמענס נאָמען עס איז שוין געוואָרן אַ קוואַל פון שרעק אין שטאָט, האָט געווירקט ווי אַ גוטע דאָזע בראָם...

צו קיין קאַנאָנאַדע איז נישט געקומען. און דעם 2־טן דעצעמבער 1917 איז אויף אַזאַ אופן אין אַלעקסאַנדראָווסק אַנטשטאַנען די ערע פון דער „סאָוויעט־רעגירונג“.

אָבער עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעשטעלט, אַז צו דער אמתער ס אָ וו י ע ט ־ רעגירונג האָבן די אַלע עלעמענטן אַפילו קיין מינימאַלע שייכות נישט געהאַט. פאַר די עטלעכע שעה, בעת וועלכע ביידע צדדים האָבן אין שטאָט געקעמפּט, האָב איך איבערגעלעבט די שאַרפסטע סכנות נפשות, וועלכע מיר איז אויסגעקומען איבערצולעבן פאַר אַ ל ע אַנדערע קריגס־יאָרן.

ווען מיר האָבן לויט דער אויפפאָדערונג פאַרלאָזן אונדזער הויז און זענען אַרויס אויף דער גאַס, זענען לענגאויס דער גאַס געפלויגן קוילן פון ביידע זייטן. דער אינסטינקט האָט מיר געהייסן זיך אַריינבאַקומען אין נאָענטסטן טויער — און אַ 100 שריט פון מיין טיר, וועלכע איז שוין געווען הינטער מיין רוקן. מיר האָט אַ בליץ געטאָן דער געדאַנק, אַז ל ו י פ ן איז אן אומזין, ווייל אַ קויל לויפט גיכער ווי איך... בין איך מיט רואיקע טריט צוגעגאַנגען צום טויער, וועלכער איז געווען פאַרמאַכט... בין איך געבליבן צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט... ווי לאַנג מיר זענען אַזוי צווישן פליענדיקע קוילן געשטאַנען ביי דער וואַנט, געדענק איך נישט. איך געדענק ווי מיר גייען שוין איבער אַ צווייטער גאַס און אן אומבאַקאַנטער

בירגער זאָגט צו מיר מיט פאָרוואורף: „הער מאַרעווסקי! וואָס איז עס פאַר אַן איינפאַל אַזוי ארומצושפּאַצירן צווישן פליענדיקע קוילן איבערן גאַס? קומט די מינוט אַריין אין טויער. איך וועל מיך פרייען צו האָבן אייך פאַר מיין גאַסט ביז די שיסערייַ וועט אויפהערן און איר וועט קאָנען אַוועקגיין צו זיך.

דערהערנדיק, אַז „צו זיך" אַוועקגיין איז פאַר מיר אין די נאָענטסטע טעג, משמעות, זייער פּראָבלעמאַטיש, ווייל מיין דירה איז א „באַזע", האָט זיך מיין גאַסטפריינדלעכער גייער באַקאַנטער דערפרייט: „וועט איר ביי אונדז פאַרבלייבן אַזוי לאַנג ווי דאָס וועט זיין נייטיק. איך פאַרזיכער אייך, אַז דאָס איז פאַר מיר און מיין פאַמיליע נישט נאָר א כבוד, נאָר אויך א פרייד... ווען קאָן זיך עס נאָך מאַכן א געלעגנהייט צו האָבן ביי זיך אַזאַ „אורח"?

מיר זענען אַריין אין שטוב. און איך האָב נישט געקאָנט פאַרב אָפּצומאָלן ווי אַזוי מיר האָבן זיך דערפילט אין דער אַרומיקער אַטמאָספער נאָך דער שעה צווישן קוילן און אַבסאָלוטער האָפלאָזיקייט. עס איז געווען, פאַרשטייט זיך, נישט איין שטוב, ווו מען וואָלט אונדז אויפגענומען מיט אויסגעשפרייטע אָרעמס, אָבער... מען דאַרף דאָך *דערגיין*! און יאָ האָבן זיך געעפנט טירן — אַזוי ברייט און נאָענט און אומגעריכט.

איך געדענק באַזונדערס קלאָר, ווי מיך האָט „אָפּגעקויפט" די מעלדונג פון דער באַלעבאָסטע אין דער ערשטער מינוט: „הער מאַרעווסקי! איך לייג אייך גאָרנישט פאָר — קיין טיי, קיין צובייסן.. איך בעט אייך געדענקען: איר זענט ביי זיך אינדערהיים, און אויב איר וועט עפּעס פאַרלאַנגען און נישט מעלדן אַזוי, ווי איר מעלדעט עס אינדערהיים — וועט איר אונדז פאַרשאַפן פאַרדרוס אָנשטאָט דער גרויסער פרייד, וואָס מיר האָבן פון אייער אַנוועזנהייט... איך נעם ביי אייך א וואָרט, אַז איר פילט זיך און וועט זיך ביי אונדז אויפפירן, ווי *ביי זיך אינדערהיים*!

באמת: איידעלער און קליגער קאָן גאַסטפריינדשאַפט נישט אויסזו

זיצנדיק אין יענער שטוב, האָב איך געזען ווי זעלנער — מענטשן אין עלטער פון 30 ביז 35, 40 יאָר — אין די זעלביקע גרויע שינעלן פון פּרוסישע אַרמייער האָבן געשאָסן איינער צום צווייטן, לויערנדיק פון הינ-טער א שפּייכלער, אַ בוים, א מיסטקאַסטן...

פון יענער שטוב האָבן מיר אין די פריע אָוונט-שעהן, אראָפּנעמענדיק דאָס טרייבל פון טעלעפאָן, דערהערט די אונטערהאַנדלונגען צווישן מאַט-

ראָס מאַקראָאוס מיטן קאָמענדאַנט און אָנגעהויבן מיט א קלאַפּנדיק האַרץ וואַרטן אויף האַלבער נאַכט: „קאַנאָנאַדע, אָדער די ראַטנמאַכט?“ — וואָס דערוואַרט אונדז?

מאַקראָאוס, ווי שוין באַטאָנט, איז געווען איינער פון יענעם מין מאַכטהאָבער, ווי אַנדערע אַטאַמאַנען; אָבער, משמעות, דער מענטשלעכ־סטער, באַוווסטזיניקסטער און אמפייסטן — ר ע וו אָ ל ו צ י אָ נ ע ר ע ר... געהאַנדלט האָט ער לויט אַלע סימנים — על דעת עצמו; קיין שום קאָנ־טאַקט מיט מאָסקווע האָט ער, פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט אין יענע אומשטענדן האָבן, אָבער זיינע האַנדלונגען האָבן נישט געטראָגן קיין חותם פון פערזענלעכן ווילקיר. ער איז געווען־ברוטאַל, אָבער — פון רע־וואָלוציאָנערער נאַטור, נישט פון רויב אָנפאַל.

מיר איז באַשערט געווען א גרויסע און עפעקטפולע איבערלעבונג.

נאָך דער תקופה פון לייכטע פארסן, וועלכע האָט געדויערט א 3 וואָכן, האָבן מיר אַרום 20 דעצעמבער געשפּילט „אַקאָסטאַ“, און איך בין אַריין אין דער ראָד פון טעטיקייט, דערפילט דעם נייעם צושויער און זיך דורכגעדרונגען מיטן פריידיקן באַוווסטזיין, אז מיין אַרבעט טראָגט אַריין ליכט און געדאַנק אין די מוחות און הערצער, וואָס זענען אויסגע־ווייקט געווען אין יאוש. איך האָב אויף אַלע עטאַפּן פון מיין לעבן געטראָגן אין האַרצן און געפּריידיקט, אַז יעדעס געפיל פון גוטס און ליכט טראָגט אַריין פרייד, צופרידנקייט און ממילא — גוטס. דאָס אומגליק באַשטייט אין דעם, וואָס רשעות, בייזקייט, שנאה — זענען ביליקע אַרטיקלען, און מענטשן באַזיצן עס אין ריזיקע קוואַנטומס, אַזוי ווי וואַסער, אַזוי ווי זאמד, און זיי שיטן עס און זיי שפּרייטן עס אַרום זיך, נישט ציילנדיק און נישט טראַכטנדיק, בעת גוטס, דאַקעגן, איז אן אַרטיקל, וואָס פעלט אוים.

קונסט איז — גוטס! קונסט איז שטראַל! די פאַרטומלטע, און אין שנאה אויסגעווייקטע מוחות און הערצער, וואָס זענען געזעסן 2 מאָל צו 3 שעה און האָבן מיטגעלעבט די עמאָציעס פון די פאָרשטעלונגען, וואָס מיר האָבן פאַר זיי אַנטפּלעקט — האָבן פון יענע שעהן אָנגעהויבן טראָגן אין זיך נייע זוימען... טרעפנדיק זיי אין גאַס (די שטאָט איז א קליינע, דאָס לעבן, דער הויפּטפּאַרקער איז געווען קאָנצענטרירט אין דער הויפּטגאַס: פאַר־געסן דעם נאָמען), פלעג איך זיך דערפילן ממש גליקלעך פון זייערע צעשטראַלטע שמייכלעם און אָפּגעריסענע ווענדונגען, פונקט אַזוי נאַיווע ווי האַרציקע.

נישט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען צו לויפן פון טעאַטער אַהיים מיט אַ געוויסער פאַרשפּעטיקונג און די פּאַטרולן, דערקענענדיק מיך, פלעגן מיך באַרואיקן און פירן פון איין ראָג גאַס ביזן צווייטן און איבערגעבן דעם צווייטן פּאַטרול.

ענדלעך האָב איך באַקומען פון שטאָטראַט אַ נאַכט־פּאַסיר־צעטל און פלעג שוין זאָרגלאָז אַרומגיין איבערן שטאָט אַפילו אין האַלבער נאַכט. אָבער דאָ האָט פּאַסירט אַן אומגעריכטער פאַל, וואָס האָט ביי יענע אומשטענדן אויסגעזען ווי אַ געפאַר.

איינמאָל אַרום 12 ביינאַכט, ווען איך בין שוין געשטאַנען ביי מיין טיר, איז פון הינטערן ווינקל ווי פון דר'ערד אויסגעוואַקסן פאַר מיינע אויגן אַ רייטער. אונטערן שטראַל פון דער לאַמטערנע אויפן ראָג גאַס האָב איך דערזען אַ געשטאַלט, וועלכע האָט אָנגעוואָרפן אַן אימה: אויף אַ נידעריק סיבירער פערדל איז געזעסן אַ מענטש פון קליינעם וווּקס אין אַ פּויעריש פּעלצל, אין שטיוול פון ווייסן פעלץ מיט אַ פּאַפּאַכע, וואָס האָט אויסגעזען צו זיין דריי מאָל לענגער ווי זיין פּנים און אַנשטאָט אויגן — אַ בליץ פון כעס...

— אייער פּראָפּוסק!

ער איז געווען בטוח, אַז קיין פּראָפּוסק וועל איך אים נישט באַווייזן און האָס איז אַ גרונט מיך צו אַרעסטירן.

אַז איך האָב אים דעם פּראָפּוסק באַוויזן, האָט ער אים, נישט באַטראַכטנדיק, צעריסן און די שטיקלעך אַ וואָרף געטאָן אויפן טראָטואַר. ביי מיין פּרוּוו זיי אויפצוהייבן, האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן צום קאַבור פון זיין נאַגאַן און אַ געשריי געטאָן:

— איר שטעלט אַ ווידערשטאַנד דער ראַטנמאַכט!

אין מיטאַמאָל, דערזעענדיק אַ גרופּע פון צוויי־דריי פאַרשוין אין אַ 200 שריט פון אונדז, האָט ער אויסגעדרייט דאָס פערדל און אין גאַלאָפּ אַוועקגעפלויגן.

אויף מאָרגן בין איך אַוועק אין גאָרסאָוויעט און דערציילט מיין ביינאַכטיקן צופאַל. אינמיטן פון מיינע טענות צום דיזשורנעם, וועלכער האָט מיך אויפגענומען און פריינדלעך אויסגעהערט, איז אין צימער אַריינגעקומען מיין ביינאַכטיקער אַגרעסאָר. דערהערנדיק אין וואָס עס גייט, האָט ער שטרענג אַ פרעג געטאָן:

— ווער איז דער בירגער? און ווי אַזוי וועט ער באַווייזן, אַז ער האָט געהאַט אַ פּראָפּוסק? און ווער האָט זיין פּראָפּוסק צעריסן? און

וואָס איז עס פאַר אַן אופן אַזוי צו וואַרפן זיך מיט פּראָפּוסקן און איינ־טיילן זיי יעדן קלאַסנשונגא?

איך האָב געשוויגן.

— אַז דער חבר האָט געהאַט אַ פּראָפּוסק, קאָן איך אַליין באַשטעטיקן — האָט צו מיין גרויסער פרייד געמאָלדן דער דיזשורנער.

— טאָ ווער זשע, אויב אַזוי, האָט דעם פּראָפּוסק צעריסן? און פאַרוואָס? דער בירגער האָט געמוזט מיט זיין פּראָפּוסק מיסברויכן, אַז עמעצער פון אונדז זאָל אים צונעמען.

האָ האָב איך שוין נישט אויסגעהאַלטן:

— דעם פּראָפּוסק צעריסן האָט איר מיט אייערע הענט! אָט דאָ אַנטקעגן פענצטער אין דעם מאָמענט, ווען איך האָב געעפנט די טיר, האָבנדיק געקומען פון טעאַטער נאָך דער פּראָבע...

מיין בעל־דבר האָט באַוויזן צו ווערן רויט און גרין און ווידער בלייך, ווען ער האָט דערהערט: „טעאַטער“, „פּראָבע“.

— זענט איר אַן אַרטיסט? — דערהער איך: דאָס האָט איר געזאָלט מעלדן, אַרויסנעמענדיק אייער פּראָפּוסק פון קעשענע... לאַדנאָ! גיט אים אַרויס אַן אַנדער פּראָפּוסק!

— דאָס איז איצט ווייניק, חבר — בין איך אַרויס מיט לשון.

ער האָט אַ בליץ געטאָן מיט זיינע קליינע גרינע אויגן.

— וואָס־זשע נאָך ווילט זיך אייך?

— אין עטלעכע טעג אַרום איז מיין בענעפיס! איך פיר אויס שי־לערס „די רויבער“. גיט מיר די מעגלעכקייט צו שפּילן די פאָרשטעלונג נישט פון 5 ביז 9, נייערט פון 8 ביז 12. איך האָב באַשלאָסן די גאַלעריע (150 פּלעצער) צו פאַרטיילן אין די רויטגוואַרדייאישע אָפּטיילונגען אומ־זיסט, אָבער איך וואָלט געוואָלט, אַז דעם אָוונט צוליבן קלאַסישן ווערק, צוליב שילערן, זאָל דער גאַנצער עולם זיך פילן יום־טובדיק און פאַרברענגען דעם אָוונט אין טעאַטער אַזוי ווי אין די צייטן פון פרידן און פרייד. פון 5 ביז 9 קאָן אין טעאַטער קיין נאָרמאַלע שטימונג נישט הערשן... ווי־באַלד מיר איז שוין באַשערט געווען מיט אייך זיך צו טרעפן און דעם ענין אַרומרעדן, זייט שוין אַזוי גוט און לאָזט מיין בענעפיס אַראַנזשירן אויף אַ געהעריקן פייערלעכן אופן.

— וואָס דאַרפן מיר טאָן פאַר אייך? מיר איז עס נישט קלאָר!

— אָפּשאַפן אויף דעם אָוונט דעם פאַרבאָט צו גיין אין גאַס ביז 15 מינוט נאָך 12.

— עד, באַטיעַנקאַ! דאָס איז אַ ביסל צופֿיל פֿאַרלאַנגט... דאָס וואָלט געהייסן אַראָפּנעמען דעם אויסנאַם־צושטאַנד אויף 4 שעה! און איר ווייסט קאַווירן, אַז דער קלאַסן־שונא וועט פֿאַר די 4 שעה נישט מאַכן צו נישט אַלע דערגרייכונגען פֿון דער רעוואָלוציע? ניין, ניין! דאָס איז, פֿאַרשטייט זיך, אַן אומזין...

עס איז אַנטשטאַנען אַ פּאָר מינוט פֿון אומהיימלעכער שטילקייט. איך האָב געפֿילט, אַז מיט „גאָרנישט“ וועט מען מיך נישט אַוועקלאָזן, אָבער וואָס צו פֿאַרלאַנגען האָב איך נישט געוווּסט.

איבערגעריסן דאָס שווייגן האָט דער דיזשורנער.

— מיר וועלן אייך דערלויבן מעלדן דעם עולם, אַז די בילעטן אויף אייער בענעפֿיס זײַנען גילטיק ווי פּאַסיר־צעטלעך אין דעם אָוונט ביז 9 מיט 15 מינוט... דאָס, מיין איך, וועט אייך פֿולשטענדיק באַפֿרידיקן?

איך האָב נישט געגלייבט מײַנע אויערן!

— צופֿרידן? — זאָגט מײַן געכטיקער אָנפֿאַלער.

— איך האָב קיין ווערטער נישט אייך צו דאַנקען, חברים: קודם וועלן מיר קאָנען די פֿאָרשטעלונג שפּילן מיט נאָרמאַלע אַנטראַקטן... דאָס הייסט: ווי געהעריק אויסשטאַטן. צווייטנס, וועט דער עולם רואיק זיצן און האָרכן און קוקן... מיט איין וואָרט — הוראַ! מיר ווילט זיך אייך אַ קוש טאָן, חברים!

— זעט נאָר סאַראַ הייסבלוטיקער בירגער — האָט זיך האַרציק צעלאַכט דער נעכטיקער בעל־עוולה — נו, לאַדנאָ, דאַנקט מיר, וואָס איך האָב נעכטן אייער פּראָפּוסק צעריסן. דאָס האָט געבראַכט גוטע רעזולטאַטן ווי מיר זעען.

אין טעאַטער האָט מײַן נייעס אַרויסגערופֿן אַן אמתע סענסאַציע. גורקאַ האָט באַשלאָסן, אַז מען דאַרף פֿאַרקויפֿן אַ טאָפּלטע צאָל בילעטן, ווײַדער עולם וועט גערן באַצאָלן פֿאַרן אַרומשפּאַצירן פֿראַנק און פֿריי איבער די גאַסן.

איך האָב אָבער קאַטעגאָריש געמאָלדן, אַז אויף קיין שום מאַכינאַציעס און מיסברויכן וועל איך נישט אײַנגיין און די אויפֿשריפֿט, אַז דער בילעט איז גלייכצײַטיק אַ פּאַסיר־צעטל וועל איך מאַכן — אויפֿן בילעט און מעלדן אין פּראָגראַם! כדי דער עולם זאָל רואיק קוקן די פֿאָרשטעלונג. אויפֿן אַפֿיש איז נאָר געשטאַנען, אַז די פֿאָרשטעלונג וועט מיט דער דערלויבעניש פֿון דער מאַכט גיין — פֿון 8 ביז 12.

דער בענעפּיס־אָוונט איז אַרויסגעקומען זייער אַ פֿייערלעכער. די פֿאָרשטייער פֿון גאַרסאָוויעט זענען געזעסן אין דער „דירעקטאָר־לאָזשע“.

מיין „בעל־עוולה“ (איצט שוין אין גענדזנפּיסלעך למען השם!) איז, מעשה הויכגעשטעלטער פּאַרשוין, געקומען צו מיר אין גאַרדעראָבע און מיט תקיפות געזאָגט, אַז „די רויבער“ האָט ער לעצטנס געזען אין... „כו־דאָזשעסטווענני טעאַטער“ (זיי זענען דאָרט קיינמאָל נישט געשפּילט געוואָרן) און מיר שפּילן דאָ אין אַלעקסאַנדראָווסק לחלוטין נישט ערגער.

אויף די 150 בילעטן פֿאַר די רויטגוואַרדייער זענען געקומען איבער 200 מאַן. נאָך דער סצענע מיט די רינגען פֿאַרן ״פֿאַטער“ איז מען געקומען און געמאָלדן, אַז די גאַנצע ראָטע האָט געבעטן מיך אַרומנעמען און אַ קוש טאָן... אַז עס האָט געלוינט צו ליגן יאָרן אין די אָקאָפּעס און דערלעבן היינטיקן טאָג... אַז איך ווייס אַליין נישט וואָס איך האָב אויסגעטאָן פֿאַר די גוואַרדייער...

דער פֿאַל מיט מיין בענעפּיס, דער אופן ווי אַזוי אַ גאַנצער אָפּטייל רויטגוואַרדייער האָט אויפגענומען שילערן, די פֿייערלעכע דעמאָנסטראַציע ביי מיר אין דער גאַרדעראָב — דאָס זענען געווען טענער פֿון דער ר ע וו אָ ל ו צ י ע און עס איז געוואָרן לייכטער צו אָטעמען און צו טראָגן די שווערע נסיונות פֿון אַלטאָג און קיום.

* *

*

דער לערד „ליבעראַלער“ פּעריאָד פֿון מאַקראָאוסעס ממשלה אין שטאָט האָט זיך פֿאַרענדיקט. עס איז אָנגעקומען מאַרוסיע און אַ קורצער פּעריאָד פֿון טויט־שרעק. אין גאַס האָט מען שוין געקאָנט אַרויסגיין בלויז ביז 5 ביי טאָג. אַרום האַלב 6 פֿלעגן זיך באַווייזן זעלנער און שפּייען קוילן אַרום זיך פֿון קוילנוואַרפֿער. אָנהויב אַפּריל זענען געקומען דייטשן און בעת עס האָבן זיך דערהערט די קלאַנגען פֿון אָרקעסטער „וואַכט אַם ריין“ און בעת אין אַ טייל פֿון שטאָט האָבן זיך באַוויזן די אָפּטיילונגען פֿון ווילהעלם דעם 2־טנס אַרמיי, האָבן זיך אויף דער הויפּטגאַס געשלעפּט אויף האַלב־געפּגרטע פֿערדלעך די לעצטע פֿורן פֿון דער אַנטלויפֿנדיקער מאַרוסיע ניקיפֿאָראָוום „מאַכט“...

איך בין געשטאַנען ביים פֿענצטער אין דער וווינונג פֿון ד״ר. יאָסיף סערגעיעוויטש אַרנשטיין צוזאַמען מיט דעם דאָקטאָרס פֿרוי — מאַריאַ פּעטראָוונאַ. זי איז געווען אַ טאָכטער פֿון אַ הויכן אָפֿיציר פֿון קייזער לעבן פֿלאָט.

— מאַריאַ פעאָדאָראָוונאַ! דאָס זענען די לעצטע רוסישע סאָלדאַטן! קוקט אָן זייערע שינעלן! זייערע פּאַפּאַכעס! מיר וועלן מער זיי נישט האָבן פאַר אונדזערע אויגן, און ווער ווייסט צי וועט די בענקשאַפט נאָך זיי זיין לייכטער ווי די פּיינען, וואָס זיי האָבן אונדז פאַרשאַפט.

— הערט אויף מיט אייערע סענטימענטן, אַרקאַדי וועניאַמינאָוויטש

— איך בין געבוירן און זיך אויסגעהאָדעוועט אין דער לופט פון פּאַטריאָטיזם און פאַרגעטערונג פאַרן אָפיציריש מונדיר, און מיר איז באמת מער ווי נישט צום האַרצן צו הערן פון אײַך לעקציעס וועגן פּאַטריאָטיזם... אויב מאַרוסיאַ ניקיפאָראָוואַ איז ביי אײַך „פרייהייט“ און איר באַנדע — „רוסישער ארמיי“, האָבן מיר נישט קיין געמיינזאַמע שפּראַך אין די עניינים. און איך בעט אײַך מיינע אויערן באַפרייען פון אַזעלכע טיראַדעס!

אויף יענער זייט גאַס איז געהאָנגען אַ וויטרינע מיט פאָטאָגראַפיעס.

אויף איינער פון זיי — אַ רויטגוואַרדייער מיט זיין סימפּאַטיע. און פון לעצטן פורל — משמעות, מיט אַ כוונה צו פאַרניכטן די שפּורן פון איר נאָענטקייט צו אים און ריטערלעך צו פאַרזיכערן איר אומבאַרירלעכקייט — האָט דער גוואַרדייער אַ שלייַדער געטאָן אַ גראַנאַט אין דער וויטרינע...

דאָס גלאָז האָט זיך צעשאָטן... די פאָטאָגראַפיעס, ווי אויף צו להכעיס, געבליבן גאַנץ.

דאָס איז געווען — דער לעצטער אַקאָרד... קורצע מינוטן. נאָך דעם האָבן זיך באַוויזן דייטשע רייטער.

# XIV. סאַמאָסטיינאַ אוקראַינאַ

אין אַ שעה אַרום זענען אויף די ווענט געהאָנגען מעלדונגען וועגן דער אַנטשטייונג פון דער „פרייער אוקראַינע". עס זענען אָנגעקינדיקט געוואָרן — „אמתע דעמאָקראַטישע פרייהייטן", „גלייכבאַרעכטיקונג פאַר בירגער — אָן אויסנאַם פון אַלע שיכטן, גלויבנס און וועלטאָנשויונגען". דערביי זענען אָנגעוויזן געוואָרן עטלעכע כללים פון אומגאַנג צווישן בירגער. און 2 פון אָט די כללים האָבן אויף מיר געמאַכט אַ באַזונדערן רושם.

א) מען טאָר נישט עסן קיין סעמעטשקעס און שפייען די שאָלעכץ אונטער זיך.

ב) עס איז פאַרבאָטן זיך צו זידלען אין רוסישן לשון:

Зброняется лайка на российской мови

אין טעאַטער האָט מען זיך געגרייט באַגייען די פאָרשטעלונגען, וואָס זענען די לעצטע וואָכן געוואָרן איבערגעריסן, ווייל ביז 5 ענדיקן אַ ספעקטאַקל איז געווען אוממעגלעך.

אין פולער הערשאַפט איז איינגעשטעלט געוואָרן וואָיטאַלאָווסקי און אויף דער ערשטער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג האָט אויסגעבראָכן אַ סקאַנדאַל, פון וועלכן איך בין געווען די סיבה...

כדי אָנצוהויבן שפּילן ת י כ ף — (די טרופע איז וואָכנלאַנג געזעסן אָן ברויט) איז באַשלאָסן געוואָרן צפּענען די פאָרשטעלונגען מיט איינעם פון גורקאָס פּאַרסן.

ביי מיר איז ממש דאָס גאַנצע בלוט צוגעפלאָסן צום קאָפּ.

— 4 חדשים איז די רוסישע אינטעליגענץ געלעגן ווי אין פינצטערע קעלערן! בין איך אויפגעשפּרונגען ווי מיך וואָלט אַ שלאַנג אַ ביס געטאָן — און איצט, ווען רוסלאַנד ליגט געשלאָגן און גייט אויס אין בלוט, איז אייטער, און די בינע־בריטער איז דאָס איינציקע אָרט, פון וואַנען עס קאָ־

גען אָפּהילכן קלאַנגען פון דער רוסישער שפּראַך, טענער פון רוסישן ליד, זיפצן פון רוסישן האַרצן —

איצט וועלן רוסישע אַקטיאָרן אויסטאָן אויף דער בינע די פּלודערן אין רייצן ביי אימפּאָטענטן זייער לעבנסגענוס און קיצלען אַלטע ווייבער ביי די פּיאַטקעס —

אויב אַזוי פאַרשטייען אַלע זייער הייגטיקע אויפגאַבע, האָב איך דאָ נישט וואָס צו טאָן!

— מיר וועלן אייך אייער חלק נישט אויסצאָלן — האָט געמאָלדן גורקאַ: קיין גאַראַנטירטע געהאַלט וועט די דירעקציע נישט צאָלן ביז די ווירטשאַפטלעכע לאַגע וועט נישט קלאָר ווערן.

— וואָס לייגט איר פאָר אויסצופירן דעם ערשטן אָוונט? — פרעגט מען פון אַלע זייטן.

— טשעכאָווס „קאַרשנגאָרטן“!

— משוגע! מען דאַרף האָבן אַ וואָך פּראָבן.

— 4 טעג צו 2 פּראָבן — זאָג איך...

— ס'וועלן קומען 50 צושויער.

— קאַווירט, אַז אויף „מיין ווייבס מאַן“ וועלן קומען 51!

— איך לייג פאָר אויסקלייבן אַ קאָמיסיע צו באַשטימען דעם רעפּער־טואַר פון די ערשטע 10 פאָרשטעלונגען — האָט געמאָלדן גורקאַ.

— קלייבט קאָמיסיעס, באַשטימט דעם רעפּערטואַר! איך וועל די אַר־בעט מיטמאַכן, אויב דאָס טעאַטער וועט זיך פאַרנעמען אין דער ריכטונג. וואָס אַנטשפּרעכט דער ערנסטקייט פון די טעג, וואָס מיר לעבן איבער.

— איר האָט אַ ווייב, וואָס האַלט אייך אויס...

איך בין אַוועק פון דער פאַרזאַמלונג.

אין 2 שעה אַרום זענען מיר צוגעטראָטן צו די פּראָבן פון „אַ קאַרשנ־גאָרטן“ — אין מיין רעזשי (איך האָב פריער געהאַט געשטעלט „די דריי שוועסטער“ און דער ספּעקטאַקל איז פאַררעכנט געוואָרן צו איינעם פון די „בעסטע“ פאַר די דריי יאָר).

דאָ וואָלט איך געדאַרפט אַ שמועס געטאָן אויף דער שוין פריער באַריר־טער און איבערגעחזרטער טעמע פון שעפערישע באַמיונגען און דערגריי־כונגען אין קורצטערמיניקע פאַרבאַרייטונגען, אָבער די דינאַמיק פון יענע טעג, די שפּאַנונג פון די שוועבנדיקע געשעענישן און איינדרוקן שליסן אויס יעדן פּרוו אָפּצוטרעטן פון דער עיקר־טעמע: די ווירקלעכקייט, די פאַרהעלטענישן, די באַציונגען צווישן מענטשן אין יענע אַפּריל־טעג 1918.

דאָס טעאַטער איז געווען איבערפֿולט. דער ספּעקטאַקל איז געגאַנגען, באַגלייט פֿון כסדרדיקע אָוואַציעס.

איך האָב געשפּילט — „טראָפּימאָוון“.

נאָכן 2־טן אַקט האָט מען עטלעכע מאָל געהויבן דעם פֿאָרהאַנג.

*　　*

*

טיפֿע וווּנדן מײַן צעווייטיקט האַרץ האָבן געבראַכט די לעצטע דרײַ חדשים — אין אוקראַינע.

דעם סעזאָן האָט מען באַשלאָסן צו פֿאַרענדיקן מיט דער אויפֿפֿירונג פֿון „אָטעללאָ“ צו מײַן בענעפֿיס, געבנדיק מיר 50 פּראָצענט פֿון דער אײַננאַמע.

איך געדענק נישט — ווי באַטאָנט — די כראָנאָלאָגיע און אַנדערע פּרטים. משמעות, אַז װ י ר ט ש אַ פֿ ט ל ע ך איז די אונטערנעמונג געווען אַ קאָלעקטיווע, און וואָיטאַלאָווסקי איז געווען דער קינסטלערישער און „מאָראַלישער“ דעה־זאָגער. איך געדענק, אַז אויף מײַן מעלדונג, אַז איך האָב „אָטעללאָ“ נישט אין מײַן רעפּערטואַר, האָב איך דערהערט אַ האָגל פֿאָרוואָרפֿן: „היינריכן“ אין „גלאָק“ געמאַכט אין איין מעת־לעת!“ אַנדרעיעוו, „דער“ גערעדט אויסנווייניק אויף דער 2־טער פּראָבע, — דרייט ער דעם מוח מיט „שעקספּירס טעקסט“, און וויל נישט פֿאַר חברים זיך מטריח זײַן מאַכן „אָטעללאָ“.

— ס'איז דאָך שעקספּיר!

— וועט מען דיך באַפֿרײַען 4 אָוונטן און געבן נאָכדעם 4 פּראָבן! האָסט 8 טעג צײַט.

איך האָב צוגעשטימט. אַוועק אַהיים, געקראָכן פֿון הויט אַ 3 מעת־לעת און — זיך אָנטזאָגט.

דער אמת איז (כ'האָב עס שוין פֿריער באַטאָנט): ד אַ ל ס ק י ם „אָטעללאָ“ איז געזעסן אין אַלע נערוון, און איך האָב נ י ש ט ג ע־ ק אָ נ ט געפֿינען קיין אייגענעם אָנשפּאַר־פּונקט אין זיך.

די טרופּע איז געווען אויפֿגעבראַכט ביז גאָר. דער חבר פּ. האָט גע־מאָלדן, אַז ער מאַכט „אָטעללאָ“ — פֿאַר 25%, אָבער דעם סעזאָן האָט מען געשלאָסן מיט אַ געמישטן פּראָגראַם פֿון באַזונדערע אַקטן: איך האָב געשפּילט אַ סצענע פֿון „דער“ און פֿון „ראָגאָזשין“ (הוכט זיך?).

איין אַקטיאָר, סטעפּאַנאָוו, אַן אומהיילבאַרער אַלקאָהאָליקער, איז צו מיר צוגעגאַנגען, אָנגעקוקט מיך מיט פֿאַרנעפּלטע אויגן און געמאָלדן:

— נעם אויף מיין געביקטע ברכה, אַרקאַדי! 50% איז אַ מיזנמער. און דו האָסט זיך אָפּגעזאָגט שפּילן „אָמעללאָ"... איצט האָב איך פֿאַרשטאַנען וואָס הייסט: „יידיש פֿאָלק"!

איך האָב אים אָנגעקוקט פֿאַרחידושט.

„יידיש פֿאָלק"? „יעווריעסקי נאַראָד"! — דאָס איז געווען אַן אויסדרוק, וועלכער האָט אָפּגעקלונגען פֿאַרן אויער ווי אַ לירישער מאָטיוו אויף די סטרונעס פֿון די ליבעראַלע פֿידלען און וויאָלאָנטשעלן — אין חודשזשורנאַל „וואָסכאָד". אין פֿרונם לידער, ערגעץ איין מאָל אין אַ יובל אויף אַ שפּאַלט פֿון דער ליבעראַלער צייטונג „נאָוואָסטי" — נאָך אַן איסבריד פֿון ווילדן ייד־האַס, נאָך אַ פּאָגראָם אָדער אַן אויסערסט שאַרפֿן אַרטיקל אין „נאָוואָיע ורעמיאַ".

דאָס מאָל אויף די ליפּן פֿון מיין שכורן קאָלעגע האָט מיר דער אויסדרוק געטראָפֿן ווי אַן אומגעריכטער קנאַל איבערן מוח... „יעווריעסקי נאַראָד"? וואָס האָט דער עפּיזאָד מיט „אָמעללאָ" פֿאַר אַ שייכות צו „יעווריעסקי נאַראָד"?

איך האָב שוין מיט אַ יאָר צוריק בעת דעם דערפֿאָלג פֿון דער קאָמעדיע „פּאַפּאַש און פּערלמוטער" אויסגעהערט פֿון אַ ריי צושויער, אַז אין דער געשטאַלט פֿון „פּערלמוטער" האָב איך אַריינגעטראָגן די „גאַנצע געמיטלעכקייט, גוטהאַרציקייט און חן פֿון אַ יידישן פֿאָלקס־מענטש" און פֿאַרמיטן דעם אינהאַלט פֿון פּאָפּולערן, אייגנטלעך אויבערפֿלעכלעכן פֿאַרס"... האָב איך די קאָמפּלימענטן אויסגעהערט און — פֿאַרגעסן אין דעם... איך האָב אויך נישט געטראַכט וועגן „פּרינציפּיעל־נאַציאָנאַלע" גרונטן, בעת איך האָב צו מיין בענעפֿיס מיט קנאַפּע 3 יאָר צוריק אויפֿגעפֿירט טעאָדאָר הערצלס „דאָס נייע געטאָ". פֿאַר מיר איז מיין יידישקייט געווען נישט קיין „פּאָליטישע פּלאַטפֿאָרמע", נישט קיין „טיפֿע איבערצייגונג", אַזוי גוט — נישט קיין „פֿאַרדינסט", ווי נישט קיין „חטא" — נייערט אַזאַ פֿאַקט ולא יעבור, וועלכער איז במילא נישט שוואַכער ווי אַ „חוק ולא יעבור".

מיט טאַטע־מאַמען האָב איך געפֿירט אַ מלחמה, געשפּרונגען פֿון זייערע געשפּאַנען, געוואָלט איבערקערן זייער וועלט מיטן קאָפּ אַראָפּ.. און צוליב מיינע ביטערע קאַמפֿן מיט זיי האָב איך טאַטע־מאַמען שמערצלעך געליבט. מיין יידישקייט האָב איך נישט געליבט און נישט געהאַסט, ווי קיינער ליבט נישט און האַסט נישט זיינע לונגען, זיינע פֿינגער, זיין נאָזלעבער...

סטעפּאַנאָוום „יעווריסקי נאַראָד“ האָט אָפּגעקלונגען אין מיין אויסגעפּאָטפּעטן האַרצן אַזוי ווי אַן אומגעריכטער קלאַנג אונטער געוועלבן פון אַ פּוסטן פּאַלאַץ, וווּ דאָס לעבן איז אויסגעגישטערט און וועט אויס צו זיין פאַרשווונדן אויף שטענדיק און אייביק.

אין די טעג זענען געפלאָסן, און יעדער פון זיי האָט געשלאָגן דאָס באַוווסטזיין מיט נייע שאלות און נייע תשובות.

ביי בעקטאַשעוון האָב איך זיך אַמאָל באַקענט מיט איינעם פון די אָנגעזעענסטע אַהוואָקאַטן אין שטאָט — פעאָדאָר איוואַנאָוויטש מאַקושענקאָ. מיר זענען זאַלבעדריט נישט איינמאָל געזעסן אין אָפּגעזונדערטע קאַבינעטן פון רעסטאָראַן, פּירנדיק הייסע געשפּרעכן. האָט ער מיך איינמאָל אין אַ שמועס איבעררעאַשט מיט אַן אויסרוף: „איר זענט אין אמתן אַ ייִד, אַרקאַדי וועניאַמינאָוויטש? דאָס איז אָדער אַן אויסטראַכט, אָדער מען מוז איבערקוקן אַ סך באַגריפן, וואָס איך האָב געהאַלטן פאַר אַקסיאָמען ביז מיין באַקאַנטשאַפט מיט אייך“...

איך האָב אויף אים געקוקט פאַרחידושט און געשוויגן, נישט פאַרשטייענדיק — צי ער וויצלט זיך, צי ער מיינט עס ערנסט, אָבער בעקטאַשעוו האָט, אַרומנעמענדיק אים מיט איין האַנט, לאַכנדיק געמאָלדן:

— פעאָדאָר איוואַנאָוויטש איז דער פאָרזיצער פון דער שטאָטישער אָפּטיילונג פון „פאַרבאַנד אמתדיק־רוסישע לייט“.

דעם לייענער היינט־צו־טאָג מוז מען דאָ צוגעבן, אַז דער דאָזיקער „פאַרבאַנד“ איז געווען דער עקסטרעמסטער פיליאַל פון „פאַרבאַנד פון רוסישן פאָלק“: אָפענע פּאָגראָם־פּראָפּאַגאַנדע און אָרגאַניזירונג פון רויב און מאָרד איבער ייִדישע היימען איז געווען דער ערשטער פּונקט פון זיין פּראָגראַם.

פאַר די יאָרן, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין אַלעקסאַנדראָווסק, זענען קיין פאַלן פון „פּראַקטישער טעטיקייט“ פון „פאַרבאַנד“ — ג י ש ט פאָרגעקומען, אָבער, דערהערנדיק בעקטאַשעווס מעלדונג, האָב איך, מסתמא, אויסגעגלאָצט די אויגן און זיך אַ הויק געטאָן פון אָרט מיט דער פלייצע פאָרויס... מאַקושענקאָ האָט זיך פאַררויטלט, און בעקטאַשעוו האָט האַסטיק צוגעגעבן:

— איך האָב עס דיר קיינמאָל פריער נישט געזאָגט, ווייל איך קען דיין איבערטריבענע פּילבאַרקייט אין דער פראַגע און ווייל פעאָדאָר איוואַנאָוויטש איז אַ פאָרזיצער, וועלכער האָט די „טעטיקייט“ פון דער

היגער אָפּטיילונג געפירט אין אַ גאַנץ אַנדערן גייסט און ריכטונג, ווי ער וואָלט עס געזאָלט פירן לויט זיין אַמט.

איך האָב נישט באַוויזן צו קומען צו זיך פון איבערראַשונג: „סאָיוז איסטינגאָ־רוסקיך ליודעי" איז געווען שטאַרקער ווי די עטליכע בעקטאַשעווס ווערטער, און עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז איך וואָלט אין קורצע מינוטן אַרום אַרויסגעלאָפן פון קאַבינעט.

אָבער מאַקושענקאָ האָט מיך אַרויסגעפירט פון דער פיינלעכער סיטואַציע.

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט און געמאָלדן:

— ווי ווייט איך קען אייך און פיל אייך, געהערט איר נישט צו ק יי ן שום פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע, און אייער טיפע אויפגערעגטקייט — איך בין אַן אַדוואָקאַט מיט 25 יאָר פּראַקטיק און לייען אויף אַ פּנים אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין האַרצן — מוז איך אויפנעמען נישט ווי אַ באַציונג צו מיין פּאַרטיי פון אַן אַנדער פּאַרטיי, וועלכע וואָלט מיך נישט אויף אַ האָר געקימערט, נייערט ווי אַ באַציונג פון אייך פּערזענלעך צו מיר פּערזענלעך. צי האָט דער אַרטיסט מאָרעווסקי א גרונט צו האַסן דעם אַדוואָקאַט מאַקושענקאָ איז נישט דאָ אַן אָרט צו פאָרשן, אָבער אַנטוואַרפן אים מיין אַנוועזנהייט בין איך אַבסאָלוט נישט אויפגעלייגט איך האָב דעם כבוד מיך צו פאַרנויגן, קאָנסטאַנטין סערגעיעוויטש!

ער האָט אַראָפּגענומען זיין הוט פון הענגער אויף דער וואַנט א־ אויסגעשטרעקט בעקטאַשעוון די האַנט.

בעקטאַשעוו האָט, נישט אַרויסלאָזנדיק זיין האַנט, מיט דערשראָקענע אויגן זיך געוואָנדן צו מיר:

— אַרקאַדי! דו ווערסט דאָך נישט אַוועקלאָזן פונדאַנען פּעאָדאָר איוואַנאָוויטשן אין אַזאַ מאָמענט, אין אַזאַ שטימונג! איך דערקלער דיר קאַטעגאָריש, אַז צו אַלעם דעם, וואָס דיר קאָן ווי טאָן, האָט דער מענטש קיין מינימאַלסטע שייכות נישט.

— קאָנסטאַנטין סערגעיעוויטש! ערשטנס, זענט איר נישט קיין אַדוואָקאַט, הגם אַ יוריסט און פּיעטראָזשייצקיס אַ סטודענט! און צווייטנס — דאָס איז דאָ דער עיקר! — בין איך נישט אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק! פאַר מיר איז מאָרעווסקי ביז איצט געווען אַ פאַרקערפּערונג פון אַלעשענסטע און בעסטע מאָטיוון, וואָס מיר באַצייכענען מיטן באַגריף: „רוסישע אינטעליגענץ". איך האָב צו טיף איבערגעלעבט מיט אים צוזאַמען דאָסטאָיעווסקין, טשעכאָוון, ביידע טאָלסטאָיס, אַז איך זאָל טראַכטן וועגן

אים אַנהערש. איצט דאָ, לאָזט זיך אויס, איז מאָרעווסקי אַ פאַרביטערטער שונא! פ ר ע ג ט ז י ך: וועמענס? אויב רוסלאַנדס, איז נישט דאָ דאָס אָרט צו קעמפן; אויב מיין פערזענלעכער, איז עס אַ פראַגע פון זיין געוויסן און... איך וועל אים נישט בעטן זיך מרחם זיין איבער מיר און פאַרגעבן מיינע פאַרברעכנס פאַר די עוולות, וואָס איך בין קעגן אים באַגאַנגען.

ער איז אַוועק צום אַרויסגאַנג, אָבער גלייכצייטיק האָט זיך אַרויסגעריסן ביי מיר און ביי בעקמאַשעוון: „פ ע אָ ד אָ ר א י וו אַ נ אָ וו י ט ש!!“.

ווי אַזוי יענער אָוונט אין רעסטאָראַן האָט זיך פאַרענדיקט, איז דאָ אויך נישט וויכטיק: איך האָב אויסגעהערט די פּרטים פון זיין זיידנס ירידה; ער האָט אויסגענומען די מאָטיוון פון מיין פ ע ר ז ע נ ל ע כ ן — נישט בלויז פּאָליטישן — שוידער פאַרן באַגריף: „טשאָרנאַיאַ סאָטניאַ“.

אָבער צוליב וואָס איז דאָס אַלץ אַזוי בפּרטיות דערציילט געוואָרן?

קורץ נאָכדעם, ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן די „ע ר ע“ פון סקאָראָפּאַדסקיס „סאַמאָסטיינער אוקראַיִנא“ און איבער די גאַסן זענען אַרומגעגאַנגען „אַטאַמאַנען“, וואָס האָבן געמאַכט דעם איינדרוק, אַז אין טעאַטער זענען זיך צעלאָפן פון פראָבע איבערן שטאָטעלכע „מאַלאָרוסישע“ כאָריסטן אין די קאָסטיומען פון קאַרפּענקאָ־קאַריס אָדער סאַקסאַגאַנסקיס אַן אויפפירונג — האָט זיך באַוויזן אַן אַפיש, אַז קיין אַלעקסאַנדראָווסק קומט פּלעוויצקאַיאַ, די באַרימטע זינגערין פון רוסישע פאָלקס־לידער און ציגיינער־ראָמאַנסן. אין דער צייט פון „זבאָראָניאַיעטסיאַ לאַיקאַ וו ראָסייסקאָם מאָווי“ האָט פּלעוויצקאַיאַס קאָנצערט אויסגעזען ווי אַ באַזונדערע גדולה... גיי איך איבערן גאַס און אַנטקעגן קומט מיר אָן מאַקושענקאָ. מיר באַגריסן זיך פריינדלעך, ער זעט מיר עפּעס אויס ווי ער וואָלט געהאַט אַן עגמת־נפש... אומצופרידן... אָנגעבלאָזן... אפשר דוכט זיך מיר?

— מיר טרעפן זיך מאָרגן אויפן קאָנצערט, פעאָדאָר איוואַנאָוויטש?

אויף וו ע ל כ ן קאָנצערט? — פרעגט ער מיט אַן אונטערגעשטראָכענעם אויסדרוק פון חידוש.

— פּלעוויצקאַיאַ — זאָג איך, אויפריכטיק דערשטוינט וואָס ער ווייסט נאָך נישט וועגן דער „גדולה“.

— יאקאַ מאַקאַ פלעוויצקאַיאַ? — קוועטשט ער אומפריינדלעך מיט די שילטערן.

— פלעוויצקאַיאַ קענט איר נישט? די בעסטע אויספירערין פון רוסישן פאָלקס־ליד! איר לאַכט פון מיר פעדאָר איוואַנאָוויטש!

— ראשית, רופט מיך נישט „פעדאָר", גייערט — „באָכדאַן", און, צווייטנס, גיי איך נישט אויף קאַצאַפּישע קאָנצערטן און פאַרטראַג נישט קיין קאַצאַפּישע לידער.

ווען די „קאַצאַפּעס" — דאָסטאָיעווסקי, טשעכאָוו און די בײדע טאָלסטאָיס האָב איך דעם ביז נישט לאַנג פאָרזיצער פון „פאַרבאַנד פון אמתדיק רוסישע לייט" נישט באַוויזן צו פרעגן...

אַזוי האָט אין אַלעקסאַנדראָווסק אויסגעזען דער זכר פון דער רוסישער אימפּעריע.

איכה ישבה בדד!

## XV. אָן „ויצמח פּורקני!“

סטעפּאַנאָווס „יעווריעסקי נאַראָד“ האָט מיך פאַרפאָלגט לאַנגע טעג.

איך דאַרף נישט מאריך בדברים זיין צו דערקלערן, אַז פאַר 50% פון דער אָוונט־קאַסע (נאָך אַלעם דעם, וואָס מיר האָבן פאַרן לייענער שוין באַוויזן צו ברענגען וועגן אונדזער בעל־דברס איבערלעבונגען, שטרעבונגען — און געוויסע דערגרייכונגען — אין שעקספּירן) — אַרויסגיין אויף דער בינע אין „אָטעללאָ“, נישט זייענדיק דערצו דער־וואַקסן אין צוגעגרייט, איז פאַר מיר געווען אַ שריט, וואָס איך וואָלט זיך קיינמאָל נישט געשאָנקען; און קיין שאָטן, קיין סימן, קיין שפּור פון „אידעאַליזם“ האָב איך דאָ נישט איינגעזען און אוודאי אין אוודאי נישט געמיינט צו „באַהייזן“ עמעצן כלפּי חוץ... פאַר מיר איז עס געווען אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט!

אָבער פאַר מיין חבר סטעפּאַנאָוו איז אָט די ז ע ל ב ס ט פ אַ ר־ ש ט ע נ ד ל ע כ ק יי ט — אַ שטריך צו דער כאַראַקטעריסטיק — נישט בלויז מיינער, פערזענלעכער: ער האָט דערזען אין דעם פאַל די געשטאַלט — פון פ אָ ל ק.

אויף מיר האָט עס אין יענע אומשטענדן געמאַכט אַן אומגעהויער טיפן איינדרוק: „יידיש פאָלק“! איך האָב זיך דערמאָנט אין דעם אָוונט אין ווילנע מיט 3 יאָר צוריק, ווי די עטלעכע צענדליק צוהערער האָבן שבועות אינאָוונט מיטגעזונגען מיטן סימפאָנישן אָרקעסטער טשייקאָווסקיס מאָטיוון; איך האָב דערפילט מיין דעמלטיקן זיפץ: „איך זאָג דיין שיר, איך זינג דיין ליד!“

אָבער — „פאָלק“?

— ווו איז עס? דורך וועלכן שליאַך, געסל, טויער — זאָל איך קו־מען צו אים?

מיט אַ יאָר 10—12 פריער וואָלט געווען גענוג צו זאָגן די עלטערן,

אַז איך וויל ערנסט און אויפריכטיק ווערן אַ סוחר, און די שאלה וועגן מיין אָנגעהעריקייט צום כלל ישראל וואָלט פאַרענטפערט געוואָרן נאָך איידער זי איז אַנטשטאַנען.

אָבער — איצט!

איך בין אַ ייד — בכל נפשי ובכל לבבי, בעת איך דערזע נעבן זיך דעם ראש „פון אמתדיק־רוסישע מענטשן“, אָבער בעת איך דערהער, אַז ער אַנטלויפט פון „קאַצאַפּישן“ קאָנצערט און וויל זיך רופן „באָכדאַן“ — דאַן בין איך — אַ „רוסישער מענטש!“.

עס איז באמת אַ ווילדע מעטאַמאָרפאָזע: אין האַרצן איז פּוסט, ליידיק; אַ וויסטעניש! און אין דער ליידיקייט — אַ פלאַנטער!

אַ האַלבער שוין גולן האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין אויסגעליידיקטן געמיט און — נישטאָ קיין ציפער נעבן זיי!

איז „יידיש פאָלק“ — אין מיין ווירקלעכקייט, אין די געגעבענע, קאָנקרעטע אומשטענדן — נאָך איין „0“ אָדער... דאָס איז דער צ י ־ פ ע ר, וואָס וועט די 6 מאָל „גאָרנישט“ פאַרוואַנדלען אין — מיליאָנען?

איך האָב עס נישט געוווסט.

גערעדט און געענטפערט האָבן פאַקטן!

לערך סוף יוני איז געקומען דורך אומוועגן אַ ידיעה פון ווילנע: מיט 10—11 חדשים צוריק איז געשטאָרבן מיין מוטער...

איבערגעגעבן די ידיעה האָט מיר פערזענלעך חנהלע, און מיר קלינגט אין די אויערן די לעצטע פראַזע פון איר קורצן באַריכט:

— „איך האָב עס געדאַרפט זיין די, וואָס האָט דיר די נאַכריכט געבראַכט“...

איך האָב זיך דערמאָנט דער מאַמעס טרערן און איר טרייסט, ווען זי האָט אין שטוביקן מנין בעת די שבעה־טעג נאָכן פאָטער זיך צוגעהערט פון צווייטן חדר ווי איך זאָג קדיש.—

קיין סך פרייד פון איר בן־יחיד, קיין פיל שכר פאַר אירע חבלי לידה און פאַר די שווערע טראַגישע נסיונות פון איר מוטער־וועג האָט זי פון מיר נישט געהאַט, און הערן ווי איך זאָג מיט האַרץ און הבקות קדיש איז געווען, אויב נישט איר אייציקער נחת פאַר 20 יאָר — איז די גרעסטע גדולה פאַר די לעצטע 15 יאָר.

אָבער פֿאַר זיך קיין קדיש האָט זי — די אשת חיל, די גערעטעניש, די יידענע מיטן ווילן און פֿייער פֿון אַ מאַרעאַדאָר (די געשטאַלט וועט דאָ איבערגעחזרט!) — נישט באַזאָרגט! — 10 חדשים האָט זי קיינער נישט מזכיר געווען.

בין איך אַוועקגעלאָפֿן אין בית־מדרש... מען האָט מיר אָנגעוויזן דעם וועג, דאָס געסל... רעיונות! מחשבות! ספֿקות! הוכט זיך, אַז אַ חודש פֿאַרן יאָרצייט זאָגט מען קיין קדיש נישט? און מיין קדיש וועט זיין — פּסול, אַ ברכה לבטלה, אפֿשר אַ חילול?

אָבער — דאָס זענען האָך סוף כּל סוף פּרטים! דער עיקר — זאָל אין ים פֿון אַבלות אַריינפֿליסן דער טרויער־טראָפּן איבער מיין מאַמען — דער פֿאַרוואַרלאָזטער, פֿאַרשטויסענער, צווישן מיליאָנען אויפֿן עולם אמת — געקומענע איינער אַליין — אָן מלוים... דער לייענער וועט זיך נאָך דערוויסן ווי עס האָבן אויסגעזען די פֿאַקטן... דערווייל זענען עס בלויז שטימונגען פֿון מיין געמיט.

איך האָב געבעטן מאַכן אַ הזכּרה נאָך איר. דער בעל־תפֿילה האָט צוויי מאָל צעפּלאָנטערט דעם ייחוס נאָמען „בעבור שבנה"... איידער איך האָב באַוויזן אונטערצוזאָגן: „אברהם בר' בנימין", האָט דער רוח אונטער־געדריקט אַ יונגן מאַן, וואָס האָט פֿון צווייטן עק (אין פּאָליש) אויסגערופֿן:

„אַרקאַדי בר' בנימין". און דער שמש האָט, קוקנדיק אַ ה י ן  א ו ן  צ ו ר י ק, נישט געוווסט ווי אַזוי צו פֿאָרן ווייטער...

מיך האָט אַ קאַלטער שווייס באַדעקט. מיר האָט זיך געהוכט, אַז עמעצער פֿון המון שטויסט מיין מאַמען, וואָס וואַרט ביים כּסא הכּבוד אויפֿן חלק עולם הבא...

אָבער מיין בעכער פֿון צער און ווייטיק איז נאָך דערווייל געשטאַ־נען אַ פֿולער.

געגאָסן פֿון אים — און שיעור זיך נישט דערשטיקט — האָב איך בעתן קדיש־זאָגן.

זיי זענען — חסידים!

איך בין — אַ מתנגד!

אַז איך האָב אָנגעהויבן: „יתגדל, ויתקדש", האָב איך דערפֿילט אַרום זיך — אומוויליג: זיי דאַרפֿן האָבן: „יתגדל, ויתקדש".

און אַז איך בין געקומען צום „וימליך מלכותי" און אַוועק ווייטער אָן „ויצמח פּורקני", איז געוואָרן אַזאַ קלאַפּערייַ אין די שמענדערס און טישן, אַז...

איך האָב דעם קדיש אָפּגעהאַקט און — אַרויסגעלאָפן פון קלויז...
וואָס דאָרטן איז געוואָרן — ווייס איך נישט!
וואָס נאָך צו דערציילן — האָב איך נישט!
ד אָ ס  ג ע ס ל  האָט מיך צום „כלל ישראל“ — נישט געפירט.

* *

*

אויב די ברואים, וואָס „ויצמח פורקני“ איז זיי וויכטיק, און די הייסע טרערן פון אַ יונגן „מתנגד“ אין דער אבלות נאָך זיין מאַמען לאָזט זיי גלייכגילטיק — אויב זיי זענען „גאָטספאָרכטיקע ייִדן“, טאָ ווער דאַרף האָבן זייער „יראת שמים“?

אַרויסגעשטויסן פון זייערע מנינים, בין איך אַרומגעגאַנגען, ווי מיך וואָלט מען מיט שטעקנס געשלאָגן איבערן האַרץ.

די געשטאַלט פון מיין מאַמען מיטן עפּל אין האַנט, וועלכע דער רויך פון לאָקאָמאָטיוו האָט פון מיר פאַרשטעלט אויפן פעראָן פון ווילנער באַנהויף, איז שוין איצט פאַרשוווּנדן... מיך האָט אומעטום און אָן אויפהער פאַרפאָלגט אַ געשטאַלט אין תכריכים... זי איז געשטאַנען אַליין אונטער אַ בוים אויף בעקלינס מויטנאַינדזל... אַרום איז אַלץ געווען רויִק, פאַרגליווערט אין אומגעשטערטקייט... בלויז איבער דער ווייסקייט פון אירע תכריכים האָבן זיך די אויגנליִבער און פון האַרצן געשלענגלט צוויי פינקעלע פעדעמלעך: פון די אויגן — טרערן, פון האַרצן — בלוט...

מען האָט זי פון לעבן פאַרטריבן! מען האָט זי אין פּריוואַטיקן קבר אַראָפּגעשטויסן — האָס האָב איך איצט געפילט מיט אַלע פיבערס, אין דער ווייטיק, וואָס איך האָב דערפילט אין וואַגאָן דעם 12 אויגוסט 1915, האָט איצטער אָנגעהויבן פיקן מיין האַרץ און פאַרטרייבן פון מיינע אויגן דעם שלאָף. איך וואָלט אָן ספק געוואָרן נערוועז קראַנק... האַלוצינאַציעס וואָלטן אָנגעהויבן וועקן מיין ווירקלעכקייט. דער געדאַנק, אַז איך קאָן דער מאַמען נישט טריי זיין אפילו דורך 3 קדישים אין טאָג, האָט מיך פשוט פאַרפאָלגט. איך האָב געטראַכט, צי זאָל איך נישט מיין קאָפּ מיט אַש באַשיטן און זיך לאָזן איבערן שטאָט, אַז מענטשן זאָלן פרעגן וואָס דאָס באַדייט און דערהערן עפּעס וועגן מיין מאַמען, און אַזוי אַרום איר זכר דערמאָנען? איך וואָלט אפשר אַזוי געטאָן, ווען נישט דער געדאַנק, אַז מענטשן וועלן אין דעם איינזען קודם כל „אַן עפּעקטפולע אינסצעניזאַציע פון אבלות“ און צוגעבן, אַז איך בין קאָנסעקווענט אין מיין טעאַטראַלישקייט...

האָב איך אַרומגעוואַנדערט איבער גאַסן, גערטנער און וועלדער — אַ צעמישטער, אַ צעפּייניקטער — אַ צ ע ד ר יי ט ע ר... האַלב־משוגע.

איז געקומען קיין אַלעקסאַנדראָווסק (איף אַ פּאָר וואָכן, דוכט זיך?) — ק ל אַ ר אַ י ו נ ג! מיר איז שוין אויסגעקומען צו באַטאָגען, אַז נאָכן „שפּאַציר דורך אייראָפּע" מייד איך אויס אויף מיינע דפּים צו שילדערן געניי פּאָרטרעטן פון שווישפּילער — אפילו די גרעסטע — און זייערע לייסטונגען.

קלאַראַ יונג און ר ו ד אָ ל ף זאַסלאַווסקי (אַ ז י י ה אָ ט ע ר ג ע ה יי ס ן א ו י פ ן אַ פּ י ש) — געהערן צו דער משפּחה פון די גרעסטע אַקטיאָרן אין וועלט־מאַסשטאַב. דערביי מוז איך צוגעבן, אַז זאַסלאַווסקי איז געווען אויסגעוויקט אין דער קולטורלאָזיקייט פון דעם, וואָס האָט אויף דער יידישער גאַס זיך גערופן: „טעאַטער"... אַז איך האָב אים דערזען דעם ערשטן מאָל, האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז איך שטיי אין פּאָליש, און אַרום מיר פּויקן טישן און שטענדערס און מבינים שרייען: „ויצמח פּורקני!!" — אין זיין ספּעקטאַקל איז געווען — „ק י נ ס ט" נישט מער. ווי אין פּאָליש איז געווען ת פ י ל ה...

אָבער ער מיט זיך האָט פון דער בינע געשפּריט פינקען און שטראַלן פון הויכער שעפערישער זויבערקייט און טיפסטער לימורגיע, וואָס פירט ביים ערשטן אָטעמצוג אַוועק צו איבערערדישע הויכן.

מיר וועלן זיך נאָך גיך צו אים אומקערן, לייענער!

אויף די דפּים פון אונדזערע לויפנדיקע פּ א ק ט ן, וואָס האָבן געוועבט די תשובות אויף מיינע אָנגעפּלאָסענע שאלות און צוגעשטעלט דעם „ציפער" צו מיין „נולן" — איז אַרויסגעשווומען דער שטראָם פון מיין לעבן און תיקון אין — לעבן.

מיר האָבן פּאַר זיך ווידער — ט ע אַ ט ע ר!

דאָס מאָל — יי ד י ש ט ע אַ ט ע ר!

און די וויסטעניש איז פאַרשוווּנדן! אין גרינע באָדנס האָבן זיך געשפּרייט אונטער מיינע ווייטערדיקע שריט, אין פּאַלמען האָבן געבליט.

קלאַראַ יונג — להיפּוך צו זאַסלאַווסקין — איז געווען — ראַפינירטע סצענישע קולטור און ס פּ ע ק ט אַ ק ל — פון ערשטן ביזן לעצטן אות און קלאַנג.

אַ ריי ערשטקלאַסיקע שוישפּילער, הגם נישט איינהיימלעכע לויט זייער סטיל און אופן, אָבער — פּובליקום־באַגאַבטע; אַן אויסגעצייכנטער אָרקעסטער אונטער דער אָנפירונג פון אַ רוטיניירטן, הויכבאַגאַבטן דירי־

גענט; אַ כאָר — נישט קיין גרויסער, אָבער שטרענג־דיסציפּלינירטער — דאָס אַלץ צוזאַמען האָט אַריינגעפירט אין דער אַטמאָספער פון אַ גוטן טעאַטער, און איך האָב בולשטעבלעך דערפילט אַ צופלוס פון פרישער, מחיהדיקער לופט אין מיינע איינגעשרומפּטע לונגען.

און — אַן אומגלויבלעכער פּאַראַדאָקס!

די פאָרשטעלונגען, נישט געקוקט אויפן „לייכטן זשאַנער", האָבן געווירקט ווי אַ פּאַקטאָר, וואָס האָט געלופטערט און גערייניקט די געמיטער.

דער שלאַגער פון די גאַסטראָלן איז געווען די אָפּערעטע: „דזשייקע־לע בלאָפער". און דער פּאָפּולערער מאָטיוו, וועלכן אַלע אין שטאָט (וואָס פאַרמאָגן אויערן, פאַרשטייט זיך) האָבן אָנגעהויבן זינגען — אָט דער קאַסקאַדיזער, לוסטיקער, בראַווער מאָטיוו איז פאַר מיר געוואָרן דאָס, וואָס מיט 5 יאָר צוריק — נאָך דעם אומקום פון „טיטאַניק" איז געווען — דער ערשטער „טאַנגאָ".

איך האָב, משמעות, האָבנדיק געענדערט דעם מאַזשאָרן־שליסל אויף מינאָר און, אפשר מיט וועלכע עס איז אַנדערש קלינגענדיקע ניואַנסן — געזונגען די מעלאָדיע כסדר, אָן אויפהער און אויסגעלעבט אין דער מע־לאָדיע מיין טרויער און יאוש נאָך מיין מאַמען...

זאָלן די „ויצמח־פורקני'דיקע" יראי־שמים קיין פאַריבל נישט האָבן: מנחם־אבל זיין איז אָן ספק אַ גרויסע מצווה און אַ טיף־יידישע מידה לגבי מיר אין יענע שווער טרויעריקע טעג אויף מיין לעבנסוועג האָבן אָט די מצווה און מידה מתקן געווען — קלאַראַ יאָנג און אירע פרעכטיקע מיטשפּילער.

איך האָב אָפּגעלעבט!

און... דערווייל נאָך נישט וויסנדיק, אַז אַזוינס איז געשען מיט מיר, בין איך אַרויס אויפן שליאַך, וואָס האָט געפירט און מיך געבראַכט צו־„י ע וו ר ע י ס ק י נ אַ ר אָ ד".

די הימלען האָבן זיך אָנגעהויבן אויסלייטערן איבער מיינע ווייטער דיקע האָריזאָנטן. לאָמיר זיך פאַרגינען אַ ביסל שפּאַס און הוזק...

ביי קלאַראַ יאָנג אין אַנסאַמבל האָט געשפּילט — זילבערבערג, אַ גע־וועזענער מיטגליד פון פּרץ הירשביינס טרופּע, האָט ער פון יעקב בן־עמי, פון לאַזאַר פריד, מיט וועלכע איך בין שוין פון לאַנגע יאָרן פריער געווען באַקאַנט און באַפריינדעט, וועגן מיר געהאַט געהערט... אין יענע קרייזן בין איך דאַן געווען אַ מין „בייז ווונדער": „סוואָרינס טעאַטער־שול".

„געשפּילט פאַרן קיסר“, „לעבט אָן לעבנסרעכט“, „אַ נגידישער זון“ און „אַלץ געוואָרפן צוליב טעאַטער“ — עפּעס נ י ש ט מיט מענטשן צוגלייך! האָבן מיר זיך מיט זילבערבערגן באַקענט און פון צווייטן טאָג זיך געטראָפן ווי מיר וואָלטן זיך געהאַט צוזאַמענגעלעבט פון יאָרן. דערהערנדיק, אַז פון ספּעקטאַקל, בפרט פון קלאַרען, בין איך אין הימלישער התפעלות, האָט ער מיך אַריינגעפירט צו איר, זייענדיק בטוח, אַז איך וועל תיכף אַרויסשיטן דעם גאַנצן זאַק קאָמפּלימענטן. זי האָט מיך געטראָפן מיט אַ צווייבערנדיקן שמייכל, האָבנדיק פון זילבערבערגן שוין פריער אויסגעהערט, אַז ער וועט ברענגען אַן „אינטערעסאַנטן טיפּ“ (און שטאַרק האָבן זיי, מסתמא, געהערט, אַז קיין קאַליקע אויף די ברעטער איז דער „טיפּ“ אויך נישט)...

איך האָב אַ קוש געטאָן ביי דער „וואָנדער־פרוי“ איר אויסגעבריליאַנטעוועטע האַנט און געשוויגן ווי אַ מת. די ערשטע מינוט האָט עס אויסגעזען ווי אַ גוט־געשפּילטער אויסדרוק פון באַוווּנדערונג („נישטאָ קיין ווערטער“!), די צווייטע מינוט איז געווען אומהיימלעך, די דריטע — פּיינלעך. זי האָט זיך אויסגעדרייט צום שפּיגל מיטן רוקן צו מיר און, דערהערנדיק דעם סיגנאַל צום אָנהייב אַקט, איז זי אַוועק פון דער גאַרדעראָבע, נישט צוּוואַרפנדיק אפילו אַ בליק אין מיין זייט.

זילבערבערג איז געשטאַנען ווי אַ געליימטער; איך — ווי אַ גולם...

— פאַרוואָס האָסטו איר קיין וואָרט נישט געזאָגט? — האָט ער קוים אַרויסגעמורמלט.

— איך קען קיין ענגליש נישט און האָב מורא געהאַט צו רעדן מיט איר פראַנצויזיש, אפשר קען זי נישט?

— משוגע צי חסר דעה ביסטו? וואָסער ענגליש? וואָסער פראַנצויזיש? זי רעדסט דאָך אַזאַ פּרעכטיקן יידיש מיט מיר!

איך האָב אויסגעגלאָצט מיינע אויגן.

— י י ד י ש? מיר איז נישט איינגעפאַלן, אַז מיט אַזאַ דאַמע קאָן מען רעדן — יידיש!

אָט פון דעם פּונקט, לייענער, הייבן מיר אָן אונדזער מהלך — צום יידישן פאָלק!

# XVI. פּאַקטן פֿירן און שטויסן

קורץ נאָך קלאַרא יאַנג איז קיין אַלעקסאַנדראָווסק געקומען ר א ו ב ן ז אַ ס ל אַ ו ו ס ק י. אויפֿן אַפֿיש, ווי שוין באַמערקט, האָט ער זיך גערופֿן — „ר ו ד אָ ל ף". און דאָס האָט אויסגעזען דעם רוסישן אַקטיאָר „אַרקאַדי מאָרעווסקי" פֿאַר אַזאַ מין שטיק „ו י ל ד פֿ ל י י ש" ווי „באָכראַן" — ביים נעבטיקן „פּעשאָהאָר"... מיט דריי יאָר צוריק, אַז וואָיטאַלאָווסקי און „אַראָנאָוויטש" פֿלעגן זיך צו מיר ווענדן: „אַלעקסאַנדר!", „אַנאַטאָלי", „אַלפֿרעד" — איז עס מיר אויסגעקומען — קאָמיש, לעכערלעך, מעשה חוזק... עפּעס אַזוי ווי עמעצער וואָלט געפּרוּווט מיר איבערמאַכן מיין שוועליורע, אָבער קיין פּ ר י נ צ י פּ י ע ל ן פֿאַרדראָס האָט עס אין מיר נישט אַרויסגערופֿן. איצט ביי זאַסלאַווסקין האָט מיך „רודאָלף" פֿאַרדראָסן, שאָקירט, כמעט — באַליידיקט!

אַרויסזאָגן עס האָב איך נישט געקאָנט, האָבנדיק אַליין מיין „אַברהם" באַהאַלטן אין „בוזעם־קעשענע", אָבער איך האָב דערפֿילט, אַז זאַסלאַווסקיס „רודאָלף" איז מיר אַ שלעכטער ציגל אין בנין, וואָס איך וויל ערשט אָנהייבן בויען. איך האָב נישט געהאַט קיין שום קאָנקרעטע פּלענער, אַפֿילו נישט קיין ווונטשן, קיין כוונות, אָבער... „פֿאַרוואָס „ר ו ד אָ ל ף"? פֿאַרוואָס נישט — „ר א ו ב ן"? — מיר איז קלאָר געווען נאָר אָט די שאלה און — מיין שטילער פֿאַרדראָס.

איך געדענק נישט אין וויפֿל און אין וועלכע פּיעסן איך האָב זאַסלאַווסקין אין אַלעקסאַנדראָווסק דעמאָלט געזען; מיר שיינט, אַז איך האָב אים בכלל מער נישט געזען, אָבער דער רושם, וואָס ער האָט אויף מיר געמאַכט אין אַ יין ספּעקטאַקל, איז געווען אַזאַ, אַז ער איז פֿאַרבליבן אין מיין לעבן ווי אַ ווענדפּונקט, אַז ע ט אַ פּ...

איך מוז דאָ דעם לייענער דערמאָנען, אַז מיט 11 יאָר צוריק איז מיין גורל באַשלאָסן געוואָרן אין ווילנע בעת די גאַסטראָלן פֿון אַ גרופּע פּע־

שערבורגער אַקטיאָרן מיט דאַלמאַטאָוון בראש... מוצאי־שבֿיעות האָבן זיי אין שטאָט־זאַל געשפּילט אָסיפּ דימאָווס „שמע ישראל“, און דאַלמאַטאָוו אין דער ראָל פֿון „אַהרן שיפּער“ האָט מיך געפֿאַנגען און באַשטימט מיין וועג — צו דער רוסישער בינע.

אין אַלעקסאַנדראָווסק אין די גאַסטשפּילן 1918 האָט זאַסלאַווסקי אויך געשפּילט „שמע ישראל“...

איך האָב אין קאַפּיטל וועגן מיין גייסטיקן איבערבּרוך אין יאָר 1907 באַטאָנט, אַז „שיפּער“ האָט נישט געהערט צו דאַלמאַטאָווס גרויסע לייסטונגען (וועגן וועלכע מיר האָבן אויף אַן אַנדער אָרט גערעדט בפרטיות) און געווירקט האָבן דאָ גאַנץ אַנדערע פֿאַקטאָרן. זאַסלאַווסקיס „אַהרן שיפּער“ איז געווען אַ סצענישע געשטאַלט, וועלכע האָט דאַלמאַטאָווס „שיפּער“ געלאָזט הינטער זיך ערגעץ אויף אַ טיפֿן הינטערגרונט. האָט אַליין („דעקן דאַלמאַטאָוון!“) איז שוין געווען א מאָמענט, וואָס האָט מיך איבערראַשט, אָבער זאַסלאַווסקי האָט מיך באַצויבערט — אומאָפּהענגיק פֿון דער קאָנקרעטער געשטאַלט פֿון „אַהרן שיפּער“: איך האָב דערזען פֿאַר זיך אַן אַקטיאָר פֿון אַזאַ מין מאָס טיפֿקייט, אויפֿריכטיקייט, צאַרטקייט, פֿאַרביקייט און הונדערטפּראָצענטיקער מוזיקאַלישקייט, אַז איך האָב מיך אַוועקגעטראָגן פֿון אַלעקסאַנדראָווסק ביים דניעפּר — צו די ברעגעס פֿון דער שפּרעע, פֿון דער סענע, און געוואָרן מיט 10 יאָר ייִנגער, געוואָרן „אויס“ — אַקטיאָר און פֿאַרגעסן מיינע „האַמלעטן“, מיינע „ראַגאָזשינס“, מיינע טויזנטער צושויער און לאָרבערס און געוואָרן — אַ צושויער, וואָס קוקט און קוויקט זיך... וואָס לערנט זיך — — —

אין אַ 4 חדשים אַרום האָב איך „שיפּערן“ געשפּילט אין ווילנע אויף ייִדיש, און אויב דער שוישפּילער אין זיין גאַנצן מהות איז געווען דאָלמאַטאָווס אַ תּלמיד, איז די געשטאַלט פֿון „אַהרן שיפּער“ געווען אָנגעהויכט דורך ראובן זאַסלאַווסקיס־טאָן, אופֿן און שטימונג. איך האָב עס יאָרן שפּעטער ביי אַ געלעגנהייט אים געזאָגט, ער האָט עס אויפֿגענומען מיט דער באַשיידנקייט, וואָס איז די מידה פֿון יעדן אמתן טאַלאַנט, הגם נישט אין אַלע אומשטענדן און לעבנספֿאַלן געלינגט עס מענטשן אפֿילו מיט טאַלאַנט די מידה איינצוהאַלטן: דאָס איז שוין אַ פֿראַגע פֿון קולטור, ערשטנס, און צווייטנס (דער עיקר!) — פֿון דער סביבה, אין וועלכער עס לאָזט זיך די אייגענע קולטור טראָגן און — אויסהאַלטן.

זאַסלאַווסקי איז געווען אַ מענטש מיט אַ טיפֿן טאַלאַנט, אָבער פֿון פּערזענלעכער קולטור איז ער געווען ווײַט, ווי ווײַט אַ באַרגשפּיץ איז — פֿון ברעג ים...

אַן אויסערלעכקייט האָט ער געהאַט: בײַ אַ פּאָר טיפֿע וווּנדערבאַרע אויגן און צאַרטן אָוואַל פֿון בלייכן פּנים — צוויי איבערשטע ציינער, וואָס האָבן זיך געריסן פֿון די ליפּן און האָבן זײַן געזיכט דעפֿאָרמירט. דער אײַנדרוק פֿלעגט שנעל ווערן נייטראַליזירט, אַדאַנק זײַנע סאַמעטענע אויגן, און ער איז געווען ממש צויבערהאַפֿט ווען ער האָט געשמייכלט, אָבער מערסטנטייל, ווען ער פֿלעגט עמעצן אָנקוקן, האָט אין בליק און אין דער גאַנצער האַלטונג געשפּילט דער שטומער אויסרוף: „ווער ביסטו? און ווער בין איך?? און פֿאַרגעס נישט דעם חילוק און שטיי פֿון ווײַטן!!“... אָט די לאַנגיאָריקע רעאַקציע אויפֿן אַ ר ו ם האָבן געלייגט אויף זײַן אָנבליק אַ חותם, וואָס איז פֿאַר זײַן טיפֿער באַגאַבטקייט נישט געווען קיין געהעריקע ראַם.

מיר איז פֿאַר די עטלעכע צוזאַמען פֿאַרבראַכטע טעג אויסגעקומען אים צו זען אין פֿאַרשידענע סיטואַציעס, און איין מאָמענט איז מיר פֿאַרבליבן ווי אַ נישט־פֿאַרהיילטער ראַץ אויף מײַן אײַנדרוק וועגן אים.

ער האָט געהאַט אַ פֿרוי. זי האָט געשטאַמט פֿון ווילנער אינטעליגענטישן קרײַז, איר ברודער — ווי ווײַט מיך פֿאַרפֿירט נישט מײַן זכרון: אַבראַשאַ לעווין — איז געווען איינער פֿון די פֿילצאָליקע טעאַטראַלן, שפּעטער יונגע אַקטיאָרן, וואָס האָבן זיך געדרייט אַרום אונדזערע קרײַזן. דאָס איז געווען די סיבה, וואָס פֿרוי זאַסלאַווסקי האָט מיך אויפֿגענומען ווי אַן „אַלטן באַקאַנטן“, הגם איך האָב זי געזען צום ערשטן מאָל. איך מוז דאָ אונטערשטרײַכן: קיין מינדסטן גרונט צו מיינען, אַז איך האָב איר פֿרייד צו האָבן מיך געטראָפֿן געהאַט בדעה צו פֿאָרסירן, אויסנוצן — האָב איך נישט געגעבן; קיין איין שריט, באַוועגונג, מינע, שמייכל, וואָס זאָלן באַרעכטיקן „אײַפֿערזוכט“, האָב איך נישט געמאַכט. אָבער איך האָב אין אַ טאָג־צוויי אַרום באַמערקט, אַז ער ווערט בלאַס, קריגט כּלערליי קאָלירן אויפֿן פּנים בעת זי קומט אָן... מעגלעך, אַז די סיבה איז געווען אַן אַנדערע, און איך האָב דערצו גאָר קיין שייכות נישט, אָבער איך האָב מיך אָנגעהויבן פֿילן אומהיימלעך, פּשוט — ש ל ע כ ט — אין זייער קעגנוואַרט און זיך באַמיט אויסצומײַדן צו טרעפֿן זיך זאַלבעדריט...

דאָס איז געווען אפֿשר דער ערשטער פֿאַל, ווען איך האָב דערזען אַזוי בולט דאָס בילד פֿון „פֿאַמיליענלעבן“, אויסגעדרייט מיטן אונטערשלאַק

צום הרויסן... (וועגן דעם וועט נאָך מיין לייענער אויך האָבן אַ דף רעיונות!). זאַסלאַווסקי האָט, פאַרשטייט זיך, ווי האָס רוב קאָמפּליצירטע קינסטלער־נאַטורן, נישט געקאָנט געהערן צום מין „לייכטע" מענטשן... זאַסלאַווסקי איז געווען אַ ש וו ע ר ע ר  מ ע נ ט ש, און אַריינברענגען אים אין מצב פון ווילדסטן גרימצאָרן האָט געקאָנט זייער אָפט אַ גאַנץ אומשולדיקער גאַנג פון עמעצן, וואָס האָט אפילו נישט געטראַכט, אַז דער גאַנג האָט צו אים אַ שייכות... און פרוי לעווין האָט — העכסט וואַרשיינלעך — צום פאַל געהאַט נישט מער שייכות ווי אַלע אַנדערע אַרום, אָבער...

אויף איינעם פון די פאָרשטעלונגען — מיר הוכט זיך מאַקע פון „שמע ישראל" — בין איך, אַריינקומענדיק בעתן אַנטראַקט הינטער די קוליסן, געבליבן שטיין אָן לשון: זאַסלאַווסקי איז געלעגן אין קאָרידאָר אויפן דיל פון אַספאַלט און זיך געצאַפּלט אַזוי ווי אין אַ פּאַראָקסיזם פון עפּילעפּסיע מיטן גאַנצן גוף... און נעבן איז נישט געווען קיין איין מענטש!

אויף מיין פאַרצווייפלטן אויסגעשריי האָב איך דערהערט: „לאָזט אים ליגן, אַז נישט וועט זיין ערגער!"

איך האָב מיך צוריקגעצויגן, אַוועק אין אַ זייט און געבליבן שטיין, האַלטנדיק אים אויפן אויג. אין אַ 2—3 מינוט אַרום האָט ער זיך אויפגעהויבן און אַוועק אין גאַרדעראָבע, אין אַ מינוט 10 אַרום איז דער ספּעקטאַקל אַוועק ווי ס'וואָלט גאָרנישט געשען...

איך האָב פון לאַנגאָן שוין געוווּסט וועגן פאַטאַלאָגישע אויסברוכן ביי אַ ריי אַקטיאָרן. איוואַנאָוו־קאָזעלסקי האָט אין אָנפאַל פון גרימצאָרן צעריסן ביי זיי פרוי איר מויל, דאַלסקי זאָל איבער דער גרעפין סטענבאָקפערמאָר — זיין „געזעצלעכער" פרוי — האָבן באַגאַנגען פאַרברעכנס, צוליב וועלכע אַן אַנדערער וואָלט פאַרפוילט געוואָרן אין תפיסה. אָבער דאָס זענען דאָך אַלץ פאַרהעלטעניש אין די סביבות פון פאַרשכורטע קעפּ, צעלאָזענע מענטשאַליטעטן, פאַטאָלאָגישע ווילנס פון פריצים, וועמענס זייגעם, אויב נישט טאַטעס, זענען געווען לייבקנעכט־באַזיצער און האָבן געשמיסן מיט אויסגעווייקטע רוטלעך איבער נאַקעטע לייבער פון מענטשן!

אָבער דאָ האָבן מיר האָך פאַר זיך אַ געוועזענעם ישיבה־בחור! זיין זיפץ אין דער געשטאַלט פון „אהרן שיפער" זאָגט דאָך עדות וועגן געבראָכענעם האַרצן — ווי קומט אַהער עפּעס פון יאַהאַן דעם גרויזאַמען?

איז די תשובה אַ קלאָרע און פּשוטע: האָט ער מאַקע ק י י נ ע ם

קיין שלעכטס נישט געטאָן! ער האָט זיך אַליין געשלאָגן דעם קאָפּ אין אַספּאַלט און אַזוי אַרום אויסגעלעבט אין עפּילעפּסנשפּיל זיין אָנגעזאַמלטן ווייטיק און — אַוועק אויף דער בינע שפּילן אַן אַנדער דראַמאַטישע סיטואַציע...

אַרום האָט ער אַרויסגערופן גרינגשעצונג, כמעט פאַראַכטונג צו זיין „אַקטיאָרעריי“, מיר איז ער פון יענעם אינצידענט געבליבן אין האַרצן ווי אַ מאַרטירער אין זיין איינזאַמקייט און אָנגעווייטיקטן געמיט.

אָבער אין דער רשימה פון מיינע צעשטערטע מזבחות, צעבראָכענע ווערטן, צעפאַלענע פעסטונגען איז אַריינגעטראָגן געוואָרן נאָך איין חורבה: „משפחה“...

דער ערשטער און מעכטיקסטער פאַקטאָר פון פאַמיליען־גאַנציקייט איז ביי אונדזערע זיידעס געווען — טהרת המשפחה.

מיין לייענער ווייסט שוין וואָס ביי מיר איז דערפון געבליבן נאָכן קאַפּיטל: „פאַמיליע־ברוך“... דאָ וואָלט געווען נישט אויפן אָרט צו אַקצענטירן דאָס, וואָס בשעתו איז דערציילט געווען.

דאָ איז אָבער יאָ אויפן אָרט צו זאָגן, אַז טהרת המשפחה איז געווען אַ דערהויבענע מידה און אַ גרויסער ווערט אין די אומשטענדן און פאַרהעלטענישן פון יענע צייטן און דורות, און איז לחלוטין — נישט קיין „תנאי קודם למעשה“ — אין די באַדינגונגען און באַציונגען פון אונדזערע דורות.

איך האָב בשעתו באַטאָנט, אַז ביי מיר אין האַרצן איז פאַרבליבן אַ פינטל, וואָס האָט וויי געטאָן, אָבער קיין שום ענדערונג אין מיין באַציונג צו מיין פרוי און פריינד האָט דאָס פינטל נישט אַריינגעבראַכט. מיר האָבן נאָך דעמאָלט שוין אָפּגעלעבט צוזאַמען 4 מיט אַ האַלב יאָר, און פאַר אָט די 4 מיט אַ האַלב יאָר איז אונדזער פאַמיליע־לעבן געווען לכל הדעות נישט ווייניקער שלימותדיק ווי פאַרן „ערשטן חורבן“... איך מוז צוגעבן, אַז קוקנדיק אויף זיך דורך די ברילן פון ווייטערדיקער דערפאַרונג, זע איך, אַז איך בין בכלל געווען אַן אומדערטרעגלעכע בריאה לגבי מיין לעבנס־באַגלייטערין, און איך פאַרשטיי נישט ווי אַזוי זי האָט אויסגעהאַלטן נעבן מיר כמעט 7 יאָר. וואָס אמת איז: מיר זענען פאַר די ערשטע 7 יאָר געווען צוזאַמען — אפשר הדרי...

און אָט דאָ, לייענער, ליגט דער שליסל צו לעזן די מיסטעריע פון אונדזערע פעדעם, קניפּלעך און... לויזן בונד.

איך האָב אין אָנהייב זיך געהאַט אויסגעדריקט, אַז דאָס, וואָס מיר האָבן געהאַלטן פאַר „פרייהייט“ אין אונזער צוזאַמענלעבן, איז געווען פרעמדקייט!

אָט די פרעמדקייט איז געווען אַ באַרג, אויף וועלכן עס האָבן זיך געזאַמלט איינער נאָכן צווייטן — פאַקטן. און פאַקטן, אַמאָל (איך ווייס נישט ווען... אפשר אַ סך פריער ווי איך האָב געמיינט) — איינער, נאָכדעם — אַ צווייטער און אַ דריטער און אַ צענטער: פאַקטן פון פרעמדקייט, פון אַבסאָלוטער אומאָפּהענגיקייט צווישן זיך — פאַקטן האָבן זיך געזאַמלט, אָנגעזאַמלט און עס איז אויסגעוואַקסן אַ וואַנט, דורך וועלכער אונזער צובונד האָט זיך שוין נישט געקאָנט דורכבאַקומען: דאָס לעבן, די אָנגעזאַמלטע פאַקטן האָבן זיך אַרויסגעוויזן שטאַרקער...

אָט די פאַקטן, לייענער, וועל איך איינעם נאָכן אַנדערן באַווייזן — ווידער אָן דעם צומיש פון פאַנטאַזיע — אַזוי ווי זיי זענען אויס אין מיין געדעכעניש.

אין אַלעקסאַנדראָווסק זומער 1918, נאָך דעם, ווי די שטאָט איז באַזעצט געוואָרן דורך די עסטרייכער און עס איז אָנגעקומען די עפּאָכע פון סקאָראָפּאַדסקיס „סאַמאָסטייניער אוקראַיִנע“ — האָבן מיר געוווינט אויף פאַרשיידענע דירות אין פאַרשיידענע עקן פון שטאָט.

איך וויל תיכף דאָ אַוועקשטעלן די „נקודות אויף די אותיות“. יעדן קלאָרן קאָפּ מוז זיך דאָ לייגן אויפן שכל, אַז איך האָב געדאַרפט האָבן אַ באַזונדערע דירה צוליב מיין „פרייהייט“, כדי צו לעבן אומגעשטערט און געניסן די פריהיות פון מיין דערפאָלג ביי מענער און... ווייבער?

ניין, לייענער!

איך האָב עהרלעך דערציילט וועגן בריוו נאָך „האַמלעט“ און נישט באַהאַלטן, אַז אין מיין אומגאַנג איז אַריין אַ פרויענוועזן.

און דאָס איז געווען אַ פאַמיליע, ווו איך בין געוואָרן אויפגענומען און ווו איך האָב געפונען מיין היים... דאָס האָט געדויערט מער ווי צוויי יאָר. און נישט נאָר איך בעצמי! אַלע, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו מיר, איז געוואָרן אין דער פאַמיליע אויפגענומען מיט ברייטע אָרעמס. איז געקומען אַ קרובה צו גאַסט, האָט זי לאַנגע וואָכן געוווינט אין אָט דער פאַמיליע. דער „פאָטער פאַמיליע“ האָט אַלע יאָרן געהאַט צו מיר און צו אַלע, וואָס מיט מיר איז געווען פאַרבונדן, די זעלביקע באַציִונג, ווי זיין פרוי.

אין דער פאַמיליע זענען געווען צוויי טעכטער: אַ 14־יאָריקע און אַ 7־יאָריקע. די עלטערע איז געווען ענלעך צום פאָטער, די קליינע האָט געהאַט בלאָנדע געקרייזלטע האָר, בלויע אויגן און האָט דערמאָנט ראַפאַעלס מלאך פון דער „מאַדאָננאַ סיקסטאַ“. זי איז געשטאָרבן פון אַ קינדער־קראַנקהייט, און איך בין עטלעכע וואָכן נישט אָפּגעטראָטן פון דער פאַרטרויערטער מוטער. איינמאָל, זיצנדיק מיט איר אין יענע טרויער־טעג און רעדנדיק וועגן ביידע מיידלעך, האָב איך באַמערקט, אַז די עלטערע איז ענלעך אויפן פאָטער און די יינגערע איז נישט געווען ענלעך — „אויף קיינעם נישט“. מאַריאַ פעדאָראָוונאַ האָט אַ שמייכל געטאָן:

— ווי אַזוי קאָן עס אַ מענטש אויף „קיינעם“ נישט זיין ענלעך! איר רעדט נאַרישקייטן! לילינקאַ איז אויך ענלעך געווען אויף איר פאָטער!

מיין אַננאַ נאַטאַנאָוונאַ האָט זיך אין דער פאַמיליע אויך געפילט ווי „גאָט אין אָדעס“. קיין שאלות האָט זי מיר נישט געשטעלט אַזוי גוט ווי איך האָב זי געלאָזט צורו מיט מיין יענעם „פינטל“, אויף וועלכן זי איז מיר שולדיק געווען אַן ענטפער און דעם חוב נישט געצאָלט.

האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה: „עסטרייכער“...

עס איז פון שטענדיק געווען אַן „אָפּן הויז“: געסט, אויפנאַמען, אימפּראָוויזירטע קאָנצערטן... דערביי קיין שפור פון קאָרטנשפּיל! (איך וואָלט אַנטלאָפן ביים ערשטן פאַל). זענען אויף דער צווייטער וואָך געווען פאַרבעטן צו מיטאָג דריי אָפיצערן.

איך געדענק ווי היינט, ווי אַ הויכער שלאַנקער מאַן אין אַ פענכנע אין אַ שוואַרצן קורצן מונדיר מיט גאָלדענע שליפעס און אַ קרומער ווייסער זעבל מיט זיידענע ווייסע פרענדזן שטרעקט מיר אויס די האַנט און איך דערהער: „דוואָרזשאַק יעסטעם“... אַז „יעסטעם“ איז פויליש האָב איך דאַן נישט געוווּסט, צי עס איז אויף טשעכיש, צי סערביש — ווייס איך עד היום נישט, אָבער איבערראַשט האָט מיך: „ד וו אָ ר ז ש אַ ק“ — דער נאָמען פון באַקאַנטן קאָמפּאָזיטאָר. אויף מיין פראַגע האָב איך דערהערט, אַז דער קאַפּיטאַן איז אַ קוזען. פון „מלחמה“ איז שוין, פאַרשטייט זיך, פאַרשוווּנדן יעדער שפור.

עס פלעגן שפּעטער קומען 4 אָפיצערן און אויסער דוואָרזשאַקן געדענק איך — צוויי פון זיי: אַ מאַיאָר, צו וועלכן די איבעריקע דריי האָבן זיך

פֿאַרהאַלטן מיט קענטיקן אָפּשיי — משמעות — צוליב מיליטערישער סובאָרדינאַציע, און אַ קאַפּיטאַן.

דער קאַפּיטאַן האָט געהייסן — ראַטנער (ווי ווייט איך האָב קיין טעות נישט) און האָט אונדז אַלעמען אימפּאָנירט אין אַן אומפֿאַרגלייכלעך־גרעסערער מאָס ווי יענע דריי. געווען איז ער אַ ייִד — פֿון באָסניע. אַז אין באָסניע געפֿינען זיך צענטערס פֿון ייִדישער קולטור — חסידישער, משכּילישער און וועלטלעכער — האָב איך דאַן נישט געהאַט קיין אַנונג — אַזוי גוט ווי איך האָב קיין באַגריף נישט געהאַט וועגן אַזאַ מין קולטור — אין ווילנע...

איך קאָן היינט ביי מיין בעסטן ווילן נישט זאָגן — וויאַזוי איך האָב זיך דערוווּסט, אַז קאַפּיטאַן ראַטנער איז אַ ייִד. די טעמע — „ייִד — נישט־ייִד“ איז נישט געווען קיין טעמע אין אומקרייז פֿון אונדזערע מענטשן. אין דעם הויז, וועלכן מיר שילדערן דאָ, איז די דאָזיקע טעמע געווען אַ „קיצלדיקע“. ווייל דער באַלעבאָס איז געווען אַ ייִד, וועלכער האָט זיך מיט אַ יאָר 20 צוריק געטויפֿט (אָנצוקומען אין אוניווערסיטעט אָדער חתונה צו האָבן מיט מאַריאַ פֿעדאָראָוונאַ?). מיר פֿלעגן אין דעם הויז „אָפּריכטן סדרים“ של פּסח און מאַריאַ פֿעדאָראָוונאַ פֿלעגט מאַכן קניידלעך, אַז מיין באָבע האָדע־מיכלע האָט זיך געמעגט ביי איר לערנען... מיין „ייִדישער מהות“ איז אָפּט אין אינטימע שמועסן געווען די טעמע פֿון לאַנגע ווינטער־אָוונטן (בפֿרט בעת דעם פּעריאָד, ווען מען פֿלעגט זיצן פֿאַרשפּאַרט פֿון 5 דעם זייגער אָן). אָבער מיט די עסטרייכישע אָפֿיצערן האָט מען אויף דער טעמע קיין געשפּרעכן נישט געפֿירט.

מאַריאַ פֿעדאָראָוונאַ איז געווען אַ גרויסמייסטערין פֿון דעם, וואָס מען רופֿט: „לייכטער פֿלירט“... קיין טאַשן־וואָג האָט זי מיט זיך נישט געטראָגן און אַז אירע פֿלירטן זענען תּמיד געווען פֿון דער זעלביקער לייכטקייט, קאָן איך נישט גאַראַנטירן. אַז איך האָב איר איינמאָל אויפֿמערקזאַם געמאַכט, אַז מיר געפֿעלט נישט ווי אַזוי מיין קאָלעגע גורקאָ פֿאַרהאַלט זיך מיט איר, האָט זי מיר קורץ און שאַרף געמאָלדן בזה הלשון:

— אַרקאַדי וויעניאַמינאָוויטש! ווי אַזוי איך באַצי זיך צו אייך, האָט איר גענוג באַוויזן אָן מיינע פֿאַרזיכערונגען. און די באַציִונג צו אייך — סיי מיין פּערזענלעכע, סיי אונדזער אַלעמענס ביי מיר אין הויז — קאָן זיך נישט און וועט זיך נישט ענדערן... ווען איר זאָלט אפֿילו גנבֿענען יאָסיפֿס גאָלדענעם כראָנאָמעטער אָדער פֿאַרפֿירן מיין 14־יאָריקע טאָכטער („ביידע זאַכן זענען אין אַ גלייכער מאָס אומוואַרשיינלעך“ — האָט זי צוגעגעבן

מיט אַ געלעכטער) — איר זענט אַ מאַרמאָר־זייל אין אונדזער לעבן און אומגאַנג, אָבער אויב אייך געפעלט עפּעס נישט ביי אונדז — איך בין אַ טייל פון „אונדז" — האָט איר איין ברירה: זיך צוריקציען! צונעמען ביי מיר איין פאָדעם פון מיין פרייען ווילן דערלויב איך קיינעם נישט און וועל קיין אויסנאַם נישט מאַכן א פּ י ל ו פאַר אייך, מיין בעסטער און פּרעכטיקער... „פּרינץ, וואָס קריגט פּעטש" און פאַרדינט גאָלדענע לאָרבערן... מכּוח גירקא לאָזט אייך זאָגן, אַז איר זענט אַ שוטה, אַזאַ ווי אַלע מענער אָן אויסנאַם, ווען זיי ווערן אייפערזיכטיק.

קלאָר, אַז מיט די עסטרייכער האָט זי זיך געפילט ווי אַ פיש אין וואַסער... און אַז איך האָב איר איינמאָל אויפגעשטעלט די האַרבע שאלה: וועלכער פון די אַלע 4 איז איר אַמליבסטן און אַמנאָענטסטן, האָט זי נישט טראַכטנדיק געענטפערט: „דער, וואָס שטייט נאָענט און האָט מער איניציאַטיוו".

אַננאַ נאַטאַנאָוונאַ פלעגט אין אירע פרייע אָוונטן פאַרברענגען מיט אונדז אַליינען. זי האָט גערעדט אַ פּרעכטיקן רייטש. זי איז געווען אַ פּריִענוועזן פון אומבאַשרייבלעכן שאַרם אין איינעם פון אוקראַיִנישן שטעטל איז זי פאַר די לעבנסלוסטיקע ווינער — יעדער עסטרייכער איז דאָך געווען אַ ווינער, און וועלכער אָפיצער איז נישט געווען קיין „באָן־וויוואַן"? — געווען, פאַרשטייט זיך, אַן אָביעקט פון אָפּן־אויסגעשפּראָכענער פאַרערונג.

און איך געדענק, אַז מיר איז אויסגעקומען — טאַקע לויט דער אויסגעהערטער עצה — זיך אָפּצוטראָגן, בעת איך האָב איינמאָל געפונען דריי אָפיצערן — ראַטנער איז נ י ש ט געווען — און 2 פרעמדע דאַמען, מיט מאַריאַ פעאָדאָראָוונאַ, אַ דריטע — אין אַ דערוואַרעמטן צושטאַנד מיט אָנגעפילטע באָקאַלן און אויסגעליידיקטע פלעשער... די חברה האָט מיך געטראָפן מיט לוסטיקע באַגריסונגען און פאָרגעלייגט אַ כוס. אָבער מאַריאַ פעדאָראָוונאַ האָט לאַכנדיק געמאָלדן: „מאָרעווסקי טרינקט נאָר — 4 כוסות צום סדר און אויסנאַמסווייזע פאַר מיר אַ באָקאַל אויף פּאַסכאַ, אויף כריסטוס־געבורט און ניי־יאָר־נאַכט... פון אַ פאָרציע „דאַמע" וואָלט ער זיך באַשטימט נישט אָפּגעזאָגט. אָבער אַזוי ווי קיין פרעמדע איז דאָ נישטאָ און די געסט וועלן פון זייערע דריי נישט אָפּטרעטן, וועט איך זיך מיט אייך, אַז ער וועט באַלד אַנטלויפן...

מיך האָט אָנגעהויבן שאָקירן דער מאַיאָר! זיינע שמאַלציקע בליקן, זיין שלעכט־באַהאַלטענע אומצופרידנקייט, ווען ער פלעגט דערזען אַ צווייטן

מאַנספּאַרשוין אַריינקומען בעת ער זיצט מיט אַ דאַמע. ער האָט — אַזוי האָט זיך מיר אויסגעוויזן — אָנגעהויבן וועגן פּרעד...

איך האָב געמאָלדן מאַריאַ פּיִאָדאָראָוונאַ, אַז מיט אים צוזאַמען וועל איך זיך אין הויז נישט מעלדן, און איך בעט זי זאָרגן, אַז ער זאָל נישט האָבן די געלעגנהייט צו „מאַכן דעם הויף", — פּשוט: צו פאַרפירן אַ פלירט — מיט אַננאַ נאַטאַנאָוונאַ.

— ווידער אַ מוסטער פון שטות אויפן באָדן פון אייפערזוכט — האָב איך דערהערט: איז, ערשטנס, נעם איך אויף זיך אַבסאָלוט נישט די מיסיע אָפּצוהיטן אייער פרוים טרייקייט צו אייך גאָכדעם ווי אייער טרייקייט צו איר איז מיר נישט געלונגען אָפּצוהיטן, צווייטנס, איז עס אַן אומדאַנקבאַרע אויפגאַבע אָנצווייזן אַננאַ נאַטאַנאָוונאַן מיט וועמען זי זאָל פאַרפירן אַ פלירט און פון וועמען זי זאָל וויכן...

— דער מאַיאָר איז אַ פריוואָלער, אויסגעלאַסענער ווייבערניק — אָן גייסט, אָן האַרץ און אָן אינהאַלט. אין מיר רעדט דאַ נישט די מענערישע אייפערזוכט, נאָר די זאָרג פון איר גאָענטסטן מענטשן, וואָס מוז זי אָפּהיטן פון קלעפּיקן שמוץ, פון באַנאַליטעט, פון לייכטזין און אומזין.

— דאָ זענט איר אפשר גערעכט. אָבער איך פאַרזיכער אייך, אַז אַננאַ נאַטאַנאָוונאַ האָט אין נאָגל מער געפיל פון פרויענווירדע און מער פאַרשטענדעניש פאַר דעם, וואָס זי דאַרף אָפּשטויסן און צו וואָס זי קאָן זיך דערנעענטערן, ווי מיר ביידע האָבן צוזאַמען אין קאָפּ... איך האָב אָבסערווירט ווי אַזוי זי פאַרהאַלט זיך מיט יעדן פון זיי און בין פשוט באַצויבערט פון איר טאַקט. איך פאַרזיכער אייך, אַז דער מאַיאָר וועט דער העלד פון איר ראָמאַן נישט ווערן... אויב דאָס שרעקט אייך, קאָנט איר שלאָפן רואיק.

בין איך געשלאָפן רואיק און אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן מאַיאָר און וועגן דער „סכנה", וואָס קאָן דראָען פון אים מיין פרוי, אָבער צו די פאַקטן, וואָס האָבן זיך געזאַמלט אין גאַנג פון חדשים און יאָרן צווישן אונדז און פאַרגרעסערט און באַפעסטיקט אונדזער פרעמדקייט, זענען אין משך פון יענע זומערוואָכן צוגעקומען טעג, אָוונטן, שעהן, וואָס האָבן געווירקט אויף מיר ווי פלאַסטן אייז אויף מיין אויסגעלייזדיקטן געמיט און פאַרצווייפלט האַרץ...

דער קאַפּיטאַן ראַטנער (איך זאָג נאָך אַמאָל : מעגלעך, אַז איך רוף האָ אָן אַ פאַלשן נאָמען, אפשר גאָר: „וואַלטער"?) איז עטלעכע מאָל געווען ביי אונדז אין דער היים... דאָ ווו מיר האָבן פריער געוווינט צוזאַמען.

איך האָב מיט אים פֿאַרבראַכט נישט איין שעה און שמועסן וועגן קינסט... ער האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר אַ מענטשן מיט ערודיציע. מיר האָט אימפּאָנירט די געשטאַלט פֿון אַ יידן אין אָפֿיציערישן מונדיר, בײַ וועלכן איך האָב מיך אָנגעשטויסן אין אויפֿריכטיקן פּאַטריאָטיזם און עסטרייכישן אָפֿיציר פּאַראַלעל צו טיפֿן יידישן באַוווּסטזײַן... איך וואָלט זיך צו אים צוגעבונדן מיט מײַן גאַנצער היציקייט... איז אָבער פֿאָרגעקומען אַנדערש! דאָס אַלטע פֿראַנצויזישע וואָרט: „די פֿריינד פֿון אונדזערע פֿריינד, זענען אונדזערע פֿריינד“ — האָט זיך אין דעם פֿאַל געלאָזט פֿילן און אַן איבערגעקערטער שפּיל. דער קאַפּיטאַן האָט אָנגעהויבן אַרויסווײַזן לגבי מיר סימנים פֿון פ ר ע מ ד ק י י ט, און געוויסן אומוויל.

איך האָב זיך איינמאָל דערמאָנט אין זאַסלאַווסקיס עפּילעפּסיע־שפּיל... איך האָב מיך אויפֿן אַספֿאַלט מיטן קאָפּ, חלילה, נישט געשלאָגן, אָבער נאָך איין צעשטערטער מזבח איז אויף מײַנע וועגן געלעגן, הגם איך האָב מיך נישט געפֿילט באַרעכטיקט צו האָבן צו עמעצן פּרעטענזיעס: אַלץ — כּדרך הטבע.

אין אָנהייב פֿון דעם אָפּשניט וועגן מײַן „לעבן אָן לעבנסרעכט“, אין ערשטן פֿון אָט די קאַפּיטלען, האָב איך דעם לייענער דערציילט ווי גרויס עס איז געווען אויף מיר דער איינפֿלוס פֿון מ ו ז י ק. וואָס פֿאַר אַ ווירקונג עס האָט אויף מיר געהאַט, בעת מײַנע ערשטע געשפּרעכן מיט מײַן ערשטן דירעקטאָר, דער סימפֿאָנישער אָרקעסטער אין מאַיאָרנהאָף אויפֿן ברעג פֿון באַלטיק.

איך האָב זיך געהאַט אָפּגעשטעלט אויף דעם. ווי אַזוי די קלאַנגען פֿון ערשטן שפּאַנישן טאַנגאָ האָבן אין מײַנע איבערלעבונגען פֿון ערב דער וועלט־מלחמה אָפּגערופֿט די טראַגעדיע פֿון דער פֿאַרזינקענער „טיטאַניק“...

די דרײַ יאָר אין אַלעקסאַנדראָווסק זענען פֿאַר מיר פֿאַרבונדן מיט די איבערלעבונגען פֿון אַנדרעיעווס „דער, וואָס קריגט די פּעטש“ און די מוזיקאַלישע מאָטיוון, וואָס האָבן באַגלייט די פֿאָרשטעלונג. און דאָ קלינגען ווידער די אַקאָרדן פֿון יענעם טאַנגאָ אין דעם וווּנדערבאַרן וואַלס, וועלכן עס האָט באַשאַפֿן בעקטאַשעוו.

נאָך די פֿאָרשטעלונגען פֿון קלאַראַ יאָנג און דעם מאָטיוו פֿון „דזשיי־קעלע בלאָפֿער“ בײַ די אַלע געשעענישן, וואָס פֿילן אָן אָט דעם „סוף פֿון די יאָרן“, בײַם צושטאַנד פֿון „אויסגעפּאָמפּטן געמיט“, וועלכן איך האָב שוין באַשריבן גענוג ברייט, האָב איך געלעבט און געאָטעמט מיט אָט די

עטלעכע מעלאָדיעס און צווישן די לעבעדיקע מענטשן אַרום מיר האָב איך געהאַט אַזאַ ליבע און נאָענטע געשטאַלט ווי דער מחבר פון צאַרטן וואַלס. מיר פלעגן זיך שרייבן בריוו, ער פלעגט ענטפערן נישט פּינקטלעך, אָבער דער קאָנטאַקט צווישן אונדז האָט אָנגעהאַלטן אין דער פולער מאָס. אָבער עס איז געווען, משמעות, אַ פעריאָד פון צעשטערונג אויף מיין לעבנסוועג! און אַוועקפירן פון אוקראַינע אין האַרצן בעקטאַשעוון איז מיר אויך געווען — נישט באַשערט!

— הערט אַ מעשה —

# XVII. דער גריך און די שיך

מיין אישיאַס האָט מיך נישט אויפֿגעהערט צו מאַטערן. הגם נישט אַזוי שאַרף ווי מיט אַ יאָר־אָנדערהאַלבן צוריק, אָבער — געמאַטערט. און בעת איך האָב אָנגעהויבן זיך קלייבן קיין ווילנע (דאָס איז געוואָרן מעגלעך, ווייל דער גאַנצער שטח פֿון דניעפּר ביז דער ווילִיע איז געווען באַזעצט דורכן דייטשן מיליטער) האָבן אַלע אַרום מיך אָנגעהויבן צורעדן, אַז איך זאָל פֿאָרן קיין אָדעס אויפֿן לימאַן אויסקורירן זיך ראַדיקאַל. מען פֿאָרט פֿון דער גאַנצער וועלט געניסן פֿון דער לימאַנער „בלאָטע“, און דאָ איז אַ 12 — 15 שעה רייזע!

באַשלאָסן פֿאָרן קיין אָדעס. פֿון ווילנע האָב איך צו דער צייט שוין געהאַט בריוו, און מיין פֿריינד פֿון די קינדער־יאָרן — איידל פֿרענקעל, די עלטסטע טאָכטער פֿון דער „מומע גאַליע“, נאַדיאַ יעווניגאַס שוועסטער — האָט מיר צוגעשיקט אַ סכום מזומנים צו פֿאָרן אויפֿן לימאַן. פֿון בעקטאַשעוון איז אָנגעקומען אַ ברייטהאַרציקער „ברוך הבא“, און איך האָב זיך געלאָזט קיין אָדעס.

אָדעס איז פֿאַר מיר געווען און פֿאַרבליבן דאָס אָרט פֿון מיין ערשטן יוגנטלעכן אויפֿשוונג. די שוואַרצע כמאַרעס פֿון פּאָגראָם, די ווייטיקן פֿון דער אַנטוישונג זענען מיט די יאָרן פֿאַרשוונדן. איצט אין 1918 האָבן מיר די גאַסן און בולוואַרן דערמאָנט גאַנץ אַנדערע מאָטיוון: איך האָב געטראַכט וועגן מיין... „מילאַן“ און געמאָסטן דעם מהלך פֿון מילאַן ביז אַלעקסאַנדראָווסק און געטראַכט וועגן די פּאַלמען אין איטאַליע און די ווילדגראָזן אַרום מיר און די וויסטענישן אין מיר, און איצט האָב איך איבערגעלעבט אַזאַ מין „פּאָפּורי“ פֿון אַלע מיינע פֿריערדיקע איינדרוקן, האָפֿענונגען און אַנטוישונגען אונטער אָט די הימלען. איך פֿלעג אָפּזיצן שעהן אויפֿן לאַנזשעראָן און פֿילן כמו פֿון ביידע זייטן זיצט גאַפּענקאָ... אָבער גייע און זייער באַדייטונגספֿולע טעג און אָוונטן האָט מיר דאָס מאָל

געבראַכט די דערנעענטערונג מיטן ליבלינג פֿון אָדעסער טעאַטער־עולם, דעם זייער טאַלאַנטירטן שוישפּילער כ אַ ר ל אַ מ אָ וו, וועלכער איז אָנערקענט געווען פֿאַרן בעסטן אויספֿירער פֿון „ד ע ר ן“ (מיט אַ באַווערנונג, אַז פּיעווצאָוון אין מאָסקווע האָט מען געהאַלטן פֿאַר — „נישט איבערגעשטיגן“).

באַקענט מיט כאַרלאַמאָוון האָט מיך די שוישפּילערין פּעאָדאָראָוואַ, מיט וועלכער איך האָב צוזאַמען געאַרבעט אין יעקאַטערינאָסלאַוו ביי ביעליאַיעוון, וווּ זי האָט געשפּילט אַ ריי אָנגעזעענע ראָלן, ווי „אַקאָסטאַס מוטער“, די „קעניגין“ אין „האַמלעט“, „יאָקאַסטאַ“ אין „עדיפּוס“ א. א.

מיט כאַרלאַמאָוון האָבן מיר עטלעכע טעג און נעכט ביז פֿאַרטאָג פֿאַרבראַכט אין שמועסן וועגן אַנדרעיעווס פּיעסע און דער געשטאַלט פֿון „דער“... איך האָב דערביי איבערגעלעבט מינוטן פֿון טיפֿער צופֿרידנקייט צוליב דעם, וואָס אַזאַ גרויסער אַקטיאָר, האָבנדיק אָפּגעשפּילט „דערן“ שוין אַ סך צענדליקער פֿאָרשטעלונגען, האָט מיר געזאָגט, אַז אונדזערע שמועסן האָבן אים „געעפֿנט די אויגן“ אויף אַ ריי פּרטים, וועלכע האָבן אָן ספֿק אַ דעצידירנדיקע באַדייטונג אין דער באַלויכטונג פֿון דער געשטאַלט... און איינמאָל, נאָך אַ נאַכט, וואָס איז אויסגעפֿילט געווען מיט מאָנאָלאָגן און פֿראַגמענטן פֿונעם ווערק, האָט ער מיך אויפֿגעוועקט פֿון זיסן דרימל מיט אַן אויסרוף: „איך דאַנק פֿונדעסטוועגן גאָט, מאָרעווסקי, וואָס איך האָב אייך געטראָפֿן און אויסגעהערט אייערע טיראַדעס וועגן „דערן“ — נישט פֿריער... איך וואָלט זיך נישט באַשלאָסן צו שפּילן די ראָל מיט מיין אויסערלעכקייט!“

די אָפּנהאַרציקייט פֿונעם אַרטיסט, וועלכער האָט אין דער ראָל ד ע ר ש י ט ע ר ט, האָט מיך אַריינגעפֿירט אין אַ שטימונג פֿון טיפֿער דערשלאָגנקייט... איך האָב עפּעס געפּרוווט אַנטוויקלען אַ „טעאָריע“ וועגן דעם, אַז אין קונסט באַשליסן נישט די פֿאַקטאָרן פֿון שכל הישר און פֿון הויכן וווּקס, אָבער ער האָט מיך אָפּגעהאַקט, אויסרופֿנדיק מיט אַ דאָזע נישט־באַהאַלטענער פֿאַרביטערונג:

— אַלץ שיין און פֿיין און ריכטיק ווי גאָלד, אָבער בעסער דאָס אַלץ וויסן און פֿריידיקן, האָבנדיק אַ געהעריקן וווּקס און פּנים איידער זיך טרייסטן דערמיט...

ער איז נאָך געקומען אויף מיין קאָנצערט, וואָס איך האָב געהאַט געגעבן פֿאַר אַן אוידיטאָריע פֿון עטלעכע הונדערט פֿאַרווונדעטע קריגס־העלדן אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל. ער האָט מיר נאָכן קאָנצערט געזאָגט

עטלעכע וואַרעמע ווערטער אין דעם זין, אַז איך האָב פּאַקטיש אים אויך נישט אַנטוישט... און מער האָב איך אים נישט געזען. די אויסזיכטן אויף אַרבעט אין אָדעס אויפן ווינטער־סעזאָן, וועגן וועלכע פּעאָדאָראָוואַ האָט מיר געמאָלדן נאָך מיין ערשטן באַזוך ביי כאַרלאַמאָוו, זענען צערונען געוואָרן...

דער עפּיזאָד „כאַרלאַמאָוו“ איז געווען מיין לעצטע בלאַט אין באַנד וועגן רוסיש טעאַטער... איך האָב דערנאָך געשפּילט אין אַלעקסאַנדראָווסק איין ספּעקטאַקל, וואָס האָט מיר פאַרשאַפט אַ טיפן שעפערישן גענוס, אָבער דאָס איז שוין געווען אַ „שוואַנענליד“: דער באַנד וועגן רוסישער קונסט איז שוין פאַרענדיקט. דער אַלטאַר, אויף וועלכן איך האָב פאַרברענגט מיין מוטערס לעצטע צוויי לעבנסיאָרן, איז געלעגן אַ צעשאָטענער און מיין ווייטערדיקן וועג האָב איך געזאָלט אָנהייבן, טרעטנדיק איבער די ווערטן און אידעאַלן, וואָס זענען געוואָרן אַש און שטויב.

און, אַרומשפּאַצירנדיק איבער די בולוואַרן, האָב איך רק אָפּטער און רק מערער געטראַכט וועגן דעם, אַז אָט דאָ האָב איך מיך אַמאָל באַקענט מיט אסתר רחל קאַמינסקאַ...

אויף די האָריזאָנטן פון די פאַרגאַנגענע יאָרן האָבן אָנגעהויבן אויסוואַקסן און מיך אַלץ מער פאַסצינירן — די געשטאַלטן פון יידישע אַרטיסטן. אין 1905 יאָר האָב איך נאָך אַ פאָרשטעלונג פון „מירעלע אפרת“ — אויך אויף די ברעטער פון דאָליגאָווס „רוסקי טעאַטער“ — ווי איך האָב געמאַכט מיינע ערשטע שריט — זיך באַקענט מיט אסתר־רחלען. איך וואָלט גרייט געווען צו באַהויפּטן, אַז דאָס איז געווען נישט אין 1905, נייערט אין 1913. אָבער אין האָטעל (אויפן פּלאַץ וויז־אַ־ווי פון טעאַטער) זענען אויפן טיש געזעסן צוויי מיידעלעך... עופּהלעך פון אַ יאָר 4 און 6 אָדער 7. דאָס זענען אָן ספק געווען רעגינע און אידאַ. היות מיר שרייבן נישט קיין פּאָעטישע „היסטאָריע פון טעאַטער“, נייערט אייגענע זכרונות וועגן געשעענישן, וועלכע מיר האָבן בעינים געהאַט געזען, זאָל דאָ געבראַכט ווערן אַ פּרט, וואָס מוז אויסשליסן די השערה, אַז דאָס איז געווען שפּעטער ווי אין 1905: דאָס קלענערע עופּהלע האָט באַשאַפן אַ נויטווענדיקייט, אַז די „יידישע דוזע“ זאָל איבעררייסן דאָס געשפּרעך וועגן דערהויבענע ענינים, וואָס מיר האָבן בלי ספק געפירט, און זיך פאַרנעמען מיטן מיט טיש און מיט דער 5־יאָריקער טאָכטער, וועלכע האָט אומגעריכט פאַרוואַנדלט די יבשה אין אַ טייך.

איך מוז זאָגן, אַז אָט די סצענע איז מיר פאַרבליבן איינגעשניטן אין

זכרון און געמיט נישט ווייניקער, ווי דער סעפּקטאַקל מיט אַ טאָג, צוויי פריער...

און נאָך אַ פּרט: אַז קאַמינסקאַיאַ איז אַוועקגעפאָרן (איך געדענק נישט ווהין, איך געדענקט דעם פּעראָן אין אָוונטליכט) בין איך געקומען צום צוג מיט אַ גרויסן בוקעט פרישע רויטע רויזן... איך האָב לאַנג אַרומגעזוכט דעם וואַגאָן מיט דער אַרטיסטין און זי נישט געפונען. גייענדיק אַז אַנטוישטער צוריק אין דער איבערצייגונג, אַז זי פאָרט נישט, האָב איך דערהערט: „הער מאַרעווסקי!" און צו מיין איבעראַשונג און פאַרדראָס דערזען די גרויסע קינסטלערין אין פענצטער פון דריטן קלאַס... איך האָב ז י אַרומגעזוכט אין צווייטן און, נישט געפינענדיק, אַוועק זוכן — אין ע ר ש ט ן: עס איז דאָך — „ד ו ז ע"... געוואָלד געשריגן: דוזע פאָרט אין דריטן קלאַס!!

איך בין געבליבן שטיין פאַרן פענצטער ווי אַ געליימטער.

— וועמען באַגלייט איר עס מיט אַזאַ פּרעכטיקן בוקעט? איך בין ממש אייפערזיכטיק —זאָגט קאַמינסקאַיאַ מיט אַ צוויבעדהאַפטן שמייכל, צו וועלכן קיין גלייכן האָב איך, ווי מיר האָט זיך באַוויזן, קיינמאָל נאָך נישט געזען...

— אייך, מאַדאַם קאַמינסקאַיאַ!

— טאָ פאַרוואָס אַזוי שפּעט? עס איז שוין געווען דער ערשטער קלינגל!

— איך האָב אייך געזוכט אין ערשטן און צווייטן קלאַס — האָב איך פאַרשעמט אַרויסגעמורמלט.

זי איז אַרויס פון וואַגאָן. איך האָב איר דערלאַנגט דעם בוקעט. אַ מינוט פאַרלעגנהייט. זי האָט מיר אויסגעשטרעקט די האַנט. מיר האָט זיך באַוויזן, אַז זי איז אויפריכטיק גערירט און איך האָב אין טיפער אויפרעגונג אַ קוש געטאָן איר האַנט. עס האָט אָפּגעקלונגען דער צווייטער קלונג. זי האָט זיך אַ ריס געטאָן צום טרעפּל פון וואַגאָן, און אומגעריכט זיך אומגעדרייט אין מיין זייט.

— עס איז פון אייער זייט באמת אַ מין שריט פון אַלטן ריטערטום... ווייסט איר וואָס: איר זענט נישט צו יונג, איך נישט אַזוי אַלט. און קאָלעגן זענען מיר אויך. איך מיין, אַז מיר דאַרפן און קאָנען זיך צום אָפּשייד צעקושן.

*        *

*

לייענער! אין קורצע וואָכן אַרום האָב איך אָנגעהויבן פון דער בינע רעדן דאָס לשון פון מיין מאַמען. ביז יענער געשעעניש האָב איך נאָך עפּעס צו דערציילן — פון חיזוק און פון זיפץ.

אָבער באַהעפט מיט יידישער קונסט האָב איך זיך שוין מיט 13 יאָר צוריק, באַגלייטנדיק אונדזער דוזע... און אין 13 יאָר אַרום האָב איך, אַרומגייענדיק איבער די בולוואַרן, זיך אין דעם דערמאָנט... ניין: נישט — „דערמאָנט", נייערט ד ע ר פ י ל ט, אַז מיט דער פאָרנעמער פרימאַדאָנע דאַרף איך אָנהייבן רעדן דאָס לשון פון מיין מאַמען און אַז מיך בינדט מיט איר אָנדענק, מיט איר וועלט, מיט איר געשטאַלט — נישט דער קדיש אין פּאָליש מיטן „ויצמח פורקני" אָדער אָן דעם „ויצמח פורקני", נייערט די זאַך פון מיין גאַנץ לעבן: ט ע אַ ט ע ר!

אָבער טעאַטער נישט פאַר „פעאָדאָרן", וואָס וויל נישט זיין „פעאָדאָר" און טעאַטער — נישט דורך אַראָנאָוויטשן, וואָס וויל זיין „אַראָנאָוויטש"... טעאַטער פאַר דער מאַסע, וואָס זינגט טשייקאָווסקין, קוקנדיק אויפן וואָגלצוג, טעאַטער פאַרן „יעווריעסקי נאַראָד", אין וועלכן סטעפּאַנאָוו זעט דעם טרעגער פון אייביקן אידעאַליזם אויף די צעוואָרפענע שליאַכן פון זיינע יאָרטויזנטער... ו ו ו א י ז אָ ט ד ע ר צ ו ש ו י ע ר?

דאָס איז נישט געווען קיין פאָרמולירטע פראַגע — דאָס איז געוואָרן אַ צושטאַנד פון געמיט, דאָס איז געווען אַ בליק פון פאַרקימערטן אויג אין אַרום, אין דער צוקונפט אַריין. און די צוקונפט האָט אָנגעהויבן מיט יעדן טאָג, מיט יעדער שעה — וועבן דעם ענטפער... נישט מיטאַמאָל, נישט אויף אַ זילבערנעם טעלערל, נישט פאַרבלענדנדיק מיט מאָמענטן פון זיסלעכער באַפרידיקונג, אָבער דערנענטערנדיק צו יענער שוועל, וועלכע, האָבנדיק אַריבערגעטראָטן, איך האָב זיך געקאָנט זאָגן: „יגעתי — מצאתי!"

לאַנג און שווער איז געווען דער וועג צו יענער שוועל... ווי גרויס און ווי פריידיק אַזוי קורץ איז געווען די שעה פון גליקלעכן באַוווסטזיין... עס האָט אויפגעבליצט און אַוועק צוריק אין די שאָטנס, אין די טיפענישן אָבער מיט ד ע ם צ ו ש ו י ע ר, מיט ד ע ר מ אַ ס ע, אין די טיפענישן פון ד ע ם פ אָ ל ק — האָב איך דערגרייכט צום שפּיץ פון מיין לעבנס־אידעאַל און דערקענט דעם גענוס פון שעפערישן גליק...

אין 1918 יאָר איז אָדעס האָב איך ערשט אָנגעהויבן טרוימען און טראַכטן וועגן האָריזאָנטן, וואָס זיינען געווען „נ יי ע" לגבי דעם אַלעם, וואָס איז אין מיר און אַרום מיר געוואָרן אַלט און אָפּגעלעבט, אָבער גע=

צוייגן האָבן זיך אָט די כלומרשט „נייע“ האָריזאָנטן — צום  אַ ל ט ן  עבר מיינעם: צו דער קינדהייט און צו דער מאַמען... און איר  ק ב ר  איז איצט געוואָרן דער פּונקט פון מיינע שטרעמונגען און באַמיונגען, און אַלץ האָט מיר אויסגעזען ווי אַ רוף —  אַ ה י ן:  קיין ווילנע!

אָבער קיין רוסיש ווילנע איז נישטאָ! פון זשאַנדאַר איז קיין זכר נישט פאַרבליבן! און מיך ציט קיין ווילנע — דער  ב י ת־ע ו ל ם!

איך בין אַרומגעגאַנגען איבער אָדעם פאַרזונקען אין זכרונות וועגן אַמאָל און אויפגערעגט פון טרוימען וועגן — צוקונפט, פון וועלכע איך האָב אפילו נאָך נישט געהאַט פאַר זיך קיין גענויע קאָנטורן.

און מיך האָט געטראָפן אַ שווערער און ביטערער קלאַפּ.

* *
*

ביי בעקטאַשעוון אין זיין היים בין איך געוואָרן אויפגענומען ווי אַ געליבטער ברודער און די איניציאַטיוו האָט געהערט הויפטזעכלעך אירינען. זיין פריערדיקער „שפחה“ און איצט — זיין פרוי און מוטער פון זיין קינד... נישט קיין וווּנדער: קאָנסטאַנטין סערגעיעוויטש איז ביז אַזייגער 3 — 4 געווען פאַרנומען אין זיין קאַנצעלאַריע, און זי האָט געפירט די באַלעבאַטישקייט — מעשה פאַקטישע באַלעבאָסטע. איך האָב זיך פון ערשטן מאָמענט, האָבנדיק אַריבערגעטראָטן זייער שוועל, צו איר באַצייגן ווי צו דער פאַקטישער באַלעבאָסטע, ביי וועלכער איך וועל זיין אַ גאַסט אין משך פון עטלעכע טעג.

גייענדיק איבער דעריבאַסאָווסקער, האָב איך דערזען אַ שטיוולפּוצער און געלאָזט אויספּוצן מיינע שיך. ער האָט עס געמאַכט מיט אַזאַ מערקווירדיקער פּולקאָמענהייט, אַז איך האָב אים פאָרגעלייגט קומען צו מיר אַהיים און נעמען איבערפאַרבן מיינע שיך פון רויט אויף ברוין. ער האָט פאַרשריבן בעקטאַשעווס אַדרעס און צוגעזאָגט קומען מאָרגן אינדערפרי.

— אָבער קום נישט שפּעטער ווי 11, ווייל שפּעטער וועל איך אַוועקגיין און נאָכמיטאָג פאָר איך שוין פון דאָרטן אַוועק.

— איך וועל קומען 9 און 12 וועסטו באַקומען ברוינע שיך. — האָט מיר פאַרזיכערט מיין גריך.

איך האָב זיך אַרומגעדרייט איבערן שטאָט, געקומען אַהיים אַן אויסגעמאַטערטער און באַשלאָסן זיך לייגן שלאָפן, היות אירינאַ האָט געמאָלדן, אַז קאָסטיאַ האָט היינט אַ פאַרזאַמלונג און וועט קומען אַהיים שפּעט.

איך האָב מיט איר אַ ווײַלע געפּלוידערט איבער פאַרשידענע קלייניקייטן און אַוועק צו זיך אין גרויסן צימער.

מיינע שיך האָב איך אויסגעטאָן און געבעטן אירינען זי זאָל זיי צונעמען און אינדערפרי אָפּגעבן דעם גריד, וועלכער דאַרף קומען אַרום 9. זי האָט צוגענומען מיינע שיך, און אינגיכן בין איך איינגעשלאָפן ווי אַ געהרגעטער.

בעקמאַשעוו איז אַהיים געקומען ווייט נאָך האַלבער נאַכט, און אירינאַ איז אויך פעסט איינגעשלאָפן און נישט געהערט זיין קלינגען... איז ער אָפּגעשטאַנען איבער אַ שעה אונטן ביי דער טיר ביז אים האָט געעפנט אַ שכן, וואָס האָט געהאַט אַ שליסל. אַז ער איז אַן אויפגערעגטער אַריינגעלאָפן אין פאָרערצימער און געעפנט אירינעס טיר, האָט ער דערזען ביי איר בעט מיינע שיך...

אַז זי שלאָפט ווי אַ טויטע — איז קיין שום באַווייז נישט!... מען קאָן זיך מאַכן „שלאָפנדיק"... אַז אין ברען פון פאַרטעטערישער תאווה, דערהערנדיק זיין קלונג, וואָלט די פאַרטעטערין געלאָפן „פייל פין בויגן" עפענען די טיר — דאָס האָט ער אויך נישט באַנומען. „קלאָר" איז אים געוואָרן, אַז מיין באַציונג צו איר איז אַ פועל־יוצא פון פלאַמיקער ליידנשאַפט און וואָס דאַרף מען האָבן פאַר נאָך באַווייזן, אַז... ביי איר געלעגער שטייען „ז יי נ ע" (ס'הייסט: מיינע!) — שיך.

באַשרייבן די עטלעכע שעה פון יענער אויגוסט־נאַכט בין איך נישט בכוח און נישט אויפגעלייגט אויפן געגעבענעם עטאַפּ פון אונדזער דערציילונג.

איך פאַרטראָג נישט אין שלאָף קיין ליכט פון אויבן. בעקמאַשעוו האָט עס געוווּסט, און אַז ער האָט אָנגעצונדן דעם לאָמפּ פון הענגענדיקן זשיראַנדאָל און איך האָב זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ קלאַפּ איבערן קאָפּ, האָב איך נאָך האַלב ווי אין שלאָף אויפגענומען, אַז ער איז אין כעס... אין 2 מינוטן (אפשר סעקונדעס?) אַרום האָב איך דערזען: ע ר איז א יי פ ע ר ז י כ ט י ק!

ווייטער האָב איך דערזען: ער איז בלינד! ער איז טויב! ער איז אַן אידיאָט! אַ רונדער אידיאָט!

אָבער זאָגן אים, אַז ער האָט קיין גרונט נישט צו אײפֿערזוכטן וואָלט הייסן אין זיין איבערגעדרייטן מוח, אַז איך בין „אַרײַנגעפֿאַלן אין זאַק“: „פֿון וואַנען נעמט איר, אַז איך בין אײפֿערזיכטיק?“ אַהאַ אויפֿן גנבֿ ברענט דאָס היטל, ניין! איך מוז — „נישט האָבן קיין אַנונג“, אַז ער איז אײפֿערזיכטיק.

ער האָט אויסגעזען ווי אַ געחלשטער. איך בין אַוועק אין אַפּטייק... זיך אַרומגעדרייט אַ שעה. געקומען צוריק. ער איז געזעסן אײַנגעבראָכן דעם קאָפּ אין די פֿויסטן, איך האָב זיך באַמיט ווירקן אויף זײַטיקע סענטימענטן — נישט פֿון אָרט! שנאה! אַן אויסדרוק פֿון פּאַטאָלאָגישן פֿאַראַס צו מײַן אָנוועזנהייט.

מיט די ערשטע שטראַלן פֿון פֿאַרטאָג בין איך אײַנגעשלאָפֿן, זיצנדיק אין פֿאָטעל. איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט. געעפֿנט די אויגן: אין צימער איז קיינער נישטאָ.

איך האָב גענומען פּאַקן מײַנע זאַכן. ער איז אַרײַן אין צימער.

— אירענע מיטן קינד איז אַוועק! אפֿשר — זיך טרינקען? איך ווייס?...

איך בין אַרײַן צו איר. מײַנע שיך זענען געשטאַנען אומגערירט. דער גריך איז נישט געקומען.

פֿאַרפּאַקט מײַן טשעמאָדאַן, בין איך אַרויס אין פֿאָדערצימער און אין טיר, האַלב אויסגעדרייט צו אים געזאָגט:

— דאָ דאַרף קומען אַ גריך נעמען מײַנע שיך. איך האָב אים באַשטעלט. לאָז איך איבער אויפֿן טיש מײַן אַדרעס.

ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט ווילדע אויגן.

— וועלכער גריך? וועלכע שיך?

— איך האָב באַשטעלט אַ שטיוולפּוצער איבערפֿאַרבן מײַנע שיך. געבעטן אירינען ז"ל אָפּגעבן, אַז ער וועט קומען. אָבער ער איז נישט געקומען: די שיך שטייען אין איר צימער.

— אַרקאַשאַ! וואַרט! וווּהין לויפֿסטו?

איך האָב דערזען „מײַן“ בעקטאַשעווס לויכטנדיקן שמייכל: דער קאָשמאַר האָט זיך פֿון אים אָפּגעטאָן.

אַזאַ אופֿן רעאַגירן אויפֿן ווייטיק פֿון אייגענעם האַרצן בין איך שוין נישט פֿעיִק געווען צו פֿאַרגעבן.

נישט גערעדט וועגן דעם, אַז אַזוי צו טראַכטן וועגן מיר האָט פֿאַר מיר געהייסן אין דעם פֿאַל, אַז ער האַלט מיך פֿאַר פֿעיִק צו באַגיין אַ גנבֿה.

די טעמע — „אייפערזוכט“, „פרעמדע פרוי“ — וועט נאָך אַרויסשווימען אין אונזערע לעבנסשטראָמען —

דאָ באַצייכן איך, אַז בעקטאַשעווס חשד קעגן יענע נאַכט האָט פאַרברענט דעם לעצטן פאָדעם פון מיינע פריידן און צעשמעטערט דעם לעצטן שטיין פון מיין פריער געפלאַסטערטן וועג.

איך האָב זיך פון אָדעס — נאָך אַ 6־וואָכיקער געלונגענער קוראַציע — אומגעקערט קיין אַלעקסאַנדראָווסק.

געשפּילט, ווי דערמאָנט, איין ספּעקטאַקל: „די אייזערנע מאַסקע“, אַ פראַנצויזישע מעלאָדראַמע (כ׳געדענק נישט דעם מחבר) אויפן מאָטיוו פון היסטאָרישן פאַקט וועגן לודוויק דעם XV־טנס צווילינג־ברודער, וואָס איז געשילדערט אויך ביי דיומאַסן אין די „דריי מושקעטערן“. די ראָל האָט מיר פאַרשאַפט אַן אָוונט פון שוישפּילערישער פרייד. און דאָס איז געווען דער סוף פון מיין 13־יאָריקן דראַנג אַ ה י ן.

אָנהייב אויגוסט האָב איך זיך געלאָזט — קיין ווילנע: צ ו ר י ק!

„אין סתירות ווערט געבוירן דער אמת“

(אַ רוסיש פֿאָלקס־ווערטל)

„דיאַלעקטיק — דאָס איז דער קאַמף פון סתירות, אין עצם תוכן פון קעגנשטאַנדן“.

וו. אי. לענין

# I. דורכן שטעטיקן דראַט

דער וועג קיין ווילנע דורך גאַנץ אוקראַינע האָט באַגעשטעלט מיט זיך אַזאַ קאַליידאָסקאָפּ פון פאַרשיידענע, קעגנגעשטעלטע איינדרוקן, אַז איצט, קוקנדיק רעטראָספּעקטיוו אויף די פּאָר וואָכן אין דער צווייטער דעקאַדע פון חודש אויגוסט 1918, וועל איך מיך בלית ברירה מוזן באַגרענעצן מיט סומירונגען, מיט אויספירונגען. און דאָס זענען אָן ספק שוין נישט קיין אָביעקטיווע פאַקטן, נייערט אין אַ גרעסערער מאָס — אָפּשאַצונגען פון פאַקטן.

די בילדער און געשעענישן פון אַלטאָג האָבן אין מיר אַרויסגערופן אַ טאָפּלטע און סתירותדיקע רעאַקציע: פון איין זייט, האָב איך געמוזט און אויפנעמען דעם פּראָצעס פון דערוואַכונג אין דער אוקראַאינישער מאַסע, וועלכע האָט זיך אַרויסגעריסן פון אונטערן צאַרישן יאָך; אָבער דער אויסערלעכער אויסדרוק איז געווען אַזאַ, אַז אויך נישט אוקראַאינער מענטשן האָט ער געמוזט ווירקן ווי עפּעס... נישט ערנסטעס, עפּעס פון בכוונהדיקער „פּאָזע“. מיר האָבן אויך קורץ באַמערקט, אַז נאָך אין אַלעקסאַנדראָווסק פלעגט אָפט זיך אָפּדאַכטן, אַז פון טעאַטער האָבן זיך פון אַ פּראָבע אַרויסגעריסן עטלעכע כאָריסטן און אויפן גאַס שפּילן זיך אָפּ סצענעס פון „נאַטאַלקאַ פּאָלטאַווקאַ“ אָדער „אָי, נע כאָדי, הריצי, טאַי נאַ ווטשערניציו!“

דער „לערעניעץ“ אויף דער פּאַטילניצע, דער קרומער שווערד ביי די פיס, דער אויף יעדן שריט הילכנדיקער אויסרוף: „כיי זשיווע!“, אַרויסגעזאָגט מיט אַזעלכע טיפע ברוסט־טענער — דאָס אַלץ זענען געווען יענע אויסדרוקן פון דער אָקאָרשט געבוירענער „סאַמאָסטיינאַ אוקראַינאַ“, וואָס האָבן די לופט אָנגעפילט אַזוי, ווי די ערשטע קוויטשערייען פון אַ ניי־געבוירענעם עופהלע, וואָס איז אַרויס פון דער ענגשאַפט פון דער מאַמעס אינגעווייד און דערפילט די פרייע גרויסע וועלט.

אָבער מענטשן פון נישט אוקראַינישער אָפּשטאַמונג האָבן אָנגעהויבן פילן, אַז אין אוקראַינישן נאַציאָנאַליזם שטעקן נאָדלען און שפּיזן פון פינצטערער רעאַקציע...

דאָ טרעטן מיר אָפּ פון היסטאָרישע באַטראַכטונגען און ווילן דעם לייענער דערציילן וואָס איז פאָרגעקומען מיט אונדזער „העלד“...

איך האָב זיך געפרייט, וואָס די אוקראַינער האָבן דערוואָרבן פרייהייט: מיין פרייד איז געווען אַ געבאָט פון יאָרצענדליקער, אַ פונקט פון דער רוסישער פרייהייטס־באַוועגונג. די רעוואָלוציע האָט געזיגט, דאָ פלאַטערט איינע פון אירע פענער: „פרייע אוקראַינע“, שעווטשענקאָ אָ: קייטן...

אָבער עס האָבן זיך אָנגעהויבן שטערונגען פון גאָר אַן אומגעריכטן ווינקל. פון געברויך זענען פאַרשוווּנדן רוסישע באַצייכענונגען פון באַגריפן, מכשירים, ווערטער און ווערטן, וועלכע מען מוז געברויכן אויף יעדן שריט. „גאָסילשטשיק“, „בילעט“, „קאַלאָשי“, „קאָפּעיקאַ“, „פּיערטשאַטקאַ“, „שנורקי“ — זענען געוואָרן פאַרבאָטענע אויסדרוקן. די „סאַמאָסטייִנאָסט“ האָט פאַראָרדנט, אַז אין דער עפנטלעכקייט זאָל מען געברויכן די אוקראַינישע שפּראַך. יעדער מענטש האָט עס געקאָנט פאַרשטיין, אָבער אַז אויף יעדן שריט האָט מען אָנגעהויבן זיך אָנשטויסן אויף בייזע פּנימער, וועלכע רעאַגירן ברוטאַל אויף דער ווענדונג צו זיי מיט אַ פראַגע — ווו געפינט זיך אַ גאַס; ווען די שנאה צום צאַרישן רעזשים האָט אָנגעהויבן זיך פאַנאַנדערגיסן איבער דער שפּראַך פון פּושקינען און טורגעניעוון; ווען די קאָמישע „כאָריסטן“ זענען געוואָרן די ממשותדיקע דעהזאָגער אין אומגאַנג, האָב איך ביסלעכווייז אָנגעהויבן פאַרלירן מיין גדולה אין פרייד און דערפילט, אַז דאָ איז עפּעס נישט גלאַט מיט דער „פרייהייט“. מיר איז געוואָרן ע נ ג די לופט פון „מאַקראַסטופּיי“. און מיינע אויערן האָבן אָנגעהויבן „וועלקן“ פון אומאויפהערלעכן „כ יי ז ש יו ע!“ און אַז איך האָב אויף אַ מיטינג אין יעקאַטערינאָסלאַוו דערהערט: „ה אָ ל אָ ד ר אַ נ צ י, סאַ אוסיעהאָ סווייטו זביערייטעסאַ דאָ קופּיי!“, און איך האָב אויסגעשריגן אויף מיין פרעכטיקן רוסיש־לשון: „פּראָלעטאַריי ווסיעך סטראַן, סאָיעדיניאַיטעס!“... איז פאָרגעקומען עפּעס אַזוינס, וואָס דערציילן בפרטיות וועל איך נישט. אַז איך בין אַרויס מיט אַ גאַנצן קאָפּ און צוויי גאַנצע פיס איז נאָר אַ צופעליקייט. פאַרבליבן איז מיר אָבער צוויי פּרטים — און ווידער ה י פּ ו כ ד י ק ע, קעגנגעשטעלטע:

אַ סאַמאָפּטייניעץ מיט בלוטיקע אויגן, מיט שוים אויף די ליפּן האָט געקווייטשעט: „ז ש י ד אָ ווּ ס י ק אַ י אַ מ אָ ר ד אַ!" און זיך גע־קליבן צו מאַכן אַ סוף מיט מיר אויפן אָרט — דאָס איז איין פּרט.

אין דער צווייטער פּרט: איך האָב מיט אַלע פּיברען פון האַרצן, מיט אַלע פּעדעם פון געווייסן דערפילט אַ ווייטיק פאַרן צעריסענעם און צע־טראָטענעם ר ו ס ל אַ נ ד...

מיר זענען דורכגעפאָרן קיעוו, מיטן הניפּר געשווימען ביז האָמעל. אין דער ווייט האָט געוואָרפן דער מאַמעס קבר, די בענקשאַפט נאָך ווילנע, די חושים און סענטימענטן פון די קינדער־יאָרן, און אין האַרצן האָט זיך, פאַרנדיק איבער די שטחים פון אוקראַינע, צעזונגען און צעפּלאַקערט — מיין צווייטע מאַמע: ר ו ס ל אַ נ ד!

אַזוי זענען מיר אָנגעקומען קיין מינסק.

* *

*

דער „פאַסירשיין", אַרויסגעגעבן פון די דייטשישע מאַכטאָרגאַנען אין אוקראַינע, איז געווען גילטיק ביז מינסק. דאָ האָט זיך געענדיקט דער געביט פון דער „גייער באַזעצונג" און כדי צו פאָרן ווייטער האָט מען גע־מוזט אַרויסבאַקומען אַ ספּעציעלע דערלויבעניש.

נאָך קורצע שעהן האָב איך זיך אָריענטירט, אַז דער ענין שטעקט אין די הענט פון אַ חברה „ספּעציאַליסטן", וועלכע האָבן אַ צוטריט צו די אַנטשפּרעכנדיקע אַמטן און קאַנצעלאַריעס און האָבן פעסט אָפּגעשניטן יעדן צוטריט אַהין.

דאָס זענען געווען יי ד י ש ע „מאַכערס", און אַז איך האָב זוכה געווען צו פאַרפירן דעם ערשטן קורצן שמועס מיט איינעם פון זיי, האָב איך דערהערט, אַז אָן אַ גרונט, וואָס זאָל זיין איבערצייגנדיק, אַז איך דאַרף זיך אַריינבאַקומען קיין ווילנע — ערשטנס, און אָן אַ באַווייז, אַז איך פיר נישט קיין מאַטעריאַלן פון רעוואָלוציאָנערער אַגיטאַציע — צווייטנס, קאָן איך קיין שאַנסן צו קריגן אַ דערלויבעניש נישט האָבן.

אין פולן בטחון, אַז איך שים ביידע האָזן מיט איין קויל, האָב איך, נישט טראַכטנדיק געמאָלדן, אַז אין ווילנע איז מיט אַ יאָר צוריק גע־שטאָרבן מיין מוטער, זי האָט איבערגעלאָזט אַן אומבאַוועגלעך גוטס, איך בין דער איינציקער יורש...

דער „ספּעציאַליסט“ האָט מיך אויפֿמערקזאַם באַטראַכט, אַ פּאָר מינוט געשוויגן און געמאָלדן, אַז אויב איך וועל אין מינסק נישט געפֿינען קיין פּאַרטיי־געזוואָרטענע עדות, אַז איך זאָג אמת, וועט דער ענין אַוועק קיין ווילנע צו ווערן אויסגעפֿאָרשט און באַשטעטיקט. דאָס וועט דויערן ביז אַ צוויי וואָכן. און אויב די תּשובֿה וועט אָנקומען אַ גינסטיקע, וועט די מאַכט וואַרשיינלעך דערלויבן צו פֿאָרן, אויב דאָ וועל איך קריגן צוויי גאַראַנטן, וועלכע האָבן דעם צוטרוי פֿון דער מיליטערישער מאַכט.

איך האָב דערזען פֿאַר די אויגן אַ „באַרג“.

נישט וואַרטנדיק אויף דעם, וואָס איך וועל זאָגן, האָט מיר מײַן אינפֿאָרמאַטאָר גענעדיק געוואָרנט, אַז די שאַנסן צו דערגרייכן מײַן ציל זענען נישט קיין זיכערע און לכּל־הדעות מוז איך האָבן אַ סאָלידע סומע מזומן געלט. אָן דעם איז אַ שאָד יעדע שעה, וואָס איך פֿאַרליר, זיצנדיק אין מינסק...

איך וויל נישט אַרײַנלאָזן זיך אין אַ טיפֿער חקירה וועגן דעם וואָס וואָלט געווען, ווען איך האָב די „סאָלידע סומע מזומן געלט“... איך האָב געהאַט קוים־קוים צו קאָנען זיך אומקערן קיין קיעוו און, דאַנקענדיק דעם ספּעציאַליסט פֿאַר זײַנע געניַע אינפֿאָרמאַציעס, האָב איך זיך מיט אַ געדריקטן געמיט געלאָזט גיין... וווּהין?

דאָס ווייס איך נישט. אָבער איך געדענק קלאָר, אַז איך האָב געהאַט פֿאַר זיך דעם באַשלוס צו פֿאָרן — נ י ש ט „קיין קיעוו“...

בין איך געזעסן אויף אַ באַנק אין סקווער, פּונקט אַנטקעגן דעם אַרײַנגאַנג אין „האַאויפּטקאָמאַנדאָ“ און געקוקט: ווער גייט אַהין? אפֿשר זיך ווענדן צו וועמען פֿון די מיליטערלײַט, וואָס גייען אַהער און אַהין?

נאָך אַ פֿופֿצן־צוואַנציק מינוט אָבסערוואַציע האָב איך נישט געזען קיין איין ציווילע פּערזאָן, וואָס זאָל אַרײַנקומען אין טיר.

איך האָב זיך אויפֿגעהויבן פֿון מײַן באַנק און אָנגעהויבן אַרומשפּאַצירן אַזוי, אַז דער זעלנער אויפֿן פּאָסטן זאָל מיך מוזן באַמערקן. און בעת בײַ מיר איז קיין ספֿק נישט פֿאַרבליבן, אַז ער האָט מיך שוין געזען און פֿאַרגעדענקט, בין איך, פֿאַרקערעוונדיק אונטער אַ ווינקל פֿון 90 גראַד און קוקנדיק אויף מײַן האַנטזייגער, דירעקט צוגעגאַנגען צו אים און געפֿרעגט:

— וואָ נימט הער אָבערלויטנאַנט שמידט אַאוף?

— דאַפּאָן קאָנען זי זיך בלאָז אָבען ערקונדיקן.

— דאַנקע שען — זאָג איך און לאָז מיך צום אַריינגאַנג.
— איר פּאַסירשיין? — דערהער איך שוין הינטער זיך, שטייענדיק אויפן טרעפּל.
— דען ווייל איך נעמלעך ערוועקן.

מיין אויסשפּראַך, די זיכערקייט און מיין האַלטונג און מיין אויסזען בכלל האָט אים איבערפּאָגירט. קיין געשפּרעך אויפן פּאָסטן איז נישט דער־לויבט צו פירן, און דער זעלנער האָט מיך דורכגעלאָזט...

אָבער מיין נסיון האָט זיך ערשט אָנגעהויבן. איך שטיי אין וועסטי־ביול פון אַ מיליטערישער אינסטיטוציע אָן אַ דערלויבעניש און די ערשטע פראַגע: „ווער ביסטו“? דראָט מיט סכנה. מיך קאָן פון דער סכנה אַרויס־פירן נאָר מיין אָנגריף: א י ך דאַרף דער ערשטער אָנהייבן רעדן, פרעגן, פאָדערן... אָבער — צו וו ע מ ע ן רעדן? קיינער איז נישטאָ דאָנעבן! און דער, וואָס וועט זיך מעלדן, קאָן מיר שוין „פרעגן“... איך האָב מיך אין פינצטערן קאָרידאָר דערבליקט אַ סילועט פון אַ לעבעדיקן מענטשן און אויף די הענכסטע טענער צו אים זיך געוואָנדן:

— איך בעטע אום פערצייאונג! וואָלן זי די גיטע האבן מיר צו זאגן: וואָ ווערדן פּאַסירשיינע צום בויגעבימטע ערטיילט?
— צוויי טרעפּן לינקס.
— דאַנקע בעסטענס.

איך האָב זיך געלאָזט אויפן צווייטן שטאָק, זיך אָנגעשטויסן אויף צוויי יונגע אָפיצירן: — „וואָס זוכן זי?“ — דאָס פּאַסיר־אַמט“.
— „איינע טרעפּע העהער“ — צווייטע טיר לינקס.

איך שטיי ביי דער טיר. איך קלאַפּ אומדרייסט. קיין ענטפער. איך קלאַפּ שטאַרקער און דערהער אַ בייזן אויסגעשריי:

— אבער קאָמען זי דאך היניין, דאָנערוועטער! ווי לאַנגע נאָך ווערדן זי די טיר מיט אירן פּאַאוסטן באָמבאַרדירן?

דער אָנהייב געפעלט מיר.

ביים טיש זיצט אַ יונגער מאַן, פון אַ יאָר 30 אין פּענסנע.

איך גיי אַריין, איך מאַך צו די טיר. איך זאָג אומדרייסט: „גוטן מאָרגן“.

— זינט זי טויב אָדער וואָס? איך רופע ווידערהאָלט: „העריין!“ און זי קלאַפּן ווידערמאַל.

— איך בּיטע ערנעבּליך אום פערצייאונג! איך האָבּע אירן רוף ניכט געהערט! זאָנסט ווערע איך דאָך אָהנע ווייטערעס איינגעטרעטן.

— אבער רעדן זי דאָך ניכט זאָפיל! וואָס וואָלען זי?

— איינער פּאַסירשיין נאָך ווילנאַ הער לויטנאַנט!

— „אָ ב ע ר ל ו י ט נ א נ ט" — פאַר אַללען דינגען! נא, יאַ! זי זינט קיין דויטשער און מיססען זיך אין דיזן דעטאַלס ניכט אָריענטירן. אבער ווי פעלט איהנען איין, דאָס זי זאָ לייכט דען פּאַסירשיין צום גייגע־בּיטע בעקאָמען? וואַן זינט זי דען וועק?

— אַם 12 אויגוסט 1915.

— אַלזאָ דירעקט פאַר דעם הערייננמאַרשירן דעם דויטשען העערעס אַאוסגעריקט. און יעצט „בּיטע פּאַסירשיין!" אַאוסגעשלאָסן! קיינע רעדע דאַפאָן!

— איך בּין שאַאושפּילער, הער אָבּערלויטנאַנט! האָבּע מייגען פערטראַג צו דער ווינטערסעזאָן 1915—16 נאָך אין מערץ געשלאָסן און בּין מיט דעם לעצטן צוגע נאָך אַלעקסאַנדראָווסק געפאַרן, וויל איך פריער מיינע איינזאַמע מוטער ניכט פערלאַסן וואָלטע.

ער האָט אַראָפּגענומען זיין פענסנע און מיך אָנגעקוקט מיט קורצ־זיכטיקע, זייער צוטרוילעכע אויגן...

— שאַאושפּילער? — הער איך: ווינטערסעזאָן? האָבּען זי וועלכע בעווייזע?

— בּיטע העפליכסט! מיין פערטראַג!

איך האָבּ אים אַוועקגעלייגט פאַר זיינע אויגן. ער האָט אָנגעטאָן דעם פענסנע און אַריינגעקוקט.

— רוסיש? דאָס קאַן מיר אַלס גרונד דען פּאַסירשיין צו ערטיילן ניכט גילטן. האָבּען זי נאָך וועלכע דאָקומענטע?

— לייִדער, הער אָבּערלויטנאַנט!

— פּאַס?

— בּיטע.

— א ו ק ר א י נ י ש! אַאוך קיין פאָלווערטיגעס דאָקומענט... וואָס פירט זי אייגענטליך צוריק?

— מיינע מוטער איזט זייט פאָריגעס יאַר טאָט. איך בּין דער איינצי־גע ערבּע דעס צוריקגעבּליבענעס גרונדשטיקעס. אונד נון מעכטע איך איר גראַבּן אירגענדווי מיט איינעם דענקמאַלע בעזאָרגען...

— פאַרען זי אַלליין?

— מיט מיינער עהעפראַו, האָט דער אָבערלויטנאַנט!

— אַלזאָ: צוויי פּאַסירשיינע, איזט אירע נאַמען אַאוך שאַוי־שפּילערין?

— ניין, האָט דער אָבערלויטנאַנט: זי איזט פאַרמאַצעוטין.

ער האָט אָנגעדריקט אַן עלעקטריש גלעקל. אין טיר האָט זיך באַוויזן אַן אונטעראָפיציר.

— נעמען זי פאָם הערן שאַאושפּילער זיינע פּערזאָנאַליען אונד די זיינער פראַאו געמאַלין — און מאַכען זי צוויי פּאַסירשיינע נאַך ווילנאַ פערטיג. וואַן מעכטן זי פאַרן?

— נ אָ ך  ה ו י ט ע  ו ו ע ן  מ ע ג ל י ך.

— אַבער זעלבסטפערשטענדליך, ווען עס איהנען ליב איזט... נעמען זי דאָך, ביטע, פּלאַץ און שרייבען זי אירן פאָר־ אונד נאַכנאַמע אַאוך, וואַן, וואָ געבאָרן?

— זאָל איך עס מיט גאָטישער שריפט שרייבן אָדער לאַטייניש?

— גאַנץ עגאַל!

דער אונטעראָפיציר איז אַרוים מיט מיין צעטל, איך האָב זיך געלאָזט גיין נאָך אים, אָבער דער אָבערלויטנאַנט האָט מיך אָפגעהאַלטן.

איך בין געזעסן אַ מינוט 5 ביי זיין טיש. ער האָט געשוויגן און מיט־אַמאָל אַ פרעג געטאָן:

— וואָהער קאָמט עס, דאַס זי איין צימליך גוטעם דויטש שפּרעכן?

— איך האַבע צימליך לאַנגע אין דויטשלאַנד געוואָהנט... מערערע מאַל אין בערלין... האַבע פילע דויטשע שאַושפּילער געזעהען אין בעוואונ־דערט.

— אַך זאָ? איך פרויע מיך דאַן ווירקליך די געלעגנהייט איהנען צו דינען צו האַבן... ווער פאָן אונזערער שאַאושפּילער איזט איהנען אַם ליבסטען?

איך האָב אָנגערופן די נעמען, וועלכע מיין לייענער דאַרף קענען פון „שפּאַציר דורך איירָאָפּע“.

דער אונטעראָפיציר האָט געבראַכט די צוויי פּאַסירשיינען.

דער אָבערלויטנאַנט האָט זיי געחתמעט, אָפגעשטעמפּלט און מיר דערלאַנגט.

— גליקליכע רייזע, הער... מאַרעווסקי — האָט ער שמייכלענדיק אַרייַנגעקוקט אין צעטל.

איך בין געשטאַנען און... געשוויגן.

— אַלזאָ? האָבען זי נאָך וועלכן ווונש? וואָס פעלט איהנען?

— וואַרטע, הער אָבערלויטנאַנט! וואָרטע מייַנען דאַנק אַאוסצודריקן.

ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט, און דערפילנדיק ווי שטאַרק איך דריק זי, זאָגט ער מיטאַמאָל:

— וואַרטן זי מאָל! זי האָבען, גלאַאובע זיך, קיינען פאַסירשיין צו מיר? ניין? זי האָבען וואַהאַפטיק גליקליך געשפילט אונד געוואָנען... אַבער דאַמיט איהנען דאַס גליקליכע ענדע אירעס שפּילעס צו גאַראַנטירען, געהמען זי דען פאַסירשיין אום דאַס האַוז גליקליך צו פערלאַסן...

ער האָט מיר דערלאַנגט אַ פּירקאַנטיק צעטל פון זיין טיש.

* *
*

דער צוג איז באַשטאַנען פון עטלעכע וואַגאָנען, וואָס האָבן דערמאָנט מיין רייזע פון אינסטערבורג קיין טילזיט... מיינע ערשטע איינדריקן פון „מערב“.

און אומפאַרגעסלעך איז די מינוט, ווען איך האָב דערזען דורכן פענצטער די דייטשישע אויפשריפט: „ווילנע“.

ערשט איצט האָב איך דערפילט דעם ווייטיק פון דעם, וואָס באַר די דריי יאָר — פון 15 אויגוסט 1915 ביזן אויגוסט-טאָג (איך געדענק נישט — וועלכן) 1918 — איז אַוועק פון מיר אויף אייביק:

איך האָב דעמלט איבערגעלאָזט מיין מאַמען צוליב רוסישן טעאַטער...

נישט די מאַמען און נישט רוסיש טעאַטער האָב איך מער.

פון רוסיש טעאַטער איז פאַרבליבן אַ ריס אין האַרצן, און פון דער מאַמען — א י ר ק ב ר!

און איך בין פון באַן נישט אַוועק אין דער פאַרבליבענער היים אַריין, וואָס איז געווען אין 5 מינוט גאַנג.

איך האָב גענומען אַ דראָזשקע און בין אַוועקגעפאָרן — א ו י פ ן ב י ת-ע ו ל ם.

דער ווילנער בית=עולם „ארויף אַזערעטשע“, וואָס איז געווען אַ פּאַר=
יידישטע פאָרמע פון „ווערכניעיע זאַרעטשיע“ — איז געווען אַ ווינקל
פון שטומער עלעגיע, פון בליענדיקער פּאָעזיע... די שטימונגען פון
פרייסטלאָזער אבלות, פון שטילע, זיפצן, זענען געווען איינגעהילט אין די
טויזנטער מצבות, צאָלרייכע אהלים, צווישן וועלכע ביימער און גרינע
גראָז האָבן, פון שטילע ווינטלעך באַוועגט, אָנגעהויכט אויף יעדן מענטשן
רעיונות, וואָס פאַרגעסן האָט מען יאָרנלאַנג נישט געקאָנט. אין מיינע
זכרונות איז דער ווילנער בית=עולם פאַרבליבן פון 10=יאָריקן עלטער, ווען
צו דער קבורה איז געקומען דער „זיידע יאַנקל“, און מיך האָבן איבער=
ראַשט די שקצימלעך, וואָס האָבן נאָכגעקרימט די וויינענדיקע קלאָגווייַ=
בער, וועלכע זענען געגאַנגען נאָכן ארון...

אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט אויף מיר געמאַכט אַן אומפאַרגעס=
לעכן רושם דער הויכער זאַמדבאַרג פון דער לינקער זייט ביים לעצטן ראָג,
בעת דער ארון האָט זיך שוין פאַרקערעוועט צום טויער... אויפן באַרג איז
נישט געווען קיין איינציק גרעזל, און ער האָט אויסגעזעזן ווי אַ ריזיקער
קבר, וואָס איז אָפּן פאַר טויזנטער און טויזנטער — פאַר אַ ל ע מ ע ן.
און תיכף נאָכן באַרג עפענען זיך ברייט די צוויי שוואַרצע טירן פון איי=
זערנעם טויער, און דער ארון שוועבט אַריין אין עולם=האמת, אין דער
וועלט פון מנוחה.

האָבנדיק געוואַנדערט איבער אַ וועלט מדינות און שטעט, פלעג איך
אין יעדער שטאָט, וווהין מיך האָט פאַרטראָגן כאָטש אויף איין מעת=לעת,
פאַרלירן אַ פּאָר שעה צו זיין צווישן קברים...

אַלטע מיט מאָך פאַרוואקסענע מצבות אין לובלין, די דענקמאָלן פון
שוואַרצן מירמלשטיין — אין וואַרשע און לאָדזש אויף די פאָדערשטע
אַלייען, און די אָרעמע שטיינער — אויף די הינטערשטע... דער וועלטבאַ=
רימטער פרידהויף פ ע ר ל אַ ש ע ז אין פּאַריז, איבער וועלכן איך
פלעג אַרומוואַנדערן גאַנצענע טעג, אָפּשטייענדיק שעהנלאַנג ביי דער
„וואַנט פון די קאָמונאַרן“... די צמענטאַרס אין דער לאַטייניש אַמערי=
קע, וואָס זעען אויס ווי קונסט=זאַמלונגען פון בלויזע שטיינער און צעמענט,
ווו עס איז נישטאָ קיין סימן פון רויער ע ר ד, פון ווייכן ז אַ מ ד,
און ס'דוכט זיך, אַז די פאַרלאָשענע מענטשלעכע גייסטער זענען גע=
וואָרן — ש ט יי נ ע ר, און אָנשטאָט דעם געפיל פון אייביקער מנוחה
נעמט דיך אַרום אַ שוידער... די געשטאַלט פון ט ו י ט ווערט אָפּגע=
שטויסן דורך אַ געשטאַלט פון אַן א כ ז ר — אַ ת ל י ן, וואָס

דערלאָזט נישט קיין אַקאָרדן פון רעקוויעם. וואָס איז טײַב צו פּינעבער=
מאַרשן; וואָס די שלוכצן פון אבלים און זיפצן פון אַלמנות און יתומים
שלײדערט ער אָפּ פון פרישע קברים און לאָזט זײ נישט דערגרייכן צום
פאַרשווײגן געוואָרענעם טאַטן, שפּײזער, לעבנספרײנד...

האָבנדיק אָנגעזאַמלט אין משך פון יאָרצענדליקער אָט די אַלע אײנ=
דרוקן פון דער גאָרער וועלט, האָב איך דעם ווילנער בית=עולם „אַרויף
אזערעטשע“ — געפינען פאַרן ש ע נ ס ט ן, פאַרן מ נ ו ח ה =
ד י ק ס ט ן, פאַרן שטילסטן און א יי ד ל ס ט ן פון אַלע אַנדערע
אין דער וועלט...

די דראָזשקע איז געפאָרן איבער די גאַסן, און די שטאָט האָט זיך
מיר אויסגעוויזן ווי א ו י ס ג ע ש ט אָ ר ב ן... דער „ווילנער בית=
עולם אַרויף אזערעטשע“ איז אין מײַן פאָרשטעלונג געוואָרן אַ ו י נ ק ל
פון אַ ריזיקן „בית=עולם“... יעדעם פינטל, יעדער שריט האָט דערמאָנט
מאָמענטן פון אַמאָליקן לעבן... יאָרצענדליקער האָבן זיך געצויגן פאַר מײַ=
נע אויגן ווי אַ פילם=לענטע, און די אויערן האָבן געקלונגען רייד, לידער,
טענער — און אַרום איז געווען אַ שטילקייט פון אומגעשטערטן שלאָף.

די דראָזשקע האָט דערגרייכט צום בריק איבער דער ווילייקע... אירע
וואַסערן זענען געווען די ערשטע און אײנציקע לעבעדיק=פאַרבליבענע
עדות פון אַמאָליקער ווילנער ברויזנדיקערווירקלעכקייט... איך פאָר באַרג=
אַרויף איבער דער ברייטער גאַס, געקומען צו דער שמאָלער... דערגרייכט
צום „אָפענעם קבר“... און אָט איז דער שוואַרצער אײַזערנער טויער...
אַרײַן אין טויער פון רעכטס, באַטראַכטן דעם טראָטואַר און גיי אַלץ ווײַ=
טער און העכער... אָט איז לינקס דער ברודער=קבר פון די געפאַלענע
העלדן אין די אָקטאָבער=טעג 1905... איצט — ווען די שורות ווערן גע=
שריבן — איז ער אין זכרון און געמיט צונויפגעגאָסן מיט די געפאַלענע
רעוואָלוציאָנערן חדשים שפּעטער פון דער וראָניער=גאַס... דעמלט
האָב איך זיך ביים קבר אָפּגעשטעלט און געטראַכט וועגן „בונד“, וועגן
מײַנע לערער, וועגן ווייטערן, וועלכער איז אין אויגוסט 1918, ווי איך
האָב געמיינט, נאָך געווען אין סיביר...

איך גיי ווייטער: דער אוהל פון אסתר=דבורהן! די אויסגעשטאָרבענע
שטאָט איז דאָ אַ לעבעדיקע און בליט ווי אַמאָל אין די טויזנטער סמענ=
געס און פילפאַרביקע שמאַטקעס, וואָס מאַסן באַזוכער בינדן אָן אויפן
אוהל, בעטנדיק אסתר=דבורהן זי זאָל זיין פאַר זיי אַ מליץ=יושר ביים
רבונו=של=עולם און זיי שיצן פון נויט און רחקות אַזוי ווי זי האָט עס גע=



די טויטע מוטער

טאָן ביים לעבן, האָבנדיק באַשאַפן אַ הלוואה־קאַסע, וווּ אָרעמע בעלי־מלאכות און מאַרק־ווייבער פלעגן קריגן גמילות־חסדים אָן פּראָצענט און זענען פּטור געוואָרן פון די נעגל פון וווּכערער, פּראָצענטניקעס. אבֿרהם־דבֿורה איז אַ קאַפּיטל פון ווילנער הומאַניזם און פאָלקסטימלעכקייט. דער אוהל אירער איז אַ סימפּאָניע פון ווילנער טרערן און טרייסט פון די ייִדישע געסלעך.

איך בין מינוטנלאַנג געשטאַנען און געלעבט מיטן „אַמאָל“, מיט די יאָרן, ווען איך האָב מיט אַלע כוחות געריסן פון דעם אַלעמען — אַוועק, אַ ה י ן.

איצט בין איך געבראַכט געוואָרן דורך די שטורעמדיקע שטראָמען פון דער זיך איבערקערנדיקער וועלט — צ ו ר י ק!

בין איך געשטאַנען און... דערזען די געמויערטע צוים, וואָס טיילט אָפּ דעם בית־עולם — פון די אַ נ ט אָ ק אָ ל י ע ר וועלדלעך... אָט דאָ האָב איך מיט 18 יאָר צוריק פון אַ הויכן בוים פאַר עטלעכע גימנאַזיסטן געלייענט דאָס „ליד וועגן שטורעם־פויגל“... און איינעם פון אָט די הייזער איז געווען דער ספּעקטאַקל, וווּ מען האָט מיך נישט צוגעלאָזט שפּילן, און צווייטן — האָב איך צום ערשטן מאָל פון ברעטער, צונויפגעשלעפּט פון שפּייכלערס, געלייענט אין גרים אַ לאַנגן שווערן מאָנאָלאָג...

איך לאָז מיך גיין צו דער צוים און דערזע רעכטס — צוויי קבֿרים: אויף איינעם קיין שום אויפשריפט, אויפן צווייטן אַ צעפּילט ברעטל: „בתיה רבֿקה מנקר, נפטרה כ' — און אות אָפּגעשווענקט — „באָב תרעה“.

„איך בין דאָ, מאַמינקע, איך האָב זיך אומגעקערט... איך בין געבליבן גאַנץ אין די געוויטערן און איך וועל אויף מיינע ווייטערדיקע וועגן טריי זיין דיין זכר, דיין געשטאַלט... „ויצמח פורקני“ וועל איך נישט זאָגן, אָבער דעם זיידן מתּ־כים, — דיין טאַטנס, ווערטן — וועל איך אָפּהיטן, און לויט מיינע נוסחאות וועל איך ביז מיין לעצטער שעה שפּינען דעם פאָדעם פון יאָרטויזנטיקער ייִדישקייט.

לערך אין אַ חודש אַרום האָב איך אָנגעהויבן רעדן פון דער בינע איר לשון.

## II. דער לענדלאָרד

אַ גוטבאַזיצער רופט מען אין ענגלאַנד „לענדלאָרד“. דאָס, וואָס אין רוסיש רופט זיך: „פּאָמיעשטשיק“...

דאָ זעט עס אויס ווי אַ טראָפּן בעלעטריסטיש געווירץ, אָבער אין תוכן איז עס געווען — דער נאַקעטער אמת פון מיין גייעם לעבנס־עטאַפּ. אַזוי האָט אויסגעטראָגן מיין בימערע גורל: נאָך אַ 15 יאָר, אין משך פון וועלכע איך האָב מיך געריסן איבערצוהאַקן אַלע פעדעם מיט מיין בוחרישן קיום, מיט דער אַטמאָספער פון קליינבירגערלעכע באַגריפן; ווען מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מיינע לונגען זענען פריי פון יעדן שפּור, וואָס זאָל דער־מאָנען די לופט פון דער וועלט, וואָס איז מיר פון די ערשטע באַוווסטזיני־קע שריט אין לעבן געווען פרעמד און פאַרהאַסט — געמלעך איצט, ווען די־אָ וועלט איז געוואָרן געשטירצט אין שטורעם פון אָקטאָבער; ווען אַלץ, וואָס דענקט און פילט דורך קאַטעגאָריעס פון סאָציאַלן פּראָגרעס, האָט אויף דער פאַרמשפּטער און געשטירצטער וועלט געקוקט מיט דאָס און פאַראַכטונג —

איז מיר אויסגעפאַלן צו ווערן דע־יורע און דע פאַקטאָ —

אַ גוטבאַזיצער! אַ „ל ע נ ד ל אָ ר ד“.

וואָס פאַר אַ מין שווערער קרייץ דאָס איז געווען יענע חדשים אין ווילנע — וועלן מיר זען ווייטער אין לויף פון די געשעענישן. גרילץ און חוזק האָבן זיך צונויפגעפלאָכטן אין איין קנויל איבער מיין אָרעמען קאָפּ, האָבן פאַרסמט מיינע טעג, פאַרביטערט מיינע חדשים און האָבן ביי מיר אַוועקגערויבט די מעגלעכקייט צו זיין אין דער לופט פון דער רעוואָלו־ציע, דער, וואָס איך בין געווען פריער: אַ מענטש פ ו ן ק ו נ ס ט!

דאָ קומען צענדליקער, הונדערטער ק ל יי נ י ק ייט ן פון אומ־גאַנג, פון אַלטעגלעכע צוזאַמענשטויסן אויף יעדן שריט, און געמלעך אין אָט די פ ר ט י ם שטעקן די נאָדלען און די שפּיזן, וואָס לאָזן נישט אָטעמען.

אָפּגעזען פון נ ו י אַ נ ס ן, פון דער אָדער יענער אָפּשאַצונג פאַר איינצלנע פאַקטן און פאַלן אין דער ווירקלעכקייט, בין איך פעסט געשטאַנען אויפן באָדן פון אָ ק ט אָ ב ע ר. שוין אין מאַי 1917 האָב איך אויף אַ מיטינג אַרויסגעזאָגט די איבערצייגונג, אַז ווי ווייט די מאַסן קאָנען נישט האָבן קיין צוטרוי צו די פּראָפעסאָרן פון מאָסקווער אוניווערסיטעט, בלייבט אָפן איין און איינציקער וועג: מ י ט ל ע נ י נ ע ן! און אַז איך האָב אָט די איבערצייגונג אַרויסגעזאָגט איצט אין ווילנע, האָב איך געדאַרפט אויסהערן — נישט מער און נישט ווייניקער, אַז —

„האָבנדיק געירשנט פון דער מאַמען אַזאַ פירשטאָקיק הייזל, קאָן מען זיך פאַרגינען צו זיין אַ באָלשעוויק"...

אַ ס ך ע ר ג ע ר איז געווען אָנצוטרעפן ביי צענדליקער „געלטזעק" די אויסדרוקן פון ה ש י ב ו ת צו מיר, ווי צו „זייערס אַ מענטשן". דער נאָמען פון אָנגעזעענעם שוישפּילער און זיין פּאָפּולאַריטעט אין די ברייטע קרייזן — דאָס איז געווען בלויז אַ „ראַם", א „צוגאָב", אַ פּיקאַנטער „סאָוס" צו עצם „עיקר": „הויזבאַזיצער"!

איך האָב מיך ממש ג ע ש ט י ק ט.

אָבער דאָס איז נישט געווען דאָס ערגסטע!

24 דירות, דאָס איז לערך אַ 200 לעבעדיקע מענטשן. ווי מען רופט וועמען, האָב איך נישט געוווסט, צו וועלכער משפּחה ווער געהערט — אַוודאי נישט. און מיר פלעגט אויסקומען מיט איבערגעטריבענער העפלעכקייט צו ענטפערן אויף איבערגעטריבן־העפלעכע באַגריסונגען פון מענטשן, וועלכע איך האָב נישט געקענט. מען לאָזט מיך דורך פאָרויס, מען טרעט מיר אָפּ דעם וועג, מען מיידט אויס צו שטיין צו מיר מיטן רוקן: „דער ב אַ לע ב אָ ס!"

איינמאָל האָט פּאַסירט, אַז אַ מענטש פון א יאָר 45, האָבנדיק מיך דערזען אויף די טרעפּ הינטער אים, האָט זיך האַסטיק אויסגעדרייט, כדי מיך דורכצולאָזן. איך האָב אָנגעהויבן פּראָטעסטירן, בשום אופן נישט געוואָלט דורכגיין...

— איך בין דאָך יינגער פון אייך! — האָב איך נישט אויסגעהאַלטן.

— אָבער נעכטן אויף דער בינע זענט איר געווען עלטער — דערהער איך — און איך וויל אייך נישט נאָר אָפּטרעטן דעם וועג, נאָר אויך אויסנוצן דעם צופאַל צו קאָנען דריקן אייער האַנט פאַרן גענוס, פאַר דער פרייד, וואָס איך האָב נעכטן געהאַט אין טעאַטער.

לאָזט זיך אוים: ער איז ערשט מיט דריי טעג צוריק געקומען קיין ווילנע, און זיין באַציונג לגבי מיר האָט אַבסאָלוט נישט צו טאָן מיטן „באַלעבאָס"...

דער פֿאַל האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק, און איך האָב אָנגעהויבן זיך פֿאַרטראַכטן איבער דעם קנויל פֿון גרילצן און חוזק, וואָס פֿאַרביטערן מיינע טעג. מען דאַרף אָנהייבן זיך באַפֿרייען פֿון דעם צו־פֿ ע ל י ק ן שפּינוועבס: אָנהייבן זיך פֿילן און באַטראַכטן ווי דער, וואָס איך ב י ן!

נישט לייכט איז עס געווען, און דער שווערסטער שטיין אויף מיין וועג איז געווען דער פֿאַקט, וואָס צווישן די פּאָר הונדערט פּאַרשוין, וועלכע פֿלעגן מיר אָפּגעבן כּבֿוד, מעשׂה „לענדלאָרד", זענען געווען אַ פּאָר צענדליק, וואָס פֿלעגן מיך אָנקוקן מיט בליקן פֿון טיפֿע ליידן אין זייערע פֿאַרזאָרגטע אויגן: „ד י ר ה־ג ע ל ט". לייענער! דאָס איז דער ביטערסטער פּונקט אין האָגת פּרנסה! מען קאָן זיך באַגרענעצן, בלית ברירה, אין עסן, אין אָנטועכץ; מען טראָגט אין פֿראָסט און פֿייכטקייט דורכגעלעכערטע שיך, אָבער דעם דאַך איבערן קאָפּ — מ ו ז מ ע ן ד אָ ד ה אָ ב ן!!

און אויב מען וועט צו דער צייט נישט באַצאָלן דעם באַלעבאָס די עטלעכע צענדליק רובל דירה־געלט, קאָן ער דעם דאַך פֿון איבערן קאָפּ אַ וו ע ק נ ע מ ע ן!

קוקן אַזעלכע אויגן... און זיי פֿרעגן... און זיי ב ע ט ן... אין אויס־האַלטן אַזעלכע בליקן — איז אַ ז אַ מין נסיון, אַז דערציילן עס וואָלט געווען בלויז מליצה, ליטעראַטור.

אין דער לאַגע פֿון לענדלאָרד איז מיר אויסגעקומען צו שטעקן גאַנ־צע 13 יאָר — ביז 1932. אָבער אויף דעם עטאַפּ, ביי וועלכן מיר האַלטן, וועלן מיר דעם לייענער מיט אָט דעם מאָטיוו מער נישט באַלעסטיקן. מיר וועלן זיך צו דעם אומקערן דאַן, ווען די פּאָזיציע האָט אונדזער העלד גע־זאָלט שאַפֿן בלויזע גדולות און ווילטיק, און ער האָט זיך געקליגט ערשט דאַן צו ליגן אין געהאַקטע וווּנדן, ווייל אויך דאָ האָבן געוישעט די ווילדע ווידערשפּרוכן, מיט וועלכע עס זענען דורכגעפֿלאָכטן אַלע פֿאַקטן פֿון זיין לעבן, פֿילן און דענקען: די „אַהינען" און „צוריקן" — און אַלץ, וואָס ער ווייסט צו דערציילן.

דאָ זאָל דערלויבט זיין זיך אָפּצושטעלן אויף איין עפּיזאָד.

אין סוטעריגע אויפֿן הויף האָט געוווינט אַ שוסטער. מאַכט זיך, אַז

מיר גיבן אים אָפּ צו פאַרריכטן צוויי פּאָר שיך. גייט אַוועק אַ טאָג 10, און מיין רב פּייוול ברענגט נישט אָפּ די אַרבעט. איז דער באַלעבאָס נישט פויל און פאַרקלייבט זיך אין דער סוטערינע אַריין...

— סטייטש, רב פּייוול, היתכן: אַזוי לאַנג?!

זאָגט רב פּייוול: „אייך קומט דאָך פאַר דריי חדשים דירה=געלט“!

— איז וואָס פאַר אַ סמיכות הפרשה? — פרעג איך אים.

זאָגט ער: „איך וועל אויספאַרענדיקן נאָך איין באַשטעלונג, וועל איך אָפּטראָגן אייערע שיך מיטן דירה=געלט אינאיינעם“.

אָבער עס האָט זיך אויפגעקלערט, אז היות לעדער איז איצטער בראַנד=טייער, פעלט צום סכום דירה=געלט פאַר דריי חדשים סך=הכל אַ צענערל.

— וועל איך אייך געבן א דריטע פּאָר שיך צו לייגן אַ קנאַפּל, רב פּייוול!... קווית?

— וואָס רעדט איר, אַ געזונט אין אייך? מיר וועט דאָך נאָך אייך קומען נאָך אַ דרייסיק קאַרבן!

אַזוי האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דער לענדלאָרד ליגט טיף אין דר'ערד, און אין „גאָלד גייט“ רב פּייוול דער שוסטער... אַ גליק, וואָס איך האָב אויך געהאַט נאָך אַ פּאָר.

און לאָמיר זיך צו מיין פּאָר אומקערן, לייענער!

*   *

*

די געשילדערטע פאַלן פון „קולטורעלער“ באַציונג מצד דער אָקופּאַציע=מאַכט צו דער באַפעלקערונג האָבן ביי מיר באַשאַפן אַ פאַלשן איינדרוק וועגן דער ווירקלעכקייט, און מיין אָפּשאַצונג איז געווען אַ סוביעקטיווע. עס איז געווען גענוג צו באַטראַכטן די שטאָט און די מענטשן אין משך פון געציילטע מינוטן — אָפּגערעדט וועגן אַ פּאָר שעה — כדי צו קומען צו דער פעסטער איבערצייגונג, אַז, אָביעקטיוו גענומען, איז ווילנע צעטראָטן געוואָרן אונטערן שטיוול פון פּרייסישן אָקופּאַנט... דאָס אַלגעמיינע בילד אַרום און אַרום איז געווען אַ בילד פון פאַרוויסטונג, און אַז מען האָט זיך אָנגעהויבן דערוויסן וועגן איינצלנע פאַקטן, האָט אַ שווידער אַרומגענומען יעדן איינעם, וואָס האָט נאָך נישט פאַרלוירן די מאָסן און וואָגן פון „הומאַניטאַרע“ כללים אין אימאַגי=

צוויש! מענטשן. אין אַנדערע יאָרן קאָן עס נאָך אַרויסרופן אַ ביטערן שמייכל אויף די ליפּן, אָבער אין 1916 יאָר, איז מען געוואָרן דערציטערט, אַז דעם דאָקטאָר יעקב וויגאָדסקי האָט דער דייטשישער שטאָט־קאָמענ־דאַנט פון זיין קאַנצעלאַריע פאַרשיקט קיין דאַכאַו.

וויגאָדסקי איז דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר 65. ער איז אַרויסגערופן געוואָרן צום קאָמענדאַנט אַלס פאָרשטייער פון דער יידישער געמיינדע. און אָנשטאָט צו הערן וואָס דער קאָמענדאַנט וועט א י ם זאָגן, האָט ער מיט אַן אויפגערעגטן טאָן אָנגעהויבן פאָדערן, אַז די מאַכט זאָל אָנהייבן זאָרגן וועגן סאַניטאַרן צושטאַנד פון דער שטאָט: אָפּרוימען די טויטע גופים פון די גאַסן. אויפן קאָמענדאַנטס באַמערקונג, אַז „מיר זענען אַהער נישט געקומען זאָרגן וועגן דער שיינקייט פון אייערע גאַסן", האָט דער דאָקטאָר אויסגערופן:

— אונדזן קימערט אַמווייניקסטן נאָך וואָס איר זענט געקומען: „וויר האַבן זי אַלערדינגס ניכט הערגערופן".

דער קאָמענדאַנט האָט אָנגעדריקט אַן עלעקטריש קנעפּל און גע־מאָלדן:

— דירעקט נאָך דאַכאַו!

אין זיין בוך „סמבטיון" האָט וויגאָדסקי שפּעטער באַשריבן יענע געשעענישן —

דאָס איז אַ פּ ר ק פון יענע יאָרן און פאַרהעלטענישן.

צו מיר איז אין קורצע טעג דערגאַנגען דאָס טרויעריקע בילד פון מיין מאַמעס לעצטע חדשים. געשטאָרבן איז זי — פון אַ שטיקל דייטשיש ברויט פון טייג געמישט מיט צעפּוילטער שמרוי. זי האָט באַקומען אַ שווערע מאָגן־קראַנקהייט, דאָקטאָר דעמבאָווסקי האָט זי אָפּערירט, אויפן דריטן טאָג געזאָגט, אַז די סכנה איז פאַרביי, אָבער מען זאָל זי נישט איבערלאָזן אַליין און זען, אַז זי זאָל נישט אַראָפּלאָזן די פיס פון הויכן בעט. ביידע פלימעניצעס, וואָס האָבן דיזשורירט ביי איר בעט, האָבן זי איבערגעלאָזן אַליין... זי האָט אין שלאָף אַראָפּגעלאָזן די פיס, דער אייטער האָט זיך צעגאָסן איבער דער וווּנד, און זי איז אומגעקומען.

פאַר מיין געווויסן האָט עס געהייסן, אַז מען האָט זי א ו מ ג ע־ב ר אַ כ ט, ווייל איר לעבן איז קיינעם נישט געווען נייטיק, קיינעם — טייער... איך האָב זי מיט דריי יאָר צוריק איבערגעלאָזט אויף גאָטס באַ־ראָט. איר געזונט און עלטער האָב איך אָנפאַרטרויט איר שוועסטערס על־טערער טאָכטער, עטעלע און איר מאַן עליען, וועלכע דער לייענער דאַרף

קענען פון מיינע קינדער־יאָרן, עטלעכע איז פון די די קינדער־יאָרן געווען ביי אונדז ווי אַ קינד אין שטוב.

איצט האָב איך זיך דערוווּסט, אַז יענע פּאַמאַלע נאַכט האָט זי עטלעכע איבערגעלאָזט אָן אויפזיכט און אַז דעם לעצטן יאָר האָט עליע איר אַזוי פאַרפאָלגט און פאַרביטערט אירע טעג און נעכט, אַז זי האָט אים פּשוט אַרויסגעטריבן פון שטוב...

ער האָט געקריגן אַ רייכע ירושה פון אַ געשטאָרבענעם קרוב, געוואָרן אַ גביר, אַ תקיף. אַז איך האָב מיך אומגעקערט קיין ווילנע, איז ער מיר פאָרגעקומען ווי אַ לעבעדיקער סימבאָל פון דער אויפן קאָפּ זיך געשטעלטער וועלט. דאָס איז געווען איינע פון די שווידערלעכסטע איבערלעבונגען, וואָס מיר האָבן געטראָפן אין דער פאַרוויסטער, איידעלער ווילנע.

פּרטים וועגן מיין מאַמעס לעצטע חדשים האָב איך זיך דערוווּסט ביי קרובים, ביי שכנים. פון די לעצטע האָט מיר איינע, מאַדאַם פייגנבערג, די פרוי פון אַ באַנקיר, וואָס האָט 20 יאָר געוווינט אויף די זעלביקע טרעפּ, מיט וועמענס טעכטער איך בין געווען אינטים באַפריינדעט, מיר געבראַכט אַ פּעקל דריירובלדיקע אַסיגנאַציעס: הונדערט שטיק...

— די מוטער האָט, אַוועקגייענדיק אין שפּיטאָל, געבעטן איך איבערגעבן דאָס געלט...

דאַרף מען רעדן וועגן דעם, וואָס איך האָב איבערגעלעבט, האַלטנדיק אין האַנט דאָס פּעקל מזומנים?

זי האָט געקליבן די דריירובלשטיק, געשפּאָרט יעדן ביסן, געהונגערט, געזעסן אין שלעכט־באַהייצטע שטובן... ווען זי נעמט אַראָפּ פאַר זיך דערפון אַ שטיק און קויפט ברויט, וואָלט זי נאָך געלעבט!...

זי איז אַוועק פאַרשטויסן אין פּריציייטיקן קבר אַריין, אַזוי ווי עמעצנס בייזער עלנבויגן וואָלט זי פון דער וועלט פאַרטריבן.

און דער לעצטער פּרט: צו איר לוויה, ווען עס איז אָנגעקומען דער ארון, האָבן זיך די הימלען צעגאָסן מיט אַזעלכע שטראָמען, אַז צוליבן שלאַקסרעגן האָבן זיך די פּאָר צענדליק מענטשן, וואָס האָבן געוואַרט אויפן ארון, באַהאַלטן אין די טויערן און דער ארון איז איבער די גאַסן — ווי אין טייכן — ביינאָס געלאָפן צום בית־עולם...

איך האָב זיך דערמאָנט מיין קדיש אין אַלעקסאַנדראָווסק — אָן דעם „ויצמח פורקני“ און דעם „יזכור“ מיטן „בת רב מתתיהו“ אַנשטאָט „רב מרדכי“ און דעם „בעבור שבנה „א ד ק אַ ד י“, אָנשטאָט „אברהם“, און אַלץ אַרום האָט מיך פאַרפאָלגט ווי אַ המן פון

פינצטערע שאָטנס, נעפּלען, אָנדייטונגען, אין וועלכע פּשוטע קלאָרע פאַקטן זענען פאַרוויקלט און פאַרפּלאָנטערט. דאָס לעבן, די ווירקלעכקייט איז נ י ש ט די קאָנקרעטע, אַרום אונדז זיך ציענדיקע קייט פון קלייגע, צו־פעליקע פאַקטן און געשעענישן — דאָס זענען בלויז ש אָ ט נ ס! דאָס אמתע, גרויסע לעבן איז ערגעץ פאַרשטעקט. וו א י ז ע ס?

איך בין אַרומגעגאַנגען פאַרטרויערט, פאַרטראַכט, מיט שווערע לאַסטן פון בענקשאַפט נאָך די פאַרלוירענע פּאָזיציעס און מיט אַ ווונד אין האַרצן און אויפן געוויסן: דער מאַמעס פינצטערער סוף!

און ווי פון איר קבר אַרויס האָט אַרויסגעשפּראָצט מיין ווידערגע־רירט: איר לשון אויף די בינעברעטער.

* *
*

איך האָב אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל דערציילט וועגן זאַסלאַווסקין און קלאַרע יאַנג... דער לייענער וועט זיך דערמאָנען אין דעם טיפן איינ־דרוק, וואָס מיר איז געבליבן פון מיינע באַגעגענישן מיט אסתר רחל קאַ־מינסקאַ — סיי פון אירע פאָרשטעלונגען, סיי פון איר פערזענלעכן צויבער...

דאָ איז צייט צו צאָלן דעם חוב, וואָס איך האָב געמאַכט, שרייבנדיק אין ערשטן באַנד וועגן דעם איינפלוס פון ר ו ס י ש ן טעאַטער אויף מיין אַנטוויקלונג. איך האָב דאַן באַמערקט, אַז מיט דער צייט וועלן מיר זיך מוזן אומקערן צו די פאָרשטעלונגען פון דער יידישער טרופּע (ספּי־וואַקאָווסקי און פישזאָן) אין בנין פון ז ו מ ע ר־ט ע אַ ט ע ר....

דאָס האָט געמוזט פאָרקומען אין יאָר 1898. איך געדענק קלאָר די שפּורן פון שניי אויף די דעכער פון שפּייכלערס און ביידלעך אין „באָטאַ־נישן“ גאָרטן, וווהין מען פלעגט מיך פון די פריע קינדער־יאָרן פירן אויף די קאָנצערטן פון מיליטערישן אָרקעסטער, און איך פלעג צו 7—8 יאָר שטיין פאַר דער גראָטע און „דיריזשירן“.

דעם נייעם בנין פון זומער־טעאַטער האָט מען יענעם יאָר ערשט אויס־געבויט, און פאַר דעמלטיקע מאָסן און פאָדערונגען האָט דער בנין אויס־געזען ווי אַ „פּאַלאַץ“.

אין מאַי האָט געזאָלט אָנהייבן דעם סעזאָן אַן אָפּערעטן־טרופּע אין יולי — אַן אָפּערע, (וואָס האָט עטלעכע יאָר אויפגעטרעטן מיט די

בעסטע זינגער פון רוסלאַנד: דאָס איז אַ רייכער קאַפּיטל פון ווילנער טעאַטער־פּנקס), און ביזן אָנהייב פון זומער־סעזאָן זענען געוואָרן אַנגאַזשירט די פאָרשטעלונגען פון... „יי ד י ש ־ר יי ט ש ן" אַנסאַמבל אונטער דער אָנפירונג פון — ס פּ י וו אַ ק אָ וו ס ק י   א ו ן   פ י ש ז אָ ן.

איך געדענק, אַז אין טעאַטער — דער בנין איז געווען — אַ ה י ל צ ע ר נ ע ר — איז געווען אַ ביטערע קעלט, אין דער עולם, וואָס האָט אָנגעפילט דעם זאַל (אַ 600 פּלעצער) האָט זיך געטרייסלט און געקאָרטשעט. דאָס האָט אויף מיר איבערגעלאָזט אַן איינדרוק — נישט אין אַ קלענערער מאָס ווי די בינע. אויך געדענק איך, ווי פאַרן אָנהייב פון דער פאָרשטעלונג האָט אַן אָפּיצער, צוקומענדיק צו זיין אָרט אין פּאַרטער, אָנגעטראָפן אַן אַנדערן צושויער... יענער האָט אים אָן שום מינדסטן ווידערשטאַנד אָפּגעטראָטן, אָבער דער אָפּיצער האָט אויפן גאַנצן זאַל אויסגעשריגן, אַז אין יידישן טעאַטער קאָן מען אָן יידישע שפּיצלעך זיך נישט באַגיין...

איך בין אַלט געווען 12 יאָר. קיין „סטאַזש" פון אַ באַהאַוונטן צושויער, קיין „פאָדערונגען" צו זיך און צו אַנדערע האָב איך נאָך נישט געקאָנט אַרויסשטעלן, אָבער דעם צושטאַנד פון וו אַ ר ט ן אויפן אָנהייב פון דער פאָרשטעלונג האָב איך שוין געקענט... איך האָב מיך שוין געפילט אַזוי ווי אויף דער שוועל פון אַ פאַרמאַכטער טיר, וואָס באַלד וועט זי זיך עפענען און איך וועל ווערן אַוועקגעטראָגן אין אַן אַנדער וועלט, און די אַלע צופעליקע ווירקונגען וועלן פאַרשווינדן, אייגזינקען, ווערן צוניכט...

די שניי־שפּורן און קאַלוזשעס אין גאָרטן, די אָרקעסטער־גראָטע, אַ פאַרוואָרלאָזטע און אויסגעקילטע נאָך די ווינטער־חדשים און די עצם קעלט אין טעאַטער — דאָס אַלץ האָט איינגעפּאַסט מיין שטימונג אין אַ ראָם פון אויסערגעוויינלעכקייט, און מיין צושטאַנד פון וו אַ ר ט ן האָט באַקומען עפּעס אַ מין אַ נ ד ע ר ן פריער מיר נישט באַקאַנטן קאָלאָריט איך האָב ג ע ש וו ע ב ט... געשווומען אין בלויע וואָלקנס, אין פאַרביקע רעגנבויגנס... איך בין געווען גליקלעך, באַהעפט מיט ט ע אַ ט ע ר. און געוואַרט אויף זיין כשוף... און —

דער עפּיזאָד מיטן אָפּיצער און זיין אויסגעשריי וועגן „יידישע שפּיצלעך" האָבן מיר אַזוי ווי אַ שליידער געטאָן אין דער פאַרוויסטער ווינטער־גראָטע.

אַ שווערער קנויל פון נישט אַראָפּגעשלונגענעם ווייטיק האָט מיך אָנגעהויבן שטיקן... מיינע בלויע וואָלקנס, מיינע פאַרביקע רעגנבויגנס זענען געוואָרן פינצטער, מיין געפיל פון וואַרטן ביי דער טיר צו דער וועלט פון צויבער און שיינקייט איז געוואָרן צעשטראָטן — — —

און פלוצלונג!

אין אָרקעסטער האָט זיך באַוויזן „לייבקע אלוקשטערס" — דעם חזן שלאָסבערגס — זון. מיר האָט אַ שיין געטאָן די פרייד פון מיינע אַמאָליקע יאָרן. איך האָב נישט באַוויזן זיך צו זאָגן: „ווי שיין ער זעט אויס, יצחק שלאָסבערג, אין פראַק, מיטן שוואַרצן קאָפּ און עלעגאַנטע וואָנצעלעך!", און האָב נישט באַוויזן צו פאַרגעסן אין די ווייטיקן פון די לעצטע מינוטן —

מיך האָט אָפּגעריסן פון אַלץ אַרום די אוווערטורע!

גאָלדפאַדען! „בר־כוכבא"!

איך וועל דאָ נישט מאַכן קיין פרווו צו אַנאַליזירן די ווערק פון דער וועלט־מוזיק און וועל מיך נישט אַריינלאָזן אין פאַרגלייכן.

די אוווערטורע פון „קאַרמען" געהערט צו די אָנערקענטע שעדעווערן פון אָפּערן־מוזיק (בשעתו האָט איר שפּעטער איבערגעלעבט די בימערקייט פון דורכפאַל!); אַ שעדעווער איז די אוווערטורע פון „רוסלאַן און לודמילע".

ווי ווייט גאָלדפאַדען איז אָריגינעל אָדער נישט; ווי ווייט זיינע קאָמפּאָזיציעס זענען נישט דערוואָקסן צו די הויכן און מאָסן פון גלינקא און ביזע — בין איך אַבסאָלוט נישט קאָמפּעטענט צו רעדן.

אָבער איך קאָן נישט פאַרשווייגן, אַז דער רושם פון מיליטערישן מאַרש אין בר־כוכבא" (מיט וועלכן די אוווערטורע הייבט זיך אָן) איז ביי מיר יענעם אָוונט געווען נישט קיין קלענערער ווי שפּעטער — „קאַרמען" אין פאַריזער אָפּערא קאָמיק און נאָך שפּעטער „רוסלאַן" אין פעטערבורגער „מאַרינסקי טעאַטער".

אין יענעם אָוונט זענען אין מיין האַרצן, געמיט און שעפערישן געוויכן געפאַלן די ערשטע זוימען — פון יידישן טעאַטער!

און ריבאַלסקי (בר־כוכבא), און זאַסלאַווסקאַיאַ (דינה), און ליבערט (פאַפּוס), און בראַגינסקאַיאַ האָבן זיך פעסט אַריינגעקומען אין מיין טעאַטער־וועלט און זענען דאָרטן פאַרבליבן אויף שטענדיק אַזוי ווי די בעסטע טרעגער פון יענע ווערטן ביי ניעזלאָבינען.

אויף מיר דעם 12=יאָריקן — האָט יענעם אָוונט נישט געמאַכט קיין איינדרוק דער אַלטער פּישזאָן, וואָס האָט געשפּילט „רבי אליעזר".

אָבער אויף מאָרגן אין „וויכנע דוואָשע פּאָרט קיין אַמעריקע" האָט ער אַרויסגערופן דוגערן און איז געוואָרן דער ליבלינג פון עולם.

מיר איז פאַרבליבן אויפן גאַנצן לעבן דער איינדרוק פון „קוני=לעמל" (ספּיוואַקאָווסקי —„מאַקס", פּישזאָן — „קוני=לעמל", ליבערט — „רב פּנחסל").

נאָך „שולמית" בין איך אַרומגעגאַנגען ווי אַ פאַרכישופטער וואָכנלאַנג...

אין די שפּעטערדיקע יאָרן — שוין אַ דערוואַקסענער „טעאַטראַל" מיט אַן אַנטוויקלטן געשמאַק און פעסטגעשטעלטע פאָדערונגען צו „ספּעק=טאַקל", צו דעם, וואָס איז „ערגער" און וואָס — „בעסער", וואָס — „גוט" און וואָס — „שלעכט" און וואָס — „אומדערלאָזבאַר" — האָב איך אויף די טעאַטער=ברעטער געזען פאָרשטעלונגען, וואָס האָבן באַשאַפן די איבערצייגונג, אַז אין יידישן טעאַטער=לעבן פעלט — אַטמאָספער, פעלט לופט, זענען נישטאָ קיין אַספּיראַציעס פון העכער אידעאָלאָגיע. און אפילו דאָ, ווו עס האָט זיך געפילט די אידעע=לע לופט פון ריינסטן אידעאַליזם (אזא מוסטער איז געווען פּרץ הירשביינס היסטאָרישער פּרוּוו), איז איבער דעם נישט געווען קיין באַרגשפּיץ, קיין הימלגעוועלב פון גרויסע אידעען.. און טעאַטער איז קודם=כל — אַ וועלטאָנשויונג, טעאַטער איז אַ פילאָזאָפישע שיטה. לאָמיר זיך פאַרגינען אויף דעם אָרט צו ציטירן דעם גרויסן זון פון רוסישן פאָלק, דעם געלייטערטן באָל=שעוויק — מיכאַיל איוואַנאָוויטש קאַלינין. „קונסט" — האָט ער געזאָגט: „מוז פאַרבייטן רעליגיע!"

און פון אַלע קונסטן איז צו רעליגיע די נאָענטסטע — טעאַטער, ווייל אויסגעטאָן פון די עלעמענטן פון צעפלאַמטן און דערהויבענעם כייסט; איינגעפאַסט אין די בלויזע רעקוויזיטן פון ספּעקטאַקל, פאַר=לירט ער זיין איינגנטלעכן זין און ווערט. אין יידישן טעאַטער — ווי אַפט און ווי פלייסיק איך האָב אים שטודירט — איז געווען צו פאַרצייכענען גאָר הויכע דערגרייכונגען, געווען בלעטער, אפשר בענדער — פון ביישפּיל=לאָזן אידעאַליזם. אָבער באַזירט האָט עס גאַנץ אָפט אויף דער שפּיל פון

פערזענלעכע אַמביציעס! („א י ד וועל „ז יי“ ב אַ ווי י ז ן!“), דערצו זענען נאָך צוגעקומען נישט ווייניק פֿאַלן פֿון אויפֿגעבלאָזענע פֿאַל־סיפֿיקאַטן פֿון „קולטור“ און „קונסט“.

פֿאַר די יאָרן, וואָס איך פֿלעג האָבן די געלעגנהייט צו קוקן פֿאָר־שטעלונגען פֿון יידישען טעאַטער, האָב איך מיך איינמאָל געקוויקט, דריי מאָל געשטיקט, אָבער ערגעץ און קיינמאָל נישט געוואָרן מיטגעריסן אין אַ וועלט פֿון איינדרוקן און געדאַנקען, וואָס זאָלן דערהייבן העכער פֿון דעם באַגריף: „גוט געשפּילט“, „געמאַכט אַ דעקאָראַציע — אויף לייטן געזאָגט„ „אויפֿגעפֿירט אַ ווערק פֿון דער וועלטקלאַסיק“. דאַקעגן אָוונטן, ווען איך פֿלעג זיצנדיק אין זאַל זיך קייכן פֿון געלעכטער און אַוועקגיין בייזנדיק די פּויסטן מיט קללות אויף די ליפּן — אַזעלכע האָב איך צו נאָטירן עד בלי די. איך געדענק אַ „ספּעקטאַקל“ אין ווילנער צירק: ג ו ז י ק האָט געשפּילט — „כלעסטאַקאָוו“. אָבער גערופֿן האָט זיך אָט דער כלעסטאַקאָוו — „פּייפּערמאַן“... נאָך איצט, קוקנדיק אין יענעם ווינקל, דערפֿיל איך אַ מין קנויל פֿון כעס אין האַלדז. און דאָ איז לחלוטין נישט וויכטיק — ווי אַ ז ו י האָט גוזיק „געשפּילט, פֿון וועלכער קוואַליטעט איז געווען זיין אַקטיאָרישע לייסטונג. איך גלייב אָן, אַז ער איז געווען אַ גוטער, אפשר אַן אויסגעצייכנטער אַקטיאָר.

אָבער דער ש וו ע ר פּ ו נ ק ט איז נישט אין דעם, אָדער אַ צווייטן יחיד, אין דעם אָדער אַנדערן „א ו י פֿ ט ו“. דער שווערפּונקט איז אין דעם, וואָס אַלץ בסך הכל איז געווען — א ו י ס ע ר ן „אַ־ב“ — פֿון אַ וועלכן עס איז קולטור־ניוואָ. מיט די טיפֿע שטראָמען פֿון דער אַל־טער קולטור, פֿון דעם ז יי ד נ ס קולטור, האָט יידיש טעאַטער נישט געהאַט צו טאָן, פֿון די פֿרעמדע, „ג ו י א י ש ע“ איינפֿלוסן האָבן די שעפּער בלויז גענאַשט און האָבן זיי נאָכגעקרימט. ועל כולם האָט דאָמי־נירט דער פֿאַקטאָר פֿון פּערזענלעכן קאַפּריז און ווילקיר. האָט גאָט צו־געשיקט אַן אברהם גאָלדפֿאַדען, האָבן גלייכצייטיק מיט די פֿאַטשערקעס געשיינט אין ספּעקטאַקל די פֿונקען און בליצן פֿון פּילזייטיק—באַגאַבטן מענטשן. איז די בינע באַשטראַלט געוואָרן מיט אַזעלכע פּערלען אין די־מענטן ווי „שולמית“, ווי די „כשופֿמאַכערין“. האָט זיך דער ציפּאַל אַ קער געטאָן מיטן — במחילה — אחור צו דער קונסט און עסטעטיק און עס פֿלעגט זיך אויף דער בינע באַווייזן אַ בת־חמישים מיט גראָבע קרומע פֿיס און שמאַלציקע ליפּן און דער עולם פֿלעגט אויפֿנעמען די פּרעכטיקע מאָטיוון פֿון „שולמית“ דורך איר אינטערפּרעטאַציע. צום „גליק“ האָט

איר גאָט געשאָנקען אַז אויסגעצייכנטן שטים=מאַטעריאַל, און, זיצנדיק מיט פאַרמאַכטע אויגן, האָט מען פון איר „שולמית“ געקאָנט האָבן גרויס הנאה... אָבער — ש ו ל מ י ת מ י ט ק ר ו מ ע פ י ס??

ס'איז יידיש טעאַטער, לייענער! די דעה האָט דאָ געהאַט דער דירעקטאָר און מיר האָבן פאַר זיך געהאַט זיין פ ר ו י!

אַראָפּ אַלע טענות!

* * *

אין ווילנע סוף זומער 1918 האָט געשפּילט אַ יידישע טרופּע בראש מיט ל ע אָ נ י ד ס אָ ק אָ ל אָ וו. די פאָרשטעלונגען זענען געגאַנגען אין בנין פון צירק. איך האָב דערזען אויפן אפיש — „קין“... איך מוז אָפן זאָגן, אַז אין מיר האָבן זיך צעשפּילט פאַרטויבטע ווייטיקן... איך האָב זיך דערמאָנט אין די בערג אויפן דניעסטר, אין די אָוונטן אין וויטעבסק, אין די צרות ביי וואָיטאַלאָווסקין... וועגן גיין אַ קוק טאָן די פאָרשטעלונג האָט אין מיין מצב פון אומטרייסטבאַרער אבלות נאָך דער מוטער ביי די באַשריבענע פּרטים, נישט געקאָנט זיין קיין רייד איך האָב אַ פּאָר מאָל ביי מיטאָג אין רעסטאָראַן „ס ט. ז ש א ר ז ש“ געטראָפן סאָקאָלאָוון. אויף מיר האָט געמאַכט אַ גוטן איינדרוק זיין שיינע געשטאַלט, אָבער מיר האָבן זיך נישט באַקענט. פאַר אים בין איך, מסתמא, געווען אַ „רוסישער אַקטיאָר“, וואָס געפינט אפילו נישט פאַר נייטיק צו קומען אַ קוק טאָן אַ פאָרשטעלונג... איך בין געווען דערשלאָגן און געשפּאָלטן.

איך ווייס נישט ווי לאַנג וואָלט זיך געצויגן מיין צושטאַנד פון נירוואַנע. אַרויסגעשלעפּט האָט מיך — אַ ל י אָ ש אַ ש ט יי ן.

דאָס איז געווען אַ יונגער אַקטיאָר. דעם נאָמען האָב איך געהערט נאָך איידער איך בין אַוועקגעפאָרן קיין אוקראַינע: איינער פון די יונגע יידן, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט אין טעאַטער ביי בעליאַעוון. אַלס סטאַטיסט, אָדער פון צייט צו צייט זאָגאַר אויך קליינע ראָלן...

ווי אַזוי שטיין איז צו מיר געקומען, געדענק איך נישט און אויך נישט די פּרטים פון ערשטן געשפּרעך. אָבער איך ווייס גענוי, אַז ער האָט פאַרוואָרפן אין מיין געמיט די ערשטע זוימען וועגן פּראַקטישער טעטיקייט אויף דער יידישער בינע.

מיר האָבן גערעדט רוסיש... (אַ נ ד ע ר ש רעדן וועגן ענינים פון טעאַטער איז דעמלט אין מיין פּסיכיק גאָרנישט געווען מעגלעך); ער

האָט מיר דערציילט פּרטים וועגן דער טרופּע „פּאַדראָ“, וואָס איז אַוועק קיין וואַרשע און וואָס איז לויט זיין מיינונג אַן ערנסטער פּרוּוו אויפן וועג פון טעאַטער...

ער האָט דערביי מיט בענקשאַפט גערעדט וועגן זיין אַרבעט ביי ביע־ליאַיעוון און מיך האָט אויפריכטיק גערירט, ווען ער האָט מיט אַ זיפץ געזאָגט:

— רעדנדיק מיט אייך, פיל איך מיך אַזוי ווי אין דער קעגנוואַרט פון איגנאַטי מיכאַילאָוויטש פּאַוולאָווסקי. ער פלעגט וועגן טעאטער און אַקטיאָר רעדן אין אַזעלכע טענער. ביי אונדז אין צירק הערט מען עס נישט...

פּאַוולאָווסקי איז געווען דער הויפּט־רעזשיסער ביי ביעליאַיעוון. אַ פּאָליאַק לויט זיין אָפּשטאַמונג, איז ער געווען אַ פּרעכטיקער אַקטיאָר אין רוסישן טעאַטער. צו זיינע בעסטע דערגרייכונגען האָט אגב געהערט די ראָל פון „יאָהאַן“ אין טאָלסטאָיס טרילאָגיע.

פון די עטלעכע באַגעגעניש מיט אַליאָשאַ שטיין געדענק איך אַזאַ עפּיזאָד:

איינמאָל אין רעכטן ברען האָב איך אים איבערגעשלאָגן אין מיט פון זאַץ און געזאָגט צו אים:

— אַלעקסיי באָריסאָוויטש! איך וואָלט געוואָלט, אַז מיר זאָלן אונ־דזער געשפּרעך פאַרענדיקן אויף יידיש!

ער האָט מיך אָנגעקוקט פאַרחידושט: „וואָס עפּעס מיטאַמאָל אַזאַ איינפאַל“?

— נו, איך בעט אייך... זאָגט מיר איבער דעם אינהאַלט פון די לעצטע 5 מינוט אויף יידיש!

ער האָט זיך געפילט כמו איך מאַך איבער אים אַן עקספּערימענט, און ער האָט זיך אומצופרידן פון מיין איינפאַל אָפּגעזאָגט.

— נו, זאָגט אויף יידיש: „יאַ וואַס ליובליו“.

— א י ך ל י ב א יי ך!

— איז עס נישט דייטש? — זאָג איך צו אים: וואָלט נישט בעסער געווען צו זאָגן: „איך האָב אייך האָלט!“?

דעם לייענער קאָן פאַרקומען פרעמד און נ אַ ר י ש יענער עפּיזאָד. די מעשה איז אָבער די, וואָס אָנהייבן ש פּ י ל ן יידיש האָט באַטייט נישט גאָר אָנהייבן איבערגעבן די צאָל אַרויסגערעדטע ווערטער אויף יידיש: זאָגן „טיש“ אַנשטאָט „סטאָל“, „שוטה“ אַנשטאָט „דוראַק“,

„שמחה“ אַנשטאָט „ראַדאָסט“ — דאָס הייסט נאָך נישט שפּילן ייִדיש. שפּילן ייִדיש האָט געהייסן איבערשמעלצן דעם גאַנצן קאָסמאָס, וואָס פּילט אָן דאָס וועזן פון שוישפּילער, וואָס מאַכט ציטערן זיין האַרץ, וויברירן זיין געוויסן, וואָס פּילט אויס זיין פאַנטאַזיע און לעבן — דאָס אַלץ איבערשמעלצן אין פלאַמען פון נייע אינהאַלטן.

שפּילן ייִדיש האָט באַטייט: פון הייַנט אָן להבא נישט אָפּטרעטן אויף א שריט פון דער מאַמעס קבר. פסיכיש בין איך שוין דערצו רייף געווען. עס האָט בלויז געפעלט דער פאַקטאָר פון דרויסן. ער איז געקומען: נחום ליפּאָווסקי!

# III. נאָום סאָוויעלעוויטש ליפּאָווסקי

אויפֿן לאַנגן פּילגערוועג שליאַך פֿון יידישן טעאַטער: אין זיינע קעלערן און בוידעמער, פֿערד־שטאַלן, היי־שפּייכלערס, הינטער־הייפֿן און מיסטגריבער — ווו אים איז אויסגעקומען אויפֿצושטעלן זיינע צעלטן און סוכות, איז אָן ספֿק דער פֿאַרביקסטער קאַפּיטל — די גאַלעריע פֿון זיינע דירעקטאָרן.

און הגם שלום־עליכם האָט אין די „בלאָנדזשענדע שטערן“ אויסגעמאָלט אַ פּאָרטרעט, וואָס קיין פּענדזל און פּעדער וועט נישט געלינגען צו פֿאַרטונקלען, וואַרט נאָך דער פּנקס פֿון יידישן טעאַטער אויף אַזאַ בלאַט, וווּ די אָפּבילדונגען פֿון אַזעלכע געשטאַלטן, ווי עס זענען געווען — לאָמיר וויט נישט זוכן: אַדאָלף קאָמפּאַניעיעץ, געגפּער, אברהם יצחק קאַמינסקי און נאָך אַ האַלב טוץ, אָדער אַ גאַנץ צענדליק אַזעלכע — זאָלן דערשיינען אין זייער פֿולן דראַמאַטישן תוך — ביי דעם אומפֿאַרמיידלעכן און אומברחמנותדיקן טראַגיקאָמיזם פֿון דער סיטואַציע, אין וועלכער זיי האָבן געלעבט און געווירקט...

מיר האָבן פֿאַר זיך — איינעם פֿון די אָן צווייפֿל סאַמע דראַסטישע מוסטערן.

דעם נאָמען „ליפּאָווסקי“ האָב איך געהערט נאָך מיט יאָרן צוריק, אין געשפּרעכן מיט די חברים פֿון פּרץ־הירשביינס טרופּע, ווען מען פֿלעגט מיר אַנטוויקלען די האָריזאָנטן פֿון אַ יידישן טעאַטער — מיט וועלט־קלאַסיק. מיט ברייטע פּלענער פֿון מאָדערנער רעזשי. מיך פֿלעגט עס דאַן צווינגען צו פֿאַרטראַכטן זיך איבער אַ ריי פֿראַגן, אויף וועלכע ריכטיקע תשובות זענען אַנטשטאַנען נישט מיטאַמאָל, נייערט אין לויף פֿון יאָרן....

ההיינו: „ווער וועט גיין אין יידישן טעאַטער קוקן די וועלט־קלאַסיק?“

די יעניקע, וואָס פּילן אויסן דעם בנין פון צירק, קוקנדיק אויף גוזיקס „פּייפּערמאַן“, דאַרפן נישט קיין „וועלט־קלאַסיק“. און יענע צוקוקער, וואָס קוויקן זיך מיט וועלט־קלאַסיק און מיט מאָדערנער רעזשי אין רוסישן טעאַטער, קומען אין יידישן טעאַטער גאָר צוליב זיין ספּעציפיק... הייסט ווי אַזוי קאָן דאָ קומען די „קאַץ איבערן וואַסער?“

עס איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן אַ געדאַנק, אַז דעם תהום פאַרשיטן קאָן דאָ געלינגען נאָר דאַן, ווען אויף די יידישע ברעטער וועט זיך מעלדן דער אַקטיאָר, וואָס וועט זיך ציען צום שפּילן „וועלט־קלאַסיק“, און ער וועט אַריינציען אין זאַל אַן עולם, וועלכער וועט אין אים געפינען דעם אָפּקלאַנג פון העכערע פּראָבלעמען און מאָטיוון... די ברייטע יידישע אינטעליגענץ האָט ביז דאַן קיין עכאָ פון אירע מענטשלעכע פאָדערונגען צו קונסט נישט געפונען אין יידישן ספּעקטאַקל. דערפאַר איז איר יידיש טעאַטער נישט קיין שפּייז פאַר אירע גייסטיקע געברויכן.

אין געשפּרעכן מיט שטייגען האָב איך מיך אָנגעהויבן אומקערן צו אָט די פּראָבלעמען, און ער האָט מיר איינמאָל אַ זאָג געטאָן:

— איך מוז צו אייך ברענגען ליפּאָווסקין. ער האָט אַלנפאַלס די אַמביציע עפּעס אויפצוטאָן, און איר דאַרפט מיט אים זיך טרעפן.

פון דעם וואָס איך האָב פון אַמאָל וועגן ליפּאָווסקין געהאַט געהערט, האָב איך נישט געקאָנט שעפּן קיין ערנסטע זיכערקייט, אַז מיר וועלן זיך צו עפּעס דערערדן... מען פלעגט מיר דערציילן, אַז ער גייט אַרום איבער דער שטאָט מיט אַ שנירל מעדאַלן, קרייצן, אויסצייכענונגען איבער זיין גאַנצער ברוסט: אַז ער האַלט כסדר אין איין דערציילן „נסים“ וועגן זיין פריינדשאַפט מיט עטלעכע מזרח־הערשער. ווי „לעגענדעס“ פלעגן קלינגען די מעשיות וועגן זיינע איינפאַלן ביים אַרומגיין און אויסמיידן די הונדערטער שטערונגען, וועלכע די צאַרישע מאַכט פלעגט שטעלן אויפן וועג פון „ווילנער יידישן פאָלקס־טעאַטער“, וואָס ליפּאָווסקי איז געווען זיין דירעקטאָר אין משך פון לאַנגע יאָרן. „היסטאָריש“ איז זיין המצאה אין 1915 יאָר. דער מיליטערישער שטאָט־קאָמענדאַנט קניאַז טומאַנאָוו האָט ליפּאָווסקין פאַרבאָטן צו שפּילן, ווייל יידיש איז לויטן פירשט טומאַנאָוו אַ „דייטשישער דיאַלעקט“, און עס באַליידיקט די פּאַטריאָטישע געפילן.

בלית ברירה נעמט ליפּאָווסקי צוזאַמען זיין „טעאַטער“, קאָנקרעט: זיין ווייב אסתר, זיין פּלימעניצע זלאַטקע און די ביבליאָטעק, דעם רעק־

ווזיט, די קאָסטיומען און די פּאַרוקן, דינגט (אפשר קויפט?) אַ פּראַכטוואַגאָן — (40 פּאַרשוין אָדער 8 פערד) — און לאָזט זיך אין ווייטן וועג אַריין — קיין קראַסנאָיאַרסק: דאָרטן איז פון מלחמה קיין סימן נ״שט... דערהערן יידישע אַקטיאָרן, אַז ליפּאָווסקי „פאָרט“ מיטן פאָלקס־טעאַטער אין אַן אייגענעם וואַגאָן, הייבט מען אָן וצושטיין, רחמים בעטן: „זײַ אַ פּאָטער, ראַטעווע, נעם מיך מיט!“. איז אַ ייד נישט קיין גזלן... מינסק, באָברויסק, האָמעל, באַכמאַטש, בריסק. בײַ דער גרענעץ־סטאַציע צווישן אייראָפּעישן און אַזיאַטישן רוסלאַנד זיצן שוין בײַ ליפּקאָווסקין אין וואַגאָן אַ מאַן 12, 15. אויף יעדער סטאַציע פלעגט דער וואַגאָן אָפּשטיין אויף אַ פּאַרוואָרפענעם געלייז וואָכנלאַנג ביז עס פלעגט געלונגען צוצושעפּען אים צו אַ פּראַכטצוג און פאָרן ווייטער.

אַזוי שטייט דער וואַגאָן אויך אויף דער לעצטער אייראָפּעישער סטאַציע, און בײַ די פּאַסאַזשירן זענען אַרויסגעקראָכן די אויגן פון קאָפּ: ווען וועט מען שוין אַ ריר טאָן זיך פון אָרט? — נאָך א יי ן סטאַציע, און מען איז פּטור פון מאָביליזאַציע, פון מלחמה און פון אַלע צרות, וואָס שיטן זיך אויף יידישע קעפּ.

מיטאַמאָל שיקט אָן דער רוח אַן אוריאַדניק אויפן פּאַרוואָרפענעם געלייז, וווּ ליפּאָווסקיס וואַגאָן שטייט שוין ווער ווייס פון ווען אָן:

— וואָס זענען עס פאַר אַ מענטשן, עפּעס אַלע פון אמתן זעלנערישן עלטער און אַלע — ציוויל!

— אַרטיסטן פון מיין טעאַטער! — מעלדעט ליפּאָווסקי מיט אַן אימפּאָנירנדיקן טאָן ווי עס פּאַסט פאַר אַ דירעקטאָר.

אָבער דער קליינשטעטלדיקער פּאָליציאַנט איז נישט פילבאַר צום דירעקטאָרס אויטאָריטעט. ער פאָדערט — ד אָ ק ו מ ע נ ט ן. ליפּאָווסקי מאַכט פון אים חוזק: „אַך, דו דאָרפישער קאָפּ! בײַ אַרטיסטן פאָדערסטו דאָקומענטן? זעסט נישט, אַז דער וואַגאָן איז דורכגעפאָרן פון סאַמע ווילנע ביז אַהער?!

אָבער דער „דאָרפישער קאָפּ“ פאָדערט דעם דירעקטאָר צום איספּראַווניק, און דער לעצטער באַפעלט קאַטעגאָריש: מאָרגן פרי צושטעלן 12 (15?) שריפטלעכע באַווייזן מיט נעמען און פאָרנעמען...

— אָדער אַלע מענער פון 20—40 יאָר ווערן אָפּגעשיקט אין רשות פון דער אויעזדנער מיליטער־מאַכט. 12 דעם זייגער ברענגט איר דאָקומענטן. אייגס דעם זייגער ווערן זיי אַלע פאַרבעטן אַהער.

פונקט 12 האָט ליפּאָווסקי אָנגעקלאַפּט אין טיר.

דער איספּראַווניק האָט אים אויפגענומען מיט אַ ברייטן „גוט מאָרגן!“

— דאָס זענט איר, דער דירעקטאָר? וואָס ווערט איר זאָגן גוטס?

— געבראַכט אַלע נייטיקע פּאַפּירן, אייער וווילגעבוירן,

און ער האָט אַוועקגעלייגט פאַרן איספּראַווניק 12 געדרוקטע פּאַ־פּירלעך...

יענער האָט אָנגעטאָן די ברילן, אַריינגעקוקט, אויפגעהויבן דעם קאָפּ און קוקט אויפן דירעקטאָר מיט אויסגעגלאָצטע אויגן.

— איר זענט משוגע, צי וואָס? דאָס זענען דאָך קוויטונגען פון דער וועשעריי!

— אָבער אַלע מיט נעמען און פאַמיליע־נעמען, אייער וווילגעבוירן!!

— וואָס פאַר אַ שייכות האָט עס צו דאָקומענטן? —שרייט דער איספּראַווניק.

— איר האָט געפאָדערט אַ באַשטעטיקונג פון די 12 פּערזאָן: זייערע נעמען... ווער וועט צווייפלען, אַז אַן אָרעמער אַקטיאָר, אָפּגעבנדיק זיין לעצטע העמד, וועט דערביי אויפגעבן זיין נאָמען, נ י ש ט קיין פאַלשן? אויב דאָס איז נישט קיין זיכערע גאַראַנטיע, מוזט איר מיר אָנווייזן ווי אַזוי און ווו זאָל איך אין משך פון שעהן שאַפן אַ מער זיכערן דאָקומענט.

דער וואַגאָן מיטן „ווילנער פאָלקס־טעאַטער“ איז אַוועק קיין קראַס־נאָיאַרסק.

אויסער זיין דירעקטאָרישער טעטיקייט האָט ליפּאָווסקי געהאַט אַ צווייטן באַרוף, וואָס האָט אים דערוואָרבן גרויס אָנזען: ער פלעגט האַלטן פאַרן עולם סעאַנסן פון מנעמאָנישע עקספּערימענטן, דעמאָנסטרירנדיק זיין זכרון. אויף אַ צעטל, וואָס איז פאַרשריבן אין דריי שפּאַלטן אין האָט לערך 45 קעגנשטאַנדן מיט נומערן, פלעגט ער אַ קוק טאָן, און פון דעם קוק ענטפערן וועלכער קעגנשטאַנד געפינט זיך קעגן אָנגערופענעם נומער. איך האָב נאָך עטלעכע אַזעלכע פרווון מיט אים באַשלאָסן, אַז דאָ איז אַ פאַל פון אַן איבערדורכשניטלעכן וויזואַנעלן זכרון, ווייל זיין אַלגעמיינע „אינטעליגענץ“ (לאָמיר עס אַזוי אָנרופן) איז געשטאַנען אויף אַזאַ' נישט הויכער מדרגה, אַז די שמועסן מיט אים וועגן ענינים פון קונסט, ליטעראַ־טור און ענלעכע „הויכע מאַטעריעס“ פלעגן געבן מאַטעריאַל פאַר אומ־צאָליקע אַנעקדאָטן וועגן אים... זיין אופן רעדן בכלל — און בפרט — זיין

„רוסיש“ — פלעגן צווינגען צו לאַכן. מען פלעגט אויסטראַכטן אַ תירוץ און ער פלעגט מיטלאַכן.

מיר וועלן נאָך האָבן נישט איין געלעגנהייט און נויטווענדיקייט צו שטודירן אָט די פיגור, און די פאַקטן וועלן שאַפן דעם אורטייל וועגן זיינע „מעלות“ און „חסרונות“. דאָ מוז איך זאָגן, אַז אין מיין ספר הזכרונות איז נחום ליפּאָווסקי אַריין, ווי דער פּראַקטישער טעאַטער־טוער, וועלכער האָט מיך באַהעפט מיטן יידישן טעאַטער, און יענע טעג פון סוף אויגוסט 1918, איז ער פאַר מיר געווען, — ד ע ר, וואָס האָט מיך פון מיין מאַמעס קבר פאַר דער האַנט אַוועקגעפירט צום שוועל פון מיין ג יי ע ם ה י כ ל.

די פּרטים וועלן מיר באַלד דערהערן, דערזען, אָפּשאַצן... און מיר וועלן מ ו ז ן ל אַ כ ן, (אַז אָך און וויי צום דאָזיקן געלעכטער!), און מיר וועלן קריצן מיט די ציין און בייסן די ליפּן און ביילן די פויסטן, אָבער פּרטים זענען סוף כל סוף — נישט מער ווי פּרטים, און דער כלל איז: פאַר אַ יידישן שוישפּילער האָט מיך געמאַכט נחום ליפּאָווסקי... מיר פלעגן אין אומגאַנג רעדן רוסיש, און ער האָט געהייסן: „נ אַ ו ם ס אַ־ ז ע ל י ע ו ו י ט ש“. די דייטשישע מאַכט האָט אָן שום הינדערנישן אים ארויסגעגעבן אַ קאָנצעסיע צו באַגייען זיין „ווילנער יידישן פאָלקס־טעאַטער“, וועלכן פאַרבאָטן האָט די רוסישע מאַכט, און ער האָט פאַרגעלייגט סאָקאָלאָוון צו פאַראייניקן זיך מיטן פערסאָנאַל, וועלכן ער וועט צונויפשטעלן.

אסתר ליפּאָווסקאַ איז געווען לכל־הדעות אַ געווינס: אַן אַקטריסע מיט אַ נאָמען, אַ פרוי — דעמאָלט פון אַ יאָר 40 — נישט קיין „שיינהייט“, אָבער מיט אַ פאָר אויסדרוקספולע שיינע אויגן, אין פולן בלי, טעמפּעראַמענטפול, עקספּרעסיוו.

די „טויז“ ביי ליפּאָסקין איז געווען, פאַרשטייט זיך, דער רוסישער אַקטיאָר, אַ ווילנער בן־עיר, מט אַ רעפּוטאַציע פון אַ פעטערבורגער שול, אַ „פירנדיקע פיגור“ נאָך מיט 7 יאָר צוריק ביי בעליאַעוון און איצט אַן אַקטיאָר, וואָס שפּילט באַזונדערס גערן קלאַסיקער... בקיצור: גערן אָדער אומגערן האָט מען געמוזט אים אויפנעמען מיט אָפענע אָרעמס.

די פּראַקטישע אונטערהאַנדלונגען מיט ליפּאָווסקין האָבן געדויערט כמעט מ י נ ו ט ן: ער האָט מיר געמאָלדן, אַז אַ געהאַלט וועט ער מיר געבן אַזאַ, וואָס די פּראַקטיק פון יידישער טעאַטער־ווירטשאַפט האָט ביז

דאַן נישט געקענט: 2.500 אָסטמאַרק א חודש! (אָסטרובל — 1.250). מיין לעצטער געהאַלט ביי וואָיטאַלאָווסקין איז געווען — 600... איך האָב נאָך כמעט 10-יאָריקער טעטיקייט אויף די בינע-ברעטער צום ערשטן מאָל דערזען פאַר מיינע אויגן אַן אָפּשאַצונג פון מיין אַרבעט: וואָס זאָל שטיין אין געהעריקער פּראָפּאָרץ מיט דעם, וואָס איך טו אויף די ברעטער; איך זאָג נישט: „ווי אַזוי איך טו“! אפשר בין איך ווערט געווען אַ צעבראָכענע פּרוטה, אָבער איך האָב געשפּילט — שעקספּירן און שילערן, גריבאָיעדאָוון און גאָרקין, אָסטראָווסקין און גאָגאָלן, און געהאַלט האָב איך באַקומען ווי אַן אַקטיאָר פון צווייטן ראַנג, ווייל כ׳בין אָפּגעשאַצט געוואָרן לויט די ענגע צוואַנגען פון דעם ל ע ב נ ס-ר ע כ ט, וועלכן איך האָב נישט געהאַט.

און דאָ מיטאַמאָל!

איך מוז צוגעבן, אַז מיין „לענדלאָרדעריי“ האָט מיינע שיסלען מיט קיין געבראָטענע עופות נישט אָנגעפילט... דעם מאָטיוו וועלן מיר לעת-עתה נישט פּרוון ברייט אַנטוויקלען. אין זיין צייט, אויף זיין אָרט וועלן מיר אין די דאָזיקע טונקעלע ווינקלען פון אונדזער קיום מוזן אַריינפירן דעם לייענער. דאָ לאָמיר זאָגן בקיצור, אַז צו עקזיסטירן אָן טעאַטער-אַרבעט האָב איך נישט געקאָנט אַפילו טראַכטן, און ליפּאָווסקיס פאָרשלאָג האָב איך שוין צוליב דעם אַליין געזאָלט „כאַפּן“ מיט ביידע הענט. אָבער נאָך די קורצע פּראַקטישע פּערטראַקטאַציעס זענען אַוועק אַ פּאָר וואָכן ביז דער אַנגאַזשעמענט איז געוואָרן אַ געשעענער פאַקט. איך האָב זיך געקווינקלט, געוואַקלט, געצווייפלט... איך בין געווען אויף אַ צוויי-דריי פאָרשטעלונגען, נאָך וועלכע איך האָב געזאָגט ליפּאָווסקין, אַז איך וועל אַנטלויפן פון אַ פּראָבע און, אויב איך וועל די פּראָבן אויסהאַלטן, וועל איך אַנטלויפן אין מיטן אַן אַקט — צוליבן רעקוויזיטאָר, צוליבן פריזירער, צוליב אַ צושויער, וואָס וועט אַריינקומען אין מיטן אַקט און קריכן דווקא אין ערשטער ריי.

ליפּקאָווסקי פלעגט האָרכן, שווייגן, קוקן מיט אַ באַהאַלטענעם שמייכל און חוזק-בליק פון אונטער זיינע שטעכיקע ברעמען. איינמאָל זאָגט ער צו מיר:

— אַלע אייערע ספקות פאַרשאַפן מיר פרייד. איך זע איצט ווי ווייט עס זענען געווען גערעכט מיט יאָרן צוריק איסאַק ווייטער און בן-עמי, רעדנדיק וועגן אייך און פאַרזיכערנדיק, אַז בלויז מיט אייער פּאַנאַטיזם

קאָן געלונגען איבערצײַקערן די װירקלעכקייט און אָנהייבן אַ נײַעם װעג. די זאַך איז, װאָס  מ אָ ר ג ן  װערט אין מאַגיסטראַט באַהאַנדלט די פראַגע װעגן אַ סובסידיע פאַרן פאָלקס־טעאַטער. איך האָב ביז איצט מיך אָפּגעהאַלטן פון מאַכן מיט אײַך אַן אָפיציעלן אָפּמאַך, װײַל פון די בעסטע אײַנגאַמעס קאָן איך אײַך די פאָרגעלייגטע געהאַלט נישט גאַראַנטירן. אויב די סובסידיע פאַר דעם טעאַטער װעט װערן באַשטעטיקט, דאַן שרייבן מיר דעם זעלביקן טאָג אונטער דעם קאָנטראַקט.

איך האָב זיך דאַן אַרומגעזען, אַז נישט נאָר איך צי אָפּ דעם ענין: ליפּאָװסקי האָט זיך אויך נישט שטאַרק געאײַלט, און איך האָב מיך דערפילט װי אויף אַ צעבראָכן שיפל אינמיטן טײַך... „סובסידיע", „מאַגיסטראַט" — עפּעס שמעקט עס מיט מאַכינאַציעס.

— מאָרגן מוז איך טעלעגראַפירן קיין קיעװ, אַז איך פאָר אַרוים צום סעזאָן. עס איז שוין די צװייטע העלפט אויגוסט.

— מיר טרעפן זיך 12 אַזייגער אין קאַפע „קװיסיסאַנא" אויפן ראָג װילנער און געאָרגיעװסקי פּראָספּעקט — זאָגט ליפּאָװסקי.

פונקט 12 בין איך געקומען און אים שוין געפונען זיצן.

— דער פונקט „סובסידיע" איז אויפן סדר־היום פון דער הײַנטיקער זיצונג — זאָגט ער — שפּעטסטנס דרײַ דעם זייגער װעט דער ענין באַשלאָסן װערן. עס קאָן זײַן, אַז פריער... איר װילט װאַרטן דאָ?

— װאָס װעל איך טון דרײַ שעה אַליין אין קאַפע? און דרײַ איז שוין שפּעט צו טעלעגראַפירן קיין קיעװ. די טעלעגראַם װעט שוין הײַנט נישט אָנקומען. און איך קאָן בלײַבן אָן אַן אַנגאַזשעמענט אויפן װינטער־סעזאָן, נאָאום סאָװעליעװיטש. אַלזאָ: איך װאַרט ביז האַלב צװיי.

— אַזוי װייניק אינטערעס האָט איר פאַר אונדזער גאַנצן ענין, אַז נאָך איין שעה װילט איר נישט אײַנשטעלן אין קאָן?

— איך בין סתם שטאַרק מסופק, צי דער מאַגיסטראַט װעט נאָכקומען אײַער װונטש.

ער האָט מיך דורכגענומען מיט אַ שאַרפן בליק און געשװיגן.

— ביז דרײַ? — זאָגט ער.

— נו, רעכט: ביז צװיי — זאָג איך.

— אַז עקשן װאָס איר זענט! זאָגט מיר: און װיפל איז 15280363 געכפלט אויף 19345777?

איך האָב זיך צעשמייכלט: כפלן אַכטצאָליקע ציפערס נישט טראַכטנ־דיק איז געווען איינער פון זיינע עפּעקטפולע נומערן אויף די מנעמאָנישע סעאַנסן.

— וועל איך אייך זאָגן!

און ער האָט אָנגערופן אַ ציפער פון כד וכד ביליאָנען.

— און וויאַזוי וועט איר באַווייזן, אַז ס׳איז ריכטיק?

באַווייזט איר מיר, אַז ס׳איז פאַלש!

ער האָט אַרויסגעשלעפּט פון קעשענע אַ בויגן פּאַפּיר און בליישטיפט.

— באַרעכנט! צווישן צוויי און דריי בין איך דאָ.

— צוויי, צוויי, נאָאום סאָוועלעוויטש.

ער איז אַרויס פון קאַפע. איך האָב זיך גענומען כפלען...

— ווי האַלט עס? — הער איך, זיצנדיק איינגעבויגן אין דרייען אי־בערן געדיכט מיט ציפערן באַדעקטן בויגן.

איך הייב אויף דעם קאָפּ: ליפּאָווסקי!

— נאָך נישט באַרעכנט? — זאָגט ער — דער זייגער איז דאָך האַלב 4!

איך בין אויפגעשפּרונגען פון אָרט.

— וואָהין פליט איר? קיין קיעוו פאָרט איר נישט! די סובסידיע איז באַשטעטיקט! מזל טוב! אין אַ גוטער שעה! איר האָט, משמעות, אַ גליק־לעכע האַנט, מאָרעווסקי! און לאָמיר קיין צייט מער נישט פאַרלירן. עס איז פאַרבליבן עטלעכע טעג ביז ראש השנה. מוצאי ראש השנה דאַרפן מיר אָנהייבן דעם סעזאָן!

ער האָט באַשלאָסן, אַז אין ערשטן ספּעקטאַקל זאָלן אויפטרעטן ב ל ו י ז די פריש־אַנגאַזשירטע מיטגלידער. דערצו האָט ער פאָרגע־לייגט אַ שטיק, וואָס האַלט זיך אויף פ י ר פּערסאָנאַזשן: פּרץ הירש־ביינס „דער לעצטער“. עס האָבן געשפּילט: אסתר ליפּאָווסקאַ, יערמאָלי־נא־ווייסמאַן, דער אין ווילנע פּאָפּולערער אַמאַטאָר מאָלסקי און — מאָ־רעווסקי.

איך געדענק ווייניק צו דערציילן וועגן גאַנג פון די פּראָבן. איך גע־דענק, אַז מיר האָט אימפּאָנירט יערמאָלינאַ־ווייסמאַן מיט איר מאַיעס־טעטישן אויסזען און באַצווינגענדיקער אויפריכטיקייט פון איר טאָן, הגם מיך האָט זייער שאָקירט איר דיאַלעקט, וואָס האָט מיר אויסגעזען — „ווילד“ און „אַנטיסצעניש“.

אָבער מיר האָט בעת דער פֿאָרשטעלונג דערוואַרט אַ סורפּריז, וואָס וואָלט מיר פֿאַריאָגט פֿון טעאַטער ווי „דער פֿעפֿער וואַקסט“, ווען איך וויים פֿריער, אַז אַזוינס וועט געשען.

איך האָב געלאָזט וויסן, אַז מען זאָל מיר פֿאַרן ספּעקטאַקל נישט ווינטשן, נישט גראַטולירן, ווייל דאָס איז אין מיין קרייז געווען — „אָפּגעהיט זאָל מען ווערן“.

אַז איך בין געווען גרייט צום אָנפֿאַנג, איז אַריין ליפּאָווסקי און זאָגט:

— אַ גוט יאָר, אַ כתיבה וחתימה טובה מעג איך אייך ווינטשן?

מיר האָבן זיך שטאַרק אַרומגענומען און צעקושט. ער האָט אַ סעקונדע מיר אַריינגעקוקט אין די אויגן און איז אַרויס פֿון דער גאַרדעראָבע.

אַז איך בין אַרויס אויף דער בינע און געוואָלט הייסן אָנהייבן, הער איך: ליפּאָווסקי שטייט פֿאַרן פֿאָרהאַנג און רעדט. מיר האָט עס שטאַרק פֿאַרדראָסן, אָבער — פֿאַרפֿאַלן. איך האָב זיך דערמאָנט, אַז, זייענדיק אַמאָל אין לאָנדאָן, האָב איך געהערט, אַז דער באַרימטער דזשייקאָב אַדלער האַלט כסדר „דרשות“ — „ספּיטשעס“ רופֿט זיך עס — פֿאַרן פֿאָרהאַנג. מעג דאָך ליפּאָווסקי נאָכטאָן די דאָזיקע טראַדיציע.

ליפּאָווסקי האָט אָנגעהויבן פֿון דעם, אַז אויף הייַנטיקן אַפּיש איז פֿאַראַן אַ פֿאַרדריסלעכער טעות, וועלכן ער וויל אויסבעסערן. דער נייַ־אַנגאַזשירטער שוישפּילער אברהם מאָרעווסקי שפּילט הייַנט — נ י ש ט  ד ע ם „ל ע צ ט ן  י י ד“, ווי עס מעלדעט דער אַפּיש נייערט — דעם ע ר ש ט ן  ייד, ווייל ביז הייַנט האָט ער געשפּילט אויף דער רוסישער בינע — בלויז „גוים“; פֿון הייַנט אָן הייבט ער אָן שפּילן — יידן...

דער עולם איז זאַל האָט דעם וויץ אויפֿגענומען זייער וואַרעם, און ווען אויף דעם ענדיקט זיך דער „ספּיטש“, וואָלט געווען — גוט און ווויל. אָבער ליפּאָווסקי האָט נאָך צוגעגעבן, אַז ער ווינטשט דעם עולם לכבוד ראש השנה א כתיבה וחתימה טובה, א גוט געזונט יאָר און אלדאָס גוטס... דאָס האָט שוין געשמעקט מיט עפּעס פֿון נישט געשמאַקער ספּעציפֿיק, אָבער איך האָב נישט באַוויזן צו דערפֿילן דעם „טעם“ פֿון ד ע ם, ווי מיר איז געוואָרן פֿינצטער אין די אויגן: דעם גליקווונטש צום נייעם יאָר האָט ליפּאָווסקי פֿאַרענדיקט: „פֿון מיר, פֿון גאַנצן „פֿאַלקסטעאַטער“, פֿון אונדזער נייעם חשבון מיטגליד און פֿון אַלע איינוווינער אין מנקרס הויז אויף שאָפּען גאַס, ווייל מאָרעווסקי דאָס איז נישט קיין אַנדערער ווי אונדזער ווילנער תושב בנימין מנקר׳ס זון“...

וואָס מיט מיר איז געוואָרן, אַז איך האָב דערהערט אָט דעם „פּזמון“, איז מיר שווער צו זאָגן, ווייל... וו ע ר ט ע ר זענען דאָ צו שוואַכע פאַרמיטלער. איך האָב בוכשטעבלעך דערפילט אין מיינע פויסטן די נויטווענדיקייט אָנצונעמען דעם ש ע נ ד ע ר פאַרן קאַרק און אַרויסוואַרפן פון די קוליסן. די ביטערקייט פון מיין ל ע נ ד ל אָ ר ד־סיטואַציע האָט זיך צעגאָסן איבער מיין קעל, און איך האָב מיך אָנגעהויבן שטיקן פון אויפרעגונג. אָבער קיין מעגלעכקייט צו רעאַגירן אפילו ווי ע ס איז האָב איך נישט געהאַט: דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן, און איך האָב געמוזט צוזאַמענעמען אַלע כוחות צו באַטרעטן די בינע. פאַר דער עצם אויפגאַבע: ש פּ י ל ן זענען אָפּגעטראָטן אַלע אַנדערע מאָמענטן, אפילו דער פאַקט, וואָס איך הויב אָן אַ נייעם עטאַפּ אויף מיין לעבנסוועג... ש פּ י ל ן! אַריבערטרעטן די שוועל פון דער „טיר“, וועלכע איז צונויפגעקלאַפּט פון פּאַפּיע־מאַשע, ווערן דער „פריידענקענדיקער זון“ פון אַלטן „רב“, וואָס קעמפט פאַרביסן קעגן זיין בן־יחידס טעאָריע, אַז יידן — צוליב די ענדלאָזע רדיפות — דאַרפן אויפהערן זיך צו מערן אויף דער וועלט — אָט־דער צעשטראַלטער יונגער ייד, וואָס פּרעדיקט אומקום, איז שוין געווען דער אַליינהערשער איבער אַלע מיינע חושים און מחשבות... ליפּאָווסקי, „לענדלאָרד“, די שכנים אויף שאָפּען־גאַס נומער 4 און אַלץ אַרום דעם אַלעם איז פאַרשוווּנדן. איך בין אַרויס אויף דער בינע, איך האָב געלעבט אין דער געהעריקער געשטאַלט, איך האָב געשוועבט אין די הויכן פון דער הירשביין־פּראָבלעם. איך האָב געשפּילט מיין ערשטן ספּעקטאַקל אויפן לשון פון מיין מאַמען, וועלכע איך האָב יענעם אָוונט דערפילט אַ לעבעדיקע נעבן מיין האַרצן...

פון יענעם ספּעקטאַקל געדענק איך, אַז מיר האָט זיך אָפּט געפּלאָנטערט די צונג, מיר האָבן זיך שלעכט געלייגט די ווערטער אויף די ליפּן... איך מיין, איך בין זיכער, אַז קיין „ד ע ר פ אָ ל ג“, — אָבעקטיוו גענומען — איז עס נישט געווען; אַז די אַלע פון דער טרופּע, וואָס זענען נישט געווען באַטייליקט יענעם אָוונט, האָבן געהאַט אַ פעסטן יסוד צו רעדן וועגן דעם, אַז דעם נייעם מיטגליד האָט די דירעקציע פון „באַלקאָן־טעאַטער“ אַקרעדיטירט איבער יעדער מאָס און וואָג; אַז דאָ גייט אין אַ געשיקטער „טעאַטער־פּאָליטיק“ מצד ליפּאָווסקין.

אָ די אָפּשאַצונגען שפּילן אין לעבן פון טעאַטער די דאָמינירנדיקע ראָלע, און יעדער צד איז פאַר זיך גערעכט: „גוט“, „גלענצנד“ און — פאַרקערט: „גאָרנישט ווערט“ — דאָס איז אַלץ אָפּהענגיק פון דעם, ווי

אַזוי עס שאַצט דער און יענער צד. און דאָס גייט אָן אַזוי לאַנג, ווי אויף די ברעטער גיט נישט אַ שטראַל אַרויס דער א מ ת פון אַקטיאָרישן אויפבליץ... אין דעם מאָמענט, ווען אָט דאָס באַווייזט זיך, פאַרשווינדן די שאָטנס פון פּאָליטיק, פון אינטריגע, פון „צדדים־שפּיל“: אומפריינד שווייגן, פריינד קוקן מיט אויסדרוק פון גליק אויף די פּנימער...

נאָכן ערשטן ספּעקטאַקל האָב איך ליפּאָווסקין געמאָלדן, אַז זיין „ספּיטש“ מיטן ניי־יאָר־ווונטש, מיט מיין טאַטן, מיט די שכנים — זענען פאַר מיר אַזאַ מין ע ק ל ה אַ פּ ט ע ר גרילץ, אַז איך האָב שטאַרק חרטה, וואָס איך האָב זיך געלאָזט אַריינשלעפּן אין זיין „קעניגרייך“. און איך וואָרן אים, אַז מאָראַליש האַלט איך מיך שוין פּטור פון אַלע פליכטן לגבי אים און, אויב ער וועט נישט פאַרשטיין, וואָס איז דערלויבט און וואָס נישט דערלאָזבאַר אין דער לופט פון טעאַטער, וועל איך אין אַ העלן פרימאָרגן מיין אָנגעהעריקייט צו זיין טעאַטער אָפּהאַקן.

אָבער דאָ איז געשען יענער „נ ס“, וואָס גיט צו דער וואָכעדיקער עקזיסטענץ פון אַ טעאַטער־אונטערנעמונג די טעמפּעראַטור פון פייערלעכקייט, און אַלע אַרום און אַלץ אַרום הייבט אָן לויכטן און שמייכלען און פרייען זיך...

## IV, „אָך טי גאָי יעסי!“

צו דער צווייטער אויפפירונג האָב איך באַשלאָסן צו געבן אָסיפּ דימאָווס „שמע ישראל“. איך מוז מודה זיין, אַז ערשט איצט, בעת איך שרייב אָט די שורות, גיב איך מיר אָפּ אַ קלאָרן חשבון, אַז דימאָווס פּיעסע האָט אין מיין סצענישן קוריקולום וויטע די באַדייטונג פון אַ סצענישן עטאַפּ מיט וואָרצלען פון טראַדיציעס: שוין צום דריטן מאָל איז די פּיעסע אין מיין לעבן אַ מין ווענדעפּונקט. אין 1907 — דאַלמאַטאָווס גאַסטראָל, 11 יאָר שפּעטער — דער נישט פאַרגעסלעכער איינדרוק פון זאַסלאַווסקין און איצט — אין קנאַפּע 4 חדשים אַרום — דער ספּעקטאַקל ביי ליפּאָווסקין.

אַז אויף מיין סצענישער לייסטונג זענען געלעגן די שפּורן פון די פריערדיקע צוויי גדולים פון דער בינע־קונסט, וועל איך נישט נאָר נישט פּרוּוון לייקענען — פאַרקערט! איך וויל מיר דערלויבן צו באַהויפּטן, אַז דער גרעסטער באַווייז פון דער ווערטפולקייט אין מיין דערגרייכונג, דער יסוד פון אַרומיקער אָנערקענונג שטעקט אין דעם, וואָס איך בין דעם אָוונט דערוואַקסן ביז דער מאָס פון קאָנען פאַרגלייכט ווערן מיט מיין לערער און דערנאָך מיטן גרויסן מייסטער פון דער יידישער בינע־קונסט.

אָבער די שפּורן פון יענע זענען געווען בלויז דער אָנהייב פון אונדזער פאָרשטעלונג ביי ליפּאָווסקין, בלויז — דער קוואַל; אָבער דער עצם שטראָם, דער איינהאַלט, דער יש — זענען מיר אַליין געווען; איז געווען דער גאַנצער סכום חושים; דער גאַנצער קאָמפּלעקס פון אַרטיזם, דער גאַנצער פּייער־זייל פון אונדזערע צעשפּילטע געמיטער, וואָס האָבן אויסגעפילט די פראָבן פון ערשטן אָטעמצוג ביזן לעצטן פאָרהאַנג אויפן ערשטן ספּעקטאַקל.

די צעשטראַלטע פּנימער ביי די אָנטיילנעמער געדענק איך בולט. אַלעקס שטיין האָט צום סוף פון דער ערשטער פראָבע געזאָגט עפּעס אין

דעם זין, אַז ער האָט הייַנט פאַרשטאַנען ווי גרויס זענען די פאַרמעסטונגען פון אמתער קונסט... („עס ווילט זיך אַ קוש טון אייַער האַנט" — קלינגט מיר אין די אויערן). יערמאָלינאַ־ווייסמאַן, אַז אויסגעהאָדעוועטע אין אַלטן טעאַטער, האָט אַ זאָג געטאָן, אַז דעם ערשטן מאָל דוכט זיך איר, אַז די פּראָבע האָט זיך צו שנעל פאַרענדיקט...

איך האָב אין קורצע טעג אַרום נאָך עטלעכע פּראָבן מיט גאַנצן אַנסאַמבל זיך איבערצייַגט און געזאָגט, אַז דער יידישער אַקטיאָר איז אין דורכשניט אויף אַ סך אַ העכערן קולטורעלן ניוואָ ווי דער רוסישער אין פּראָווינץ... עס זענען דאָ נישטאָ די „קאַרפּן־קעפּ", וועמענס נעמען באַלויכטן דאָרטן אַלץ אַרום זיך, אָבער דער מיטלשטאַנד איז אַ בעסערער שוין אַדאַנק דעם, וואָס מען טרינקט נישט אַזוי ווי דאָרטן. אָבער איינס פעלט דעם יידישן אַקטיאָר: ער קאָן נישט און וויל נישט — ר ע פּ ע ר ט י ר ן.

דער אונטערשייד צווישן פריערדיקן טייל פון פּערסאָנאַל און דעם נייַאַנגאַזשירטן פלעגט די אַרבעט אין יענע ערשטע וואָכן ביי לפּאָווסקין ממש שפּאַלטן אויף צוויי נישט־גלייכע טיילן. י ע נ ע, פון סאָקאָלאָוום „הדר" פלעגן אָפּן פּראָטעסטירן קעגן דעם אופן „צו קנעלן" איבער יעדער סצענקע און זוכן „פון צווישן די שורות" פאַרבאָרגענע אינהאַלטן. „מיינע" דאַקעגן האָבן אויף די פּראָבן וואָס וויַיטער אַלץ מער אָנגעהויבן זיך פאַרטיפן און זוכן, דענקען.

נאָך „שמע ישראל" האָבן מיר אויפגעפירט אַ ריי ווערק פון גאַנגבאַרן רוסישן רעפּערטואַר, בתוכם דעם דעמלטיקן שלאַגער — אַרציבאַשעווס „אייפערזוכט", גאָרדינס „אמתע קראַפט", אָסיפּ דימאָווס „דער אייביקער וואַנדערער". „די קרייצער־סאָנאַטע" — ג אָ ר ד י נ ס, וואָס האָט אויפן רוסישן אַפיש זיך גערופן: „זאַ אָקעאַנאָם". סאָקאָלאָוו האָט געשפּילט די צענטראַלע ראָלע — פון אַלטן, און איך דעם מוזיקער... קלאָר, אַז דאָמינירן אין ספּעקטאַקל האָב איך נישט געקאָנט, נישט געפּרוווט און נישט געטראַכט. אין יענע טעג איז געוואָרן פיינלעך קלאָר דאָס, וואָס מיך האָט איז די פאַרהעלטענישן פון יידישן טעאַטער שפּעטער אַזוי אָפּגעשטויסן און פאַרסמט די לופט: דער פאַקטאָר פון „אַ מ ב י צ י ע", וואָס שטייט איבער אַלע אַנדערע מאָמענטן אין דער אַרבעט, אין באַציונגען צווישן קאָלעגן... עפּעס אַן אַרויסגעצויגענער פון אַלטן לעבנסשטייגער קאַמף אַרום דער בעסערער עליה: „מפטיר" איז מער אָנגעזען ווי „ששי" אין „ששי"

ווי „שלישי“... און די אַמביציעס דערביי זענען אַזוי קליינקעפּלדיק, ענגהאַרציק און מיטן עצם „קריאת התורה“ האָט עס אַזאַ קנאַפּע שייכות... אויך אין לעבן, אין די שפּעטערישע פּראָצעסן, אַפילו, באַשיידענער מעסטנדיק, — אין דער רעגולערער טאָג־אַרבעט פון טעאַטער ווערט אַלץ אַוועקגערוקט אין הינטערגרונט, און עס ברענט און בראָט איבער אַלעם — עמעצנס אַמביציע.

ביי ליפּאָווסקין יענע וואָכן האָב איך עס דערפילט שאַרף און שמערצלעך. איך האָב שטיינען אָנגעהויבן אַרויספירן אין דער ערשטער ריי, און תיכף זיך אָנגעשטויסן אויף די שאַרפסטע פּראָטעסטן מצד סאָקאָלאָוון... צו קיין אָפענעם קאָנפליקט איז נישט דערגאַנגען, אָבער איך האָב געמאָלדן ליפּאָווסקין, אַז איך טייל ראָלן לויט מיין רעזשיסערישן איינזען און געוויסן, און אַלע י ו נ ג ט ל ע כ ע וועל איך לאָזן שפּילן — שטיינען...

סאָקאָלאָוו קאָן פּרעטענדירן אויף דעם, וואָס א י ך שפּיל, און דאָ לאָז איך איבער דעם באַשלוס דעם דירעקטאָר. סאָקאָלאָוו האָט איינגיכן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דאָס טעאַטער, און דאָ איז פאָרגעקומען אַן עפּיזאָד, וואָס האָט ווי מיט אַ רעפלעקטאָר באַלויכטן די סיטואַציע. ער האָט צו זיין אָפּשייד־בענעפיס געשטעלט אַנרי בערנשטיינס דעמלט גאַנגבאַר שטיק: „איזראַאיל“ (אויפן יידישן פּלאַקאַט פלעגט מען זי רופן „ישראלקע דער אַנטיסעמיט“). סאָקאָלאָוו האָט געשפּילט די טיטל־ראָל און מיר פאַרגעלייגט די זייער דאַנקבאַרע ראָל פון אַלטן באַנקיר. איך האָב מסכים געווען... דאָ איז אויך געווען די כוונה צו דערשייגען אין דער צ ע נ ט ר אַ ל ע ר געשטאַלט, האַלטנדיק מיך הינטער זיך: „אַ קלענערע עליה!“ אָבער איך האָב אין אָט דעם שפּיל אין „עליות“ בכלל זיך נישט באַטייליקט און אין ד ע ם פאַל, צום בענעפיס, אוודאי וועגן מיין „אַמביציע“ נישט געטראַכט.

אין סוף ערשטן אַקט קומט פאָר אַ סצענע צווישן יונגן אַריסטאָקראַט און דעם אַלטן באַנקיר. אין אַ גרעסערער קאָמפּאַניע פון יונגטלעכע נעמט דער יונג אויף זיך די מיסיע צו דערווייטערן פון מאָנאַרכיסטישן קלוב דעם אַלטן יידן, און ווען ער באַווייזט זיך, פאָדערט אים דער יונגער מאָנאַרכיסט אויף — לויטן אָפּמאַך מיט אַלעמען אַרום — צו פאַרלאָזן דאָס הויז. דער אַלטער אַנטזאָגט זיך... דאַן נעמט דער יונגער אַרויס ביים אַלטן זיין שטעקן פון האַנט און שלייערט אַראָפּ זיין צילינדער־הוט. דער פאַרהאַנג פאַלט.

— די גאַנצע סצענע איז ביי אייך אויסגעבויט אַזוי, אַז דער אַקט האָט נישט קיין סוף, קיין שלום־אַקצענט — האָב איך געזאָגט צו כּאַקאַ־לאָוון... אַנטשולדיקט מיר וואָס איך מיש מיך אַריין אין דער רעזשי, אָבער איך שפּיל די שלום־סצענע און בין פאַראינטערעסירט אין דעם, אַז דער אַקט זאָל איבערלאָזן אַן איינדרוק.

איבערצייגט, אַז איך וויל אויספּועלן אַן „עפעקט" פאַר מיר, האָט דער רעזשיסער זיך איינגעשפּאַרט און געמאָלדן, אַז קיין איין שריט, אַוי־סער ווי אויפהייבן דעם צילינדער־הוט קאָן דאָ דער אַלטער נישט מאַכן.

— דער אַלטער דאַרף מער גאָרנישט טאָן, אָבער נאָך דעם ווי ער פאַרשווינדט, דאַרף די עדה מאָנאַרכיסטן אויפהייבן דעם יונגן איך די הענט, מיט אויסרופן: „וויוואַט!" אים וואַרפן אין דער הויך, און — ד אַ ן ג יי ט ד ע ר פ אָ ר ה אַ נ ג!

פאַר דער רעזשיסער, סיי אַלע ארום אים האָבן עטלעכע מינוט נישט באַגריפן וו אָ ס א י ך וו י ל פ ו ן ז יי, ווייל מיין פאָדערונג איז דאָך געווען אַן עפעקטפולע סצענע פאַר סאַקאָלאָוון...

און אַז אַ מענטשן קאָן איינפאַלן אַ כוונה צו דערהויבן דעם אַ ק ט להיפּוך צו זיין אייגענער „אַמביציע", אַזוינס איז, משמעות, ביז יענעם פאַל אויף די יידישע ברעטער נישט געהערט געוואָרן.

סאָקאָלאָוו האָט מסכים געווען מיט מיין פאָרשלאַג. דער אַקט איז דורך מיט אַ „קנאַק", איינגיכן איז ער פון ווילנע אַוועקגעפאָרן.

* *
*

צו יענע וואָכן, שוין אין מיטן סעפּטעמבער אומגעפער, האָבן זיך אין ווילנע פאַרזאַמלט אַ ריי פירנדיקע פאָרשטייער פון דער יידישער אינטעלי־גענץ, טיילווייז — פון די, וואָס זענען געווען געבליבן מיט די דייטשן, ווי דאָקטאָר ווינאָדסקי, דאָקטאָר צמח שאבאד. עס האָבן זיך באַוויזן נייע שפּראָצונגען אין דער ליטעראַטור, פּובליציסטיק. זייער פּאָפּולער איז גע־וואָרן דן קאַפּלאָנאָוויטש, וועמעס פעליעטאָנען יעדן פרייטיק אין דער צייַ־טונג „לעצטע נייעס" האָבן אים באַשאַפן אַ רעפּוטאַציע שיעור נישט פון אַ „נייעם שלום־עליכם".

לאָמיר פאַרבייגייענדיק באַמערקן, אַז אין דער קינסט זענען נישט בנמצא קיין „צווייטע" אויפלאַגעס פון שעקספירן, סערוואַנטעסן און זיי־

ערם גלייכן. איז אַ נייע דערשיינונג גרויס, האָט זי פון ערשטן אָטעם־צוג איר אייגן געשטאַלט, און בלויז פיגמייען, ליליפוטן קאָנען האָבן חשק צו „דערמאָנען“ אַ פריערדיקן גיגאַנט און גילטן ווי אַ „צווייטער“ הייגע.

דן קאַפּלאַנאָוויטש איז געווען אַן אויסגעצייכנטער פעליעטאָניסט, מיט אַ לייכטער פען מיט יידישן וויץ און זיפץ. אָבער נאָך עטלעכע פעליעטאָנען האָט ער זיך אויסגעשעפּט און אָנגעהויבן — איבערצוחזרן. אויסער דעם, האָט ער נישט געהאַט קיין טראָפּן פון דעם, וואָס מאַכט אַ ווערק — דויערהאַפט. די ערשטע אייגנשאַפט פון „קלאַסיק“ איז די, וואָס יעדעס בילד, יעדער אָטעם־צוג פון דיכטער איז אין דער גלייכער מאָס אַ מאָטיוו פון שלאָגנדיקער אַקטואַליטעט און אַן עכאָ פון יאָרטויזנטער. דעם קלאַסיקער רעגט אין דער זעלביקער מאָס זיין פילאָזאָפישער געדאַנק, וואָס מאַכט פון מינוטן יאָרהונדערטער, און דער מאָטיוו פון לויפנדיקן טאָג, וואָס האָט אים געשטויסן צו שרייבן דאָס ווערק. אַ פעליעטאָן, אַן עסיי, אַ נאָוועלע, אַ ליד, ווו דער אַקטועלער מאָטיוו — מעג ער זיין אַרויסגעבראַכט מיט מייסטערשאַפט און מיט טיפסטער עמאָציע — שעפּט אויס דעם אינהאַלט און צווינגט נישט צו טראַכטן און פילן וועגן פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט, פאַרוועלקט און שטאַרבט אָפּ צוזאַמען מיטן אינטערעס און מאָטיוו פון טאָג, וואָך, חודש...

דן קאַפּלאַנאָוויטש איז אַ דאָקומענט פון ווילנער ווירקלעכקייט פאַר יענע יאָרן. דערצו איז ער געווען אַ האַרציקער יידישער מענטש. אין יענע וואָכן האָבן אַ סך פאַרשווינען געמאַכט דעם איינדרוק, אַז זיי זענען עפּעס אַזאַ מין טיפּ פון „ס ע ז אָ ן־יי ד ן“, און ביים ערשטן ווינט פון ערגעץ וועלן זיי זייער יידישקייט אויסטון ווי אַ בגד נאָכן סעזאָן.

דאָקטאָר שאַבאַד, וועלכער איז די ווייטערדיקע יאָרן געוואָרן איינער פון די סאַמע פעסטע זיילן פון יידישן רענעסאַנס אין ווילנע (פון היסטאָרישער וואָגיקייט און פאַרנעם איז געווען נעבן אים די טעטיקייט פון זיין איידעם, דאָקטאָר מאַקס ווײַנרייך), האָט אין יענע חדשים אויסגעזען ווי אין אַ פרעמדן בגד מיט אַ פאַרוק פון אַן אַנדערנס קאָפּ: אַזוי נישט נאַטירלעך און אומגעריכט האָט דעמאָלט געקלונגען דער נאָמען „צמח“, „דאָקטאָר צמח שאַבאַד“, פאַר יעדן אַלטן ווילנער תושב, וואָס האָט געוווּסט, אַז דעם פּאָפּולערן, אין ווילנע — באַרימטן, דאָקטאָר שאַבאַד רופט מען: „ט י מ אָ פ ע י אָ ס י פּ אָ וו י ט ש“...

אויפן פּאָן פון אָט די מענטשן, אָנגעפּאָרענע פון רוסלאַנד אין אי־

בערגעבליבענע פֿון די פֿינצטערע אָקופּאַציע=יאָרן, האָבן זיך שאַרף אויסגעטיילט דריי, פֿיר געשטאַלטן: אַנ=סקי, ניגער, ווייטער און לייב יאַפֿע!

אַלע פֿיר זענען דעמלט אָקאָרשט געקומען קיין ווילנע, און אין דער לופֿט — לאָמיר דייטלעך באַטאָנען: אין דער קולטור=אַטמאָספֿער, — וואָס האָט געהערשט אין ווילנע, האָבן זיי אַלע און יעדער פֿון זיי פֿאַר זיך דערפֿילט אַ באָדן, אין וועלכן עס מוז טיף פֿאַרוואָרצלט ווערן דער בוים פֿון רייכן אויפֿבלי.

די אינטעליגענט=מאַסע האָט אויפֿגעהערט רעדן רוסיש, די רוסישע ליטעראַטור, קולטור, קונסט (קאָנקרעט: טעאַטער!) איז געלעגן אַ פֿאַרוועלקטע אויף די אויסגעשטאָרבענע גאַסן און אין די פֿאַרקומערטע היימען פֿון יידישע מענטשן, און קיין אַנדערע ווערטן זענען נאָך נישט באַשאַפֿן געוואָרן. דייטש איז געווען אַ פֿרעמד, אַ פֿאַרהאַסט, להכעיס דער לערד „ליבעראַלער“ — אין פֿאַרגלייך מיט קניאַז טומאַנאָווס ברוטאַליטעט=באַציונג — צו די פֿרויען פֿון געוויסע קרייזן צו שאַפֿן נייע ווערטן פֿון יידישער קונסט.

דאָ איז נישט וויכטיק צו אַנאַליזירן, צי איז געווען ג ע נ ו ג יסודות דערצו, אָבער זאָגן מעג איך, אַז נאָך עטלעכע אויפֿפֿירונגען ביי ליפּאָווסקין האָב איך אין שטאָט געהאַט אַ סאָלידע רעפּוטאַציע פֿון אַן ערנסטן קינסטלער מיט השגות סיי פֿאַר אויפֿגאַבן פֿון „בעסערן“ טעאַטער, סיי פֿאַר די „עשרת החברות“ פֿון וועלטלעכער קולטור אויף דער יידישער גאַס....

מיין אַמאָליקע באַקאַנטשאַפֿט מיט ווייטערן האָט איצט געמוזט אויפֿבליען און לאָזן נייע קנאָספּן. אין האַרצן זענען געלעגן זעמדלעך פֿון בשעתו אָראָפּגעשלונגענע ווייטיקן (מינסק 1912, גערמאַיזעס קרייזל, די ערשטע באַקאַנטשאַפֿט מיטן „שטומען“), אָבער די אויפֿגאַבן פֿון איצטיקן פּעריאָד זענען געווען צו גרויס און וואָגיק, אַז פּערזענלעכע טעמים זאָלן קאָנען עס צעשטערן...

דערביי אַ וויכטיקער פּרט: ווייטער איז אין דער געזעלשאַפֿט פֿון די אָנגערופֿענע פֿירנדיקע פּערזענלעכקייטן געווען דער, וואָס האָט מיט אָפֿענער איראָניע (נישט צו זאָגן: „שנאה“) זיך באַצויגן צו דער רוסישער אָפּשטאַמונג, רוסישער קולטור=אָנגעהעריקייט פֿון די אַנדערע... דאָס האָט זיך ספּעציעל באַצויגן צו מיר און צו אַנ=סקין: מיר זענען ביידע געווען אומפֿאַרהילטע ר ו ס י ש ע קולטור=טוער: ער אַ רוסישער

ליטעראַט, איך — אַ רוסישער אַקטיאָר! מיר האָבן צווישן זיך גערעדט בלויז רוסיש. אין מיין בעקאַנטשאַפט נאָך דער פאַרלאָרענער רוסישער ווירקלעכקייט פלעג איך מיט אַ, מסתמא, טאָפּלטן, תענוג אַרויסרעדן: „סעמיאָן אַקימאָוויטש", זיך ווענדנדיק צו אַנ־סקין. אַרום פלעגט מען עס אויפנעמען ווי אַ זעלבסט־פאַרשטענדלעכקייט... בלויז ווייטער פלעגט כסדר וואַרפן אויף אונדז בליקן מיט אָפענער איראָניע... און איין מאָל האָט ער — דערשאָסן דעם האָז...

איך פלעג אָפט מהנה זיין מיינע געסט מיט פאָרלעזונגען פון רוסישער קלאַסיק. צי האָט עס ניגער געדאַרפט צו האָבן? צי — נישט? מען פלעגט אַפּלאָדירן און אויס העפלעכקייט זאָגן: „בים"... פושקין און קאָלצאָוו און לערמאָנטאָוו זענען דאָך — ווייטערן אויף צופוקעניש — געווען א מ ת ע ד י כ ט ע ר!

איינמאָל האָב איך נאָך אַ וואַרעמען אַפּלאַוז פאָרגעלייענט אַלעקסעי טאָלסטאָיס וווּנדערבאַרע באַלאַדע: „פּראַווּדאַ". זי איז אָנגעשריבן אין סטיל פון אַן אַלטער „בילינאַ" (פאָלקלאָר־ליד) און איר ערשטער פערז קלינגט: „אָ ד ט י ג אָ י י ע ס י פּראַווּדאַ־מאַטושקאַ!"

אַ מעשה וועגן זיבן ברידער, וואָס קומען צו דער מאַמען — א מ ת פון זיבן קאַנטן, דערזעען אירע זיבן זייטן און פאַרפירן אַ מלחמה וועגן איר: ווער איז פון זיי גערעכט?

אַלע מיינע געסט זענען אַנטציקט, אַנ—סקי האָט געקוואלן... נאָר ווייטער איז געזעסן מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן, אַרומנעמענדיק מיט די הענט די פאַרלייגטע אייגער אויף דער אַנדערער קני, און אַז דער אַפּלאַוז האָט זיך איינגעשטילט, זאָגט ער רואיק אָן מינדסטן אַקצענט:

— איך וועט זיך אַ דיסקרעסיאָז, אַז מאָרעווסקי ווייס נישט געגוי וואָס הייסט: „אָד טי גאָי יעסי" —

— וועל איך אים זאָגן — האָט אָנגעהויבן אַנ—סקי.

— נישט אין דעם גייט עס, סעמיאָן אַקימיטש! — האָט זיך ווייטער אויפגעהויבן פון אָרט אין זיין גאַנצן שלאַנקן וווקס: עס גייט אין דעם, אַז מיר לעבן אין טיפער זאָרגלאָזיקייט וועגן די קאָלאָסאַלע אויפגאַבן, וואָס מיר האָבן פאַר זיך, אויב מיר זענען יידן און קולטור־מענטשן. אַז מאָרעווסקי איז אַ ווירטואָז פון וואָרט, פון פאָרטראַג, פון דער בינע — ווייס איך שוין 10 יאָר, און איך האָב עס דאַן געזאָגט זיין מאַמען. און מע

דאַרף מיך באַדויערן, וואָס נאָך אַלע דערשיטערונגען, וועלכע מיר האָבן איבערגעלעבט און וואָס ער האָט נישט אויסגעמיטן, שטעקט ער היינט אַזוי ווי מיט צען יאָר צוריק אין דעם אַלטן סוואָרינס קולטור און וויל נישט באַגרייפן, אַז זיין יעדער זיפץ און טרער און פרייד געהער מער נישט אים אין זיינע פריערדיקע עטאַפּן. ער גיט זיך נישט אָפּ קיין חשבון, וואָס אויף אים וואַרט. עס איז פּשוט אַ מוחא צו טראַכטן ווי זאָרגלאָז מיר זענען... אַלע זענען געבליבן זיצן אַזוי ווי געטראָפענע פון אַ דונער. עס איז אַוועק לאַנגע מינוטן פון שווערן שווייגן.

אנ—סקי האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט, איז צוגעגאַנגען צו מיר און שטיל געזאָגט:

— רעדט וואָס איר ווילט, מאָרעווסקי, אָבער פון היינט אָן מוזט איר פאַרשטיין, אַז אונדזביידן שטייט נישט אָן צו רעדן אין ווילנע רוסיש...

ביים שיידן זיך האָבן מיר זיך מיט ווייטערן אַרומגענומען און צעקושט — צום ע ר ש ן אָבער נישט צום לעצטן מאָל...

* *

*

איינגיכן האָבן מיר אויפגעפירט „דעם שטומען“. איך האָב אַוועקגעלייגט אַלע מיינע כוחות צו באַשאַפן אַ ספּעקטאַקל פון שאַרפער סצעניִשע עקספּרעסיע. שטיין — „אַלעקסאַנדער“, ליפּאָווסקאַ — „אַסיאַ“, קאַדיש — דער „פאָטער“, אָסיאַ קאַמען — „מחותן ר׳ לייב“ און חאש (יוסף) „דעם שטומען פעטער“ האָבן באַשאַפן פּרעכטיקע געשטאַלטן. איך האָב געשפּילט דעם „פרייַנד“ און זיך געשטעלט אַן אויפגאַבע אויסצומאָלן אויף דער בינע דעם אויטענטישן פּאָרטרעט פון מ ח ב ר. דאָס איז אַ גליטשיקע אויפגאַבע, און קיין קינסטלערישער י ש קאָן עס נישט זיין, אויב דער ציל איז אפילו דערגרייכט געוואָרן אויף אַלע הינדערט פּראָצענט (ווי עס איז אין דעם פאַל, דוכט מיר, געשען): עס געהערט צום ציקל „סענסאַציעס“ און איז דער היפּוך פון פ ר אָ ב ל ע מ אַ ט י ק, וועלכע איז די טבע פון יעדן קונסטווערק.

ווייטער האָט אַלעמען געדאַנקט, געהאַט אַ „גליקלעכן שמייכל“ אויפן פּנים, אָבער ער איז אין גרונט פון זיין נאַטור געווען צופיל צ י נ י-



סעמיאָן אַקימאָוויטש אַנ=סקי

ק ע ר  צו קאָנען מיינען, אַז די דאָזיקע לייסטונג אויף ליפּאָווסקיס ברע־
טער איז — „קונסט": דאָס איז געווען איינע פון די... ספּאַזמען פון
קינסטלער־אָרגאַניזמען אין זייערע צאַפּלעגישן זיך מאָמענטווייז צו דער־
נעענטערן צום קינסטלערישן שאַפן.

ליפּאָווסקי האָט נאָך סאָקאָלאָווס פּאַרלאָזן ווילנע אָנגעהויבן ־ק אָפּ־
טער און שאַרפער צו באַווייזן זיין דירעקטאָרישן פּרצוף, און לעיד סוף
נאָוועמבער האָט די טרופּע געמאָלדן אַ שטרייק. ער האָט געוואָלט שפּילן
מיט זיין משפּחהלע, בטוח, אַז איך וועל עס מיטמאַכן, היות ער צאָלט
מיר פינקטלעך מיין געהאַלט. אָבער איך האָב זיך אָפּגעזאָגט צו גיין קעגן
ווילן פון קאָלעקטיוו. דאָס האָט אים ממש אַרויסגעבראַכט פון גלייכגע־
וויכט.

— דו גייסט מיר טון להכעיס? וואָס בינדט דיך מיט די עטלעכע
יינגלעך, וואָס האָבן צו טעאַטער אַזאַ שייכות ווי דו צו מאַנופאַקטיר?

— איך געהער צום קאָלעקטיוו, איך בין זיין מיטגליד, אַ טייל פון
אים. אויב איך וועל אָנגעמען, אַז זייערע פּרעטענזיעס קעגן דיר זענען
נישט באַרעכטיקטע, קאָן איך אויף זיך נעמען מיט זיי אונטערצוהאַנדלען,
אויב דו ווערסט מיך בעטן, אָבער קיין איין שריט און זשעסט  ק ע ג ן
זיי וועל איך ניש מאַכן.

— זיי זענען דאָך באַד־יונגען, שיק־יינגלעך, גאַרנישטן!

— זיי זענען מיינע פּאַרטניאָרן געבטן, מיינע פּאַד־קאָלעגן הייגט.
גיין קעגן זיי איז ראשית — מיאוס, קעגן יעדן כלל פון געוויסן, והשנית:
אין אינדזער צייט איז עס נישט פּראַקטיש אין נישט אויסער געפאַר. די
ווילסט נישט באַגרייפן אין וואָס פאַר אַ צייט מיר לעבן.

די צייט האָט געשאָטן מיט שטיינער און שטורעמס יעדן טאָג: איך
געדענק נישט ביי וועלכע אומשטענדן די פאָרשטעלונגען זענען געוואָרן
פּאָרגעזעצט. איך געדענק אַ פּראָבע (מיר שפּילט: פון „נייעם געטאָ"). אין
מיטן אַקט פליט אַריין אויף דער בינע עמיצער מיט אַ צייטונג אין האַנט:
„אַז עקסטראַ־טעלעגראַמע פון בערלין"! שרייט ער.

מלא רציחה רייס איך אַרויס פון זיין האַנט די צייטונג אין שריי,
אַז איך וועל נישט דערלאָזן איבעררייסן די פּראָבע צוליב פּאָליטיק.

— וואָסער „פּאָליטיק" — „שמאָליטיק"? איר לייענט איבער וואָס
דאָרטן שטייט.

עס האָט אַבדיקירט ווילהעלם דער צווייטער.

פון דער פראָבע זענען אַלע זיך צעלאָפן. איך בין אַרויס פון צירק אויפן גאַס.

איך געדענק גאַנץ בולט: מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער בנין פון קרייז־געריכט אַנטקעגן צירק שטייט אויסגעקרימט. די פענצטער אויף אַלע שטאָקן זענען געשטאַנען פאַראַלעל צו מיינע אויגן...

# V. אין פיבער פון געוויסן

„דעוואָלוציע!“

לאָמיר זיך דאָ אַריינטראַכטן אין צוויי פון אירע עיקר־פּאָסטולאַטן:

א. „דער פּראָלעטאַריאַט קאָן אין דעם קאַמף; אַלץ געווינען און פאַר־לירן קאָן ער נישט מער ווי זיינע קייטן“ — דאָס האָט געזאָגט קאַרל מאַרקס.

ב. „אַ קאָמוניסט קאָן זיין בלויז יענער, וואָס האָט איינגעזאַפּט אַלע ווערטן און דערגרייכונגען פון דער מענטשלעכער קולטור“ — דאָס האָט לענין געוואָרנט.

אין רוסלאַנד האָבן די מאַסן — די מ י ל י אָ נ ע ן, וואָס האָבן די רעוואָלוציע אויסגעטראָגן אויף זייערע שולטערן — באמת נישט גע־האַט וואָס צו פאַרלירן. ווייל זיי האָבן ג אָ ר נ י ש ט פאַרמאָגט. „קייטן“... דאָס איז אַ צו קנאַפּע אָפּשפּיגלונג פון דער אַלטעגלעכערווירק־לעכקייט, אין וועלכער עס האָט געזשיפּעט (אָטעמען אָן לופט קאָן נישט אַ בריאה!) דער רוסישער פּויער און פּראָלעטאַריער.

דער מאַסנמענטש אין רוסלאַנד האָט געהאַט פ י נ צ ט ע ר נ י ש. און לעוו טאָלסטאָיס פּויערים־טראַגעדיע: „די מאַכט פון פינצטערניש“ — אָט דאָס איז דאָס בילד פון רוסישן „לעבן“ ביז דער רעוואָלוציע...

אַז מיר פירן אַרויס אין אונדזערע שורות דעם נאָמען „לעוו טאָלס־טאָי“, קאָנען מיר דאָך נישט פאַרזען דעם פאַקט, אַז רוסלאַנד האָט פאַר־מאָגט קאָלאָסאַלע ווערטן פון ליטעראַטור, קונסט און קולטור, וועלכע זע־נען נישט נאָר נישט אָפּגעשטאַנען פון די ווערק פון אַנדערע פעלקער און־לענדער, נאָר זענען יענע אַנדערע אָפּשר אָפּט אַריבערגעשטיגן... דער רו־סישער באַלעט — דיאַגילעוו, קעשעסינסקאַיאַ, געלצער, פּאַקין — האָבן ממש דעראָבערט פּאַריז, וועלכער האָט ביז דאַן קיינעם אין קיין זאַך פון דער פרעמד נישט אויפגענומען. שאַליאַפּין האָט אין מילאַנער אָפּערן־טעאַטער „לאַ סקאַלאַ“ אַריינגעבראַכט אין התפּעלות די מעלאָמאַ־

נען פון איטאַליע, זינגענדיק די ווערק פון איטאַליענער קאָמפּאָזיטאָרן (באָיטאָ, ווערדי, ראָססיני).

אָבער די גאַנצע קולטור איז געווען אַן אוצר, וואָס האָט געהערט צו אַ העפל אויסדערוויילטע, גליקלעכע און צופרידענע, צווישן זיי אויך אַזעלכע, וואָס האָבן געטרוימט וועגן „פרייהייט פאַרן פאָלק", אָפּגעבנדיק אויפן מזבח פון דער באַפרייונגס-באַוועגונג זייערע בעסטע בכורים און בנים יחידים. אָבער ועל כולם איז די „אינטעליגענץ" געווען פון די מאַסן דערווייטערט און פרעמד.

די „בעסערע געזעלשאַפט" און די „פאָלקס-מאַסן" זענען אין רוסלאַנד געווען — צוויי וועלטן. צווישן די צוויי וועלטן איז געלעגן אַ תהום, אַ פינצטערער אָפּגרונט. אין די איבערמענטשלעכע יסורים און עינויים פון דריי מלחמה-יאָרן איז דער תהום געוואָרן אָנגעפילט מיט מיליאָנען פאַרלייזיקטע גופים, און איבערן בלוט און אייטער פון די בר-מינגס האָט זיך דאָס פאָלק אַרויסגעקראָגן פון תהום, דערזען די שיינען פון לעבן, פון זוניקע טעג און האָט זיך גענומען גיריק, מיט פאַרווילדעוועטע נעגל רייסן די גיטער, וואָס ביז דאַן האָבן אין 200 מיליאָניקן לאַנד געהערט צו קנאַפּע 5—6 מיליאָן. די קולטור האָבן געשאַפן און פון איר האָבן גענאָסן רוסישע מענטשן אין צאָל נישט מער ווי אין בעלגיע, ווי אין דער שווייץ, ווי — אין האָלאַנד.

צו לעניגען האָב איך קיין סוביעקטיוו-פּאָזיטיווע באַציונג נישט געהאַט: צו פריש זענען געווען די איינדרוקן וועגן זיינע צוזאַמענשטויסן מיט אַלע הערשער פון אונדזערע געדאַנקען און הערצער: מאַרטאָוו, אַקסעלראָד, אַ ריי לידערס פון „בונד" זענען צו טיף אין אונדז געזעסן, אַז מיר זאָלן זיין בכוח צו זיין אין לעניגען פאַרליבט אַזוי ווי די טויזנטער און טויזנטער מאַטראָסן, סאָלדאַטן, באַטראַקעס און אַרבעטער.

אָבער „פערזענלעכע סימפּאַטיעס" זענען געוואָרן אָפּגעשטויסן, און אַ יאָר נאָך דער איבערקערעניש איז די ראַטנמאַכט געווען פאַר מיר דער עמוד-האש — פון פּאָליטישן און סאָציאַלן פּראָגרעס: „דאָס איז דער רייטוואָגן פון דער צוקונפט און ציילן אין דער מחנה טעותים, עוולות, שאָטן-פּונקטן — קאָנען נאָר שונאים פון פּראָגרעס — אַזוי האָט זיך אויסקריסטאַליזירט מיין „קרעדאָ" מיין „אני מאמין".

מיר וועלן זען ווי שווער מיר איז אָנגעקומען מיין „קרעדאָ“ צו טראָגן דורך די לויפנדיקע טעג צווישן נאָענטע מענטשן אַרום. איך האָב דאָך געהערט צו דעם ישיכט פון דער רוסישער אינטעליגענץ, וואָס מ ו ז ווערן אויסגעמישט און צעפלאָסן אין די מיליאָנען געשמיסענע. איז מיר געווען ביטער און פינצטער, זענען מיר אויפן געמיט געלעגן בערג, האָבן געדריקט כמארעס באַדעקט מיינע הימלען און האָריזאָנטן.

עס איז באַקאַנט געווען אַ שווידערהאַפטער פאַל מיט עטלעכע טויזנט סאָלדאַטן.

באַלד נאָך דער רעוואָלוציע האָבן זיי אָן אַ דערלויבעניש פאַרלאָזן די שוצגראָבנס און זיך געלאָזט צו זייערע דערפער —

„אַוועקנעמען די ערד ביים פּריץ“.

די פראַכט־וואַגאָנען אין די צוגן ביים פראָנט זענען געוואָרן אָנגעפּאַקט מיט אַנטלויפנדיקע, אָבער קיין אָרט פאַר אַ ל ע האָט נישט געקלעקט. האָבן די איבערגעבליבענע אָן ערטער א י ן די וואַגאָנען זיך פאַרקליבן אויף די דעכער, און דער סוף איז געווען, אַז דאָ, ווו די צוגן האָבן געהאַט דורכצופאָרן בריקן מיט אויבערשטע טיילן, האָבן די אויבערשטע טיילן פון די בריקן אַראָפּגעשניטן אַלע קעפּ, און די אַנטלויפנדיקע זענען אָנגעקומען אויף די נאָענטסטע סטאַציעס אָ ן ק ע פּ —

דאָס איז אַ פאַל פון דער שטראָמיקער ווילקיר־באַוועגונג, וואָס איז פאַרבליבן אונטערן נאָמען: „סאָלדאַטסקאַיאַ וואָלניצאַ“ (זעלנערישער פרייהייטס־געלויף).

ד ע ר פאַל איז אַן אימהדיקער; ער שרייט אַרויס פון יענע טעג און געשעענישן דורך דער אין בלוט פאַרשוואונקטער שטומקייט פון טויזנטער געקעפּטע פּראָים.

אָבער נישט איינזאַם און נישט אָפּגעזונדערט איז דער דאָזיקער פאַל. ער איז אַ „פּאַרטיססימאָ“ — אין די סימפאָניעס און קאָנצערטן פון יענע וואָכן, חדשים, יאָרן.

האָב איך ווי הונדערטער און טויזנטער מיינס גלייכן געלעבט און געאָטעמט אין אימה און יאוש.

*          *

*

צוטרעטנדיק צו די ערשטע 4 חדשים פון היסטאָרישן 1919 יאָר, וועלכער האָט געבראַכט אַ רייז ווענדפּונקטן סיי אין לעבן פון רוסלאַנד,

פון פוילן, פון ווילנע, — דער „עיר ואם בישראל“, דעם „ירושלים דליטא“ — סיי אין מיין אייגענעם לעבן — וויל איך מיר דערלויבן צו ברענגען אַן אומגעריכטע „מעטאַמאָרפאָזע“, פשוט גערעדט: אַ מין קל וחומר אַזאַ. איך וויל דאָ באַטאָנען דעם חילוק צווישן מעמואַרן פון געשיכטעמאַכנדיקע פערזענלעכקייטן און די „זכרונות און רעיונות“ פון אַזאַ מין מחבר, ווי דער, וואָס פרווט באַלעסטיקן דעם לייענער מיט אָט־די בענדער.

נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע, אָטטאָ ביסמאַרק, אוינסטאָן טשערטשיל זענען מחויב, באַשרייבנדיק זייער וועלט און צייט, צו באַווייזן ווי אַזוי ז ײ האָבן באַווירקט די וועלט, די צייט, דעם פאַרלויף פון היסטאָרישע געשעענישן.

ד ע ר מחבר האָט קיין וועלטן נישט באַווירקט, קיין אויפטרייסלענדיקע מעשים נישט געטאָן און טאָן נישט געפרווט, און זיין כוונה איז צו באַווייזן ווי אַזוי די געשעענישן האָבן א י ם באַווירקט. איז עס פונקט דער היפוך פון אַ „נאַפּאָלעאָנס“ אָדער אַ „טשערטשילס“ מעמואַרן.

דאָרטן זענען ז ײ — דער צענטער פון לייענערס אויפמערקזאַמקייט; דאָ — פאַרקערט: אין טראָפּן פון איין לעבנסוועג שפיגלט זיך און צאַפּלט זיך אין אירע קאָנוווּלסן — די וועלט און די 7 יאָרצענדליקער, און אין פולער קלאָרקייט מוז פאַרן לייענער אַנטפּלעקט ווערן די טראַגיקאָמישע גרימאַסן פון די פאַרקריפּלטע, קרומע, הויקערדיקע געשטאַלטן און עטאַפּן, וואָס אונדזער „יחיד“ האָט דורכגעלעבט און וואָס ער פרווט ברענגען אין ליכט פון ד י ס ת י ר ו ת, וועלכע האָבן יעדן טאָג אויף יעדן שריט — געפייניקט דאָס האַרץ, דעם מוח, דאָס געוויסן: ווי איז דאָ — דער אָטעם פון דער צ ו ק ו נ פ ט, צוליב וועלכער עס שטראָמען בלוט און טרערן? און ווו — דער נעפּל פון דער כמו ישוין דורכגעלעבטער אפילו פון דער פאַרשאָלטענער פאַרגאַנגענהייט?

דעם קרבן פון אָט־דעם פאַרשאָלטענעם „געכטן“ טראָגט יעדער מענטש, וואָס האָט אין זיך פונקען פון ערלעכן געוויסן, — זיין לעבן, זיין וויסן, זיין גרייטקייט צו דינען דער זאַך פון יושר און אמתער מענטשלעכקייט. און יעדע מיגוט ברענגט מגושמדיקע פאַקטן, וואָס שרייען צום הימל, אַ ז ד י א פ ל ה א י ז נ אָ ך נ י ש ט אַ ו ע ק! זי הערשט, זי האַלט דאָס לעבן אין אירע בלוטיקע נעגל און פייניקט און זויגט אויס אַלע פרייהן פון אויסגעלייטערטן נייעם לעבן־סדר און

ח ו ז ק י ם איבערן באַפרייטן מענטשן, איבער זיינע גואלים, פרייע פריינד, בויער פון זיין פרייהייט און גליק.

דער ציניזם פון די פאַלשע משיחים, וואָס האָבן אויסגענוצט דעם ווירוואַר און האָבן כסדר געמישט און געפעלשט די קאָרטן אין שפּיל פון יענע טעג ,איז געווען אַ שווינדלהאַפטער. און קעמפן מיט זיי איז געווען אַ פאַרשפּילטע שלאַכט אין 9 פאַלן פון 10, ווייל זייער וואָפן איז געווען — וויסטער שקר און לבוש פון פרימיטיווע אמתן...

איך שילדער דאָ בלויזע פאַקטן, געשעענישן, וועלכע איך האָב מיטגעמאַכט אָדער בייגעווינט.

* *
*

אין דעצעמבער 1918, ווי שוין אויבן דערציילט האָבן זיך די פאַר־שטעלונגען אין צירק איבערגעריסן, ווייל דער קאָלעקטיוו האָט געמאָלדן א שטרייק: ליפּאָווסקי האָט פאַר זיך מיט זיין פרוי און פּלימעניצע („זלאַטקע“) און פאַר דער גאַרדעראָבע. רעקוויזיט און ביבליאָטעק — צו־גענומען א לייבנחלק פון די הכנסות, אַזוי אַז די עטלעכע אַקטיאָרן — אַ מאָן 6 — 8 — האָבן ממש ג ע ה ו נ ג ע ר ט.

די פאָרשטעלונגען האָבן זיך אָפּגעשטעלט. דער קאָלעקטיוו האָט איינ־מאָל אויפגעפירט אַקטאַוו מירבאַם „זשאַן און מאַדאַלען“. איך האָב — אָך און וויי — געשפּילט — „זשאַן“.

דעם ערשטן יאַנואַר איז די שטאָט באַזעצט געוואָרן דורך ליטווישע אָפּטיילונגען, דעם 4־טן איז געקומען די רויטע אַרמיי און צוזאַמען מיט איר ערשטן אָטריאַד האָט זיך באַוויזן — נחום ליפּאָווסקי.

א לעדערנער מאַנטל, אויפן קאָפּ א פּאַפּאַכע *) — מיט א האַמער, מיט א סערפּ, מיט א 5־קאַנטיקן שטערן!

ער איז שוין געווען פון דער מאַכט באַשטימט פאַרן „טעאַטער־קאָ־מיסאַר“.

אין בנין פון געריכט אַנטקעגן צירק, אין אַ גרויסן קאַבינעט ביי אַ טיש באַדעקט מיט גרינעם געוואַנט, איז געזעסן ליפּאָווסקי, אויף דער טיר איז געהאַנגען א צעטל: „טעאַטער־אינספּעקטאָר“ **)

---

* אַ הויך היטל פון ווייסן פעלץ־מאַטעריאַל.

** כ׳בין נישט ערוב פאַר דער גענויקייט פון די פּרטים.

די באַוווּסטע פּראָלעטאַריער, אויסגעהונגערטע, בייזע, מיט שווים אויף די ליפּן, האָבן זיך דערוואָרפֿט אויף דער מאַכט פֿון די סאָוויעטן, אָנגעשריבן אויפֿן „בלוטזויגער, וואָס האָט געטרונקען זייער שווייס און בלוטיקע טרערן" א מעלדונג מיט דער בקשה אויפֿצונעמען ביי אים דעם צוגערויבטן לויט פֿאַר די חדשים עקספּלאָטאַציע.

זיי האָבן די קאָלעקטיווע אָנקלאַגע קעגן עקספּלאָטאַטאָר אַוועקגעטראָגן אין בנין פֿון פֿריערדיקן קרייז-געריכט, וווּ איצט זענען געווען קאָנצענטרירט די נייע מאַכט-אָרגאַנען.

— ווּ איז די קאָמיסיע פֿאַר טעאַטער-ענינים?

— צווייטער שטאָק, צימער נומער — —

זיי האָבן אָנגעקלאַפּט. זאַלבעפֿערט, צעשטראַלטע, אין דער האָפֿענונג, אַז זיי האָבן זיך דערוואָרפֿט אויף זייער רעכט און הילף, האָבן זיי געעפֿנט די טיר און —

דערזען ביים ריזיקן שרייבטיש — ליפּאָווסקין.

זיי זענען געבליבן, ווי געליימט.

— וואָס דאַרפֿט איר, בירגער? וואָס פֿאַר א פּאַפּיר האַלט איר אין האַנט?

— א בקשה צו דער ראַטנמאַכט. מיר דאַרפֿן עס דערלאַנגען דעם קאָמיסאַר פֿאַר טעאַטער-ענינים.

— איך בין דער טעאַטער-אינספּעקטאָר.

זיי האָבן אָנגעהויבן אָפּטרעטן צו דער טיר.

— „דערלאַנגט אייער בקשה!" — האָבן זיי דערהערט.

מיט ציטערנדיקע הענט האָבן זיי דערלאַנגט ליפּאָווסקין די אָנקלאַגע אויף זיין מיסברויכן מיט זייער אַרבעט.

ער האָט אַריינגעקוקט.

— איך וועל דעם ענין באַטראַכטן. איר וועט קריגן אַן ענטפֿער. גייט מיט פֿרידן אַהיים.

זיי איז... קיין שלעכטס נישט געשען.

*     *

*

קורצע טעג נאָכן אַריינמאַרש פֿון דער רויטער אַרמיי איז צונויפֿגערופֿן געוואָרן א פֿאַרזאַמלונג פֿון אַלע אַרבעטנדיקע אין טעאַטער און פֿון אַלע אַנדערע שוי-געביטן. אויף דער טאָג-אָרדענונג איז געשטאַנען דער ענין:

„פּראָפּאַריין“. דער זאַל (קרענגלס־זאַל אויף לוהוויסאָרסקי־גאַס) איז געווען געפּאַקט.

א פאָרשטייער פון דער מאַכט האָט געעפנט די פארזאַמלונג און דערקלערט די אויפגאַבן פון פאַריין.

מען איז צוגעטרעטן צו די וואַלן פון א פרעזידיום און פון א פאָרזיצער. אין זאַל האָבן אָפּגעהילכט עטלעכע שטימען מיט איינצלנע נעמען, און אַזוי ווי אין א כאָר האָב איך דערהערט: „מאָרעווסקי“.

מיר האָט אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן. איך האָב מיך דערפילט, כמו די וועלט האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון די פונדאַמענטן...

עס האָט מיך איבערראַשט דער צוטרוי צו מיר. עס איז פאַר מיר געווען פונקט אַזוי אומגעריכט, ווי דערשימערנדיק, און איך האָב זיך פשוט דערשראָקן: קיינע שום קוואַליפיקאַציעס און קיין מינהסטן סמאַזש צו פאַרנעמען אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן אין אַזאַ צייט האָב איך נישט געהאַט.

אָבער דער ענין האָט באַקומען אַן אַנדערע ווענדונג.

ליפּאָווסקי, וועלכער איז געזעסן ביים טיש נעבן מיר און עטלעכע אַנדערע פון אונדזער קרייז, האָט עפּעס איינגערוימט אין אויער דעם פאָרשטייער פון דער מאַכט.

יענער האָט זיך האַסטיק אויסגעדרייט צו מיר און שטרענג א פרעג געטאָן:

— איר זענט אַן איינגעטימער? איר האָט אַן אומבאַוועגלער גוטס?

כ'האָב קוים באַוויזן צו ענטפערן און דערהערט:

— איר קאָנט נישט זיין קיין אויסגעווייילטער ירורך א פּראָלעטאַרישער מערהייט! זאָל מען אָנרופן א קאַנדידאַט פון צווישן אַרבעטער.

דעם סוף פון דער פאַרזאַמלונג געדענק איך נישט, און איך ווייס נישט ווער ס'איז אויסגעווייילט געוואָרן (מיר שיינט ווי אין חלום, אַז... ליפּאָווסקי. אפשר האָב איך א טעות, ווייל זיין קאַריערע איז איינגיכן איבערגעריסן געוואָרן, ווען ער איז פאַרבליבן אַלס זאַמלער פון שטייערן אין אַלע אַנשטאַלטן פון טעאַטער (צירק, קינאָ, קאָנצערטן א.ד.גל.).

— איך בעט א וואָרט.

— וואָס קאָנט איר דאָ זאָגן?

— א פּערזענלעכע דערקלערונג.

— רעדט! אָבער קורץ.

— חברים און בירגער! דער צוטרוי צו מיר, וואָס איך האָב דאָ מיט פרייד און טיפער אויפגערודערטקייט דערפילט, דערהערנדיק מיין נאָמען, גיט מיר רעכט און מוט צו מעלדן:

אַז אייגנטימער און הויזבאַזיצער בין איך געוואָרן ג י ש ט זאמלענדיק אין אַ זאַק אָדער סייף די רעזולטאַטן פון פרעמדער אַרבעט. איך בין שוין 13 יאָר אַליין און אַקטיאָר. דאָס ווייסט איר דאָ אַלע אָן אויסנאַם (אַ געדיכטער אַפּלאָדיסמענט האָט באַשטעטיקט מיין מעלדונג). איך האָב פאַרגעזעצט

— איך בין געוואָרן אַן אייגנטימער, ווייל איך האָב נישט מער מיין מוטער, וועלכע איז געשטאָרבן בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע און איך בין צום באַדויערן, דער איינציקער יורש פון פאַרבליבענעם הויז.

— האָב איך אַ בקשה צו דער מאַכט: אפשר קאָן מיר די מאַכט פון סאָציאַלער רעוואָלוציע אומקערן מיין מוטער און אַזוי אַרום מאַכן מיך אויס „אייגנטימער און הויזבאַזיצער“?

ביי אַ טויטער, אומהיימלעכער שטילקייט האָב איך פאַרלאָזן די פאַרזאַמלונג, באַגלייט דורך בליקן פון וואַרעמע מיטגעפיל אַרום.

* *

*

פון די ערשטע טעג האָט זיך אָנגעהויבן אַן אינטענסיווע טעטיקייט אויף אַלע אָפּצווייגן פון יידישער קולטור. איך געדענק בולט דעם שבתדיקן פאַרמיטאָג, ווען אין בנין פון אַמאָליקער „דוואָריאַנסקאָיע סאָבראַניע“ *) אויף „מיליאָנען“-גאַס איז פאָרגעקומען די פייערלעכע דערעפענונג פון „יידישן פאָלקס-אוניווערסיטעט“. איך בין געווען צווישן די איינגעלאַדענע געסט און געזעסן אין פרעזידיום. איך געדענק נישט צי איז עס געווען ג אָ ד דער באַשריבענער פאַרזאַמלונג אין קרענגלס זאַל, צי פ אַ ר דעם, אָבער געפילט האָב איך, אַזוי ווי אין ברוסט וואָלט ביי מיר געלעגן אַ צעשפּאָלטן האַרץ און אין מוח — אַ געפּלאַצטער שכל.

כ'האָב געפילט, אַז דאָס לעבן איז דערהויבן געוואָרן ביז די העכסטע הייכן פון זיינע געשיכטלעכע עטאַפּן, כ'האָב ווי פיזיש אָנגעטאַפּט די בלעטער פון היסטאָריע, וואָס קערן זיך איבער צענדליקערווייז אין משך פון מינוטן אונטערן אָפּפרישנדיקן שטורעם פון דער רעוואָלוציע. און איך האָב

* פאַרזאַמלונג פון אַדעליקע.

זיך געפּרייט און געגרויסט. אָבער גלייכצייטיק — האָבן מיר אויף יעדן שריט שאַקירט פּרטים, קלייניקייטן און — ט י פּ ז, וועלכע זענען געווען כמו פּראָדוקטן פון דער רעוואָלוציע, אָבער זיי האָבן די רעוואָלוציע פאַר מיין אויג און געוויסן געמאַכט צו שפּאָט, געביטן אויף „קלייגעלט" אירע אוצרות, געטראָטן מיט זייערע שטיוול איר גדלות און דערהויבנקייט.

וואָס האָט אין מיר אַזוי פּראָטעסטירט און וואָס — זיך געראַנגלט?

דעמלט האָב איך שווער געליטן און ניסט געוווסט. היינט ווייס איך קלאָר: די ערלעכע איבערגעבנקייט דער פאָן און דער זאַך פון דער רעוואָלוציע — פון איין זייט, און די אימה פאַר אירע מאַסן — וועלכע זענען ניסט די ווערטן פון אַמאָל און טרעטן איבער זיי אָן ריקזיכט — פון דער צווייטער זייט.

די ציטאַטן, וואָס מיר האָבן געבראַכט אין אָנהייב פון קאַפּיטל איל־לוסטרירן מיין דעמלטדיקן מצב: איך האָב „געהאַט, וואָס צו פאַרלירן" און מחמת דעם געמוזט זיין א קנאַפּער רעוואָלוציאָנער (מאַרקס), איך האָב „איינגעזאַפּט אין זיך די ווערטן פון פריערדיקע עטאַפּן אין מענטשלעכער קולטור" און געהאַט שאַנסן — צו זיין א „גוטער קאָמוניסט" (לענין).

דערווייל האָב איך זיך געפּלאָגט ווי א געקרייציקטער.

איין זאַך האָט מיר געשיינט צו זיין קלאָר און זיכער: קיין שייכות צום קלאַס פון עקספּלאָאַטאַטאָרן האָב איך ניסט; צו זייערע מנהגות אין קאַמפּן און שלאַכטן געהער איך ניסט.

אָבער — די סתירות, די סתירות! ליפּאָווסקי א מיטאַרבעטער אין סאָוויעטישן אַפּאַראַט — וווהין זשע זאָל מען לויפן?

און אַנ־סקי — אַ פאַרביסענער, אָפענער שונא פון דער נייער מאַכט! זאָל איך אים שילטן? האַסן? רודפן?

אין פּרעזידיום בעת דער דערעפענונג פון „פאָלקס־אוניווערסיטעט" זענען געזעסן אַ מאַן 12. אַ העלפט — פון דער מאַכט, וועלכע האָט דעם אוניווערסיטעט אָרגאַניזירט און געעפנט. די צווייטע העלפט — „נייטראַלע" (איך בתוכם, משמעות?) און קעגנער פון דער מאַכט.

עס זענען אַרויסגעטראָטן — ניגער און אַנ־סקי (איך האָב אויך עפּעס געפּלאַפּלט), און — איך האָב אַנ־סקין צום ערשטן מאָל געהערט עפנטלעך רעדן.

אין אַ לאַנגן שוואַרצן רעדינגאָט, וואָס האָט שאַרף קאָנטראַסטירט מיט זיינע ווייסע לאַנגע האָר אויפן הויך־געהאַלטענעם קאָפּ האָט ער אין

זיין רעטאָריש־מייסטערהאַפטער רעדע בוכשטעבלעך געשאָטן פעך און שוועבל אויף דער מאַכט, נישט קאַרגנדיק אַזעלכע באַצייכענונגען ווי „באַנ־דיטן“, „קעפּשניידער“, „מעסער־העלדן“ א. ד. גל.

עס איז געווען נאָך דראָ קאַפּלאַנס שאָס אין לעגינען און עס איז פאַר קיינעם נישט געווען קיין סוד, אַז יעדער קלענסטער אויסדרוק פון אומצופרידנקייט; יעדער שריט קעגן די ראַטן און זייערע פאַראָרדענונגען — קאָן פירן צו די שאַרפסטע שטראָף־מיטלען.

אין אָט־דער אַטמאָספער האָט אַנ־סקיס אַרויסטריט יענעם פרימאָרגן אין קעגנוואַרט פון עטלעכע העכערע פאַרשטייער פון דער מאַכט — גע־מאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק; איך געדענק נישט קיין אַפּלאָדיס־מענטן נאָך זיין האַלבשעהדיקער רעדע. מען איז געזעסן מיט טיפגעבוי־גענע קעפּ...

קיינער האָט האָרכנדיק נישט געצווייפלט, אַז אַנ־סקי גייט אַנטקעגן זיין פאַרניכטונג; אַז זיין רעדע קאָן אים בכל אופן נישט געשאָנקען ווערן, אַז ער וועט מוזן שווער באַצאָלן.

אַזוינס איז אָבער נ י ש ט געשען, און דאָס איז געווען די בעסטע תשובה פון דער מאַכט אויף זיין אָנפאַל און דער קלאָרסטער באַווייז, אַז דער גאַנצער פּאַטאָס קעגן דער בלוטדורשטיקייט פון די „באָלשעוויסטישע מושלים“ איז — ראשית — בלויזע מליצה, והשנית איז עס — פּאָליטי־שע קורצזיכטיקייט.

ווייל —

דיסקוטירן האָט מען געקאָנט וועגן די גרונט־אידעען, וואָס האָבן באַ־לויכטן דעם יאָרהונדערט און געפירט פון 14 יולי 1789 דורך 25 דעצעמ־בער 1825 צום 25 אָקטאָבער 1917:

רעוואָלוציע — „פרייהייט, גלייכקייט און ברידערלעכקייט“, רעכט פון מענטש און פון בירגער“ —

אָדער —

„צוריק צו די פאָרמען און געזעצן פון אַלטן „סדר“??

— וועגן דעם האָט מען געקאָנט זיך אַמפּערן...

אָבער — אויב „פרייהייט“, אויב „מענטש“, אויב „בירגער“, — איז פּ אַ ר ר וּ ס ל אַ נ ד ק י י ן אַ נ ד ע ר װ ע ג װ י „אָ ק ט אָ ב ע ר“ נ י ש ט ג ע װ ע ן.

און לעניין!

סכסוכים האָבן ווידער געקאָנט האָבן אַז אָרט אין דער שווייץ, וו עס זענען געזעסן און וו עס האָבן זיך געפּלפּולט געלערנטע אינטעליגענטן, וועלכע האָבן „דאָס פאָלק“ באַדויערט, אָבער עס נישט געקענט, און זיי האָבן זיך געקליגט איבער זיינע גורלות, נישט באַגרייפנדיק זיין מהות.

לעניַן איז געווען דער באַרופענער וואַרזעער, וועלכער האָט די מיליאָנען פון די רוסישע דערפער, פאַרזונקענע אין קויט און קנעכטשאַפט, געטראָגן אין זיין האַרצן, אויף זיין געוויסן און האָט אין דינסט פון זייער פרייהייט און וווילטאָג אויסגעשמידט נייע ריגגען אין דער קייט פון די טעאָריעס, וועגן וועלכע אין דער שווייץ האָט מען זיך געהיצט און געבראָכן פיילן.

האָבן אַנדערע שיטות פון דער מאַרקסיסטישער וויסנשאַפט געקאָנט האָבן טענות צו זייערע טעאָריעס; האָט טראָצקי געקאָנט אין בּרען פון פּאָלעמיק אויסרופן, אַז לעניַן „נוצט אויס די פינצטערקייט פון רוסישן פּויערטום“... דער אמת איז אָבער, אַז די דאָזיקע פינצטערקייט האָט לעניַן נישט „אויסגענוצט“ — נייערט באַגריפן האָט ער זי.

און אַז איבער שטעט און וועגן האָבן זיך צעגאָסן, ווי אין פרילינג צעגיסן זיך טייכן, די שטראָמען פון פילהונדערטיאָריקן גרימצאָרן, יאוש און נקמה, האָט מען אָנגעהויבן גוואַלדעווען: „באַנדיטן! מערדער! קעפּשניידער!“

און לענינען האָט מען געמאַכט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יעדן באַל פון ווילקיר!

איז עס געווען פון ערשטן טאָג — אומזין אָדער בייזוויליקער בלבול.

און אין 1919, ווען זיין קאָפּ איז שוין געווען דורכגעשאָסן מיט דער קויל פון עסערישן פּיסטאָלעט, און ער האָט מיט דער וווּנד אין שטערן באַפוילן, אַז דאָראַ קאַפּלאַן זאָל מען נישט משפּטן שטרענג, ווייל זי איז איר טאַט באַגאַנגען נישט אויס פּערזענלעכער בייזוויליקייט, נייערט אין שליחות פון איר פּאַרטיי —

איצט אידענטיפיצירן די ראַטנמאַכט — לענינס דערפינדונג און דערגרייכונג — מיט פאַלן — זאָל אפילו זיין אָפּטע און שוידערהאַפטע — פון באַנדיטישע אויסברוכן —

דאָס איז שוין געווען נישט נאָר פּאָליטיש פאַלש און קורצזיכטיק, נאָר אויך עטיש — אָפּשטויסנדיק.

אַנ־סקין האָב איך באַוויזן — ווי טיילווייז שוין דערציילט — ליב צו קריגן. איך האָב זיך געהאַט דורכגעדרונגען מיט טיפסטער אַכטונג צו אים און אָפן און גערן פּלעג איך עס אַרויסווייזן, און זיך אָנגעטראָפן אויף זיין וואַרעמער באַציונג צו מיר. ער איז געוואָרן ביי אונדז אַ בן־בית און האָט זיך באַפריינדעט מיט מיין פרוי.

און גרויס איז געווען מיין פאַרדראָס, ווען נאָך זיין רעדע בעת דער דערעפענונג פון „פּ־או" האָב איך נישט געפּועלט ביי זיך צוצוגיין צו אים און אויסשטרעקן אים מיין האַנט. הגם ער האָט אויסגעזען דערהויבן, ממש ווי אַ געשטאַלט פון ירמיהו הנביא...

מיין נפש איז אָבער געווען דורכגעדרונגען מיט וואַרעמען מיטגעפיל צו די ערלעכע פאָרשטייער פון דער מאַכט, וועלכע זענען געזעסן ווי פאַר־שטויסן, געדריקטע אונטער דער לאַסט פון באַליידיקונגען, טראָגנדיק אַחריות פאַר מעשים, וואָס זיי זענען נישט באַגאַנגען.

איך בין אַוועק פון דער פייערלעכקייט אַ צעפּייניקטער, פילנדיק די וווּנדן און ווייטיקן פון די סתירות, וועלכע האָבן ווי פאַרזשאַווערטע נעגל געשטאָכן יעדן טאָג, יעדע שעה.

# VI. ווידערווילן און מיטאַרבעט

צום 15 יאָרצייט פון אַנ־סקים טויט און דער פּרעמיערע פון „דיבוק“ האָב איך פאַרעפנטלעכט צוויי אַרטיקלען (וואַרשע, „ליט. בלעטער“, 1936, נומער 1 און 2), אין וועלכע איך האָב באַהאַנדלט דעם איבערבריך פון זיין פּאָליטישער אידעאָלאָגיע. דאָ וועל איך מיך גענויער אָפּשטעלן — שרייבנדיק מיין טאָג־בוך — אויף די געשעענישן פון יענע חדשים, וואָס האָבן אַ שייכות צו אונדז ביידן און צו אונדזערע קעגנזייטיקע איינפלוסן.

איך האָב זיך דערנעענטערט צו אַ ריי אָנפירנדיקע פּערזענלעכקייטן פון דער ראַטנמאַכט. די אינטערעסאַנטסטע פון זיי איז געווען — די־מאַנטשטיין, מיט וועלכן מיר איז אויסגעקומען קורץ און פאַרבייגייענדיק צו טרעפן זיך נישט איין מאָל. אָבער איין מאָל האָט ער מיך פאַרהאַלטן, אַריינגערופן אין אַ גרויסן צימער (מיר שיינט אין „געאָרגיעווסקי“ האָטעל), אָנגעוויזן אויף אַ פאָטעל, קעגן וועלכן ער האָט זיך אַוועקגעזעצט, פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס און אָן הקדמות מיך ממש באַטויבט מיט אַ הילכיקער פראַגע:

— פאַרוואָס ווילט איר נישט מיטאַרבעטן מיט אונדז?

— פון וואַנען נעמט איר עס?

— באָרים אָרשאַנסקי זאָגט, אַז איר גייט נישט איין אויף קיינע שום פאָרשלאַגן, וואָס זענען אייך געמאַכט געוואָרן; אַז איר שטעלט אַרויס דיקטאַטאָרישע פאָדערונגען, וועלכע מיר קאָנען נישט אָננעמען, הגם אייער מיטאַרבעט איז אונדז געוווּנטשן און נייטיק. אין כוחות זענען מיר נישט רייך בכלל און ספּעציאַליסטן וועגן מיר אויף דער וואָג פון גאָלד...

איך האָב געשוויגן.

— זענט איר אַ פּרינציפּיעלער שונא פון דער ראַטנמאַכט? — האָט ער שטילער אַרויסגערעדט. זאָגט עס מיר אָפן. האָט קיין מורא נישט! אייך וועט גאָרנישט געשען. אייער תשובה וויל איך האָבן, כדי צו וויסן צי דאַרפן מיר זוכן וועגן אייך צו געווינען פאַר דער סאָוויעטישער קונסט.

איך האָב אים דערקלערט, אַז וועגן שנאה צו דער ראַטנמאַכט קאָן קיין רייד נישט זיין.

— איר זענט אַ פּלעכאַנאָוויעץ?

— איך בין סתם אַ „גאָרנישט", מעסטנדיק פּאָליטיש. איך קאָן מיך אין פּאָליטישע ריכטונגען נישט אַריינפּאַסן. די מאַכט פון אָקטאָבער איז פאַר מיר אַ פ א ק ט, וואָס האָט ג ע מ ו ז ט קומען נאָך די יאָרהונדערטער פאַרשקלאַפונג און נאָך די יאָרן פון וועלטקריג.

דאָ האָט נישט קיין שום באַדייטונג די „סימפּאַטיע" אָדער „אַנטי־פּאַטיע" פון אַ יחיד אָדער טויזנט יחידים. ווער עס באַגייט נישט זעלבסט־מאָרד, דער מוז זוכן זיין אָרט אין דער אַרומיקייט און אָפּגעבן זייגע כוחות דער זאַך פון דער רעוואָלוציע.

ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט ברייט־צעעפנטע אויגן און זיין שיין בלאָנדהאָריק פּנים האָט זיך באַלויכטן מיט אַ צוויבערהאַפטן שמייכל.

— מער דאַרפן מיר פון אונדזערן אַ קולטור־אַרבעטער נישט האָבן!

—האָט ער אַרויסגערעדט, אויסשטרעקנדיק ביידע הענט: פאַרוואָס זשע גייט איר נישט אַרבעטן אין מלוכה־טעאַטער?

— דערויף צו ענטפערן וואָלט איך געמוזט אייך שילדערן אַ פּאָר פאַרשוינען — און דערצו אָנפירנדיקע פאַרשוינען — אין אייער מלוכה־אַטער. אָבער דערפון בעט איך מיך באַפרייען. אויף יעדן שריט האָבן זיך צו דער רעוואָלוציע צוגעקלעפּט מיסט און שמוץ פון אַמאָליקער פּראַקטיק. דער עקל צו דעם, שטויסט אָפּט אָפּ פון דער עצם רעוואָלוציע און פאַר־זייט אין געמיט שנאה צו איר. דאָס איז שוואַכקייט, מוטלאָזיקייט. איך ווייס און באַקעמף עס אין זיך, אָבער אין ט ע אַ ט ע ר פאַרטראָגן גבזים און טאַלאַנטלאָזיקייטן, וואָס זענען „אָנפירנדיקע פיגורן" — ווייל זיי פאַרמאָגן עלנבויגנס און גלאַטע פינגער — דערויף וועל איך בשום אופן נישט איינגיין.

און וועגן מיין מיטאַרבעט אין ווילנער טעאַטער לאָמיר מער נישט רעדן!

ער האָט מיך ווידער אַריינגעזעצט אין פאָטעל און אונדזער שמועס האָט אָנגענומען אַן אַנדער ריכטונג.

דימאַנטשטיין איז אין ווילנער ראַטנרעגירונג געווען, ווי ווייט איך געדענק, דער קאָמיסאַר פון דערנערונגס־ענינים (קולטור־קאָמיסאַר איז גע־

וועז — ברייזשישקאַ), אָבער די פּראָבלעמען פֿון קונסט — בפֿרט פֿון טעאַטער — האָבן אים אינטערעסירט ווייט איבער די גרענעצן פֿון ווילנע און ליטע.

עס איז געווען די צייט פֿון מאָסקווער „פּראָלעטקולט“, פֿון די ווילדסטע עקספּערימענטן מצד „רעוואָלוציאָנערן“ אין טעאַטער, וואָס האָבן געשטרעבט צו זיין „פֿויפּסטלעכער ווי דער פֿויפּסט“. און זייערע „אויפֿטוען“ זענען באַשטאַנען — אין ברעכן אַלטע מזבחות, שענדן אַלטע קדושות, פֿאַרניכטן אַלטע ווערטן.

איך האָב פֿאַר דימאַנטשטיינען ברייט אַנטוויקלט מיין קוק אויף אָט די ענינים. איך האָב אים געזאָגט, אַז די רעוואָלוציע האָט בכלל נישט קיין אויפֿגאַבע עפּעס צו ברעכן, צו שענדן און פֿאַרניכטן. דאָס איז נעמלעך אַ בלבול, וואָס שפּראָצט פֿון שנאה צו דער רעוואָלוציע.

רעוואָלוציע, פֿאַרקערט, דאַרף פֿאַרשפּרייטן די אַלטע ווערטן און מאַכן זיי צוטריטלעך פֿאַר די באַפֿרייטע מיליאָנען.

— פֿעלשער און פֿראַזיאָרן זענען די אַלע — האָב איך ליידנשאַפֿטלעך געשריגן, אַרומלויפֿנדיק איבערן גרויסן צימער — וועלכע רעדן וועגן דער „פּראָלעטאַרישער קולטור“ ווי וועגן אַ קולטור פֿון פּראָלעטאַריאַט. אַ רייד קאָן דערווייל זיין נאָר וועגן קולטור פֿאַרן פּראָלעטאַריאַט.

און פֿון אָט־דער „פּראָלעטאַרישער קולטור“ מוז מען מיט אַן אייזערנעם בעזעם רוימען אַלע רעשטלעך און שפּורן פֿון קליינבירגערלעכע געשמאַקן, נטיות און באַגערן. מען מוז געדענקען, אַז אַלע פֿאָרמען פֿון דער איבערראפֿינירטקייט, וואָס האָבן זיך פֿאַרשפּרייט די לעצטע יאָרן — זענען „מאכלים“ פֿאַר אָנגעזעטיקטע, אָנגעפּרעסענע פֿיינשמעקער און סנאָבן. דער נייער צושויער דאַרף האָבן — אַ טעאַטער פֿון העראָאיק, אַ טעאַטער פֿון פּראָגרעסיווער, פֿרייהייט־גיריקער ראָמאַנטיק... קודם־כל — אָן דיסקוסיעס — שעקספּיר, מאָליער, עסכיל, לאָפּע דע וועגאַ און ווייטער — הוגאָ, שילער און — איבסען. דערביי מוז מען שאַפֿן סצעניש בילדער פֿון אונדזער איצטיקער העראָאיק און ראָמאַנטיק. אָבער באַהיט און באַשיצט זאָל מען דערווייל ווערן פֿון דער איצטיקער בירגערלעכער ליטעראַטור!

איך האָב פֿאַרענדיקט, ווישנדיק דעם שוויס פֿון שטערן. דימאַנטשטיין האָט געקוקט מיט אַן איינגעהאַלטענעם שמייכל און מיך האָט ווי מיט אַ הייסן אָרעם אַרומגענומען זיין דערשטויגטער בליק.

— זייער אינטערעסאַנט, און דער עיקר דרייסט, אייגנאַרטיק... מיר מוזן זיך נאָך טרעפן און צום ענין אומקערן. אייערע אויספירונגען — וואָס אַן אמת — גייען אַרויס פון די ראַמען און מאָסן פון ווילנער „יידישן מלוכה־טעאַטער". אפשר איז עס גאָרנישט קיין „אַנטיסאָוויעטישער גאַנג", וואָס איר ווייכט פון דער אַרבעט דאָ אויפן אָרט. איבער אייערע מיינונגען לוינט זיך צו פאַרטראַכטן.

קורץ נאָכדעם האָט זיך געמאָלדן באָריס אָרשאַנסקי און מיר געמאַכט אַ פאָרשלאַג איך זאָל איבערנעמען די לייטונג פון דער טעאַטער־שול. איך האָב דעם פאָרשלאַג קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן.

— נישט האָבנדיק קיין שייכות צו אייער טעאַטער, קאָן איך נישט פירן די שול. מיר דאַרפן דערציען אונדזער דור אין גייסט פון אַקטיאָרישן אידעאַליזם, דערהויבענער זיטלעכקייט, רעוואָלוציאָנערער גרייטקייט צו שפּרייטן באַגריפן פון הויכן הומאַניזם.

ביי אייך אין טעאַטער שטייט דער ריח פון קליינבירגערלעכן עגאָיזם, העגדלערישער דורכגעטריבנקייט, קאַריעריזם פון ערגסטן מין...

— טאָ אַרבעט אין דער פרעסע! שרייבט אַרטיקלען פאַרן „שטערן".

— מיטן גרעסטן כבוד!

— ווען קריג איך אייער ערשטן אַרטיקל?

איך האָב אָנגעשריבן צוויי אַרטיקלען וועגן די פאָרשטעלונגען פון „מלוכה־טעאַטער". אין עלמית אויף דער בינע בין איך געווען ממש „פאַר־ליבט": דאָס איז געווען אַן אמתער לויכטנדיקער שטערן אויף די הימלען פון יידישן טעאַטער. מיין טיפער פאַראַכטונג צו עמעצן נעבן איר, האָב איך זיך באַמיט נישט צו לאָזן באַאיינפלוסן מיין אָפּשאַצונג פון די פאָרשטע־לונגען: פּרץ הירשביינס „די פוסטע קרעטשמע" און „די נבלה". דערביי געדענק איך בולט דעם פּאָזיטיוון איינדרוק פון ערשטן ספעקטאַקל, דער עיקר אַדאַנק עלמית, און דעם איינדרוק פון הוילער אומבאַהאָלפנקייט, געכפּלט אויף זעלבסטצופרידנקייט אַדאַנק דער צענטראַלער פיגור אין „דער נבלה" אין דער מ'שטיינס־געזאָגטער „אונטערפרעטאַציע" פון אַלעק־סאַנדער אזרא... פאַראַן זאַכן, וואָס די צייט ווישט נישט אָפּ, אירע שטראָ־מען וואַשן נישט אַראָפּ, אירע ווינטן זענען נישט בכוח אויסצולופטערן. איינע פון אַזעלכע זאַכן איז דער — ח ו ז ק, וואָס פיגמייען אין דער קונסט מאַכן פון אירע ווערטן, אפילו נישט ווייסנדיק, אַז זיי מאַכן חוזק פון זיך, פון אַלץ אַרום זיי.

די אַרטיקלען זענען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן, און מיט דער צייטונג אין דער האַנט איז געקומען אַנ־סקי.

— איר שרייבט, הייסט עס, וועגן „קונסט" ביי די באַנדיטן; אַז דער טאַטע לאָזט איבער בירושה אַ 4־שטאָקיקן מויער, קאָן מען רואיק זיין אַ „קונסט־קריטיקער" ביי אַ באַנדע רויבער. איצט האָב איך דערזען אייער אמתן פּרצוף.

* * *

איך שטעל די פֿראַגע: פֿונוואַנען האָב איך געלעבט און קיין קלאָרע תשובה האָב איך נישט. מיין געהאַלט, אַ סאָלידע סומע פֿון 1.250 „אָסטרובל" אַ חודש, וואָס איך האָב באַקומען ביי ליפּקאָווסקין און וואָס האָט מיר דערמעגלעכט אין משך פֿון אַ 3 חדשים צו פֿירן אַ הויז לויט מיינע אַלטע געוווינהייטן ביי טאַטע־מאַמען, האָט זיך אָפּגעהאַקט אָנהייב דעצעמבער. קיין „פֿאַראיבעריקטן גראָשן" האָב איך נישט געהאַט און נישט געקאָנט האָבן, ווייל לויט אַלע השערות, „לאָזן פֿון היינט אויף מאָרגן" איז געווען קעגן מיין טבע. איך האָב שטענדיק געלט אויסגעגעבן — נישט אינגאַנצן אויף הוצאות, איז — אַ טייל אויף הו־צאות... און קומענדיק אַנטקעגן עמעצנס בקשה, פֿלעג איך תמיד זאָגן: „געדענק, אַז איך דאַרף ש ט ע נ ד י ק האָבן געלט און דערפֿאַר מוזט איר זיך נישט איילן אָפּצוגעבן למען השם „צום טערמין", ווייל איך וועל אין אַ חודש אַרום עס דאַרפֿן האָבן פּונקט אַזוי נויטיק ווי אין אַ וואָך אַרום".

און נישט איינמאָל פֿלעגן מיך „פֿאַרגעסענע חובות" אַרויסשלעפּן פֿון דאגות.

איך בין נוטה צו מיינען, אַז אַזעלכע מיני „פּרנסות" האָבן מיר גע־קאָנט פֿאַרלייכטערן מיין קיום יענע וואָכן און חדשים און — מסתמא — דירה־געלטער, ווייל אין די ערשטע טעג יאַנואַר — איידער די רויטע אַר־מיי איז אַריין, — האָט די מערהייט לאָקאַטאָרן, מסתמא, איינגעצאָלט (מען פֿלעגט צאָלן פֿאַר אַ קוואַרטל פֿאָרויס). אָבער דאָס איז געווען אַ פּראָבלעמאַטישע הוונה: מען האָט געצאָלט מיט די טרויעריק־באַרימטע „קערענקעס" — אַזעלכע מיני „אַסיגנאַציעס", גרויס ווי אַ צעטל אויף אַ פֿלאַש ביר — און עפּעס ק ו י פֿ ן מיט דעם מין מזומנים איז גע־ווען — נישט שייך. אין מאַרק, אין קלייט פֿלעגט מען אויף יעדער פּאַ־

דערונג פון אַ פונט פלייש, צוקער, אפילו ברויט — דערהערן: „נישטאָ! שוין 8 אינדערפרי אויספאַרקויפט ביז לעצטן גראַם".

אָבער ווער עס האָט באַוויזן אין פאַרמאַכטן פויסט דעם עק פון אַ צ אַ ר י ש ן 10=רובלשטיק, האָט אַליין געקראָגן לדי.

און צען צאַרישע קערבלעך האָבן געקאָסט — דוכט זיך — הונדערט „קערענקעס,,.

איז קלאָר, ווי אַזוי מיין ווילטאָג האָט אויסגעזען: טרוקן ברויט, ברוינער צוקער (קיין ווייסן האָב איך פאַר 4 חדשים נישט אָנגעזען), שי= טערע טיי — דאָס רוב, און ווען נישט ווען פלעגט אונדז די שטיב= באַ= דינערין ברענגען פון סגיפישאָק אַ שטיקל פלייש און אַפילו — עוף.

מען האָט זי גערופן: „סטאַניסלאַוואַ". דאָס איז געווען דער ערשטער פוילישער מענטש, צו וועלכן די אומשטענדן האָבן מיך דערנעענטערט און וועמענס ערלעכקייט און איידלקייט האָט איינגעפלאַנצט אין מיר אַ ליב= שאַפט און אַכטונג צום פוילישן מענטש, וואָס קיינער און קיין זאַך האָט אין די שפּעטערדיקע ווירוואַרן נישט באַוויזן אויסצוראָטן.

איך האָב אויך געהאַט פרנסה פון לייענען אין רויטאַרמייאישע טיילן רוסישע קלאַסיקער: דאָס, משמעות, איז געווען מיין עיקר=פרנסה, און דאָס האָט מיך גייסטיק געקוויקט און דערמוטיקט. די פויערים און אַרבע= טער אין גרויע שינעלן פלעגן מיך אויפנעמען מיט צעפלאַמטע געמיטער; די אָוואַציעס פלעגן דויערן צו 10—15 מינוט. כ'האָב זיך דערמאָנט אין דער פאָרשטעלונג פון „אַקאָסטאַ" אין אַלעקסאַנדראָווסק און די נישט= געשפּיגענע „סעמעטשקעס". און דאָ האָב איך געפילט, אַז מיין לעבן איז עמעצן נויטיק און מיר ליב.

איינמאָל האָב איך נאָך לערמאָנטאָווס „באָראָדינאָ", שטייענדיק אויף דער עסטראַדע אונטערן האָגל פון בראַוואָ=פּאַטשעריי, דערפילט אַ זויגנ= דיקן ווייטיק אין האַרצן.

איך בין אַראָפּ פון דער עסטראַדע, ווישנדיק די אויגן.

— וואָס איז געשען? — הער איך אַ שטים דערביי און דערזע אַ רויטאַרמייער מיט דערשראָקענע אויגן: איר וויינט? זענט איר באמת אַזוי איבערגענומען מיט דיליידן פון אַלטן „פעטער" און זיינע זכרונות וועגן באָראָדינער שלאַכט?

— ניין, חבר, דאָס האָט זיך פאַרענדיקט מיטן לעצטן פערז. אָבער — ו י י ט ע ר!

— וואָס איז געשען ווייטער?

— שטייענדיק פאַרן צעהיצטן און צעפלאַמטן זאַל און זעענדיק די יונגע צעשטראַלטע פּנימער פון אָט־די 20־יעריקע קינדער, האָב איך דערפילט אַ נאָגנדיקן צאַפּל אין געוויסן —

— זיי גייען באַלד אַוועק אויפן פראָנט: זיי וועלן איינשטעלן און אָפּגעבן זייערע יונגע לעבנס דער רעוואָלוציע און דעם פאָטערלאַנד, און איך וועל צונעמען די פּאָר הונדערט קערענקעס פאַר דעם, וואָס איך האָב זיי צעוואַרעמט און, מסתמא, פאַרצענפאַכט זייער גרייטקייט זיך מקריב צו זיין — שווער דערמיט אַוועקצוגיין און זיך לייגן שלאָפן אויפן ווייכן געלעגער אונטער אַ וואַרעמער קאָלדרע...

דער רויטאַרמייער האָט מיך לאַנג אָנגעקוקט, אָנגענומען מיר ביים עלנבויגן און האָט שטיל ארויסגערעדט:

— זענט איר, זע איך, נישט נאָר אַן אַרטיסט מיט טאַלאַנט.. אויך אַ באָלשעוויק זענט איר, וואָס באַגרייפט די געשעענישן אַרום און שאַצט געהעריק אָפּ זייער גרויסקייט. אייער האַנט, חבר! מיר האָבן געמיינט, אַז איר קומט צו אונדז לשם פּרנסה, אַז אייך גייט בלויז אין רווחים.* מיר האָבן געהאַט פאַר זיך — אַ קליינבירגער, אַ בורזשוי, אַן אייגנטימער, און איר, שטעלט זיך אַרויס, זענט אַן אונדזעריקער... נישט נאָר אַ „ספּעץ“ — אויך אַ פריינד, אַ חבר, אַ פּראָלעטאַריער אין גייסט. ער האָט מיך אומגעריכט צוגעדריקט צו זיין ברוסט און געקושט מיין שטערן.

אַז איך האָב אַ טאָג־צוויי שפּעטער דערציילט אַנ־סקין דעם עפּיזאָד, האָט ער מיך לאַנג אָנגעקוקט מיט זיינע קלוגע, גרויסע אויגן און האָט לאַכנדיק געמאָלדן:

— אַ וואָלף זענט איר מיט ציינער און נעגל פון אַ שעפּס! איז ועל כולם זענט איר סוואָרינס אַ האָדולניק, אייער „אני־מאמין“ שטעהט אין „נאָוואָיע וורעמיאַ“ און דערפאַר קאָנט איר אַזוי זיך ברידערן מיט די הענקער פון פרייהייט און דעמאָקראַטיע.

— מיר וועלן זיך דערצו נאָך אומקערן, סעמיאָן אַקימאָוויטש!

די ביז איצט געשילדערטע עפּיזאָדן גיבן שוין אַ געוויס, הגם נישט אויסשעפּנדיק בילד, פון די טעג און וואָכן, וועלכע ווילנע האָט דורכגעמאַכט אין אָנהייב 1919... דערצו מוז דאָ באַטאָנט ווערן, אַז אין ווילנע איז דאָס בילד פון דער רעוואָלוציע געווען ווייט אַן אַנדער ווי אין די גרענעצן פון רוסלאַנד, און שילדערן די עצם רעוואָלוציע אויפן סמך פון דער

* Прибавочная стоимость

ווילנער ווירקלעכקייט פאַר יענע חדשים, וואָלט געווען פאַלש און ווייט פון אמת.

אין רוסלאַנד, איבער איר גאַנצער לענג און ברייט, איז אָנגעגאַנגען אַ מעכטיקער פּראָצעס פון רעוואָלוציאָנערער בוונג און שאַפונג. צווישן די ציגל און באַלקעס, וואָס זענען געפלויגן איבער קעפּ און האָבן אָפּט גע־שפּאָלטן קעפּ — זענען געוואַקסן ווי אויף הייוון נייע גרויסע בנינים. דאָס נייע לעבן האָט געהאַלטן אין כסדרדיקן אויפבליען, הגם בייזע ווינטן און פינצטערע וואָלקנס האָבן דעם אויפבלי אויף יעדן שריט געפרווט מאַכן צו נישט.

אין ווילנע זענען קיין באַלקעס נישט געפלויגן, קיין ציגל איז קעפּ נישט געפאַלן, און — קיין נייע בנינים נישט געוואַקסן, און קיין סימן פון בליונג איז נישט געווען.

עס איז געווען אַן אויסגעהויכטע ברוסט פון אַ פאַרחלשטן אָרגאַניזם, פון וועלכן דער דייטשישער אָקופּאַנט האָט פאַר דריי יאָר אויסגעזויגן אַלע זאַפטן פון לעבן.

האָסטו געקאָנט זיין דער טרייסטער פריינד פון דער מאַכט, דער אי־בערצייגטסטער אָנהענגער פון אירע כוונות און פאַראָרדענונגען, האָסטו געמוזט, בלית־ברירה, ווילנדיק אָדער נישט־ווילנדיק, אין משך פון טאָג עובר זיין אויף אַ צאָל פאַראַגראַפן פון די פאַראָרדענונגען, וועלכע פלעגן ווערן אַרויסגעגעבן אויס פּרינציפּיעל־אידעאָלאָגישע אָדער טעאָרעטיש־פּאָ־ליטישע טעמים.

די איינציקע מיטברויכער, וואָס האָבן געבראָכן די כללים אויס בייז־וויליק־פּראַקטישע אויסזיכטן, צוליב אייגננוץ, זענען געווען די ספּעקו־לאַנטן, וועלכע פלעגן „פון אונטער די פאָלעס" האַנדלען מיט שפּייז־פּראָדוקטן...

כדי זיך צו דערשלאָגן ביי אַ ספּעקולאַנט צו אַ פונט צוקער, האָט מען געמוזט די „קערענקעס" אויסבייטן אויף צאַרישע, און דאָס איז שוין געווען שטרענג פאַרבאָטן. אַזוי אַרום האָט מען זיך געפילט ווי אַ פאַרברעכער רייכער ניק אַ פּאַפּיראָס. (פאַר „קערענסקעס" איז טאַבאַק געווען — „איננו" — נישטאָ).

ס'איז געווען שווער צו געפינען די קערנער פון סאָציאַלן יושר צווישן די דערנער פון אומגעלומפּערטקייט, בייזוויליקן ווילקיר און פּשוטער פּראָ־וואָקאַציע פון שונאים, וועלכע האָבן מיט אַ כיוון געפעלשט אַלע

ערלעכע כוונות פון דער מאַכט, געמישט די קאָרטן, אַראָפּגעפירט די פורן פון די ריכטיקע וועגן און געלאַכט אין די הויפנס איבער יעדן אומגעלונגענעם גאַנג פון דער מאַכט, וועלכע האָט געוואָלט זייען און שפּרייטן סאָציאַלע גערעכטיקייט, אָבער אָפט בלויז פאַרברייטערט דעם מישמאַש, פאַרטיפט די סתירות.

ווי אַזוי איך האָב געשלעפּט יענע וואָכן מיינע טעג און נעכט האָט שוין דער לייענער אַ גענוי בילד פון אַ ריי באַשריבענע עפּיזאָדן.

אָבער איך מוז ברענגען נאָך צוויי פאַלן, אין וועלכע דער אמת און זיינע סתירות האָבן מיך דערפירט צום ראַנד פון יאוש, און איך ווייס נישט ווי איך וואָלט אַרויס פון גרוב ווען נישט... ווען נישט „דיאַלעקטיק"; ווען נישט — „דער קאַמף פון סתירות אין עצם תוכן פון זאַכן".

## VII. דער אומהיימלעכער עפּילאָג

איינמאָל אין אַן אָנהייב פון אַ מערץ־אָוונט האָבן מיר זיך אָנגעטאָן צו גיין ערגעץ מיט אַ באַזוך. אַז מיר זענען געשטאַנען אין די אויבער־בגדים, האָט זיך געמאָלדן אַ שכן און אָנגעזאָגט, אַז דער טויער און די פּאָדערטיר פון גאַס איז פאַרשלאָסן, ווייל אַן אָפּטייל נג רויטאַרמייער מיט אַ „פּאָליטרוק" בראש פּירט דורך אַ רעוויזיע אין אַלע וווינונגען.

— מע זוכט, ווייזט אויס, שפּייז־פּראָדוקטן — האָב איך.

מיר איז דער ענין אָנגעגאַנגען ווי פּאַראַיאָריקער שניי. עס האָט מיר פאַרדראָסן, וואָס מע וועט אויף אונדז דאַרפן וואַרטן דאָרט, ווו מיר האָבן צוגעזאָגט צו קומען. אָבער — פאַרפאַלן! מיר האָבן אַראָפּגענומען די מאַנטלען און אָנגעהויבן וואַרטן. עס זענען אַריבער עטלעכע שעה, איך בין געוואָרן אומגעדולדיק... צי איז אַמאָל די גאַנצע פּראָצעדור שוין נישט לאַנג אַריבער, און מיר זיצן אומנייטיק אַזוי ווי אַרעסטירטע?

אַרום 11 אַזייגער אין אָוונט האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקע פּויקעריי אין טיר...

— ווער איז דאָרט?

— סאָוויעטסקאַיאַ וולאַסט! — האָב איך דערהערט אַ הילכיקע מע־נאָר־שטימע.

די טיר האָט זיך נישט באַוויזן צו עפענען, ווי עס האָבן זיך איבערן שוועל אַריינגעריסן עטלעכע רויטאַרמייער.

איך האָב געהאַט בדעה צו מעלדן, אַז איך אַרבעט אין דער צייטונג, אָבער איך האָב עס נישט באַוויזן...

— ווייזט אַהער אייערע אַלע זאַפּאַסן! — האָט אויסגעשריען איינער פון די אַרמייער.

דאָס בלוט האָט מיר אַ שלאָג געטאָן צום קאָפּ. אויפן טיש פון עסצי־מער איז געלעגן אַ שטיק ראַזעווע ברויט און אַ ביסל ברוינער צוקער אויף אַ טעצל פון אַ טיי־גלאָז.

— וואָס מאַרודזיעט איר? מיר האָבן קיין צייט נישט! — שרייט דער סאָלדאַט.

— מיינע זאַפּאַסן ליגן דאָ אויפן טיש — האָב איך קוים אַרויסגע־מורמלט...

דריי פון די פינף—זעקס זענען אַריין אין עסצימער, האָבן באַ־טראַכט די מעבל, אַ קוק געטאָן אויפן טיש, און אַ הילכיקער, פרייליכער געלעכטער האָט זיך צעגאָסן אונטערן הויכן סופיט פון מיין נגידישער דירה.

— פאַר אַזעלכע טפשים האַלט איר אונדז? — האָט איינער אָפּגעהאַקט. דאָס לאַכן און מיר גענומען קלאַפּן איבערן שולטער — זענט איר, געשעצ־טער בירגער, אַליין נישט קיין קלוגער. נישט נעמט פאַר אומגוט מיין אָפנ־האַרציקייט. מיר זענען געקומען רעקווירירן די פּראָדוקטן, וואָס איר האָט מער ווי אויף פינף טעג פאַר דריי מענטשן. מאַכט נישט חוזק פון אונדז און באַווייזט אייער שפּייכלער און אייער שראַנק פאַר עסנוואַרג.

— דעם שראַנק קאָנט איר עפענען אין פאָדערשטוב הינטער דער קיך. קיין שפּייכלער האָבן מיר נישט. און מיינע פּראָדוקטן פאַר דריי מענטשן ליגן דאָ אויפן טיש. מאָרגן פרי וועלן מיר קויפן אויף מאָרגן, אויב אין געוועלב וועט מען עפּעס קריגן פאַר „קערענקעס".

פון געלעכטער און לוסטיקייט איז פאַרשוואונדן יעדער שפּור. אַ טי־פער ערנסט האָט באַהערשט אַלעמען. דער ענין האָט אויסגעזען צו זיין אויפגעקלערט, אָבער דער ערשטער האָט מיטאַמאָל אַ געשריי געטאָן:

— איר זענט דער באַלעבאָס פון הויז?

— יאָ, דער באַלעבאָס...

כ'האָב נישט געקאָנט איינהאַלטן מיין זיפץ, ענטפערנדיק אויף דער פראַגע.

— זוכט אין אַלע ווינקעלעך! — האָט ער געגעבן אַ קאָמאַנדע און צו מיר מיט אַ טאָן נידעריקער זאַכלעך אַרויסגערעדט:

— געדענקט, אַז פאַר יעדן אונץ איבער דער נאָרמע וועט איר מוזן שטרענג ענטפערן. פאַרשפּאָרט אונדז צו נישטערן, לייגט אַליין אַרויס אייערע זאַפּאַסן!

— איך האָב נישט קיין פונט ברויט אויף מאָרגן.

— „טפו" זאָל עס ווערן! — האָט ער אַ שפּיי געטאָן און זיך גענו־מען אַריינטענהן אין סטאַניסלאַווען:

— איר זענט אַ נישט־באַוווסטזיניקער שקלאַף ביי די בורזשויזן, אויב איר וועט נישט איינגיין צו העלפן אונדז, — אייערע פריינד, וועלכע ווילן פאַר אייך אויסקעמפן אַ בעסער לעבן. אָבער, ווינטשנדיק גוטס אייער באַלעבאָס, זאָגט אונדז וועלכע זאַפּאַסן זיי האָבן. איר וועט דערמיט אָפּווענדן פון אים די שווערע שטראָף פאַר אויסבאַהאַלטן פּראָדוקטן. אייער מעלדונג וועלן מיר באַטראַכטן ווי זיינע. זאָגט: וואָס ליגט באַהאַלטן?

סטאַסיע האָט וויינענדיק געענטפערט: „אין שטוב איז מער נישטאָ ווי דאָס, וואָס ליגט פאַר אייערע אויגן".

דריי אַרמייער האָבן זיך געלאָזט איבער די צימערן. איינער האָט געעפנט דאָס וואַנע־צימער.

איך בין געשטאַנען אין פּאָדערשטוב. אַ ביטער געפיל פון נישט־פאַרדינטער באַליידיקונג האָט מיך געפייניקט.

מיטאַמאָל האָט זיך די אַריינגאַנג־טיר אויפגעריסן מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ און וואָנט און איך האָב דערזען אַ נייע געשטאַלט.

געקליידעט — ציוויל. אַ שוואַרצער, אָפּגעריסענער מאַנטל. אויפן קאָפּ אַ מין שטריימל פון שוואַרצן פוטער־שטאָף, אויסגעריבן, אָפּגענוצט. אויף אַ שטריקל איז ביי אים אויפן רוקן געהאַנגען אַ ביקס... און דער פּנים אַ בלאַסער, מיט איינגעפאַלענע באַקן, מיט אונטערן שטערן איינגעגראָבענע אויגן האָבן געקוקט אָנגעברוגזט און דורכגעשפּיזט אַלץ אַרום שאַרף און שטרענג:

„ווען מיטלייד זאָל נישט גערעדט און געהערט ווערן!"

איך האָב דערזען אַ טיפּישן „סאַן־קיולאָט" פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און אַ טראַכט געטאָן (אויב נישט אַ זאָג געטאָן?) — „מאַראַט!!"

און אָט דער מענטש האָט אין אַ מינוט אַרום מיר אומגעקערט מיין לעבנס־פרייד, מיין גלויבן, אַז הינטער מיט בליי און שטיינער אָנגעלאָדענע וואָלקנס שיינט די זון; אַז די אַלע בייזע ברואים קאָנען אויף די וועגן פון דער געשיכטע נישט באַזייטיקן די געשטאַלט — פון מענטש... און ער — דער מענטש און זיינע אידעאַלן — מוז אַלץ. וואָס קומט פון תוהו ובוהו, באַזייטיקן און באַזיגן.

— וואָס הערט זיך דאָ? — האָט אַרויסגעבראָכט מיט אַ קול פון אַן אויסגעמאַטערטן לייב דער ניי־געקומענער.

אים האָט געענטפֿערט דער אָנפֿירנדיקער ערשטער רויטאַרמייער:

— ער וויל פֿאַר קיין פֿאַל נישט אַרויסלייגן די פּראָדוקטן און מענהט עקשנותדיק, אַז ער פֿאַרמאָגט נאָר דאָס שטיקל שוואַרצע ברויט, וואָס ליגט אויפֿן טיש.

דער מענטש אין ציוויל מיט דער ביקס האָט זיך האַסטיק אויסגע־דרייט צו מיר. אונדזערע בליקן האָבן זיך צונויפֿגעקרייציקט.

אַ צוויי מינוט שווייגן האָט אויף מיר געווירקט ווי פּיאָלעט־שמיראָלן וואָלטן מיר געלויכטן און געוואַרעמט.

— איך מאַך אייך אויפֿמערקזאַם, חבר פּאָליטרוק — האָט דער אַר־מייער שטייף און בייז געמאָלדן — דאָס איז דער באַלעבאָס פֿון הויז.

און גלייך האָב איך דערהערט דעם אויסרוף פֿון דער לייבנשטימע, שוין מוגטערער ווי פֿריער:

— קיין שום רעוויזיעס וועלן מיר דאָ נישט מאַכן. קינדער! מאַרש!

פֿון וואַנט־צימער איז תיכף אַרויס דער אַרמייער. הינטער אים פֿון קיך און אַנדערע צימערן די איבעריקע.

מיין „סאַן־קיולאָט“ האָט מיליטעריש צוגעלייגט זיין האַנט צום אויס־געריבענעם פֿוטער פֿון זיין שטריימל און אָפּיצעריש צונויפֿגעקלאַפּט די פּיס, אויף וועלכע דערזען האָב איך נישט קיין שטיוול, נאָר אָפּגעטראָגענע שטיבלעטן מיט קרומע קנאַפּל.

אין ווילדער סתירה צו דעם, וואָס מיינע אויגן האָבן אָנגעקוקט, האָב איך נישט גלייבנדיק מיינע אויערן, דערהערט:

— אַנטשולדיקט בירגער! אונדז קומט אַמאָל אויס צו באַגיין אומגע־רעכטע מעשים. קיין אוניווערסיטעט אויסצושטודירן די וועגן פֿון סאָציאַ־לער רעוואָלוציע זענען מיר נישט דורכגעגאַנגען און מוזן נאָכגיין אונדזער אייגענעם שכל און אָפּענע אינסטינקטן. מיך פֿרייט, וואָס איך בין צו דער צייט אָנגעקומען און באַוויזן די עוולה קעגן אייך אָפּצווווענדן. אַלדאָס גוטס!

ער האָט איבערגעחזרט די מיליטערישע באַגריסונג און איז איילנדיק אַרויס אויף די טרעפּ.

— מאַטקאָ באָסקאָ! וואָס איז עס פֿאַר אַ מענטש! — האָט, זיך צלמענדיק, געמורמלט אונדזער סטאַניסלאַוואַ. גאָט האָט צוגעשיקט אַ מלאך פֿון הימל אין אַזאַ שווערער שעה — צו באַשיצן אייך, פּאַניע דראָגי! ווי פֿיינלעך איז מיר געוועזן צו זען אייערע ליידן!

אין אַ צופֿלוס פֿון מיטלייד האָט זי זיך געוואָרפֿן קושן מײַנע הענט. און —

ערשט דאַן בין איך אַרײַן אין עס־צימער, אַ שלײַדער געטאָן דאָס שטיק שוואַרצע ברויט אין וואַנט.

און כ'האָב זיך אויפֿן קול ביטער צעיאָמערט.

* *
*

אַך, לײַענער! ווען די מעשה בלײַבט ביים סאַן־קיולאָט און כּטאַסיען וואָלט דער זין פֿון דער מעשה געמוזט זײַן אַן אַנדערע. אַ לויבגעזאַנג דעם מענטש.

נישט באַשערט נאָך, לײַענער: די מעשה האָט אַן עפּילאָג.

אויף די טרעפּ, פּונקט אַנטקעגן, טיר אין טיר, האָט געוווינט אַ שכן. זײַן נאָמען? נישט וויכטיק! אַ ייִד, אַ סוחר. כ'האָב אים געקענט נאָך אַלס ייִנגל. אַ גביר, אַן עושר. האָט אַמאָל געהאַט אויף „דײַטשישער" גאַס אַ געשעפֿט מיט פֿאַרטיקע בגדים. איצט איז ער, מסתמא, געווען אַ ספּעקולאַנט — פֿון די גראָבע. איך פֿלעג אים זאָגן „גוטן־אָוונט און האָב מיט אים, צײַט איך בין געקומען קיין ווילנע, קיין צוויי ווערטער נישט אויסגערעדט, הגם ער פֿלעגט מיך טרעפֿן מיט אַ שמייכל אויף זײַנע דינע ליפּן.

די אַרמייער מיטן פּאָליטרוק זענען פֿון מיר אַרײַן צו אים: איך האָב זיי אין אַ מינוט 15 אַרום געהערט אַוועקגיין.

איז אָט דער ליבהאַרציקער אויף מאָרגן אַרײַן צו מיר און מיטן שמייכעלע אויף זײַנע דינע ליפּן העפֿלעך געזאָגט צו מיר:

— איר'ט דאָך מיר דערלויבן, הער מאָרעוווסקי, צונעמען די זעקלעך?

— וועלכע זעקלעך???

— איך האָב געוווּסט, אַז די „טאָוואַרישטשעס" דאַרפֿן קומען זוכן פּראָוויאַנט, האָב איך ביי אײַך אין וואַנט־צימער פֿאַררוקט צוויי זעקלעך מיט צוקער... איך וואָלט אײַך גערן פֿאַרגעלייגט אַ פּאָר פֿונט, איר האָט עס ערלעך פֿאַרדינט...

אַרײַנקוקנדיק מיר אין די אויגן, האָט ער שנעל צוגעגעבן:

— חלילה! איך ווייס, אַז איר וועט נישט נעמען. מיר קענען זיך נישט פֿון נעכטן.

— סטאַסיאַ! וואָס טוט זיך דאָ? ווי האָט איר געקאָנט דערלאָזן באַ־האַלטן ביי אונדז זעקלעך צוקער?

זי איז געשטאַנען ווי געליימט. שרעק האָט אַרויסגעשריגן פון אירע ברייט־אויפגעריסענע בלויע אויגן.

— זי האָט נישט דערלויבט און איך האָב ביי איר נישט געפרעגט. איך בין אַריין מיט אַן עמער און געבעטן מיר דערלויבן אָנגיסן וואַסער, ווייל ביי מיר איז כלומרשט קאַליע די וואַסערלייטונג.

איך בין געזעסן ווי אַ שטומער. ער איז אַוועק אין וואַנע־צימער, אַרויסגעטראָגן צוויי זעקלעך און, גייענדיק צו דער טיר, זאָגט ער שוין אָן דעם שמייכעלע אויף זיינע ליפן:

— איר זענט דאָך אַ מענטש מיט פאַרשטאַנד און מוזט פאַרשטיין, אַז די זעקלעך זענען פאַר מיר געווען אַ גרויסע סכנה, בעת פאַר אייך איז עס גאָרנישט, ווייל איך האָב דאָך געוווסט אויף 99 פראָצענט, אַז ביי מאַ־רעווסקין וועלן די טאָוואַרישטשעס נישט זוכן, נישט וואָגן צו זוכן.

„קאָמענטאַרן“ — ווי מען זאָגט אין אַזעלכע פאַלן — „זענען נישט נויטיק“.

איך ווייס, אַז געדאַרפט האָב איך אויפזוכן מיין „סאַן־קיולאָט“ און דעם עפּילאָג אים דערציילן.

— אָבער

אפשר איז עס „פערזענלעכע נקמה“? — האָט מיך געעקבערט אַ ספק — טאָ זאָל מיינס איבערגיין.

דאָס איז געווען מיין איינציקער פאַרברעכן קעגן דער מאַכט פאַר יע־נע הרשים.

אָבער נאָך נישט דער לעצטער נסיון.

## VIII. טראַגיק און חוזק

עס זענען שוין געשטאַנען די טעג פון צווייטער העלפט מערץ, בעת דעם ווינטער גייען אויס זיינע לעצטע כוחות, און קיינעם קימערט נישט זיין אומבאַהאָלפנקייט, קיינער הערט זיך נישט צו צו זיינע לעצטע זיפצן און וויייענישן. דאָס לעבן פליסט אין הונדערטער שטראָמען אַנטקעגן דער זון און טראָגט אַנטקעגן אירע שטראַלן קופעס צעלאָזענעם שניי, אַרומ־קאַלופענדיק אים מיט פריידיקע פינגער, וואָס האָבן שוין נישט מורא פאַר די נאָדלען פון קעלט און פראָסט, פון אַלע באַהאַלטענע ווינקעלעך אין הויפן, אין קעלערן, אויף דעכער, אויף בוידעמער — פון אומעטום, וווהין עס קאָן זיך אַריינבאַקומען וואַרעמקייט...

אין איינעם פון אַזעלכע טעג דערהער איך אַרום ניין אינדערפרי אַ שטאַרקע קלאַפעריי אין טיר, וואָס האָט דערמאָנט דעם באַשריבענעם אָוונט מיט קורצע טעג פריער.

איך פרעג: „ווער איז דאָרט?“ איך דערהער: „סאָוויעטסקאַיאַ וולאַסט“, און איך עפן די טיר.

דאָס מאָל טרעט איבער די שוועל אַ יונגער מענטש פון אַ יאָר דריי און צוואַנציק. אָן אַ ביקס. מיט אַ פאַפקע אין האַנט.

— פון זשילאָטדיעל — זאָגט ער. — איר פאַרנעמט זאַלבעדריט פיר צימערן. איר מוזט איינס אָפּגעבן צו אונדזער דיספּאָזיציע.

— זייער גערן — זאָג איך. אָבער וועמען זאָל איך אָפּטרעטן דעם איבעריקן צימער?

אָנשטאָט אַן ענטפער אויף מיין פראַגע, האָט ער געעפנט די טיר און געזאָגט:

— בירגער! קומט אַריין!

אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן אַ מאַן פון ריזיקן וווקס, מיט אַ רונ־דער, ווייסער באָרד און העל־גרויע אויגן, פון אַ יאָר זעכציק.

אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַ קורצן וואַטאָוון רעקל און וואַטאָווע דורכגעשטעפּטע הויזן — נישט פון זעלביקן קאָליר ווי דאָס רעקל. אויף די פיס — הילצערנע פּאַנטאָפל, וועלכע איך האָב ביז דאַן געהאַט געזען טראָגן פישער ביים ברעג ים.

אויף דער פּלייצע ביי אים איז געלעגן אַ זעג, אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ האַק, פאַרלייגט אויפן שולטער, און אַ גרויסן האַמער.

— אָט דער בירגער וועט וווינען אין צימער, וועלכן איר דאַרפט אים אָפּגעבן צו זיין פולשטענדיקער דיספּאָזיציע. אויסקלייבן קיין צימער לויט זיין פאַרלאַנג איז ער נישט באַרעכטיקט, טרעט אָפּ וואָס איר געפינט פאַר זיך באַקוועמער. קיין דערנערונג זענט איר נישט מחויב אים צו באַזאָרגן.

— איר הערט? — האָט זיך דער יונגערמאַן געוואָנדן צו אים - - איר זאָלט נישט פאָרערן קיין ביסן ברויט, אפילו קיין וואַרעם וואַסער. בלויז דאָס צימער איז אייערס.

— און איר — האָט ער ווידער זיך געוואָנדן צו מיר — גיט אים אַ קישן אונטערן קאָפּ און מיט וואָס זיך צוצודעקן. שרייבט אונטער דעם אָרדער פון ווינונגס-אָפּטיילונג.

מיר זענען אַריין אין צימער, וואָס איז שוין געווען נישט מיינס. איך האָב געהתמעט דעם דאָקומענט, און מיין נייער מיטוווינער האָט אויף דער ווענדונג צו אים קורץ געזאָגט: „ניעגראַמאָטני“.

*　　*

*

„טראַדיציע“ — איז אַ גרויסער עקשן.

אין אָפּגעטרעטענעם צימער — דאָס איז געווען מיין איינציקער צי-מער מיט דרום-ליכט, וואָס איז צוליב מיין כראָנישער האַלדז-קראַנקהייט געווען מיין אייגנטלעכער זיץ-פּונקט אין דער גאַנצער דירה — בין איך שוין נישט געווען קיין דעה-זאָגער, אָבער פאַרן „באַלעבאָס“ פון דער דירה האָב איך זיך געפילט. און בעת סטאַסיע האָט געבראַכט אויפן טיש טיי און ברויט (שוואַרצן) און צוקער( ברוינעם), האָב איך דערפילט, אַז אונטער מיין דאַך געפינט זיך אַן „אורח“ און איך מוז אים פאָר-לייגן אַ גלאָז טיי...

און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה „סתירות צו די אמתן“

אַז איך האָב אָנגעקלאַפּט אין טיר און, נישט דערהערנדיק קיין אָפּ־רוף, אָנגעקלאַפּט אַ צווייט מאָל, האָט אָפּגעהילכט אַן אופגערעגט קול:

— ווער קלאַפּט עס? וואָס שטערט איר מיר? ס'איז דאָך מיין „זשיל־פּלאָשטשאַד!"*).

— אפשר וועט איר טרינקען אַ גלאָז טיי?

— פאַרוואָס זאָל מען נישט טרינקען אַ גלאָז טיי? און פאַרוואָס שטייט איר הינטער דער טיר עס פאָרצולייגן?

מיר איז קלאָר געוואָרן, אַז קלאַפּן אין טיר איז אויך אַן איבערבלייבעכץ פון אָפּגעלעבטע באַציונגען צווישן מענטשן און וועגן טרינקען טיי דאַרף מען נישט ר ע ד ן. נאָר דערלאַנגען און זאָגן: „טרינקט!"

וועט יענער נישט וועלן, וועט ער אַליין עס זאָגן; אונטערהאַנדלונגען זענען בלויז „סאַלאָן־געשפּרעכן"... ריכטיק ווי גאָלד; א מ ת!

אַז איך האָב געבראַכט אַ גלאָז טיי און אַ ביסל צוקער — אין אַ קעלישעק — האָט מיין גאַסט זיך צעשמייכלט און מיט אַ קורצן געלעכטער אַ פרעג געטאָן:

— אין קעלישקעס טרינקט איר טיי? מיר טרינקען אין האַלבלימערדיקע קוביקעס און, דערזעענדיק דעם ברוינעם צוקער, צוגעגעבן:

— קיין ווייסן פאַרגינט איר מיר נישט, באַרין?

— איך טייל מיט אייך דאָס, וואָס איך האָב אויף מיין טיש. מחויב אייך צו דערגערן — ווי ווייט איך האָב געהערט פון דער מאַכט — בין איך נישט. און אייער פאָדערונג איז מיט גאָרנישט „באַרעכטיקט".

„מחויב", „באַרעכטיקט", „פאָדערונג" — האָט ער מיך איבערגעקרימט מיט אַ שאַרפער שנאה אין די גרויסע אויגן... איך בין געבליבן שטיין, וויל אַוועקגיין פון אים נאָך זיין רעפּליק — דאָס וואָלט אויסגעזען ווי אַנטלויפן פון זיין אָנגריף און מאַכן אים ביים ערשטן אומגעריכטן צוזאַמענשטויס פאַרן „אָנגרייפער" און זיך — פאַר זיין „קרבן" —

דאָס האָט מיר דער אינסטינקט פון זעלבסטשוץ נישט געלאָזט.

ער האָט מיט צוויי־דריי שלוקן אויסגעטרונקען די טיי.

— ווילט איר נאָך?

— אוודאי וויל איך „נאָך"!

איך האָב געבראַכט אין אַ קענדל 2 גלאָז טיי.

---

*) ווינפלאַץ — קיין אַנדער באַצייכענונג איז דאָן נישט געווען: „צימער", „דירה" איז פאַרשוווּנדן פון אומגאַנג ווי אָפּגעלעבטע באַגריפן.

— קיין צוקער האָב איך מער נישט.

— טייערער פּריץ — האָט ער מיט אַ געלעכטער אָנגעהויבן, אויפ־שטייענדיק פון אָרט — דערציילט מיר נישט אומגעבעטענערהייט וואָס איר האָט און וואָס איר האָט נישט. קיין אָרדער צו מאַכן ביי אייך אַז אונטערזוכונג האָט מיר קיינער דערוויייל נישט געגעבן און לעבן וויל איך מיט אייך בשלום. אָבער פאַר קיין שוטה מאַכט מיך נישט און פּרווט מיר נישט איינרעדן, אַז דער קעלישעק ברוינער צוקער אין אייער „פּאַ־יאָק". איך וועל אייך נישט גלייבן.

ע ר האָט זיך פרייליך צעלאַכט און גענומען זופּן דעם טיי פון קענדל

איך בין אַרויס פון צימער און געבעטן סטאַסיען צונעמען דאָס קענדל, דאָס גלאָז און דעם קעלישעק.

— און ווו איז דער באַרין? — האָט מיין שכן געפרעגט פאַרוווּנ־דערט — ער האָט זיך באַליידיקט? וויל נישט מער מיט מיר זיך טרעפן? אָט אַ מאָדנער מענטש! וואָס האָב איך אים געטאָן? געזאָלט אים גלייבן, אַז ער איז אַ הונגעריקער פּראָלעטאַריער?

סטאַסיע האָט דערציילט, אַז ער האָט אויסגעזען אויפריכטיק געער־גערט. אין אַ ווייִלע אַרום האָב איך דערהערט, אַז ער עפנט זיין טיר און מיינע. ער איז געבליבן שטיין אויף דער שוועל און, דערזעענדיק מיך, שטיל געזאָגט:

— חבר פּריץ, זייט נישט בייז. אפשר רעד איך נאַרישקייטן? איך האָב דאָך נישט אייער בילדונג און דערציונג. פינצטערע מענטשן זענען מיר נעבן אייך.

— וואָס ווילט איר? — האָב איך אים אַ פרעג געטאָן — איר פאַר־לאַנגט עפּעס? זאָגט!

— גאָספּאָדין חבר! נעמט נישט פאַר אומגוט! — און, אַרויסרוקנ־דיק זיין קאָפּ, האָט ער צו מיר געזאָגט אין סאַמע אויער אַריין, פאַר־שטעלנדיק זיין מויל מיט דער האַנט:

— אפשר וועט איר מיר געבן אַ וואָסער ס'איז כּלי צום קליינעם געברויך? ס'ווילט זיך מיר נישט אַרומשפּאַצירן איבער אייער זשילפּלאָש־טשאַד... איך זע דאָך, אַז די פרויען מייִדן מיך אוים אָנצוקוקן. פאַרשטעענ־לעך: זיי מיינען דאָך, אַז איך בין אַ באַנדיט, אַ גזלן און מיט מיין האַק האַק איך קעפּ. אָבער איך בין אַ טעסלער, אַ אַרבעטער, און אייך וועל איך — באַהיט גאָט — קיין עוולה נישט טאָן. איך זע, אַז איר זענט

גאָר אַ האַרציקער מענטש, הגם פון אַן אַנדער מין ווי מײַנע מענטשן. אַבער זייט רויִק, טרויט מיר אָן און איך וועל אייך זיין אַ פריינד...

ווידער האָט ביי מיר אין טונקעלער פּאָדערשטוב געלויכטן די גע־שטאַלט פון צעשטראַלטן בן־אדם.

און ווי אַן אַקאָרד פון מענטשלעכער פּשטות האָט ער פאַרענדיקט די סימפאַניע:

— וועט איר מיר געבן אַ וועלכע ס'איז כלי?

איך האָב אים געלאָזט אַ מינוט שטיין און געבראַכט פון דריטן צי־מער אַ רונד געשיר פון ווייסן פּאָרצעליי.

— אָט האָט איר!

— אַך דו, פאָטער אין הימל! וואָס פאַר אַ שיינקייט! — האָט ער זיך געוווּנדערט, דרייענדיק די כלי מיט ביידע הענט. דערפון וואָלט איך געגעסן אוקראַיִנישן באָרשטש און פאַרביסן מיט וואַטרושקעס... קיין ליי־מענעם טעפּל האָט איר נישט? אַ שאָד, באמת!

— איך האָב נישט קיין ליימענעם טעפּל!

— נו, פאַרפאַלן... וועט מען פּיסן אין פּאָרצעליי... אָט אַ מין וועלט!...

— האָט ער גערעדט צו זיך שוין הינטער זיין פאַרמאַכטער טיר... וואָס פאַר אַ געברויך זיי מאַכן פון זילבער און פון גאָלד, נישט האָבנדיק גע־נוג ברויט און ליים!

ער וואָלט אָפּגעזעסן אונטער מיין דאַך חדשים, און איך — אין גרונט גענומען, אַן איינזאַמער מענטש — וואָלט דערוואָרבן אַ פריינד...

איז אָבער אַרויסגעקראָכן פון אָפּגרונט אַ פינצטערער שאָטן און האָט צעשטערט דעם קאָנטאַקט פון מ ע נ ט ש ל ע כ ק יי ט, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן ביי אונדז איינשטעלן. אין דער וויגונג האָבן מיר געוווינט זאַלבעפערט. די פערטע איז געווען אַ שוועסטערקינד, דעם פאָטערס שוועסטערס אַ טאָכטער, מינע. אַ מענטש מיט שאַרפע סתירות און מהמת דעם, פאַרקריפּלטער — ממש „הויקערדיקער" פּסיכיק. פון איר מאַמען האָט זי געירשנט אַ שכל, וואָס וואָלט געפּאַסט צו פאַרנעמען אַ מיניס־טערישן פּאָסטן; פון טאַטן, דעם ליבן „אָנקל אַלטער" — אַן איידל האַרץ און ערלעכקייט, וואָס האָט פון דעם ראָזיקן ווילנער „הענטשקעמאַכער" געמאַכט אַ ד ז ש ע נ ט ל מ ע ן „פּיור סאַן". מינע איז געווען איר גאַנץ לעבן אַ מיטגליד פון „בונד", ס'האָט דעמלט געהייסן: אַ „רעוואָ־לוציאָנערקע". אידעען פון רעוואָלוציע, שכל פון אַ מיניסטער, ערלעכקייט

און אײדלקײט פֿון בריטישן שניט — האָבן מיר פֿאַר זיך אַ טיפּ פֿון שענסטער, זױבערסטער געלײטערטער פּערזענלעכקײט.

האָט מען אָבער די הענטשקעס פֿאַרקױפֿט אָט דאָ בײַם װאַרשטאַט, אין קרעמל, (אױף דער „טראָקער“ גאַס, נעבן טישקעװיטשעס „באַלװאַנעס“), און די פֿאַרקױפֿערין איז געװען אונדזער זױבערע געלײטערטע פּערזענלעכקײט. האָט זיך איר כאַראַקטער געשפּאָלטן, װײַל האַנדלען איז אַ פּראָפֿעסיע, װאָס מוז פֿון מענטשן מאַכן אַ קלײנבירגער. און איך פּלעג זיך אין איר פֿון די פֿריִע קינדעריאָרן (זי איז פֿאַר מיר ייִנגער מיט אַ פּאָר יאָר) אָנשטױסן אױף װידערשפּרוכן, װאָס פּלעגן מיר שטערן זי צו פֿאַרשטײן און דערקלערן איר באַציִונג צו מענטשן און געשעענישן.

צו מײַן שכן מיט דער האַק און זעג האָב איך נאָכן ערשטן פֿרימאָרגן זיך דורכגעדרונגען מיט צוטרױ און ליבשאַפֿט....

בײַ די דרײַ פֿרױען האָט מײַן באַציִונג תיכף פֿון דער ערשטער שעה אַרױסגערופֿן אומצופֿרידנקײט. מײַן פֿרױ האָט מיך פֿון לאַנג געהאַלטן פֿאַר אַ לאַנגװײַליקן פֿאַנטאַזיאָר און פּלעגט אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט, נישט האַלטנדיק פֿאַר נױטיק אױסצוהערן דאָס, װאָס איך רעד װעגן פּראַקטישע ענינים. סטאַניסלאַװאַ האָט געזען אין מיר אַ טרעגער פֿון אמתער „קריסטלעכער“ מענטשן־ליבע און האָט אױך אין דעם פֿאַל געפֿונען אַן אױסדרוק פֿון זעלביקן כאַראַקטער־שטריך. זי איז געװען אַ טיף־גלײביקע קאַטױלין און דאָס האָט איר אימפּאָנירט, אָבער... צי פֿאַרדינט אַזאַ גאָטלאָזער באָלשעװיק, װי דער מענטש מיט דער האַק, אַ טיפֿע „קריסטלעכע“ באַציִונג צו אים? מײַן. סטאַסיע האָט אומבאַשלאָסן געשאָקלט מיטן קאָפּ און קײן ענטפֿער נישט געהאַט.

ממש „אױף די גױענט“ איז געקראָכן מינע!

— דער אַלטער גױ — האָט זי געטענהט — איז אַן אױסגעשפּראָכענער ל ו מ פּ נ פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י ע ר, און דו באַציסט זיך צו אים, װי צו אַ באַװוּסטזיניקן אַרבעטער. דאָס קאָן דערקלערט װערן נישט אַנדערש װי מיט דײַן פּאָליטישער אַעמראַצעס, מיט דײַן גלײַכגילטיקײט צו די כּללים פֿון באַװוּסטזיניקן קלאַסן־קאַמף... מענסט עס פֿאַרשטײן אָדער נישט, אָבער דײַן גרײטקײט אָפּצוגעבן דעם אַלטן דײַן ביסן פֿון מױל װאָרצלט אין דעם, װאָס ער איז פּונקט אַזאַ שונא פֿון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור װי דו...

— מילא, גיב אים טײ מיט ברױט און צוקער, אָבער די צימערן זאָלסטו פֿאַרשפּאַרן, אַז ער זאָל בײַנאַכט נישט פּרוּװן עפּעס אַרױסשלעפּן פֿון בױפֿעט!

ווי אויבן דערציילט, האָט זיך דער אַלטער באַזעצט אין איינציקן דרום־צימער, וואָס די דירה האָט פאַרמאָגט. צווישן זיין צימער און די איבעריקע דריי איז געווען אַ טונקל פאָדערצימער, און כדי צו באַזאָרגן עס מיט אַ ביסל ליכט, האָט דער אַרכיטעקט אין טיר צום עסצימער אַריינגעשטעלט ראַמען מיט ג ל אָ ז.

אָט די „גלעזערנע“ טיר האָט זיך מיינע דאַמען באַוויזן פאַר אַ טויטגעפאַר, און אונטער זייער השפעה האָב איך באַשלאָסן צו מאַכן אַ בייט: אַריינשטעלן די גלעזערנע טיר צו אים און זיין טיר פון האָלץ — אין עסצימער. די דאָזיקע אָפּעראַציע האָט מיר אויסגעזען אַ ביסל שווערלעך פאַר מיינע אינטעליגענטישע פינגער, אָבער איך האָב אָן שוועריקייטן אַראָפּגענומען מיין טיר פון עסצימער, זיין טיר מיט בלויזן האָלץ אַריינגעשטעלט צו מיר... און דאַן האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז פאַרמאַכן די הילצערנע טיר לאָזט זיך נישט! מען מוז זי צוהובלען, צוזעגן, צופּאַסן.

ווען איך ווענד זיך צו אים מיט דער בקשה מיר צו העלפן, וואָלט ער עס אפשר געטאָן, אָבער איך האָב מיך געפילט קעגן אים ווי אַ שווער־פאַרזינדיקטער. אַז ער האָט דערזען ווי איך שוויץ און סאָפּע אַרום דער גלעזערנער טיר, האָט ער תחילת נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר, אָבער ווען איך האָב זיך גענומען אַראָפּשלעפּן זיין טיר, איז אים געוואָרן קלאָר, אַז דאָ גייט אין פאַרזיכערן אונדזערע לעבנס קעגן זיין אָנגריף, און זיינע העלע אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט און צאָרן...

ער איז אַוועק צו זיך, געזעסן שעהנלאַנג אומבאַוועגלעך, נישט אויסגעדרייט זיך צו מיר, בעת איך האָב שוין מיט צעבלוטיקטע הענט צוריק אַריינגעשטעלט זיין טיר אויף איר אָרט.

אַז איך האָב פאַרענדיקט די דאָזיקע אָפּעראַציע און געווישט דעם שווייס פון שטערן און די בלוט־טראָפּנס פון די צעראַצטע פינגער, איז ער האַסטיק אויפגעשפּרונגען פון אָרט ביים פענצטער און געמאָלדן:

— די נאַכט וועט איר שוין מוזן נישט שלאָפן אוים שרעק, אַז איך וועל אייך אַלעמען אויסשעכטן. מאָרגן פרי וועט איר מיט מיר זיך מטריח זיין אין „זשילאָטדיעל“! און איך וועל אייך פון מיין אָנוועזנהייט באַפרייען.

— וואָס פעלט אייך איין? איך האָב נישט קיין מינדסטע כוונה פון אייך מיך צו באַפרייען. וווינט אייך דאָ געזונטערהייט.

— אפילו איין שעה וואָלט איך נישט פאַרבליבן, ווען עס איז נישט דרויסן קאַלט און רעגנדיק. פאַר אייערע באַרינקעס, וואָס שרעקן זיך פאַר

מיין האַמער און זעג, זענט איר נישט מחויב צו טראָגן אחריות. אָבער אונטער איין דאַך מיט אייך קאָן איך נישט אָטעמען.

פון טיי האָט ער זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט.

אינדערפרי זענען מיר געגאַנגען צוזאַמען צום „זשילאָטדיעל", וועל־כער האָט זיך געפונען אויף טראָקער גאַס איבער סעגאַלס אַפּטייק־געשעפט. עס איז געווען אַ פרייידיקער פרילינגס־טאָג, עס האָט זיך געאָטעמט אַזוי לייכט, און דער אַלטער מיט דער האַק און זעג איז מיר געווען אַזוי צום האַרצן. איך האָב אין אים אַריינגעטענהט, ער זאָל נישט אַוועקגיין פון אונדז. ער האָט עפּעס אונטערגעברומט און נישט געענטפערט און —

גרויס איז געווען מיין חידוש און פאַרדרוס, ווען, אַריינקומענדיק צום נאַטשאַלניק פון „זשילאָטדיעל", האָט מיין שכן אָנגעהויבן מיט אַ וויינענ־דיק קול בעטן מען זאָל אים דערלויבן פטור צו ווערן פון דער זשילפּלאָש־טשאַד; אַז ער קאָן נישט פאַרטראָגן ווי אַזוי מע באַהאַנדלט אים; אַז מען באַטראַכט אים ווי אַ נאַכט־רויבער און דאָסגלייכן.

איך בין געשטאַנען, פשוט נישט גלויבנדיק מיינע אויערן, און נישט געקאָנט אויסרעדן אַ וואָרט...

— איר זענט אַליין דער באַלעבאָס פון הויז? — האָט מיך אַ פרעג געטאָן דער נאַטשאַלניק. דאָס איז געווען אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר עטלע־כע און צוואַנציק. איין אַרבל איז ביי אים געווען פוסט און פאַרשטעקט אין קעשענע. אין דער איינציקער — שיינט מיר, לינקער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ שווערן בליישטיפט און לאַנגזאַם געקלאַפּט איבערן טיש... זיינע באַוועגונגען האָבן מיר אויסגעזען , ווי אַן אָנזאָג פון אַ צאָרן־אויסברוך...

אויף זיין פראַגע האָב איך נישט באַוויזן צו ענטפערן. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין טיש מיטן בלאַסן מאָגערן פּנים איבער זיין איינציקער האַנט, פאַרזשמורעט זיינע גרינע אויגן, וועלכע האָבן געשאָטן פונקען פון שנאה און אַרויסגעפליסטערט:

— אויב דער בירגער וועט נאָך אַמאָל קומען מיט אַן אָנקלאַגע אויף שלעכטער באַהאַנדלונג, וועט אין משך פון איין שעה נישט פאַרבלייבן קיין זכר פון אייך אין דער גאַנצער פלאָטשטשאַד... איר פאַרשטייט רוסיש? איך וועל זיך מיט אַזעלכע מענטשן־ענלעכע בעסטיעס ווי אייער ווילגע־בוירן, לאַנג נישט צערעמאָניעווען, הינטישע זין...

איך האָב אָנגעהויבן ציטערן מיט אַלע אברים.

— וואָס האָבן מיר אים געטאָן פאַר אַ שלעכטס? — האָב איך גע־פּרוווט אַרויסשטאַמלען, אָבער דער נאַטשאַלניק איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט און האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש אַזוי, אַז עס זענען אומגעפאַלן אַלע מכשירים.

— מיינע אויגן זאָלן דיין פּרצוף מער נישט אָנזען! טראָג זיך אָפּ ווי לאַנג דיך טראָגן דיינע פיס!

ער האָט אויפגעהויבן פון טיש אַ שווערן קעגנשטאַנד און זיך אויף מיר פאַרמאָסטן. איך האָב זיך נישט גערירט פון אָרט און געדענק בלויז, ווי אויף דער אַנדערער זייט פון דער טיר האָט דער אַלטער געהאַלטן מיין קאָפּ ביי זיין ברוסט און מיך געפּרוווט באַרואיקן.

אַז איך בין געקומען צו זיך און, וואָס מען רופט, „איבערגעכאַפּט דעם אָטעם" האָב איך דעם אַלטן אַ שטוים געטאָן פון זיך און זיך צע־שריגן:

— שוין לאָמיר אַרייַנגיין צום נאַטשאַלניק, און איר וועט אים זאָגן, אַז איך האָב אייך נישט געגעבן קיין שום גרונט צו באַקלאָגן זיך אויף מיינע האַנדלונגען קעגן אייך.

— קילט אָפּ אייער צעפלאַמט האַרץ ,בירגער, צום נאַטשאַלניק וועלן מיר צוריק נ י ש ט אַרייַנגיין!

— פאַרוואָס ווילט איר נישט אַראָפּנעמען פון מיר די בלבולים?

— ערשטנס וועט דער נאַטשאַלניק מיינען, אַז איר האָט מיך אונ־טערגעקויפט מיט עטלעכע קערבלעך. צווייטנס, דאַרפט איר וויסן, אַז ער איז אַ געוועזענער מיטגליד פון רעוו־וואָיענטריבונאַל, זיין שנאה צו אָפי־צירן גרענעצט זיך מיט קרענקלעכער בלוטגיריקייט. ער שיסט אָפיצירן ווי קוראָפּאַטקעס. און, נישט האָבנדיק אונטער דער האַנט קיין פּאָר אָפי־צירן, קאָן ער אויסלאָזן זיין פאַרבענקטע קויל צו אייער קאָפּ... פאָלגט מיך און לאָמיר זיך אָפּטראָגן פונדאַנען, כל־זמן די פיס קאָנען אייער קאָפּ דערוווייטערן פון דער סכנה, וואָס אייך דראָט...

ער האָט מיך אָנגענומען ביי דער האַנט און כמעט אַרויסגעשלעפּט אויף די טרעפּ... אין דרויסן האָב איך אים אָנגעהויבן ווידער אַטאַקירן.

— איר זעט אויס צו זיין אַ מענטש מיט פאַרשטאַנד און געוויסן... ווי האָט איר געפועלט ביי זיך אַזוי מיך צו פאַרשוואַרצן, דערציילנדיק שקרים וועגן מיין אויפפירנג לגבי אייך?

— יונגערמאַן! אַז איר וועט אין מיינע יאָרן באַקומען אַ דאַך אי־בערן קאָפּ אין אַ קאַלטן נאָכמיטאָג און דערזען ווי מען נעמט אָן מיטלען

קעגן אייערע רויב־אינסטינקטן, און אייערע אַרבעטס־מכשירים ווערן באַ־טראַכט ווי אינסטרומענטן פון רציחה און גזלה, וועט איר דאַן ערשט דערוואַקסן צו פאַרשטיין וואָס איז  א מ ת  און וואָס איז  ש ק ר  אין די טאָג־טעגלעכע באַציונגען צווישן מענטשן... דערווייל האָבן מיר מער נישט וועגן וואָס צו שמועסן. איר זענט נישט קיין שלעכטער מענטש, אָבער עס וועט נאָך אַ סך פאַרגאָסן ווערן וואַסער און בלוט און גאַל, איידער מיר וועלןביידע גלייך טראַכטן וועגן דעם, וואָס איז  א מ ת און וואָס איז  ש ק ר.  זייט מיר געזונט און שטאַרק!

מיר זענען זיך צעגאַנגען אויף רודניצקער גאָס ביים קלויסטער פון „אַלע הייליקע“, און איך מוז מיר און דעם לייענער פאַרלויפן דעם וועג אויף אַ צוויי־דריי חדשים:

שוין אין פוילישן ווילנע אין יוני, גייענדיק פון די „באַסיאַקעס“ אַראָפּ גאַס, האָב איך ביי דער הויכער טויבער וואַנט, וואָס ציט זיך רעכטס, דערזען אַן איינגעהויקערטן בעטלער... ער איז געזעסן אויפן טראָטואַר מיט אַ קליין „געבעטביכל“, און צו מיין אויער איז דערגאַנגען אַ שטיל גע־מורמל: „דערלאַנגט עפּעס למען קריסוס!“

איך האָב מיך אָפּגעשטעלט, אויסגעצויגן מיין רעכטע האַנט מיט אַ גאַנצן רובל, זיך צוגעבויגן צום בעטלער און... פאַרשטיינערט געוואָרן —

אויף מיר האָבן געקוקט די העלע אויגן פון מיין  י ע נ ע ם  ש כ ן.

וואָס ער האָט איבערגעלעבט די פּאָר מינוט — ווייס איך נישט און נעם זיך נישט אונטער צו דערציילן.

זיין דאַכלאָזיקייט, זיין מענטשלעכע ווירדע, זיין באַליידיקטע אַלט־קייט — זענען פונקען פון —

א מ ת!

אַלץ, וואָס פון אָט־דעם אמת טרעט אָפּ, איז  ש ק ר!  און „סתי־רות“ איז דאָס געצאַפּל, דער געראַנגל צווישן אמת און שקר: אין סתירות שטעקן צעשפּליטערטע ברעקלעך פון אמת און דער שקר וויל זיי פעלשן.

נישט דערלאָזן דערצו — איז  ר ע וו אָ ל ו צ י ע!

און איר דיאַלעקטיק איז אויסגעוויקט אין טרערן און אין בלוט. אויף אירע אומוועגן בלאָנדזשעט דער מענטש.

און דער בלאָנדזשענדיקער מענטש ווערט אויס רעוואָלוציאָנער, אויב ער דערלאָזט, אַז די כללים פון טעאָריעס זאָלן אָפּרוקן דעם עיקר העיקרים — דעם ווערט פון מענטש און זיין לעבן.

*   *
*

דריי שעה נאָך דעם ווי איך בין אַוועק פון „זשילאָטדיעל“ האָט זיך דערהערט דער שוין גוט־באַקאַנטער קלאַפּ אין טיר. דער זעלביקער יונ־גערמאַן, וועלכער האָט מיט 2 טעג צוריק געבראַכט דעם אַלטן, איז איצט געקומען אין אַ נייער שליחות.

— באַווייזט אייערע מעבל! איך בין געקומען רעקוויזירן אַלץ, וואָס שטייגט אַריבער דעם מינימום,וועלכן דריי מענטשן דאַרפן האָבן.

ער איז דורכגעגאַנגען אַלע צימערן.

— איר האָט אַ סך לוקסוס־זאַכן.

— וועלכע קאָנקרעט?

— אָט דער בופעט קאָן צונויץ קומען אין אַ רעסטאָראַן, ווו עס שפּייזן זיך הונדערטער אַרבעטער.

אין שטוב ביי אונדז איז ער געשטאַנען 23 יאָר. געקויפט געווען אויף אַן אויסשטעלונג, ווו ער האָט באַקומען אַ פּרעמיע...

— נעמט צו!

— אייער דערלויבעניש דאַרפן מיר נישט האָבן, אָבער אים אַוועק־צוטראָגן וואָלט איך געדאַרפט האָבן 8 טרעגער. מיר האָבן נישט, צו אייער גליק, אַזאַ אַפּאַראַט. דאַסגלייכן דער טיש — טרוקענער דעמב! אָן אַנ־טיק... ווער וועט עס אויפהייבן? וואָס איז א י ן בופעט?

ער האָט אויפגעעפנט דאָס מיטלסטע אַלמערל: די אויגן האָבן זיך ביי אים אָנגעצונדן מיט נייגיר.

— אַזוי פיל טעלער! דאָס דאַרפן מיר האָבן! אָבער מיר וועלן אייך איבערלאָזן אַ טייל... 6 וועט קלעקן?

פון 12 שטולן צום טיש לאָזט ער מיר איבער — 3.

אַריין אין קאַבינעט. דעם ביכער־שראַנק דאַרף ער האָבן: עס וואַל־גערן זיך אין די ניי־געעפנטע ביבליאָטעקן טויזנטער ביכער אויף די פּאָד־לאָגעס.

— און די ביכער? — האָב איך דערשראָקן געפרעגט.

— צו וואָס דאַרפט איר זיי?

— כ'בין דאָך אַן אקטיאָר.

— איך ווייס ווער איר זייט. איך וועל זען אייך איבערצולאָזן וואָס מער.

דערזעענדיק דעם שרייבטיש, האָט ער קאַטעגאָריש געמאָלדן:

— דאָס נעם איך באַלד צו. עס איז אַ באַפעל: שרייבטישן אָפּגעבן פאַר שרייבער.

איך האָב אים פאַרשטעלט דעם וועג.

— איך בין דאָך אַ שרייבער! איך אַרבעט אין „שטערן"!

— האָט איר אַ רעדאַקציע־אויסווייז?

— ניין!

— קריגט נאָך היינט אַזאַ צעטל. מאָרגן 9 פרי וועט קומען דער טראַנספּאָרט. איר'ט באַווייזן דעם אויסווייז אָדער דעם צעטל וועט מען דעם טיש נישט נעמען.

די רעדאַקציע איז שוין געווען געשלאָסן. איך בין אַוועקגעלאָפן אין „זשילאָטדיעל" זוכן הילף, בעטן רחמים, מאָנען יושר. האָב איך דערהערט, אַז דער שרייבטיש, היות איך האָב נישט קיין באַשטעטיקונג, אַז דאָס איז מיין פאַר־אַפּאַראַט, קאָן מיר איבערלאָזן נאָר — ד ע ר ג אַ ט ש אַ ל־נ י ק בכבודו ובעצמו...

צו אים אַריינגיין האָב איך נישט געוואָלט.

אויפן גאַס האָב איך אָנגעטראָפן אַ ידיד, וואָס האָט געאַרבעט ביי דער מאַכט.

— וואָס איז מיט אייך? — פרעגט ער מיך — עפּעס אַן אומגליק? אַ צרה? עמעצער איז קראַנק געוואָרן?

— מען נעמט ביי מיר צו מיין שרייבטיש!

— נישט מעגלעך: איר זענט דאָך אַ מיטאַרבעטער פון „שטערן"!

— כ'האָב נישט קיין דאָקומענט.

— נאַרישקייטן! נעמט ביי זיי אַ דאָקומענט!

— די רעדאַקציע איז געשלאָסן און מאָרגן פרי קומט דער טראַנספּאָרט.

— גייט אַריין צום נאַטשאַלניק! ער איז אַ יושרדיקער יונג. פאַר אַקטיאָרן און שרייבער — אין פייער און אין וואַסער.

— איך בין אַ בורזשוי, אַ הויזבאַזיצער...

— מאַכט נישט קיין וויצן. קומט! איך וועל מיט אייך אַריינגיין.

— איך וועל צו אים נישט גיין.

און איך האָב דערציילט וואָס מיט 4 שעה צוריק האָב איך איבערגע־לעבט ביי דעם „יושרדיקן יונג", וואָס איז „פאַר אַקטיאָרן און שרייבער אין פייער און אין וואַסער".

מיין ידיד האָט אויסגעזען צו זיין דערשיטערט.

— וואַרט! קומט אַרויף אויבן! אָבער קוקט ניט אויף שווייגט. אייער אָטעם זאָל מען נישט הערן.

מיר זענען אַרויף אין „זשילאָטדיעל".

אין אַ גרויסן צימער איז געזעסן ביי אַ שרייב־מאַשינקע אַ מיידל פון אַ יאָר 19.

— איר האָט שוין אָפּגעשריבן די רשימות פון מאָרגנדיקע רעקווי־זיציעס?

— אַ טייל!

— ווו זענען די קאָפּיעס פאַרן טראַנספּאָרט?

— אין יענעם שופלאָד.

— אַלע ראַיאָנען?

— אַ טייל שרייב איך נאָך.

— שאָפּען־גאַס?

— דאַרף דאָרטן זיין!

ער האָט אַרויסגענומען אַ 10 בויגן. זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש. אַריינגעקוקט אין איינעם, אין אַנדערן און, צודעקנדיק מיט דער לינקער האַנט אַ בויגן, האָט ער אַרויסגענומען פון קעשענע אַ רויטן בליישטיפט און האָט איבערגעקרייציקט די רשימה פון דער שאָפּען־גאַס.

אַריינלייגנדיק די בויגנס צוריק אויפן אָרט, האָט ער זיך געוואָנדן צום מיידל ביי דער שרייב־מאַשינקע:

— טאָמער פרעגט עמעצער ווער האָט דאָ קאָנטראָלירט די בויגנס, זאָלט איר זאָגן, אַז איך אַליין.

— גוט — האָט געזאָגט דאָס מיידל, קוקנדיק מיט דערשראָקענע אויגן אויף „אים אַליין"... ווער ער איז — האָט זי, קלאָר, נישט גע־וווסט און אים נאָכגערופן:

— איך פאַרענדיק באַלד נאָך צוויי בויגנס און גיי אַוועק!

— ס'מאַכט נישט אויס. גייט געזונטערהייט! אָבער די צוויי בויגנס זאָלט איר למען השם אַוועקלייגן אין שופלאָד מיט יענע.

דער טראַנספּאָרט איז נישט געקומען. ניצול געוואָרן מיין שרייבטיש, מיין אַקטיאָרישער ביכער־שראַנק ובתוכם — מיין הויזבאַזיצערישער אַל־טער בופעט מיט די סערוויזן און זילבערנע גאָפּלען.

אַ ז גאָט וויל, טאַנצט אַ בעזעם.

די געקעפּטע גופים פון „זעלנערישן פרייהייט־געלויף"; די פיר באַ־וואוסטע אַקטיאָרן, וואָס זוכן ביי זייער עקספּלאָאַטאַטאָר רעוואָלוציאָנערן

יושר; די דערציילטע חוזק־פּאַלן — דאָס זענען אַלץ שפּריכעס א־ז דער זעלביקער ראָד פון באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ ווילד־לויפנדיקן רייטוואָגן פון יענע יאָרן און געשעענישן.

און ווער וועט דאָ אָפּטיילן — געפּלען פון שטראַלן? הייכן פון אָפּ־גרונטן? מאַרטירער פון ציניקער? אמתן פון שקרים? פּאַטאָס פון שפּאָס? געשיכטע פון אַנעקדאָט?

* *
*

צי אַנ—סקין פלעג איך קומען אָפּט. אַלע געשעענישן אים שילדערן, אַלע זיפצן אים איבערגעבן, אַלע געלעכטערס מיט אים טיילן. ווייל דאָ האָט דאָך געשטעקט אַזויפיל „ליטעראַטור“, קאָלירן און געפילן און — גערדאַנקען... דער עיקר — גערדאַנקען!

# IX. בליצן

איך האָב מיך יענע חדשים אָנגעשטויסן אין אַ ריי מענטשן-עקזעמפּליאַרן, וועלכע האָבן כמו פּערזאָניפיצירט די פאַקטן און ווידערשפּרוכן פון דער צייט. עס וואָלט געווען גענוג אויסצומאָלן דאָס בילד פון אַזאַ מענטשן-עקזעמפּליאַר, און מען וואָלט פאַרשפּאָרט צו שילדערן און אַרומרעדן די געשעענישן...

פון איין זייט — פּרימיטיווע באַשעפענישן, וועלכע האָבן אַלץ אויפגענומען פלאַך, נישט זייענדיק פעיק זיך פאָרצושטעלן, אַז אַלץ, וואָס אין לעבן קומט פאָר, טראָגט אין זיך ליכט און גלייכצייטיק — שאָטן; אַז קיין שום פּראָצעס איז נישט איינזייטיק, און פונקט אַזוי ווי די באַוועגונג פון יעדן מעכאַניזם איז באַזירט אויף הין-און-קריק, אַזוי קאָן נישט געמאָלט זיין קיין ענדגילטיקע דערגרייכונג פון עמעצן צו זיין ציל אָן אַ רעאַקציע, וואָס וועט די דערגרייכונג אָפּווישן, אויב דער סוביעקט האָט געזען זיין ציל און נישט געזען די פאַקטאָרן, וועלכע זענען דעם ציל קעגנגעשטאַנען.

אין אַ קאָנצערט, וועלכן איך האָב אין שליחות פון דער קולטור-אָפּטיילונג אָרגאַניזירט פאַר די רויטאַרמייער, איז אויפגעטרעטן דער דערמאָנטער באַרימטער זינגער יוסף ווינאָגראַדאָוו. דעם קאָנצערט און דעם רושם, וואָס דער זומער האָט געמאַכט אויף די פּויערים און אַרבעטער אין די גרויסע שינעלן, וועל איך דאָ נישט שילדערן. דער מאָטיוו האָט אין אונדזערע קאַפּיטלען שוין נישט איינמאָל געקלונגען און ו ו ע ט נאָך בלי ספק קלינגען. אויף דעם אָרט אינטערעסירט אונדז אַ גאַנץ אַנדערער פּרט. אין אַדמיניסטראַציע אַפּאַראַט האָבן געאַרבעט יונגעלייט, וועלכע זענען ערשט מיט קורצע וואָכן, אָדער גאָר טעג, אַרויס פון די געזעלשאַפטלעכע „קעלערן" צו דער ליכטיקער זון; זיי האָבן ערשט אָנגעהויבן קוקן און זיך צוקוקן צו די ווערטן פון לעבן. זייערע לונגען האָבן קוים געקאָנט אַריינאָטעמען די לופט, די דופטן, די ריחות, די אַראָמאַטן.

שטייט אַזאַ איינער אין דער קוליסע ביי דער בינע און הערט זיך צו ווי ווינאָגראַדאָוו זינגט די באַרימטע אַריע פון 3־טן אַקט „ריגאָלעטטאָ“...

דער איינדרוק פון דעם נומער איז אין מיר היינט פריש ווי מיט 49 יאָר צוריק (דאָס איז געווען ווינאָגראַדאָווס באמת מייסטערווערק, און געדעקענדיק נאָך פון פריער דעם אומפאַרגלייכלעכן מאַטטיא באַטיסטיני אין „ריגאָלעטטאָ“, מוז איך זאָגן, אַז אין אָט דער אַריע איז ווינאָגראַדאָוו געווען שטאַרקער; דאָ האָט, משמעות, דאָס „יידישע האַרץ“ געווירקט מער ווי דעם איטאַליענערס „בעל־קאַנטאָ“).

אין עולם — ווי געזאָגט: פויערים און אַרבעטער אין גרייע שינעלן — איז געשטאַנען אַ געטומל, אַ געפּילדער, אַ רעש פון בראַוואָ־פּאַטשעריי, און מער ווי די אויסדרוקן פון התפעלות האָט מיך איבערראַשט, אַז איך האָב דערזען ווי צ ע נ ד ל י ק ע ר פון זיי האָבן געווישט די טרערן פון די אויגן און אַנדערע האָבן — ביטער געוויינט...

„אָט ביסטו, אָקטאָבער!“ — האָב איך געמורמלט, קוקנדיק אַרום זיך און... אויך געווישט פון מיינע אויגן טרערן. אָבער מיינע טרערן האָט אַרויסגערופן נישט ווינאָגראַדאָוו און נישט דזשוזעפּפּע ווערדי און דאָס מאָל — נישט די קונסט. איך האָב געוויינט נישט פון ריגאָלעטטאָס צער! פון די עטלעכע הונדערט פויערימס פ ר יי ד — האָב איך געוויינט! און מיט דעם, וואָס די אין תהום פאַרזונקענע רוסישע אינטעליגענץ הייבט אָן שריט נאָך שריט צו באַווירקן דאָס נייע לעבן מיט די פרוכטן פון אירע הייגנערטנער — האָב איך מיך געגרויסט און האָב געקוועלט ווי פון אַ גרויס געווינס: „ווו איז אַנ—סקי? זאָל ער אַ קוק טאָן! און, אויב ער האָט אין זיין האַרצן אַ פונק פון איבערגעבנקייט דער זאַך פון פ אָ ל ק, דאַן זאָל ער, קוקנדיק אויף אָט־דעם צושויער־זאַל, נאָכאַמאָל אָנרופן די שעפער פון אָקטאָבער: „באַנדיטן“.

דאָ האָב איך באַשריבן לויט מיינע כוחות דעם א מ ת פון יענעם פרימאָרגן!

אָבער — באַשריבן פאַרבייגייענדיק, אגב אורחא. דער עיקר קומט ווייטער!

יענער דערמאָנטער „אַזאַ איינער“ איז געשטאַנען און געקוקט מיט ד ע ר ש ר אָ ק ע נ ע אויגן אויף ווינאָגראַדאָוו, אָפּגערוקט זיך פון אים הינטערווייַלעכטס, בעת ער איז געגאַנגען צום פינפטן, צום צענטן מאָל

זיך פאַרנויגן פאַרן צעפּלאַטשטן עולם, און ווען די אָוואַציעס זענען ווּנדלער איינגעשטילט געוואָרן, איז דער זינגער, ווישנדיק שטראָמען שווייס פון שטערן, פון די באַקן, האָט זיך אַוועקגעזעצט און געפּאָכעט מיט אַ גרויס זיידן טיכל, ווי מיט אַ ווייער זיך אָפּצוקילן, האָט דער „אַזאַ איינער" זיך צו אים צוגעקוקט, שיעור נישט צוגעבויגן זיך ביז זיין פּנים און אויפן קול אויסגערופן:

— נו, וואָס וועט איר זאָגן דערצו — אַ? מיעלקי בורזשוי, אַ טאַק פּאַיאָט! *).

* *

*

אַלס פאָרשטייער פון מאָסקווע ביי דער ליטווישער רעגירונג איז אין ווילנע געזעסן אַ מענטש פון אַ יאָר 26. אַ יונג פון הויכן וווקס מיט אַ בלאָנדהאָריקן קאָפּ, מיט בלויע אויגן, מיט צוויי רייען ציינער ווי פּערל און מיט אַ שמייכל אויפן פּנים, וואָס האָט ממש געלויכטן ווי אַ שטראַל פון דער ליבער זון.

זיין נאָמען איז געווען ניעדאשקאָווסקי. ער איז ביז דער רעוואָלוציע געווען אַן אַרבעטער אויפן באַרימטן „פּוטילאָווסקי זאַוואָד" אין פּעטער־בורג: „פּוטילאָווסקי זאַוואָד" — דאָס איז געווען די פעסטונג פון דער רעוואָלוציע מקדמונים. אויף פּוטילאָווסקי זאַוואָד האָט, ווי באַוווסט, גע־אַרבעט מיכאיל איוואַנאָוויטש קאַלינין, וועגן וועלכן ניעדאשקאָווסקי פלעגט כסדר דערציילן עפּיזאָדן פון אומבויגזאַמען רעוואָלוציאָנערן ווילן, פון טי־פער מענטשלעכקייט אין באַצוג צו אַרומיקע, דער עיקר, פון זיין קלוגן, אויפגעקלערטן קאָפּ.

ניעדאשקאָווסקי — לויט זיינע דערציילונגען — איז מיט קאַלינינען געווען אין באַציונגען פון פריינדשאַפט.

קאַלינין זאָל אים האָבן געשטיצט אין זיינע שטרעבונגען צו בילדן זיין אויסגעצייכנטן שטים־מאַטעריאַל: ער האָט פאַרמאָגט אַ שיינעם באַס, געזונגען שוין עטלעכע יאָר אין כאָר פון „מאַריאינסקי"־טעאַטער און נאָך דער רעוואָלוציע באַשלאָסן צו בילדן זיין שטים, ווערן אַ סאָליסט. אין דעם, לויט זיינע דערציילונגען, זאָל קאַלינין אים האָבן אונטערשטיצט. ער

---

*) אַ קליינבירגער און קאָן אַזוי זינגען.

איז שוין — אויב מיין זכרון פֿאַרפֿירט מיך נישט — געווען אָנגענומען אין קאָנסערוואַטאָריע. אָבער זיין פּרעכטיקע — ממש בלענדנדיקע — אויסערלעכקייט איז אומגעריכט געוואָרן אַ הינדערניש אין דער סצעניש־ער קאַריערע. די פּאַרטיי — ער איז געווען אַ קאָמוניסט, קאַלינינס אַ תּלמיד שוין אַ יאָר 6 — האָט אים אָנגעהויבן אַרויסרוקן אויף פֿאַרשידענע רעפּרעזענטאַטיווע פּאָסטנס.

— מען שטופּט מיך אין דיפּלאָמאַטיע, זאָל עס נעמען דער טייוול! — פֿלעגט ער לוסטיק לאַכן, באַווייזנדיק זיינע פּערל־ציין און אָנפֿילנדיק די לופֿט מיט קאַסקאַדן פֿון זיין סאַמעטענעם באַס — נו, וואָס בין איך פֿאַר אַ „דיפּלאָמאַט“, איך בעט אייך! מיין בלאָנדע טשופּרינע אויפֿן קאָפּ? אָבער אין קאָפּ איז ביי מיר נישט בלאָנד און נישט דיפּלאָמאַטיש —

און זיין געלעכטער פֿלעגט זיך צעהילכן אין דריי אָקטאַוועס ווי אַ כראָמאַטישע גאַמע.

אַ יונג — אַ חיות! און אַ מוסטער פֿון דער אַרבעטער־אינטעליגענץ: פֿון איר איידלקייט, ערלעכקייט, מענטשלעכקייט.

אין ווילנע, ווי געזאָגט, איז ער געווען — דער פֿאָרשטייער פֿון מאָסקווער מאַכט ביי דער ליטווישער רעגירונג.

איך האָב זיך מיט אים באַקענט בעת איינעם פֿון פֿאַרמיטאָג־קאָנצערטן אין די אַרמיי־אָפּטיילונגען, וועגן וועלכע עס איז שוין פֿריִער דערציילט געוואָרן.

נאָך מיין „נומער“ — כ'האָב פֿאַרענדיקט מיט אַ פֿראַגמענט פֿון ניעקראַסאָווס „וועמען אין רוסלאַנד איז צו לעבן גוט און ווויל“ — איז ער צו מיר צוגעגאַנגען, האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ שמייכל און מיט וואַרעמע בליקן, האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט און, פּעסט דריקנדיק מיינע, שטיל אַרויסגערעדט:

— איך בין געקומען אייך הערן לייענען די קלאַסיקער: דאָס האָט אַ שם אין אונדזערע קרייזן, אָבער דאָס, וואָס איך האָב דערהערט, שטייגט איבער אַלע דערוואַרטונגען. ווער זענט איר? פֿאַרוואָס זיצט איר אין ווילנע? אין ליטע? איז זענט אונדז נויטיק דאָרטן, ווי די מיליאָנען וואָלטן אייך אויפֿגענומען און איינגעשלאָסן אין זייערע פֿאַרשמאַכטע דאָרשטיקע הערצער —

און ער האָט מיך אַזוי צוגעדריקט צו זיין האַרץ, אַז איך האָב מיך דערפֿילט ווי אַן „עופֿהלע“ אין די אָרעמס פֿון אַ ריז.

אינגיכן איז ער געקומען צו מיר אַהיים, האָט זיך באַלד אָריענטירט אין „מ ײַ נ ע אמתן און סתירות", אויסגעהערט מײַנע — דעם לייענערס שוין באַקאַנטע — פּעריפּעטיעס פֿאַר די וואָכן. עס איז נאָך געווען אָנהייב פֿעברואַר און נישט אַלץ האָב איך געהאַט צו דערציילן, אָבער — ס'האָט געקלעקט...

ער איז געבליבן זיצן אין פֿאָטעל, אָנשפּאַרנדיק דעם אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ אויף די הענט, און מיטאַמאָל — זיך האַסטיק אויפֿגעהויבן און גענומען שפּרייזן איבערן צימער.

— געוואַלד! — האָב איך דערהערט זײַן טיף קול אין טענער ווי אין אייגענעם געוויסן אַרײַן געווענדעט — צו די אַלע אומגעלומפּערטקייטן מוז נעמען אַ סוף! מיר מוזן אַרויסרײַסן די ווילדגראָזן פֿון אונדזערע פֿעלדער! מיר זענען אַזוי מוראדיק אָרעם אין קולטור-אַרבעטער, און אַרטיסטן זענען ממש אונדזער לופֿט און ליכט. קומען פֿראַיִם, גאַרילעס און דערווײַטערן פֿון אונדז אַזעלכע אוצרות צוליב נאַרישע כּללים און פּרינציפּן, אין וועלכע זיי פֿאַרשטייען נישט ווו — „איין" — ווו — „אויס".

— אָבער אונטער די מאַסקעס פֿון קולטור-אַרבעטער קאָנען צו די מאַסן זיך אַרײַנבאַקומען שונאים און שפּרייטן גיפֿט

— דאַרף מען קאָנטראָלירן זייער אַרבעט, אָבער נישט פֿאָרשן זייער אָפּשטאַמונג! אַרבעטנדיק אין די מאַסן, וועלן זיי ווערן אונדזערע פֿרײַנד, בעת, ווערנדיק אָפּגעשטויסן, מוזן זיי ווערן — שונאים... ניין, רעדט וואָס איר ווילט! איך זע מײַן ערשטע אויפֿגאַבע אין דערנענטערן אַלע טרעגער פֿון די פֿריערדיקע ווערטן צו אונדז און צוימען די ווילדע אויסדרוקן פֿון שנאה מצד עלעמענטן, וואָס קאָנען מער האַסן ווי טרויען...

אויף אַ קאָנצערט פֿאַר די רויטאַרמייער איז ער אויפֿגעטראָטן און געזונגען די „מעפּיסטאָ"-קופּלעטן פֿון „פֿאַוסט". מען האָט אים שטאַרק אַפּלאָדירט, און אויף „ביס" האָט ער געזונגען „גרעמינס" אַריע פֿון „יעווגעני אָניעגין". אין זאַל איז געווען דער רעגירונגס-קאָמיסאַר פֿאַר די מיליטערישע ענינים („נאַרקאָם וואָיענדיעל") — ראַסיקאַס. דאָס איז געווען אין אַלע פּרטים — דער הפֿוך פֿון ניעדאַשקאָווסקין.

אַ זון פֿון לעטישע טאַטע-מאַמע, אַ פֿאַרביסענער שונא פֿון אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צום פֿאַראָקטאָבערשן לעבנס-שטייגער, האָט ער פֿיזיש נישט פֿאַרטראָגן קיין אות, וואָס האָט געקאָנט דערמאָנען די פֿאַרגאַנגענע און פֿאַרמשפּטע וועלט. דערהערנדיק ווי ניעדאַשקאָווסקי

„שלעפּט אַוועק“ די עטלעכע הונדערט רויטאַרמייער, וואָס ער — ראַסקאַס — איז זייער אָנפירער און דערציער, צו דער וועלט און צייט פון פּעטערבורגער אימפּעראַטאָרישער אָפּערע, האָט ער פּשוט דערפילט, ווי די נעגל פון קאָנטררעוואָלוציע וואָלטן אים אָנגענומען ביים גאָרגל.

צום אומגליק האָט ניעדאַשקאָווסקי אָנגעהויבן אָפּט זיך באַווייזן אין ציוויל — מיט זיידענע אויסבינדער, אין אַ ווייכן ווינער הוט און געפּוצטע שיך.

דאָס זענען שוין געשעענישן, וועלכע איך האָב נישט אַליין בייגעווינט, און איך דערצייל דאָס, וואָס כ'האָב ג ע ה ע ר ט.

פריער זאָל ער האָבן פאַרבראַכט אַן אָוונט אין א הויז ביי אַ רייכן קלאַסן־שונא, ווו ער האָט אין אַ צאָלרייכער געזעלשאַפט געזונגען זיינע לידלעך — וועגן בעלער, געגערעלער, וועגן גאָלד און וועגן שדים. אים האָט אַקאָמפּאַנירט אויף אַ טייערן קלאַוויר אַ יונגע בורזשויקע. מען האָט געטרונקען, געטאַנצט און — געהוליעט ביז פאַרטאָג.

אַזוי האָב איך געהערט. אַליין בין איך דאָרט נישט געווען.

נאָך דעם איז ער באַשולדיקט געוואָרן — אין ס פּ ע כ ו ל אַ צ י ע: ער זאָל האָבן אין עטלעכע פאַלן פאַר זיינע נישט־פּראָלעטאַרישע ידידים געביטן קערענקעס, אויסצאָלנדיק זיי — צאַרישע.

אַזוינס איז אויך מיט מיר געשען צוויי מאָל, און איך האָב אַ טאָג צען בעסער זיך געגערט.

שפּעטער זאָל ער האָבן זיך פאַרליבט אין אַ בורזשויקע — ביי די סצענעס פון זייער פאַרליבטקייט בין איך ווידער נישט געווען.

אין מערץ האָב איך זיך מיט אים נישט געטראָפן, און פּלוצלונג האָב איך זיך דערוווסט, אַז ער איז אָנערקענט געוואָרן פאַר אַ „מיטלויפער פון דער ראַטנמאַכט“; אַז ער האָט אויסגענוצט זיין פּאָסטן און זיין מיסיע פאַר אייגענע נוצן און געבראַכט שאָדן דער רעוואָלוציע.

פאַרבליבן זענען מיר צוויי געשטאַלטן —

אַ צעשטראַלער, צעזונגענער, ליכטנדיקער אַרבעטער־אינטעליגענט פון פּעטערבורג, און אַ מענטש מיט גרינע אויגן, וואָס האָט געקוקט מיט אומצוטרוי און שנאה אַרום זיך און זיין רעוואָלוציאָנערער אוצר איז געווען — זיין אייזערנער ווילן אויסצוראָטן אַלץ, וואָס קאָן זיך נישט איינפּאַסן אין ראַם פון זיינע באַגריפן וועגן רעוואָלוציע.

* *
*

ווייטער (דעווינישסקי), וואָס איז געווען ביי אונדז אַן אָפטער גאַסט, פלעגט בסדר פאַרפירן געשפּרעכן וועגן פּוילן, רעדן מיט באַוווּנדערונג וועגן פּוילישער קולטור, וועגן דער איידלקייט פון פּוילישע מענטשן.

צו די אָוונטן און נעכט, וואָס ווייטער פלעגט אויספילן מיט זיינע בילדער און טענער פון פּוילישן לעבן, וועלן מיר זיך נאָך·אומקערן.

דאָ וויל איך דערמאָנען איין מאָמענט:

— וואַרט, וואַרט — האָט ער איינמאָל נאָך אַ 2-שעה-דיקן געשפּרעך לוסטיק אויסגערופן, אויפשטייענדיק פון ווייכן פאָטעל, אין וועלכן ער האָט ליב געהאַט איינצוזינקען און זיצן אומבאַוועגלעך, האַלטנדיק אַלעמען אַרום אונטער די פונקענשפּריצן פון זיינע דינאַמישע אויגן און קראַצנדיק בסדר דעם ווינקל פון וואָנצע מיטן קליינעם פינגערל — וואַרט! איר וועט נאָך קומען זיך בוקן פאַר מיר און בעטן, אַז איך זאָל פאַר אייך רעדן, ווייל איר קענט דאָך נישט מער ווי „„גאַוואַריט פּאָ-רוסקי“, — „אַד טי, גאָי יעסי“, אבראַם וועניאַמינאָוויטש! און „פּאַ-רוסקי, וועט זיין — „גאַוואַריט וואָספּרעשטשאַיעטסיאַ“ —

— פּויליש וועט מען רעדן! מיצקעוויטשן וועט מען לייענען, מאָניושקאָן און שאָפּענען וועט מען האָרכן און באַוווּנדערן.

— און וואָס וועט זיין מיט יידיש, חבר רעדאַקטאָר פון יידישן פאַרלאַג? — האָב איך אים אַ פרעג געטאָן ווי צו-להכעיס זיין זעלבסטצופרידנקייט, וועלכע האָט מיך שאָקירט.

— מיט יידיש? —האָט ער איבערגעפרעגט, האַסטיק אויפהויבנדיק זיין אָדלער-בליק און קוקנדיק מיר אין די אויגן — מיט יידיש? הם... מיט יידיש וועט זיין נישט פויגלדיק. לפחות — אין אָנהייב.

— אָבער קיין סך נחת האָט איר, רב אברהם, פון יידיש אויך איצט נישט, אויב איר האָט בכלל נחת פון עפּעס...

ער איז צוגעגאַנגען צום פענצטער.

— קומט אַהער! קוקט אַרויס אין גאַס! באַטראַכט די געשטאַלט מיטן טשוב, וואָס שטעקט פון אונטער דער פּאַפּאַכע. זעט וו ע ר עס פירט אָן מיט אייער לעבן, ווער עס דיקטירט אייך וואָס צו טראַכטן, וואָס צו רעדן —

— יידיש און יידן זענען אין דעם שפּיל גאָר אַ קליינע קאָרט.

די פּראַזע האָט מיר אַ קלאַפּ געטאָן ווי אַ ספּרוזשינע, וואָס וואָלט זיך אַרויסגעריסן און דערלאַנגט אין שטערן —

אין דער נאַכט אויפֿן 19 אַפּריל האָבן די פּויליש־אייזנבאַנער זיך אָפּגעקערט פֿון דער מאַכט פֿון דער ליטוויש־ווײַסרוסישער ראַטן־רעפּובליק און דורכגעלאָזט קיין ווילנע אַ צוג מיט פּוילישע לעגיאָנערן.

עטלעכע שעה שפּעטער האָט ווייטער געקראָגן אין קאָפּ אַ פּוילישע קויל...

דערווײַל לאָמיר בײַ דעם בלײַבן. צו פּרטים וועלן מיר קומען נאָך דעם ווי מיר וועלן דערצײלן, וואָס מיר האָבן געזען און געהערט אין משך פֿון דרײַ־פֿיר וואָכן — ביז דעם 19 אַפּריל.

עס איז שוין אויבן געזאָגט געוואָרן, אַז אויף אַלע געביטן פֿון דער ייִדישער קולטור האָט זיך פֿאַנאַנדערגעוויקלט אַן אַרבעט, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אָנהייב פֿון אויפֿטוען, וועלכע ווערן פֿאַרוואָרצלט אויף דורות.

די רעוואָלוציע און אירע מאַכט־אָרגאַנען האָט לויט איר מהות, לויט אַלע אירע הנחות געמוזט שטיצן און פּלעגן די ווערטן פֿון פֿאָלקס־קולטור בײַ אַלע נאַציעס, וואָס דער צאַרישער מלוכה־אַפּאַראַט האָט אונטערדריקט.

ביים רודער איז געשטאַנען — נ י ג ע ר! אַלץ איז געלעגן אין די הענט בײַ — ו י ט ע ר ן! און מיט אַ נ ־ ס ק י ן, הגם ער איז געשטאַנען אָן אַ זײַט און נישט געוואָלט הערן וועגן מיטאַרבעט (ווײַל ער איז דאַן נאָך געווען אַ רוסישער „ס—ר“ אין אַ גרעסערער מאָס ווי אַ ייִדישער שרײַבער; הגם ער האָט אָנגעשריבן דעם בונדישן הימן: „ברידער און שוועסטער אין עלנט און נויט“) — מיט אַנ—סקין האָט מען זיך אויך גערעכנט.

עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ ברייט־פֿאַרצווײַגטע טעטיקייט. אין סאַמע אָנהייב — נאָך פֿריער ווי די רויטע אַרמיי איז געקומען — האָט ווייטער געגרינדעט „די וואָך“. איך האָב אָנגעשריבן מײַן ערשטן ייִדישן אַרטיקל. אַרויס איז פֿון דער „וואָך“, שײַנט מיר, סך־הכל 2 נומערן. שפּעטער איז אויף ברייטע יסודות, אין פֿאַרנעם פֿון אַ מלוכה־אינסטיטוציע אַנטשטאַנען דער פֿאַרלאַג — בראש מיט ווייטערן און ניגערן. דערצו — די טאָגצײַטונג: „דער שטערן“ (הויפּט־רעדאַקטאָר באָריס אָרשאַנסקי). איך וועל מיר דאָ נישט דערלויבן זיך צו פֿאַרשפּרייטן וועגן פּרטים פֿון דער קולטור־טעטיקייט. ס'וואָלט אַריבערגעשטיגן די ראַמען פֿון מײַן טעמע. איך וואָלט

נישט ווילנדיק געזינדיקט קענען אַ סך פֿאַקטן, דאַטעס, פּונקטן. און איך מוז צוגעבן, אַז אין זכרון האָבן זיך מיר צונויפֿגעפּלאָנטערט עפּיזאָדן פֿון 1919 מיט 1939.

קער איך מיך אום צו דעם, וואָס איז פֿאַרפֿלאָכטן דירעקט מיט מײַנע טעג און וואָכן.

אין ווילנע האָט זיך געגרינדעט אַ יידישער שרייבער־פֿאַריין. צו מיין פֿאַרדרוס קאָן איך נישט מיט פֿולער זיכערקייט אָנרופֿן דעם נאָמען פֿון ערשטן פֿאָרזיצער. (מיר דוכט זיך, אַז — משה שאַליט. זלמן רייזענען געדענק איך נישט פֿאַר יענע חדשים, הגם איך ווייס, אַז ער איז אין ווילנע דעמלט שוין געווען). אין גייעם פֿאַריין פֿלעגן פֿאָרקומען פֿאַרזאַמלונגען פֿון דער גאַנצער שרייבער־משפּחה. מיר פֿלאָנטערט זיך אין זכרון די ווירונג פֿון דאָקטאָר צמח שאַבאַד, אויף גרויס פֿאָהולאַנקע. דאָרטן פֿלעגן אַרומגערעדט ווערן ענינים פֿון היסטאָרישער וויכטיקייט. איך געדענק די זיצונג וועגן דער י י ד י ש ע ר ע נ צ י ק ל אָ פּ ע ד י ע, נאָך וועלכער איך בין שפּעט נאָך האַלבער נאַכט געגאַנגען אַהיים דורך די פּוסטע גאַסן (שפּעטערדיקע — „סלאָוואַצקי״, „מאַקאָווע״) צוזאַמען מיט ניסן פּופּס. מיר האָבן גערעדט וועגן עניני דיומא, צווישן דעם — וועגן דער פֿאַרשטייענדיקער „וואָך פֿאַר דער אָרעמקייט״.

אין דער לויפֿט האָבן אָפּט געקנאַלט האַרמאַטן. מיר האָבן זיך געשלאָגן מיט דער דעה: „ווער קאָן עס שיסן״?

— מסתמא, איבונגען?

פֿאַרטאָג איז אָנגעקומען דער צוג מיט די לעגיאָנערן.

איז עס געווען די נאַכט פֿון 18 אויפֿן 19 אַפּריל.

אָבער פֿריער זענען אין פֿאַריין פֿאָרגעקומען אָפּטע פֿאַרזאַמלונגען, און אויף איינער פֿון אָט־די פֿאַרזאַמלונגען האָט אַנ־סקי פֿאָרגעלייגט אויסצוהערן זיין פּיעסע —

— „צווישן צוויי וועלטן״ אונטערקעפּל: „דער דיבוק״, דראַמאַטישע לעגענדע אין 4 אַקטן —

האָט ער שטיל געמאָלדן און איבערגעקערט דאָס שערבלאַט פֿון כתב־יד.

## X. אַנ-סקי לייענט דעם „דיבוק“

דאָ מוז איך קורץ און בינדיק זאָגן: אין מיין לעבן — פון מיין פיר-און-דרייסיקסטן לעבנסיאָר ביז היינטיקן טאָג — איז אַנ-סקים ווערק מיר געווען און פאַרבליבן דער עיקר — הן פון שעפערישן אויפטו און דער-גרייכונג (אַזוי מיינט דאָס רוב יידישע טעאַטער-לייט, מעסטנדיק מיין טע-טיקייט מיט דער געשטאַלט פון „עזריאלקע מיראָפּאָלער“, איך. דאַקעגן, מ יי ן נ י ש ט אַ ז ו י!), הן — מאַטעריעל, פשוט געדעט: פון ח י ו נ ה. מיר וועלן — אם ירצה השם! — שטופנווייז פאַנאַדערוויקלען פאַרן לייענער ביילד נאָך ביילד, עטאַפּ נאָך עטאַפּ, עפּיזאָד נאָך עפּיזאָד דאָס רייכע און פילפאַרביקע בלאַט פון דער „דיבוקיאַדע“ אין יידישער טעאַטער-געשיכטע (איך מייד אויס דעם אויסדרוק „קולטור“, ווייל דאָ וואָלט געווען אַ צו גרויסער צומיש פון — א ו מ-קולטור), אָבער איך וואָרן דערביי. אַז קיין געשיכטע שרייב איך נישט אין שייכות מיטן „די-בוק“, פונקט ווי איך שרייב זי נישט אין שייכות מיט קיין שום אַנדער פאַל. אַזוי ווי דער קאַפּיטל וועגן צאַר איז געווען נאָר אַ פונקט אין מיינע זכרו-נות אַזוי וועט אויך וועגן — להבדיל בין קודש לחול — אַנ-סקין און וועגן „דיבוק“ אין מיינע זכרונות געבראַכט ווערן א ו י ס ש ל י ס ל ע ך דאָס, וואָס איך האָב געזען מיט מיינע אויגן, געהערט מיט מיינע אויערן און טראָג אין מיין געמיט און געוויסן אין משך פון דער צווייטער העלפט פון מיין לעבנסוועג (כמעט: פון 1919 ביז 1959 אַ קימא לן פון 40 יאָר. איך בין היינט אַלט סך הכל — 73).

די אָנגעקינדיקטע עטאַפּן און עפּיזאָדן וועלן אָבער קומען שפּעטער לויט זייער כראָנאָלאָגישער אָנגעזאַמלטקייט און לויט די טיפע און אָפּט — צו אָפט! — ווייטיקפולע שפורן, וועלכע איך האָב אין שייכות מיט זיי געהאַט צו טראָגן און וועלכע זענען אַלע — כמעט אָן אויסנאַם — פאַר-בליבן ווי נישט פאַרהיילטע טיפע ר א צ ן — נישט צו זאָגן

„ווּנדן“ — דורך די יאָרצענדליקער פֿון מיין אַקטיאָרישער יידישקייט און יידישער אַקטיאָרישקייט אין אָנגעוויטיקטן. מידן האַרצן...

מיר האַלטן ביים ווינטער־אָוונט אין ווילנער יידישן שרייבער־פֿאַריין, אין פֿעברואַר 1919 (אפֿשר — מערץ?).

סעמיאָן אַקימיטש לייענט זיין דראַמאַטישע לעגענדע.

אין איינצלנע פּ אַ ק ט ן קאָן איך מיך פֿלאָנטערן און איך בין נישט זיכער, צי אַלץ, וואָס איך דערצייל וועגן דעם, וואָס איז גערעדט געוואָרן וועגן „דיבוק“ אין מיין קעגנוואַרט — גיב איך איבער פּינקטלעך.

אַזוי, למשל, שיינט מיר פֿאַר זיכער, אַז אַנ־סקי האָט יענעם אָוונט דערציילט, אַז די פּיעסע האָט ער געלייענט פֿאַר ק. ס. סטאַניסלאַווסקין (אין ערשטן מלחמה־יאָר? 1915? אָדער דאָ האָב איך אַ טעות?); אַז סטאַניסלאַווסקי האָט אים געראָטן אַריינפֿירן די ראָלע פֿון „משולח“ (דאָס האָב איך פֿון אַנ־סקין באַזוני געהערט. אָבער עס קאָן זיין, אַז — נישט יענעם אָוונט); אַז דעם רוסישן עקזעמפּליאַר האָט ער קיין ווילנע נישט מיטגעבראַכט... פֿאַרלאָזנדיק מאָסקווע בחיפּזון, האָט ער נישט באַוויזן אָפּצונעמען ביי סטאַניסלאַווסקין דעם איינציקן עקזעמפּליאַר, און — איצט אין ווילנע — האָט ער דעם „דיבוק“ אָנגעשריבן אַ צווייטן מאָל — אין יידיש. דאָס געדענק איך פֿון יענעם אָוונט, און, אויב נישט אין יענעם אָוונט, האָט ער עס מיר דערציילט בעת אונדזערע שפּעטערדיקע־פֿילצאָליקע געשפּרעכן אויף דער טעמע. פֿאַר די ווייטערדיקע אַנדערטהאַלבן יאָר האָבן מיר זיך אין ווילנע, אָטוואָצק און וואַרשע געטראָפֿן צענדליקער מאָל, און אַ חדשים צוויי אין אָטוואָצק ביידע געוווינט — אַ דריי וואָכן — אונטער איין דאַך (ביי זיינער אַ קרובה אין דער משפּחה לאַאום).

אין שאַליטס זשורנאַל „דאָס לעבן“ איז נאָך דער אויפֿפֿירונג פֿון די־בוק“ ביי די „ווילנער“ געווען אַ ריי אינטערעסאַנטע אַרטיקלען, עסייען, נאָמיצן וועגן „דיבוק“ (בתוכם מיין אַרטיקל: „האַמלעט“ און דער „די־בוק“). אַז איך האָב דעם זשורנאַל דערזען אין יאָר 1957, האָט מיך איבערראַשט אַ בינטל פּרטים וועגן דעם, ווי אַזוי אַנ־סקי האָט צום ערשטן מאָל געלייענט דעם „דיבוק“, וועלכע איך הייב נישט אָן צו געדענקען... דערביי — וועגן מיין התפּעלות פֿאַרן שטיק. אין די דאָזיקע שורות האָב איך די עיקר־כּוונה צו דערציילן, אַז יענעם אָוונט האָב איך דעם „דיבוק“ נישט פֿאַרשטאַנען און נישט אָפּגעשאַצט.

לאָמיר דערציילן וואָס דאָרטן איז געשען.

פון די אַנוועזנדיקע געדענק איך בולט — גינגערן, ווייטערן, פרידאַ יאַפע — די פרוי פון באַרימטן דיכטער לייב יאַפע — פון קולטור־אַפּט. קאַצענעלסאָגען און — מיר שיינט —אַרשאַנסקין. דאָס עצם בילד: ווי אַזוי אַנ־סקי האָט געלייענט און איינצלנע סצענעס געדענק איך לחלוטין נישט. איך בין אין דער הינזיכט תמיד געווען און בין היינט — אַ קאַליקע. עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז איך בין איינגעשלאָפן — אַזוי ווי דאָס האָט אין מיין לעבן — צו מיין פאַרדרוס און שאַנד — מיט מיר פּאַסירט צענדליקער מאָל אין קעגנוואַרט פון אָנערקענטע און פּראָמינענטע אויטאָרן, וואָס האָבן פאַר מיר געפּרוווט לייענען זייערע ווערק: אַ פּלאָג, אַ שטראָף, אַ פּגע־רע — באַשערט מיר פון רבונו של עולם!

איך געדענק אָבער קלאָר דעם פאַרלויף פון די אָפּהאַנדלונגען — נאָכן לייענען.

קאַצענעלסאָן האָט זיך קאַטעגאָריש אַרויסגעזאָגט קעגן דעם ווערק צוליב זיין אופן צו גלאָריפיצירן די כלי־קודש מיטן בית־מדרש מיטן גאַנצן קלאַפּער־געצייג פון אמונה, קדושה, נשמה און דעם קאָמפּלעקס בילדער און באַגריפן און געשטאַלטן, וואָס מיר זענען היינט באַרופן אויסצוואָרצלען, און דאָ קומט מען מיט דער כוונה זיי צו פּאָפּולאַריזירן.

אַנ־סקי האָט, ענטפערנדיק אויף אָט דער קריטיק, גערעדט וועגן דעם, אַז פאָלקלאָר און „כלי־קודש" זענען גאַנץ אַנדערע וועלטן. דאָ איז די ליבע מנצח די כוחות פון גאָלד און זילבער; דאָ טרעט אויף דער מענטש פון פאָלק, וועלכער זעט דעם צדיק „אין אַ פּויערישן מיזליק מיט אַ שטריק אַרומגעגאַרטלט" און מאַכט חוזק פון די צדיקים אין די גילדענע פאַנטאַפעלעך מיט די 24 כלי־זמרים און גילדענעם שטול מיטן אויפשריפט: „מלך ישראל חי וקים". אָט דער פאָלקס־מענטש שרייט אויס צום „צדיק", וועלכער האָט „פאַרשפּילט": „ברוך דין אמת!" —

איז עס אידעאָלאָגיש גענומען — ר ע וו אָ ל ו צ י ע !

און — ר ע וו אָ ל ו צ י ע איז, פאַרשטייט זיך, די גאַנצע געשטאַלט פון „חננען", וועלכער שטרעבט צום גוטן דורך דער „סיטרא אחרא"; וויל אויסלייטערן „די טומאה אַזוי, אַז אין איר זאָל בלייבן נאָר קדושה"; וויל „דערגרייכן צום קלאָרן פינקלדיקן אמת דורך וועגן נישט הייליקע" און איז —„פון די, וואָס זוכן נייע וועגן".

אַזוי האָט אַנ־סקי געענטפערט דעם פאָרשטייער פון קולטור־אַמט.

איך קאָן מיך דאָ נישט איינהאַלטן צו דערציילן, אַז אין 3 יאָר אַרום צו דער אויפפירונג פון „הדיבוק" אין טעאַטער „הבימה" (תרגום חיים

נחמן ביאַליק — מיט לבנה=אותיות, און פּעטיט: „מאת ש. אַנ=סקי“ — איז געווען אָפּגעדרוקט אויפן אפיש. דאָס איז שוין אַ פּרט פון קולטור=פּנקס“!) — האָט וועגן רעקוויזיט — טליתים און שופרות — געזאָרגט נישט קיין אַנדערער ווי — וולאַדימיר אילִיטש  ל ע נ י ן.*)

ניגער האָט לאַנג און נישט פאַרשטענדלעך פאַר מיין אַמעראַצישן מוח גערעדט וועגן די ציטאַטן פון אַלטע ספרים, וועלכע מאַכן דאָס ווערק פאַר אַ זאַמלונג פון פאָלקלאָר, אָבער ווישן אָפּ יעדן סימן פון ליטעראַרישן אויפטו, אויב וועגן ליטעראַטור קאָן דאָ בכלל די פראַגע געשטעלט ווערן.

— עס איז אפשר יאָ מעגלעך צו באַהאַנדלען דאָס שטיק, אויפגעמענדיק עס טעאַטראַליש? — האָט ניגער צוגעגעבן מיט אַ נישט=באַהאַלטענער כוונה צו פאַרענדיקן מיט אַ „העפּיענד“ זיין שווערע אַרויסזאָגונג, וואָס האָט אויף אַלע אָנוועזנדיקע געווירקט, ווי אַ מין פאַרמשפּטונג אויף אייביקער תפיסה דעם מחבר און זיין חיבור.

אַנ=סקי איז געזעסן אַ דערשלאָגענער. די דערמוטיקנדיקע מיינונג, וואָס ער האָט מיט יאָרן צוריק אויסגעהערט פון סטאַניסלאַווסקין, האָט אים נישט געקאָנט זיין קיין קוואַל פון פרייד, בעת איצט האָט ער פון אָנערקענטן אויטאָריטעט אין דער יידישער ליטעראַטור=קריטיק דערהערט אַזאַ ממש  אָ פּ ו י ש נ ד י ק ע  מיינונג וועגן ווערק, אין וועלכן ער האָט אַריינגעהויכט דעם אָטעם פון זיין האַרץ,  און וועלכן ער האָט  צום ערשטן מאָל געלאָזט הערן — אויף יידיש... ער האָט געהאָפט, אַז די פּערלען פון פאָלקלאָר, איינגעפאַסטע אין ראַמען פון געלונגענעם סצעניש איינפאַל און אויף  י י ד י ש,  וועלן ווערן אויפגענומען מיט אָנערקענונג.

ער האָט געמעגט, ער האָט געהאַט אַ גרונט אַזוי צו האָפן: די מיליאָנען יידן אין אַלע ווינקעלעך פון דער וועלט האָבן דאָס ווערק אויפגענומען מיט פלאַמען פון התפּעלות. עס איז איבערזעצט אויף שבעים לשונות, עס האָט באַגייסטערט אַן איטאַליענישן קאָמפּאָזיטאָר, און מען האָט אין מילאַנער „לאַ סקאַלאַ“=טעאַטער אויפגעפירט די אָפּערע „דער דיבוק“.

אָבער יענעם אָוונט אין ווילנער שרייבער=פאַריין האָט דער גרויסער דיכטער געמוזט איבערלעבן די פאַרביטערונג און בלייבן נישט אָנערקענט

---

*) זע די „גאָלדענע קייט“ ב. 1 (אַרטיקל פון דוד וואַרדי).

דורך מענטשן, פון וועלכע ער האָט אַמווייניקסטן געקאָנט דערוואַרטן אַזאַ גלייכגילט צו די אוצרות פון זיין ווערק.

אָבער איך שרייב דאָך מ יי נ ע מעמואַרן!

דאָ האָט זיך פאַרן לייענער אַנטוויקלט אַ בילד פון אַנ=כקים זכרונות.

וואָס פרעגט זיך, האָט דאָס ביז איצטיקע בילד צו מיר?

נאָך ניגערן האָט זיך אַרויסגעזאָגט ווייטער (איך בין נישט ערוב פאַר דער פּינקטלעכקייט אין פּונקט: „פריער=שפּעטער“. דאָ איז אָפּגעשילדערט דאָס בילד אין זיין גאַנצקייט).

ווייטער האָט בעצם גאָרנישט געזאָגט. פון דערמונטערנדיקע טענער קיין סימן נישט.

אויפן פּנים זיין באַקאַנטער שמייכל פון אָפּרופנדיקער איראָניע. דער זין פון זיין קורצן וואָרט איז געווען: „איך האָב אַליין געזינדיקט אויפן געביט פון דראַמאַטורגיע, אָבער מיינע אייגענע שוואַכקייטן האָב איך תמיד געפילט, געקענט און, הגם מיט „יאַשטשערקעס“, — פון זיך געלאַכט. אויף פרעמדע פאַרמעסטונגען איז מיר שווער צו זאָגן מבינות. אָבער מיר שיינט, אַז פאָלקלאָר איז נישט קיין חסרון. אַ חסרון איז א י ב ע ר ל אָ ד ו נ ג. און אין דעם פּרט, מיינט זיך מיר, האָט דער אויטאָר פאַרלוירן יעדע מאָס און וואָג. רעוואָלוציע איז עס! אַוודאי איז עס רעוואָלוציע! אָבער — נישט דורך טעאַטער און לחלוטין נישט דורך ליטעראַטור. מיר זענען געווען — אין בתי=מדרשים, אין קדשי=קדשים, אין עולמות העליונים, ביים כסא=הכבוד נעבן סאַמע רבונו של עולם —

פון ט ע אַ ט ע ר אָבער זענען מיר געבליבן אויף אַ מהלך רב, און מיר איז שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז סטאַניסלאַווסקין אַליין קאָן געלינגען פון אָט=דער קופּע שמות צו שאַפן אַ פאָרשטעלונג און איינהאַלטן דעם צושויער 2½ שעה...

נאָך אַ שטילער, דערדריקנדיקער פּויזע, בעת וועלכער אַלע זענען געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, דערהער איך אַנ=סקים קול... ער האָט, אַזוי ווי דורכרייסנדיק אַ שיכט הייזעריקייט, וועלכע האָט אים כמו געשטיקט, זיך אויסגעדרייט מיטן קאָפּ — דעם ווייסן אָדלער=קאָפּ — צו מיר און זאָגט:

— נאָך די מיינונגען פון פּאָליטיקער, קריטיקער און אַנדערע זאַכקענער וואָלט איך נייגעריק געווען צו הערן: וואָס וועט זאָגן דער אַרטיסט?

איך בין געוואָרן איבערראַשט. אפשר וואָלט איך געפּרוווט זיך אַרויסזאָגן לויט מיין אייגענער איניציאַטיוו און וואָלט דאַן בלי ספק געווען גע=

שטויסן פון מיין גרויסער ליבע צו אַנ־סקין, און מיין וואָרט וואָלט גע־האַט די כוונה צו פאַרטרייבן די שטיינערנע וואָלקנס אויף זיינע הימלען.

אָבער זיין ווענדונג צו מיר האָט מיך פּשוט צעטומלט.

ווי אָנגעשטעקט פון זיינע הייזעריקע טענער, האָב איך דערפילט אַ קנויל אין גאָרגל און — געשוויגן.

אַלע אַרום האָבן מיך אָנגעקוקט, און מיר האָט זיך געדוכט, אַז אַלע שרייען: „שווייגט נישט!“

באַזונדערס זע איך נאָך איצט דעם שטומען רוף פון צוויי ווונדער־באַרע שוואַרצע פרויען־אויגן —

דאָס האָט געקוקט אויף מיר און שטום געשריען: „שווייגט נישט!“ — פרידאַ יאַפע.

און איך האָב געזאָגט — לערך — לאמור:

— אין ליטעראַטור בין איך אַ קנאַפּער מבין, פון פאָלקלאָר האָב איך נישט קיין קלענסטן באַגריף. אין טעאַטער מאַכן איצט רעזשיסערן פון שניי גאָמולקעס, און סטאַניסלאַווסקי וועט דאָ אָן ספק געפינען מאַ־טעריאַל פאַר אַ פאָרשטעלונג.

אָבער פאַר מיר איז טעאַטער געווען און וועט זיין ווי לאַנג איך וועל לעבן און שפּילן — ר אָ ל ן! „ראָלן“ — דאָס זענען פאַרן שוישפּילער די פידלען, די סטרונעס, די בויגנס, די פויקן, אויף וועלכע ער שפּילט אויס די מעלאָדיעס פון זיין האַרץ און געדאַנק.

*קיין ראָלן, סעמיאָן אַקימיטש, האָב איך, הערנדיק די לעגענדע, נישט דערפילט... וואָס צו שפּילן — נישט געפונען.*

איך פיל, אַז דאָ זענען באַהאַלטן אוצרות, וועלכע מיר שאַצן נישט אָפּ; איך פיל מאָטיוון, וועלכע קאָנען זיך צעקלינגען איבער שטחים און דורות.

אָבער נישט דורך סצענישע מייסטערזינגער וועלן צו דער וועלט קומען אָט די אוצרות און מאָטיוון.

אַזוי — די לעצטע שורות וואָרט אין וואָרט, אות באות — האָב איך — אברהם בר' בנימין — יענעם אָוונט געזאָגט נאָך דעם, ווי אַנ־סקי האָט איבערגעלייענט די דראַמאַטישע לעגענדע „צווישן צוויי וועלטן“ (דער דיבוק).

מען איז זיך שטיל — דערדריקט, ווי פאַרשעמטע, ווי אָפּגעשמיסע־
נע — צעגאַנגען.
גאָט ברוך הוא האָט אין הימל אָן ספק — געלאַכט.
מלאכים — האָבן געוויינט.
וואָס אַנ—סקי האָט געטראַכט ווייס איך נישט.
געזאָגט האָט ער גאָרנישט.
און לעת־עתה איז עס — גאָר.
אין אַ קנאַפּן יאָר ארום וועט קומען — נאָך און נאָך...

## XI. אַרלעל־פּלי

אַז איך האָב געהאַט „אַ פּעדער אין האַנט“, דאַרף דער לייענער וויסן, אויב ער וועט זיך דערמאָנען דעם קאַפּיטל אונטער אַזאַ מין קעפּל אין פריערדיקן באַנד.

אָבער פּאַר די צען יאָר, וועלכע זענען אַוועק זינט איך האָב אָנגע־שריבן די „צוויי ראסן“ און אַ געקראַלאָג אויפן טויט פון קאָקלען ענעי, פלעג איך אויסער צופעליקע אַרטיקלען, צעשאָטענע איבער ציפעליקע ציי־טונגען, שרייבן כסדר... ב ר י וו. בריוו האָבן פאַרנומען אַ גרויס אָרט אין מיין לעבן, אָבער קיין ברויט און קיין לאָרבערס האָט עס מיר שאַפן, פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט און קיין שליסל צו די טירן פון דער „איי־ביקייט“ האָט עס מיר אין האַנט נישט געגעבן.

איצט האָט געשלאָגן מיין שעה פון „ליטעראַרישן אויפשוואונג“.

קורץ נאָך דעם, ווי ווייטער איז געקומען פון סיביר קיין ווילנע האָבן מיר — ווי שוין דערציילט — אויפגעפירט ביי ליפּאָווסקין „דעם שטומען“. איך האָב געשפּילט דעם „פריינד“, אַלעקס שפּיין — „אַלעקסאַנדער“, אס־תר ליפּאָווסקי — „אסיע“, און, ווי ווייט איך געדענק, — האַש — דעם „מחותן ר' לייב“ (דאָ איז פאָרגעקומען אַ קאָנפליקט צווישן מיר מיט לעאָניד סאַקאָלאָוו, וועלכער האָט פּרעטענדירט צו שפּילן „אַלעקסאַנדער“, אָבער די מאָטיוון פון יענעם מין קאָנפליקטן מייד איך דאָ אויס).

דעמלט בין איך געווען איבערצייגט, אַז ווייטער איז צופרידן, דער־הויבן... פון אונדזער ערשטן איבערלייענען דאָס שטיק אין מינסק ביי סאַשע גערמאַיזען אין שטוב זענען אַוועק אַ 7 — 8 יאָר... און וויפל גע־שעענישן! און וועלכע איבערלעבונגען! איך האָב געמיינט נאָך דער פּרע־מיערע פון „שטומען“ (דאָס האָט געמוזט זיין אין אָנהייב נאָוועמבער 1918), אַז דער אויטאָר וועט קומען א צעפּלאַמטער, אַ באַגייסטערטער, הגם איך האָב גוט געזען אין ספּעקטאַקל, אַז — „זאָל דאָס אונדז צוקומען

וואָס אונדז פעלט“, אָבער דאָס, וואָס פון א ו נ ד ז האָט אַ ניכטער, אָפן אויג ג ע ק אָ נ ט דערוואַרטן, האָט דער ספּעקטאַקל אַרויסגעלייגט מיט אַ פולן הויפן.

איצט רעטראָספּעקטיוו מיין איך צו האָבן אַן אויסשעפּנדיקע דערקלערונג פון זיינע הושים און פון זיין אויפפירונג. אָבער דאָס איז נישט קיין טעמע פון מ יי נ ע זכרונות, און איך מוז פון דער טעמע וויכן ווי „אַ שד פון ווייַרויך“ — לויטן אַלטן ווערטל: נישט מיין ט ע מ ע איז עס, ווען אַפילו — מיינע וויטיקן, ווען אַפילו מיין „זאַך“.

איך האָב וווּשערם קילקייט צום ספּעקטאַקל דערקלערט מיט זיין גלייכגילטיקייט צום עצם ענין: „ט ע אַ ט ע ר“. איך האָב געטראַכט, אַז ער טראָגט אויף זיינע שולטערן אַ צו=גיכטערן קאָפּ צו קאָנען ווערן שיכור פון אַזאַ משקה ווי אַ ספּעקטאַקל אין ליפּאָווסקיס „פּאָלקס=טעאַטער“.

אַז ער האָט זיך צו מיר געמאָלדן אין ענין פון זיין „ווּ אָ ד“, האָב איך זיך איבערצייגט, ווי ווייט איך בין געווען גערעכט אין מיין — דעמאָלט נאָך אין אונטערבאַוווּסטזיין פאַרשטאַרקטער — מיינונג, אַז ער איז נישט קיין טעאַטער=מענטש „פּאַר עקסעלאַנס“: אַז טעאַטער איז נישט מער ווי איינער פון זיינע שטיפּערישע פלירטן —

ז יי ן ס ט י כ י ע א י ז ג ע ווּ ע ן פ אַ ר ל אַ ג!

נאָך מיט יאָרן צוריק האָט ער געזאָגט מיין מוטער, אַז איך „שרייב אַ פּרעכטיקן יידיש“, ווען זי האָט אים געוויזן מיינעם אַ בריוו. און דעמאָלט נאָך האָט ער געזוכט אַ געלעגנהייט מיך „אָפּצורייסן פון די פרעמדע וועלטן און איינשפּאַנען אין יידישן וואָגן“. נאָך זייענדיק ביעליאַעווס אַן אַקטיאָר, האָב איך פון יעקב בן=עמי און לאַזאַר פריד געהערט וועגן ווייטערן און זיינע פאַרמעסטונגען אויפן געביט פון יידישער קולטור, און אַז ער קערט זיך כסדר אום צום „רייכן בן=יחיד, וואָס וואָלט אונדז געקאָנט אַ סך איינברענגען, ווען מיר געפינען דעם וועג צו אים“.

ווייטער איז געווען אַ דורכגעטריבענער פּראַקטיקער און אים האָט אָן ספק געלאָקט דער 4=שטאָקיקער בנין, וועלכן ער וואָלט כהרף=עין פאַרוואַנדלט אין אַ באַרג ספרים.

אין איינעם פון די ערשטע שמועסן ביי מיר נאָך זיין צוריקקומען פון סיביר, האָט ער אַריינגעוואָרפן אַ פראַזע:

— איר זענט דאָך איצט דער פּולער דעה=זאָגער איבער אייערע על=טערנס פּאַרמעגן. טראַכט איר נישט, אַז איר האָט התחייבותן לגבי קונסט, ליטעראַטור?

אין געדענק, אַז איך האָב גאָרנישט געענטפערט. איך ווייס, אַז אונ=טערשטעלן אונטער מיינע הינקענדיקע פעיקייטן אַ גאָלדן שאַכטל — אַזוי ווי פּאַפּוס ביי גאָלדפאַדענען אין „בר=כוכבא" — איז מיר פון מיינע ערשטע טריט געווען עקלדיק. און ה אַ נ ד ל ע ן מיט „קונסט" און „קולטור" האָט מיר אויסגעזען נישט בעסער ווי האַנדלען מיט שוכ=וואַרג.

דער עצם געדאַנק וועגן מישן די צוויי זייטן פון מעדאַל אויף מיין לעבנסוועג איז מיר געווען פרעמד.

ווייטער, מעשה=פּקח, האָט עס תיכף דערפילט.

אין אַ קורצער צייט שפּעטער האָט אויף מיר געמאַכט אַ טיפן איינ=דרוק זיין רעפּליק נאָך מיינער אַ לאַנגער טיראַדע וועגן דעם, וואָס עס מוז אין יידישן טעאַטער ווערן דורכגעזעצט און איינגעפלאַנצט. —

— אויב דער ענין איז נישט בלויז אַ פּונקט אין פּאַרטיי=פּאָליטישע קאָדעקסן און נישט בלויז אַ פּונקט אין די רעזאָלוציעס פון קאָנפערענצן; אויב קונסט איז דער געהעריקער גראַד פון אונדזער גייסטיקער היץ; אויב מיר זענען, אַ ל ס פּ אָ ל ק, נישט הינטערשטעליק קעגן די י ח י=ד י ם, וועלכע האָבן זיך אין די צענדליקער — אפשר הונדערטער — פון פּאָלק אָפּגעריסן און זענען אַוועק און האָבן זייערע טאַלאַנטן — זייע=רע ייִדישע הערצער און מוחות — אָפּגעגעבן פרעמדע געניכער.

איך האָב יענע חדשים אויף דער טעמע גערעדט אָפּט מיט אַן—סקין, מיט ניגערן, מיטן דן קאַפּלאַנאָוויטשן און יענעם אָוונט — מיט ווייַ=טערן.

זיינע אויגן האָבן אויך דאָס מאָל ווי תמיד געלאַכט. אָבער עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז זיין לאַכן שטאַמט נישט פון חוזק, נייערט — פון פרייד...

— וואָס מער איך דערקען אייך — האָט ער אָנגעהויבן און זיינע אויגן האָבן אַלץ ברייטער געלויכטן — וואָס מער איך הער זיך צו צו אייערע אָפּטמאָל אַזעלכע פון דער ווירקלעכקייט אָפּגעריסענע פּאָסטולאַטן; אַזעלכע אין זיבעטן הימל שוועבנדיקע פּלענער, ווונטשן, כוונות, — אַלץ מער ווערט מיר קלאָר, אַז גערעכט זענט איר, דער אומפּראַקטישער, דער

אין הלומות פאַרבלאָנדזשעטער, דער פאַרשיכורטער, פאַרווירטער, וואָס מיטן קאָפּ אַראָפּ נעמט ער אויף די וועלט און איר׳ע ווערטן און אירע וועגן.

ער איז אויפגעשפּרונגען, דורכגעשפּרייזט אַהין און צוריק דאָס רוי־מיקע צימער, זיך אָפּגעשטעלט און אַרויפגעלייגט זיין רעכטע האַנט אויף מיין שולטער.

— הערט מיך אויס, מאַרעווסקי, מיר ביידע זענען צוויי אַזעלכע אַנ־טיפּאָדן, וועלכע, זייענדיק דערווייטערט, קאָנען זיך נאָר קריגן. אָבער, זייענ־דיק צוזאַמען, קאָנען מיר איבערקערן די וועלט, ווייל איינער טראָגט אין זיך דאָס, וואָס דעם צווייטן פעלט. אַ תנאי קודם למעשה איז נאָר —

מיר זאָלן איינער דעם צווייטן טרויען, איינער אין צווייטן — גלויבן און אין דער פינצטער נאָכגיין אָן ספקות און וואַקלעניש.

— קאָנט איר מיר טרויען אין דער מאָס, ווי איך אין אייך גלויב? זאָגט מיר אָפן! שטערט אייך נישט. אויב היינט האָט איר נישט קיין ענטפער, וועל איך וואַרטן. איך וועל מיין גלויבן נישט פאַרלירן. און אייער צוטרוי וועל איך געווינען.

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אין טיפן פאָטעל און תיכּף אויפגעשפּרונ־גען.

— יאָ: דער עיקר! ווענן אייער פאַרמעגן אין שייכות מיטן רעאַליזירן די פּלענער פון פאַרלאַג, פון טעאַטער, זאָלט איר פאַרגעסן און קיינמאָל דערפון נישט רעדן מיט מיר. איך דאַרף האָבן אייער משוגעת, אייערע מעטאַפאָרישע איינפאַלן, אייערע ווילדע אויסטראַכטעניש. פאַר קיין שותּף טויגט איר מיר נישט. דאָס זאָלט איר וויסן און געדענקען.

איך בין נאָך זיין אַוועקגיין געבליבן זיצן ביים טיש... איך האָב זיך גענומען צום טינט און פּאַפּיר. אַז איך האָב זיך אָפּגעריסן פון שרייב־טיש, האָט אין פענצטער געלויכטן אַ בלאַסער פרימאָרגן.

אַ נאָוועמבער־פרימאָרגן, אַ נישט־דרייסטער, אַ דערשראָקענער, אַ דער־שלאָגענער.

און נאָך דעם זע איך אים ביים זעלביקן טיש מיטן פאָרשלאַג צו געבן אַן אַרטיקל פאַרן נייעם וואָכנזשורנאַל: „די וואָך“.

כ׳האָב דעם אַרטיקל אָנגעשריבן, אים — אין אַ טאָג, אפשר 2 אַרום — אָפּגעגעבן. ער האָט דורכגעזיפּט די בלעטלעך מיט זיינע לאַכנ־דיקע אויגן און מיט אַ שמייכל געזאָגט:

— פּימסנהאָליץ!

און אַנטלאָפן.

און אויף מאָרגן געקומען.

— איר מוזט דערלויבן אויסשטרייכן די ערשטע שורה: „עס ציטערט די וועלט“.

איך האָב אַרייגעקוקט.

— נישט מעגלעך: דאָס איז דער אינהאַלט פון גאַנצן אַרטיקל, און די שורה איז דער ק אָ פּ!

— איז אָבער די מעשה, וואָס ניגערס אַרטיקל האָט אַ ק ע פּ ל: „ערדציטערניש“.

איך האָב געמאָלדן, אַז ווען דעם, אַז ניגער זאָל צוליב מיר ענדערן זיין קעפּל, קאָן קיין רייד נישט זיין, און דער אויסוועג איז — איך וועל זיך באַמיען שרייבן אַן אַנדער אַרטיקל.

— שפּעט! דער נומער זעצט זיך שוין.

ווען אַרויסלאָזן דעם נומער אָן מיין מאַטעריאַל האָט ער נישט געוואָלט הערן.

וועגן אויסמעקן די ערשטע שורה האָב איך נישט געלאָזט רעדן.

דער נומער איז דערשינען מיט ניגערס „ערדציטערניש“ און מיין „ציטערט די וועלט“...

ווייטער האָט געשיינט.

אין יאַנואַר, שוין ביי דער ראַטנמאַכט, האָב איך, ווי דערציילט, געשריבן אין „שטערן“.

— איר זענט שוין אַ פּאַכמאַן! — האָט ווייטער מיט פרייד געשריען. איך בין אייער סנדק.

— גלאָגאָלין מיט 10 יאָר צוריק!

— דאָס איז — „אָד טי גוי יעסי“! איך רעכן עס נישט... נעמט זיך צו אַ גרעסערער אַרבעט.

— שוין אָנגעהויבן!

— נו? כ'בין נייגיריק צו הערן.

— טרעפט!

ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— ציט נישט די עצמות! זאָגט!

— איך איבערזעץ „אוריאַל אַקאָסטאַ“.

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין פּאָטעל.

— בראַוואָ! ווייט אַריינגעפאָרן?

— כ'וועל אייך ווייזן.

איבערגעלייענט פאַר אים ביז העלפט פון ערשטן אַקט.

— פערזן? — זאָגט ער — ווי שיין עס קלינגט!

— יאָ — אָבער „אוריאל" איז ביי מיר — נישט גוצקאווס, נייערט — וויינבערגס.

— איך פאַרשטיי נישט.

— אַלע ראָלן ש פּ י ל איך איידער איך שרייב זיי, און „אור־יאלן" קאָן איך אין אָריגינאַל נישט שפּילן, ווייל מיר שטעקט אין די אָדערן די ראָל אויף רוסיש.

— ווידער „אָך טי גוי יעסי". נישקשה. פאָרט ווייטער.

— איר טוט אַ גרויסע זאַך, מאָרעווסקי! בראַוואָ, בראַוואָ!

* *
*

אַלץ, וואָס איז דערציילט געוואָרן אין פאַרלויף פון האַלבן יאָר, זינט איך בין פון וואָקזאַל איבער דער אויסגעשטאָרבענער שטאָט געפאָרן צום בית־עלמין ביז דער קויל אין ווייטערס קאָפּ (געגנוי: פון לערך 12 אייגוסט 1918 ביז 20 אַפּריל 1919) דאַרף דעם לייענער שוין געבן אַ קלאָרן באַ־גריף וועגן דעם, אַז איך בין צום סוף פון באַרשריבענעם לעבנס־עטאַפּ געווען ענדגילטיק צעקאַליעטשעט און אַז איך האָב אין זיך נישט געפילט קיין איין געזונטן פינטל — סיי פסיכיש, סיי אידעאָלאָגיש, סיי פּראַקטיש. ס'הייסט פּשוט — אין זין פון אָריענטאַציע אין מיינע אינטערעסן, נויטן, פּלענער... וווהין געהער איך? וואָס וויל איך — פון זיך אַליין? פון דער סביבה אַרום מיר? פון רוסישן אַקטיאָר, וואָס האָט מיט 3 יאָר צוריק גע־דריקט די האַנט דעם רוסישן אָפיציר אויפן פעראָן און אויפריכטיק זיך געוווּנטשן אַז מען זאָל זיך ווידער זען אין רוסישן ווילנע — איז איצט נישט פאַרבליבן קיין פאָדעם אין גאַנצן נפש. אָבער דער בעסטער, געזונט־סטער ווינקל אין אָט־דעם נפש זענען אויך איצט געווען — די אויפ־טריטן מיט דער רוסישער קלאַסיק פאַר די אודיטאָריעם פון די רוסישע פויערים און אַרבעטער אין שינעלן פון רויטאַרמייער... און הגם ווייטער

פלעגט נישט דורכלאָזן קיין איין פאַל צו מאַכן חוזק פון „אָך טי גוי יעסי, פראַוודאַ־מאַטושקאַ!“, און איך האָב קלאָר דעם באַדייט פון פערז נישט געוווסט (איך ווייס עד היום נישט), איז אָבער טאָלסטאָי און לערמאָנטאָוו און ניעקראַסאָוו נאָך געווען מיין שעפערישער לעבנס־זאַפט, בעת וועגן די „זאַפטן“ אויפן געביט פון יידישן טעאַטער האָב איך מיך ביי ליפּאָווסקין געמוזט דורכדרינגען מיט דער ביטערער איבערצייגונג, אַז... איך האָב דאָרטן נישט וואָס צו טאָן.

און — דאָ קומט דער עיקר: רוסלאַנד ביי דער גאַנצער גרויזאַמקייט פון דעם, וואָס דאָרטן קומט פאָר, האָט מיר אויסגעזען ווי אַ שיף, וואָס שווימט צווישן צעבושעוועטע כוואַליעס, אויסגעשטעלט אויף סכנות פון ווילדע שטורעמס — אַנטקעגן האָריזאָנט פון זוניקן באַגינען. און די רויט־אַרמייאישע מאַסן, פאַר וועלכע איך האָב מיט אַלע פונקען פון האַרצן און געוויסן געלייענט די רוסישע קלאַסיקער, און זיי האָבן באַגייסטערט און פלאַמענדיק מיך אויפגענומען — זיי זענען געווען פאַר מיר — פאָנען־טרעגער פון פרייהייט און אַלמענטשלעכן גליק.

אַז אַנ—סקי האָט מיך איין מאָל אָנגעהויבן אויסלאַכן, מישנדיק זיין חוזק מיט ווּט און צאָרן קעגן די באָלשעוויקעס און האָט אויסגעשריען:

— אייך ליגן זייערע פאַרברעכנס קעגן דער דעמאָקראַטיע און רעוואָלוציע אין דער לינקער פאה, ווייל איר זענט צו דער רעוואָלוציע גלייכגילטיק, ווייל אייך גייט נישט אָן, וואָס זיי האָבן ז י צעטראָטן און האָבן צעזייט אויפן ווינט אירע שפּורן, — האָב איך צום ערשטן מאָל פאַר די הדשים אויסגעבראָכן קעגן אים אין אַ נישט־איינגעהאַלטענעם פּראָטעסט...

— סעמיאָן אקימייטש! איר מ ו ז ט פאַרשטיין, אַז די אַכטונג צו אייך פערזענלעך און די פרומע — ממש „רעליגיעזע“ — פאַרגעטערונג צו אַלעם דעם, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער באַפרייונגס־באַוועגונג אין רוסלאַנד — פון פעסטלען מיט רילעיעוון און ראַדישטשעוון ביז קאָליאַיעוון און סאזאָנאָוון — דאָס מאַכט, אַז מען הערט אויס מיט פאַרפרעסטע ליפּן אייערע רייד וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר אַרום. אָבער איך קאָן מיך נישט איינהאַלטן און מוז מיך וועגן נישט צום „ס—ר“, גייערט צום דיכטער און קינסטלער. צי דען באַגרייפט איר נישט, אַז די רעוואָלוציע, וועלכע איר באַקלאָגט און פאַר וועלכער אייער האַרץ ווייטיקט, איז געווען אַ חלום, אַ מיראַזש, אַ פאַטאַמאָרגאַנאַ פון דער רוסישער פּראָגרעסיווער אינטעליגענץ. וועלכע האָט געגראָבן אונטער די וואָרצלען פון דער סאַמאָ־

דערזשאַוויע און האָט זיך דערשראָקן און איז זיך צעלאָפּן ווען עס איז אומגעפאַלן דער דרייהונדערטיעריקער דעמב?

— ווער האָט זיך דערשראָקן? — האָט ער ווי אַן לשון אַרויסגע-מורמלט — פאַר וואָס דערשראָקן? פאַר וועמען דערשראָקן? וואָס פּלוי-דערט איר?

— פאַר יעמעליאַן פּוגאַטשאָוו! פאַר סטענקא ראַזין! פאַרן ריז, וואָס האָט זיך פון אונטערן אומגעוואָרפענעם דעמב פון ראָמאַנאָווס אימפּעריע אַרויסגעריסן —

— וואָס פאַר אַ „פּוגאַטשאָוו“? וואָס פאַר אַ „ראַזין“? — האָט ער מיט ביטול אַ זאָג געטאָן מיט אַ גרימאַסע — וואָס פּרוווט איר מיט עפּעקטפולע טעאַטראַלע גענגלעך אידעאַליזירן די ווירקלעכקייט? פון ראַ-זינען ביז די באַנדיטן פון איצטיקע טעג איז נאָך אַ מהלך רב.

— דער נעכטיקער קנעכט אויף זיינע ערשטע טאַפּן פון פרייהייט מיז מישן פרייהייט מיט ווילקיר. דאָ וועט נאָר די צייט ברענגען די ישועה, און די אינטעליגענץ קאָן פאַרשנעלערן און פאַרלייכטערן די בלוטיקע פּראָצעסן.

—אַ מאָנאָלאָג פון ראָמאַנטישן פּאַטאָס! זייער שיין! אָבער — פאַלש פון א ביז ת.

— ניין, סעמיאָן אקימייטש — דאָס איז דער פּאַטאָס פון אונדזער צייט און דער הוילער אמת פון אָקטאָבער. אין „פערזן און גראַמען“ איז א יי ע ר רעוואָלוציע — אַן אויסגעטראַכטע, אַ פּאַפּירענע, אין ביכער גע-שאַפענע, אין ביכער פאַרגראָבענע. איר זענט געווען רעוואָלוציאָנערן אין לייקענע הענטשקעס און האָט נישט קיין כוח צו נעמען די ווירקלעכע רע-וואָלוציע אין אייערע פינגער. איר אַנטלויפט, איר באַהאַלט אייערע קעפּ אין זאַמד, ווי באַטשאַנעס פאַר אַ געוויטער.

— לכל הדעות מוז איך זאָגן, אַז, אָפּגעזען פון דעם, צי זענט איר פּאָליטיש גערעכט, צי פאַרבלענדט, — באַוווּנדער איך אייער טאָלעראַנץ צו דער מאַכט.

— די מאַסן רויטאַרמייער האָבן מיר מיינע טעג באַלויכטן און באַ-שיינט. און שטרעבנדיק אַדאַנק אייך און ווייטערן צו יידישער קונסט, פיל איך, אַז דאָס איז אַ וויסטער הלום אָן אַ באָדן, אָן לופט און אָן אויסזיכט. מיין א מ ת איז מיט יעדן טאָג מער — ווידער ווי געווען — רוסיש טעאַטער.

— טאָ וואָס זיצט איר אין ווילנע? פאָרט קיין מאָסקווע, קיין קיעוו! איך בין געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

— איך בין מיד, סעמיאָן אקימייטש! מיד, אויסגעשעפּט... מיך קאָן נאָר אַ גם אָדער אַ שטורעם אַרויסשטויסן פון די ווענט און ווייבע פּאָ־טעלן.

דער שטורעם האָט אויסגעבראָכן. דער גם — איז געשען.

אָבער מיך האָט ער געפירט — נ י ש ט קיין מאָסקווע און נ י ש ט קיין קיעוו, נייערט —

קיין וואַרשע.

* *
*

איך האָב אויבן דערציילט ווי, גייענדיק מיט ניסן פּופּסן נאָך האַלבער נאַכט פון 18 אויפן 19 אַפּריל האָבן מיר געהערט פון דער ווייטנס קנאַלנ־דיקע האַרמאַטן און האָבן נישט פאַרשטאַנען — ווער שיסט עס?

אַז איך האָב גאַנץ פרי דעם 19 אַרויסגעקוקט דורכן אַראָפּגעלאָזענעם פאָרהאַנג אין גאַס, האָב איך דערזען אויף ביידע טראָטואַרן באַוואָפנטע זעלנער מיט אייזערנע קאַסקעס (העלמס) אויף די קעפּ.

— פון וואַנען נעמען זיך דייטשן? — האָב איך פאַרחידושט זיך גע־זאָגט צום הויז־פאַרוואַלטער, וועלכער האָט זיך באַוויזן אויפן שוועל.

* *
*

די דאָזיקע פיגור האָט פאַרן לייענער זיך קורץ באַוויזן נאָך מיט 4 יאָר צוריק. ער איז איצט ווידער געוואָרן דער „פאַרוואַלטער", ווייל זיך געמאָלדן באַלד נאָך מיין קומען און דערציילט פּרטים וועגן דער מוטערס לעצטע וואָכן און טעג און מיט טרערן צוגעגעבן, אַז נאָך איר טויט האָבן די נייע „דעה־זאָגער" ביי אים צוגענומען זיין ביסן ברויט. ער איז ווידער געוואָרן — דעה־זאָגער.

אָט דער מענטש איז דעם 19 אַפּריל געקומען צו לויפן, און דער־הערנדיק פון מיר: „פון וואַנען נעמען זיך דייטשן מיטאַמאָל?" — האָט ער אין ווילדער פרייד אויסגעשריען:

— וואָס פאַר אַ דייטשן? וועלכע דייטשן? אַ פייער טרעפט זיי ביי זיי אין בערלין! אַהער וועט זיי דער רוח מער נישט פאַרטראָגן.

— זענען עס רויטאַרמייער אין די אייזערנע העלמען?

— וועלכע אַרמייער? שמייער! נישטאָ אין שטאָט קיין דוך פֿון זיי!

— איך פֿאַרשטיי נישט, וואָס איר רעדט. שרייט נישט. זאָגט טאַקע וואָס זענען עס פֿאַר אַ זעלנער?

— פּוילישע לעגיאָנערן! די באַנדיטן האָט מען שוין אויסגעראָמט.

— ווען „אויסגעראָמט"??

— די באָלשעוויקעס אייערע! אַ דונער האָט געמעגט אין זיי אַריין איידער זיי זענען אַהער געקומען. איצט מעג מען דאָך רעדן.

# XII. נאָך ווייטערס אומקום. זיין לוויה

עס האָבן זיך אָנגעהויבן טעג פון אימה און יאוש.

דער צוג מיט די לעגיאָנערן איז אָנגעקומען אויפן וואָקזאַל, און די נאָענטסטע גאַסן — בתוכם די שאָפּען־גאַס — זענען באַזעצט געוואָרן אין דער ערשטער האַלבער שעה. אָבער אין שטאָט זענען געגאַנגען שלאַכטן 3 מעת־לעת: די ראַטנמאַכט האָט, כדי אַרויסצופירן די באַנק (אויף פּאַ־הולאַנקע) און עוואַקואירן די וויכטיקסטע אינסטיטוציעס און דאָס האָב און גוטס פון מאָסקווער פאַרשטייערשאַפט, קאָנצענטרירט דאָס מיליטער אַזוי, אַז די געגנט פון טראָקער גאַס ביז אַרויף פּאָהולאַנקע איז איינגעהאַלטן גע־וואָרן אין משך פון 72 שעה. דאָרטן אויף „פּיאַסעטשנער" האָבן אין איין דירה געוווינט דער דיכטער לייב יאַפע, ניגער און ווייטער. דעם 19 אַפּריל איז ביי זיי געווען צו גאַסט באָרים קלעצקין און בעת די שטאָט איז שוין געווען באַזעצט דורך די לעגיאָנערן, און רויטאַרמייאישע אָפּטיילונגען האָבן זיך געפונען בלויז אין דעם טייל פון שטאָט, האָט קלעצקין פון באַלקאָן גע־וואָרפן פּאַפּיראָסן פאַר די רויטאַרמייער אויפן טראָטואַר און געשריען פון דריטן שטאָק אַראָפּ:

— אייער זאַך איז אונדזער זאַך, טאָוואַרישטשי, האַלט זיך אין נאָ־מען פון דער גרויסער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע!

ווי אַזוי ווייטער האָט געוואַרט אויף דעם, אַז ווילנע זאָל ווערן פּויליש, ווייסן מיר שוין. דאָס האָבן אָבער נישט געוווּסט די פּוילישע שכנים פון דער דירה.

וואָס פאַר אַ „באָלשעוויקעס" עס זענען געווען סיי דער ציוניסט יאַפע, סיי ניגער, סיי ווייטער וועלן מיר דאָ נישט לאַנג מאַריך בדברים זיין.

אָבער דעם 20־טן, ווען די ערשטע לעגיאָנערן האָבן זיך אַריינגעריסן אין הויז נומ. 6 אויף דער זאַמד־גאַס און מיט אויסגעשטעקטע דעגנס גע־זוכט דעם שונא, כדי יעדן פאַרדעכטיקן מיט וואָפן צו שיסן אויפן אָרט,

האָבן די פּוילישע שכנים אָנגעוויזן אויפן באַלקאָן, פון וועלכן — זיי האָבן עס געזען מיט זייערע אויגן — אַ ייד מיט אַ שוואַרצער באָרד האָט נעכטן געוואָרפן צו די רויטאַרמייער... „פּאַטראָנען". קיין יידן מיט קיין באָרד האָט מען נישט געפונען. ניגער האָט געהאַט אַ שוואַרצע לאַנגע שעוועליורע; לייב יאַפּע איז סתם נישט געווען קיין שוואַרצהאָריקער, און מען האָט זיי ווי פאַרדעכטיקע אָנגענומען פאַר די קאָלנערס, אַריינגעוואָרפן אין אַ לאַסטאויטאָ און אַוועקטראַנספּאָרטירט קיין טראָק. דאָרטן אין אַ גרויסן שפּייכלער האָט די מיליטערישע מאַכט דערוויייל צונויפגעוואָרפן אַלע מענטשן, וועלכע האָבן נישט אימפּאָנירט מיט זייערע פּנימער, מיטן אופן רעדן א. ד. גלייכן...

וועגן זייערע פּאָר טעג אין טראָקער שפּייכלער איז מיר אויפן גאַנצן לעבן פאַרבליבן ניגערס קורצע דערציילונג וועגן דעם, ווי עס האָט זיי באַקוקט אַן אַלטער פּוילישער אַריסטאָקראַט (לויט אַלע סימנים האָט עס געקענט זיין דער טרויעריק־באַרימטער גראַף טישקעוויטש?), וועלכער האָט זיך אונטערגענומען אָנצווייזן ווער פון די הונדערטער אין שפּייכלער איז „אַ באָלשעוויק — אויסער יעדן ספק".

ניגערס פּנים האָט דעם גראַף אויסגעזען ווי אַ יסוד צו באַהויפּטן, אַז דאָס איז אַ באָלשעוויק אויף אַלע 100 פּראָצענט. ער האָט אָנגעוויזן דעם לעגיאָנער, אַז אָט־דעם — „מיט דער לאַנגער שוואַרצער שעוועליורע" — דאַרף מען באַהאַנדלען אין דער פולער מאָס ווי אַ שונא מיטן וואָפן אין האַנט.

ניגער האָט איבער זיינע פענסנע אָנגעקוקט דעם מלאך־המות אין פּנים און שטיל געזאָגט:

— מיינע לאַנגע האָר קאָנען זיין אַ באַוויז פון מיין שלעכטן גוסט אין אַלטמאָדישקייט, אָבער וואָס קאָן עס האָבן פאַר אַ שייכות צו ביקסן מיט קוילן — איז שווער צו באַגרייפן.

דער אָפיציר האָט זיך צעשמייכלט, דער גראַף האָט מיט חידוש אָנגעקוקט דעם געפערלעכן שונא און געגומען פאַרגיינענדיק שאָקלען מיטן קאָפּ.

— המ... און פענסנע טראָגט ער אויך! האָב איך אפשר אַ טעות?

דער טויט האָט אָפּגעווענדט זיינע פליגלען פון די קרבנות אין טראָקער שפּייכלער. אָבער אויף זאַמד־גאַס איז געשען אַנדערש...

די געשעענישן וועלן דאָ באַשריבן ווערן אויפן סמך פון דעם, וואָס איך האָב געהערט פון אַן עד־ראיה. די שווישפּילערין חנה שערמאַן איז גע־

ווען אין דער דירה, בעת מען האָט גיגערן און יאַפּען אַוועקגעשלעפּט. אַ מי־
גוט נאָך דעם האָט זיך ווידער דערהערט אַ פּויקעריי פון באַגנעטן אין טיר.

— גייט אַרויס, באָלשעוויקעס! — האָט געשריען אויפן שוועל אַ זעל־
נער מיטן אויסגעשטעקטן באַגנעט.

אים איז אַרויס אַנטקעגן אַנטקעגן מיט אַ שטראַלנדיק פּנים — ווייטער.

— דאָ זענען נישטאָ קיין באָלשעוויקעס! איר זענט צווישן פריינד,
זייט באַגריסט!

זיין אויסגעצייכנט פּויליש לשון וואָלט געדאַרפט זיין גענוג פאַרן זעל־
נער צו מוזן זיך פאַרטראַכטן איבער דעם, וואָס ער טוט.

אָבער ער האָט דעם מענטשן, וואָס רעדט אַזאַ פּויליש, וואָס רופט
אים „פריינד", וואָס באַגריסט זיין אָנקום, אין עטלעכע מינוט אַרום דער־
שאָסן.

האַרט געבן הויז אויפן בערגל איז דער פריינד פון פּוילן געשטאַנען
מיט אויסגעשפּרייטע הענט, מיט אַ הוילן קאָפּ. דער ווינט האָט צעוואָרפן
זיינע האָר. ער האָט גערופן אַרום זיך — עמעצער זאָל קומען, זאָל אויפ־
קלערן דעם פאַרבלענדעטן תלין, אַז ער גרייט זיך אַריינשיסן אַ קויל אין
פּוילנס גוטן נאָמען אויף דער וועלט. דער תלין האָט, שטייענדיק אונטערן
בערגל, דורכגעשאָסן ווייטערס קאָפּ פון איין שיידל צום צווייטן.

חנה שערמאַן האָט עס דערציילט, ליגנדיק אין משמרת חולים אַ פאַר־
וואונדעטע: זי זאָל האָבן געהאַלטן ווייטערס קאָפּ ביי איר האַרץ, כדי אומ־
צוקומען פון דער זעלביקער קויל, אָבער די קויל איז דורך ווייטערס קאָפּ
אַריין צו איר אין ברוסט און צום האַרצן נישט דערגרייכט.

אַזוינס האָב איך געהערט פון איר מויל בעת זי איז געלעגן אַ פאַר־
וואונדעטע.

שפּעטער האָב איך געהערט פּרטים, וואָס זענען נישט אין סתירה מיטן
געהערטן פון איר מויל, אָבער זיי זאָגן, אַז זי האָט עפּעס נ י ש ט
ד ע ר צ יי ל ט.

די פיגצטערע שאָטנס פון יענע טעג זענען נישט פאַרשוווּנדן אויך
דאַן, ווען דאָס לעבן איז געוואָרן באַלויכטן דורך אויפטוען, אין וועלכע
ווייטער וואָלט געווען דער ראש המדברים. זיין טויט איז פאַרבליבן נישט
באַר ווי אַן אָנגריף פון מלאך־המות. נישט אויפגעקלערטע פּרטים פון אַ פינ־
צטערן פאַרברעך דריקן דאָס געוויסן און פאָדערן — באַלויכטונג...

אויפן אויוון אין דער דירה האָט ווייטער געהאַלטן 40.000 רובל קע־
רענקעס, וועלכע קלעצקין זאָל האָבן איבערגעלאָזט.

זיי האָט געקאָנט אַוועקרויבן דער מערדער. פונוואַנען אָבער — פון וועמען האָט ער זיך וועגן זיי דערוווּסט?

אין קורצע טעג אַרום איז פאָרגעקומען אַ דראַמאַטישע סצענע ביים מיליטערישן קאָמענדאַנט פון שטאָט.

הרב רובינשטיין איז געקומען פאָדערן, אַז מען זאָל באַפרייען גיכערן, יאַפּען און אַנדערע יידישע מענטשן, וועלכע זענען אָן אַ פאַרוואָס אַרעסטירט געוואָרן און שמאַכטן אין טראָק אונטער דער סכנה אומגעבראַכט צו ווערן.

אויף דער מעלדונג, אַז „אָן אַ פאַרוואָס" ברענגט די פּוילישע מאַכט קיינעם נישט אום, האָט רובינשטיין אויסגערופן:

— „און ווייטער!?"

דער קאָמענדאַנט האָט זיך ערשט דאָ דערוווּסט וועגן דער געשעעניש אויף דער זאַמד־גאַס. ער האָט טעלעפאָניש אַרויסגעפאָדערט דעם אָפיציר, וועמענס אָפּטיילונג האָט יענעם טאָג געהאַלטן די זאַמד־גאַס. אויפן באַפעל צו דערציילן געגוי וועגן געשעעניש האָט דער אָפיציר דערקלערט, אַז זיין לעגיאָנער האָט דערשאָסן אַ באָלשעוויק, וועלכער האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד.

— עס שטימט נישט מיטן אמת! — האָט רובינשטיין קאַטעגאָריש געמאָלדן. זאָל מען ברענגען דאָס געווער, אויב מען האָט עס ביי ווייטערן צוגענומען.

— איך שווער מיטן כבוד פון אַ פּוילישן מיליטערמאַן, אַז דאָ איז דערשאָסן געוואָרן אַ שונא, וואָס האָט מיט אַ טאָג פריער געטיילט פּאַטראָנען פאַר די רויטאַרמייער.

— הרב רובינשטיין איז אויפגעשפּרונגען.

— און איך שווער ביי גאָט, אַלס פאָרשטייער פון דער יידישער געמיינדע, אַלס ווילנער רב און אַלס מענטש, וואָס זאָגט אין ערגעץ און קיינמאָל נישט קיין ליגן, אַז דער דערשאָסענער ווייטער איז געווען אַ יידישער שרייבער און איינער פון די איבערגעבנסטע פריינד פון פּוילן.

דער קאָמענדאַנט האָט באַרואיקט רובינשטיינען און באַפוילן דעם אָפיציר געגוי אויסצופאָרשן דעם ענין און, אויב דאָ איז באַגאַנגען געוואָרן אַ פעלער, דעם שולדיקן — משפּטן.

— צום באַפעל! — האָט געזאָגט דער אָפיציר.

אָבער דערביי איז עס געבליבן. און אַ סברה איז, אַז קלעציקינס 40.000 „קערענקעס“ האָבן דאָ געווירקט ביים פאַרווישן די שפּורן פון פאַרברעך.

ניגערן, יאַפּען און אַנדערע האָט מען פון טראָק תיכף באַפרייט.

* *
*

איך בין דאָ אַרויס פון די ראַמען פון אייגענע זכרונית און געשילדערט פאַקטן, וועלכע איך האָב נישט בייגעוווינט. דאָס טרעט אָפּ פון מיין אָפּט איבערגעחזרטער פאַרזיכערונג, אַז איך דערצייל בלויז דאָס, וואָס איז געשען פאַר מיינע אויגן.

אָבער אין די אַקאָרשט געשילדערטע געשעענישן וועט דער לייענער אפשר קלאָר דערפילן די לופט, אין וועלכער ווילנע האָט געלעבט (און זיך געשטיקט — לפּחות אין די יידישע היימען) יענע טעג פון אַפּריל 1919... דאָ בין איך אסור נישט אויסן צו „שטעלן דעם טראָפּ“ אויף וועלכע נישט איז פּאָליטישע אַקצענטן. טויזנטער תושבים אין ווילנע האָבן דעם אַריינמאַרש פון די לעגיאָנערן אויפגענומען ווי די באַפרייונג. אַנדערע טויזנטער — וועלכע וואָלטן געוועזן לכל הדעות — נייטראַל — האָבן פון די ערשטע שעהן דערפילט איבער זייערע קעפּ די סכנה אומצוקומען יעדע מינוט און זענען מחמת דעם געוואָרן — שונאים.

און עס האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן און שפּרייטן ידיעות פון אימה און שגאה: „אויף די פּאָנאַרן האָט מען באַגראָבן און פאַרשאָטן צענדליקער נישט דערשאָסענע יידישע יונגעלייט“; „אין עק שטאָט ראַבירט מען יידישע הייזער“; „אויף אַנטאָקאָלע הענגען אויף טעלעגראַפישע סלופּעס מענטשן, און די בגדים זייערע האָט מען אַוועקגערויבט“... דאַרף מען עס אַלץ האָבן געזען דווקא בעיניים, אַז דאָס לעבן זאָלן ווערן אויסגעווייקט אין טויט־שרעק און פאַרהילט אין פינצטערע שאָטנס?

געדויערט האָט עס וואָכנלאַנג, געווען איז עס אין די יידישע גאַסן אַן אַלגעמיינער מצב. יעדער האָט עס, פאַרשטייט זיך, איבערגעלעבט לויט זיין אייגענעם אופן.

ביי מיר האָבן זיך די אַלע געשעענישן אַנטוויקלט לויט מיין שטייגער.

דעם 19 האָט מען זיך געהיט אַרויסצוגיין פון שטוב, היות עס איז

געוואָרן באַוווסט, אַז אין די גאַסן אַרעסטירן ביידע צדדים יעדן פאַרדעכ־טיקן. און פאַרדעכטיקט איז ביי איין צד — יעדעס יידיש פּנים, ביים צווייטן יעדער, וואָס איז אָנגעטאָן נישט אויסגעשפּראָכן מעשה פּראָלע־טאַריער. קלאָר, אַז איך בין אַ קאַנדידאַט אויף וועקן השד אין ביידע מח־נות. בין איך געזעסן און געוואַרט.... א ו י ף  וו אָ ס? — האָב איך נישט געוווסט.

אָבער זיך דערוואַרט — אין אַ האַלבער שעה נאָך דעם ווי סווירסקי האָט געשריען, אַז „אַוועק מיט אַ קלאָג אייערע באָלשעוויקעס".

מיט לערך אַ וואָך צוריק איז אין בנין פון פּוילישן טעאַטער אויף גרויס־פּאָהוליאַנקע פאָרגעקומען אַ „קאָנצערט־מיטינג". אין מיטינג איז אויפגעטרעטן מיט אַ שעהדיקער רעדע דער פאָרזיצער פון דער ליטוויששער סאָוויעט־רעגירונג קאַפּצוקאַס־מיצקעוויטש. די רעדע האָב איך נישט גע־הערט, מיט מיין גאַנצן גוף און גייסט בין איך געווען אַריינגעטאָן אין ק אָ נ צ ע ר ט, וואָס איז פאָרגעקומען נאָכן מיטינג.

איך האָב צונויפגעשטעלט דעם פּראָגראַם; כ'האָב צוגעצויגן עטלעכע אָנגעזעענע אַרטיסטן און צווישן זיי — ווידער ווינאָגראַדאָוון.

דער „טשוואָק" פון פּראָגראַם איז געווען אַ באַלעט־נומער: ווענ־יאַווס־קיס „מאַזורקע", צו וועלכער איך האָב צוגעצויגן אַ פּוילישע פּאָר. די דאַ־מע געדענק איך נישט און דעם מאַן האָט אויסגעפירט סטאַניסלאַוו אַב־ראַמאָוויטש... דער טאַנץ האָט אַרויסגערופן אַ דונער פון אַנטציקונג אין זאַל, וועלכער איז געווען אויסגעפילט מיט רויטאַרמייאישע אָפּטיילונגען.

מען האָט דעם נומער איבערגעחזרט דריי מאָל. איך האָב ווידער און ווידער זיך געפרייט און געגרויסט פון געדאַנק, אַז מיר טראָגן ליכט און שיינקייט דער מאַסע. איך האָב איבערגעלייענט לערמאָנטאָוום „באָראָדינאָ". צום שלום פון פּראָגראַם, האָט זיך הינטער די קוליסן געמאָלדן אַ דע־לעגאַציע דאַנקען די אַרטיסטן און דעם אָרגאַניזאַטאָר — ס'הייסט — מיך. אַלע האָבן געשיינט און געלויכטן און ווי בין איך נתפּעל געוואָרן, ווען פון דער דעלעגאַציע האָט זיך אָפּגעטיילט אַ באַלטישער מאַטראָס און זיך גע־וואָרפן מיך קושן.

— איר דערקענט מיך נישט, אבראַם? נו, יאָ! שוין 5 יאָר אַוועק. לאָזט זיך אויס: אַ  ק ר ו ב! דער יינגסטער זון פון דער מומערס אַ קוזין. אין 1914 איז ער אין אָנהייב מלחמה פאַרשוווּנדן. פון 1917 — אין דער אַרמיי און איצט שוין אַ יאָר — אין באַלטישן פלאָט. —

„דער שטאָלץ און די שיינקייט פון אָקטאָבער"! — האָט ער זיך צעלאַכט, ציטערנדיק טראָצקים דעמלט גאַנגבאַרע פראַזע וועגן די באַלטי־שע מאַטראָסן.

ער פלעגט קומען אַלע טאָג, טרינקען טיי מיט ברוינעם צוקער, צו־בייסן שוואַרצן ברויט אָן פוטער. געוווינט האָט ער 5 מינוט גאַנג אין האָ־טעלעכל, וואָס פונקט אַנטקעגן „זאַוולס שול", און דעם 19 פאַרטאָג, דער־זעענדיק דורכן פענצטער פרעמדע סאָלדאַטן, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז אים אין קאָסטיום פון באַלטישן מאַטראָס וועט קיין גוטס נישט באַשערט זיין, ער האָט אַרויפגעוואָרפן דעם שינעל אויף די פּלייצעס און מיט דער ביקס אין דער האַנט זיך געלאָזט לויפן און —

דערלאָפן צום קרוב...

— אויב איר ווילט מיך ראַטעווען פון אומפאַרמיידלעכן טויט, מוזט איר מיך באַהאַלטן.

— קודם נעמט אַראָפּ דעם לבוש פון „פּראַכט און שטאָלץ"!

ער האָט זיך איבערגעטאָן אין אַ קאָסטיום פון אַן אָנשטענדיקן בורזשואַ.

סווירסקי האָט, מורמלענדיק: „אַ פייער זאָל זיי כאַפּן אייניציקוויין! יעקב־מאיר דעם טאָקערס מיזיניק אין באַלטישן פלאָט!" — צוגענומען די ביקס און אַוועקגעטראָגן — אויפן בוידעם.

דעם קאָסטיום און דעם שינעל האָב איך אַריינגעהאָנגען אין קליידער־שאַנק. — איך בין אַן אַקטיאָר! צווישן שפּאַנישע און פראַנצויזישע קאָסט־יומען קאָן איך פאַרמאָגן אַ מאַטראָסן־קאָסטיום.

אין די ערשטע אָוונט־שעהן איז מיין קרוב אַרויס אין גאַס און — מער האָב איך אים נישט געזען.

אָבער — די ביקס אויפן בוידעם!...

דעם 20־טן אַרום 12 בייטאָג האָט מען געבראַכט די ידיעה, אַז נו־גערן און יאָפען האָט מען אַוועקגעפירט אין אַ לאַסטוואָגן, און ווייטער ליגט מיט אַ דורכגעשאָסענעם קאָפּ אויפן בערגל אין דער זאַמד־גאַס...

נישט ווייניקער ווי די עצם ידיעה האָט מיך דערשיטערט דער אופן און די מדרגה פאַרצווייפלונג, מיט וועלכער מיין חנהלע האָט רעאַגירט אויף דעם —

מער קאָן איך אין מיינע זכרונות נישט זאָגן! די קויל האָט ווייטערן געטראָפן אין קאָפּ, וועלכן צו איר ברוסט האָט געדריקט חנה שערמאַן; ביז מיט 2—3 וואָכן צוריק האָב איך געהאַלטן פאַר זיין נאָענטסטן פריינד א צווייטע חנה — אַננאַ ר' —, וועלכע האָט פאַר מיר נישט געמאַכט דער־

פון קיין סוד. איצט, דערזעענדיק דעם יאוש־אויסדרוק ביי דער „דריטער חנה“, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז מיט 6 יאָר צוריק, ווען ווייטער האָט דערהערט:

— אַננאַ איז אַוועקגעפאָרן. מיר זענען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען, — האָט ער אויסגערופן:

— „ש ו י ן אַוועקגעפאָרן!“

און איצט איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז הינטער מיין רוקן האָט זיך עפּעס געוועבט. און איצט האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ווייטער איז געווען אַ בן־בית ביי אונדז און שטודירט מיינע יידישע בריוו צו דער מוטער און געמאַכט פּלענער אַרום מיין צוקונפט, ווען איך האָב וועגן אים אפילו כמעט נישט געוווסט און לחלוטין נישט געטראַכט, און אַננאַס באַקאַנט־שאַפט מיט אים איז עלטער ווי מיינע און ס'איז טיפער — די פריינד־שאַפט, און דער אויסברוך פון יאוש — אין יענע שוידערהאַפטע שעהן — האָט אַ טיפן גרונט.

דערווייל קומט מען אָנזאָגן, אַז די גאַס איז פאַרשפאַרט פון ביידע זייטן, פון די הויפן לאָזט מען קיינעם נישט אַרויס. עס גייט אַ רעוויזיע פון הויז צו הויז. מען זוכט געווער. מען האָט געוואָרנט, אַז הויזווירטן זאָלן אַרויסגעבן געווער, און, אויב מען וועט געפינען, וועט ענטפערן דער הויזווירט... איז וואָס וועט זיין מיט דער ביקס, וואָס ליגט אויפן בוידעם?

סווירסקי האָט זיך געכאַפּט פאַרן קאָפּ, ברעכט די הענט, רייסט די האָר.

— אוי וויי, די כאַלערע האָט זיי געזאָלט טרעפן אין לאַנדוואראָווע (איין באַן־סטאַציע פאַר ווילנע) איידער די רעדער האָבן זיי דערקייקלט ביז ווילנע.

אָבער דער ביקס האָט די כאַלערע אויפן בוידעם נישט געטראָפן. זי איז געלעגן און געהאַלטן אונדז אַלעמען אין צושטאַנד פון אימת המות.

איך האָב באַשלאָסן די ביקס אָפּגעבן בידים, אָבער... ווי אַזוי זאָל איך דערקלערן פון וואַנען זי נעמט זיך?? וו איז דער אייגנטימער? פאַר־וואָס האָט ער זי געלאָזט ביי מיר? און פאַרוואָס האָט איך אים נישט פאַרהאַלטן?

ס'איז אָנגעקומען אַוונט. די רעוויזיע האָט זיך כמו איבערגעריסן. דער פאַרקער אין גאַס איז אַוועק נאָרמאַל.

אָבער מיר איז לייכטער נישט געוואָרן: די טעג און אַלץ, וואָס קומט

פאַר, דאָס זענען נישט קיין בייזע צופעליקייטן, וואָס קאָנען איבערגיין ווי אַ שוואַרצע כמאַרע — גיין!

דאָס איז אַן עטאַפּ אויף אונדזער געשיכטלעכן וועג!

ווייטער — דערשאָסן, ניגער און יאפע פאַרשלאָסן, איבער מיין קאָפּ טראָגט זיך דער פויגל פון אומקום: מען קאָן זיך נישט ראַטעווען!...

און אין יענער נאַכט האָב איך מיך פאַרשפאַרט אין וואַנע־צימער, וואָס האָט נישט קיין פענצטער — ווייל אַ באַלויכטן פענצטער איז דער־קלערט געוואָרן פאַר אַ סיגנאַל דעם שונא — אָנגעצונדן עטלעכע ליכט און —

פאַרענדיקט די לעצטע בלעטלעך פון מיין „אָקאָסטאַ“־איבערזעצונג...

— „זאָל כאָטש פאַרבלייבן אָט די אַרבעט“ — האָב איך געמורמלט, זיצנדיק צווישן די שאָטנס פון יענער נאַכט — די אַרבעט ווי אַ זכר וועגן זיין חוזק איבער מיין „אָך טי גוי יעסי“; ווי אַ סימן, אַז מיר האָבן זיך גע־ריסן צו די הימלען פון אַלמענטשלעכער קולטור און, פאַרשטויסענע אין תהום פון יידישן פיין, זענען מיר פון דער וועלט אַוועק מיט דער תפילה וועגן ליכט און פרייהייט אויף אונדזערע ליפּן“.

פאַרענדיקט דעם לעצטן פערז פון „אקאָסטאַ“, האָב איך אָנגעשריבן „אַפּריל 1919“, מיט אַ כיוון נישט באַצייכענענדיק ד ע ם ט אָ ג, ווייל דער ט אָ ג — האָט געדויערט — וואָכן.

איך האָב געוואָלט מיין אַרבעט ווידמען זיין אָנדענק, אָבער עס איז נ י ש ט ג ע ש ע ן. סיבות — נישט איינע! סיבות — עט־לעכע און פאַרשידענע, סתירותדיקע, פאַרפלאָנטערטע.

האָב איך אָנגעשריבן: „דעם ליכטיקן אָנדענק פון מיין איינזאַם פאַר־שטאָרבענער מוטער איז געווידמעט די איבערזעצונג פונעם געליבטן ווערק“.

*

* *

ער איז אויפן בערגל געלעגן אַ צוויי טעג און נעכט. אַ מאַראָדער האָט פון אים אַראָפּגעשלעפּט די בגדים, און ער איז געלעגן אין אונטער־וועש. אַ שלאַקס־רעגן האָט געשווענקט דעם בר־מינן. קיינער האָט צוליב די שלאַכטן נישט געקאָנט אים צונעמען, מטהר זיין און ברענגען צו דער קבורה.

פרייטיק פאַרנאַכט זענען נאָך זיין ארון געגאַנגען געציילטע מענטשן. איינזאַמע, פאַרשטויסענע, דערשראָקענע. נעבן טעאַטער אויף פּאָהולאַנקע איז דער לוויה אַנטקעגנגעקומען אַן אָפיציר אויף אַ פערד. מיט 2 פינגער, ווי צום קאַטוילישן קרייץ, האָט ער מיליטעריש באַגריסט דעם ארון... איך האָב געמיינט, אַז ער מאַכט חוזק, ווייל איך האָב נישט געוווסט, אַז אין אַנדערע אַרמייען איז די מיליטערישע באַגריסונג נישט די, וואָס אין דער רוסישער — מיט אַלע 5 פינגער ביים דאַשעק. איך האָב עס געזאָגט אַנסקין, וועלכער איז געגאַנגען נאָכן ארון און האָב דערהערט, אַז מיין השערה איז אַ בלבול און אַ באַליידיקונג דעם פוילישן מענטש, וואָס האָט פרום מיט יראת־הכבוד באַגריסט די לוויה.

איך בין געוואָרן נשתומם און זיך פאַרטראַכט...

ביי די לעצטע שטראַלן פון טאָג האָט מען פאַרשאָטן דעם קבר. אַנסקי האָט געזאָגט קדיש און נאָכדעם שטיל אַרויסגערעדט:

— „געלעבט ווי אַ זינדיקער דזשענטעלמען, געשטאָרבן ווי אַ קדוש".

און, באַטראַכטנדיק די דערשראָקענע מענטשן אַרום, האָט ער צוגעגעבן:

— דער וואָס קומט אום, ווייל ער איז אַ ייד, קומט אום על קידוש השם. ווייטער איז אַ קדוש!

אין אַ קורצער צייט אַרום איז אַרויס פון דרוק „דער דיבוק".

איך האָב איבערגעלייענט: „געווידמעט מיין טראַגיש און הייליק אומגעקומענעם

פריינד א. ווייטער"

אויף אונדזערע הימלען האָבן זיך פאַרנומען שטראַלן פון אַ נייעם אויפקום, וועלכער האָט פאַר די 20 יאָר אין פוילישן ווילנע געבראַכט קוויטן און פרוכטן פון היסטאָרישן פאַרנעם און באַדייט.

# XIII. ביים קעלער פון דער פעלד־זשאַנדאַרמעריע

אַ טאָג אָדער צוויי נאָכן אַריינמאַרש פון די לעגיאָנען איז אויף די ווענט פון שטאָט פאַנאַנדערגעקלעפּט געוואָרן אַ ווענדונג צו די איינוווינער אויף פויליש, ליטוויש, ווייסרוסיש און יידיש — געחתמעט „יוזעף פּיל־סודסקי“.

דער תוכן איז געווען — אַן אָנזאָג, אַז עס איז אָנגעקומען אַ תקופה פון אַלגעמיינער גלייכבאַרעכטיקונג אָן אונטערשיד פון נאַציע און רעליגיע; אַ תקופה פון אַבסאָלוטער פרייהייט פון געוויסן, פון אַלעם דעם, וואָס איז אַ תנאי פון דעמאָקראַטישע פרייהייטן.

זענען אָבער די מעשים תעתועים פון די פינצטערע כוחות געווען אין שרייענדיקער ס ת י ר ה מיט די אמתן פון פרייהייט בכלל און, במילא, אויך — פון פוילנס פרייהייט.

אַז איך בין צום ערשטן מאָל אַרויס אין דרויסן, האָב איך אויף דער „ברייטער“ גאַס דערזען עטלעכע אָפיצירן... איך האָב מיך אָפּגעשטעלט זיי צו באַטראַכטן און נישט באַוויזן זיך אָפּצוגעבן אַ קלאָרן חשבון פון דעם, וואָס מיינע אויגן קוקן אָן, ווי מיר האָט אַרומגעכאַפּט אַן עקל, אַן אימה און אַ שווידער. איך בין געשטאַנען נעבן שטאָט־טעאַטער, אויפן צווייטן טראָטואַר. און מיטאַמאָל האָבן זיי ווי בייזע צערבערס זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אַ באַיאָרטן מענטש, וואָס איז אָנגעקומען זיי אַנטקעגן און גענומען אים שלאָגן איבערן פּנים. מיר האָט אָפּגענומען ס׳לשון, איך בין ווי פאַר־שטיינערט געבליבן שטיין און, ווען אין אַ מינוט אַרום האָב איך מיט אַ ווילדן געשריי: „שטאָ ווי דיעלאַיעטע? קאַק ניע סטידנאָ! ביט בעזפּאָ־מאָשטשנאָוואָ סטאַריקאַ!“ *) — זיך אַ וואָרף געטאָן אין יענער זייט, זע־נען זיי שוין געווען אַ 20 טריט ווייטער, און דער אַלטער האָט אויפגעהויבן

* וואָס טוט איר? ווי שעמט איר זיך נישט? שלאָגן אַ שוצלאָזן זקן!

זיין הוט פון דער ערד און געווישט מיט אַ טיכל בלוט אויף זיינע ליפּן... משמעות, אַז זיי האָבן אים אַרויסגעהאַקט אַ פּאָר ציינער.

אַז איך האָב געדאַרפט בענטשן גומל איז קלאָר. סיי מיין ווענדונג אויף רוסיש, סיי מיין כוונה צו פּראָטעסטירן קעגן זייער ווילקיר וואָלט געפירט צו אַזאַ רעאַקציע פון זיי קעגן מיר, אַז איך וואָלט קוים אַרויס אַ לעבעדיקער...

אָבער איך האָב יענע מינוטן אויפגענומען דעם עפּיזאָד דורך גאַנץ אַנדערע ברילן.

אַוועקגייענדיק פון דער „ברייטער" אין דער שמאָלינקער, טונקעלער „רודניצקער" געסל אַריין, האָב איך מיט אַלע אברים דערפילט... די געמיטלעכקייט — פון געטאָ„אַהער", האָב איך געטראַכט — „מוזן זיי זיך סיידן אַריינרייסן, בעת דאָרטן ביי זיך, אין די גויאישע גאַסן — האָבן זיי יעדע רגע די געלעגנהייט אויסצולאָדן זייער רציחה, זייער שנאה"...

דער קאָמפּלעקס שאלות, וואָס וואַקסט דאָ אויס, איז אַ „פּאַרטע מעשה", און נישט גיך און נישט גרינגלעך וועלן די שאלות פאַרענטפערט ווערן.

רציחה איז אַן אמת! שנאה איז אַ צווייטער אמת! אַלע תשובות, וואָס פּרוּוון שאַפן קעגן אָט די אמתן היילמיטלען, סגולות, זענען פאַרפּלאָנטערט אין זייערע אייגענע סתירות און זענען — פאַרקריפּלט, געפעלשט און אָנמעכטיק.

און דער באַיאָרנטער ייד מיט דער ווייסער באָרד איז פּאַר רוצחים אין זייערע גאַסן געווען און פאַרבליבן אַן אָביעקט פון שנאה און רציחה...

האָב איך מיך אין דער טונקעלער שמאָלער רודניצקער דערפילט ווי אונטער דער שוץ פון אַ געמיטלעכער היים, און די ברייטע גאַסן האָבן מיר זיך מיטאַמאָל באַוויזן — פּאַר פרעמדע, פיינטלעכע, שלעכטע, וואָס אויף יעדן שריט שטעקן אין זיי סכנות...

און — דאָס געדענק איך שאַרף — אַ צווייטער רעיון האָט יענע מינוטן נאָך דעם שוידערלעכן אָנפאַל, וואָס איך האָב בייגעוווינט, באַהערשט מיין מאַרך: צי ליגט נישט די סיבה פון דעם, וואָס די יידענע איז אין פוילן געוואָרן די „אשת חיל", „געטראָגן די פּלודערן", געפירט דיווירטשאַפט, געשמידט די רינגען פון פּראַקטישער לעבנס-קייט און אים, דעם מאַן, געלאָזט „קוועטשן די באַנק" און זיך פאַרטיפן אין ספר —

צי ליגט נישט די סיבה רערפון אין דעם, וואָס דער פרוי האָט מצד דעם „ריטער“ נישט געדראָט קיין סכנה צו ווערן געשלאָגן, געממית'ט, באַליידיקט?

אַ וועלט מיט גייע, ביז דאַן נישט באַקאַנטע פילונגען און טראַכטינגען איז פאַר מיר אויסגעוואַקסן יענע טעג, סוף אַפּריל 1919. מיינע 33 יאָר שטרעבונגען און דערגרייכונגען און דערפאַרונגען זענען אַזוי ווי איינגעזונקען, און מיינע אַמאָליקע הימלען און הייכן, האָב איך דערזען פון אָפּגרונט אָבער נישט געהאַט מער מיין וועג אַרום זיך, דורך וועלכן איך זאָל צו מיינע הימלען און הייכן שטרעבן און דערלאַנגען.

יעדער טאָג האָט געבראַכט נייע פאַקטן, טיילמאָל לעכערלעכע, טיילמאָל פאַרדריסלעכע. דערמאַנענדיק מיט שוידער און עקל די אָנפאַלער אויף דער „ברייטער“ גאַס, בין איך געווען איבערראַשט פון אָפטע סימנים פון איידלקייט, העפלעכקייט און ערלעכקייט, וואָס האָבן געפונען אַן אויסדרוק אין קאָנקרעטע האַנדלונגען מצד אַ ריי אָפיצירן לגבי לייט, וועלכע האָבן שלעכט גערעדט פויליש און געקוקט מיט נישט באַהאַלטענעם אומצוטרוי און שנאה צום „נייעם אָקופאַנט“. פאַר וועלכן 8 פון 10 נישט־פאָליאַקן האָבן געהאַלטן יעדן לעגיאָנער.

איך האָב מיט דער מיר מקדמונים איינגעבאָרענער מידה צו באַטראַכטן לעבנס־פאַקטן נישט לויטן אַלגעמיין אָנגענומענעם נוסח — אָנגעהויבן צו קוקן אַרום זיך אָן פאָרויסבאַשטימטער שנאה, און מיין צוגעבונדנקייט צו אונדזער סטאַנציע האָט די גוטע כוונות באַפעסטיקט און פאַרטיפט.

האָב איך געכאַפּט אַ פּאָר „שנעלן אין נאָז“.

דער ערשטער אַן אומשולדיקער; די רעוויזיעס מיטן „זוכן געווער“ זענען נאָך די ערשטע טעג פון גרויזאַמע אָבלאַוועס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פאַלן פון זוכן געווער און... צונעמען זייגערלעך. געווען זענען עס פּשוטע גנבים־באַנדעס צו 2 — 3 פאַרשוין. אין שטאָט איז בכלל געווען אַ וואַקכאַנאַליע פון דריבנע רויבערייען: ביי ווייבער אין מאַרק האָט מען גערויבט עפּל פון די קאָשיקעס. אין שטילע געסעלעך פלעגט מען צונעמען טייסטערלעך מיט קליינגעלד...

איינמאָל אין מיטן, ווו מען זאָגט, „העלן טאָג“ האָט מען אָנגעקלאַפּט ביי מיר אין הינטערטיר און עס זענען אַריין דריי טיפּן מיט שטרענגע פּנימער.

— בראָן!

איך האָב קיין פּויליש נישט פאַרשטאַנען אַ וואָרט, און געפרעגט מיין סטאַסיען וואָס זיי ווילן, אָבער איינער האָט אַ געשריי געטאָן:

— רענצע דאָ גורי!

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָ רעדט זיך וועגן אַ באַרג, אָבער וואָס האָב איך פאַר אַ שייכות צו יענעם באַרג האָב איך נישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין.

צוויי פון די פאַרשווינען האָבן אויפגעהויבן מיינע הענט אין דער הויך, דער דריטער האָט באַטאַפּט מיינע קעשענעס, אַ זאָג געטאָן:

— טו בראָני ניעמא.

און זיי זענען בהיפזון פאַרשוווּנדן.

סטאַסיע האָט מיר דערקלערט, אַז „בראָן" איז דער טייטש — „געווער", אַז דאָס איז געווען אַ „רעוויזיע", איך האָב זיך צעלאַכט אין זיך געכאַפּט, אַז... פון וועסטל־קעשענע איז פאַרשוווּנדן מיין שווייצאַריש „זעביט"־זייגערל.

מיין פאַרדראָס איז געווען אין לשער, ווייל דאָס איז געווען אַן אָנדענק פון פאָטער: זיין מתנה פאַר מיין אָפּפאָרן קיין גראָדנע צו מיין ערשטן סעזאָן.

פאַרפאַלן!

דער צווייטער „שנעל" איז געווען אַ סך האַרבער.

דעם 6 מאַי האָט מען מיך אויפן ראָג פון „דייטשישער" און „טראַקער" גאַס אַרעסטירט. מיינע פּראָטעסטן און מעלדונג, אַז דאָ איז אַ מיס־פאַרשטענדעניש, האָבן נישט געהאָלפן. מען האָט צוגעשטעלט צו מיר אַ זעלנער מיט אַ ביקס, און איבערן ברוק געהייסן גיין אין דער ריכטונג צו פּאָהולאַנקע. געבראַכט האָט מען מיך אויף קליין־פּאָהולאַנקע האַרט ביי דער זאַמד־גאַס. די אַסאָציאַציע מיט זאַמד־גאַס האָט מיר אויסגעזען פאַר אַ דראָענדיקן סימפּטאָם, און אויף מיין פראַגע: „וווּהין פירט מען מיך?"

—האָב איך דערהערט אַ קורצע קלאָרע תשובה: „דאָ פּולקו!"

דורך אַ קאַליטקע אויף דער לינקער זייט פון קליין־פּאָהולאַנקע בין איך אַריינגעפירט געוואָרן אין אַ הויף און אויפן פּאַרטער — אין אַ צימער.

איך האָב דערזען אַן אָפיציר פון אַ יאָר 24.

ער האָט מיך קורץ באַטראַכט און אַ זאָג געטאָן: „פירט אַריין דעם מענטשן!".

עס איז אַריין אַ מאַנספּאַרשוין פון אומנאַטירלעך הויכן וווקס. מיר האָט אַ שיין געטאָן, אַז ערגעץ האָב איך אים געזען.

— איר קענט דעם מענטש? — האָט מיך אַ פרעג געטאָן דער אָפיציר.

איך האָב אומבאַשלאָסן פאַרניינענדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— און איר קענט דעם מענטשן? — האָט זיך דער אָפיציר געוואָנדן צו יענעם.

— אוודאי.

— ווער איז ער?

— אַן אַגענט פון דער באָלשעוויקישער פּראָפּאַגאַנדע־אָפּטיילונג.

— פון וואַנען נעמט איר עס?

— מיט עטלעכע טעג פאַרן אריינמאַרש פון די לעגיאָנען איז ער אויפגעטראָטן אין פוילישן טעאַטער צוזאַמען מיטן פאָרזיצער פון ראַט פון די פאָלקס־קאָמיסאַרן.

— וואָס האָט ער גערעדט?

דער הויכוווקסיקער מענטש האָט אויף דער פראַגע נישט געענטפערט און געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

— נו, אומגעפער! — האָט דער אָפיציר אים געפּרוווט אַרויסהעלפן...

— ער האָט גערעדט וועגן מאָסקווע, אַז מאָסקווע שטייט הינטער אונדז און מיר דאַרפן ביזן לעצטן מאַן קעמפן פאַר מאָסקווע.

— אהא! און וואָס נאָך? עפּעס קענגן פּוילן?

— דאָס געדענק איך נישט, אָבער זיכער קאָן איך זאָגן, אַז דער גאַנצער טעאַטער האָט אים אויפגענומען אַ סך הייסער, ווי דעם נאַרקאָם. דערנאָך איז אַ דעלעגאַציע געקומען אים באַגריסן און דאַנקען.

— פון וואַנען ווייסט איר עס?

— איך בין אַ בינע־אַרבעטער און האָב עס געזען הינטער די קוליסן.

דער אָפיציר האָט טיף טראַכטנדיק אַ ווײַלע געשוויגן און זיך געוואָנדן צו מיר:

— איר באַשטעטיקט דאָס, וואָס דער מענטש האָט געזאָגט?

— עס איז נאָר אמת, אַז דער זאַל האָט מיך הייס אויפגענומען. אויסער דעם איז אַלץ אויסגעזויגן פון פינגער.

— איר קענט רעדן נאָר רוסיש? איר זענט געקומען פון מאָסקווע?

— איך בין דורות־לאַנג אַ ווילנער. רעדן קאָן איך אויך דייטש.

— איר זענט געקומען קיין ווילנע אין שליחות פון מאָסקווע?

— איך בין געקומען מיט 8 חדשים צוריק פון אוקראַינע.
— וואָס האָט איר דאָרטן געטאָן?
— געשפּילט טעאַטער. איך בין אַן אַקטיאָר!
— אַך, אַזוי גאָר? ווי קומט איר אויף דער פאַרזאַמלונג צוזאַמען מיטן פּאָלקס־קאָמיסאַר?
— נאָכן מיטינג איז געווען אַ קאָנצערט. איך האָב פאָרגעלייענט פון די רוסישע קלאַסיקער.
— זענט איר אַ ווילנער אַ געבוירענער?
— דאָס וועט באַשטעטיקן יעדער ערשטער פון דער יידישער געזעלשאַפט.
דער אָפיציר איז אויפגעשטאַנען, האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר מיטן רוקן און עטלעכע מינוט געקוקט דורכן פענצטער.
ענדלעך האָט ער זיך געוואָנדן צו מיר:
— לויט די פאָרשריפטן וואָלט איך אַ באַטייליקטן אין אַ פאַר־זאַמלונג פון שונאים מיליטער מיט אויפרייצנדיקע רייד געמוזט אויפן אָרט ליקווידירן. אָבער דאָ איז עפּעס נישט אַלץ קלאָר. און איך בין נישט גענייגט צו פאַרגיסן דאָס בלוט פון אַן אַרטיסט, דערצו אַ ווילנער. קיין פריינד אונדזערער זענט איר נישט. פּוילנס פריינד האָבן זיך אין יענעם אָוונט נישט באַטייליקט.
איך האָב געוואָלט זאָגן, אַז דאָרטן איז געווען פּוילישע מוזיק און פּוילישע אַרטיסטן, אָבער ער האָט מיר נישט געלאָזט איבעררייסן.
— איך שיק אייך איבער אין דער דיספּאָזיציע פון אָרטיקער ציווי־לער מאַכט. און וואָרן אייך: אויב איר זענט באַגאַנגען אַ פיינטלעכן אַקט קעגן פּוילן, וועט איר באַשטראָפט ווערן.
באַגלייט פון זעלביקן זעלנער מיט דער ביקס, בין איך אָפּגעפירט גע־וואָרן אויף „ברייטער גאַס“. דאָרטן אויפן הויף, ווו פריער איז געווען דער קאָמיסאַריאַט פאַר קולטור און קונסט, האָט מען איבערגעלייענט דעם אָפי־צירס באַריכט און געהייסן מיך פירן אין בנין פון מיליטער־געריכט. דעם זעלנער מיט דער ביקס האָט מען אָפּגעשאַפט. מיך האָט באַגלייט אַ „סקאַ־וט“ פון אַ יאָר 14.
איך בין געגאַנגען דורך די גאַסן — „ברייטע“, „דייטשע“, „ווילנער“ — מיט אַ געפיל, אַז איך בלייב אומגעשעדיקט נאָך אַן ערנסטער געפאַר. אָבער די סכנה האָט ערשט איצט דערגרייכט דעם קולמינאַציע־פונקט.

אַרויסגייענדיק פון „ווילנער“, האָב איך דערזען דעם בנין פון מיליטערישן געריכט און זיך דערמאָנט אָן לעקערטן, אָז די יונגע יאָרן, בעת אַט דער בנין איז געווען דער סימבאָל פון צאַרישער אַכזריות, און טויט־אורטיילן האָבן אָנגעפילט אונדזערע טעג און נעכט מיט שרעקן און ווייטיקן.

דער סקאַוט האָט מיך אַרויפגעפירט אויפן צווייטן שטאָק. אין אַ טונקעלן גרויסן זאַל — עס האָט שוין אָנגעהויבן דעמערן — אַ״ג געזעסן הינטער אַ גרינעם שרייבטיש אַן אָפיציר.

די אויגן האָט ער נישט אויפגעהויבן, אויף מיר נישט אַ קוק געטאָן. אַ קוק געטאָן אין יענעם אָפיצירס באַריכט און אָנגעשריבן אין ווינקל אַ וואָרט אָדער צוויי.

איך האָב עפּעס באַוויזן צו זאָגן, צו בעטן אויפקלערן, ער האָט נישט געהערט קיין איין וואָרט און, אָפּגעבנדיק דעם סקאַוט דעם באַריכט, אַרויסגעמורמלט:

— אין פעלד־זשאַנדאַרמעריע!

די פעלד־זשאַנדאַרמעריע איז געווען אין 5 מינוט גאַנג, אין בנין פון דער קאָמערץ־באַנק — אין סאַמע אָנהייב פון „געאָרגיעווסקי פּראָספּעקט“. מיין גורל איז געווען באַשלאָסן. מיין סוף באַשטימט און געחתמעט. מען האָט מיך אַריינגעשריבן אין בוך פון די אַרעסטירטע, צוגענומען מיין זייגער, מיינע מזומנים.

איך האָב אָן ספק געבעטן אַרויסרופן עמעצן פון די אָנגעזעענע ווילנער תושבים.

ווי צו דער וואַנט גערעדט. איך בין געווען דערשטוינט, דערזעענדיק, אַז דערביי זיצט ד״ר שאַבאַדס קוזין און רעדט נישט אַרויס אַ וואָרט, קוקט און שווייגט.

איך האָב אַפּעלירט צו די מיטאַרבעטערינס, פּרייולינס, וואָס האָבן געמוזט פאַר די לעצטע חדשים מיך האָבן געזען אין אַ קאָנצערט.

פּלייצעס, רוקנס.

— אין דער סומעריגע! — האָט דער אָפיציר געזאָגט צום וועכטער

ער האָט געעפנט די טיר און מיר אָנגעוויזן דעם אַרויסגאַנג.

אָבער אין דער טיר איר אַריינגעלאָפן סטאַניסלאַוו אַבראַמאָוויטש.

— וואָס טוט זיך דאָ? — האָט ער זיך צעשריען, אָפּמעסטנדיק דעם אָפיציר מיט פייערשפּריצנדיקע בליקן — וואָס מאַכט איר פון פוילן? וועמען אַרעסטירט איר? וועמען באַשטראָפט איר?

— ווער זענט איר? וואָס ליאַרעמט איר? מיט וועמען רעדט איר אין אַזאַ טאָן?

— איך בין דער שוישפּילער סטאַניסלאַוו אַבראַמאָוויטש — פון טעאַטער, צוויי הייזער פון דאַנען. אויף פּראָבע איז געקומען צו לויפן פּאַני מאַרעווסקאַ און דערציילט, אַז איר מאַן האָט מען אין גאַס אַרעסטירט און אַוועקגעפירט אין קאָנצענטראַציע פון פּולק. מיר האָבן איבערגעריסן די פּראָבע און זיך צעלאָפן אים זוכן. לאָזט זיך אויס — ער איז דאָ אין שכנות!

— איר זענט גאַנץ און אומגעשעדיקט! געלויבט איז גאָט! טייערער קאָלעגע, פריינד! מיט וועלכע ווערטער זאָל איך אויסדרוקן מיינע געפילן פאַר אייך און מיין פרייד אייך איינצושליסן אין מיינע אָרעמס? פאַר אייער פריינדשאַפט צו אונדז, פאַר אייער גוטסקייט און האַרציקייט אין די טעג פון אונדזער נויט און דחקות קריגט איר אין פּוילישן ווילנע אַזאַ שוואַרצע אומדאַנקבאַרקייט.

ער האָט זיך געכאַפּט מיטביידע הענט פאַרן קאָפּ.

דער אָפיציר האָט זיך, ווי פאַרלוירן, אָנגעהויבן פאַרטיידיקן...

— צו מיר איז ער געבראַכט געוואָרן מיט אַ באַפעל צו האַנדלען לויט מיין אייגזען. דערביי האָט ער אַליין מודה געווען פאַרן פאַרוטשניק אין פּולק, אַז ער האָט זיך באַטייליקט אין אַ פאַרזאַמלונג צוזאַמען מיט באָלשעוויקישע אָנפירער און געהאַלטן אַן אָנצינדעוודיקע רעדע. אַ לעבעדיקער עדות האָט אים דערקענט אין גאַס.

— אויף דער פאַרזאַמלונג — האָט אַבראַמאָוויטש ווידער זיך צעשריען — האָט ער געלייענט קרילאָוס משלים און איך האָב געטאַנצט וויעניאַווסקיס מאַזורקע, און אייער „לעבעדיקער עדות" איז אַ פּראָוואָקאַטאָר, וועלכן מען האָט אַרויסגעטריבן פון טעאַטער. איצט כאַפּט ער מענטשן אין די גאַסן און איר צאָלט אים 3 רובל פאַר יעדן געכאַפּטן. צו שאַנד און צו שפּאָט מאַכט איר אונדז אַלעמען!

איצט האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די פּריילינס אין ביוראָ ווייסן, אַז „דאָס איז דער אַרטיסט מאַרעווסקי", און עמעצער — דוכט זיך, דער וועכטער — האָט צוגעגעבן, אַז ער האָט געקענט מיינע עלטערן און קען דאָס הויז אויף שאָפּן־גאַס...

באַשערט געווען נישט צו קריגן קיין קויל אין קאָפּ.

עס איז געווען שוין שפּעט אין אָוונט. צו גיין אַהיים האָט מען מיר אויפן אָרט אַרויסגעגעבן אַ פּאַסיר־צעטל אויפן נאָמען פון „אַרטיסט אַב־

ראַהאַם מאָרעסוּוקי" און בלויז נאָך מיין איינגעשפּאַרטער פאַרזיכערונג, אַז „מיין נאָמען איז מענאַקער", האָט מען צוגעשריבן רעב נאָמען און פאַרבונדן מיט „מאָרעווסקי" דורך אַ „טירע": —

אויפן סמך פון אָט־דעם באַנאַכטיקן פּאַסיר־צעטל האָב איך שפּעטער אַרויסבאַקומען דעם פּאַס, מיט וועלכן איך בין אַרומגעפאָרן איבער דער וועלט, ווו דער אַקטיאָר, וואָס איז נאָך אַ יאָרצענדליק לעבן אַז לעבנס־רעכט געקומען צ ו ר י ק קיין ווילנע, האָט איבערגעלאָזט אַ זכר אין אַלע ווינקעלעך, ווו ס׳ווינען יידן...

פון דער רוסישער בינע אָפּגעשניטן, פון די רוסישע שטהים אָפּגעגרע־נעצט. האָב איך איצט געמוזט אָנהויבן טראַכטן וועגן אַנדערע שטהים און לעבן און שאַפן שוין נישט פאַר די מאַסן פון רוסישע פויערים און אַר־בעטער.

ווייטערס הוזק איבער מיין „אָך טי, גוי יעסי, פּראַוודאַ־מאַטושקאַ" איז איצט געוואָרן דער באַפעל פון — „פאַקטן, וואָס פירן און שטויסן"...

סטאַניסלאַוו אַבראַמאָוויטש האָט געמאָלדן, אַז ער וועט מיך נישט לאָזן גיין אַליין איבער די פוסטע גאַסן און מיר זענען געגאַנגען צוזאַמען דורך אומוועגן, דורך שמאָלע, קליינע געסלעך... ער האָט מיר באַוויזן היס־טאָרישע פונקטן, דערציילט צענדליקער עפּיזאָדן פון פוילישער פאַרגאַנגענ־הייט אין ווילנע. ער האָט גערעדט אַזוי, אַז די קלאַנגען פון וויעניאַווסקיס מאַזורקע און די קאָלאָריטן פון זיינע שילדערונגען האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין האַרמאָניע, וואָס טראָגט אין מיין זכרון זיין נאָמען...

און —

אין לערך 20 יאָר אַרום —

אין די גאַסן האָבן אומבאַשטראָפט אַרומשפּאַצירט רוצחים אין גע־שטאַלטן פון פוילישע סטודענטן און מיט ראַזיר־מעסערלעך האָבן זיי צע־שניטן קאָסטבאַרע אויבערמאַנטלען אויף די פּלייצעס פון יידישע פרויען.

דעם באַרימטן פּראָפעסאָר ראָזעס מאַכטער האָט געמוזט אויף זיינע לעקציעס זיצן לינקס לויטן אַרויסגעצוואונגענעם ראַסיסטישן כיאדוס: „זשי־דזשי גאַ לעוואָ!";

אויף „מיצקעוויטש־גאַס" (אַמאָל — „געאָרגיעווסקי פּראָספּעקט") האָבן סטודענטן מערדערלעך געשלאָגן יידן (ביי מאַקס ווײַנרייכן אַרויסגע־שלאָגן אַן אויג) —

אין יענע פינצטערע, שוידערלעכע טעג האָב איך סטאַניסלאַוו אַבראַ־

מאָוויטשן נאָך לאַנגע יאָרן ווידער געטראָפן פּנים אל פּנים — און ביי וועלכע אומשטענדן!

אין אָנהויב פון אַ זומער־אָוונט, אין בין השמשות, בין איך אויף אַ דראָזשקע אַריינגעפאָרן אין דעם ענגן „פּאָליציי"־געסל אין דער ריכטונג צו דער „ברייטער" גאַס. אַז איך בין געווען אין העלפט וועג צווישן „מיל־יאָנער" צו „ברייטער", איז פון „ברייטער" אין „פּאָליציי"־געסל אַריינגע־לאָפן אַ גרופּע „אַקאַדעמישע יוגנט"... לידער, אויסרופן, לאָזונגען — אין־בעריק צו זאָגן: וו ע ל כ ע...

איך האָב זיך אָריענטירט אין דער לאַגע, אָבער אָפּטרעטן איז נישט געווען קיין שום מעגלעכקייט: פון ביידע זייטן — מויערן, ווענט, דער איינ־ציקער מויער פון רעכטס — פּאַרמאַכט; אויסקערעווען די דראָזשקע אין דער ענגשאַפט איז אויסגעשלאָסן. אַראָפּגיין? זיך לאָזן לויפן? ראשית, איז עס זיכער — ד ע ר ט ו י ט. והשנית: איך בין נאָך אין לעבן נישט אַנטלאָפן — מיך עקלט דער געדאַנק: „לויפן מיטן רוקן צו אַ סכנה".

בין איך געבליבן זיצן.

די דראָזשקע איז אַרומגערינגלט געוואָרן. וועגן מיינע געדאַנקען און געפילן, רעד איך נישט, ווייל איך געדענק זיי נישט. צי איז אַוועק אַ מינוט אָדער 5 — ווייס איך נישט. איך בין געזעסן מיט פאַרמאַכטע אויגן און האָב זיי געעפנט, דערהערנדיק אַן אויסרוף:

— „ניעך זשיע נאַם אַבראַהאַם מאָרעווסקי!!"

פאַר מיינע אויגן איז געשטאַנען סטאַניסלאַוו אַבראַמאָוויטש... איך האָב נישט באַוויזן צו רעאַגירן, — אַפילו זיך צו אָריענטירן — ווי די אָוונט־לופט איז אָנגעפילט געוואָרן מיט די קלאַנגען פון צענדליקער יוגנט־לעכע שטימען:

— ניעך זשיע נאַם אַבראַהאַם מאָרעווסקי!!

— ניעך זשיע!

— ניעך זשיע!

— ניעך זשיע!

— וויוואַט!

— וויוואַט!

— וויוואַט!

פייל פון בויגן איז די דראָזשקע אַרויסגעפלויגן אויף „ברייטער" גאַס.

זאָל ווער עס איז פון די לייענער זיין אָפּגעהיט פון געדאַנק, אַז דער עפּיזאָד איז דערציילט געוואָרן מיט אַ כוונה „אויסצופּיינען" — זיך, אָדער

געפינען אַ „זכות“ פֿאַר די טרויעריק־באַקאַנטע „העלדן“ פֿון יענע יאָרן און געשעענישן —

דאָס איז אַן עפּיזאָד פֿון מיינע שליידערנישן — אַהין און צוריק; אַ בלעטל פֿון מיין קאַפּיטל וועגן די אמתן און סתירות אין יאָר 1919 און אין די ווייטערדיקע יאָרצענדליקער.

# XIV. שפּראָצן פון נייעם טאָג

יענע נאַכט — פון 6 אויפן 7 מאי 1919 — האָב איך זיך מיט מיין גואל געשיידט, נישט נאָר דריקנדיק זיינע הענט מיט דאַנקבאַרקייט פאַר דעם, וואָס ער האָט פון מיר אָפּגעווענדט דעם אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער אין קעלער פון דער פעלד=זשאַנדאַרמעריע —

ער האָט אָנגעפילט מיין געמיט מיט נייע האָפענונגען; ער האָט פאַר מיר געעפנט נייע האָריזאָנטן; ער האָט מיר באַוויזן סילועטן פון אַ קולטור=רענעסאַנס אין אַ סביבה, וועגן וועלכער ווייטער פלעגט, ווי דערמאָנט, רעדן שעהן=לאַנג און איז געבליבן דורך אונדז אַלעמע נישט אויפגענומען.

איצט האָבן זיך דורך די שוואַרצע שאָטנס פון אומקום גענומען דורכרייסן ליכטער פון נייעם אויפקום.... נאָך דער נאַכט האָט אָנגעהויבן שפּראָצן אַ נייער טאָג... און דאָס, וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין משך פון די אקאָרשט=באַשריבענע שעהן, האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרביסענער צווישנקאַמף פון שאָטן און ליכט און ווי אַ סימן, אַז ליכט קריגט די אויבערמאַכט...

איך האָב אין די נאָענטסטע וואָכן און חדשים כסדר זיך אומגעקערט צו די ווערטן און מענטשן פון פריער. נישט רעדנדיק — וועגן ניעדאַשקאָווסקין, וועמענס געשטאַלט איז מיר פאַרבליבן ווי אַ מוסטער פון אַן א מ ת ן „באָלשעוויק“; וועגן די מאַסן רויטאַרמייער, וועלכע איך האָב — ווי פריער — געהאַלטן פאַר די פאָנענטרעגער פון מענטשלעכקייט און אמתער באַפרייונג —

אין די ערשטע חדשים אין פוילישן ווילנע איז מיר אויסגעקומען זיך צו טרעפן מיט צוריקגעבליבענע, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן און געוואַרט אויף דער מעגלעכקייט זיך אַריבערצוקריגן איבער דער גרענעץ הינטער מאָלאָדעטשנאָ... שוישפּילער, זשורנאַליסטן, סתם יונגעלייט...

דאָ וועל איך דערמאָנען בלויז איין פאַל: אַ דייטשער כּפאַרטאַקיסט

איז אין שלאַכט פון די רויטע מיט יודעניטשן געוואָרן געפאַנגען און — אַנטלאָפן...

ער איז געקומען קיין ווילנע. אַריין אין אַן אכסניא ביי מיר אין הויז. אַז דער באַלעבאָס האָט דערזען זיין דאָקומענט, האָט ער אים נישט גע־לאָזט איבערנעכטיקן, איז ער געקומען צו מיר: דער דעה־זאָגער, מעשה „לענדלאָרד", בין איך שוין איצט געווען.

דער קריגסגעפאַנגענער ספאַרטאַקיסט איז אָפּגעזעסן אויף שאָפּע־גאַס נומ׳ 4 אַ 2 וואָכן.

געווען איז עס שוין נאָך מיינע „שנעלן אין נאָז".

איך האָב אָנגעהויבן געניסן דעם טעם פון נייע געלעכטערס. אזוי, דהיינו, איז געשען אַ לוסטיקע מעשה מיט ליפּאָווסקין.

ער איז דאָך — ווי דערציילט — געווען ביי דער „סאָוויעטנמאַכט" אַן אינספּעקטאָר איבער שטייערן פון טעאַטער און אַנדערע פאַרוויילונגען. האָט ער אַזוי „געמאָנט" ביד חזקה ובזרוע נטויה — אַז ער האָט דער־וואָרבן שונאים לרוב.

עס איז נאָך געווען אַ מעשה — מיט בריליאַנטן און צירונג... אין מיטן אַ ספּעקטאַקל — איך געדענק נישט גענויער ווען — איז מען געקומען צו לויפן אין טעאַטער מיט אַ געוואַלד, אַז אין שטוב האָבן זיך אַריינגעריסן 3 מענטשן אין מאַסקעס מיט רעוואָלווערן און האָבן צו־גענומען דאָס קעסטל מיט בריליאַנטן און צירונג.

ליפּאָווסקי האָט פילאָזאָפיש באַרואיקט אסתרן: „פריער־שפּעטער וואָלט מען עס היינטיקע צייטן סיי־ווי־סיי רעקווירירט".

אין פוילישן ווילנע האָט זיך אסתר באַוויזן מיט בריליאַנטענע אויער־רינגלעך, און „ידידים" האָבן פון דער מעשה אויך געמאַכט אַ גע־ברויך.

די מעשה, אָדער יענע מעשה — נחום ליפּאָווסקי זיצט נעבעך אין דער סוטערינע אין בנין פון קאָמערץ־באַנק... זיצט אַ טאָג, זיצט אַ צווייטן און אַ דריטן. קיינער קומט נישט צו אים, מען ברענגט אים נישט אַ לעפל וואַרעמס, ער לעבט מיטן שיטערן טיי און געקעכץ, וואָס אים לי־פערט דער וועכטער.

און איינמאָל, אַז דער וועכטער איז אַריין צו אים איז קעלער מיטן טשייניק און שטיקל ברויט, זעט ער —

ליפּאָווסקי זיצט און וויינט מיט ביטערע טרערן, וואָס פאַלן שטראָ-מענווייז אויף אַ פאָטאָגראַפיע ביי אים אויף די קני.

— וואָס איז געשען, פּאַניע ליפּאָווסקי? וועמען באַוויינט איר?

— ווען סטאַסיעק זאָל דאָס נאָר וויסן, ווי אַזוי מען באַהאַנדלט מיך אין פּוילישן ווילנע!

— וועלכער סטאַסיעק? רעדט קלאָרע דיבורים!

— פּשיבישעווסקי! סטאַניסלאַוו! מיין בעסטער פריינד!

און ער צעכליפּעט זיך אויפן קול.

דער וועכטער איז ארויפגעלאָפן אויבן. אין אַ פערטל שעה אַרום איז ליפּאָווסקי אַוועק אַהיים און אין אַ טאָג-צוויי אַרום — נעלם געוואָרן.

ער האָט מיר אין אונדזערע בעסטע טעג — אין די „האָניק-וואָכן" מיט 6 חדשים פריער — אַמאָל אַ זאָג געטאָן:

— דו ביסט דער ערשטער מענטש פון אַלע מיינע פריינד, וואָס וויל זיך מיט מיר נישט פאָטאָגראַפירן.

ער האָט בלי ספק געהאַט זיינס אַ פאָטאָגראַפיע — מיט אבדול-האמיד...

* *
*

אין דער פּערספּעקטיוו פון פערציק-יאָריקער פאַרגאַנגענהייט וואָלט נאָר אויפן סמך פון אַרכיוון און דאָקומענטן געווען מעגלעך צו ברענגען גענויע דאַטעס און בלייבן טריי דעם כראָנאָלאָגישן סדר פון די געשעענישן, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן טאָג נאָך טאָג אַנטוויקלען אין דער סיטואַציע, וואָס האָט זיך באַשאַפן נאָכן אַריינמאַרש פון די פּוילישע לעגיאָנען קיין ווילנע.

פאַר מיינע אויגן טויכן אויף פון יענע חדשים איינצלנע מאָמענטן, וועלכע איך וועל דאָ ברענגען נישט אין כראָנאָלאָגישער אָרדענונג, פּלאָנטערנדיק בלי ספק דאַטעס, נאָר לויטן רושב, וועלכן זיי האָבן דעמלט געמאַכט אויף מיר און לויט מיין סוביעקטיווער אָפּשאַצונג פון זייער קולטור-היסטאָרישער וואָגיקייט.

קודם כל — די דערשיינונג פון דער ציימונג „ד ע ר ט אָ ג"!

ער האָט זיך באַוויזן, געם איך אָן, באַלד נאָכן אַריינמאַרש פון פּוי-לישן מיליטער. איך וויים, אַז צו ווייטערס שלושים האָב איך אין נומער, וואָס איז אים געווען געווידמעט, פאַרעפנטלעכט מיין אַרטיקל: „דעם „שטומען" פון זיין פריינד" (אפילו אין דער פולער געגוויקייט פון אָט-דעם

קעפל בין איך נישט פולקאָם זיכער)... איך געדענק, אַז דער אַרטיקל איז געווען איבערגעדרוקט אין וואַרשע אין די „לעבנספראַגן" — דעם אָפּי־ציעלן בונדישן פּאַרטיי־אָרגאַן — און איך בין געווען טיף אויפגערודערט, באַקומענדיק אַ ידיעה, אַז צום אַרטיקל האָט זיך וואַרעם באַצויגן וולאַדי־מיר מעדעם. דאָס איז געווען דער ערשטער ווינט פון מערב איבער מיינע פעלדער, דער ערשטער בליק, וואָס איך האָב געוואָנדן צו יענע זייט, ווייל דער בריוו פון דער „ווילנער טרופּע" מיט אַן 8 חדשים צוריק איז גע־וואָרן אָפּגעווישט אַדאַנק דעם בשעתו באַשריבענעם שווינדלערישן גאַנג און פּלאָנטער צוליב דער ענלעכקייט פון די פאַמיליעס מיט די 2 „א", מיטן „ז" אינמיטן, מיטן פּאַסעך אין ערשטן זילב און קאָמעץ אין צווייטן... נישט איין קלייניקייט האָט גורם געווען מי יודע וואָס פאַר אַ „וואַטער־לאָאָ" אין די שלאַכטן אויף מענטשלעכע לעבנס־וועגן.

ווען נישט יענער שווינדל אַרום מאזאָס בריוו צו מיר, וואָלט איך אפשר געווען אין וואַרשע איידער איך האָב איבערגעלעבט די באַשרי־בענע חדשים נאָך מיין צוריקקער קיין ווילנע — פאַרפאַלן! „באַשערט"!

אָבער איצט האָט מיך דער בליק צו וואַרשע פאַרהיפּנאָטיזירט, און איך האָב אָנגעהויבן אויסקוקן די אויגן — צום נייעם „אַהין"...

איך נעם נישט אויף זיך די העזה צו שרייבן דאָ וועגן „טאָג". איך וויל מיר נאָר דערלויבן צו באַטאָנען, אַז איך בין געווען זיין מיטאַרבעטער פון די ערשטע נומערן ביז די לעצטע אין משך פון די 20 יאָר פון זיין דערשיינען. „דער טאָג", „אונדזער טאָג", „ווילנער טאָג" — וועגן אָט די מעטאַמאָרפאָזעס וועלן מיר דאָ נישט רעדן. היות איך שרייב דאָ מיינע, נישט וועמענס אַנדערע, זכרונות, מוז איך דאָ אויפן אָרט צוגעבן, אַז אין „טאָג" פלעג איך שרייבן הויפּטזעכלעך וועגן עניינים פון קונסט... אַל־געמיינע עניינים, דער עיקר — „פּאָליטיק", פלעג איך דאָס רוב באַהאַנדלען אויף די שפּאַלטן פון אַנדערע צייטונגען... (דאָ וועלן מיר נאָך האָבן „לוס־טיקע עפּיזאָדן" מיטן לויף פון די יאָרן).

די ערשטע רעדאַקציע פון „טאָג" איז באַשטאַנען פון ב. נאָוויק, ני־גערן, זלמן רייזענען און מאַקס ווײַנרייכן. דער לעצטער איז נאָך געווען זיי־ער אַ יונגער מאַן. איך האָב צו אים געהאַט די באַציונג, וואָס זיין עצם אָנ־געהעריקייט צו דער פאַמיליע פון דאָקטאָר צמח שאַבאַד האָט פאָרויסבאַ־שטימט. און דאָקטאָר שאַבאַד איז פון מיינע ערשטע שריט אויפן ווילנער קולטור־באָדן געוואָרן פאַר מיר אַ קוואַל פון פרייד, אַז אָנלען אין מינוטן פון ספקות, אַן עצה־געבער, אַ וועגווייזער... און דאָס אַלץ איז געוואָרן



ערשטע ריי: פון רעכטס=שטייען: א. י. גאָלדשמידט, ......, חיים לעווין, זלמן רייזין, ברוך צוקערמאַן.
צווייטע ריי: פסח נאָוויק, מאַקס ווײַנרייך, שמואל ניגער, אברהם מאָרעווסקי, דן קאַפּלאַנאָוויטש, זעליק סעגאַלאָוויטש, יעקב ראָזענבוים, בייקל לונסקי.
עס זיצן: יעקב וויגאָדסקי, דאָקטאָר ווירשובסקי, ש. ל. ציטראָן, ש. אַנ=סקי, צמח שאַבאַד, לייב יאפע ......

פאַרטאָפּלט און פאַרצענפאַכט אַדאַנק דעם באמת ליכטיקן שכל, טיף=מענטשלעכער האַרציקייט און שוועסטערלעכער איבערגעבנקייט, וועלכע איך האָב פון אָנהייב ביזן סוף אָנגעטראָפן ביי פרוי סטעפאַניע שאַבאַד, איינער פון די פרעכטיקסטע פרויען=געשטאַלטן, וועלכע איך האָב פאַר מיין לעבן געזען איבער די ווייטע וועלט=שטחים.

דאָס איז איינער פון יענע מ אָ מ ע נ ט ן, וועלכע האָבן פאַר די 20 יאָר באַשיינט מיין יעדע נסיעה קיין ווילנע פון מרחקים; און פונקט ווי דערמאָנענדיק די רעדאַקציע פון „טאָג“, קאָן מען נישט פאַרגעסן דעם יונגן ווייגרייך, אַזוי קאָן איך, דערמאָנענדיק דעם נאָמען ווייגרייך, נ י ש ט דורכלאָזן די משפחה שאַבאַד.

אַ צווייטער מאָמענט אין ערשטן פעריאָד איז געווען דער באַזוך פון י צ ח ק ג ר י נ ב ו י ם. איך האָב אים אפילו נישט געזען. אויף מיר האָט געמאַכט אַ טיפן איינדרוק זיין פראַזע: „דאָ הער איך כסדר רעדן וועגן „רוסישע יידן“, „פוילישע יידן“, „ליטווישע יידן“. איך וויל זען און הערן און קענען — „יי ד ן!“

דאָס האָב איך איבערגעלייענט אויף מאָרגן אין צייטונג. איך ווייס היינט אפילו נישט, צי איז גרינבוים נאָך געווען אין שטאָט. אָבער ער איז געוואָרן איינער פון מיינע דעמלטיקע „געדאַנקען=פירער“. דאָס לעבן וועט מיך נאָך מיט אים צונויפפירן און דווקא אין סיטואַציעס פון „סכסוך“, פון „אָפּאָזיציע“, אָבער קיינמאָל און ערגעץ איז אין מיר נישט געוואָרן אָפּגעקילט דער שטראָם, וועלכער האָט זיך אין מיין האַרץ צעגאָסן ביי זיין ערשטן באַזוך אין ווילנע אין די זומער=חדשים 1919. יצחק גרינבוים האָט אַוועקגעשטעלט די נייטיקע נקודה אויפן געהעריקן אות — ביי מיינע דעמלט נאָך ערשטע טריט אין מיין נייער וועלט.

„יי ד ן“!

ווו זענען זיי? ווו איז דער וועג צו זיי?

אַ צווייטער אורח פון די מרחקים איז יענעם זומער געווען — אב. קאַהאַן, אַזש פון די יונייטעד=סטייטס.

צו אים וועלן מיר נאָך, דערלעבנדיק, קומען מיט אַ וויזיט אויפן העכסטן שטאָק פון „פאָרווערטס=בילדינג“ און וועלן דאָן האָבן די געלעגנהייט צו צייכענען זיין פאָרטרעט. אין ווילנע ביי דער ערשטער באַקאַנטשאַפט האָב איך דערזען, אַז דאָרטן עבר לים האָבן זיך קאָנסערווירט טיפן, וואָס האָבן אין ווילנע געלעבט מיט אַ יאָר 50 צוריק... אב. קאַהאַנס באַזוך האָט גורם געווען ניגערס באַלדיקן אָפּפאָר קיין ניו=יאָרק; אין „פאָרווערטס“ האָט געאַרבעט וולאַדעק, זיין עלטערער ברודער, וועלכער איז געווען דער פאַק=

טישער ראש המדברים אין „אַרבעטער־רינג“; פֿאַרשטייט זיך: נאָך אַב. קאַנען, פֿון וועלכן וולאַדעק איז געווען אין אַלע הינזיכטן מיט „10 קעפּ“ העכער און פֿיינער.

איך געדענק דעם אָפּשיידס־באַנקעט פֿאַר ניגערן אין פּלאָטניקאָווס רעסטאָראַן אויף „דייטשישער“ גאַס. מיך האָט איבערראַשט ווי אַנ־סקי האָט געזאָגט, אַז „ווען נישט ניגערס שוואַרצער קאָפּ און מיין ווייסע באָרד. וואָלט איך אים געזאָגט „רבי“.

איך געדענק, אַז איך האָב „געהאַלטן אַ רעדע“ און ס'האָט זיך נישט געקלעפּט אַ וואָרט צו אַ וואָרט — פ ר ע מ ד בין איך געווען דער סביבה, דער אַטמאָספֿער, דעם מהות פֿון די יידישע קולטור־מענטשן... איך האָב, משמעות, געהאַט ביי אַלעמען אַ פּנים פֿון אַ „טערק“. וואָס רעדט אויף זיין לשון און פֿילט זיך געטראָפֿן, וואָס מען רעאַגירט נישט אויף זיין הומאָר און ליריק.

אַן אומפֿאַרגעסלעכער עפּיזאָד איז פֿאָרגעקומען ערב אַנ־סקיס פֿאַרלאָזן ווילנע. לטובת אַ יתומים־הויז האָט ער אין בנין פֿון דער קהילה אויף דער „אָזשעזשקאָ“־גאַס פֿאַר אַ גרויסן עולם געלייענט דעם „דיבוק“. מיט אַ טאָג צוויי צוריק האָט ער מיר צוגעשיקט דעם כתב־יד מיט אַ פֿאָרשלאָג, אַז איך זאָל — היות ער איז נישט בכוח צוליב זיין האַרץ־קראַנקהייט ליי־ענען אַלע אַקטן — פֿאָרלייענען דעם 3 און 4 אַקט. אָבער איך האָב דעם 3־טן אַקט אַזוי „דערלאַנגט“, אַז אַנ־סקי האָט זיך קוים דערוואַרט ביזן סוף אַקט און צוגענומען ביי מיר דעם מאַנוסקריפּט — דעם 4־טן אַקט האָט ער אַליין געלייענט...

נאָך געדענק איך מיין אַרטיקל וועגן „שוואַרצן קרעפּ אויף דער זי־געסזיילע“ אין בערלין (צום ווערסאַלער שלום־טראַקטאַט). לייב יאָפּע ז"ל האָט געזאָגט, אַז מיין כתב־יד קאָן מען שיקן — „אָדער אין זאַץ אָדער אין קאָש“; רעדאַגירן עס, לאָזט זיך נישט. אַנ־סקי האָט געזאָגט, אַז איך האָב „אימיטירט דעם סטיל פֿון די נביאים“; דאָקטאָר רעגענסבורג האָט איינגעפֿונען, אַז מיין יידיש איז... „עברית“.

*                    *

*

אַלעקס שטיין האָט זיך געמאָלדן מיט אַ פֿאָרשלאָג צו אָרגאַניזירן זיך און אָנהייבן שפּילן.

איך האָב מסכים געווען מיטן תנאי, אַז עלמית זאָל זיין אין טעאַטער.

דאָס האָט געהייסן אָננעמען די באַדינגונגען, וואָס איר מאַן וועט שטעלן, און מיט אים האָט שטיין נישט געוואָלט זיצן ביי איין טיש.

ווי לאַנג דאָס האָט געדויערט געדענק איך נישט. ביידע „צדדים“ פלעגן קומען מיט קאָנקרעטע פאָרשלאַגן.

איך האָט געטענהט: „מסכים אויף אַלץ, אָבער קומט צווישן זיך צו אַ הסכם!“

זיי האָבן אפילו נישט געפרווט.

די צייט איז געגאַנגען. איך האָב געוואַרט.

— צו ווען זשע וועט איר גיין אויף פּראָבע? איר האָט דאָך ביידן געגעבן אייער הסכם.

— ווער עס וועט דער ערשטער די פּראָבע באַשטימען, צו יענעם וועל איך גיין.

עלמית איז אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע.

ווי ווייט איך געדענק, האָבן מיר געעפנט דעם ווינטער=סעזאָן אין שטאָט=טעאַטער מיט שלום אַשס „לאַנדסמאַן“. זומער אין שטאָט=זאַל האָבן מיר געשפּילט „דעם שטומען“. איך ווייס, אַז דעמלט האָב איך דערזען אַן אָנפאַנגער יוסף בולאָוו און ער האָט מיך באַצויבערט מיט עפּעס אַ מין אומגעצוימטער שפּיל=גיריקייט. איך האָב זיך דערוווסט, אַז זיין „אָפּגאָט“ איז געווען מיט יאָרן צוריק אין רוסישן טעאַטער — „דאַווידאָווסקי“. דאָס ערשטע „צינדהעלצל“ אין פלאַם פון אָנפאַנגער אויף די ברעטער האָט זייער אַ גרויסע באַדייטונג אין זיין אַנטוויקלונג. פון דאַווידאָווסקין האָט בולאָוו עפּעס „גענאַשט“, אָבער ער האָט געקאָנט אַלט זיין אַ יאָר 14, ווען דאַווידאָווסקי האָט אים באַאיינפלוסט... איך געדענק, אַז אין „קין“ האָב איך אים געגעבן שפּילן דריי ראָלן, און ער האָט אויסגעמייסטערעוועט דריי טיפּן. אין גאָרדינס „אמתע קראַפט“ האָט ער געשפּילט שוין ווי גאָט האָט געבאָטן, מעשה געניטער פאַכמאַן.

אַלעקס שטיין, מיט וועלכן איך האָב נאָך ביי ליפּאָווסקין געאַרבעט איבער אַ ריי פאַראַנטוואָרטלעכע ראָלן (בתוכם, ווי דערציילט, „אַלעקסאַנדער“ אין „שטומען“), איז שוין איצט געווען אַ „פּאַרטיקער“ אַקטיאָר אויף „ערשטע ליבהאָבער“. און דאָ איז צוגעקומען זיין ייִנגערער ברודער — אסיא קאַמען. דאָס איז געווען אַ בריאה מיט אַזויפיל שטיפעריש חן, שפּרודלדיקער לוסטיקייט, אַז ער איז געוואָרן מיין ליבלינג פון ערשטן אויגנבליק.

ליידן און האַרצווייטיק האָב איך — יאָרן שפּעטער — פון זיי אַלע=

מען געהאַט אַזוי פיל, אַז מיר ווערט עד היום קאַלט אין רוקן. דערמאָנענדיק זייערע מעשים, אָבער דאָס איז געווען — „דערגאָר“, ווען זיי זענען געוואָרן „זעלבשטענדיקע פירמעס“. דערוויייל האָב איך געהאַט נחת.

די פאָרשטעלונגען זענען געווען ווירטשאַפטלעך שלעבט אָרגאַניזירט. בלויז אין יומא=דפגראס — אויף פרעמיערעס, ימים=טובים — פלעגן מיר פייערן „טריומפן“: אַ „פול הויז“, אָוואַציעס, רעצענזיעס.

אין שטאָט=טעאַטער האָט געוויבט גווידא אַדאַמאָוויטש געמעטטי — דאָס איז געווען אַ האַלבער איטאַליענער; דאָס ווילנער טעאַטער האָט ער געקענט פון אַ פערטל יאָרהונדערט פריער. זיין אַמט — אַלס בוטאַפאָר און רעקוויזיטאָר — האָט ער פאַרנומען נאָך ביי ניעזלאָבינען. מיר פלעגן אָפזיצן שעהן און דערמאָנען „יענע צייטן, יענע לידער“.

אויף אונדזערע פאָרשטעלונגען האָט ער געקוקט שמייכלענדיק, זיפצנדיק און... טיף געליטן —

— אויף ד י ברעטער אַזעלכע אומבאַהאָלפענע יינגלעך... טייערער מאָרעווסקי, איר ווייסט דאָך: קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ, ניעראָנאָוו, סאַמאָילאָוו... בראַוויטש און —

נאָך דער פאָרשטעלונג פון „קין“ איז ער אַריין צו מיר אין גאַרדעראָב, האָט זיך אויפן קול צעוויינט, און מיר איז געוואָרן אַזוי ווייטיקדיק, ווי מען וואָלט מיר צעקראַצט אַן אַלטע וווּנד...

איך בין געזעסן אין ווינקל אין געשוויגן. מיטאַמאָל איז ער צוגעגאַנגען צו מיר, געכאַפט מיין האַנט און מיט פונקען אין די אויגן אַרויסגערעדט:

— איך קאָן מיך נישט צוגעווינען אויפצונעמען פון אָט=דער בינע דאָס נישט=רוסישע וואָרט און זינט עס שפילן דאָ די יינגלעך ביים איך מיר די ליפן און אַנטלויף.

אָבער פון „קין“ אַנטלויפן האָב איך נישט געהאַט קיין כוח, דעם טעקסט קען איך אויסנווייניק און אין צווייטן אַקט — די סצענע מיט אַננאַ דעמבי — האָב איך פאַרגעסן, אַז איר רעדט נישט רוסיש... איך בין אָפּגעזעסן ביזן סוף ווי אַ פאַרכישופטער, פאַרגעסן אין אייער היזעריקייט. און ביים סוף פון 4' אַקט בעת דער לעצטער סצענע בין איך שוין געזעסן און געשלונגען יענע טרערן און געאָטעמט מיט יענער לופט —

— אַ דאַנק אייך, מאָרעווסקי — פון מיין פאַרבענקטן האַרצן. איך קאָן אייך נאָר זאָגן, אַז קיין איין פאָרשטעלונג אייערע פון „קין“ וועל איך נישט דורכלאָזן.

אָבער די מרחקים האָבן שוין אויסגעשפּרייט זייערע ברייטע אָרעמס מיך איינצונעמען. די ידיעות וועגן מיינע פאָרשטעלונגען זענען זיך צעגאַנגען איבער שטחים.

פון לאָדזש איז געקומען דער אַלטער דירעקטאָר אַראָלף קאָמפּאַניעיעץ.

ער האָט מיר אויף גינסטיקע באַדינגונגען פאָרגעלייגט צו קומען אויף גאַסטראָלן קיין לאָדזש. איך האָב פאָרגעלייגט 6 פּיעסן: „שמע ישראל“, „דער אייביקער וואַנדערער“ — דימאָוו; „דאָס נייע געטאָ“ — הערצלס; „די אמתע קראַפט“ — גאָרדינס; „אייפערזוכט“ — אַרציבאַשעווס און „קין“... דער פלאַקאַט האָט געמאָלדן: „גאַסטראָלן פון אברהם מאָרעוווסקי מיט דער באַטייליקונג פון אל. שטיין, יוסף בולאָוו, אָסיא קאַמען“.

אַזוי איז מיין עקיפּאַזש אַרויס אויפן שליאַך — טעאַטער, וועלט און — פאָלק.

סוף

# אינהאלט:

## ערשטער טייל, די שיפן זינקען



## צווייטער טייל, אין וועלט=קריג

## דריטער טייל, די אמתן און זייערע סתירות